זשול ווערן.

# געזאמעלטע ווערק

זעקסטער באנד.

היברו פאבלישינג קאמפאני

83־85 קאנאל סטריט, ניו יארק.

## 1טעם קאפיטעל.

„מארגען אום 5 אוהר נאך־מיטאג געהט אָפּ דיא בריג (א קליינע שיף) „פאָרוואָרד“; קאפּיטאן K. Z.; ערשטער אפיציער רימשארד שאנדאן; וואוהין, ווייס מען ניט“.

דיעזע קורצע נאכריכט איז געשטאנען אין דער גרויסער ליווערפּאָלער צייטונג „דהי ליווערפּול וואָירלד“, דעם 5 טען אפּריל 1860.

פון ליווערפּול געהן אוועק טעגליך אלערליי שיפען אין אלע ימים פון דער וועלט. קיינער קוקט זיך ניט אום, ווען א שיף קומט, אדער א שיף געהט אוועק. עס איז דאָרט קיין נייעס ניט און קיינער אינטערעסירט זיך ניט צו זעהן אזא וואונדער, וואס קומט פאָר צוואנציג מאָל אין טאָג.

עס איז דאהער געווען א גאנץ אונגעוועהנליכע זאך, וואס דעם 6 טען אפּריל אום 1 אוהר נאך מיטאג האט זיך פערזאמעלט א גרויסע מאסע מענשען אויפ'ן דאָק צו זעהן, וויא דיא קליינע שיף „פאָרוואָרד“ וועט אוועק פאהרען, מען ווייס ניט וואוהין. ארום דעם דאָק, וואו דיא „פאָרוואָרד“ איז געשטאנען, זיינען געשטאנען רעדליך מענשען און מען האט גערעדט פון דיעזעם קליינעם שיף.

— וויא געפעהלט דיר דיעזעס שיף? האט געפרעגט אן אלטער מאטראָז, וועלכער איז שוין אויס געווען אויף אלע וואסערן און אויף אלע ימים פון דער וועלט, זיינעם א קאמעראד. דאס איז א דאמפּף שיף און דאָך האט זיא א זעלבע גרויסע און ברייטע זעגעל,— בעטראכט נור ווייטער, פון פארנט געהט א שארפער שטאָלענער פאס אייזען, גלייך וויא דאס שיף וואלט געוואָלט שניידען דאס וואסער. צו וואס טויג אזא ברייטער שארפער מעסער?

— עס איז דייטליך, אז דיעזעס שיף געהט אין אייז מעער, מיט'ן שארפען מעסער פון פארענט וויל מען שניידען דאס אייז, ווען עס וועט נייטיג זיין און אזוי וויא דער קאפּיטאן דענקט צו פארברענגען א לענגערע צייט אין אייז מעער און עס קען איהם אויספעהלען קוילען צו הייצען דיא מאשינעריע, האט ער זיך פארזארגט מיט גרויסע זעגעלן, ער זאָל זיך קענען בעגעהן אהן דאמפּף.

— איהר האט פאָלקאמען רעכט, האט זיך אנגערופען א דריטער, אן אפיציער

פון א פאסאזשיר שיף, װעלכעס נעהט שטענדיג פון ליװערפּול קיין ניו יאָרק. איך קען איינעם פון דיא מאטראָזען פון דעם „פאָרװאַרד" מיט'ן נאָמען קליפּטאן; ער האט מיר געזאגט, אז אויפ'ן שיף איז אנגעגרייט פּראָװיאנט אויף פינף יאהר און א גרויסע מאסע קױלען. אויף דעם גאנצען שיף איז ניטא קיין אנדערע סחורות און קיין אנדערע זאכען, אויסער פּראָװיאנט, קױלען און װארעמע קליידער.

— װייס קליפּטאן װאוהין דאס שיף געהט? האט דער אלטער מאטראז געפרעגט.

— ניין, דאס װייס ער ניט און קיינער פון דיא מאטראזען און פון דיא אפיציערען אויפ'ן שיף װייסען ניט, װאוהין דאס שיף װעט געהן. אויף אזא בעדינגונג האט מען זיי אויפגענומען.

— איך װאלט אויף קיין פאל ניט אריינגעטראָטען אויף א זעלכע בעדינגונגען, האט זיך אנגערופען א מאטראז. װאס הייסט, איך זאל פאהרען, איך װייס אליין ניט װאוהין? איך זאל ניט װיסען, אויף װיא פיעל צייט איך האב מיך פארדונגען און װיא לאנג דיא רייזע װעט דויערן? ניין, דאס װאלט איך אויף קיין פאל ניט געװאלט.

— װייסט דוא אבער, װיא פיעל געהאלט א מאטראז נעהמט אויפ'ן „פאָרװאַרד"? האט געפרעגט דער אָפיציער. — פינף מאל אזוי פיעל, װיא פיעל עס בעקומען דיא מאטראזען אויף אונזערע פאסאזשיר שיפען. װען איך זאל ניט האבען א קאָנטראַקט מיט מיין קאָמפּאַניע אויף דריי יאהר, װאלט איך אליין איינגעטראָטען אויפ'ן „פאָרװאַרד". װאס געהט עס אונז אן, װאוהין מיר פאהרען, קיין ניו יאָרק, ליװערפּול, לאָנדאָן, אדער קאַמטשאַטקאַ? מיר װייסען איין זאך, אז מיר דארפען פאהרען אויפ'ן װאסער.

— איך װאָלט אויך א בעלן געװען אריין צו טרעטען אויף אזא שיף, װאו מען צאהלט א גוטען פּרייז, האט געזאגט דער אלטער מאטראז.

— אבער דיך װעט מען ניט אויפנעהמען.

— פאר װאס ניט?

— װייל דוא האָסט א פרוי און קינדער. אויפ'ן „פאָרװאַרד" נעהמט מען אויף נור א זעלבע, װאס זיינען ניט פערהייראטהעט.

— א זאנדערבארע בעדינגונג, האט דער אלטער געזאגט. װעמען געהט עס אן, אויב איך בין פערהייראטהעט אדער ניט?

— זעהסט דאָך, אזוי װיל דער קאפּיטאן פון „פאָרװאַרד".

— װער איז דען דער קאפּיטאן פון דיעזען זאנדערבארען בריג?

— עס איז ניטא קיין קאפּיטאן.

— ניין, שאנדאן איז דער קאפּיטאן.

— דאס איז ניט װאהר. האט דער אפיציער געזאגט, איך װייס פאר געװיס, אז שאנדאן איז נור דער ערשטער אפיציער; אבער ניט דער קאפּיטאן.

— איך װייס, װער דער קאפּיטאן איז! האט אויסגעשריען א יונגער מאטראז. מיסטער דשאנסאָן, איינער פון דיא אפיציערען האט מיר איהם אליין געװיזען.

— האסט דוא איהם אליין געזעהן? האבען אייניגע געפרעגט.

— געװיס האב איך איהם געזעהן. ער געהט אויף פיער פיס.

— אויף פיער פיס? האבען זיך אַלע געוואונדערט. וואס איז דאס פאר א קאפיטאן?

— א הונד אויף פיער פיס, האט געזאגט דער מאטראז ענטשלאָסען.

אין אנאנדערע צייט וואלטען אלע ארויס געלאזען א געלעכטער ... זיינט אבער האבען זיי זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן מיט שטוינען. דיא „פאָרוואַרד“ האט געהאט אין זיך אזוי פיעל געהיימניסע און איז געווען אזוי זאָנדערבאר, אז עס איז געווען אלעס צו גלובען.

— האט דיר מיסטער דשאנסאָן אליין אנגעוויזען דיעזען נייען סאָרט קאפיטאן? האט דער אפיציער איבער געפרעגט.

— געוויס, איך האב אליין געזעהן, וויא דער הונד איז געשטאנען ביים ראָד און האט איהם געדרעהט מיט זיינע לאָפּעס.

— נו, וואס זאגסט דוא דער צו? האט דער אפיציער געפרעגט דעם אלטען מאטראָז.

— וואס זאל איך אייך זאגען? ענטוועדער דאס איז דער רוח אליין, אדער אויפ'ן שיף זיינען אלע משוגעים, וועלכע מען דארף אנבינדען אויף קייטען.

אזוי האט מען גערעדט און געפלוידערט אין פארשיעדענע רעדליך. קיינער האט ניט געוואוסט, ווער דער קאפיטאן איז; קיינער האט ניט געוואסט, וואוהין דאס שיף געהט און צו וועלכען צוועק זיא געהט. אלע האבען זיא בעטראכט, אלע האבען זיא בעוואונדערט, אלע האבען געשטוינט אויף איהר שטארקייט און איהר שענהייט.

אונטערדעסען איז אויפ'ן „פאָרוואַרד“ דיא ארבייט געגאנגען איהר וועג, קליינע שיפלעך און שלעפּ־דאמפּפער האבען צו געבראכט פעסער און קאסטענס דיא מאשין האט געארבייט, האט אויפגעהויבען דיא פעסער און דיא קאסטענס פון דיא שיפלעך און האט זיי אראָפּגעלאזט צו זיך אין אונטערסטען רוים. אויפ'ן שיף זיינען ניט געווען קיינע קאנאנען און דענאך האט מען צו געפיהרט פיעלע פעסלעך מיט פולווער.

בעזאנדערע אויפמערקזאמקייט האבען אויף זיך געצויגען דיא שיפלעך פון „פאָרוואַרד“; עס זיינען געווען 2 גרויסע איבערצויגען מיט גוטאפּערטשא און זעהר פיעלע רובער מאנטעל. דאס איז א מין מאנטעל ווען מען בלאזט איהם אן ווערט פון איהם א לייכט שיפעלע.

דיא „פאָרוואַרד“ איז ווירקליך געווען א מערקווירדיגע שיף. זיא איז געווען געבויט פון טיק האָלץ, דאס שטארקסטע און הארטעסטע האָלץ אין דער וועלט; געבויט האט זיא דיא בעסטע ענגלישע פירמא סקאט ענד קאָמפּ. אין באיקענהענד נאך א גענויען פּלאַן, וועלכען ריטשארד שאנדאָן האט איהר געגעבען; אלעס האט געמוזט געמאכט ווערן פינקטליך נאכ'ן פּלאַן נאך, קיין איבעריג ברעטעלע האט ניט געטארט זיין. דאס שיף איז פערטיג געווארען דען 5 טען פעברואר, דעם אנדערן טאג איז אנגעקומען דיא מאשין פון ניו קעסל און באלד האט מען אריין געשטעלט דיא מאשין און בעפעסטיגט דיא ברעטער מיט פּאַסען אייזען. דעם ערשטען מערץ איז דאס שיף געווען אין גאנצען פערטיג און מען האט געמאכט מיט איהר דיא ערשטע פּראָבע. זיא איז געגאנגען פּאָרטרעפליך, באלד האט מען זיא אוועק געפיהרט קיין ליווערפול, וואו מען האט איהר

אנגעהויבען אנצולאדען מיט פראָוויאנט און מיט קוילען. דער פראָוויאנט פאר דיא „פאָרוואַרד״ האט אויך געוויעזען, אז דאס שיף איז בעשטימט פאר א לאנגע רייזע אין אייז מעער,—דיא געפעהרליכסטע קראנקהייט אין דיא קאַלטע לענדער אי דער סקאָרבוט (מיר וועלען שפּעטער האבען דיא געלעגענהייט צו בעשרייבען דיעזע קראנקהייט), דיא איינציגע מיטעל געגען סקאָרבוט זיינען לימינע זאפט, זענף און א מין גראָז מיט׳ן נאמען קאָכלעאַריא,—אויף׳ן „פאָרוואַרד״ האט מען אנגעלאדען גאנצע פעסער לימינע זאַלץ, גאנצע זעק מיט זענף און דיא זריעה פון קאָכלעאַריא.

צמעס קאפּיטעל.

## דיא אָפיציערען און דער דאָקטאָר פון׳ם „פאָרוואַרד״.

מיט אכט מאָנאטען צוריק, איידער אונזערע ערצעהלונג הויבט זיך אן, האט ריטשארד שאנדאָן אין א שעהנעם מארגען ערהאלטען פאָלגענדען בריעף:

אבערדין, דען 2 טען אויגוסט 1859.

ווערטהער הערר!

„איהר קענט מיר ניט. וואס מאכט עס אויס? — איך קען אייך. דאס איז גענוג פאר מיר. איך לעג אייך פאָר, איהר זאלט אריינטרעטען אלס ערשטער אפיציער אויף׳ן שיף „פאָרוואַרד״, וועלכע איז בעשטימט אויף א לאנגע און מעגליך געפעהרליכע רייזע. אויב איהר נעהמט ניט אן מיין פארשלאג, צו רייסט דעם בריעף. אויב איהר נעהמט איהם יא אן, זאלט איהר וויסען, אז אייער געהאלט וועט זיין פינף טויזענד פונד שטערלינג א יאהר. יעדעס יאהר ווערט אייער געהאלט מיט 10 פּראָצענט העכער.

זעכצעהן טויזענד פונד שטערלינג ליעגט אין דער באנק פון מארקאַרט ענד קאָמפּ. אין ליווערפול. איך שיק אייך טשעקס אויף דיעזע באנק.

דיא „פאָרוואַרד״ איז נאך ניטא אויף דער וועלט; אבער ווען איהר נעהמט אן מיין פארשלאג, וועט איהר געפינען אין דער גענאנטער באנק א פאלשטענדיגען פּלאַן, וויא עס צו בויען ביי דער פירמא סקאט ענד קאָמפּ.

איהר וועט אויך אנגאזשירען דיא מאטראָזען און דיא אפיציערען פאר דיא „פאָרוואַרד״ איך וועל זיין דער קאפּיטאן, איהר — מיין ערשטער אפיציער, דיא איבעריגע צוויי אפיציערען און צוואנציג מאן מאטראָזען, זאלט איהר אויסקלויבען. דיא מאטראָזען מוזען זיין געזונדע קרעפטיגע מענער, אונפערהייראטהעטע און זאלען קיין שטארקע געטרענק ניט טרינקען. אויף׳ן „פאָרוואַרד״ וועט ניט זיין קיין ביער, קיין שנאַפּס, קיין וויין, אויסער דיא וויינען, וועלכע דער דאקטאר דאַרף האבען אין זיין אַפּטהעק. איך האב אנגאַזשירט דאקטאר פולמאַן פון ליווערפול. ער וועט קומען צו אייך און וועט מיט אייך איבעררעדען איבער אייניגע זאכען, וואס געהערט צו זיין פאך.

דיא מאטראָזען זאלט איהר צו זאגען א פינף מאל העכערן געהאלט, וויא זיי בעקומען אויף דיא בעסטע ענגלישע שיפען. ווען מיר וועלען צוריק קומען, וועט יעדער מאטראָז בעקומען א בעלוינונג פון 5 הונדערט פונט סטערלינג און יעדער אפיציער טויזענד, איהר וועט בעקומען צוויי טויזענד פונד סטערלינג. דאס געלד ליעגט דעפּאָנירט אין דער באנק מארקאַרט ענד קאָמפּ.

בריעף קענט איהר מיר שרייבען אויף פאָלגענדע אדרעסע:

K. Z. גאטענבורג, שוועדען, פאָסט־אָפּיס.

דעם 15 פעברואר וועט מען אייך ברענגען א גרויסען, שווארצען ניופונדלענדער הונד; נעהמט איהם צו זיך און גיט איהם עסען ברויט מיט האבער־זופּ. איהר וועט איהם מיטנעהמען מיט זיך אויפ'ן שיף.

דער קאַפּיטאן פון דעם שיף וועט זיך מעלדען, ווען ער וועט געפינען פאר נייטיג. ווען דיא שיף וועט זיין בערייט אוועקצופאהרען, וועט איהר ערהאלטען נאכריכטען פון איהם.

K. Z. קאַפּיטאן פון'ם „פארווארד".

ריטשארד שאנדאן איז געווען א גוטער מאטראז. ער איז געווען זעקס יאהר ערשטער אפיציער אויף א וואל־פיש שיף און איז געווען גוט בעקאנט מיט'ן אייז־מעער. אין דער לעצטער צייט איז ער געווען קאפיטאַן פון א קליינער ענגלישער שיף; ער איז אבער מיט זיין שטעלע ניט צופריעדען געווען, ווייל ער פלעגט נור פאהרען צווישען ליווערפול און לאָנדאָן. ער האט ניט געהאט ניט קיין פרוי, ניט קיין קינדער, ניט קיין פערוואנדטע, וועלכע ער זאל דארפען אונטערשטיצען,— ער איז געווען גאנץ פריי. ווען ער האט ערהאלטען דיעזען זאנדערבארען בריעף, האט ער זיך נור געוואונדערט, פארוואס דער קאפּיטאן פארשטעלט זיך און וויל זיך ניט ווייזען. דיא בעדינגונגען זיינען איהם געפעלען, ער האט דאהער ניט לאנג געטראכט און איז געגאנגען אין דיא באַנק פון מארקארט ענד קאָמפּ. מען האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך און מען האט איהם געזאגט, אז ווען ער וויל, קען ער בעקומען דיא זעבצעהן טויזענד פונט שטערלינג.

ער האט באלד געענטפערט, אז ער זאגט זיך אָפּ פון זיין שטעלע אלס קאפּיטאן און נעהמט אן דיא שטעלע פון אן ערשטען אפיציער אויפ'ן „פארווארד". אין דעם זעלבען טאג איז ער אוועקגעפאהרען קיין באיקענהענד און האט אפּגעמאכט מיט דער פירמא סקאט ענד קאָמפּ., זיי זאלען זיך באלד נעהמען בויען דאס שיף „פארווארד".

ווען דאס שיף איז שוין געווען באלד פארטיג, האט ער אנגעהויבען צו זוכען מאטראזען. דאס איז איהם געווען ניט שווער, מען האט איהם זעהר גוט געקענט אין ליווערפול פאר א גוטען און געשיקטען שיפ'ס־קאפּיטאַן. אמת, ער פלעגט זיין זעהר שטרענג געגען דיא מאַטראָזען און איז געווען א גרויסער עקשן, דענאך האבען זיך באלד צו איהם געמעלדעט זעהר פיעל שטארקע, קרעפטיגע און געאיבטע מאטראזען, וועלכע האבען זיך געבעטען, ער זאל זיי אויפנעהמען אויפ'ן „פארווארד". אזוי וויא ער האט מעהר ניט געדארפט נור אכטצעהן מאַן, האט ער אויסגעקליעבען דיא שטארקסטע און דיא בעסטע, הויפּטזעכליך דיא, וועלכע האבען שוין געמאכט רייזען אויפ'ן אייז־מעער. ער האט זיי ערקלערט דיא בעדינגונגען און זיי זיינען געווען דערמיט איינפערשטאנדען.

ער האט געקענט א קרעפטיגען און פעהיגען יונגען מאטראָז מיט'ן נאמען דשעמס וואלל, וועלכער האט שוין געמאכט ניט איין רייזע אויפ'ן אייז־מעער און האט איהם פאָרגעלעגט דיא שטעלע פון א צווייטען אפיציער. אן אנדער בעקאנטען מאטראָז מיט'ן נאמען דשאנסאן האט ער פאָרגעלעגט דיא שטעלע פון א דריטען אָפּיציער. זייביידען האט ער דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון'ם אנפאנג ביז צו ענדע און האט זיי

נעפרעגט, אויב זיי נעהמען אן זייערע שטעלען און וואס זיי דענקען פון דעם זאנדערבארען קאפּיטאן .K. Z. דער יונגער דשעמס וואלל האט גאר ניט געקלערט און האט עס באלד אנגענומען.

— וואס געהט עס מיך אן, וואוהין דער שיף וועט געהן? האט ער געזאגט. עס וועט געוויס געהן אויפ'ן אייז־מעער; אבער וואס הארט עס מיך? דאס וואסער אין אייז־מעער איז אזוי געזאלצען, וויא דיא וואסער אין דיא אנדערע ימים עס קומען מענשען צוריק לעבעדיגער־הייט פון אייז־מעער אויך.

דשאנסאן איז געווען אן עלטערער מאטראז. ער האט אויך אנגענומען דיא שטעלע אלס דריטער אפיציער, ער האט זיך אבער אביסעל איבערלעגט.

— אויפ'ן איידמעער איז ניט אזוי לייכט צו פאהרען, וויא דוא מיינסט; ניט אלע, וואס פאהרען אויפ'ן אייז־מעער קומען אזוי שנעל צוריק; דאס איז ניט קיין שפּיעלבעל, מיין ליעבער דשעמס.

— וואס רעדסט איהר? האט שאנדאן געזאגט. דיא „פארוואַרדי" איז א שטארקע שיף, וואס איז עקסטרא געבויט צו פאהרען אויפ'ן אייז־מעער. מיר וועלען קיין שום ארבייט ניט האבען, נור צו רעגיערען דיא שיף. אין גאנצען וועלען מיר האבען נור אכטצעהן מאטראזען, ווייל דיא מאשינען זיין דיא בעסטע און דיא שטארקסטע פון דער וועלט און דערצו האבען מיר נאך גאנץ גרויסע זעגעלן. וואס האבען מיר מורא צו האבען? עס וועט זיין א שפּאציער, ניט קיין רייזע.

— אכצעהן מאטראזען? האט געפרעגט דשעמס וואל. דאס איז זאנדערבאר! ווען דער אמעריקאנער דאקטאר ק ע י ן האט געמאכט זיין בעריהמטע רייזע צום נארדפאל, האט ער אויך געהאט מיט זיך נור אכצעהן מאטראזען.

— דאס איז קיין וואונדער ניט, האט דשאנסאן געענטפערט. פאר אזא קליינער בריג, וויא דיא „פארוואַרד" זיינען אכצעהן מאטראזען גאנץ גענוג. מיך וואונדערט עפּעס אנדערש, וויא קען עס א פּריוואַט־מענש אונטערנעהמען אזא רייזע, וועלכע דארף קאָסטען אזוי פיעל געלד, א ממון־קורח? ווייסט איהר אז פראנקלין'ס עקספּעדיציאָן צום נארדפאל האט געקאָסט דער ענגלישען רעגיערונג זיעבען הונדערט און זעכציג טויזענד פונט שטערלינג? און וואס איז געווארען פון פראנקלין'ס עקספּעדיציאָן? האט ער דען אויסגעפונען א וועג פון אייראָפּא קיין אינדיען איבער'ן אייז־מער? — עס האט געקאָסט געלד און מענשען, פראנקלין אליין איז פארפראַרען געווארען אויף וויליאמס לאנד און ער האט מיט זיין עקספּעדיציאָן גאר ניט געמאכט. איך קען דאהער ניט פארשטעהן, וויא אזוי קען א פּריוואַט־מאן זיך אונטערנעהמען אזא רייזע, ווען דיא ענגלישע רעגיערונג האט גאר נישט געמאכט?

— דאס איז דאך אבער נור פערמוטהונגען, האט ריטשארד שאנדאן געזאגט. מיר ווייסען דאך ניט אויף געוויס, וואוהין מיר פאהרען, אויב צום נארד־פאל, אדער צום זיד־פאל, אדער גאר אין אנדערע וועניג־בעקאנטע ימים. מיר זיינען מאטראָזען, מען גיט אונז א שעהנעם געהאלט, דארפען מיר עס אננעהמען. וואוהין מען וועט אונז הייסען, וועלען מיר פאהרען.

ריטשארד שאנדאן האט זעהר געוואלט האבען מיט זיך דשאנסאן אלס אָפיציער

אויפ'ן „פארוואַרד". דשאנסאן איז געווען א טיכטיגער מאַטראָז, ער איז געפאַהרען אויף דעם שיף „פעניקס", וועלכעס דיא ענגלישע רעגיערונג האט ארויסגעשיקט אין 1853 זוכען פראנקלין מיט זיינע מענשען; ער האט פארבראכט דריי יאהר אויפ'ן אייז מעער און איז אויסגעווען אין דיא קאַלטעסטע געגענדען פון דער וועלט. אזא מענש, וועלכער האט שוין אזוי פיעל ערפאַהרונגען געמאכט אויפ'ן אייז-מעער, איז זעהר ניצליך אין אזא רייזע. אויסערדעם איז דשאנסאן געווען בעקאַנט מיט אלע מאַטראָזען פון ליווערפּול און האט איהם געהאָלפען אויסקלייבען דיא אכצעהן מאַן, וואס ער האט גענדארפט.

דאס איז אויך ניט געווען אזוי לייכט, וויא עס האט זיך אנפאנגס אויסגעוויעזען אמת, עס זיינען געקומען מאַטראָזען פון אלע זייטען בעטען זיך, מען זאל זיי אויפנעהמען, אבער איינינע, וועלכע מען האט אויפגענומען, זיינען אין א קורצע צייט געקומען צוריק און האבען אפגעגעבען זייער האנד־געלד.

— מיר קענען ניט פאהרען אויף א רייזע, ווען מיר ווייסען ניט וואוהין, האבען זיי געוועהנליך געזאגט. אויסערדעם מוזען מיר דאָך וויסען, ווער איז דער קאפּיטאן? ביי וועמען דיענען מיר? ווער וועט פיהרען דאס שיף?

— וואס גערט אייך אן, וואוהין איהר פאהרט? האט זיי דשאנסאן געענטפערט. מען צאהלט אייך און איהר דארפט ארבייטען אלס מאַטראָזען אויפ'ן „פארוואַרד". דער קאפּיטאן איז דערוויל, ביז אן אנדער קאפּיטאן וועט קומען, ריטשארד שאנדאן. ענדליך איז זיי בויידען, ריטשארד שאנדאן און דשאנסאן געלונגען אויסצוקלייבען דיא אכצעהן מאַטראָזען, איינס אין איינס: הויכע, געזונדע, קרעפטיגע מענער, וועלכע זיינען שוין מעהר אדער וועניגער בעקאנט געווען מיט דיא קאַלטע ימים.

אם ענדע יאנואר 1860 איז דיא „פארוואַרד" געווען אין גאַנצען פערטיג. דער פּראָוויאַנט איז געווען אָנגעגרייט אויפ'ן דאק, דיא מאטראזען בערייט ארויפצוגעהן אויפ'ן שיף, מען האט נור געווארט אויף א בעפעהל פון'ם קאפּיטאן K. Z.;

דעם 30 יאנואר איז ריטשארד שאנדאן געגאַנגען צו דער פּערריי, ווען א מאַן איז צו איהם צוגעגאַנגען און האט איהם געגעבעןביידע הענד.

— איך בין דאָקטאָר פולמאַן, האט ער איהם געזאגט קורץ. איך האָף מיר וועלען זיין גוטע פריינד, ווען מיר וועלען זיין בעסער בעקאנט. מיר וועלען מאכען צוזאמען א לאַנגע, לאַנגע רייזע.

דאָקטאָר פולמאַן איז געווען ניעדעריג, אבער זעהר קרעפטיג געבויט. ער איז געווען אן עכטער ענגלענדער. דיא ענגלענדער האבען געוועהנליך פיינד פיעל צו רעדען, דאָקטאָר פולמאַן אבער האט בסדר גערעדט, ער האט גאָר ניט געוואוסט, ווען אויפצוהערן. דערביי איז ער אבער געווען אזוי פריינדליך, אזוי צוגעלאזט, אזוי פּער־טרויליך, אז עס איז געווען א פערגניגען איהם אויסצוהערן.

— אזוי, איהר זייט עס ריטשארד שאנדאן? האָט דאָקטאָר פולמאַן ווייטער געזאגט. איך בין העכסט צופריעדען, וואס איך האב אייך ענדליך געטראָפען. קוים האב איך אייך געטראָפען, וועלען מיר שוין פאהרען. איך ווייס, אז עס איז דא א שיף, וועלכע הייסט „פארוואַרד", דער ערשטער אָפּיציער הייסט ריטשארד שאנדאָן.

— יא, דאקטאר, דאס שיף איז פערטיג און מיר וועלען גיין פאהרען.

— אָט דאס וויל איך! האט אויסגעשריען דער דאָקטאָר. איך האב שוין לאנג געוואָלט מאכען א רייזע אויפ'ן ים; איך האב אבער ניט געהאט דיא געלעגענהייט. יעצט, ווען מיר האבען אזא פּאָרטרעפליכע שיף און אזא גוטען ערשטען אָפיציער, וועלען מיר שוין פאהרען. איך וויים, אז איהר קענט קאָמאנדירען א שיף....

— אבער דאָקטאָר, איך בין ניט דער —

— איהר זייט שוין געווען אויף אלע ימים, האָט דער דאָקטאָר ווייטער געזאָגט און האָט איהם ניט געלאָזט ארויסרעדען א וואָרט. איהר זייט א טיכטיגער, ערפאהרענער זעע־פאהרער, מיט אייך האב איך קיין מורא ניט צו פאהרען, ווען איהר וועט קאָמאנדירען דיא „פארווארד".

— אָבער, דאָקטאָר, לאָזט מיך רעדען א וואָרט.

— נו, רעדט, וואס ווילט איהר זאגען?

— איך וויל אייך נור פרעגען, וויא קומט איהר אריינצוטרעטען אלס דאָקטאָר אויפ'ן „פארווארד"?

— דאס וועל איך אייך באלד זאגען. איך האב ערהאלטען א בריעף פון'ם קאפיטאן. דער בריעף איז גאנץ קורץ, אבער פאר מיר איז ער גענוג. איך וועל איהם אייך באלד ווייזען, אויב איהר ווילט.

ער האט ניט געוואָרט, אז שאנדאן זאל איהם ערלויבען, אדער ער זאל איהם ענטפערן. ער האט באלד ארויסגענומען פון דער קעשענע א בריעף און האט איהם געוויזען. דער גאנצער בריעף איז בעשטאנען פון דריי שורות:

„אנוועד 28 יאנואר 1860.

אויב דאָקטאָר פולמאן וויל איינטרעטען אלס דאָקטאָר אויף דער בריג „פאר־ווארד", זאל ער זיך ווענדען צום ערשטען אפיציער, ריטשארד שאנדאן אין ליווערפּול, וועלכער האט אן אָרדער וועגען איהם.

דער קאפּיטאן פון דער „פארווארד" K. Z.".

— איך האב ערשט היינט ערהאלטען דעם בריעף און איך בין בערייט זאגאר שוין ארויפצוגעהן אויפ'ן שיף, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט. פיהרט מיך צום שיף, איך געה מיט אייך.

— ווייסט איהר ווענינגסטענס, וואוהין מיר פאהרען? האט שאנדאן געפרעגט.

— איך? פון וואנען זאל איך עס וויסען? האט געזאגט דער דאקטאר גלייכגיל־טיג. און וואס געהט עס מיך אָן, וואוהין מיר וועלען פאהרען? — איך דארף פאהרען אויפ'ן ים, דאס איז אלעס. דיא מענשען זאגען, אז איך בין א געלערנטער מענש; זיי האבען אָבער א גראָבען טעות, איך קען גאר נישט. אמת, איך האב אנגעשריעבען עט־ליכע ביכער, וועלכע דיא גוטע מענשען קויפען און לעזען מיט פערגניגען; אָבער דאס קומט דערפון, וואס דיא, וועלכע לעזען מיינע ביכער, קענען און ווייסען נאך פיעל וועד־ניגער פון מיר. איך אליין וויים גאנץ גוט, אז דיא ביכער, וואס איך האב אנגע־שריעבען זיינען ניט ווערטה דאס פּאפּיער, אויף וועלכען זיי זיינען געדרוקט. איך קען גאר נישט. איך וויל יעצט מאכען א רייזע אויפ'ן ים און אנהויבען צו לערנען מעדיצין,

בירורגיע, געאָגראפיע, כעמיע און אלע אנדערע וויסענשאַפטען. איך וויל ערשט אויפ'ן ים אנהויבען צו שטודירען. איך רעכען, אז אויף א לאנגע רייזע אויפ'ן ים קען א מענש עפּעס לערנען, ווייל דער ים גיט אונז דיא בעסטע געלעגענהייט צו לערנען. מיר ווייסען פון ים גאר נישט, מיר קענען דעם ים נים; מיר ווייסען נים. וואס עס טהוט זיך אין דיא טיעפענישען פון ים, מיר ווייסען נים, וואס עס קומט פאר אויף דער אבערפלעכע פון'ם ים; מיר קענען נים דיא חיות פון'ם ים, אָדער וויא דיא געלערנטע מענשען רופען עס פאאונא, Fauna; מיר קענען ניט דיא פלאנצען, דיא גראזען דיא בוימער, וואס וואקסען אין ים, אָדער וויא דיא געלערנטע מענשען רופען עס פלאָרא Flora.

ווען איך זאל דארפען נאך צו צאהלען, האט ווייטער געזאגט דאקטאר פולמאַן, מען זאל מיך נור מיטנעהמען אויף א לאנגע רייזע אויפ'ן ים וואלט איך נאך צוגעצאהלט; היינט ווער רעדט, אז איך האב אזא גוטע געלעגענהייט צו פאהרען; ווען מען גיט מיר אלע מעגליכע מיטעל צו לערנען און מען צאהלט נאך מיר צו,—זאל איך פרעגען, וואוהין מען פאהרט? דאס איז א נארישקייט. פיהרט מיך, וואוהין איהר ווילט: קיין אזיען, קיין אפריקא, קיין אמעריקא, קיין אויסטראליען, צום נארד פאל, צום זיד פאל — ביי מיר איז עס אלץ איינס. איך וויל לערנען, איך וויל פאהרען אויסלערנען דעם ים. —

ווען דאקטאר פולמאַן הויבט אן צו רעדען, איז איהם אונמעגליך איינצוהאלטען. שאנדאן האט איהם איבערגעשלאָגען דיא רעד און האט איהם געפרעגט:

— אלזאָ, ווייסט איהר גאר נים. וואוהין מיר וועלען פאהרען?

— איך ווייס נור, אז מיר פאהרען לערנען, ענטדעקען, אויסזוכען עפּעס נייעס, אויספאָרשען דעם ים, דיא נאַטור; איך ווייס, אז איך וועל פאהרען אין געגענדען, וואו איך בין נאך נים געווען; איך ווייס, אז איך וועל זעהן פעלקער און מענשען, וועלכע איך האב נאך נים געזעהן. —

— טאמער ווייסט איהר וועניגסטענס, אין וואס פאר א ימים מיר וועלען פאהרען? האט שאנדאן אויסגעפארשט.

— איך ווייס נור, אז מיר פאהרען אין דיא ימים, וועלכע ליעגען אין נארדען; איך וואלט געוואלט, אז מיר זאלען פאהרען אויפ'ן אייז מעער. — דאס אייז מעער האט אזוי פיעל וואונדער, אזוי פיעל געהיימניסע, אזוי פיעל אונבעקאנטעס, אונערקלערטעס, אז דארט וועל איך קענען לערנען, שטודירען —

ער וואלט געווען נאך אוועקגערעדט דרייא שטונדען איבערן אייז מעער, ווען שאנדאן זאל איהם ניט געווען אריין פאלען אין דיא רעד.

— פיעלייכט ווייסט איהר וועניגסטענס, ווער איז דער קאפּיטאן?

— דער קאפּיטאן איז געוויס אויך א געלערנטער מענש, וועלכער וויל פאהרען שטודירען און אויספאָרשען דיא ימים האט דער דאקטאר געענטפערט און געוואלט אנהויבען צו רעדען.

שאנדאן אָבער האט זיך זעהר וועניג געקימערט איבער זיין לערנען און שטודירען. ער איז געווען א מאטראָז, א מענש, וואס איז געוואוינט מיט'ן ים און האט ליעב געהאט דעם ים; אבער פון פארשען, שטודירען, לערנען האט ער ניט געוואלט וויסען. ער האט דאָהער אָרויף גֶעֱפיהרט דעם דאָקטאָר אויפ'ן „פארוואַרד", האט איהם אנגעוויעזען זיין

קאיוטע און וואו ער וועט האלטען זיין אפטהעק און איז זיך אוועקגעגאנגען.

פון דעם טאָג אן האט דער דאָקטאָר אָנגעהויבען איינצואָרדענען זיין אפטהעק ער האט אויסגעשריעבען א לאנגע ליסטע פון דיא מעדיקאמענטען און אינסטרומענטען, וועלכעם ער האט געדארפט און פלעגט זיך פרעהן, וויא א קינד ווען עס בעקומט א שפּיעלעכעל, יעדעס מאל ווען עס פלעגט אנקומען א קאסטען מיט אינסטרומענטען אדער מעדיקאמענטען פאר איהם.

דאָקטאָר פולמאַן איז געוועזן א זעהר בעקאנטער און זעהר בעליעבטער דאָקטאָר אין ליווערפּול. ער איז געווען אזוי פריינדליך מיט יעדען, אזוי צוגעלאזט צו יעדען, אז זיינע פּאציענטען פלעגען איהם פארגעטערן; דערביי איז ער אָבער אויך געווען א העכסט געלערנטער דאָקטאָר און א מיטגליעד פון אלע געלערנטע געזעלשאפטען פון אייראפּא. ווען מען איז געוואהר געווארען אין ליווערפּול, אז דאָקטאָר פולמאַן פאהרט אוועק אויפ'ן „פארווארד", זיינען פיעלע פון זיינע פריינד און בעקאנטע געקומען איהם בעטען, ער זאל ניט פאהרען; ער האט אבער פון קיין זאך ניט געוואלט הערן. — ער מוז פאהרען לערנען, שטודירען.

דעם 15טען פעברואר איז אָנגעקומען מיט דער באהן א גרויסער שווארצער ניר־פונדלענדער הונד, וועלכען מען האט באלד געבראכט צו ריטשארד שאנדאן. דאס איז געווען א ווילדער, בייזער, אונפריינדליכער הונד, אויפ'ן האלז האט ער געטראגען א בלעכענעם האלזבאנד, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאמען פון'ם שיף „פארווארד". שאנדאן האט איהם נאך אין דעמזעלבען טאָג ארויפגעבראכט אויפ'ן שיף.

אין דיא ערשטע טעג פון אפּריל איז דאס שיף און אלעס נייטיגע געווען אין גאנצען פערטיג און בערייט אוועקצופאהרען.

## 3טעם קאפּיטעל.

## א הונד — א שיפסקאַפּיטאַן.

ענדליך איז געקומען דער 6טער אפּריל, דער טאָג וועלכער איז געווען בעשטימט פאר דיא אָפּרייזע. אלע מאַטראָזען זיינען שוין געווען אויפ'ן דעק, דיא אָפיציערען זיינען געשטאנען בערייט צו געבען דעם בעפעהל, אז מען זאל אויפהויבען דעם אנקער; אָבער קיין קאַפּיטאַן איז נאך ניט געקומען. דיא מאטראָזען האבען אנגעהויבען צו ווערן אונרוהיג: וויא פאהרט מען עס אויף א ווייטע און געפעהרליכע רייזע אהן א קאַפּיטאַן און מען וויים גאר ניט וואוהין? זיי האבען אנגעהויבען צו ברומען אונטער דער נאז און איינינע האבען שוין געוואלט אפּגעבען דאס געלד, וואס זיי האבען גענומען און זיך אוועקגעהן. פּלוצלונג איז אנגעקומען דאָקטאָר פולמאַן, — ער האט נאך פארגעסען א קעסטעל מיט מעדיקאמענטען און איז געגאנגען עס ברענגען —, אלע זיינען פרעהליכער געווארען. דאקטאר פולמאַן האט אנגעהויבען צו רעדען און צו דערצעהלען, וויא אזוי ער איז גליקליך, וואס פאר א וואונדערבארע זאכען זיי וועלען זעהן אויף דיא רייזע און וויא פרעהליך זיי וועלען פארברענגען דיא צייט. דיא מאַטראָזען האבען זיך בערוהיגט און האבען זיך ווייטער גענומען צו זייער ארבייט.

אויפ'ן „פארווארד" איז געווען פאלגענדע איינריכטונג: אויפ'ן דעק זיינען געווען

אין דער רעכטער האנד צווי קאיוטען, איינע א גרעסערע פארן דאָקטאָר מיט זיין אפּ־טהעק און איינע א קלענערע פארן קאפּיטאן. אין דער לינקער האנד זיינען געווען אויך צוויא קאיוטען, איינע פארן ערשטען אפיציער, שאנדאן און דיא אנדערע פאר דעם צווייטען און דריטען אפיציער. לעבען קאפּיטאנ'ס קאיוטע איז געווען א קליין קעמעריל פארן הונד, אָדער וויא דיא מאטראזען האבען איהם א נאָמען געגעבען — קאפּיטאן.

מיט'ן הונד האבען זיי געהאט גרויסע צרות. ער איז מיט קיינעם פון דיא מאטראזען ניט געווען פריינדליך, איז קיינעם ניט נאכגעלאפען, פלעגט זיין פול אומעדום און פלעגט ביי נאכט היילען און בילען, אז קיינער האט ניט געקענט שלאפען. דיא מאטראזען האבען זיך איינגערעדט, אז דאס איז נור דער טייפעל אליין און האבען פאר איהם מורא געהאט.

עס איז געווארען איין אוהר און פון'ם קאפּיטאן איז נאך אלץ קיין נאכריכט ניט געקומען, עס איז געווארען צווי אוהר — ניטא קיין קאפּיטאן, ניטא קיין נאכריכט. ריט־שארד שאנדאָן איז געווען אין פערצווייפלונג, — היינט נאך מיטאג מוז ער פאהרען; אבער וואוהין? דער קאפּיטאן האט איהם געשריעבען, אז פארן פאהרען וועט ער איהם צו וויסען טהאן דורך א בריעף, וואס ער זאל טהאן. עס איז שוין דיא לעצטע מינוט, דיא מאטראזען זיינען אונצופריעדען, זיי וועלען זיך צו לויפען. וואס טהוט מען?

ער האט צו גערופען דעם אנדערן און דעם דריטען אפיציער און איז צו געגאנגען צו דאקטאר פולמאן זיך מיט איהם בעראטהען, וואס צו טהאן.

— וואס טהוט מען? האט ער געפרעגט, עס איז ניטא קיין בריעף, קיינע נאכ־ריכט און קיין קאפּיטאן. וואס זאל איך טהאן?

— עס איז איין מאל בעשטימט געווארען, אז דעם זעקסטען זאלט איהר פאהרען, האט דער דאקטאר געזאגט, מוזט איהר פאהרען. דער קאפּיטאן וועט שוין אנקומען, אדער ער וועט אונז צו וויסען טהאן, וואוהין מיר זאלען פאהרען.

— וואס רעדט איהר, דאקטאר? איך וויים דאָך זאגאר ניט, וויא אזוי ארוים צו פאהרען פון פּאָרט? זאל איך פאהרען רעכטס, לינקס, אדער גלייך?

— איהר האט גאר ניט וואס צו קלערן, האט דער דאקטאר וויטער געזאגט, מיר פאהרע צום נארד פּאָל. אלזא, לאמיר ארויס פאהרען און זיך האלטען קיין נאָר־דען, קיין צפון זייט.

— פאר וואס ניט צום זיד פּאָל?*) האט געפרעגט דשעמס וואלל.

---

*) מיר וועלען געבען אונזערע לעזער א קליינעם בעגריעף, וואס עס הייסט נאָרד פּאָל און וואס עס הייסט זיעד פּאָל.

ווען מיר זאלען פאהרען פון ניו יארק אויף א גלייכען וועג קיין נאָרדען, קיין צפון זייט, וועלען מיר בעמערקען, אז וואס וויטער מיר פאהרען, ווערט איטער קעלטער און דערווינטער געדויערט אימער לענגער, ביז מיר קומען אין געגענדען, וואו עס איז שטענדיג ווינטער. אייז און שנעע ליעגען פון יאהר צו יאהר און ווערן קיין מאל ניט צו שמאלצען; דיא נאכט געדויערט אן ערך פון זעקס מאנאט און דער טאג געדויערט אן ערך פון זעקס מאנאטע. דיעזע געגענדען הייסען דיא געגנדען פון'ם נאָרד פּאָל. לאמיר אבער פאהרען פון ניו יארק נאך זידען, אין דרום זייט, וועלען מיר קומען צו ערשט אין געגענדען, וואו עס איז זעהר הייס און טאג און נאכט זיינען כמעט בעשטענדיג גלייך. דיעזע געגענדען הייסען דער עקוואטאָר, אדער דיא געגענדען

— צום זיד פאָל קענען מיר ניט פאהרען, האט געזאגט דער דאקטאר, וויל צום זיעד פאָל דארפען מיר פאהרען דעם גאנצען אטלאנטישען אָקעאן און דער קאפיטאן וועט זיך ניט ערלויבען צו פאהרען אזא שטרעקע אויף אזא קליינע שיף ווי די „פאָרוואָרד".

— לאז זיין צום נאָרד פאָל. האט שאנדאָן געזאגט, אבער ארום נאָרד פאָל זיינען דאך אויך דא פיעלע געגענדען און איך וויים דאָך ניט, אין וואס פאר א געגענד צו פאהרען? זאל איך פאהרען קיין שפּיצבערגען, קיין גרענלאנד, קיין לאבראדאָר, אדער אין הודזאָן'ס ביי? אלע דיעזע אינזלען און לענדער ליעגען ארום נאָרד פאָל, וואוהין זאָל איך פאהרען? זאגט, געלערנטער דאקטאר.

— איהר האט רעכט, אבער פאהרען מוז מען דאָך, האט דער דאקטאר אויס־גערופען. אלזא, פאהרט.

— ניין, איך מוז ווארטען, ביז איך וועל בעקומען א בריעף, וואוהין צו פאהרען, האט שאנדאן געענטפערט. איך קען אזוי ניט פאהרען.

— איך מיין אויך, אז מיר מוזען ווארטען, ביז דער בריעף וועט אנקומען, האט דשאנסאן געזאגט. מיר זעהן דאָך, אז אונזער קאפּיטאן איז ביז אהער געווען זעהר פינקטליך. אלעס, וואס ער האט געשריעבען האט פאסירט אקוראט און פינקטליך צו דער מינוט; געוויס וועט אָנקומען דער בריעף וואוהין צו פאהרען אויך פינקטליך. מיר מוזען ווארטען.

אונטערדעסען איז געוואָרען האלב נאך צוויי. דער דאקטאר איז געווארען זעהר אונגעדולדיג.

— איך ראטה אייך, איהר זאלט הייסען אויפהויבען דעם אנקער און אנהויבען ארויס צו פאהרען פון פאָרט. עס דארף געדויערן א גאנצע שטונדע, ביז מיר וועלען ארויס פון פאָרט. די מאטראזען זיינען אונצופריעדען, איז דאך גלייכער מיר זאלען דער וויל ארויס פאהרען און זאלען בעסער נעבטיגען אויפ'ן ים.

— איך וועל אייך צו ליעב טהאן, דאקטאר, האט ענדליך שאנדאן געזאגט; אבער איהר וועט זיין פעראנטוואָרטליך, ווען איך מאך יעצט א פעהלער.

ער האט געהייסען די מאטראזען אויפהויבען דעם אנקער און אנהויבען ארויס צו פאהרען פון פאָרט. דשעמס וואלל האט געהייסען אלע פרעמדע מענשען אראָפּגעהן פון'ם דעק און די מאטראזען האבען זיך גענומען צו דער ארבייט. פּלוצלונג האט דער הונד אנגעהויבען שטארק צו בילען און איז אריינגעשפּרונגען אין דער מיט צווישען שאנדאן און דעם דאקטאר. אין מויל האט ער געהאלטען א בריעף.

---

פון'ם עקוואטאָר. ווען מיר פאהרען ווייטער קיין זידען, ווערט אלע מאל קעלטער און קעלטער, ביז מיר קומען ווידער אין געגענדען, וואו עס איז שרעקליך קאלט. דער טאג דויערט און ערד פון זעקס מאנאטע און די נאכט דויערט אן ערך פון זעקס מאנאטע. דיעזע געגענדען הייסען די געגענדען פון זיד פאָל. געלערנטע מענשען זיינען געפאהרען אוים פארשען דיעזע קאלטע געגענדען אום צו וויסען, וואס דאָרט טהוט זיך. די געאָגראפיע, אדער די וויסענשאפט פון דער ערד בעשרייבונג, ערקלערט פאר וואס איןביידע זייטען פון דער ערד, אין צפון און אין דרום איז קאלט און אין דער מיט'ן, אויפ'ן עקוואטאָר, איז הייס. אונזערע ערצעהלונג שטעלט פאר א רייזע אין די קאלטע געגענדען פון צפון זייט, אדער דער נאָרד פאָל.

— א בריעף! א בריעף! האט מען אנגעהויבען צו שרייען פון אלע זייטען.

אלע האבען זיך אומגעקוקט מיט שטוינען. פון וואנען האט דער הונד גענומען דעם בריעף? איז דער קאפיטאן דא אויפ'ן שיף? פאר וואס זעהט מען איהם ניט? די מאטראזען האבען זיך שטארק דערשראקען: עפעס ליעגט טאקע א רוח אין הונד.

— קאפיטאן! קאפיטאן! האט דער דאקטאר גערופען דעם הונד, גיב מיר דעם בריעף.

דער הונד האט זיך אבער אויף איהם ניט אומגעקוקט. ער האט געוואלט ארויס רייסען דעם בריעף ביים הונד פון די צעהנער; דער הונד אבער איז געווארען בייז און איז אוועק פון איהם.

— קאפיטאן, גיב מיר דעם בריעף, האט שאנדאן געזאגט.

דער הונד איז צו געשפרונגען צו איהם און האט איהם איבערגעגעבען דעם בריעף, דערביי האט ער געגעבען דריי ביל. שאנדאן האט גענומען דעם בריעף און האט איהם מורא געהאט צו עפענען. ער איז אויך געווען איבערראשט און ערשטוינט. אויפ'ן בריעף איז ניט געווען קיין פאסט מארקע, די אדרעסע איז געווען אנגעשריעבען קלאָר און דייטליך: צום ערשטען אפיציער פון דער בריג „פאָרווארד", ריטשארד שאנדאן.

— וואס טראכט איהר אזוי לאנג? האט דער דאקטאר אויסגערופען. עפענט אויף דעם בריעף און לאמיר זעהן, וואס דאָרט שטעהט.

שאנדאן האט געעפענט דעם בריעף, אין איהם איז געווען אונטערשריעבען נור דריי שורות. וויא עס ווייזט אויס, האט דער קאפיטאן ניט ליעב געהאט פיעל צו שרייבען.

„פאהרט ארויס אין דאס אירלאנדישע מעער, פון דאָרטען — קיין באפינס ביי, פון דאָרטען קיין מעלוויל ביי; ווען דער קאפיטאן וועט ניט זיין אויפ'ן שיף, זאָלט איהר ווייטער פאהרען קיין נארדען.

דער קאפיטאן פון „פארווארד" .K. Z".

שאנדאן האט צונויפגעלעגט דעם בריעף און האט געהייסען פאהרען. יעצט ווייס ער שוין וועניגסטענס די נעמען פון די געגענדען, וואוהין ער דארף פאהרען. אין א קורצע צייט ארום האט זיך די „פארווארד" געדרעהט צווישען די גרויסע און קליינע שיפען פון'ם פאָרט פון ליווערפול. די מענשען, וואס זיינען געשטאנען אויף די דאקס האבען געגריסט און האבען געוואונשען גליק אויף די רייזע. די דאמען האבען געמאכט מיט זייערע טאשענטיכער, די מענער האבען געהויבען אין דער הויך זייערע היטע. באלד איז צוגעקומען א פילאט אין האט ארויסגעפיהרט די „פארווארד" פון'ם טייך מערסיי, וועלכער געהט אין ליווערפול, אין אירלענדישען מעער; פון דאָרט האט ער זיך אומגעקעהרט קיין ליווערפול און די „פארווארד" האט זיך געגליטשט לוסטיג און פרעהליך איבער די וועללען פון'ם ים.

## 4טעס קאפיטעל.

## אויפ'ן וועלט-מעער.

דיא ווינטען האבען זיך אלע מאל געענדערט. אין אפריל איז דאס אירלענדישער מעער זעהר אונרוהיג; דיא פארווארד אבער איז זיך געגאנגען איהר וועג און איהרע מאשינעריי האט געארבייט פארטרעפליך. באלד זיינען דיא נעבעליגע ברעגעס פון ענגלאנד פארשוואונדען, פון דערווייטענס האט מען נור געזעהן אייניגע בערגשפיצען פון אירלאנד, באלד אבער זיינען זיי אויך פערשוואונדען און מען האט מעהר ניט געזעהן, וויא הימעל און וואסער.

דיא מאטראזען זיינען געווארען פרעהליך און האבען געארבייט פלייסיג און לוסטיג. פרעהליבער פון אלעמען איז געווען דאקטאר פולמאן, ער איז ניט אראפגעגאנגען פון דעק. ער איז ארומגעלאפען אויפ'ן שיף הין און הער, ער האט געשלונגען דיא מעער־לופט, האט גערעדט און געשפאסט מיט דיא מאטראזען און מיט דיא אפיציערען, האט זיי געהאלפען ארבייטען, איז געשטאנען אויף דער וואך און האט זיך ניט געקענט אנזעטען מיט'ן מעער.

— אך, וויא גרויסארטיג, וויא העררליך, וויא שעהן, וויא פראכטפאל איז דאס מעער! האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן. מיין גאנצעס לעבען־לאנג האב איך געגארט צו פאהרען אויפ'ן מעער, זיך בעקענען מיט'ן מעער, צו שטודירען דאס מעער און ערשט יעצט האט זיך מיר פארגעשטעלט אזא געלעגענהייט. עס איז שוין צוואר אביסעל שפעט; אבער צו לערנען איז קיין מאל ניט שפעט. איך וועל יעצט אנהויבען צו פיהרען א נייעס לעבען, א פרעהליכעס לעבען—דאס לעבען פון א מענשען, וואס איז בעקאנט מיט'ן מעער.

— איהר האט רעכט, דאקטאר, האט איהם דשאנסאן געזאגט. איך וואלט אוועקגעגעבען אלע לענדער און אלע קעניגרייכע פון דער וועלט פאר איין שטיקעלע מעער. מען זאגט, אז דיא מאטראזען ארבייטען זיך שנעל אויס, און ווערען מיעד. דאס איז א ליעגען, איך פאהר שוין דרייסיג יאהר ארום אויפ'ן מעער און פיהל מיך געזונד און צופריעדען נור ווען איך בין אויפ'ן מעער. איהר ווייסט גאר ניט, דאקטאר, וואס פאר א פערגניגען עס איז פאר מיר, ווען איך פיהל, אז אונטער מיינע פיס געפינט זיך א גוטעס, שטארקעס שיף. דיא „פארווארד" איז איינע פון דיא בעסטע שיפען, אויף וועלכע איך בין געפאהרען אין מיין לעבען.

— דיא „פארווארד" איז א פארטרעפליכעס שיף, האט שאנדאן געזאגט. איך מוז אייך זאגען, אז זא פיעל מיר איז בעקאנט, איז נאך קיין שיף, וואס איז געפאהרען אויפ'ן אייז־מעער, ניט געווען אזוי גוט געבויט און אזוי גוט פארזארגט מיט אלעס נייטיגען, וויא דיא „פארווארד". איך וויים, אז צוריק מיט דרייסיג יאהר, ווען דער ענגלישער קאפיטאן ראָס איז געפאהרען זוכען א וועג איבערן אייז־מעער....

— אויף דעם שיף „וויקטאריא", איז איהם דער דאקטאר אריינגעפאלען אין דיא רייד. דאס שיף איז ניט געווען גרעסער פון דער „פארווארד" און איז אויך געגאנגען אויף דאמפף.

— פון וואנען ווייסט איהר עס אלעס, דאקטאר? האט שאנדאן איהם געפרעגט

מיט א געלעבטער. האט איהר דען מיט דער מעדיצין אויך געלערנט דיא וועלט־בעשרייבונג?

— געוויס! האט געענטפערט דער דאָקטאָר. מיינט איהר, אז א דאָקטאָר דארף נור קענען טאפען דעם דופק און מאכען קליסטירען? א דאָקטאָר דארף אלעס וויסען. איך קען אייך אלעס דערצעהלען איבער דיא רייזע פון קאפיטאן ראָס איבערן אייז־מעער. דיא „וויקטאָריא" איז געוועזן א שוואכעס שיף, איהר מאשין האט ניט געטויגט, ווייל דיא דאמפפשיפען האט מען ערשט ניט לאנג אויסגעפונען. אין 1807 האט דער אמעריקאנער ראָבערט פולטאן אויסגעבוט דאס ערשטע דאמפפשיף, מיט וועלכער ער איז געפארען נור אויפ'ן טייך הודזאן פון נויאָרק קיין אלבאני; אין 1825 איז דאס ערשטע דאמפפשיף געפאהרען פון לאָנדאָן קיין אינדיען. קאפיטאן ראָס איז ארויסגעפאהרען אין 1829. זיין דאמפפשיף „וויקטאָריא" איז געוועזן אזוי שלעכט און אזוי שוואך, אז אין א יאהר ארום, אין 1830, האט ער זיא געמוזט אין גאנצען אוועקווארפען און האט זיך גאנצע דריי יאהר ארומגעדרעהט אויפ'ן אייז־מעער און אויף דיא אינזלען, וואס געפינען זיך אין איהם אויף קליינע שיפלעך, וועלכע ער אליין האט געמאכט.

— אָבער, דאָקטאָר! האט שאנדאָן אויסגערופען. איהר זייט דאך א געלערנטער שיפס־קאפיטאן. איהר געדענקט דאך אויס'ענווייניג דיא גאנצע רייזע פון קאפיטאן ראָס!

— ניט נור פון קאפיטאן ראָס, האט דער דאָקטאר געענטפערט, איך האב אויסשטודירט אלע רייזע בעשרייבונגען אויפ'ן אייז מעער. ווילט איהר, וועל איך אייך דערצעהלען פון דיא רייזען, וועלכע עס האבען געמאכט דיא ענגלענדער, פאררי, בענימין פראנקלין און מעק קלינטאק; דיא אמעריקאנער קענעדי און קעין; דיא רוסען בעהרינג בערענין; דיא פראנצויזען —

— אָבער, דאָקטאָר, ווען איהר זייט יא אזוי בעקאנט מיט אלע רייזען אויפ'ן אייז מעער, קענט איהר אונז געוויס זאגען, וועלכע רייזע איז בעסער געלונגען און ווער עס איז געוועזן דער בעסטער קאפיטאן.

— דאס קען איך אייך אויך זאגען, האט געזאגט דער געלערנטער דאקטאר. דער בעסטער קאפיטאן איז געוועזן מעק קלינטאק. זיין שיף „פאָקס" האט געהאט א גוטע מאשין, וויא אונזערע, ער איז אויך געפאהרען אויפ'ן בעסטען און זיכערסטען וועג. אין 1857 איז דיא „פאָקס" איינגעפראָרען געוואָרען אין אייז און האט זיך ניט געקענט ריהרען. ער האט זיא איבערגעלאזען אין אייז און איז מיט זיינע מענשען געגאנגען צו פוס איבערן אייז מעער, ביז זיי האבען געטראָפען א שיף, וועלכע האט זיי א היים גענומען.

— איך מיין, אז מיר וועלען האבען מעהר גליק פון קאפיטאן מעק קלינטאק, האט דשאנסאן געזאגט. אונזער „פארווארד" איז שטארקער געבויט פון „פאָקס", מיר האבען בעסערן פראוויאנט און זיינען בעסער פערזאָרגט מיט אלעס נייטיגען.

— יא, ווען דער קאפיטאן זאל זיין אויפ'ן שיף, האט געזאגט דשעמס וואלל, דאן וואלטען מיר געוואוסט, וואוהין צו פאהרען; אהן א קאפיטאן אבער איז זעהר שווער.—

— דער וויל וויסען מיר דאך, וואוהין צו פאהרען, האט שאנדאָן געענטפערט. וויא קורץ דער בריעף איז, וועלכען דער קאפיטאן האט מיר געשריעבען, ניט ער אונז

דאך א שטרענגען בעפעהל, וואוהין צו פאהרען אויף א גאנצען מאנאט, דאן וועט דיעזער געהיימניספאלער קאפיטאן —

— אונזער קאפיטאן ווארט ערגעץ אויף אונז, האט דער דאָקטאָר געזאגט. אנדערש קען איך עס מיר ניט ערקלערן. ער שרייבט אין זיין בריעף, וואס פאר א וועג מיר זאלען פאהרען, ער שרייבט אבער ניט, וואוהין דער פארווארד איז בעשטימט. אויפ'ן גאנצען וועג, וואס ער שרייבט, מיר זאלען פאהרען, זיינען ניטא קיין פּאָסטען און קיין טעלעגראפען, ער קען אונז קיין בריעף ניט צושיקען; ער ווארט אויף אונז געוויס ערגעץ אין גרענלאנד. ער איז אהין געקומען אויף א דענישע שיף, האט דארט אויפגעקויפט ביי דיא איינוואָינער פון יענע געגענד פעלצען און הינד. איהר ווייסט דאך זעהר גוט, אז אויף א רייזע אויפ'ן אייז־מעער מוז מען האבען הינד. ווען דאס מעער איז ארום און ארום פארפרארען, שפאנט מען איין דיא הינד אין קליינע שליטעלעך און מען פאהרט ארום זוכען א וועג, אדער דיא וואָינונגען פון דיא עסקימאָסען — א ווילדעס פאָלק, וועלכעס וואָינט אין דיעזע קאלטע געגענדען — , ביי זיי קען מען קויפען פיש און פעל פון חיות. איך בין פעסט איבערצייגט, אז אין א שעהנעם פריהמארגען, וועט אונזער געהיימניספאָלער קאפיטאן ארויפגעהן אויפ'ן שיף און וועט אנהויבען צו קאָמאנדירען.

— מעגליך, אז עס וועט אזוי זיין, האט געזאגט שאנדאן קאלט. איך גלויב עס אבער ניט; איך גלויב גאר ניט, אז מיר וועלען אמאל האבען א קאפיטאן.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען און האט געגעבען בעפעהלע דיא מאטראזען.

— איהם ווילט זיך זעהר זיין קאפיטאן פון'ם „פארווארד", האט דער דאָקטאָר געזאגט צו דשאנסאן. איך האב מורא, אז מיר וועלען שפּעטער, ווען מיר וועלען שוין זיין אין אייז־מעער, האבען פון איהם אונאנגענעהמליכקייטען.

דעם אנדערן טאג האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורם, אלע אויפ'ן שיף זיינען געווען זעהר שטארק בעשעפטיגט, ריטשארד שאנדאן איז געשטאנען אויפ'ן פלאץ פון קאפיטאן און האט מיט א הויכער פעסטער שטימע געגעבען זיינע בעפעהלע. נור דאקטאר פולמאן האט ניט געהאט וואס צו טהאן. ער איז ארומגעגאנגען אויפ'ן דעק, האט זיך אבער ניט געקענט נעהמען צו קיין שום ארבייט. עס האט געווארפען מיט'ן שיף, וויא מיט א שאָלעכץ פון א נוס.

דאמאלס האט שאנדאן געהאט דיא געלעגענהייט צו בעקענען זיך מיט זיינע מאטראזען, ער האט דאמאלס איינגעזעהן, אז דשעמס וואלל איז א גוטער מאטראָז. ער טהוט אלעס, וואס מען הייסט איהם; אבער אליין עפּעס אויפטהאן, אליין זיך אויסהעלפען אין א נויט, קען ער ניט. ער האט איינגעזעהן, אז ער האט געמאכט א פעהלער, וואס ער האט איהם געמאכט פאר'ן צווייטען אָפיציער, ער קען נור זיין דער דריטער. דער צווייטער אָפיציער מוז שוין אליין וויסען, וואס צו טהאן אין א נויט. ער מוז זיך וויסען אליין אויסצוהעלפען, ניט ווארטען, ביז מען וועט איהם זאגען.

דשאנסאן דאגנען, דער דריטער אָפיציער, האט זיך אין דיעזען שטורם בעזאָנדערס אויסגעצייכענט אלס א טיכטיגער, געאיבטער און פעהיגער מאטראָז. ער האט

ניט געוואָרט, מען זאָל איהם הייסען עפּעס טהאָן; ער האט אליין געטהאָן אלעס, וואס מען האט געדאַרפט און וואס ער האט געטהאָן איז געוועז גוט און פּראַקטיש.

דיא מאַטראָזען זיינען אין אלגעמיין געוועזן פעהיגע און ענטשלאָסענע מענער; אייניגע אבער זיינען געוועזן אונצופריעדען, וואס מען האט זיי ניט געגעבען קיין שנאַפּס. אמת, מען האט זיי דערפאר געגעבען טהעע און קאפּפע, וויא־פיעל זיי האבען אליין געוואָלט; אבער ניט אלע האבען פארגעסען אן שנאַפּס.

דעם 14 אפּריל איז דיא „פאָרוואָרד" אריבער געפאהרען דעם „גאָלף סטרים", וועלכער פליעסט אין דיעזע געגענד קיין אמעריקא, צו דיא אינזלען פון ניו פונדלענד און פון דאָרט דרעהט זיך אויס קיין אייראָפּא און קומט ביז נאָרוועגען.

מיר מוזען היער ערקלערען אייניגע פון אונזערע לעזער, וועלכע האבען קיין געאָגראַפיע ניט געלערנט, וואס איז אזעלכעס דער „גאָלף סטרים".

ווען מיר פאהרען אויפ'ן מעער אין א שטילעס וועטער, זעהן מיר פאר אונז א גרויסע שטרעקע שטילעס, רוהיגעס וואסער. זא ווייט אונזער אויג קען גרייכען, זעהן מיר פאר אונז רוהיגעס וואסער. מען קען מיינען, אז דאס מעער איז ניט מעהר, וויא א גאנץ גרויסע טיעפע גרוב, אין וועלכער עס האט זיך אנגעזאמעלט א גרויסע מאסע וואסער. ווען עס איז א ווינד, טרייבט דער ווינד דאס וואסער פון איין אָרט צום אנדערן; ווען עס איז אבער שטיל, שטעהט דאס וואסער אויף איין אָרט. קיינער וועט ניט גלויבען, אז אין גרויסען וועלט מעער פליעסען טייכען, אזוי וויא אויף דער ערד. איין טייך לויפט פון מזרח קיין מעריב, דער אנדערער געהט פון מעריב קיין מזרח. אבער דיא מענשען, וואס זיינען פיעל געפאהרען אויפ'ן מעער, ווייסען עס גאנץ גוט און קענען שוין אלע טייכען, וועלכע פליעסען אין דער מיט פון'ם וועלט מעער און וואוהין זיי לויפען.

אזוי וויא דאס וועלט מעער איז זעהר גרויס, זיינען דיא טייכען פון'ם וועלט מעער אויך פיעל גרעסער פון דיא טייכען, וואס פליעסען אויף דער יבשה. שטעלט אייך פאָר, אין דער מיט פונ'ם מעער, אין דער מיט פון'ם שטילען וואסער פליעסט א טייך פון פופציג און הונדערט מייל דיא ברייט און טראגט זיין וואסער אין א געוויסע ריכטונג. דאס וואסער פון'ם טייך מישט זיך ניט אויס מיט'ן וואסער פון'ם מעער. עס מעג זיין דער גרעסטער שטורמווינד, פליעסט זיך דער טייך זיין וועג, פונקט וויא א טייך אויף דער יבשה געהט זיך זיין וועג און קימערט זיך ניט, וואס אויף דער ערד איז א שטאַרקער ווינד. דער אונטער שיעד איז נור, וואס א טייך אויף דער יבשה פליעסט צווישען ברעגעס פון ערד און שטיינער; דיא טייכען אבער אין מעער פליעסען צווישען ברעגעס פון וואסער, פוןביידע זייטען טייך איז דאס וואסער פון'ם מעער.

אנאנדערע מערקווירדיגע ערשיינונג שטעלען פאר דיא טייכען פון'ס מעער. אין אייניגע פון זיי פליעסט גאנץ קאלטעס וואסער. דאס וואסער פון'ם מעער קען זיין וואָרם, דאס וואסער פון'ם טייך איז אייז קאלט. אנדערע טייכען ווידער זיינען וואָרם, זאָגאָר הייס. דאס וואסער אין מעער איז אייז קאלט און דאס וואסער פון'ם טייך איז גוט וואָרם.

איינער פון דיא גרעסטע טייכען אין מעער וועלכען מען קען זעהר גוט און מען

האט איהם זעהר גוט אויסשטודירט, איז דער גאָלף סטרים, ער איז אין איינינע ערטער צווי הונדערט מייל ד א ברייט, אין אנדערע ערטער אבער נור צוואנציג מייל דיא ברייט, און ביז טויזענד פוס דיא טיעף. דאס וואסער אין גאָלף סטרים איז שטארק וואַרם, זאָגאר היים. ער הייבט זיך אן אין מעקסיקאנישען מעער, שטרעמט דורך דעם אַטלאַנ־טישען וועלט מעער, רינגעלט ארום ענגלאנד און אנדערע אייראָפּעאישע לענדער און קומט צו ביז נאָרוועגען.

דער גאלף סטרים איז זעהר א ניצליכער טייך. אין ענגלאנד וואָלט געדאַרפט זיין זעהר קאלט, ווייל ענגלאנד ליעגט וייט אין נאָרדען, — עס ליעגט כמעט אזוי ווייט, וויא מאָסקווא און דענאך איז ענגלאנד אזוי ווארם, אז איינינע בוימער וואקסען דאָרט א גאנץ יאהר; אין מאסקווא אבער איז עס קאלט. דיא אורזאכע דער פון איז, וואס ארום ענגלאַנד געהט דער גאָלף סטרים און ווארמט עס אן. מען קען זאגען, אז דער „גאָלף סטרים” בעהייצט ענגלאנד מיט סטים. מאָסקווא אבער ליעגט וייט פון'ם מעער און האט ניט קיין סטים הייצער, דערפאר איז מאסקווא אזוי קאַלט. עס זיינען דא נאך פיעלע אנדערע לענדער, וועלכע דער „גאָלף סטרים” ווארמט אן און בעהייצט זיי מיט סטים און — אַלעס אומזיסט, ער נעהמט ניט א סענט ביי קיינעם.

עס זיינען אבער דא קאלטע טייכען, אין וועלכע דאס וואסער איז קאַלט וויא אייז. דאס וואסער פון'ם מעער ארום איז ווארם און דער טייך בלייבט קאלט און טרייבט זיינע אייז קאלטע וועללען ביז אין דיא גאנץ ווארעמע לענדער, וועלכע ער קיהלט אָפּ.

נאך א מערקווירדיגע ערשיינונג שטעלען פאר דיעזע מעער טייכען, אדער, וויא דיא געלעהרנטע רופען זיי, מ ע ע ר ש ט ר ע מ ו נ ג ע ן. דיא פיש און דיא אנדערע מעער טהיערע, וועלכע געפינען זיך אין זיי, זיינען פערשיעדען פון דיא פיש און דיא טהיערע, וועלכע געפינען זיך אין מעער לעבען דיא טייכען. טיכטיגע מאַטראָזען און געאיבטע פישער דערקענען און אונטערשיידען דיא פיש פון'ם מעער פון דיא פיש פון'ם „גאָלף סטרים“.

אבער ווער זיינען דיעזע טייכען? פון וואנען קומען זיי? וואס איז דיא אורזאכע פון דיעזע שטרעמונגען? — אויף דיעזע פראגען איז ניט אזוי לייכט צו ענטפערן. איך וויל מיך בעמיהען צו געבען א גאנץ קורצע ערקלערונג; דער פּלאץ ערלויבט מיר ניט לאנגע ערקלערונגען צו מאכען.

אלזא, אביסעל אויפמערקזאם, מיינע לעזער, דאן וועל איך פאָרט זעצען אונזער ר י י ז ע צ ו ם א י י ז מ ע ר. ווער פון אייך האט ניט בעמערקט, ווען מען שטעלט קאָכען א טאָפּ מיט וואסער און מען שטעלט דעם טאָפּ מיט איין זייט צום פייער, דאס וואסער הויבט אן צו זיעדען, עס הויבט אן צו פליעסען און צו שטרעמען פון דער זייט פון'ם טאָפּ, וועלכע שטעהט צום פייער, צו דיא אנדערע זייט, וועלכע איז ווייט פון'ם פייער; קוקט אייך בעסער צו צום וואסער אין טאָפּ, וועט איהר זעהן, אז פון א ו י ב ע ן פליעסט דאס וואסער און שטרעמט פון דער הייסער זייט אין דער קאלטער און פון א ו נ ט ע ן דרעהט זיך עס אויס און לויפט צוריק פון דער קאלטער זייט צו דער הייסער. דיעזעלבע ערשיינונג קומט פאָר אין וועלט מעער. אין דיא הייסע געגענדען, אויפ'ן עקוואַטאָר.

ברענט דיא זוהן שטארק און ווארמט אן דאס וואסער אין מעער, עס הויבט אן צו שטרעמען און צו פליעסען פון דיא הייסע געגענדען אין דיא קאלטע.—אויף דיעזע ארט ענטשטעהן דיא הייסע טייכען, אדער דיא הייסע שטרעמונגען אין מעער. ווען דאס הייסע וואסער פליעסט אוועק פון דיא הייסע געגענדען, ווערט דאס מעער לעדיג און טייכען פון קאלט וואסער פון דעם נארד פאל און זיד פאל שטרעמען און פליעסען אין דיא הייסע געגענדען.

דיא טייכען אין ועלט מעער זיינען אויך זעהר ניצליך פאר דיא שיפען. ווען דיא שיף קומט אריין אין טייך, וואו דאס וואסער שטרעמט זעהר שטארק, געהט דיא שיף שנעלער. זאָ, צום ביי שפיעל, פלעגט אמאל דויערן דיא רייזע פון לאנדאן קיין סידניי, אין אויסטראליען 260 טאג. היינט, אז מען וויים וויא אזוי צו פאהרען אויף דיא טייכען אין מעער, דויערט זיא נור 180 טאג.

לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזערע רייזענדע אויפ'ן שיף „פאָרוואָרד". דעם 14טען אפריל זיינען זיי ארויס געפאהרען פון'ם „גאָלף סטרים" און זיינען געפאהרען אין געוועהנ־ליכען מעער וואסער. דאס וועטער האט אנגעהויבען קאלט צו ווערן, דאס טהערמאָמעטער האט געוויעזען 4 גראד קעלט, דיא מאטראָזען האבען ארויס גענומען זייערע ווינטער קליידער, ווארעמע לעדערנע לייבלעך און לעדערנע הויזען. דאקטאר פולמאן האט אנפאנגס ניט געוואָלט אנערקענען, אז דעם 14 טען אפריל זאל זיך שוין אנהויבען ווינטער. ער האט פראָבירט שפאציערען אויפ'ן דעק אין זיינע זומער קליידער, אבער דאס אייז מעער האט איהם באלד געגעבען צו פארשטעהן — אז מ'מ'ן גענעראל פראָסט טאָר מען ניט שפאסען. דאס אייז מעער מיט זיין שרעקליכער קעלט האט זיך געלאזט הערן פון דער ווייטען, ער האט געמוזט נאכגעבען און זיך אויך אנטהאן זיינע ווינטער קליידער.

פון'ם 14טען ביז אין 16טען אפריל איז דאס וועטער געוועזן זעהר שלעכט עס איז געגאנגען א רעגען געמישט מיט שנעע. דאקטאר פולמאן האט געוואלט וויזען, אז ער האט קיין מורא ניט פאר'ן שלעכטען וועטער, ער האט זיך ארומשפאציערט אויפ'ן דעק אין רעגען און אין שנעע; ער איז אבער אזוי דורך גענעצט געווארען, אז ער האט אויס געוויעזען, וויא א ווילדעס מעער טהיער און דיא מאטראָזען האבען פון איהם געלאכט; ער האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג און האט ניט געוואלט אריינגעהן אין זיין קאיוטע זיך אָפּ טריקענען.

מאנטאג דעם 16 אפריל האט געגאסען א שטארקער רעגען, דער נאך איז פלוצלונג דאס מעער גאנץ רוהיג געווארען. שאנדאן האט געפרעגט דעם דאקטאר, וויא קומט עס, ויאס דאס מעער, וועלכעס איז נור וואס געוועזן אזוי אונרוהיג, איז פלוצלונג נאכ'ן רעגען רוהיג געווארען?

— מיין פריינד, סקארסבי, זעהר א געלערנטער מאן פון דער ענגלישער קעניג־ליכער וויסענשאפטליכער געזעלשאפט, האט געזאגט דער דאקטאר, האט עס א מאָל ערקלערט, אז ווען עס רעגענט, האט דער ווינד קיין קראפט ניט צו בעוועגען דיא וואסערן פון'ם מעער; ווען דיא לופט איז אבער טרוקען, האט דער ווינד דיא קראפט צו בעוועגען דיא וואסערן פון'ם מעער און דאס מעער איז אונרוהיג.

— אבער פאר וואס איז עס אזוי? האט שאנדאן געפרעגט.

— דאס וויים איך ניט, האט דער דאקטאר געענטפערט רוהיג.

אין דיעזע מינוט האט דער מאטראז, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, אוים גערופען:

— איך זעה א גרויסען אייז בערג! ער איז ווייט פון אונז ניט מעהר וויא פונפצעהן מייל.

דיא אפיציערען און דער דאקטאר האבען ארויס גענומען זייערע פערנגלעזער (שפעקטיוועו) און זיינען ארויפגעקראכען אויף דיא מאסט בוימער צו בעטראכטען דעם גאסט. זיי האבען זיך באלד איבערציינגט, אז דער מאטראז האט רעכט,— פאר זיי איז געשוואומען לאנגזאם א שטיק אייז פון עטליכע מייל דיא ברייט און עטליכע מייל דיא לענג. דיא וואלקען זיינען פערשוואונדען און דיא זון האט געשיינט און בעלייכטעט דיא גרויסע מאסע אייז, וועלכע האט געגלענצט און געפונקעלט מיט אלע פארבען פון׳ם רעגען בויגען.

— אזא ליעבען גאסט וואלטען מיר געדארפט העפליך בעגריסען, האט געזאגט דער דאקטאר, איך וואלט זעהר געוואלט זיך נעהנטער בעקענען מיט איהם, איך וואלט געוואלט בעטראכטען איהם פון דער נאהענט. קענט איהר ניט צו פאהרען א ביסעל נעהנטער צו איהם, שאנדאן?

— ניין, דאקטאר, האט שאנדאן געענטפערט. פון א זעלכע געסט מוזען מיר אנטלויפען, וויא ווייט מיר קענען. זעהט איהר דעם שטילינקען, שעהנינקען, רוהיגען אייז בערג, לאז ער זיך נור צו ריהרען צו אונז און ער וועט צו ברעכען אונזער שטארקע „פארווארד", וויא א שווערער האמער צו קלאפט א ניסעל.

דער דאקטאר האט גוט געוואוסט, וויא געפעהרליך דיא אייז בערג זיינען פאר דיא שיפען; עס האט זיך איהם אבער אזוי געוואלט שטודירען דיא אייז בערג, אז ער האט פארגעסען אן דיא געפאהר פון זיי.

— מיר זיינען נאך אבער גאנץ ווייט פון אייז מעער, האט ער געזאגט, וויא קומט עס, וואס מיר בעגעגענען שוין אייז בערג?

— דאס וואונדערט אייך, געלערנטער דאקטאר? האט געלאכט שאנדאן. יעצט זעה איך וועניגסטענס, אז עס זיינען דא זאכען, וואס איהר ווייסט ניט.

— געוויס זיינען דא זעהר פיעל זאכען, וועלכע איך פארשטעה ניט, האט דער דאקטאר געענטפערט. אבער פון איידבערג אין דיעזע געגענדען וויים איך זעהר פיעל. אין 1813 האט דיא בריג „אננא פאול" בעגעגענט זעהר פיעל אייזבערג און אייז־פעלדער ניט ווייט פון ענגלאנד; זיא האט זיך דורכגעשלאגען דורך זיי מיט גרויסע שוויע־ריגקייטען; איהר קאפיטאן דיומאנט האט פארשריעבען אין טאגע־בוך פון׳ם שיף, אז אין דריי טאג האט ער איבערגעצעהלט ניט וועניגער פון פינף און אכציג איידבערג און אכט און צוואנציג אייז־פעלדער.

— גראטאַרטיג, דאקטאר! איהר ווייסט טאקע פון פיעל זאכען. פיעלייכט ווייסט איהר נאך עפעס?

— געוויס! דעם ערשטען מערץ 1818 איז דאס ענגלישע קריעגסשיף „דהי פליי" ארייגעפאהרען צווישען צוויי גרויסע אייז־בערג. עס איז געוועזען א געדיכטער נעבעל און דער מאַטראָז, וואס איז געשטאנען אויף דער וואַך, האט זיי ניט בעמערקט, דאס שיף איז געוועזען אין דער גרעסטער געפאהר; צום גליק, איז דאס מעער, דאמאלס געוועזען גאנץ רוהיג, דער קאפיטאן האט באלד קאָמאנדירט: „צוריק!" און דאס שיף איז גליקליך אוועק פון דיא אייז־בערג.

— בראַוואָ, דאָקטאָר! האט שאנדאן אויסגעשריען בעגייסטערט. איהר זייט דאָך א גאנצע קוועלע פון קענטניסע איבער רייזע־בעשרייבונגען, מען דארף נור אראָפּלאָזען אין עמער, און שעפּען, וויא־פיעל מען וויל.

— אז איהר וועט צופיעל שעפּען, וועט איהר מיך באלד אויסשעפּען, האט געלאכט דער דאָקטאָר. אלזאָ, שעפּט ניט צופיעל. זעהט בעסער, פיעלייכט וועלען מיר דאָך קענען בעטראכטען אונזער אייזבערג אבי׳סעל נעהענטער. איך האב געלעזען זעהר פיעל פון דיא הערריכע אייז־בערג, איך זעה זיי אבער צום ערשטען מאל און וויל זעהר מיך מיט זיי בעקענען.

— האט צייט, דאקטאר, מיר וועלען נאך בעגעגענען אזוי פיעל הערריכע אייז־בערג, אז איהר וועט קענען זיי בעטראכטען, שטודירען, אויסלערנען און מאכען פון זיי, וואס איהר וועט וועלען; איך ראטה אייך אבער צו האלטען זיך פון זיי אבי׳סעל פון דער ווייטען, ווייל זיי זיינען שטענדיג זעהר שלעכטע און זעהר געפעהרליכע שכנים.

אונטערדעסען איז דשאנסאן צוגעקומען צו שאנדאן און האט איהם געזאגט:

— ווען מיר ווילען דעם צוואנציגסטען אפּריל זיין לעבען גרענלאנד, מוזען מיר פאהרען אביסעל שנעלער. ביז אהער האבען מיר דעם דאמפּף זעהר ווייניג בענוצט, ווייל מיר האבען זיך ניט געאיילט; יעצט אבער ווען מיר קומען נאָהענט צו גרענלאנד, הייבען זיך אן דיא קאַלטע טייכען און מיר וועלען מוזען פאהרען ארויף וואסער; דאס וועט אונז מאכען פיעל שוועריגקייטען, מיר מוזען דאהער פון יעצט אן בענוצען ביידע זאכען: דעם דאמפּף און דיא זעגעל.

— איהר האט גאנץ רעכט, דשאנסאן. פון יעצט אן הויבט זיך ערשט אן אונזער רייזע און מיר מוזען זיין זעהר פארזיכטיג.

ער האט געגעבען א בעפעהל צו דיא אינזשענירען, אז זיי זאלען איינהייצען דיא קעסלען און דאס שיף זאל אנהויבען צו געהן אויף דאמפּף.

אין פרעהליכע אונטערהאלטונגען און א קאלטעס, אבער קלארעס וועטער האט זיך געענדיגט דער 16 אפּריל.

## 5טעס קאפּיטעל.

## דער גרויסער קאַלטער טייך.

דער 17טער אפּריל איז ווידער געווען א שעהנער טאג. דיא „פארווארד" איז געגאנגען שנעל אויף דאמפּף און מיט אלע זעגלען אויסגעשפּאנט. עס האבען זיך געוויזען אייניגע פייגעל, וועלכע געפינען זיך נור אין יענע קאַלטע געגענדען; דאס איז א צייכען, אז לאנד איז נאָהענט. דיא מעער־פייגעל נעהרען זיך געוועהנליך פון פיש; זיי מאכען אבער זייערע נעסטע אויף א אינזעל, דאָרט זוכען זיי אויס אַן אָרט, וואס

איז פארשטעלט פון דיא קאלטע ווינטען, געוועהנליך א הייל, אדער א שפאלט אין א שטיין, דאָרט מאכען זיי זייערע נעסטע, לעגען אייער און בריטען אויס זייערע קינדער. דער „פארווארד״ איז צוגעקומען צו דער אינזעל גרענלאנד אין אמעריקא.

דער מאַטראָז, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך האט געמעלדעט, אז ער זעהט פון דער־ווייטענס אייז. אלע האבען אנגעהויבען צו קוקען אין דער זייט, וואו דער מאַטראָז האט אנגעוויזען. דיא אפיציערען און דער דאקטאר האבען געקוקט דורך זייערע פערנגלעזער און האבען געזעהן א גאנץ ברייטען קלאר־ווייסען פאס. דיא אלטע און נעאיבטע מאטראָזען האבען באלד דערקענט, אז דאס זיינען דיא ברעגעס פון גרענ־לאנד, וועלכע זיינען שטענדיג בעדעקט מיט אייז.

איך וויס, אז פיעלע פון מיינע לעזער הערען פון דעם מערקווירדיגען אינזעל גרענלאנד צום ערשטען מאל און איך וויל זיי געבען אייניגע ערקלערונגען איבער גרענלאנד.

גרענלאנד איז א גרויס אינזעל אין אייז־מעער. עס געהערט צו דענעמארק און האט אן ערך פון צעהן טויזענד איינוואָינער און צוואר ניין טויזענד פינף הונדערט עסקימאָסען און פינף הונדערט אייראפעער. דיא עסקימאסען א האלב ווילדעס פאָלק, זיינען דיא איינענטליכע איינציגע איינוואָינער פון דיא קאלטע לענדער. זיי זיינען קליין געוואקסען, אבער גאנץ שטארק און געשיקט. זיי וואָינען אין הייזער אויסגעגראבען אין דער ערד און בעדעקט מיט ערד. זיי נעהרען זיך פון פיש, זעע הינד און אנדערע זעע־טהירע, וועלכע זיי פאנגען אין דעם קורצען זומער; דאס הייסט, אין דער קורצער צייט, ווען דאס מעער איז ניט שטארק פארפראָרען. אויף גרענלאנד וואקסען שוין קיין ביימער ניט, עס איז צו קאלט פאר זיי און דיא איינוואָינער וואלטען ניט געהאט קיין האלץ מיט וואס צו הייצען און מיט וואס צו בויען זייערע ארימע הייזלעך אין דער ערד; דיא נאטור אבער האט זיך געזארגט דער פאר אויך. דאס מעער אין יענע געגענדען ברענגט אן אזוי פיעל קלעצער און ביימער און ווארפט זיי ארויס אויפ'ן ברעג, אז עס איז גענוג פאר דיא איינוואָינער צו הייצען און צו בויען זייערע קליינע שיפלעך און זייערע הייזער. מערקווירדיג זיינען דיא שפייזען פון דיא עס־קימאָזען. זיי עסען אזוי פיעל שמאלץ פון פיש און זעע הינד, אז מיר אייראפעער קענען עס ניט בעגרייפען. ווען זיי האפען א זעע הונד, שינדען זיי אפ דיא פעל און שניידען אויס גרויסע שטיקער שמאלץ, וועלכע זיי פארשלינגען רויערהייט. דער שטינקענדער פיש טראן, וועלכע מיר אייראפעער קענען זאגאר דעם גערוך ניט הערן, איז ביי זיי א דעליקאטעסע. דאס פלייש פון דיא זעע הינד, אדער פון דיא וואלפיש, קאכען זיי אויף פאלגענדער ארט: זיי צו לעגען א פייער און ווארפען אין איהם אריין הייסע שטיינער, דאס פלייש פון דיא זעע הינד לעגען זיי אריין אין א הילצערנער שיסעל מיט אייז אדער מיט שנעע. ווען דיא שטיינער ווערן צו גליהט, ווארפט מען זיי אריין אין שיסעל מיט אייז און מען דעקט צו דיא שיסעל מיט א פעל פון א ווייסען בער, אדער אנאנדערער חיה, וואס געפינט זיך אין יענע קאלטע געגענדען. אין אייניגע מינוטען ארום איז דאס עסען פארטיג. ווען דער עסקימאָס האט וואס צו עסען, עסט ער אזוי פיעל, אז דיא אייראפעער, וואס האבען עס געזעהן, האבען געשטוינט, וואו קען אזוי פיעל אריינגעהן;

**דערפאר אבער ווען ער האט ניט וואס צו עסען, קען ער פאסטען עטליכע טעג נאכאנאנדער און עס הארט איהם ניט.**

אזוי וויא גרענלאנד איז ניט ווייט פון אייראפא, איז גרענלאנד שוין לאנג געוועזן בעקאנט דיא אייראפעער. אין 1723 איז א דענישען מיסיאָנער, האנס עגעדע, געקומען אין קאָפּ דער נעדאנק צו פאהרען קיין גרענלאנד פרעדיגען דיא עסקימאסען דאס קריסטענטהום. ער האט געגרינדעט א קליינע קאלאניע פון דענעמארקער, וועלכע האבען זיך דארט בעזעצט און פיהרען האנדעל מיט דיא עסקימאזען. זיי קויפען אָפּ ביי זיי דיא פעל פון חיות און גיבען זיי דערפאר אייראפעאישע סחורות, בעזאנדערס אייזען וואארען, וויא מעסערס, העק, זעגען, נענעל, נאדלען, שעערען און דערגלייכען.

איידער דיא אייראפעער זיינען געקומען קיין גרענלאנד, האבען דיא עסקימאזען ניט געוואוסט פון קיין אייזען. אלע זייערע ווערקצייג זיינען געווען פון שטיין, אדער פון דיא ביינער פון פיש און חיות.

צווישען גרענלאנד און אמעריקא געפינט זיך א ש ט י ק ים, וועלכעס הייסט „דיא דייוויס שטראַסע". וועלכעס ענדיגט זיך אין א ב ו ב ט ע, אָדער ב י י מיט'ן נאמען „באפינס ביי". פון 1523 ביז אין דער לעצטער צייט איז אויפגעשטעלט געווארען דיא פראגע, אויב מען קען ארומפאהרען אמעריקא אויפ'ן אייז מעער אין דיעזער געגענד? דיעזע פראגע איז ניט געווען אזוי לייכט צו לעזען, ווייל דאס אייז מעער בלייבט אמאל עטליכע יאהר נאך אנאנד פארפרארען און קיין שיף קען איהם ניט דורכפאהרען. ווען עס זאל זיין א וועג ארומצופאהרען אמעריקא אין דיעזען ים, וואלט מען פון ענגלאנד קיין סאן פראנציסקא געקענט פאהרען אין 30 טאג; יעצט געדויערט דיעזע רייזע 180. דיא ענגלישע רעגיערונג האט אויסגעגעבען זעהר פיעל געלד אום דיעזע פראגע צו לעזען און האט ארויסגעשיקט איין עקספעדיציאן נאך דער אנדערער זוכען דיעזען וועג. אין 1845 האט זיא ארויסגעשיקט דעם בעריהמטען געלערנטען און טיכטיגען שיפס־קאפיטאן, בנימין פ ר א נ ק ל י ן מיט 2 שיפען. ער מיט זיינע שיפען, מיט אלע זיינע מאטראָזען און אָפיציערען זיינען פארפראָרען געווארען אין דיעזע קאלטע געגענדען. דיא ענגלישע רעגיערונג האט ניט געזשאלעוועט קיין געלד און האט ארויסגעשיקט איין שיף נאך דער אנדערער זוכען בנימין פראנקלין מיט זיינע מענשען. ענדליך אין 1859 האט דער שיפס־קאפיטאן מ ע ק ק ל י נ ט אָ ק אויסגעפונען דיא גאנצע עקספעדיציאָן. אלע זיינען אויסגעשטארבען פאר הונגער און פאר קעלט.

אלע דיעזע ערקלערונגען זיינען נייטיג פאר אונזער וויטערע ערצעהלונג, צו וועלכער מיר וועלען זיך יעצט אומקעהרען.

דעם 18 אפריל האט דיא „פארוואַרד" בעגעגענט א קאלטען טייך, בעדעקט מיט קליינע שטיקלעך אייז, וויא עס געהט אויף יעדען טייך, איידער ער ווערט פארפראָרען. דיא „פארוואַרד" איז אריינגעפאהרען אין אייז און האט זיך דורכגעארבייט זעהר לייכט. אום דריי אוהר נאך מיטאג האט מען דערזעהן א שיף. מען האט זיך צוגעקוקט און דערזעהן, אז דאס איז דאס דענישע שיף „וואלקיריען", וועלכעס איז געגאנגען פון גרענלאנד קיין אמעריקא. אזוי וויא זיי האבען גאר נישט געדארפט, האבען זיי זיך ניט אפגעשטעלט און זיינען געפאהרען ווייטער אין דעם ים „דייוויס שטראַסע".

דעם 19טען אפריל איז דיא „פארוואררד" אריייננעפאהרען אין א קאלטען טייך, וועלכער פליעסט פון דער „דייוויס שטראסע" אין אטלאנטישען אקעאן. דער טייך האט געשטרעמט זעהר שטארק און דיא „פארוואררד" האט געמוזט בענוצען דעם דאמפף אין דיא זעגעל. עס איז געווען אום 10 אוהר אין דער פריה, דיא אפיציערען און דער דאק־טאר זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען בעטראכט דיא שנעלינקייט פון'ם קאלטען טייך.

— געהט דערזעלבער קאלטער טייך אין דער „באפינס ביי" אויך? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— געוויס, האט שאנדאן געענטפערט. דיא זעגעל שיפען האבען זעהר גרויסע שוויערינקייטען צו פאהרען ענטגעגען וואסער, ווען זיי קומען אריין אין דיעזען טייך.

— אויב אזוי, האט געזאגט דער דאקטאר, איז עס דאך א בעווייז, אז מען קען ארומפאהרען אמעריקא אויפ'ן וואסער אין דיעזע געגענדען. איך קען דאך ניט צולאזען, אז דער טייך הייבט זיך אן אין דער קליינער בוכטע „באפינס ביי". אזא גרויסער טייך מוז אנקומען פון ערגעץ גאנץ ווייט.

— דאס איז נאך קיין בעוויז ניט, האט שאנדאן געענטפערט. מעגליך, אז דיעזער טייך קומט אן ערגעץ פון'ם נארד פאל און ניט פון'ם שטילען אקעאן, וועלכער געהט ארום וועסט אמעריקא. איהר מוזט אונז ברענגען בעסערע בעווייזע, געלערנטער דאקטאר.

— איך וועל אייך געבען אנדערע בעווייזע אויך, האט דער דאקטאר געענטפערט. עס האט שוין אפט פאסירט, אז מען האט געחאפט אין אמעריקא וואלפישע מיט אן אייראפעאישען שפיז אין לייב. דאס ווייזט, אז פישער אין אייראפא האבען אריינגע־שטאכען אין וואלפיש דעם שפיז, וועלכער האט איהם ניט גוט געטראפען. ער איז אנטלאפען געווארען קיין אמעריקא מיט'ן שפיז אין לייב — דעם שפיז דערקענט מען, ווייל אויף יעדען שפיז איז אויסגעקריצט דער נאמען פון דעם שיף, צו וועלכען ער גע־הערט — דער וואלפיש האט ניט געקענט קומען קיין אמעריקא אויף אנאנדער וועג, ווייל דיא וואלפישע האלטען זיך אויף נור אין קאלטע וואסערן און געפינען זיך קיין מאל ניט איןווארעמע וואסערן.

— דאס בעווייזט נאך ווענינ, האט שאנדאן געלאכט. מיר קענען גאר ניט וויסען, אויף וועלכע וועגען דיא וואלפיש געהען איבער פון איין ים צום אנדערן.

— נו, וועל איך אייך ברענגען אנדערע בעווייזע, האט דער דאקטאר געזאגט. דער קאלטער טייך פליעסט פון דער „באפינס ביי" אין אנטלאנטישען אקעאן קיין אמעריקא און קיין אייראפא, — פון וואנען נעהמען זיך אין דעם קאלטען טייך אזוי פיעל קלעצער און בוימער? מען געפינט דאך אין קאלטען טייך שטיקער אייבען האלץ, נוס האלץ און אנדערע סארטען האלץ, וואס וואקסען נור אין דיא ווארעמע לענדער. פון וואנען נעה־מען זיי זיך? מוזען מיר זאגען, אז עס איז דא א וועג ארומצופאהרען אמעריקא און דיעזע קלעצער און ביימער קומען אן אויף דיעזען וועג. דאס זיינען ביימער, וועלכע וואק־סען אין וועסט פון אמעריקא ביים ברעג ים. דיא ווינטען ווארפען זיי אריין אין ים און דיא טייכען פון'ם ים ברענגען זיי פון דער וועסט (מערב) זייט אמעריקא אין דער אסט (מזרח) זייט אמעריקא.

— דאס איז ווירקליך א בעוויז, האט שאנדאן געזאגט.

— זעהט, האט דשאנסאן אויסגערופען, אט שווימט א קלאָץ. לאמיר איהם ארויס־שלעפּען פון וואסער און בעטראכטען, וואס פאר א סאָרט האָלץ דאס איז, וועלען מיר באלד זעהן, אויב דער דאקטאָר האט רעכט.

ער האט באלד געהייסען דיא מאטראָזען פארוואַרפען דעם קלאָץ מיט שטריק און איהם ארויפשלעפּען אויפ'ן דעק. אין איינינע מינוט ארום איז דער קלאָץ געלעגען אויפ'ן דעק. אלע האבען איהם בעטראכט. דאס איז געווען א גאנץ גראָבער בוים פון מאהאגאָני האָלץ. ער איז געווען דורך און דורך צו לעכערט און צו פרעסען פון קליינע ים ווערם און מושעלן (א סאָרט איסטערס).

— אט האט איהר דעם בעסטען בעוויז! האט אויסגערופען דער דאקטאר. מאהאגאָני האָלץ וואקסט נור אין דיא גאנץ הייסע לענדער, אויפ'ן עקוואטאָר. וויא קומט ער אהער? פון'ם אנטלאנטישען אָקעאן, אָדער פון דער אָסט זייט (מזרח זייט) פון אמעריקא האט ער ניט געקענט קומען אהער, ווייל דיא קאַלטע טייכען שטרעמען פון גרענלאנד אין'ם אנטלאנטישען אָקעאן, האט ער דאך ניט געקענט שווימען געגען וואסער. מיר מוזען דאהער זאגען, אז ער קומט פון דער וועסט זייט פון אמעריקא, פון'ם שטילען אָקעאן. ער איז געוואקסען אין דיא הייסע געגענדען פון פערו, אָדער פאנאמא. דער ווינט האט איהם אריינגעווארפען אין ים. ער שווימט שוין זעהר לאנג, א בעוויז, אז דיא ווערים פון'ם שטילען אָקעאן האבען צייט געהאט איהם דורך און דורך צו לעכערן. ער איז ארומגעשוואומען גאנץ אמעריקא ביז ער איז געקומען אהער. איך וועל נעהמען פון איהם א שטיקעל פאר מיינע זאמלונג פון וואונדערזאכען פון'ם אייז מעער.

— איהר זייט ניט דער איינציגער, וועלכער האט אזא זעלטענהייט, האט שאנ־דאן געזאגט. —

— איך וויס, איך וויס, האט איהם דער דאקטאר אונטערבראכען. דער דעני־שער גובערנאטאָר פון גרענלאנד האט א טיש, וועלכען ער האט געהייסען מאכען פון א קלאָץ, וועלכען ער האט ארויסגעשלעפּט פון'ם וואסער לעבען דיא ברעגעס פון גרענ־לאנד. ער האלט דעם טיש אלס זעלטענהייט. געוויס, ווען מיר זאלען יעצט פאהרען צוריק קיין אייראפּא, וואלט איך מיר געלאזט מאכען א גאנצען סעט מעבעל פון דיזען קלאָץ; אזוי וויא מיר פאהרען אָבער יעצט צום נארד פאל און איך האב ניט, וואו צו האלטען קיין מעבעל, וועל איך נעהמען נור א קליין שטיקעל האָלץ אלס מוסטער.

אין אזעלכע געשפּרעכע איז פערגאנגען דער טאג. עס האט אנגעהויבען צו ווערן שטארק קאלט. מען האט זיך געמוזט נעהמען צו דיא ווארעמע פעלצען. שאנדאן האט געהייסען ארויסגעבען דיא מאטראָזען ווארעמע קליידער. יעדער מאטראָז האט בעקומען א גאנץ דיקעס וואלענעס העמד, א פּאָר ווארעמע וואלענע הויזען, א ווארעמען זשאקעט אונטערגעשלאגען מיט פוטער, א פּאָר גראָבע וואלענע זאקען און א פּאָר גאנץ טיעפע קאלאָשען.

דער הונד, אָדער קאפּיטאן, וויא דיא מאטראָזען האבען איהם גערופען, האט נאָך ניט פערלאנגט. איהם האט געוואַרמט זיין גראָבע פעל מיט דיא לאנגע האָאָר.

וויא עס האט אויסגעוויעזען, איז ער געוועזען געוואינט צו דער קעלט. איבעריגענס האט מען איהם זעהר זעלטען געזעהן אויפ'ן דעק. ער פלעגט זיך בעהאלטען ערגעץ אין א ווינקעל און פלעגט דארט איבערליעגען גאנציע טעג.

פאר נאכט האט מען געזעהן גאנץ דייטליך דיא הויכע בערג פון גרענלאנד בעדעקט מיט אייז און אייביגען שנעע; פלוצלונג אבער האט זיך אויפגעהויבען א דיקער נעבעל און האט אלעס פערהילט, אלעס פארדעקט, וויא דער פארהאנג אין טהעאטער פאלט אראפ און פערדעקט דיא שעהנסטע סצענע.

דעם 20 אפריל האט זיך דער נעבעל צערשטרייט און מען האט דערזעהן א גרויסען אייז־בערג פון הונדערט פונפציג פוס דיא הויך. ער איז געשטאנען אויף איין ארט און האט זיך ניט געריהרט. ער איז געוועזען צוגעפרארען צום גרונד פו'ם מעער. דער דאקטאר האט איהם גוט בעטראכט און האט געזאגט:

— דיעזער אייז־בערג געפינט זיך אויף דיעזען פלאץ זייט הונדערטער יאהרען; דיעזען אייז־בערג האט דער קאפיטאן ראס נאך געזעהן אין 1829. ער האט איהם געצייכענט און האט איהם אפגעמאלט אין זיין רייזע־בעשרייבונג. דער קאפיטאן בעללא, וועלכער איז אין 1851 געפאהרען זוכען פראנקלין'ס עקספעדיציאן האט געטראפען דיעזען אייז־בערג אויף דעם זעלבען פלאץ. מיר געפינען איהם וויעדער אויף זיין ארט, וויא א טרייען סאלדאט אויף זיין פאסטען. וויא לאנג שטעהט ער שוין דא אויף דיעזען פלאץ? — ווער קען עס וויסען. וויא לאנג וועט ער נאך שטעהן און אפהיטען גרענלאנד? — ווער קען עס זאגען.

ער איז געווארען אזוי ענטציקט איבער'ן אייז־בערג, אז ער וואלט איהם געוואלט מיטנעהמען מיט זיך אלס אנדענקען און ברענגען איהם קיין ליווערפול.

ענדליך איז דיא „פארווארד“ צוגעקומען צו גרענלאנד, אדער צו א גרויסען בערג פון גרענלאנד, וואס שטעקט ארויס אין ים, וועלכער הייסט „קאפ פארוועל“. עס איז געגאנגען א רעגען געמישט מיט שנעע און דער טערמאמעטער האט געצייגט 12 גראד קעלט.

— קאפ פארוועל! האט אויסגעשריען א מאטראז.

— א גוטער נאמען, א ריכטיגער נאמען! האט אויסגערופען דער דאקטאר. פארוועלל! זיי געזונד! וויא פיעל מענשען זיינען אוועקגעפאהרען פון איהם ווייטער אין אייז־מעער און האבען געזאגט: „פארוועל!“ (זיי געזונד!) אויף אייביג? וויא פיעל מענשען האבען איהם נור איין מאל געזעהן און זיינען פערשוואונדען געווארען אויף אייביג? דיא בעריהמטע געלערנטע און שיפסקאפיטאנען: פארבישער, סקראגס, בארלא, בארענץ, הודזאן, פראנקלין, קראזיע און בעללא זיינען פארביי געפאהרען דיעזען בערג און האבען זיך שוין קיין מאל ניט צוריקגעקעהרט. פאר זיי איז דיעזער בערג ווירקליך געוועזען אן אייביגער „פארוועל“, איין אייביגער „זיי געזונד“.

ער האט געקוקט אויף דיא קאלטע וואסער'ן פו'ם אייז־מעער, וועלכער הייבט זיך דא אן און האט געטראכט: וואס פאר א גרויסער עקשן איז דער מענש, ווען ער שפארט זיך איין עפעס צוטהאן! ער קוקט ניט אויף זיך, שוינט ניט זיין לעבען, ווארפט זיך אין דיעזע וויסטע, קאלטע, אייביג־פערפרארענע געגענדען, וואו עס דראהען איהם געפאהרען פון אלע זייטען אום עפעס אויסופארשען.

## 6טעם קאפיטעל.

# אין אייז מעער.

לאנגזאם איז דיא „פארוואַרד“ געפאהרען אין דעם ים „דיא דייוויס שטראַסע“, לאנגזאם האט זיא מיט איהר שאַרפען מעסער פון פאָרנט געשניטען דאס לויזע אייז, דיא נאך ניט צוזאַמען געפראָרענע שטיקער שנעע, וועלכע זיינען געשוואומען אויפ'ן קאַלטען טייך. ביי טאג איז דיא רייזע געווען שוועריג און לאנגזאַם; ביי נאַכט אבער איז זיא געוואָרען געפעהרליך. עס האבען זיך געוויעזען גרויסע און פיעלע אייז־בערג. אייניגע זיינען געשוואומען, אנדערע זיינען געשטאַנען אויף זייער אָרט. א מאַטראָז האט געמוזט שטענדיג שטעהן גאנץ הויך אויפ'ן זעגעלבוים און קוקען אויפ'ן ים. אזוי וויא דיא קעלט איז געוואָרען אלץ שטארקער און עס איז געווען אונמעגליך צו שטעהן אזוי הויך, האט מען אויבען אויפ'ן שפּיץ פון'ם זעגעל־בוים אַרויפגעשטעלט א סאָרט פאַס מיט היי. דער מאַטראָז איז געשטאַנען אין דיעזען פאַס אַרומגעדעקט מיט'ן היי. דאס האט איהם געשיצט פון דער קעלט און ער האט געקענט רוהיג בעטראַכטען דאס מעער אויף א ווייטע שטרעקע און מעלדען אלעס, וואס ער האט בעמערקט.

דיא נעכט זיינען געוואָרען אלץ קירציער און קירצער. — ביז אין 31 יאַנואַר איז אין יענער געגענד גאָר קיין טאג ניטא, זאנדערן א לאַנגע נאַכט פון דריי מאנאטע; דעם 1טען פעברואַר האט זיך דיא זון בעוויעזען אויף א קורצע צייט און איז באלד פערשוואונדען. מיט יעדען טאג אבער איז דיא זון געשטאַנען אלץ מעהר אויפ'ן הימעל און ענדליך דעם 21טען אַפּריל פלעגט זיא אונטערגעהן אויף א גאנץ קורצע צייט און האט זיך באלד וויעדער געוויעזען. צוויי און צוואַנציג שטונדען כסדר פלעגט זיא שיינען און בעלייכטען דיעזע טרויעריגע געגענד, אבער זעהר אָפט האבען זיך אויפגעהויבען שטארקע שנעע־געשטעבער (זאַווארוכעס). דער שנעע איז געפאַלען אזוי געדיכט, אז מען האט ניט געקענט זעהן אויף צעהן שריט ווייט. דיא מאַטראָזען האבען געאַרבייט זעהר שווער, זייט זיי זיינען אַריינגעפאהרען אין אייז־מעער.

דעם 21טען אַפּריל אין דער פריה איז דער דאָקטאָר און דשאָנסאָן געשטאַנען אויפ'ן דעק און האבען געפּלוידערט. שאַנדאָן איז געשטאַנען א גאַנצע נאַכט אויף דער וואַך און איז יעצט געשלאָפען. דשאָנסאָן האט געוויעזען דעם דאָקטאָר אויף דיא טרויעריגע וויסטע, מיט אייז און שנעע בעדעקטע ברעגעס פון גרענלאַנד.

— אך, וואס פאר א טרויעריגעס לאַנד איז עס! האט ער אויסגערופען. מען האט עס א נאָמען געגעבען גרענלאַנד אדער גרינלאַנד, א גרינעס לאַנד און דאך איז דיעזעס לאַנד בעדעקט מיט אָרימע, ניעדעריגע קליינע גרינע גראָזען נור דריי — פיער וואָכען אין יאהר, און אויך דאַמאַלס זיינען נור אייניגע געגענדען בעדעקט מיט גראָז, נור אייניגע שטיקער לאַנד, וועלכע ליעגען ביים ים, דאס איבעריגע לאַנד איז בעדעקט מיט אייביגען שנעע און אייביגען אייז, וועלכער צוגעהט קיין מאָל ניט.

— ווער קען וויסען, וואס אמאָל איז געווען אין דיעזען לאַנד? האט דער דאָקטאָר געזאַגט. מעגליך, אז אמאָל איז גרענלאַנד געווען וואַרימער, דערפאַר האבען עס דיא מענשען א נאָמען געגעבען גרענלאַנד. וויא אַלטע עסקימאָסען דערצעהלען, זיינען אמאָל

נעוועזן פיעל מעהר מענשען אין גרענלאנד. זיי דערצעהלען, אז א מאל איז אין גרענלאנד געוועזן איבער צוויי הונדערט דערפער; וואהרשיינליך, איז דאמאלס געוועזן ווארימער. איך וועל אייך דערצעהלען נאך גרעסערע וואונדער, מען געפינט אין דיא קאלטעסטע געגענדען טוידטע עלעפאנטען, חיות, וועלכע קענען לעבען נור אין גאנץ הייסע לענדער. אין 1843 האט א רוסישער געלערנטער געפונען אין סיביר ביים אייז־מעער א גרויסען עלעפאנט. ער איז געלעגען טיעף איינגעפרארען אין אייז און איז געוועזן נאך גאנץ מיט דער פעל און מיט דיא האאר. אזוי וויא דער עלעפאנט איז געוועזן זעהר גרויס און ער האט איהם ניט געקענט אין גאנצען מיטנעהמען אויף זיינע קליינע שליטעלעך, וועלכע הינט האבען געשלעפט, האט ער איהם געמוזט צושניידען אויף שטיקער און שטיקלעך־וויים ברענגען קיין יאקוטסק. דיא ביינער פון דיעזען עלעפאנט און א שטיק פון זיין פעל געפינען זיך יעצט אין פעטערבורג אין מוזעאום. וויא קומען עלעפאנטען אין אזעלכע קאלטע געגענדען, וויא סיביר? וואהרשיינליך, איז דארט אויך א מאל געוועזןווארם.

— דאס ווייס איך ניט, האט דשאנסאן געענטפערט, איך ווייס נור, אז יעצט וואלט איך אין גרעגלאנד אויף קיין פאל ניט געוואלט וואינען.

— איהר זעהט דאך, אז דארט וואינען דאך מענשען און זיינען זאגאר צו פריעדען. מען האט פראבירט ברענגען עסקימאסען קיין לאנדאן און מען האט זיי געגעבען דאס גוטס פון דער וועלט. עס איז זיי אלעס באלד מיאוס געווארען און זיי האבען געוויינט און געבעטען, אז מען זאל זיי צוריק שיקען אין זייער קאלטעס טרויעריגעס פאטערלאנד.

— איך ווייס ניט, וואס מיט דיא עסקימאסען איז געוועזן, האט דשאנסאן געזאגט. איך וואלט דא ניט געוואלט בלייבען.

— פאר וואס ניט? האט געפרעגט דער דאקטאר. דער מענש ווערט צו אלעמען געוואינט. איך מיין, אז דיא עסקימאסען לעבען נאך פיעל גליקליכער אין גרענלאנד, אלס דיא ארעמע ארבייטער אין לאנדאן און ליווערפול. אמת, עס פעהלט זיי פיעל זאכען, וואס מיר האבען; זיי דארפען עס אבער ניט. זיי קענען זיך בעגעהן אהן ביער סאלונס, אהן קאפע הייזער, אהן טהעאטערע, אהן בעלער, אהן קאנצערטען. זיי ווייסען דער פון ניט און זיינען גליקליכער.

— איך וויל מיט אייך ניט שטרייטען, דאקטאר. זאגט מיר ליעבער, וואס דענקט איהר פון אונזער קאפיטאן. וואו איז ער? ווער איז ער?

— איך ווייס עס ניט, האט דער דאקטאר געענטפערט. וואס זאגען דיא מאטראזען? וואס דענקען זיי איבער איהם?

— דיא מאטראזען מיינען, אז ער האט זיך אומיסטען בעהאלטען. ער וויל מאכען א רייזע אין א זעלכע קאלטע געגענדען, וואו קיין מענש איז נאך ניט געוועזן; ווען ער זאל זיין אויפ'ן שיף, וואלט מען איהם געפרעגט, וואוהין מען פאהרט און קיינער וואלט ניט געוואלט איינטרעטען צו איהם; אזוי אבער אז ער איז ניטא, און מען ווייס ניט, וואוהין מיר פאהרען, האט ער זעהר לייכט געפונען אפיציערען און מאטראזען. איך קען פיעלע שיפס קאפיטענע, מיט וועלכע קיין מאטראז וויל ניט פאהרען, ווייל מען ווייס, אז זיי זיינען בערייט צו פארפאהרען אין א זעלכע געגענדען, פון וואנען מען קען שוין

ווירקליך ניט צוריק קומען. איך בין זיכער, אז ווען מיר וועלען קומען קיין אופראוויק—דאס לעצטע דארף אין גרענלאנד, וויטער וואָינען שוין קיין מענשען ניט—וועט ער געווים ארויפקומען אויפ'ן שיף און וועט איבער נעהמען דיא קאמאנדע איבער'ן שיף.

אין דיזע צייט איז ארויס דיא זון און האט בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד. דיא גרויסארטיגע סצענע האט זיך פארגעשטעלט פאר זייערע אויגען. דער גאנצער ים, וויא וויט דאס אויג האט געקענט זעהן, איז געווען בעדעקט מיט גרויסע און קליינע שטיקער אייז פון אלערליי געשטאלטען.

— זעהט נור, דזשאנסאן, וואָלט מען ניט געקענט מיינען, אז מיר זעהען פאר אונז א גרויסע שטאדט מיט הייזער, מיט פאלאצען, מיט טויערן, מיט קירכען און מיט טורעמ'ס. גיט נור א קוק דארטען, אויף יענעם אייז בערג! א גרויסער טויער, וויא דער טויער פון א פעסטונג, הויבט זיך אויף אין דער מיט, ארום שטעהן הויכע זיילען פון אייז. אלע פונקעלען, גלענצען און בלישטשען, גלייך וויא זיי זיינען בעשיט מיט מיליאָנען בריליאנטען!

— יא, דאקטאר, האט דזשאנסאן געענטפערט, שעהן אנצוקוקען איז עס געווים; פראָבירט אבער צו געהן נעהענטער צו דיזע שעהנע זיילען, צו דיזע מויערן, צו דיזע טויערן און איהר וועט באלד זעהן, וויא געפעהרליך זיי זיינען. דאס מעער וואשט זיי אונטער און זיי ווערן אונטען צו שמאלצען. קוים ריהרט מען זיי אן, פאלען זיי אום און יעדער פון דיזע זיילען איז אזוי שווער. אז ער קען צו ברעכען אונזער „פאָרוואָרד“.

— איך פארשטעה ניט, האט דער דאָקטאר געפרעגט, וויא אזוי האבען זיך מענשען געקענט איינשטעלען צו פאהרען אויף זעגעל שיפען אין א זעלכע געגענדען,—מיט א דאמפף שיף איז זעהר לייכט צו רעגיערען און צו דרעהן זיך אין אלע זייטען; וואס טהוט מען אבער מיט א זעגעל שיף?

— איך אליין בין שוין געפאהרען אין דיזע געגענדען מיט א זעגעל שיף. מען האט געווים אויס צו שטעהן פיעל שוועריגקייטען, אבער מען שלאגט זיך דורך. ווען דער ווינד איז ניט גינסטיג, קלויבט מען אויס א גרויס שטיק אייז פון א מייל דיא ברייט און דיא לענג און מען פעראנקערט דיא שיף צום אייז. דאס אייז שווימט און שלעפט לאנגזאם דיא שיף מיט זיך. אמת, עס קומט זעהר אָפט פאָר, אז דאס אייז שלעפט דיא שיף צוריק און מען פערליערט א מאל אויף אזא ארט עטליכע טעג, א מאל זאגאר א גאנצען מאנאט, א זעגעל שיף קען זיך אבער אנדערש ניט העלפען.

— איך וויל אייך נאך עפעס פרעגען, האט דער דאקטאר געזאגט, וויא קומט עס, וואס עס איז שוין אזוי קאלט? נאך מיין רעכענונג, דארף דא נאך נאר ניט זיין אזוי קאלט.

— דיא „דייוויס שטראסע“ איז אין דעם ארט זעהר שמאָל. א גרויסע מאסע אייז האט זיך אנגעזאמעלט און דאס מאכט אן דיא קעלט. ווען מיר וועלען קומען א ביסעל ווייטער, וועט דאס מעער זיין פרייער און איך האף, אז אין דיא מאנאטע מאי און יוני וועלען מיר קענען רוהיגער פאהרען.

דיא רייזע איז ווירקליך געוואָרען מיט יעדע מינוט שווערער. דיא שטיקער אייז זיינען ניט געשוואומען אלע אין איין זייט, זאנדערן אייניגע זיינען געשוואומען קיין נאָרדען

צום נארד פאָל צו, אנדערע זיינען געשוואומען קיין זידען. דיא מאטראזען און דיא אפיציערען האבען געארבייט זעהר שווער און האבען קיין מינוט קיין רוה ניט געהאט. באלד האט מען געמוזט אויס מיידען אן אייזבערג; באלד האט מען געמוזט לויפען פארן אייז בערג און פארהאפען דעם וועג, ווייל עס איז געווען נור א שמאלער פאס וואסער און מען האט מורא געהאט, אז דער אייז בערג זאל ניט פארשפארען דעם וועג. דיא איינציגע לעבעדיגע בעשעפענישען, וואס מען האט געזעהן, זיינען געווען מעער פייגעל, זיי זיינען ארום געפלויגען און פארהילכט דיא אוערן מיט זייערע געשרייען; זיי האבען געחאפּט פיש און געפלויגען אויף דיא אייז בערג זיי אויפעסען. קלעצער און בוימער זיינען געשוואומען אין מאסען און האבען זיך אנגעשלאגען איינער אן אנדערן מיט א שרעקליכען ליארם. מען האט בעגעגענט אייניגע וואלפישע מיט זייערע גרויסע קעפּ. זיי זיינען צו געקומען גאנץ נאָהענט צו דעם שיף און האבען ארויס געשטעקט זייערע קעפּ, גלייך וויא זיי וואלטען געוואלט בעטראכטען, וואס פאר א שיף דאס איז.

איין מאל האט זיך זיי פארגעשטעלט א זעהר זעלטענע און זעהר אינטערעסאנטע סצענע. אין איין אָרט, וואו דאס מעער איז געווען רוהיגער, איז געליגען אן אונגעהייער גרויסע זיא פון אוואלפיש. לעבען איהר איז געליגען איהר קינד און האט געזויגען די ברוסט. דאס בילד איז געווען גרויס ארטיג און אינטערעסאנט. דאס קינד, דער קליינער וואלפיש, האט געדארפט וועגען זיעבען ביז אכט הונדערט פונט. פאר א שיף, וואס פאהרט חאפען וואלפיש, וואלט עס געווען א גליק צו פאנגען דיא מוטער מיט'ן קינד. זיי וואָלטען פוןביידען געקענט אנגיעסען צוואנציג פעסער פיש טראָן, דיא „פאָרווארד“ אבער איז ניט געפאהרען פאנגען קיי'ן וואלפיש און דיא אפיציערע און מאטראזען האבען א לאנגע צייט בעטראכט מיט פערגניגען דיעזעס בילד.

איך מוז דערביי נאך בעמערקען, אז דיא וואלפיש האבען לעבעדיגע קינדער און האָדעווען זיי אויס מיט זייער מילך, וויא אלע בהמות און חיות. דיא עקסימאסען האלטען עס פאר א גליק, ווען עס געראָט זיי צו פאנגען א וואלפיש, וואס זויגט א קינד. זיי עפּענען דעם אייטער און גיעסען אן פעסער מיט מילך, אייראפּעער האבען פראָבירט צו טרינקען וואלפיש מילך, עס האט זיי אבער ניט געשמעקט, ווייל עס האט דעם ריח און דעם טעם פון טראָהן. ביי דיא עקסימאָסען אבער איז עס דאס בעסטע געטרענק, וואס זיי קענען נור געפינען.

דער 24 אפּריל איז געווען א זונטאג און מען האט בעשלאסען זיך אפּצורוהען. מען האט אויסגעזוכט א פאסענדען ארט, וואו מען האט פאראנקערט דיא שיף. אלע זיינען געקומען אין שאנדאנ'ס קאיוטע און האבען געבעטען גאט. נאכ'ן געבעט האט מען אלעמען געגעבען טהעע מיט קייק און דיא מאטראזען האבען פערבראכט דיא גאנ־צע צייט ביז אין מיטאג עסען אין שיעסען פייגעל און האפּען פיש. דיא מעער פייגעל קען מען אייגענטליך ניט עסען: זיי האבען א שטארקען גערוך פון טראהן, דער דאקטאר אבער האט אויסגעפונען א מיטעל, וויא אזוי זיי צו קאָכען, אז דער שלעכטער גערוך זאל ניט זיין.

דיא פאלגענדע דריי טעג פון'ם 24טען ביז אין 27 אפּריל איז דאס וועטער געווען זעהר שלעכט און אלע האבען געארבייט זעהר שווער. דאקטאר פולמאן האט בעמערקט

א זעלטענע ערשיינונג. נעמליך, אז דאס אויג ווערט זעהר לייכט אפגענארט, אָדער פארבלענדעט אין יענע געגענדען. א גרויסער אייז בערג, צום ביישפיעל, פלעגט זיך אויסווייזען פון דער ווייטען, וויא א קליין שטיקעלע ווייסער שנעע. נור דיא מאטראָזען, וועלכע זיינען שוין איינינע מאל געפאהרען אויפ'ן אייז מעער, האבען זיי דערקענט און האבען געקענט זאגען, וויא גרויס דער, אדער יענער אייז בערג איז.

7טעס קאפיטעל.

לאנגזאם און מיט גרויס מיה איז דיא „פארווארד“ געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער קיין נארדען. דורך שנעע און אייז האט זיא זיך אויסגעבויערט א וועג. דעם 28 אפריל האט מען דערזעהן פון דער ווייטענס, וויא פיעלע אייז פעלדער קומען אן. שאנדאן האט געהייסען אנגרייטען דיא גרויסע אייז זעגען און, פאלס דיא אייז פעלדער וועלען פארשפארען דעם וועג, זאל מען דורכזעגען א וועג אין אייז. אן אייז בערג איז זעהר גראב און מען קען איהם ניט דורכזעגען; אן אייז פעלד אבער איז דין, געוועהנליך פינף — זעקס פוס דיא גרעב, און מען קען זיא זעהר לייכט דורכזעגען.

דיא מאטראָזען האבען געזעהן, אז עס שטעהט זיי פאר א זעהר שווערע ארבייט. זעגען אייז איז ניט אזוי לייכט. זיי האבען זיך ערשט יעצט ארומגעקוקט, אז דיא שוויע־ריגקייטען און געפאהרען הויבען זיך ערשט אן; וואס ווייטער, וועט דיא רייזע זיין אלץ שווערער און געפעהרליכער. איינינע האבען אנגעהויבען צו ברומען.

— איך וויים ניט, וואס דאס איז, האט געזאָגט א מאטראָז מיט'ן נאמען באל־טאן, פון אין דער פריה אן טראכט איך נור, אז איך וואלט יעצט זעהר געוואלט זיין אין ליווערפול זיצען אין א ביער־סאלון און טרינקען א גוטע גלאז וויסקי. וואס זאגסט דוא, גריפער?

וואס זאל איך זאגען? האט גריפער געענטפערט בייז. אונזער קלוגער דאקטאר פרעהט זיך, וויא א קליין קינד ווען מען גיט איהם א שפיעלעכעל, יעדעס מאל, ווען ער דער זעהט דיא אייז בערג. ער זאגט, אז ער זעהט דארט פאלאצען און הייזער. איך וואלט איהם אוועגעבען אלע דיעזע הייזער און פאלאצען פאר א קליין שטיבעלע, וואו איך זאל קענען בעקומען א גוטען שנאפס. וואס פאר משוגענער קאפיטאן איז דאס, ער זאל ניט געבען קיין שנאפס אין אזעלכע קאלטע לענדער?

— דער דאקטאָר האט דאך אייך געזאגט, האט זיך אפגערופען גאררי, אנאנ־דער מאטראָז, אז אין דיעזע קאלטע לענדער איז פיעל געזינטער פאר א מענשען ניט צו טרינקען קיין שנאפס.

— צום טייפעל מיט אייער דאקטאר און מיט אייער קאפיטאן! האט אויסגע־שריען פען, א פיערטער מאטראָז. זיי נארען אייך אָפּ, זיי זשאלעווען דעם שנאפס. זיי האבען ראָם, ברענדי און וויסקי אויפ'ן שיף. זיי אליין זויפען און אונז ווילען זיי ניט געבען.

— ער האט רעכט, האט גריפער געזאגט. דיא אפיציערען און דער דאקטאר טרינקען, אונז אָבער גיבען זיי ניט. איך מוז געהן בעטען שאנדאן, ער זאל אונז געבען א פארציאָן שנאפס.

— וואס רעדט איהר? האט גאררי געזאגט, מיר האבען דאך אונטערגעשריעבען

א קאָנטראַקט, אז אין דער גאַנצער צייט פון דער רייזע זאָלען מיר גאָר קיין שום משקה ניט טרינקען.

— וואָס הייסט ניט געבען קיין שנאַפּס אויף אַזאַ געפעהרליכע רייזע? האָבען אויסגערופען גריפער, פּען און באַלטאַן מיט איין קול. מיר האָבען היינט פערדיענט שנאַפּס! מיר מוזען האָבען אַ שנאַפּס! לאָמיר געהן פאָדערן פון שאַנדאַן, ער זאָל אונז געבען שנאַפּס!

— איהר געהט אומזיסט, קינדער, האָט זיי גאַררי געזאָגט. שאַנדאַן איז דאָך נור ערשטער אָפיציער, ער מוז פאָלגען, וואָס דער קאַפּיטאַן הייסט איהם.

— ווער איז דען דער קאַפּיטאַן? וואו איז דען דער קאַפּיטאַן? האָט גריפער געשריען. צום טייפעל אַזאַ קאַפּיטאַן!

— דער קאַפּיטאַן איז געוויס דאָ, האָט באַלטאַן געזאָגט. לאָמיר זיך וועטען אויף פינף פונט שטערלינג, אַז אין אַ מאַנאַט אַרום וועט דער קאַפּיטאַן זיין אויפ'ן שיף און וועט קאָמאַנדירען דיא שיף.

— לאָז ער נור קומען! האָט פּען געזאָגט, איך וועל מיך שוין מיט איהם אָפּרעכענען.

— וואָס? עס איז דאָ נייעס פון קאַפּיטאַן? האָט געפרעגט אַ שטימע. דאָס איז געוועזען דער מאַטראָז קליפטאָן. ער איז נור וואָס צו געקומען און האָט גאָר ניט געוואוסט פון וואָס מען רעדט.

— פון וועלכען קאַפּיטאַן רעדט איהר, האָט ער ווייטער געזאָגט, פון אַ מענשען, אָדער פון'ם הונד?

— מיינט איהר ווירקליך, אַז דער הונד איז דער קאַפּיטאַן? האָט באַלטאַן געפרעגט. פאַרשטעהט איהר דען ניט, אַז דשאָנסאָן האָט געלאַכט פון אייך, ווען ער האָט אייך געזאָגט, אַז דער הונד איז דער קאַפּיטאַן?

— איך ווייס פאַר געוויס, אַז דער הונד איז דער קאַפּיטאַן, האָט קליפטאָן געזאָגט. איך האָב מיך צו איהם גוט צוגעקוקט און האָב געזעהן פון איהם זאָנדערבאַרע זאַכען.

— דערצעהלט, וואָס דו האָסט געזעהן! האָבען אַלע אויסגערופען מיט איין קול.

— ערשטענס, האָב איך אַליין געזעהן, וויא ער איז געשטאַנען ביים ראַד אַנגעשפּאַרט מיט דיא לאַפּעס, וויא אַ מענש. דאַן האָט איהר ניט בעמערקט, וויא ער שפּרינגט אַראָפּ אַלע נאַכט פון שיף און שפּאַצירט אויפ'ן אייז. ער האָט קיין מורא ניט פאַר דיא ווייסע בערען, ניט פאַר דיא שרעקליכע קעלט. דאַן האָט איהר דען ניט בעמערקט, אַז ער אַנטלויפט פון יעדען, ער קומט קיין מאָל ניט אַריין אין קיך זוכען ביינער, וויא אַ הונד דאַרף טהאָן. איך ווייס ניט, פון וואַנען ער לעבט. איך האָב איהם קיין מאָל ניט געזעהן עסען. זאָגט, וואָס איהר ווילט, דער הונד איז פאַר מיר אַ רעטעניש. מעגליך, אַז ער וועט פּלוצלונג פון זיך אַראָפּוואַרפען דיא הונדס פעל און וועט ווערן אַ מענש.

אַלע האָבען געשוויגען. זיי האָבען ניט געוואוסט, וויא אַזוי זיך צו ערקלערן דיע־

זען זאנדערבארען הונד. אונטערדעסען איז צוגעקומען דער פישלער פון׳ם שיף, בעלל, און האט געפרעגט:

— וואוהין פאהרען מיר? ווייס ווער פון אייך, וואוהין מיר פאהרען?

— וואהרשיינליך וועט שאנדראן ערהאלטען נאך א בריעף, וואוהין צו פאהרען, האט באלטאן געזאגט.

— וויא אזוי וועט ער ערהאלטען א בריעף? האט פען געפרעגט, דורך דיא אייז פאסט?

— דורכ׳ן הונד, האט באלטאן געענטפערט, אזוי וויא ער האט ערהאלטען דעם ערשטען בריעף אין ליווערפול.

— ווייטער דער הונד, אָבער דער הונד! האט גריפער אויסגעשריען. איך וועל זעהן צו מאכען א סוף פון דיעזען הונד.

— וואס האט דיר דער הונד געטהאן? האט גארדי געפרעגט. ער טהוט, דאכט זיך, קיינעם גאר נישט.

— דוא שווייג! האט איהם גריפער געענטפערט. איך פרעג דיך ניט, וואס דוא ווילסט טהאן, פרעג דוא מיך ניט, וואס איך וויל טהאן.

— גענוג רעדען, געהט ארבייטען! האט דשאנסאן אויסגעשריען. נעהמט אייך צו דיא זעגען.

דער אנדערער טאג איז געווען זעהר א קאלטער. דער טערמאָמעטער האט געצייגט צעהן גראד קעלט. דעם דאקטאר האט זיך ניט געוואָלט ארויסגעהן פון זיין ווארעמער קאיוטע. אזוי וויא ער איז אבער געוואָינט געווען צו העלפען דיא מאטראָזען, איז ער דאך ארויסגעגאנגען. א גאנצען טאג איז דיא „פארווארד“ געגאנגען איהר געוועהנליכען גאנג און האט געהאט ווייניג שוויעריגקייטען. פאר־נאכט האט מען אויס געמאָסטען, וויא טיעף דאס מעער איז דאָרט און מען האט אויסגעפונען, אז דאס מעער איז דאָרט 25 פוס טיעף. צו גרענלאנד איז געווען דרייסיג מייל.

געגען האלב נאכט האט פלוצלונג דאס אייז ארום אנגעהויבען צו ברעכען און זיך צו בעוועגען. פון אלע זייטען האבען זיך אנגעהויבען צו ציעהען גרויסע מאסען אייז. עס איז געווארען זעהר שווער צו רעגיערען דאס שיף. נור איין גאררי, דער בעסטער מאטראָז, איז געווען אין שטאנד צו האלטען דעם רודער. ער האט געמוזט שטעהן בסדר ביים רודער און האט ניט געקענט אפטרעטען אויף א מינוט. דיא געפאהר איז געווארען מיט יעדער מינוט גרעסער. מען האט געמוזט צוטהיילען דיא מאטראזען אויף צוויי טהייל. איין טהייל איז געשטאנען אויף איין זייט און דער אנדערער טהייל איז געשטאנען אויף דער אנדערער זייט פון דער שיף. יעדער מאטראָז האט געהאלטען אין דיא הענד א לאנגען דראָנג מיט אן אייזערנעם שפיץ. ווען א שטיק אייז איז אנגעקומען, האבען זיי זיך אנגעשפארט אן דעם שטיק אייז און האבען דאס שיף אוועקגערוקט פון׳ם אייז. אין דיעזע שווערע ארבייט איז פארגאנגען א פאר שטונדען. עס האט זיך געבילדעט א פרייער וועג און דאס שיף איז אריין אין דיעזען וועג, ווען אלע האבען דערזעהן מיט שרעק א גרויסען אייז־בערג, וועלכער איז געשוואומען מיט שרעקליכער

שנעלינקייט, צוקומען און באלד וועט ער פארשפארען דעם וועג. זיי האבען זיך אומגעקוקט פון הינטען און האבען דערזעהן, אז פון הינטען האט זיך אויך דער וועג פארשלאסען. גרויסע מאסע'ן אייז האבען זיך אנגעהויפט און זיך צונויפגעגאָסען, וויא איין שטיק.

שאנדראן און דשאנסאן זיינען ביידע געשטאנען פון פאָרנט און האבען זיך איבער־לעגט, וואס צו טהאן אין דיעזע געפעהרליכע לאגע, אין וועלכע דאס שיף האט זיך געפונען. לעבען זיי איז געשטאנען דער דאקטאר.

— האט איהר גאר קיין עצה ניט אונז ארויסצוהעלפען פון דיעזער געפאהר? האט דער דאקטאר געפרעגט דשאנסאן.

— גאט קען העלפען, האט דשאנסאן געענטפערט קורץ.

דער אייז־בערג האט זיך לאנגזאם דורכגעקוועטשט דורכ'ן אייז און איז שוין גע־ווען א צוויי הונדערט שפאַן ווייט פון'ם שיף און האט געדראָהעט יעדע מינוט צו קומען און ארויפווארפען זיך אויף דיא שיף. אלע אויפ'ן שיף האבען געזעהן דיא שרעקליכע געפאהר. דיא מאטראזען האבען ניט געוואָלט פאלגען שאנדראן'ס בעפעהלע, אז זיי זאלען זיך ניט ריהרען פון זייערע ערטער. זיי זיינען אלע געקומען מיט זייערע דראָנגען אין דיא הענד אָפּצושטופּען דעם אייז־בערג. פּלוצלונג האט מען געהערט א שרעקליכען קראך, דאס אייז ארום האט אנגעהויבען צו ציטערן, דיא מאטראזען זיינען אניעדער־געפאלען אויפ'ן דעק. א שטראָם קאלט וואסער האט זיך אויסגעגאָסען אויפ'ן דעק פון'ם שיף און האט זיי אלע בעגאסען. נור איין גאררי איז געבליעבען שטעהן רוהיג ביים רודער. ער איז ניט אניעדערגעפאלען און האט זיך ניט דערשראָקען. ווען זיי זיינען געקומען אביסעל צו זיך, האבען זיי דערזעהן, אז דער אייזבערג איז פערשוואונדען. דער וועג איז ווידער פריי. דיא זון האט געשיינט העל און האט בעלייכטעט דאס וואסער ארום דיא „פארווארד". אלע זיינען פרעהליך געוואָרען.

— נו, דאקטאר, וויא אזוי וועט איהר ערקלערן דיעזע זעלטענע ערשיינונג? האט דשאנסאן געפרעגט. וואו איז אהינגעקומען דער אייז־בערג?

— דאס קען איך אייך ערקלערן, האט דער דאקטאר געזאגט. דאס קומט אָפט פאָר אויפ'ן אייז מעער. דיא אייז בערג ווערן א מאל אויסגעהוילט פון אינווענינ; עס מאַכט זיך, אז דער אייז בערג האט זיך פון אנפאנג אן געבילדעט מיט א לאך אין דער מיטען; אפט אבער קומט עס אזוי פאר: דער אייז בערג האט זיך געבילדעט אויף א גרויסען שטיין, ווען דער אייז בערג איז אריינגעפאלען אין ים אריין און דיא וועלען האבען איהם אנגעהויבען צו לעקען, איז דער שטיין ארויס געפאלען און איז געבליעבען אויסגעהוילט אין דער מיט. יעצט ווען דיא מאסע אייז האט איהם געקוועטשט פון ביידע זייטען, איז ער צו בראָכען געווארען אויף שטיקלעך, איז אריינגעפאלען אין ים און האט אונז בעגאסען מיט וואסער.

דשאנסאן האט זיך פארטראכט.

— איהר זייט טאקע א געלערנטער מענש, דאָקטאר, האט ער ענדליך געזאגט און איז געגאנגען צו זיין ארבייט.



8טעס קאפיטעל.
א בריעף.

דעם 30 טען אפריל אום 8 אוהר אין דער פריה איז דיא „פארוואַרד“ ענדליך ארויסגעפאהרען פון „דיא דייוויס שטראסע“ און איז אריין געפאהרען אין דיא „באפינס ביי“. דאס מעער איז געווען פריי פון אייז בערג און אייז פעלדער. מען האט זיי צוואר זעהר אָפט בעגעגענט, אבער עס איז געווען זעהר לייכט זיי אויס צו מיידען. דאס וועטער איז געווען רוהיג און דיא מאטראזען האבען זיך געקענט פארגינען אייניגע ׳שטונדען רוה.

אלע זיינען געווען פרעהליך און צו פריעדען. דער דאקטאר איז געשטאנען אגאנצען טאג אויפ׳ן דעק און האט בעטראכט, וויא זעע פייגעל פליעהען ארום און חאפען פיש. דער טאג וואלט פערגאנגען גאנץ רוהיג און שטיל, ווען ניט איין אומשטאנד, וועלכער האט אויפגערעגט אין פערזעצט אין שטוינען אלעמען אויפ׳ן שיף.

שאנדאן האט געהאלטען דיא וואך ביז 10 אוהר אין דער פריה. דאן איז ער געגאנגען זיך אָפּ רוהען אין זיין קאיוטע. ווען ער איז אריינגעקומען אין זיין קאיוטע, האט ער געפונען אויפ׳ן טיש א בריעף אדרעסירט צו איהם:

„דעם ערשטען אָפיציער פון דער „פארוואר“.

ריטשארד שאנדאן“.

שאנדאן האט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, ער האט מורא געהאט זיך צו ריהרען צום בריעף. וויא אזוי קען קומען א בריעף אין דער מיט פון ם אייז מעער? ער האט צו גערופען דעם דאקטאר און דשאנסאָן און האט זיי געוויעזען דעם בריעף.

— דאס איז זאנדערבאר! האט דשאנסאן אויסגערופען. איך קען עס ניט פארשטעהן.

— וואס דארפען מיר פיעל קלערען? האט דער דאקטאר אויסגעשריען. עפענט דעם בריעף און לאמיר לעזען! וואס געהט עס אייך אן, וויא אזוי דער בריעף איז גע־קומען אהער? ער איז דא! לאמיר איהם לעזען!

שאנדאן האט גענומען דעם בריעף און האט לאנגזאם אויפגעריסען דעם קאָנווערט און האט ארויסגענומען פאָלגענדען קורצען בריעף.

„דער קאפיטאן פון דער „פאַרוואַרד“ איז זעהר צו פריעדען מיט דיא אפיציערען און דיא מאטראזען. זיי האבען אין דיא לעצטע עטליכע טעג געוויעזען, אז זיי זיינען טיכטיג און פעהיג. ער דריקט זיי אויס זיין איניגסטען דאנק.

יעצט בעט ער אייך, איהר זאלט פאהרען אין מעלווילס בוכטע, פון דאָרט זאָלט איהר זיך ווענדען אין סמיטה׳ס קאנאל, אויב עס וועט מעגליך זיין“.

דער קאפיטאן פון דער „פאַרוואַרד“ K. Z.

דעם 30 אפריל 1860 „באפינס ביי“.

— דאס איז אלעס? מעהר שרייבט ער ניט? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— דאס איז אלעס, האט שאנדאן געענטפערט.

— א זאנדערבארער קאפיטאן! האט דשעמס וואל געזאגט. ער דערמאנט גאר ניט, אויב ער וועט קומען אויפ׳ן שיף, אדער ניט. וויא עס ווייסט אויס, וועט ער שוין טאקע גאר ניט קומען.

— דאס הארט מיך ניט, האט דשאנסאן געענפערט. לאז ער יא קומען אדער ניט קומען, דיא פראגע איז נור: וויא אזוי קומט דער בריעף אהער?

— וואלל האט רעכט, האט דער דאקטאר געזאגט גלייכגילטיג. דער קאפיטאן וועט שוין טאקע ניט קומען, ווייל ער איז שוין דא אויפ'ן שיף.

— וואס זאגט איהר, דאקטאר? האבען אויסגערופען אייניגע שטימען. וואו האט איהר דא א קאפיטאן?

— ווער דען האט אייך געשיקט דעם בריעף? וויא אזוי דען האט צו אייך געקענט קומען א בריעף אין דער מיט פון'ם אייז מעער?

— דאקטאר, עס קען ניט זיין, האט שאנדאן געזאגט. איך קען דאכט זיך יעדען מאטראז אויפ'ן שיף, קיין פרעמדע מענשען האבען מיר דא ניט. ווען דער קאפיטאן איז דא אויפ'ן שיף, פאהרט ער מיט אונז פון ליווערפול אן. ווער איז ער? איך קען אלע מאטראזען, איך האב יעדען פון זיי בעגעגענט ניט איין מאל אין ליווערפול. ניין, דאקטאר, אייערע מיינונג איז ניט ריכטיג.

— נו ערקלערט איהר וויא אזוי דער בריעף איז געקומען? איהר זייט דאך א געבילדעטער שיפס קאפיטאן און גלויבט ניט אין קיין שדים, רוחות און גייסטער.

— איך מיין, אז ווען דער נעבעל איז געוועזען שטארק געדיכט און מען האט גאר ניט געזעהן, איז איינער שטילער הייט ארויף געקראכען אויפ'ן שיף און האט אניעדער־געלעגט דעם בריעף אין מיין קאיוטע. איך מוז צו געבען, אז דאס איז געווען דער קאפיטאן, ווייל מיין קאיוטע איז געווען פארשלאסען, ער האט וואהרשיינליך דעם שליעסעל, ער איז געקומען שטילער הייט און איז זיך אוועק געגאנגען שטילער הייט, ווייל ער וויל ניט קאמאנדירען דאס שיף.

— איך מיין אויך אזוי, האט דשאנסאן געענטפערט. גרענלאנד איז ניט וויט. דער קאפיטאן האלט זיך אויף אין גרענלאנד ערגעץ. ער איז געקומען צו פאהרען אויף א שליטען מיט הינט אויף דיא אייז פעלדער און האט זיך גאנץ שטילערהייט ארויף געגנב'עט אויפ'ן שיף.

— אפשר האט דער קאפיטאן געהייסען איינעם פון דיא מאטראזען, ער זאל אנשרייבען דעם בריעף? האט דשיימס וואלל געזאגט.

— דאס קען אויך זיין, האט דער דאקטאר זיך אפגערופען.

— אבער ווער זאל עס זיין פון דיא מאטראזען? האט שאנדאן געפרעגט. דאכט זיך, איך קען זיי אלע.

— וואס איז אונז דער אונטערשיעד? האט דשאנסאן געזאגט. ער איז אונזער קאפיטאן. ווען ער וועט קומען, וועט ער זיין ווילקאמען און מיר וועלען איהם אנערקענען אלס אונזער קאפיטאן.

— לאז ער פריהער קומען, דאן וועלען מיר שוין זעהן, האט שאנדאן געזאגט צערשטרייט.

— פון'ם גאנצען בריעף פארשטעה איך איין זאך, האט וואלל געזאגט, נעמליך, אז מיר פאהרען צום נארד פאל. דער בריעף זאגט גאנץ דייטליך: אייב עס וועט זיין

מעגליך, זאלען מיר פאהרען אין סמיטה'ס קאנאל. דאס איז דער איינציגער וועג צום נאָרד פּאָל.

— געוויס, האט געזאגט שאנדאן, אין סמיטה'ס קאנאל איז געפאהרען דער אמעריקאנער דאקטאר קעין אין 1853. ער איז דאָרט איבערגעשטאנען דיא שרעקליכסטע געפאהרען. א געוויסע צייט האט מען איהם געהאלטען פאר פערלארען און נויארק האט שוין געוואָלט ארויסשיקען אן עקספעדיציאן איהם צו זוכען. דיעזער קאנאל איז איינער פון דיא געפעהרליכסטע. פון דעסטוועגען, ווען מען הייסט אונז געהן אהין, וועלען מיר געהן.

— אבער וואוהין? צום נארד פּאָל? דארט איז דאך קיין מענש ניט געווען און קען ניט קומען.

— ווארום ניט? האט דער דאקטאר געזאגט. צעהן מענשען האבען פּראָבירט פאהרען צום נארד פאל און עס איז זיי ניט געלונגען, דעם עלפטען וועט עס יא געלינגען. פארגעסט ניט, דער עלפטער וועט ווייניגער ליידען פון אלע צעהן, ווייל ער האט שוין דיא ערפאהרונגען פון אלע צעהן און קען זיי בענוצען.

דשאנסאן האט פארצויגען דיא אַקסלען. פאהרען אין א געגענד, וואו עס איז אונמעגליך צו קומען, האט ביי איהם געהייסען קריעכען אויף א גלייכע וואַנד.

— אלזא, וואס דענקט איהר, שאנדאן, ווילט איהר מעלדען דיא מאטראזען פון'ם בריעף אדער ניט? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— איך מיין, אז מען זאל עס זיי ניט מעלדען, האט דשאנסאן געזאגט.

— ווארום ניט? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— ווייל דער נאמען „סמיטה'ס קאנאל" וועט זיי איבערשרעקען. יעדער מאַטראָז ווייס, וואס פאר א געפאהרען ערווארטען זיי אין סמיטה'ס קאנאל. יעדער מאטראז ווייס, אז פון סמיטה'ס קאנאל קומט מען זעהר זעלטען צוריק.

— וואס דענקען זיא, דאקטאר? האט שאנדאן געפרעגט.

— איך מיין, אז דשאנסאן האט רעכט.

— וואס דענקען זיא, וואלל? האט שאנדאן ווייטער געפרעגט.

— איך מיין אויך, אז דשאנסאן האט רעכט.

— אייער מיינונג איז ריכטיג, איך קען זיא אבער ניט אננעהמען. איך מוז פארלעזען דעם בריעף פאר אלע מאטראָזען.

— פאר וואס קענט איהר ניט אננעהמען אונזערע מיינונג, שאנדאן?

— ווייל דער קאפּיטאן שיקט דעם בריעף צו אלע מאטראזען דורך מיר. איך מוז אויספאָלגען וואס מען הייסט מיר; איך טאר גאר ניט פרעגען, וויא אזוי דער בריעף איז געקומען צו מיר.

— עס קען דאך אבער מאכען א שלעכטען איינדרוק אויף דיא מאטראזען? האט דשאנסאן געזאגט.

— וואס קען איך העלפען? האט שאנדאן געענטפערט. לעזט דעם בריעף, עס שטעהט אין איהם אויסדריקליך, איך זאל דאנקען דיא מאַטראזען אין נאמען פון קאַפּיטאן. איך מוז עס טהאן.

— אלזא, זאל איך צונויפרופען אלע מאטראזען אויפ׳ן דעק ?

— רופ זיי צונויף.

דיא נאכריכט, אז עס איז דא א בריעף פון׳ם קאפּיטאן האט זיך באלד פאר־בּרייטעט אויפ׳ן שיף און אלע מאַטראָזען און אינזשענירען האבען זיך פערזאמעלט פאר שאנדאנ׳ס קאיוטע צו הערען, וואס עס שטעהט אין בריעף. שאנדאן האט זיי פאר־געלעזען דעם בריעף. מען האט געמיינט, אז זיי וועלען אנהויבען צו שרייען: הורראה! בראַוואָ! און דער גלייכען. אלע אבער האבען געשוויעגען און האבען טרויעריג אראָפּ געלאזען דיא קעפּ.

— איך האב געזאגט, אז דער הונד קען שרייבען, האט זיך קליפטאן אנגערופען. פון היינט אן וועל איך פאר איהם אראָפּנעהמען דעם הוט.

קיינער האט ניט געלאכט איבער דיעזען וויץ. זיי זיינען אלע געשטאנען פאר־טראכט און ערשטוינט; יעדער האט געפיהלט, אז דער קאפּיטאן זעהט זיי און ווייס אלעס, וואס עס טהוט זיך אויפ׳ן שיף און דאָך זעהן זיי איהם ניט און קענען איהם ניט. זיי האבען אנגעהויבען מורא צו האבען פאר דיעזען זאנדערבארען קאַפּיטאַן.

דער 1טער מאי איז געווען א שעהנער, ווארימער טאג. אלע זיינען געווען אויפ׳ן דעק פון׳ם „פאָרוואַרד“. דאָקטאָר פּולמאן האט געהאַט דאס פערגניגען צו זעהן צום ערשטען מאל, וויא א גרויסער ווייסער בער איז געלעגען אויף אן אייז־פעלד און האט זיך געשפּיעלט מיט זיינע קינדער.

— מען מוז איהם אביסעל איבערשרעקען, האט ער געזאגט צו דשאנסאן.

זיי האבען אויסגעשאָסען, האבען אבער דעם בער ניט געטראפען. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דאס שיף מיט דיא מענשען, וועלכע זיינען איהם, וויא עס ווייזט אויס ניט שטארק געפעלען. ער האט מיט זיי קיין בעקאנטשאפט ניט געוואלט מאכען און איז אנטלאפען מיט זיינע קינדער.

דעם 5טען מאי האט דער דאָקטאָר צום ערשטען מאל געהאט דאס פערגניגען צו זעהן דיא זון פיער און צוואנציג שטונדען אין מעת לעת. עס האט זיך אנגעהויבען דער גרויסער טאג, וועלכער דויערט אייניגע מאנאטע. דיא זון געהט ניט אונטער. מען זעהט, וויא זיא געהט ארום דעם הימעל פון אלע פיער זייטען פון דער וועלט. אין דער ערשטער צייט איז עס אנגענעהם. עס איז ניטא קיין נאכט, עס איז כסדר טאָג. באלד אבער הייבט אן דער מענש צו פיהלען, אז עס פעהלט איהם עפּעס, וועז ער ווייס ניט קיין אונטערשיעד צווישען טאג און נאכט. מען הייבט אן צו פיהלען, וויא דיא נאכט איז נאָטהווענדיג פארן מענשען, בעזאנדערס פאר דיא אויגען. דער דאָקטאָר האט באלד אנגעהויבען צו פיהלען, אז דאס בעשטענדיגע שיינען און גלענצען פון דער זון איז זעהר אונאנגענעהם און שמערצליך פאר זיינע אויגען. ער האט געמוזט אנטהאן דונקעלע ברילען.

דעם 6טען מאי איז דיא „פאָרוואַרד“ אנגעקומען קיין אופּערנאוויק אין גרענלאנד. דאס איז דער לעצטער אָרט אין גרענלאנד, וואו עס וואָינען נאך מענשען. ווייטער קיין נאָרדען געפינט זיך קיין שפּור פון מענשליכע וואָינונגען. דא הערשט דער אייביגער פראָסט און דאס אייביגע אייז.

## 8טעם קאפיטעל.

**שאנדראן האט געהייסען פעראנקערן דיא „פארוואַרד" און בלייבען דא שטעהן אויף א פּאַר טאָג.**

אופּערנאַוויק איז א שטאדט. זיא געהערט צו דענעמארק, אַזוי וויא דאס גאַנצע גרענלאַנד געהערט צו דענעמאַרק. ווען איך זאג, אז אופּערנאַוויק איז א שטאָדט, וועלען מיינע לעזער געוויס מיינען, אַז דאָס איז א שטאדט מיט גאַסען, מיט קירכען, מיט פּאַלאַצען, מיט גאַז בעלייכטונג און מיט אנדערע זאַכען, וואס זיי געפינען אין אַן אייראָפּעאישע, אָדער אַמעריקאנישע שטאדט. דא האבען זיי א גרויסען טעות. אין דער גאַנצער שטאָדט אופּערנאַוויק געפינען זיך זעקס הילצערנע הייזער. דאס האָלץ אויף צו בויען דיא הייזער האבען דיא שטרעמונגען אין אייז-מעער אנגעבראכט און ארויס גע־וואָרפען אויפ'ן ברעג. דער „גובערנאַטאָר" פון אופּערנאַוויק בעוואוינט גאַנצע צוויא הייזער. אלס גובערנאַטאָר קומט איהם א דריטעל פון דער שטאדט. אין איין הויז איז דיא שולע פאַר דיא קינדער. אין איין הויז איז דיא קירכע, אין איין הויז וואוינט דער גייסטליכער מיט זיין פּאַמיליע און דאס זעקסטע הויז געהערט צו א קויפמאַן פון דענעמאַרק. ער וואוינט אבער אין אופּערנאַוויק נור אום זומער, דאמאלס האנדעלט ער מיט דיא עסקימאָסען און קויפט ביי זיי אויף דיא פּראָדוקטען פון זייער יאַגד: דיא פעל פון זעע הינד (סיל סקין), פון ווייסע בערן און פון בלויע פיקס און פיש טראָהן. אין דער צייט פון'ם קורצען זאמער קויפט ער אויף זיינע סחורות און פאהרט מיט זיי אוועק קיין דענעמאַרק. לעבען זיין שטוב איז דא א גרויסער מאַגאַזין, וואו ער האלט זיינע סחורות.

אויסער דיעזע זעקס הילצערנע הייזער זיינען דא אין אופּערנאַוויק עטליכע און צוואנציג געצעלטען פון דיא פעל פון זעע הינד. דאָרט וואוינען דיא עסקימאָסען. דאס איז דיא לעצטע שטאָדט אויף גרענלאַנד, וואו עס וואוינען מענשען.

דיא עסקימאָסען, אדער דיא עלטסטע איינוואוינער פון יענע קאַלטע געגענדען, האבען צווייערליי וואוינונגען, א ווינטער קוואַרטיר און א זומער קוואַרטיר. זייער ווינ־טער קוואַרטיר איז אין דער ערד, אדער ריכטיגער געזאגט, אין אייז, ווייל דיא ערד איז דאָרט בעדעקט מיט אזא גראָבער דעק פון אייז, וועלכע דיא זון איז ניט אים שטאַנד צו שמעלצען אין דיא איינינע ווארעמע וואָכען, וועלכע דיא גרענלענדער רופען זומער. זיי האַקען אויס א פיער־עקיגע גרוב אין אייז, בעדעקען עס מיט שטיקער האָלץ, וועלכע דאס מעער ווארפט ארויס און אויף דיעזע שטיקער האָלץ לעגען זיי ארויף א דיקען פּאַך אייז: דאס איז דיא ווינטער קוואַרטיר. אויפ'ן באָדען לעגט מען אויס פעל פון זעע הינד און אנדערע חיות און דאס איז דאס בעט, דער טיש און דאס גאַנצע מעבעל פון'ם ווינטער פּאַלאַץ. אין דער מיט פון דיעזען ווינטער פּאַלאַץ שטעהט א קלאָץ מיט קאַרבען, אדער איינשניטע, אַזוי וויא טרעפּ, דאס איז דיא טהיר. ווען מען וויל ארויס געהן, קלעטערט מען אויף דיעזען קלאָץ און ווען מען וויל אריינגעהן, לאזט מען זיך אראָפּ אויף דיעזען קלאָץ. דיעזע נייע מאָדע טרעפּ וואָלטען פאר אונז געוויס געוועזען זעהר אונבעקוועם, דיא עסקימאָסען אבער זיינען שוין אַזוי געוואוינט מיט זיי, אז זיי דערקענען דעם גאַסט, וועלכער קומט צו זיי, ווען זיי דערזעהן זיינע פיס אויף דיא טרעפּ.

# דאס אייז מעער.

דיא זומער קוו[illegible]ד פון דיא עסקימאָסען איז א געצעלט פון פעל אנגעצויגען אויף צווי העכערע און צוויי ניעדעריגערע דראנגעס. אין דער העכערער זייט געפינט זיך דיא טהיר, א פעל פון א וייסען בער אדער פון אנאנדערער חיה הענגט אראָפּ פון דיא צווייא דראנגעס. דאס געצעלט איז ארומגעלעגט מיט שטיינער אדער מיט שטיקער אייז.

ווען דיא „פאַרוואַרד" איז געוועזן פעראַנקערט, האט שאנדאן געהייסען אראָפּ לאזען א שיפעל און ער, דער דאָקטאָר, דשאָנסאָן און א מאַטראָז מיט'ן נאמען פאקער האבען זיך אריינגעזעצט אין שיפעל און זיינען געפאהרען קיין אופּערנאוויק. דעם מאַט-ראָז פאקער האבען זיי מיט גענומען, ווייל ער האט געקענט רעדען עטליכע ווערטער פון דער עסקימאָסען שפּראַכע.

ביי דיא איינוואָינער פון אופּערנאוויק איז געווארען א גרויסע פרייד, ווען זיי האבען דערזעהן, אז א שיף איז צו געקומען צו זיי. אין דיא ערשטע טעג פון מאי קומען זעלטען אן שיפען קיין אופּערנאוויק. עס איז נאך צו פריה. געוועהנליך, קומען אהין דענישע אָדער אַמעריקאַנישע שיפען, וועלכע פאָהרען פאנגען וואלפיש, ערשט ענדע מאי אָדער אנפאנג יוני. פיעלע איינוואָינער זיינען צו געקומען צום ברעג זיי בעגריסען. זאָגאר דער „גובערנאַטאָר" מיט זיין פרוי מיט זיינע קינדער זיינען געקומען צום ברעג בעגריסען דיא זעלטענע געסט. דאָקטאָר פּולמאַן האט גערעדט אביסעל דעניש און האט זיך באלד צו זאמען גערעדט מיט'ן גובערנאַטאָר, וועלכער האט איינגעלאדען דיא גאנצע געזעלשאַפט צו זיך אויף מיטאג.

דא האט זיך אנגעהויבען פאר דאָקטאָר פּולמאַן א נייעס לעבען. ער האט געהאט וואס צו פאָרשען און וואס צו שטודירען. ער האט געזוכט זיך צו בעקענען מיט דיא עסקימאָסען און האט געשענקט זיי און זייערע פרויען איינינע זאכען פון אייראָפּא. וויא ווילד דיא עסקימאָסען זיינען, ווייסען דאך זייערע פרויען זיך צו פּוצען און א רויטע פאטשיילע אדער א רויטער באנד איז ביי זיי געווען דער גרעסטער פּרעזענט. ער האט געוואָלט זעהן דיא ווינטער קוואַרטירען פון דיא עסקימאָסען און האט געבעטען איינעם פון זיי, ער זאל איהם וייזען זיין ווינטער פּאלאַץ. דער עסקימאָס האט איהם אראָפּ געפיהרט דורכ'ן דראנג און האט אנגעצונדען א לעמפּעל פון פיש טראהן, ווייל אין דער ווינטער קוואַרטיר איז דא ניר איין עפענונג אין דאך, וועלכעס איז דיא טהיר און דער קוימען צו גלייך. דאָקטאָר פּולמאַן האט אבער באלד געמוזט אנטלויפען, ער איז שיער ניט דערשטיקט געוואָרען. אין דער וואָינונג האט אזוי שטארק געשטונקען פון דיא פערפוילטע פיש און דיא פארדארבענע פלייש פון דיא זעע הינד, אז ער האט דאָרט קיין פינף מינוט ניט געקענט צו ברענגען. ער האט זיך קוים צו געשלעפּט צום דראנג אין דער מיט שטוב, אדער צו דיא טרעפּ און איז ארויף געקלעטערט, וויא א קאץ. דער עסקימאָס האט איהם בעטראכט פערוואונדערט און האט זיך געפרעגט, פאר וואס איז ער אנטלאָפען, דער נארר? וואס האט ער דא דערזעהן א זעלכעס אונ-געוועהנליכעס?

דאָקטאָר פּולמאַן אבער האט שוין פארזאגט א צעהנטען, ער זאל ניט געהן מאכען וויזיטען אין דער ווינטער קוואַרטיר פון אן עסקימאָס.

# דאס אייז מעער.

— וואונדערבאר, האט ער געזאגט צו דשאנסאָן, וועלכער האט געוואָרט אוף איהם אין דרויסען, דיעזע אונגליקליכע מענשען בעליידיגען זיך נאך, ווען מען רופט זיי „עסקימאָסען“, וועלכעס הייסט אויף זייער שפּראַכע, מענשען וועלכע עסען רוי פלייש. זיי רופען זיך אליין „אינואיט“ .Innuit „מענשען“. זיי האלטען דיא אייראָפּעער פאר גרויסע נאררען, וועלכע פערשטעהן ניט דעם טעם פון א שטיק שמאלץ, וועלכעס מען שנייט אויס פון א האלב פערשטונקענעם וואלפיש אדער זעע הונד.

שאנדאן איז אויך געווען א גאנצע טאג בעשעפטיגט. ער האט אויפגעקויפט ביי דיא עסקימאָסען שליטענס און הינט צו שלעפּען דיא שליטענס. דער קאפּיטאן פון׳ם „פאָרוואָרד“ האט איהם, געשריעבען אין זיין צווייטען בריעף אז ער זאל זיך אנ־גרייטען מיט שליטענס און מיט הינט אין אופּערנאוויק. שטילערהייט האט שאנדאן נאכגעפרעגט, אויב עס געפינט זיך ניט איין אייראָפּעער דא. ער האט געפרעגט דעם גובערנאטאר, אויב עס איז ניט געקומען אן ענגלענדער אדער א דענע אין דיעזע געגענד. אבער ווערער דער גובערנאטאר, נאך דיא אנדערע איינוואָינער פון אופּערנאוויק האבען זייט פאר איאהרען אויגוסט קיין אייראפּעער ניט געזעהן. ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז דער קאפּיטאן איז דא אויך ניטא, האט ער געזאגט צום דאָקטאָר:

— נו, וואס זאגט איהר יעצט, דאָקטאָר? וואו איז אונזער קאפּיטאן? ערקלערט מיר דאס רעטעניש?

— מיר מוזען אָפּוואַרטען, ביז מיר וועלען קומען אין מעלווילס־ביי, ווען דער קאפּיטאן וועט דאָרט אויך ניט זיין, וועל איך אייך בעגריסען אלס קאפּיטאן און אייגענ־טהימער פון׳ם „פאָרוואָרד“, האט דער דאקטאר געזאגט.

דיא מאטראזען אויפ׳ן „פאָרוואָרד“ זיינען אונטערדעסען אויך ניט געזעסען לעדיג. זיי האבען ארויסגעשיקט א שיפעל מיט עטליכע מאטראזען זוכען עפּעס א פרישע זאך צו עסען. אין אייניגע שטונדען ארום איז דאס שיפעל צוריק געקומען און דיא מאט־ראָזען האבען געבראכט צעהן אייער פון דער אייז ענטע. דיא אייער זיינען געווען צווייא מאל אזוי גרויס פון א הינערשע איי און פון א גרינער פארב. דיא אייז ענטע איז א גרויסער פויגעל, זיא האלט זיך אויף נור אין דיא קאלטע לענדער און לעבט פון פיש, וועלכע זיא פאנגט זעהר געשיקט. זיא קומט קיין גרענלאנד אין אפּריל, פערבלייבט דא ביז אקטאבער, ווען דאס מעער ווערט איבעראל פערדעקט מיט אייז. אין אקטאבער פליהט זיא אוועק אין אנדערע געגענדען, וואו דאס מעער איז ניט פער־פראָרען. דיא אייז ענטע לעגט איהרע אייער אין א שפּאַלט פון א שטיין, אדער איינפאך אויפ׳ן אייז. זיא צופּט אויס פון זיך דיא פעדערן און בעט זיי אונטער און זעצט זיך אניעדער זיי אויס צו בריהען

עס זיינען פערגאנגען צווייא טאג. שאנדאן האט שוין אלעס איינגעקויפט און אלעס בעזאָרגט. ער האט אבער נאך געוואַרט, טאמער וועט דאך פון ערגעץ אנקומען דער קאפּיטאן. ער האט געהייסען שיעסען פון דיא קאנאנען, דער קאפּיטאן זאָל דער־הערען אז דאס שיף איז דא. עס איז אבער קיינער ניט געקומען.

דעם 8טען מאי האט שאנדאן זיך געזעגענט מיט אופּערנאוויק. דיא זון האט געשיינט און געגלענצט אויף דיא אייז־בערג און דיא אייז־פעלדער, וועלכע האבען אויך

געוויעזען גלייך וויא זיי וואָלטען געווען בעשאָטען מיט מיליאָנען און מיליאַרדען בריליאַנ־טען. דיא ערשטע צייט איז עס געווען א פערגניגען צו קוקען אויף דיעזע העררליכע סצענע. באלד אבער האבען זיך אנגעהויבען צו וויזען דיא טרויעריגע פאָלגען דער פון. פיעלע מאטראזען האבען זיך אנגעהויבען צו קלאגען, אז דיא אויגען טהוען זיי וועה. דעם אנדערן טאג האבען זיי שוין גאר ניט געזען. דאס איז א קראנקהייט, וועלכע טרעפט זיך נור אין יענע געגענדען. זיא הייסט: שנעע בלינדהייט. דער קראנקער זעהט גאנץ גוט אין דונקעלן, קוים קומט ער אבער אין דער ליכטיגקייט, זעהט ער גאר נישט. דער דאָקטאָר האט געהייסען דיא מאטראזען אנטהאן א גרינעם שלייער אויפ'ן געזיכט. ער אליין האט דער ערשטער פראָבירט זיין מעדיצין, עס האט געהאָלפען. דיא קראנקע מאטראזען האבען זיך באלד געהיילט בעסער.

מיט דיא הינט, וועלכע זיי האבען געקויפט אין אופערנאוויק, האבען זיי דיא דיא ערשטע צייט געהאט זעהר פיעל צו טהאן. זיי זיינען געווען ווילד און האבען אגאנצען טאג און א גאנצע נאכט אזוי געהיילט און געשריען, אז עס איז ניט געווען אויס צו האלטען. בעזאנדערס אונרוהיג אבער איז געווען דער גרויסטער שווארצער הונד פון איי־ראפא, דער „קאפיטאן", וויא דיא מאטראזען האבען איהם גערופען. באלד אבער זיינען זיי רוהיגער געווארען און דאס שיף איז געפאהרען ווייטער אהן שטערונגען. דאס וועטער איז געווען ווארם, נאטירליך פאר יענע געגענדען, און דאס אייז האט אנגעהויבען א ביסעל צו שמעלצען.

דעם 10טען מאי זיינען זיי אנגעקומען צו א גרויסען בארג, וועלכער איז בעקענט אונטערן נאמען דער „רויטער שטיין". דער שנעע, וועלכער ליעגט אויף דיעזען בארג, איז אָפטמאל גאנץ רויט. דאָקטאר פולמאן האט זעהר געוואלט אנקוקען דיעזען זאָנדער־באַרען רויטען שנעע, עס איז אבער אונמעגליך געווען צו צוקומען צום בארג. ארום איהם האט זיך אנגעהויפט אזא מאסע אייז, אז עס איז געווען אונמעגליך צו איהם צו צוגעהן.

— פאר וואס איז דער שנעע רויט? האט דשאנסאן געפרעגט דעם דאקטאר.

— דיא געלערנטע זאגען, אז דער שנעע אליין איז וויס, זאנדערן ער איז באדעקט מיט אזא גאנץ קליינעם מאָאָס (מאָך) וועלכער איז רויט. מיט געוועהנליכע אויגען קען מען דיעזען מאָאָס ניט זעהן; ווען מען בעטראכט איהם אבער מיט א מיקראָסקאָפ, זעהט מען, וויא אויפ'ן שנעע ציעהען זיך לייכטע, דינע רויטע פעדים. דיעזעס מאָאָס וואקסט נור אויף שנעע. מען געפינט אויף דיא אלפען (גאנץ הויכע בערג אין דער שווייץ, וועלכע זיינען שטענדיג בעדעקט מיט שנעע) דעם זעלבען רויטען מאָאָס.

דעם 11טען מאי האבען זיך געוויעזען א גרויסע מאסע שנעע פעלדער און גרויסע שטיקער אייז. דיא „פאָרוואַרד" איז געגאנגען זעהר לאנגזאם, אלע מאטראזען האבען געמוזט זיין אויפ'ן דעק און ארבייטען זעהר שווער. שאנדאן האט געהייסען איינהייצען דעם קעסעל און טרייבען דאס שיף מיט דאמפף.

דעם 12טען מאי זיינען דיא שנעע פעלדער און דיא לויזע שטיקער אייז אנגעקומען אין אזא גרויסער מענגע, אז דיא „פאָרוואַרד" איז געבליעבען שטעהן, ארומגערינגעלט פון זיי, ניט דיא זעגעל, ניט דיא דאמפף האט געהאָלפען. מען האט געמוזט

דורכשניידען א וועג אין אייז. דאס איז אן אונגעוועהנליך לאנגווייליגע און שווערע ארבייט. דיא מאטראזען זיינען געווען אונצופריעדען און האבען אנגעהויבען צו מוררען (צו וואָרטשען). ווען אויף א שיף געפינט זיך א טיכטיגער, פעהיגער און שטרענגער קאפיטאן, האבען דיא מאטראזען פאר איהם אבשיי און טהוען דיא שווערסטע ארבייטען אהנע צו רעדען א וואָרט. זיי וויסען, אז זיי האבען אן עלטערן, וועלכער פיהרט זיי ערגעץ און וועלכער וועט זיי בעלוינען פאר זייער ארבייט מיט געלד, אדער זאגאר מיט א גוט וואָרט. דא אבער איז אנדערש געווען, דיא מאטראזען האבען געוואוסט, אז שאנדאן איז ניט זייער קאפיטאן. זיי האבען געוואוסט, אז ער אליין ווייס ניט, וואוהין זיי פאהרען. זיי האבען זאגאר אויסגעפונען, אז זיינע בעפעהלע זיינען ניט ריכטיג, ער מאכט פעהלער און זיי האבען אנגעהויבען ארויס צו ווייזען זייער אונצופריעדענהייט.

דעם 16טען מאי האבען זיי דערזעהן מיט שרעק, אז אין פיער טאג זיינען זיי קוים אפגעפאהרען עטליכע מייל. אלע מאל זיינען אנגעקומען מעהר אייז פעלדער און לויזע שטיקער אייז און האבען זיך אנגעהויפט ארום שיף. זיי האבען מורא געהאט, אז עס זאל זיך ניט אנזאמלען אזוי פיעל אייז ארום זיי, אז עס זאל אין גאנצען איינשליעסען דאס שיף און זיי וועלען מוזען ווארטען, ביז א שטורם ווינד וועט זיי בעפרייען. געגען אבענד איז שאנדאן מיט'ן דאקטאר מיט'ן מאטראז גאררי אראָפּ פון דעם שיף און נעגאנגען אויפ'ן אייז זוכען א וועג, דאס הייסט, זוכען אן אָרט וואו דאס מעער איז פריי פון אייז. ווען זיי וועלען געפינען אזא אָרט, וועלען זיי דורכזעגען זיך א וועג ביז צו דעם אָרט, וואו דאס מעער איז פריי. זיי זיינען ארומגעגאנגען א שטיק צייט און האבען גאר ניט געפונען. איבעראל נור אייז און שנעע. זיי זיינען צו געקומען צו אן אייזבערג און זיינען ארויפגעקלעטערט אויף איהם. פון דאָרט האבען זיי געקענט זעהן אויף א ווייטע שטרעקע ארום און ארום. זיי האט זיך פארגעשטעלט א גרויס־ארטיגעס, אבער טרויעריגעס בילד: וויא ווייט דאס אויג האט געקענט זעהן — איבעראל אנגעוואָרפענע און צובראָכענע שטיקער אייז. עס האט אויסגעוויזען, וויא א צערשטערטע און פערוויסטעטע שטאדט. שטיקער מויערן, שטיינער, חורבות, צו וואָרפען, צו בראָכען, צו ריסען ליעגען אין שוידערהאפטער אונאָרדנונג.

— וויא אזוי וועלען מיר ארויס פון דיעזע פערוויסטונג? האט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— איך ווייס ניט, האט שאנדאן געענטפערט, אבער מיר מוזען ארויס פון דאנען. עס מעג זיין וואס עס וויל זיך, ווייל זאנסט וועלען מיר מוזען דא בלייבען ביז איבער איאהר. דער קורצער זומער איז באלד פאָראיבער און ווען דער ווינטער הייבט זיך אן, איז אלעס פארפאלען.

— איך ווייס, האט געזאגט דער דאקטאר, אז ביז 1817 איז דיעזע געגענד שטענדיג געווען בעדעקט מיט אייז. קיין שיף האט ניט געקענט קומען אהער. אין 1817 איז דאס אייז פלוצלונג פערשוואונדען און דאס מעער איז געווארען פריי. דיא געלערנטע קענען נאך ניט ערקלערן דיא אורזאכע, פאר וואס דאס אייז איז אזוי פלוצלונג פערשוואונדען.

אין דער לעצטער צייט האט מען אנגעהויבען צו בעמערקען, אז דאס מעער הייבט ווייטער אן בעדעקט צו ווערן מיט אייז.

— אלזא, וואס ראטה איהר מיר, דאָקטאָר? זאלען מיר ווייטער זוכען דאס אייז און פאהרען פאָרוועדטס, אדער זאלען מיר פאהרען צוריק?

— איך ראטה אייך צו פאהרען צוריק, האט דער דאקטאר געזאגט. ווען איך אבער וואלט קאמאנדירט דאס שיף, וואלט איך אויף מיין אייגענער ריזיקא געפאהרען ווייטער. איך בין שוין אזוי געוואָינט, ווען איך שטעל איין מאל א פוס פאָרוועדטס, זאל איך איהם ניט צוריק ציעהען.

— און וואס איז אייער מיינונג, נאררי? האט שאנדאן געפרעגט.

— איך וואָלט אויך געפאהרען ווייטער. איהר טהוט, וויא איהר פארשטעהט. איהר דארפט געבען בעפעהלע און מיר מוזען אייך פאָלגען.

שאנדאן האט ניט געענטפערט. ער האט זיך נאך אמאל ארומגעקוקט אין אלע זייטען און איז אראפגעגאנגען פון'ם אייז־בערג, דער דאקטאר און נאררי זיינען איהם נאך געגאנגען.

## 9טעס קאפיטעל.

## דעם טייפעלס פינגער.

אין דער צייט, וואס שאנדאן מיט זיינע בעגלייטער זיינען געגאנגען אויסזוכען א וועג ארויס צו קומען פון'ם אייז, זיינען דיא מאטראזען פון'ם „פאָרוואַרד" געווען בע־שעפטיגט ארום צו זעגען דאס אייז ארום דעם שיף. פלוצלונג האט דער מאטראז פען אוועק געווארפען זיינע אינסטרומענטען און געזאגט מיט פערדרוס:

— גענוג! מעהר ארבייט איך ניט! וועט דאס אייז ניט אויפברעכען אין דרייא טאג ארום, ענטזאג איך מיך אין גאנצען.

— ניין, האט זיך אפגערופען אנאנדער מאטראז, גריפער. קום וועט דאס אייז ניט אויפברעכען, וועלען מיר פאהרען צוריק א היים, קיין ענגלאנד. איך וויל ניט פער־ברענגען דא אין אייז א גאנץ יאהר, ביז איבער א יאהר פריהלינג.

— א שעהנע זאך צו פערברענגען דא א יאהר, ווען דאס שיף איז ארומגערינ־געלט פון אייז.

— און ווער ווייס, אויב איבער א יאהר וועט זיין דאס מעער פריי? האט געזאגט פלאווער, דער מאשיניסט. מעגליך, אז איבער א יאהר וועט אויך זיין דאס מעער בע־דעקט מיט אייז.

— וואס טויג אייך פיעל רעדען? האט פען אויסגעשריען. היינט איז דאנערס־טאג; ווען דאס אייז וועט ניט אויפברעכען ביז שבת, וועלען מיר זונטאג פאהרען צוריק.

— דאס הייסט גערעדט וויא א קלוגער מענש, האט קליפטאן געזאגט. זייט איהר אלע דערמיט איינפערשטאנדען?

— געוויס! האבען אלע אויסגערופען מיט איין קול. איידער צו ארבייטען אזוי שווער און צו שלעפען דאס שיף ווייטער, איז דאך פיעל גלייבער צו געהן צוריק.

— ווען דיא אפיציערען וועלען עס געפינען פאר בעסער צו בלייבען דא אויפ'ן ווינטער, וועלען מיר זיי ניט שטערן. זיי מעגען זיך דא בלייבען מיט פערגניגען און זיך בויען ווינטער פאלאצען, וויא דיא עסקימאסען. מיר וועלען פאהרען א היים און וועלען פערברייינגען דעם ווינטער אין ליווערפול

— ניין, דאס דארפען מיר ניט טהאן האט גריפער געזאגט. לאזען מענשען אויפ'ן אייז אליין, טויג אויך ניט. ווען זיי וועלען ניט וועלען פאהרען מיט אונז מיט גוטען, וועלען מיר זיי צווינגען צו פאהרען מיט אונז. פערגעסט ניט, אז ווען מיר וועלען איבער רעדען שאנדאן, ער זאל פאהרען מיט אונז, וועלען מיר בעקומען אונזער געהאלט און אונזער בעלוינונג אין גאנצען. ווען מיר קומען אבער אליין, אהן דיא אפיציערען וועט מען אונז ניט בעצאהלען.

— אבער וואס טהוט מען, ווען דיא אפיציערען וועלען ניט וועלען פאהרען מיט אונז צוריק?

— ווען דיא צייט וועט קומען, וועלען מיר זעהן, וואס מיר האבען צו טהאן.

— איינעם מוז איך איבערלאזען דא אויפ'ן אייז! האט אוים געשריען פען און האט אויסגעשיט עטליכע קללות פון אן עכטען ענגלישען מאטראז.

— דוא מיינסט געוויס דעם הונד האט געזאגט קליפטאן

— יא דעם הונד! האט זיך געבייזערט פען. ער איז דיא אורזאכע פון אלע אונזערע ליידען. ער האט אונז פארשלעפט אויפ'ן אייז, דורך איהם האבען מיר געליטען אויף דיא אויגען, דורך איהם האבען מיר ניט קיין שנאפס און דורך איהם וויסען מיר ניט דעם וועג.

— ער איז דאך אבער דער קאפיטאן? האט געלאכט קליפטאן.

— אין דער ערד אריין מיט אזא קאפיטאן! אט דא זאל ער בלייבען

— וויא אזוי וועלען מיר איהם אבער דער טאפען? האט גריפער נעפרעגט שאנדאן וועט עס אונז קיין מאל ניט ערלויבען. —

— יעצט איז דיא בעסטע צייט, האט קליפטאן געזאגט. דשעמס וואלל שלאפט, שאנדאן און דער דאקטאר זיינען אוועק געגאנגען און וועלען אזוי גיך ניט צוריק קומען. דשאנסאן איז בעשעפטיגט אויפ'ן אייז. דער הונד שלאפט יעצט. ווער וויל געהן מיט מיר?

— איך געה! האט פען אויסגערופען און ווען ער וועט מיך וועלען בייסען וועל איך איהם שוין ווייזען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אריים גענומען א שארף מעסער פון זיין גארטעל. זיי האבען ניט לאנג געטראכט און זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן שיף. איז איינינע מינוט ארום זיינען זיי צוריק געקומען מיט'ן הונד. ער איז געשלאפען גאנץ רוהיג אין קאמעריל. זיי האבען איהם פערבונדען דאס מויל און יעדער האט איהם געהאלטען ביי צוויא פיס. ווען זיי זיינען צו געקומען צו זייערע קאמעראדען, איז געווארען א פרייד ביי אלעמען.

— נו, וואס טהוט מען יעצט מיט איהם? האט פען געפרעגט.

— דערטרינק איהם. האט גריפער געענטפערט.

ניט ווייט פון דער שיף איז געווען א שפאלט אין אייז. פען און קליפטאן האבען גענומען דעם הונד און האבען איהם צוגעטראגען צו דיעזען שפאלט. דער הונד האט זיך געוואָרפען און געריסען, זיי האבען אבער זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט און האבען איהם אריינגעווארפען אין וואסער. אום ער זאל ניט ארויס שווימען, האבען זיי ארויף געלעגט אויפ'ן שפאלט א שטיק אייז.

— מיר ווינשען דיר א גוטע רייזע, קאפיטאן! האט געלאכט פען, ווען ער האט געזעהן, וויא דאס ארימע טהיער האט זיך געווארפען אין וואסער.

אין א שטונדע ארום איז שאנדאן מיט זיינע קאמעראדען צוריק געקומען. צוריקוועגס האבען זיי געפונען א שטיק מעער, וואס איז געווען פריי פון אייז און שאנדאן האט געהייסען דיא מאטראזען זעגען דאס אייז אין דיעזער ריכטונג. דיא מאטראזען האבען זיך גענומען געשמאק צו דער ארבייט. זיי האבען דאך שוין אָפגערעדט, אז קוים וועלען זיי אין דרייא טאג ארום ניט ארויס פון'ם אייז וועלען זיי פאהרען צוריק א היים. דיא ארבייט איז געגאנגען פאָרווערטס און דאס שיף איז אין דעם טאג אָפגעפאהרען עטליכע מייל.

דעם 20טען מאי האבען זיי דערזעהן פון דער ווייטען א הויכען בארג, וועלכער איז בעקאנט אונטערן נאמען „דעם טייפעלס פינגער". דאס איז א גאנץ הויכער שטיין, וועלכער שטעקט ארויס פון'ם מעער און איז זעהר עהנליך צו א פינגער פון א מענשען, מיט אלע קנייטשען און גליעדער פון א פינגער. אין 1851 האט איהם דער קאפיטאן דאָס צום ערשטען מאָל ענטדעקט. ער איז געווען ערשטוינט איבער דיעזע זעלטזאמע עהנליכקייט צו א פינגער פון א מענשען. ער האט איהם א נאמען געגעבען „דעם טייפעלס פינגער", ווייל ארום און ארום איז דאמאלס געווען אויפגעהויפט אזוי פיעל אייז, אז עס איז געווען אונמעגליך צו איהם צו צו קומען. אין 1853 איז דער אמעריקאנער דאָקטאָר קעין געווען אין דיעזער געגענד און האט אויך געפונען דיעזען זאָנדערבארען בארג, ער האט אבער אויך ניט געקענט צו קומען צו איהם. פון דיעזע צייטען הייסט דיעזער בארג „דעם טייפעלס פינגער".

דיא געגענד ארום איז ווירקליך „פערטייפעלט" און טרויעריג. שרעקליכע אייזבערג און אייז מאסען ליעגען צו וואָרפען, צו בראָכען און צו שטרייט ארום. זעלטען, אז מען זעהט א שטיקעל פרייעס מעער. דיא מאטראָזען פון „פאָרוואַרד" האבען געארבייט זעהר שווער אין דיא לעצטע טעג און זיינען געווען שרעקליך מיעד און מאט. שאנדאן האט אנגעהויבען צו פערצווייפלען, ער האט אנגעהויבען צו פיהלען, אז די אויפגאבע איז צו שווער פאר איהם. אויסער דעם האט ער בעמערקט, אז דיא מאטראָזען רעדען עפּעס צו אָפּט שטילער הייט צווישען זיך. ער האט געזעהן, אז זיי ארבייטען עפּעס צו פלייסיג. ער האָט פערשטאנען, אז עפּעס טהוט זיך דא, אז דיא מאטראָזען האבען עפּעס אפגערעדט.

צום אונגליק נאך, איז דאס שטיק פרייע מעער, וועלכע ער האט אויסגעפונען מיט זיינע קאמעראדען באלד אויך פערדעקט געווארען מיט שטיקער אייז. מען האט געזעהן דייטליך, אז דאס אייז קומט אן פון ערגעץ און בלייבט דא פערשפארט צווישען צוויי אינזלען. שאנדאן האט געהערט, אז דער הונד איז פערשוואונדען געווארען, ער האט

אבער מורא געהאט צו פרעגען, וויא אזוי ער איז פערשוואונדען געווארען.

דעם 21טען מאי איז געוועזן אן אונגעוועהנליך שלעכטעס וועטער. עס האט זיך אויפגעהויבען איינער פון יענע שרעקליכע שנעע געשטעבער (זאווערוכא) וועלכע קומען פאר נור אין יענע געגענדען. ווער עס איז דארט קיין מאל ניט געוועזן, דער קען גאר קיין בעגריף ניט האבען, וואס אזא שנעע שטורם איז. דיא לופט איז פול מיט דינע, לאנגע שנעע נאדלען. פון'ם הימעל ביז צום מעער שיט דער שנעע. דער ווינד טרייבט איהם ארום מיט א שרעקליכער מאכט. ער שלאגט זיך אן אן דיא אייז־בערג און היילט, און פייפט, און רוישט, אז מען ווערט פערטויבט.

אין אזא וועטער איז אונמעגליך געוועזן צו ארבייטען. דיא מאטראזען זיינען ארום געגאנגען אויפ'ן שיף אין זייערע ווארעמסטע קליידער, אויפ'ן געזיכט האבען זיי געטראגען דעם גרינעם שלייער. אום אכט אוהר פאר נאכט (דאס הייסט, פאר נאכט ביי אינז, ווייל ביי זיי איז דאמאלס קיין נאכט ניט געוועזן) האט דער שנעע שטורם אביסעל אויפגעהערט און מען האט געקענט זעהן דיא געגענד ארום. מיט שרעק האבען דיא מאטראזען דערזעהן, אז דאס שיף געפינט זיך גאר ניט וויט פון'ם „טייפעלס פינגער". עס איז אויף איהם אנגעפאלען אזוי פיעל שנעע, אז ער האט אויס געוויעזען דרייא מאל אזוי גרויס און דרייא מאל אזוי הויך. אויפ'ן שפיץ האט זיך געבילדעט א היטעל פון שנעע און עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז אט, אט פאלט דאס היטעל אראפ און פערשיט דאס שיף מיט דיא מענשען. דיא מאטראזען האבען זיך דערשראקען און האבען אנגעהויבען צו לויפען צו דיא מאסטען.

— יעדער אויף זיין פלאץ! האט שאנדאן קאמאנדירט. קיינער זאל זיך ניט ריהרען פון דעם שיף!

דיא מאטראזען זיינען געבליעבען שטעהן. זיי האבען אליין ניט געוואוסט, וואס צו טהאן.

— שרעקט אייך ניט, האט געזאגט דער דאקטאר, מיינט ניט, אז דעם „טייפעלס פינגער" וועט אונז פערשיטען. ער איז גאנץ וויט פון אונז. עס דאכט זיך אונז נור, אז אונזער שיף שטעהט לעבען איהם. דיעזע זאנדערבארע ערשיינונג הייסט „מיראזש". ווען מען פאהרט אין דער וויסטע, דאכט זיך אמאל, אז אט, אט פאר אונזערע אויגען געפינען זיך וועלדער און וואסערן. ווען מען קומט צו, זעהט מען, אז עס זיינען ניטא קיין וועלדער, קיין וואסערן, זאנדערן טרוקענער, הייסער זאמד. דאס זעלבע קומט פאר אין דיעזע קאלטע געגענדען, ווען דיא לופט איז גאנץ ריין. א זאך, וואס איז וויים פון אונז צוואנציגער מייל, דאכט זיך אונז, אז אט, אט שטעהט עס אונז פאר דיא אויגען.

דיא מאטראזען האבען זיך באלד איבערצייגט, אז דער דאקטאר האט רעכט. אין איניגע מינוטען ארום איז „דעם טייפעלס פינגער" מיט זיין היטעל פון שנעע פערשוואונדען געווארען.

— זיי נאררען אונז אפ, האט קליפטאן געזאגט צו זיינע קאמעראדען. זיי רופען עס „מיראזש", אין אמת אבער איז עס ניט קיין רעכטע זאך. דאס איז א „ניט גוטער", וועלכער שפיעלט זיך מיט אונז.

— געוויס! האט אויסגערופען גריפער. זעהט מען דען ניט, או אונז פיהרט ארום א „ניט גוטער"? וואס דערצעהלט אונז דער נאררישער דאָקטאָר פון א „מיראזש"? איז דאס א „מיראזש", וואס מיר האבען געזעהן מיט אונזערע אויגען? דאס ווילען דיא „ניט גוטע" אונז פערפיהרען.

אין דערזעלבער צייט אבער האט שאנדאן דערזעהן א שטיק מעער, וואס איז געווען גאנץ פריי פון אייז. ער האט באלד קאמאנדירט, אז אלע מאטראזען זאלען זיך נעהמען פלייסיג צו דער ארבייט און זאלען דורכשלעפּען דאס שיף אהין, וואו דאס מעער איז פריי. מען האט זיך ווייטער גענומען צו דער ארבייט. מען האט צו שפּרייט דיא זעגעל און מען האט איינגעהייצט אין דיא מאשינען.

— עס איז א בעזאָנדערער גליק פאר אונז, האט שאנדאן געזאגט צום דאקטאר, וואס מיר האבען יעצט אויסגעפונען א וועג. דיא מאטראזען זיינען אויפגעלעגט צו ארבייטען און ווען זיי ארבייטען אזוי פלייסיג פינף שטונדען, קריעגען מיר ארויס פון דיעזען פערפלוכטען אָרט מיט׳ן „טייפעלס פינגער" און מיר וועלען קענען רוהיג ווייטער פאהרען.

פּלוצלונג האבען אלע מאטראזען אוועק געווארפען זייערע אינסטרומענטען און האבען אנגעהויבען צו קלעטערן אויפ׳ן שיף. שאנדאן האט אנגעהויבען צו פרעגען, וואס איז געשעהן, אבער קיינער האט איהם ניט געענטפערט. דיא מאטראזען זיינען געווען, וויא וואהנזיניג. ער מיט׳ן דאָקטאָר האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האבען זיך אויך דערשראקען.

פון דער זייט, וואו עס געפינט זיך „דעם טייפעלס פינגער" איז געלאפען א זאָנ־דערבאַרעס טהיער. ער איז געווען איבער צוואנציג פוס דיא הויך, זיין עק איז געווען איבער צעהן פוס דיא לענג און האט געקעהרט דעם שנעע, אז ער איז געפלויגען אין אלע זייטען. א רויטע צונג האט ארויס געשטעקט ביי איהם פון מויל, פון וועלכען עס איז געגאנגען א הייסער דאמפף.

— דאָס איז א בער, האט דשאנסאן געזאגט.

— דאס איז א לייב, האט געזאגט א מאטראָז.

— דאס איז א עלעפאנט, האט געזאגט אנאנדערער.

דער דאָקטאָר און שאנדאָן האבען גאָר ניט געזאָגט. זיי האבען גענומען זייערע ביקסען און האבען אויסגעשאָסען אויף דער ווילדער חיה. דיא שיעסע האבען פארהילכט דיא לופט און פּלוצלונג — האט זיך אלעס געענדערט. דיא ווילדע חיה איז פערשוואונ־דען, גלייך וויא זיא וואָלט גאָר קיין מאָל אויף דער וועלט געווען.

— אָט דאס הייסט א „מיראזש", האט זיך אנגערופען דער דאָקטאָר. דיא לופט איז געווען רייך און האט אָפּגעשפּיעגעלט א פוקס, אדער אנדערע חיה, וואס איז געלאָפען ערגעץ גאנץ ווייט פון דאנען.

— דער הונד! האבען געשריען דיא מאטראזען און האבען אנגעהויבען צו ציטערן.

— אָט דאָס איז דער „מיראזש", האט געזאגט דער דאָקטאָר. דער הונד איז גע־לאָפען צום שיף, דיא לופט איז געווען גאנץ רייך און ער האט זיך אָפּגעשפּיעגעלט אין דער לופט, וויא א ווילדע משונה־דיגע חיה. קוים אָבער האבען מיר אויסגעשאָסען

האבען מיר געמאכט ציטערן דיא לופט, דער „מיראזש“ איז פערשוואונדען און מיר זעהן יעצט דעם הונד אין זיין נאטירליכען געשטאלט.

— וואס פלוידערט דער דאקטאר! האבען אויסגעשריען דיא מאטראזען. מיראזש, מיראזש, האבען מיר דען ניט אליין געזעהן מיט אונזערע אויגען א גרויסע אומגעלומ־פערטע, ווילדע חיה? יעצט זעהן מיר דעם הונד, וועלכער איז פערשוואונדען זייט צוויי טאג. קען דאס אלעס זיין נאטירליך? ניין! דאס זיינען „ניט גוטע“ און דער הונד איז איינער פון זיי.

דיא אבערגלויבישע מאטראזען האבען זיך גאר ניט געקענט פארשטעלען, אז דער הונד איז ארויס געקראכען פון'ם וואסער, וואו זיי האבען איהם אריין געווארפען און האט זיך מורא געהאט צו ווייזען, ביז וואנען ער האט דערזעהן שאנדאן, דעם דאקטאר און דעם מאטראז גאררי, דיא איינציגע מענשען, וואס זיינען געוועזן אין דער גאנצער צייט פריינדליך צו איהם, דאמאלס איז ער געקומען צו לויפען צו דעם שיף.

דער זאנדערבארער מיראזש מיט'ן „טייפעלס פינגער“ און דאס נאך זאנדער־בארערע צוריק קומען פון'ם הונד האבען אזוי איבערגעשראקען דיא מאטראזען, אז זיי האבען אנגעהויבען עפענטליך צו פארדערן פון שאנדאן, אז זיי זאלען פאהרען צוריק א היים.

## 10טעם קאפיטעל.

## קאפיטאן האטטעראס.

— צו דער ארבייט! יעדער אויף זיין פלאץ! האט שאנדאן קאמאנדירט.

דיא מאטראזען האבען זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט. זיי וואלטען עס אפשר ניט געטהאן, זיי האבען אבער געזעהן, אז זיי זיינען שוין גאר ניט וויית פון דעם ארט, וואו דאס מעער איז פריי פון אייז. זיי האבען דאהער ווייטער געשלעפט דאס שיף. דער הונד איז נאכגעלאפען הינטערן שיף פון דער ווייטען, קיינער האט איהם ניט גערופען, קיינער האט איהם ניט אוועק געטריבען. פלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן. ער האט דערזעהן זיינע פיינד, דיא מאטראזען פען און קליפטאן. אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א פייף, וויא מען פייפט צו א הונד. דיא מאטראזען האבען זיך אומגע־קוקט מיט שטוינען, ווער זאל עס האבען גערופען דעם הונד? זיי זיינען דאך אלע בעקאנטע, קיין פרעמדער איז צווישען זיי ניטא, אלע האבען פיינד דעם הונד און האבען מורא פאר איהם. אלזא, ווער האט עס געפייפט צום הונד?

— איהר האט געהערט דעם פייף, האט אויסגערופען קליפטאן. זעהט, וויא דער הונד האט אנגעהויבען צו שפרינגען. דאס איז א „ניט גוטער“.

— איהר האט רעכט! האט זיך אנגערופען פען. גענוג! איך ארבייט ניט מעהר. אויף אזא שיף, וואו עס האלטען זיך אויף „ניט גוטע“ קען איך ניט ארבייטען.

— איך אויך ניט, האט געזאגט גריפער.

— איך אויך ניט, האט געזאגט באלטאן. מען וועט אונז פערפיהרען איז אזא ארט, פון וואנען מיר וועלען אייביג ניט קענען קומען א היים.

— אלזא, אוועק געלעגט דיא ארבייט! האט קאמאנדירט פען, קומט צו

שאנדאן און לאמיר איהם זאגען אפען, אז מיר וועלען מעהר ניט ארבייטען. איך וועל זיין אייער אנפיהרער.

זיי האבען אלע אוועק געלעגט זייערע אינסטרומענטען, זיינען ארויף געקראָכען אויף דער שטריק לייטער אויפ'ן שיף און זיינען געגאנגען צו שאנדאן איהם ערקלערן זייער בעשלוס, אז זיי ווילען פאהרען א היים. שאנדאן איז אין דיעזע צייט געשטאנען ביים רודער, לעבען איהם איז געשטאנען דער דאָקטאָר. ער האט גענומען זיין שפעקטיוו און האט בעטראכט דיא געגענד. מיט שרעק און מיט שטוינען האט ער דערזעהן, אז דער אָרט, וואו דאס מעער איז פריי פון אייז, איז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט הויכע אייז בערג. ער האט אנגעהויבען צו ציטערן ביי דעם געדאנקען, אז דאס שיף וועט דא זיין פערשפארט און מעגליך, אז ער וועט מוזען דא בלייבען ביז איבער א יאהר זומער. צום ערשטען מאָל, זייט ער האט קאמאנדירט דיא „פאָרוואָרד“ האט ער איינ־געזעהן, וואס פאר א שווערע פעראנטוואָרטליכקייט ער האט אויף זיך גענומען צו פיהרען א שיף אויפ'ן אייז מעער ער איז געווען פערצווייפעלט. ער האט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען. אין דיעזע מינוט איז צו איהם צו געקומען פען מיט זיינע קאמער־ראדען און האט געזאגט מיט א הויכער, פעסטער שטימע:

— הערר שאנדאן, מיר ווילען ווייטער ניט פאהרען!

— וואס זאָגט איהר? האט שאנדאן אויסגעשריען. ער איז געווארען רויט וויא פייער און האט געציטערט פאר כעס.

— מיר האבען גענוג געארבייט פאר אונזער קאפיטאן, וועלכען מיר קענען ניט און ווייסען ניט, יעצט ווילען מיר מעהר ניט ארבייטען. האט איהר שוין געהערט, וואס מיר זאגען? פארשטעהט איהר אונז? מיר ווילען מעהר ניט ארבייטען.

— איהר מוזט ארבייטען! האט שאנדאן געשריען. איך וועל אייך ווייזען, אז איהר מוזט ארבייטען.

— שרעקט ניט איבער דיא גענז, ליעבער הערר שאנדאן, האט פען געזאגט קאלט בליטוג, ווען מיר ווילען ניט ארבייטען, קען אונז קיינער ניט צווינגען.

שאנדאן האט ארויס געכאפט זיין רעוואָלווער. אין דיעזע מינוט איז דשאנכאן צו געגאנגען צו איהם און האט איהם געזאגט אין דער הויך, אז דיא מאטראזען זאלען הערן:

— זעהט, אָט שווימט דאָרט א גרויסער אייז־בערג, ווען מיר וועלען זיך ניט בעאיילען ארויס צו פאהרען פון דעם ענגען קאנאל, אין וועלכען מיר געפינען זיך יעצט, וועט ער אונז אין גאנצען פערשפארען דא אין אייז.

שאנדאן האט זיך אומגעקוקט און געזעהן, אז דשאנסאן האט רעכט. מען ווייס ניט פון וואַנען איז אנגעקומען א גרויסער אייז־בערג און איז געשוואומען מיט א שרעק־ליכער שנעלליגקייט גלייך אויף דיא „פאָרוואָרד“.

— איך וועל מיך מיט אייך שפעטער אָפּרעכענען, האט שאנדאן געזאגט. יעצט זיינען מיר אין געפאהר. שנעל! יעדער אויף זיין פלאַץ.

דיא מאטראָזען האבען איינגעזעהן דיא געפאהר און יעדער איז געלאָפען אויף זיין פלאַץ. שאנדאן האט געהייסען טרייבען דאס שיף מיט דער פולער קראפט פון'ם

דאמפף. דיא מאטראָזען האבען געארבייט, וויא דיא רוחות. עס האט אבער נאר ניט געהאָלפען. דער אייז־בערג איז געשוואומען שנעלער פון'ם שיף און האט פערשפארט דעם שמאָלען פאס וואסער, וויא א שטיינערנע וואנד.

— יעצט זיינען מיר פערלאָרען! האט אויסגערופען שאנדראן.

ער האט געמאכט דער מיט אן אונגעהיירען פעהלער. דער קאפיטאן פון א שיף טאָר ניט ווייזען פאר זיינע מאטראָזען, אז ער איז אין פערצווייפלונג. באלד האט זיך ארויס געוויעזען, וואס פאר א פעהלער ער האט געמאכט.

— מיר זיינען פערלאָרען! האבען אנגעהויבען צו שרייען דיא מאטראָזען. יעצט דארף יעדער טהאָן, וואס ער וויל.

— לאָמיר אראָפלאָזען דיא גוטאפערטשא שיפלעך! האט געשריען איינער.

— ניין, לאָמיר געהן אין דיא שפייז קאמערן! האט געשריען פען. דאָרט איז דא שנאפס און ראָם. איידער דערטרונקען צו ווערן אין קאלטעס וואסער, איז גלייכער זיך אן צו טרינקען מיט הייסען ראָם.

שאנדראן איז געוועזען פערצווייפעלט. ער האט ניט געקענט ארויס רעדען א וואָרט. ער האט געזעהן, אז אויף דעם שיף איז אויסגעבראָכען א רעוואלוציאָן. דיא מאטראזען וועלען איהם מעהר ניט פאָלגען. דער דאָקטאָר האט צוגויפגעלעגט דיא הענד אויף דער ברוסט און איז ארום געגאנגען שטיל און פערטראכט אויפ'ן דעק. דיא לאגע איז געוועזען א קריטישע.

אין דיעזע מינוט האט א הויבע, מעכטיגע שטימע א געשריי געטהאן:

— יעדער אויף זיין פלאץ! דאס שיף זאל בלייבען שטעהן!

אלע האבען זיך אומגעקוקט מיט שטוינען. פון קאפיטאנס קאיוטע איז ארויס־געקומען דער מאטראָז גאררי אנגעטהאן, וויא א שיפס־קאפיטאן און האט נאך א מאל א געשריי געטהאן:

— יעדער אויף זיין פלאץ! איך בעפעהל אזוי!

— גאררי! האט אויסגעשריען שאנדראן, וואס פאר א רעכט האסט דוא צו בע־פעהלען אויפ'ן שיף? דוא ביסט דאָך א געוועהנליכער מאטראָז?

גאררי האט ניט געענטפערט. ער האט א פייף געטהאן.

— דיוק! האט ער א געשריי געטהאן.

דער הונד איז באלד ארויסגעשפרונגען אויפ'ן שיף און האט זיך געלעגט ביי איהם צו דיא פיס. דיא מאטראָזען זיינען געוועזען אזוי איבערראשט פון דיעזער סצענע, אז זיי האבען ניט געקענט רעדען א וואָרט. גאררי איז ארויף געגאנגען אויפ'ן קאפיטאנס בריקעל און האט געזאגט מיט א מעכטיגער, פייערליכער שטימע:

— אפיציערען און מאטראָזען! איך בין אן ענגלענדער, וויא איהר. זעהט, איך האב אויפגעצויגען יעצט דיא ענגלישע פאָהן אויף מיין שיף. איך האב אויסגעבויט דיעזעס שיף און האב עס פערזאָרגט מיט אלעס נייטיגען. מיין צוועק איז געוועזען, אז דיא „פאָרוואָרד" זאָל זיין דאס ערשטע ענגלישע שיף, וועלכע וועט קומען צום נאָרד־פאָל. דיא ענגלענדער זיינען געוועזען דיא ערשטע, וועלכע האבען גערייזט אויפ'ן אייז־מעער, דיא ענגלענדער דאַרפען זיין דיא ערשטע, וועלכע וועלען צו קומען צום נאָרד־פאָל.

טהוט יעדער זיין פפליכט! פון היינט אן בעקומט יעדער צווייא מאָל אזוי פיעל געהאלט, וויא פיעל עס איז אנגעשריעבען אין זיין קאָנטראַקט. מיין נאמען איז א גוטע גאראַנטיע, אז איהר וועט ערהאלטען אייער געלד פינקטליך. מיין נאמען איז א גוטע גאראַנטיע, אז מיר וועלען דערגרייכען אונזער ציעל. — איך הייס קאפיטאן, האטטעראס!

— קאפיטאן האטטעראס! האבען אויסגעשריען אלע מיט איין קול. עס לעבע קאפיטאן האטטעראס!

קאפיטאן האטטעראס איז ווירקליך א בעריהמטער נאמען אין ענגלאנד. אלע מאטראָזען האבען פון איהם געהערט. אייניגע האבען איהם זאגאר געקענט, נור עס איז זיי ניט איינגעפאלען, אז דאס זאָל זיין דער מאטראז גאררי. אלע האבען געוואוסט, אז קאפיטאן האטטעראס איז א מיליאָנער, אז דיא ענגלישע רעגיערונג האט איהם שוין ניט איין מאָל געשיקט מיט שיפען אין וויטע ימים.

— יעצט, האט קאפיטאן האטטעראס ווייטער געזאגט, פעראנקערט דאס שיף צו אן אייז־בערג און לאז יעדער זיך נעהמען צו זיין ארבייט. — שאנדאן, דאָקטאר פולמאן, דשאנסאן און וואלל, אייך לאד איך איין צו מיר אין קאיוטע איך האב מיט אייך צו רעדען וויכטיגע זאכען.

קיינער האט ניט גערעדט קיין וואָרט. יעדער איז געגאנגען צו זיין בעשעפטיגונג און האט מורא געהאט ארויס צו רעדען א וואָרט, דער נאמען, קאפיטאן האטטעראס, האט געווירקט אויף זיי, וויא א צויבער.

קאפיטאן האטטעראס איז געוועזען איינער פון דיא זעלטענסטע מענער ניט נור אין ענגלאנד זאָנדערן אין דער גאנצער וועלט. ער איז געוועזען דער איינציגער זוהן פון זעהר א רייכען ביער ברויער אין לאָנדאָן. זיין פאטער איז געשטאָרבען, ווען ער איז קוים אַלט געוועזען פונפצעהן יאהר. פון קינד וויים אן האט עס איהם געצויגען צום מעער. זיין דענקען און טראַכטען איז געוועזען, וויא צו פאהרען אויפ'ן מעער, צו בערייזען דיא וועלט, צו מאכען ענטדעקונגען. קוים איז זיין פאטער געשטאָרבען, האט ער איבערגעלאָזען זיין פארמעגען פון עטליכע מיליאָן פונט סטערלינג אין דיא הענד פון א גוטען פערוואלטער און ער אליין איז אריין געטרעטען אויף א שיף אלס מאטראָז. ער איז אויסגעפאהרען אלע ימים, האט בערייזט אלע וועלט טהיילע און איז צוריק געקומען א היים מיט א ברענענדיגען דורשט ווייטער צו לערנען, ווייטער צו פאָרשען און צו מאכען ענט־דעקונגען.

דיא לאנגע רייזען אויפ'ן מעער אלס מאטראָז האבען איהם געמאכט שטארק, קרעפטיג און געשיקט. ער איז געוועזען ניט שטארק הויך, ערדעל, אבער פעסט געבויט. זיינע גלידער זיינען געוועזען אויסגעגאָסען פון פלייש און אייזען. ער פלעגט צו ברעכען מיט דיא הענד א קראָנע (אן ענגלישע זילבער מינצע).

דשאן האטטעראס איז געוועזען אן עכטער ענגלענדער, א שטאָלצער ענגלענדער. ער איז געוועזען א הייסער ענגלישער פאטריאָט און האט בעהויפטעט, אז דיא ערשטע אין דער וועלט, וואס האבען געמאכט אירגענד וועלכע ענטדעקונג אדער ערפינדונג, זיינען דיא ענגלענדער. איין מאל האט ער גערעדט מיט א פראנצויזישען שיפס קאפיטאן און האט איהם דערוויעזען, אז דיא גרעסטע ענטדעקונגען אויפ'ן ים האבען געמאכט

דיא ענגלענדער. דער פראַנצויז איז געווען, וויא אלע פראַנצויזען, זעהר העפליך און האט איהם געוואָלט מאַכען א קאָמפּלימענט.

— ווען איך זאָל ניט זיין קיין געבאָרענער פראַנצויז, האט ער איהם געזאגט, וואָלט איך געוואָלט זיין אן ענגלענדער.

— און איך, האט געענטפערט קאפיטאן האטטעראס, ווען איך זאָל ניט זיין קיין ענגלענדער, וואָלט איך געוואָלט זיין אן ענגלענדער.

אזוי ווייט איז געגאנגען זיין שטאָלץ און זיין פּאַטריאָטיזמוס געגען ענגלאנד. עס איז ניט געווען איין ענגלישער עקספּעדיציאָן אויפ'ן מעער, אין וועלכען ער האט ניט טהיילגענומען אלס אפיציער, אדער, ווען עס איז ניט געווען קיין שטעלע אלס אפיציער, אלס איינפאכער מאַטראָז. אין 1850 האט ער אויסגעבויט א שיף מיט'ן נאמען „פּארוועל" פאר זיין אייגען געלד, האט אויפגענומען צוואַנציג געזונדע און שטאַרקע מאַטראָזען און איז געפאהרען אויפ'ן אייז־מעער. דאקטאר פולמאַן האט איהם דאמאלס געשריעבען א בריעף און געבעטען, ער זאָל איהם אויפנעהמען אלס דאקטאר אויף זיין שיף. לײדער, איז דער בריעף אנגעקומען צו שפּעט. קאַפּיטאַן האטטעראס האט שוין אויפגענומען אנאנדער דאקטאר. דאס איז געווען דאקטאר פולמאַנס גליק. דיא „פּארוועל" איז פערשלאגען געווארען אין אייז און האט צו געבראַכט צוויי יאהר אין אייז. עס האט זיך אויס געלאָזט ביי זיי פּראָוויאַנט און קוילען. דיא מאַטראָזען און דיא אפיציערען זיינען אויסגעשטאָרבען איינער נאכ'ן אנדערן פון הונגער און קעלט. נור איין קאַפּיטאַן האטטעראַס האט אויסגהאלטען. ער איז דורכגעגאנגען דרייא הונ־דערט מייל אויפ'ן פערפראָרענעם אייז־מעער גאנץ אליין, ביז ער האט אנגעטראָפען עסקימאָסען וועלכע האבען איהם מיט גענומען מיט זיך קיין גרענלאנד, פון דאָרט איז ער געקומען קיין ענגלאנד. ווען ער איז אנגעקומען קיין ליווערפּול, איז דיא גאנצע שטאדט געלאָפען איהם זעהן. מען האט געוואוסט, אז ער איז פעהיג אלעס צו וואגען אום נור צו רייזען און צו מאכען ענטדעקונגען. פון דאמאלס אן אבער האט קיין מאַט־ראָז ניט געוואָלט אריינטרעטען אויף דאס שיף, וועלכעס ער האט קאמאנדירט, מען האט מורא געהאט, ער זאָל זיי ווייטער ניט פערפיהרען ערגעץ אין עק וועלט.

אין יענער צייט האט א רייכער אמעריקאנער, מיט'ן נאמען גרינעלל, אויסגעבויט א שיף און האט זיא פערזאָרגט מיט אלעס נייטיגען אום צו פאהרען זוכען דיא פער־פאַלענע שיפען און מאַטראָזען פון פראַנקלינס עקספּעדיציאָן. אלס קאַפּיטאַן אויף דיעזען שיף האט ער ערנאַנט אן אמעריקאנישן דאקטאר מיט'ן נאמען קעין, דאס שיף האט געהייסען „דהי עדוואנס". דאקטאר קעין האט געמאכט זעהר וויכטיגע ענטדע־קונגען. ער איז צו געקומען מיט זיין שיף נעהענטער צום נאָרד־פּאל פון אלע אנדערע רייזענדע.

ווען קאַפּיטאַן האטטעראס האט געלעזען אין דיא צייטונגען פון דיא ענטדעקונגען, וואס דאקטאר קעין האט געמאכט, האט ער עס ניט געקענט אויסהאלטען. שטייטש! א יענקי זאָל מאכען גרעסערע ענטדעקונגען פון אן ענגלענדער? דאס האט זיין ענגלי־שער שטאָלץ ניט געקענט דערטראגען. ער האט בעשלאָסען צו בויען א שיף און צו פאהרען מאכען נייע ענטדעקונגען. ער מוז פאהרען ווייטער פון דאקטאר קעין און מוז

בעווייזען, אז דיא נור ענגלענדער זיינען געוועזען דיא ערשטע, וואס זיינען צו געקומען צום נארד־פאל.

ער איז געקומען צו פאהרען קיין ליווערפול, האט זיך אין גאנצען אפראזירט, אז מען זאל איהם ניט דערקענען. ער האט געקויפט א הויז הינטער דער שטאדט און פלעגט זיך קיין מאל ניט ווייזען אויף דיא דאקס און האט אויסגעבויט דיא „פארווארד״. מ'ר האבען שוין געזעהן אין דיא פאריגע קאפיטלעך, אויף וועלכער ארט ער האט איינגעלאדען ריטשארד שאנדאן און דאקטאר פולמאן. ווען ריטשארד שאנדאן האט געזוכט מאטראזען פאר דיא „פארווארד״, איז קאפיטאן האטטעראס געקומען און האט געבעטען, ער זאל איהם אויפנעהמען אלס מאטראז. שאנדאן איז קיין מאל ניט איינגעפאלען, אז דער אפגעריסענער מאטראז גאררי קען גאר זיין דער בעריהמטער קאפיטאן האטטעראס. דער מאטראז גאררי איז איהם געפעלען, ווייל ער האט געוויזען גוטע צייגניסע און רעקאמאנדאציאנען, דער פאר האט ער איהם אויפגענומען.

יעצט, ווען קאפיטאן האטטעראס האט ארויס געזאגט, ווער ער איז, האבען זיך דיא מאטראזען אנגעהויבען צו צוקוקען צו איהם און האבען איהם אנגעהויבען צו דערקענען. ווען מען זאגט זיי אין ליווערפול, אז קאפיטאן האטטעראס וועט קאמאנדירען דאס שיף, וואלטען זיי אויף קיין פאל ניט געוואלט פאהרען מיט איהם, ווייל זיי האבען געוואוסט, אז ער פאהרט ערגעץ אין געפערליכע געגענדען; אזוי אבער, אז זיי האבען ניט געוואוסט, וואוהין זיי פאהרען, זיינען זיי איינגעטרעטען אויפ'ן שיף, ווייל מען האט זיי צוגעזאגט פינף מאל מעהר צו צאהלען, וויא פיעל מען צאהלט אויף אנדערע שיפען.

## 11טעס קאפיטעל.

## קאפיטאן האטטעראס דערקלערט זיין פלאן.

שאנדאן, דער דאקטאר, דשאנסאן און וואלל זיינען אריינגעגאנגען אין דער קאיוטע פונ'ם קאפיטאן, וויא ער האט זיי געהייסען. ער אליין איז נאך געבליעבען אויפ'ן דעק און האט געגעבען דיא מאטראזען אייניגע בעפעהלע. באלד איז ער אויך געקומען אין דער קאיוטע און האט זיך אניעדער געזעצט לעבען זיי. זיין ענערגישער כאראקטער האט זיך באלד געצייגט אין פולען גלאנץ. ער האט ניט געווארט אויף קיין צערעמאניען און האט באלד געזאגט פעסט און ענטשלאסען:

— מיינע הערען, איך בין פעסט ענטשלאסען צו פאהרען צום נארד־פאל. איך וויל וויסען אייערע מיינונגען דאריבער. וואס דענקסט דוא, שאנדאן?

— קאפיטאן, האט שאנדאן געענטפערט קאלט, איך דענק גאר נישט. איהר האט צו בעפעהלען און איך מוז אויספאלגען אייערע בעפעהלע.

קאפיטאן האטטעראס האט זעהר גוט בעמערקט, מיט וואס פאר א טאן שאנדאן האט עס געזאגט. ער האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג און האט געזאגט:

— ריטשארד שאנדאן, איך וויל וויסען אייער מיינונג איבער דיא רייזע צום נארד־פאל. וועט עס אונז געלינגען?

— ווען איהר פאדערט עס, מוז איך אייך זאגען. ביז אהער איז נאך קיינעם

ניט געלונגען צו צוקומען צום נאָרד־פּאָל. איך וויל האָפען, אז מיר וועלען זיין גליקליכער פון אנדערע.

— איך בין זיכער, אז אונז וועט עס יא געלינגען, האט קאפּיטאן האטטעראס געזאגט פעסט און ענטשלאָסען. — און וואס איז אייער מיינונג, דאָקטאָר?

— מיין מיינונג איז האט דער דאקטאר געענטפערט, אז דיא מענשען וועלען דאָך א מאָל צו קומען צום נאָרד־פּאָל. פאר וואס זאלען מיר ניט זיין דיעזע מענשען? וואס קען דען דער מענש ניט אויספיהרען, ווען ער וויל נור? דאס שטארקסטע אויף דער וועלט איז דער מענש?

— איך בין זיכער, אז עס וועט אונז געלינגען, האט קאפּיטאן האטטעראס געזאגט; ווייל מיר זיינען פערזאָרגט מיט אלעם נייטיגע; מיר בענוצען דיא ערפאהרונגען און דיא לעהרען, וואס דיא רייזענדע פאר אונז האבען געמאכט; מיר געברויכען זייערע לאנד־קארטען און זייערע מעער־קארטען; מיר ווייסען, וואס פאר ארטיקעל זיינען נייטיג פאר אזא רייזע. —

ער איז געבליעבען שטיל און האט זיך געווענדעט צו שאנדאן:

— ענטשולדיגט מיר, איך האב פארגעסען אייך צו דאנקען פאר אייערע גוטע איינריכטונגען און אייער גוטעס קאמאנדירען פון דער „פאָרוואר”. איך בין מיט אלעמען פאָלקאָמען צופריעדען, דיא מאטראזען אין אלגעמיינען זיינען טיכטיגע מענשען. עס געפינען זיך צווישען זיי נור איינינגע, וועלכע מען מוז געהמען אין דיא הענד א ביסעל שטרענגער. נו, דאס וועלען מיר שפּעטער זעהן.

שאנדאן האט זיך פארנייגט. ער האט געפיהלט, אז זיין לאגע ווערט פון יעדע מינוט אונאנגענהמער. אָט נור וואס איז ער געווען קאפּיטאן און האט קאמאנדירט דאס שיף און יעצט איז ער נור ערשטער אפיציער און מוז אויספאָלגען דיא בעפעהלע, וואס מען ג׳ט איהם. קאפּיטאן האטטעראס האט עס אויך געפיהלט, ער האט איהם ניט געוואָלט קרענקען און האט געזוכט צו רעדען פון עטוואס אנדערש. ער האט זיך געווענדעט צו דשאנסאן און וואלל און האט זיי געזאגט:

— איך פרעג ניט אייערע מיינונג, ווייל איך ווייס, אז איהר זייט מוטהיגע און טיכטיגע מאטראזען, אויף וועלכע איך קען מיך פערלאזען.

— איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, קאפּיטאן האט דשאנסאן געענטפערט. אייער אונטערנעהמונגען איז א גרויס אייך־שטעלעניש און דענאך וועל איך פאהרען מיט אייך, וואוהין איהר וועט מיך פיהרען, עס מעג זיין, וואס עס וויל זיך.

— דיא זעלבע איז מיין מיינונג, האט דשעמס וואלל געזאגט.

— אייער מיינונג, דאקטאר פרעג איך אויך ניט, האט קאפּיטאן האטטעראס געזאגט. איך קען אייך און ווייס, וויא צו שעצען אייך.

— איך ווייס ניט פאר וואס איהר האט מיך צו שעצען, האט דער דאָקטאָר געענטפערט און האט אראָפּגעלאזען דיא אויגען. איך האב דערווייל נאך גאר נישט געטהאן פאר דיא עקספּעדיציאָן.

— יעצט, מיינע העררן, האט קאפּיטאן האטטעראס ווייטער געזאגט, וויל איך אייך ערקלערן, פאר וואס איך בין אזוי איבערצייגט, אז אונזער אונטערנעהמען וועט

געלינגנען און מיר וועלען גליקליך אנקומען צום נארד־פאָל.

אין 1817 איז דאס ענגלישע שיף „נעפּטון" געקומען ביז 120 מייל פון'ם נארד־פּאָל. זיא האט זיך געמוזט אומקעהרן, ווייל זיא איז געגאנגען נור אויף זעגעל, פון דאמפּף האט מען נאך דאמאלס ניט געוואוסט. אין 1826 איז דער בעריהמטער ענגלישער קאפּיטאן פּאררי ארויס געפאהרען פון שפּיצבערגען און איז אנגעקומען ביז הונדערט צעהן ענגלישע מייל פון'ם נארד פּאָל. ער האט זיך געמוזט אומקערן, ווייל עס האט זיך איהם אויסגעלאזט דער פּראָוויאנט. אין 1852 איז דער ענגלישער קאפּיטאן אינגעלפילד צו געקומען ביז 150 מייל פון'ם נארד־פּאָל. דער אמעריקאנער, דאקטאר קעין, איז געגאנגען ווייטער פון אלע, ער האט אויפגעפלאנצט דיא אמעריקאנישע פאָהן אויף א בארג הונדערט מייל פון'ם נארד־פּאָל. דאס אלעס ווייסט איהר, מיינע העררן אזוי גוט, וויא איך. ניט דאס וויל איך אייך זאגען. דיא הויפּט זאכע איז, אז אלע דיזע מוטהיגע מענער דערצעהלען, אז זיי האבען געזעהן אין דעם געגענד פון'ם נארד־פּאָל א מעער, אויף וועלכען עס איז ניטא קיין שטיקעל אייז. דאס מעער איז רוהיג. עס איז דאָרט פיעלווארעמער, וויא אויפ'ן אייז מעער.

— גאָר פריי פון אייז? האט אויסגערופען שאנדאן. דאס גלויב איך ניט!

קאפּיטאן האטטעראס האט אויף איהם געווארפען א שטאָלצען בליק און האט געזאגט:

— איך דערצעהל דאך אייך זאכען, וואס זיינען געשעהן; איך זאג דאך אייך, ווען זיי האבען זיך געטראפען און מיט ווען זיי האבען זיך געטראפען.

— אבער יעדער קאפּיטאן דערצעהלט אנדערש, האט שאנדאן געזאגט, עס איז שווער זיך אויף זיי צו פערלאזען. איינער זאגט, אז ער האט גאר ניט געזעהן קיין פרייעס מעער, דער אנדערער דערצעהלט, אז ער האט נור געהערט פון איהם; דער דריטער דערצעהלט, אז ער האט איהם געזעהן פון דער ווייטען, ער האט אבער ניט געקענט צו קומען צו איהם. נון, וויא קען מען זיך דארויף פערלאזען וויא קען מען זיך שטיצען דארויף און אונטערנעהמען אזא געפעהרליכע רייזע?

— איהר האט אונרעכט שאנדאן, האט דער דאָקטאָר געזאגט. איהר זייט דאך אן אלטער מאטראז און קענט דאך זעהר גוט דיא געגענדען ארום דעם אייז־מעער. איהר ווייסט זעהר גוט, אז דיא קאלטסטע געגענדען פון דער וועלט ליעגען אויפ'ן ניין און זיבעציגסטען גראד אין אזיען און אויפ'ן אכט און זיעבעציגסטען גראד אין אמעריקא. פון דאָרט אן הייבט שוין אן ווארעמער צו ווערן. דער נארד־פּאָל געפינט זיך אויפ'ן ניינציגסטען גראד, פאר וואס אלזא זאל ניט זיין א גאנץ פרייעס מעער ארום דעם נארד פּאָל? אמת, קיינער האט איהם נאך ביז אהער ניט דערגרייכט. דער מענש אבער מוז דאך שטרעבען עפּעס אויף צו טהאן, עפּעס אויס צו געפינען, עפּעס צו ענטדעקען. פאר וואס זאלען מיר עס ניט זיין וועלכע וועלען ענטדעקען דעם נארד־פּאָל? קוים וועלען מיר אריבער פאהרען דעם קאלטסטען פונקט פון דער ערד, קענען מיר דאך שוין זעהר לייכט ווייטער פאהרען.

— נו, און וואס וועט איהר טהאן, ווען דיא „פאָרוואַרד" וועט איינגעפראָרען ווערן אין אייז און וועט זיך ניט קענען ריהרען? האט שאנדאן געפרעגט. מיר שטעהן

שוין יעצט איינגעשלאָסען פון אייז. איך זעה ניט, וויא אזוי מיר וועלען ארויסקריעכען.

— איהר ווייסט דאך אזוי גוט, וויא איך, האט דער דאקטאר געענטפערט, אז אין 1817 איז א רוסישער קאזאקען־אפיציער אלעקסיי מארקאוו אריבער געפאהרען דעם אייז־מעער מיט שליטענס. ער איז דורך געפאהרען א שטרעקע פון אכט הונדערט מייל אין פיער און צוואנציג טעג.

— הערט איהר, שאנדאן? האט אויסגערופען דער קאפיטאן. ווען א רוסישער קאזאק האט עס געקענט טהאָן, פאר וואס זאלען מיר ענגלענדער, עס ניט קענען?

— געוויס, וועלען מיר עס קענען! האבען אויסגעשריען אין איין קול דשאנסאן און דשעמס וואלל.

שאנדאן האט געשאקעלט מיט'ן קאפ!

— איך האב אייך שוין געזאגט מיין מיינונג, האט ער געזאגט. איהר זייט דער קאפיטאן. איהר האט צו בעפעהלען, איך וועל אייך פאָלגען, וואס איהר וועט מיר הייסען.

— מיר דארפען אלעס פראָבירען, האט דער קאפיטאן געזאגט. לאמיר ווייזען דער וועלט, וואס ענגלענדער קענען. מאָרגען איז זונטאג, לאמיר לאזען דיא מאטראזען זיך אויסרוהען און פייערן דעם זונטאג, וויא מען פייערט איהם אין ענגלאנד, מאנטאג וועלען מיר זעהן ווייטער וואס צו טהאָן.

ער האט נאך געגעבען איינינע בעפעהלע און זיי זיינען זיך צוגאנגען יעדער צו זיין ארבייט, נור דער דאקטאר און דער קאפיטאן זיינען געבליעבען אין דער קאיוטע.

— דאקטאר, האט דער קאפיטאן געזאגט, ווען זיי זיינען געבליעבען אליין, אויף שאנדאן קען איך מיך מעהר ניט פערלאזען. עס קרענקט איהם, וואס ער איז יעצט נור דער ערשטער אפיציער און ניט דער קאמאנדיר פון'ם שיף.

— דעם אנדערן טאג איז דער קאפיטאן מיט'ן דאָקטאר אראָפגעגאנגען פון'ם שיף זעהן, וואס עס טהוט זיך ארום אין דער געגענד. זיי האבען געזעהן מיט שרעק, אז דער אייז־בערג דרענגט זיך אלץ ווייטער און וועט באלד אנקומען צום שיף. דער קאפיטאן איז צו געגאנגען צו א הויבען אייז־בערג און האט אויסגעהאקט אין איהם טרעפ, דאן איז ער ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בארג, האט גענומען זיין שפּקעטיוו און האט ארום געקוקט דיא געגענד ארום און ארום. ער האט דערזעה'ן, אז ווייט קיין וידען איז דאס מעער פרייער פון אייז און ער האט אויס גערעכענט, א קוים וועט דיא „פאָרוואַרד“ ארויס פון דעם קאנאל, וואו זיא געפינט זיך יעצט, וועט זיא שוין קענען ווייטער פאהרען.

קאפיטאן האטטעראס איז אראפ געגאנגען און האט געזאגט צום דאקטאר:

— מאָנטאג אין דער פריה פאהרען מיר ווייטער. מיר מוזען נור זעהן ארויס צו קריעכען פון דאנען. עס איז היינט דער 24טער מאי, מיר האבען נאך פאר אונז דעם זומער ביז ענדע יולי, מיר וועלען דאן נאך קענען זיין גאנץ ווייט.

ער האט באלד צו גערופען דשאנסאן און דשעמס וואלל און האט זיי געהייסען בויערן א לאָך אין דעם אייז־בערג, וועלכער האט זיי פערשטעלט דעם וועג. זיי האבען ארויסגעבויערט א גאנץ טיעפען און ברייטען לאָך. ווען דער לאָך איז געווען פערטיג,

האט ער געהייסען אין איהם אריינשיטען הונדערט פונט פולווער און פערשטעלען איהם מיט שטיקער אייז און שנעע, וועלכע זיינען באלד פערפראָרען געוואָרען און האבען אין גאנצען פערדעקט דאס פולווער. נור איין שטיקעל שטריקעל אנגעשמירט מיט פעך איז ארויס געהאנגען פון דער מינע.

מאנטאג אין דער פריה האט דער קאפּיטאן געהייסען האלטען אלעס בערייט צום פאהרען. ער אליין איז צו געגאנגען און האט אנגעצונדען דאס שטיקעל שטריקעל, וואס איז ארויסגעהאנגען פון דער מינע און איז אנטלאָפען צום שיף. אין אייניגע מינוט ארום האט זיך דאס פולווער אנגעצונדען. עס האט געגעבען א טראך, אז דאס גאנצע מעער מיט אלע זיינע אייזבערג האבען געציטערט.

— שנעל! לאָז דאס שיף געהן! האט דער קאפּיטאן קאמאנדירט. דער וועג איז פריי, דער אייזבערג איז פערשוואונדען!

דער אינזשעניר האט געלאזט געהן דאס שיף מיט פולען דאמפּף. אין א פערטיל שטונדע איז זיא ארויס פון׳ם קאנאל, וועלכער האט זיך באלד פערשלאסען הינטער איהר. נייע אייז מאסען זיינען אנגעקומען און האבען זיך געדרעננגט אין שמאָלען קאנאל. דיא מאטראזען זיינען געווען ענטציקט, ווען זיי האבען דערזעהן, וויא געשיקט דער קאפּיטאן האט זיך אויסגדרעהט פון אזא קריטישע לאגע. זיי האבען זיך געפיהלט שטאָלץ, וואס זיי האבען אזא קאפּיטאן און האבען מיט איין קויל אויסגעשריען:

— הורראה! דשאָן האטטעראס! הורראה!

דעם 25טען מאי איז דיא "פאָרוואַרד„ געפאהרען גאנץ רוהיג. געשיקט און קונסטפאָל האט דער קאפּיטאן געפיהרט דאס שיף. דיא מאטראזען האבען איינגעזעהן, אז זיי האבען פאר זיך ניט נור א מאן מיט א פעסטען ווילען, זאָנדערן א טיכטיגען און פעהיגען קאפּיטאן, וועלכער ווייסט זיך, וויא אויס צו העלפען אין יעדער פערלעגענהייט. דאס וועטער איז געוואָרען א ביסעל וואַרעמער. אלע האבען אָפּגעלעבט און האבען אנגעהויבען צו האָפען, אז זייער רייזע וועט זיין א גליקליכע.

דעם 26טען מאי האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער ווינד, וועלכער האט געטריעבען דאס שיף צוריק. דער דאקטאר איז געשטאנען אויפ׳ן דעק מיט׳ן קאפּיטאן.

— מיר מוזען זעהן צו פאהרען צום אינזעל ביטשי, האט דער קאפּיטאן געזאגט. אונזערע קאָהלען לאזען זיך אויס, דאָרט וועלען מיר זיך אנגרייטען מיט קאָהלען.

— וואו וועט איהר נעהמען קאָהלען אויף דער אינזעל ביטשי? האט געפרעגט דער דאָקטאָר פערוואונדערט. זא פיעל איך וויים, וואינט אויפ׳ן אינזעל קיין לעבעדיגער מענש, דאָרט וואקסט קיין גרעזעלע, אזוי שטארק איז דאָרט דיא קעלט.

— דיא ענגלישע רעגיערונג האט אין פערשיעדענע צייטען ארויס געשיקט שיפען מיט קאָהלען און האט זיי אויסגעלאדען אויף פיעלע וויסטע אינזלען, האט דער קאפּיטאן געזאגט. אלע ענגלישע שיפען, וואס פאהרען אויפ׳ן אייז־מעער בעקומען פון דער רעגיערונג א קארטע פון דיעזע אינזלען מיט א גענויער בעשרייבונג, וואו דיא קוילען געפינען זיך. איך האב אויך אזא קארטע און וויים, וואו עס געפינט זיך אזא לאגער פון קוילען אויף דער אינזעל ביטשי. אמת, אין 1859 איז דער קאפּיטאן מעק קלינטאק דאָרט

געוועזן. ער האט געוויס גענומען דארט קוילען. איך גלויב אבער, אז ער האט פאר מיר אויך עפּעס איבער געלאזט.

— מעגליך, אז מיר וועלען דאָרט געפינען נאך אנאנדער פּראָוויאנט? האט דער דאָקטאר געפרעגט.

— געוויס! האט דער קאפּיטאן געענטפערט. פערגעסט ניט, אז אויף דער אינזעל ביטשי האט דער קאפּיטאן ראָס צו געבראכט צוויא ווינטערן; דער קאפּיטאן פּאררי האט דאָרט צו געבראכט א ווינטער, פיעלע אנדערע מוטהיגע מאטראָזען האבען דאָרט פערבראכט מאָנאטען לאנג. יעדער פון זיי האט עפּעס איבער געלאזען אן אנדענקען. דער קאפּיטאן ראָסס האט דאָרט אויס געבויט א שטוב און האט עס א נאמען גע־געבען „דיא צו פלוכט".

## 12טעס קאפּיטעל.

## דיא אינזעל ביטשי.

דעם 27טען מאי איז דיא „פּאָרוואָרד" נאך פיעלע שוויעריגקייטען און מי־גרויסער מיה ענדליך צו געקומען צו דער אינזעל ביטשי. דער קאפּיטאן האט געהייסען פעראנקערן דאס שיף צו א גרויסען אייזבערג און ער, דער דאקטאר און דשאנסאן זיינען ארויס געגאנגען אויפ'ן ברעג. דיא אינזעל איז געוועזן לעדיג, נאַקעט. טרויעריג און איינזאם. דער באדען איז בעדעקט מיט שנעע און מיט גרויסע שטיינער. זיי האבען באלד דערזעהן דאס הויז, וועלכעס דער קאפּיטאן ראָסס האט אויסגעבויט אין 1851. זיי זיינען צו געקומען צום הויז. דיא טהיר איז געוועזן אָפען, אין שטוב איז אלעס געלעגען אויף זיין אָרט, קיינער האט עס ניט געריהרט.

— אָט איז דער אויווען פון שטיינער, וועלכער ראָסס האט זיך געמאַכט, האט דער קאפּיטאן געזאגט. אָט שטעהט נאך א פעסעל געזאלצען פלייש, וועלכעס ער האט דאָ איבערגעלאזט; אט שטעהן נאך אנדערע זאכען, וועלכע ער האט דא געלאזען — אלעס איז פערפראָרען, פערשטיינערט, הארט וויא אייזען.

זיי האבען פּראָבירט עפענען דאס פעסעל געזאלצען פלייש. עס איז געוועזן פריש. גלייך וויא נור וואס אניעדער געלעגט, אבער נור מיט א האק אדער מיט א זעג האט מען געקענט נעהמען א שטיקעל דערפון. דער דאקטאר האט זיך ווענעג געקימערט וועגען פּראָוויאַנט; ער איז באלד ארויסגעגאנגען פון'ם הויז אויס פאָרשען דיא אינזעל. אייניגע הונדערט שריט פון'ם הויז האט ער דערזעהן א בילד, וועלכעס האט געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. צווישען שטיינער זיינען געליעגען צוויא מענשען אין מאטראזען קליידער. צו קאָפּען איז געשטאנען א ברעטעלע, אויף וועלכען עס איז געוועזן אנגעשריעבען דער נאמען פון דיא מאטראזען און ווען זיי זיינען געשטאָרבען, דאס איז געוועזן דעם 20טען נאָוועמבער 1851. עלף יאהר זיינען פאָראיבער זייט זיי זיינען גע־שטארבען און זיי זיינען געוועזן נאך גאנץ און פריש, גלייך וויא עס וואָלט געוועזן נעכטען. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיי שלאָפען רוהיג, צו געטוליעט איינער צום אנדערן. קיינער האט זייער שלאָף ניט געשטערט, קיינער האט זיי ניט בעאונרוהיגט. ער האט זיך צו געריהרט צו זיי און האט געזעהן, אז זיי זיינען האלב פערשטיינערט. אייניגע מינוטען איז ער געשטאנען און האט זיי בעטראכט, דאן האט ער געזאגט:

— שלאָפט רוהיג, אָפּפער פון דער וויסענשאפט! אייערע קאמעראדען וועלען געדענקען אן אייך!

ער איז געגאנגען ווייטער זוכען, פאָרשען, לערנען. אין איין אָרט האט ער געפונען א שטיין, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעקריצט דיא בוכשטאבען:
E. I. 1849.

ער האט זיך דערמאנט, אז אין 1849 איז דער קאפּיטאן בעללאָ געווען אויף דיעזעם אינזעל מיט צווייא שיפען Enterprise און Investigator, דאס האט ער איבער־געלאזט א צייכען, אן אנדענק.

מיינע לעזער וועלען פיעלייכט אויף מיר ניט ברוגז זיין, ווען איך וועל זיי דא וויעדערהאָלען דיא געשיכטע פון סער בנימין פ ר א נ ק ל י ן.

זייט מען האט ענטדעקט אמעריקא, האט ענגלאנד געזוכט צו געפינען א וועג ארום צו פאהרען אמעריקא דורך דעם נאָרדליכען אייז־מעער. דיעזער וועג וואָלט געווען זעהר וויכטיג פאר ענגלאנד און דער גאנצער וועלט. ענגלאנד האט ארויסגעשיקט פערשיעדענע עקספּעדיציאָנען אין פערשיעדענע צייטען. עס איז אבער קיינעם ניט געלונגען זיך דורך צושלאגען דורכ'ן אייז. ענדליך האט דער בעריהמטער געלערנטער און טיכטיגער קאפּיטאן, סער בנימין פראנקלין זיך אונטערנומען צו זוכען דיעזען וועג.

דעם 23טען מאי 1845 איז פראנקלין ארויסגעפאהרען פון ענגלאנד. ער האט געהאט מיט זיך צוויי שיפען Erebus און Terror. אויף דיעזע צווייא שיפען זיינען געווען דריי און צוואנציג אפיציערען און הונדערט און פופצעהן מאטראזען. דעם 25טען אויגוסט האט ער פון גרענלאנד צוריק געשיקט קיין ענגלאנד דרייא קראנקע מאטראזען מיט א בריעף, אין וועלכען ער האט געשריעבען, אז ער האט פּראָוויאנט און אלעס נייטיגע אויף דריי יאהר. פון דאמאלס אן האט מען ניט פון איהם, ניט פון זיינע שיפען, ניט פון זיינע מענשען קיין שום נאכריכט ניט ערהאלטען. אין אקטאבער 1846 האט דער קאפּיטאן ראָסס געזאגט דער ענגלישען רעגיערונג, אז ער איז זעהר בעאונרוהיגט, וואס עס איז קיין נאכריכט ניטא פון בנימין פראנקלין און אז מען זאל שיקען א שיף איהם זוכען, אבער דיא לאָרדעס פון דער ענגלישען אדמיראליטעט האבען איהם ניט געהערט און האבען געענטפערט, אז עס איז נאך צו פריה. עס איז פערגאנגען ווייטער א יאהר, עס איז געקומען דער זומער פון 1847 און פון פראנקלין איז נאך אלץ גאר קיין נאכריכט ניט געקומען. דיא לאָרד'ס האבען אנגעהויבען אונרוהיג צו ווערן, עס איז שוין אבער געווען שפּעט צו שיקען שיפען איהם צו זוכען. דאך האט מען אנגעהויבען זיך פאָר צובערייטען צו א גרויסער עקספּעדיציאָן. צו ערשט האט מען ארויסגעשיקט יעגערס און עסקימאָסען פון קאנאדא. זיי האבען א גאנצען ווינטער דורך געזוכט דעם גאנצען אמעריקאנישען ברעג, ביז וואנען זיי האבען געקענט גרייכען. זיי האבען אבער גאר ניט געפונען. פון דאמאלס אן זיינען פערגאנגען 33 יאהר, אין וועלכע דיא מוטהיגסטע מענער, דיא טאַפּפערסטע שיפס־קאפּיטענע און דיא טיכטיגסטע מאטראזען האבען זיך איינגעשטעלט דאס לעבען און האבען אויסגעזוכט און אויסגעפאָרשט יענע שרעקליכע קאלטע געגענדען אום צו געפינען א שפּור פון פראנקלין און פון זיינע מענשען, ערשט אין 1878 איז עס געלונגען פאָלשטענדיג צו בעווייזען, וואו פראנקלין איז געפאהרען

מיט זיינע שיפען, וויא דיא שיפען זיינען איינגעפראָרען געווארען, וואו זיי האבען צו געבראכט דעם זומער 1847 און וואו זיי זיינען אלע אויסגעשטארבען פאר הונגער און פאר קעלט אין 1848.

בעזאנדערס אויסגעצייכענט אין דיעזע אונטערזוכונגען האבען זיך דיא ענגלישע שיפס־קאפּיטאנע דשיימס קלארק ראָסס, מעק קליוד און מעק קלינטאק און דער דאקטאר קעין Kane. דער קאפּיטאן דשיימס ראָסס איז ארויסגעפאהרען פון ענגלאנד אין 1848 מיט צווי שיפען. זיין רייזע האט געדויערט צוויי יאהר. אויפ'ן וועג האט ער געשריעבען בריעף אויף פראנקלינ'ס נאמען; האט זיי ארייגעלעגט אין גוט פער־קאָרקטע פלעשער און האט זיי געוואָרפען אין וואסער, ער האט גערעכענט, אז פיעלייכט וועט איינע פון דיעזע פלעשער קומען אין דיא הענד פון פראנקלין אדער פון זיינע מענשען. אין דיא לאנגע ווינטער מאנאטע, ווען זיינע שיפען זיינען געווען איינגעפראָרען, האט ער געחאַפּט אין אייניגע געגענדען פיקס און האט זיי אנגעטהאן אויפ'ן האלז לעדערנע בייטלעך, אין וועלכע עס זיינען געלעגען בריעף צו פראנקלין, אז מען זוכט איהם און מען האט אנגעגרייט פראָוויאנט אויף פערשיעדענע אינזלען. אויף וואס פאר א אינזעל ראָסס איז געקומען, האט ער באלד ארייגעשלאָגען אין דער ערד א הויכען דראנג מיט דער ענגלישער פאָהן. אויפ'ן דראנג איז געווען אויסגעשניטען מיט א מעסער דיא ווערטער: „גראב אונטען!“ אונטערן דראנג האט ער פערגראבען א בלעכען שאַכטעל מיט א בריעף, אין וועלכען ער האט בעשריעבען אלע אינזלען און אלע ערטער, וואו ער האט איבערגעלאזען פראָוויאנט און קוילען.

ליידער, זיינען אלע זיינע בעמיהונגען געווען אומזיסט. ער האט קיין שפור ניט געפונען פון פראנקלינס עקספּעדיציאָן. אין דער זעלבער צייט זיינען געפאהרען אנדערע טיכטיגע און געלערנטע מענער זוכען בנימין פראנקלין מיט זיינע שיפען. א שיפס־קאַ־פּיטאן ראָבערט שעדדאן איז געפאהרען אויף זיינע אייגענע קאָסטען און אויף זיין אייגענעם שיף „נענסי דאוסאן“, א דאקטאר גודסער אויף דעם שיף „עדוויים“, קאפּיטאן קענ־נעדי אויף דעם שיף „אלבערט“. ביז אין 1850, אלזא פינף יאהר זייט פראנקלין איז ארויסגעפאהרען פון ענגלאנד, האט מען פון איהם קיין שום נאכריכט ניט ערהאלטען און קיין שפור ניט געפונען. עס האט געקאָסט מיליאָנען פונט שטערלינג און הונדער־טער מענשען לעבען, און אלעס איז געווען אומזיסט.

דאס שיקזאל פון בנימין פראנקלין מיט זיינע מענשען האט אנגעהויבען צו פעראינטערעסירען גאנץ אייראפּא און אמעריקא. עס איז ניט געווען איין לאנד אין דער וועלט, וועלכעס האט ניט בייגעשטייערט מיט געלד אדער מיט שיפען צו זוכען דיא פערפאלענע. זאָגאר רוסלאנד האט ארויסגעשיקט א שיף אין אייז־מעער זוכען און פאָרשען נאך בנימין פראנקלין. אמעריקא האט ארויסגעשיקט צוויי עקספּעדיציאָנען. דיא ערשטע האט זעהר וועניג אויפגעטהאן און איז באלד צוריק געקומען. בעריהמט איז דיא צווייטע אמעריקאנישע עקספּעדיציאָן אונטער דעם קאמאנדא פון דאקטאר אלישע קעין. ער איז געקומען נעהנטער פון אלע אנדערע צום נאָרד־פּאָל. ער האט צוואר זיין צוועק ניט דערגרייכט, ער האט פון פראנקלין מיט זיינע מענשען גאר ניט אויסגעפונען, דערפאר אבער האט ער זעהר פיעל אויפגעטהאן פאר דיא וויסענשאפט.

ער האט אויסגעפ. . יענע געגענדען, האט פון זיי אראפ גענומען לאנד־קארטען או האט זיי זעהר גע. און ריכטיג בעשריבען.

אין 1852 איז ארויסגעפאהרען אן ענגלישער לארד, סער עדוואורד בעלמשער מיט פינף שיפען זוכען פראנקלין מיט זיינע שיפען. דאס איז געוועז דיא אונגליקליכסטע עקספעדיציאָן פון אלע. ער איז ווייט ניט געפאהרען און נאך אין דעם זעלבען יאהר — 1852 — זיינען פיער פון זיינע שיפען פערפּראָרען געוואָרען און ער מיט זיינע מענשען האבען געמוזט אלע זיך צונויפדרענגען אויף דעם פינפטען שיף, וועלכעס האט זיך קוים געהאלטען. זיי האבען יעדער מינוט געציטערט: אז דאס אייז זאל זיא ניט צו קוועטשען. צום גליק איז אנגעקומען אן אמעריקאנישע שיף און האט זיי מיט גענומען מיט זיך קיין באָסטאָן. דא האט דיא אמעריקאנישע רעגיערונג רעפּארירט דאס שיף אויף איהרע קאָסטען, האט עס א נאמען געגעבען „אנגלאָ־אמעריקען“ און האט עס צוריק געשיקט קיין ענגלאנד אלס פּרעזענט דער קעניגין וויקטאָריא. אין 1878 ווען מען האט שוין אויסגעפונען אלעס איבער פראנקלין מיט זיין עקספּעדיציאָן, האט דיא קעניגין וויקטאריא געהייסען מאכען א טיש פון דיא ברעטער פון דיעזען מערקווירדיגען שיף און האט עס געשיקט אלס פּרעזענט דעם פּרעזידענטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

ווען דיא ענגלישע רעגיערונג האט געזעהן, אז אלעס זוכען און אלע עקספּעדיציאָנען זיינען אומזיסט, האט זיא ערקלערט, אז פראנקלין מיט זיינע מענשען זיינען פערפאלען געווארען און האט שוין מעהר קיינעם ניט געוואלט שיקען איהם זוכען. דאמאלס האט דאס ענגלישע פּאָלק געוויעזען, אז עס איז עדעלער און פריינדליכער פון דער ענגלישער רעגיערונג. דאס ענגלישע פּאָלק האט זיך צונויפגעלעגט א האלבען מיליאָן פונט סטערלינג און האט ארויסגעשיקט צוויא שיפען זוכען פראנקלין מיט זיין עקספּעדיציאָן. דער קאמאנדיר פון דיעזע שיפען איז געוועזען דאקטאר רעה Rae. אין 1854 האט דאקטאר רעה געטראפען עסקימאָסען, וועלכע האבען איהם דערציעהלט, אז מיט עטליכע יאהר צוריק האבען זיי געזעהן א פּארטיע ווייסע מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען קיין זידען — קיין אמעריקא. דאס איז געוועזען דיא ערשטע נאכריכט, וואס מען האט ערהאלטען פון בנימין פראנקלין. דיעזע נאכריכט איז צוואר פון זעהר א קליינער בעדייטונג, אבער זיא האט אויפגערירט גאנץ ענגלאנד. ליידי דשיין פראנקלין, בנימין פראנקלין'ס פרוי, האט זיך געווענדעט צו דער ענגלישער רעגיערונג און האט געבעטען, אז מען זאל ווייטער שיקען שיפען זוכען איהר מאן. דיא ענגלישע רעגיערונג אבער האט זיך געמאכט טויב און האט איהר ניט געוואָלט הערען. ליידי פראנקלין האט פערקויפט איהרע בריליאנטען און אלעס, וואס זיא האט געהאט און האט אויף אייגענע רעכנונג ארויס־געשיקט א שיף מיט'ן נאמען „פאָקס“ אונטער דאס קאמאנדא פון'ם טיכטיגען און פעהיגען קאפּיטאן מעק קלינטאק. פיעלע געלערנטע מענשען זיינען איינגעטרעטען אויפ׳ שיף אלס פרייוויליגע. דער וועלט בעריהמטער ענגלישער דאקטאר וואָקער איז אריינ־געטרעטען אלס דאקטאר אומזיסט: דיא קאפּיטאנע יונג און האבסאן זיינען אריינגע־טרעטען אלס מאטראזען אומזיסט, פיעלע אנדערע בעריהמטע מענער האבען עס געדעבענט אלס עהרע, וואס מען האט זיי אויפגענומען אין דיעזע געפעהרליכע עקס־פּעדיציאָן.

דעם 1טען יולי 1857 איז דיא „פאָקס“ ארויס געפאהרען פון אבערדין אין שאָטלאנד. ביז מערץ 1859, אלזא צוואנציג מאנאטע איז דער „פאָקס“ ארומגעפאהרען אין פערשיעדענע געגענדען און האט גאר נישט אויסגעפונען. מעק קלינטאק איז ניט געווען דער מענש, וועלכער פערצווייפעלט און לאָזט זיך אָפּ, ווען עס געראטה איהם עפּעס ניט. אין מערץ 1859 האט ער פעראנקערט זיין שיף, האט צוטהיילט זיינע מענשען אין צוויי פּארטיען. ער מיט איין פּארטיע זיינען געגאנגען אין איין זייט, און האבּסאָן מיט דער אנדערער פּארטיע זיינען געגאנגען אין דער אנדערער זייט. ער האט געטראָפען אויפ׳ן וועג עסקימאָסען, ביי וועלכע ער האט געפונען שטיקלעך אייזען פון א שיף. ער האט זיי אנגעהויבען אויס צו פרעגען, וואו זיי האבען גענומען דיא שטיקלעך אייזען און האט זיי צו געזאגט צו געבען פּרעזענטען, ווען זיי ווילען איהם ברענגען נאך זאכען, וואס קומען פון אייראפּא. איינער פון דיא עסקימאָסען האט געזאגט, ווען ער וויל ווארטען א פּאָר טאָג, וועט ער איהם ברענגען א שעהנע זאך פון אייראפּא. ער איז געלאפען א היים און האט געבראכט א זילבערנעם לעפעל, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעקריצט דיא בוכשטאבען .B. F בנימין פראנקלין.

יעצט זיינען אלע געווען איבערצייגט, אז פראנקלין מיט זיינע מענשען זיינען דא ערגעץ אומגעקומען און זיי האבען אנגעהויבען צו זוכען מיט פרישען מוטה און ענערגיע. דעם 25טען אפּריל זיינען זיי געקומען צום ברעג ים און האבען געפונען א גרויסען הויפען שטיינער, מען האט געזעהן, אז דיא שטיינער זיינען צונויפגעלעגט געווארען פון מענשען. זיי האבען זיי צונומען און האבען ווירקליך געפונען אין א בלעכען שאכטעל א דאָקור־מענט, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען בעריהמט אין דער געשיכטע פון דיא ענטדעקונגען אין אייז מעער. דיעזער דאָקומענט געפינט זיך יעצט אין מוזעאום אין לאָנדאָן. אין דיעזען דאָקומענט, אן ארט טאָגע־בוך, איז געשטאנען דיא גאנצע רייזע פון בנימין פראנקלין מיט זיינע שיפען. זיי זיינען איינגעפראָרען געוואָרען אין אייז און האבען געמוזט אוועקווארפען דיא שיפען און פאהרען אויף שליטענס איינגעשפּאנט מיט הינט. דיא הינט האבען זיי געקויפט אין גרענלאנד. דאס גאנצע יאהר 1846 זיינען זיי ארומגעפאהרען אין פערשיעדענע געגענדען אין דער האָפנונג, אז זיי ווילען טרעפען א שיף זיי האבען אבער גאר ניט געטראפען. דאס לאנד, אויף וועלכען זיי זיינען יעצט געווען, איז בעקאנט מיט׳ן נאמען קעניג ווילהעלמס לאנד. דיא קעלט איז דארט שרעקליך. עס געפינט זיך אין דיעזען לאנד קיין חיה און קיין מענש. זאגאר דיא עסקימאָסען אנטלויפען פון דיעזעם לעדיגען, טויטען און טרויעריגען לאנד. עס האט זיי אנגעהויבען צו פעהלען איינינע נייטיגע זאכען. דיא שרעקליכע קראנקהייט פון דיא קאלטע געגענדען, סקאָרבוט (צינגא אויף רוסיש) איז אויסגעבראכען צווישען זיי.

דיעזע קראנקהייט איז איינע פון דיא שרעקליכסטע. זיא גרייפט אן צו ערשט דאס צאהנפלייש (יאַסלעס) זיי ווערן וואונדיג און עס הייבט אן צו געהן פון זיי בלוט. דער קראנקער הייבט אן צו ווערן פיעבעריג, אויף דיא פיס ווייזען זיך וואונדען, פון וועלכע עס רינט בלוט. דיא צעהנער פאלען ארויס. דאס גאנצע מויל ווערט איין וואונד, דיא גליעדער צופאלען און דער מענש שטארבט אין שרעקליכע שמערצען. צום גליק פאר דיא מענשהייט, געפינט זיך דיעזע קראנקהייט נור איז דיא גאנץ קאלטע לענדער

און זאנאר דאָרט האט דיא מוטער נאטור אנגעגרייט א מיטעל געגען דיעזע שרעקליבע קראנקהייט. עס וואקסט דאָרט א מין גראז מיט'ן נאמען לעפעלקרויט, Cochlearia וועלכע איז דאס בעסטע מיטעל געגען דיעזע קראנקהייט. אנאנדערער גוטעס מיטעל איז לימינע זאפט, לימינע זאלץ. צום אונגליק, האט זיך ביי פראנקלין אויסגעלאזט זיין פאָרראטה (זאפאס) פון לימינע זאלץ און קיין לעפעלקרויט איז ניט געווען צו קריעגען אין יענע ווייסטע און טרויעריגע געגענד.

דעם 7טען יוני 1847 איז פראנקלין געשטארבען פון סקאָרבוט, מיט אייניגע טעג שפעטער זיינען געשטארבען ניין אפיציערען און 25 מאטראָזען, דיא איבעריגע האבען בעשלאָסען צו געהן ווייטער קיין זידען—קיין אמעריקא.

דאס איז געווען דער וויכטיגער דאָקומענט, וואס דער קאפיטאן מעק קלינטאק האט געפונען. ער האט געוואָלט געהן ווייטער, זוכען וואו דיא איבעריגע זיינען געבליעבען, אבער צווישען זיינע מענשען האט זיך געוויזען דיא געפעהרליכע קראנקהייט, דער סקאָרבוט. ער איז דאהער געווען געצוואונגען זיך אומצוקערן קיין ענגלאנד.

מעק קלינטאק האט געבראכט דאס טאגע בוך קיין ענגלאנד און אלע זיינען געווען איבערצייגט, אז פראנקלין מיט אלע זיינע מאטראזען און אפיציערען זיינען אומגעקומען און עס לוינט זיך ניט זיי ווייטער צו זוכען. ליידע פראנקלין אבער האט ניט גערוהט, זיא האט געוואָלט וויסען אלעס, וואס מיט זיי איז געשעהן. זיא האט געשריעבען צו גארדאן בענעט, דער אייגענטהימער פון'ם New York Herald און זיי האבען צו זאמען ארויסגעשיקט שיפען צו זוכען דעם רעסט פון פראנקלינס עקספעדיציאָן. ערשט אין 1878 האט מען אלעס אויסגעפונען. מען האט אויסגעפונען דיא טויטע אפיציערען און מאטראזען. ביי אייניגע האט מען געפונען זייערע נאטיץ ביכער, זייערע טאגע ביכער, אין וועלכע זיי האבען געשריעבען נאך אייניגע מינוטען פאר זייער טויט.

איך האב מיך אביסעל פערברייטערט איבער פראנקלין'ס עקספעדיציאָן, ווייל זיא איז נייטיג צו דער ערקלערונג פון אונזער ווייטערדיגע ערצעהלונג, וועלכע איך וויל יעצט ווידער אויפנעהמען.

דאקטאר פולמאן האט זיך אום קיין זאך ניט געקימערט. ער איז ארומגעגאנגען אויפ'ן אינזעל מיט א גרויסער טאָרבע און האט אויפגעהויבען יעדעס שטיינדעלע, וואס איז איהם געפעלען. שאנדאן איז געבליעבען אויפ'ן שיף, ער האט אויסגעמיעדען דעם קאפיטאן און האט נור געטהאן וואס מען האט איהם געהייסען. קאפיטאן האטטעראס איז טאג און נאכט געלעגען איבער זיינע לאנד- און מעער-קארטען. ער האט געגעבען זיינע בעפעהלע אין קורצע, שארפע און בעשטימטע ווערטער. דיא מאטראָזען האבען פערשטאנען וואס דא קומט פאָר און האבען זיך גאנץ רוהיג פערהאלטען. זיי האבען געווארט, וואס עס וועט ווייטער פאָרקומען. זיי האבען פערבראכט אויף דער אינזעל ביטשי אייניגע טעג. זיי האבען אנגעלאדען דאס שיף מיט קוילען פון'ם לאגער, וועלכען דיא ענגלישע רעגיערונג האט דאָרט איבערגעלאָזען, וויא קאפיטאן האטטעראס האט ניזאגט. ענדליך האט דער קאפיטאן געהייסען אויפהייבען דעם אנקער און פאהרען ווייטער קיין נאָרדען. דאס מעער ארום דעם אינזעל ביטשי איז געווען פריי פון אייז, ווייטער אבער האט מען געזעהן גרויסע אייזבערג שווימען.

דער 4טער "ני איז געווען א ווארעמער טאג, זעלבסטפערשטענדליך, פאר יענע געגענדען. ביי אונז וואלט עס געהייסען שטארק קאלט. דער ווארעמער טאג האט אבער זעהר בעאונרוהיגט דיא מאטראזען און דיא אפיציערען. מען האט געמוזט זעהר פארזיכטיג זיין. — דיא אייז בערג ווערן פון אונטען אפגעריעבען פון דיא וועלען (חוואליעס) פונ'ם מעער. עס קומט אויס, אז דער טהייל פונ'ם אייז־בערג, וועלכער שווימט אויפ'ן וואסער, איז פיעל שווערער, אלס דער טהייל, וועלכער ליעגט אין וואסער. דער אייז־בערג פערליערט זיין גלייכגעוויכט און פאלט אום. מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר א שרעקליכען רעש אזא אייז־בערג מאכט, ווען ער קעהרט זיך איבער! א מאסע פון מיליאנען פונטען פאלט אום פלוצלונג. דאס מעער ארום הייבט אן צו קאכען, עס הייבען זיך אויף שרעקליכע וועללען, וועלכע זיינען אים שטאנד צו דערטרענקען א שיף. זעהר אפט מאכט זיך, אז דער אייז־בערג ווערט דערביי צובראכען אי׳ף שטיקער. יעדעס שטיק איז אומשטאנד צו צערברעכען און צערשטערען דיא שטארקסטע שיף.

קאפיטאן האטטעראס האט זעהר גוט געקענט דיא געפאהרען פון א ווארעמעס וועטער אויפ'ן אייז־מעער. ער איז געשטאנען א גאנצען טאג אויף זיין בריקעל און האט קאמאנדירט. אום מיטאג האט זיך געוויעזען איינע פון דיא זעלטענסטע ערשיינונגען פון דער נאטור, וועלכע מען קען זעהן נור אין יענע קאלטע געגענדען. עס האבען זיך געוויעזען אויפ'ן הימעל צוויי זונען. ארום זיי זיינען געווען גרויסע רינגען פון אלערליי פארבען פונ'ם רעגענבויגען, רויט, גרין, געל און בלוי. דער דאקטאר האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון דיעזע גרויסארטיגע ערשיינונג. דיא אלטע מאטראזען, וועלכע זיינען שוין געווען עטליכע מאל אויפ'ן אייז־מעער, האבען געזאגט, אז דיעזע ערשיינונג וויזט, אז עס וועט באלד אויספאלען א שרעקליכער שנעע און עס וועט ווערן קאלט.

דעם אנדערן טאג איז ווירקליך געווארען קעלטער. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט שווערע בלייפארביגע וואלקענס. געגען מיטאג האט זיך אויפגעהויבען איינע פון יענע שרעקליכע שנעע שטירמע (זאווערוכע'ס) פון וועלכע מען קען נור האבען א בעגריף, ווען מען זעהט עס מיט דיא אויגען. דער שנעע איז געפאלען אזוי געדיכט, אז אויפ'ן דעק האט איינער דעם אנדערן ניט געקענט זעהן אויף צוויי שריט. דער שנעע אין יענע געגענדען איז אויך אביסעל אנדערש, וויא ביי אונז. ווער עס האט זיך צוגעקוקט צו א שנעע, דער האט געוויס בעמערקט, אז ער בעשטעהט פון קליינע פלאטשיגע (פלאכע) שטערנדלעך. אין יענע געגענדען איז דער שנעע שפיצ'ג, וויא גאנץ קליינע נאדלען.

אין אזא שנעע־שטורם איז זעהר שווער צו פאהרען. מען זעהט ניט וואוהין צו פאהרען. קאפיטאן האטטעראס האט אנפאנגס פראבירט צו פיהרען דאס שיף. ער האט זיך אבער באלד איבערציינגט, אז עס איז אונמעגליך און האט זיא געהייסען פעראנקערן.

— דער מאגנעטישע פאל! האט אויסגעשריען דער דאקטאר און איז געלאפען

זוכען עם קאפיטאן. מיר זיינען יעצט פונקט אויפ'ן מאגנעטישען־פאל!

מיינע לעזער וועלען געוויס וועלען וויסען, וואס עס הייסט דער מאגנעטישער פאל.

איך על זיי ערקלערן אין קורצע ווערטער. יעדער פון אייך האט געוויס א מאל געזעהן

א קאָמפּאַס. אין דער ...ט קאָמפּאַס געפינט זיך א קליין ווייזעריל, וועלכער ווייזט שטענדיג, וואו עס איז דיא נאָרד זייט (צפון זייט) ווען מען פאהרט אבער קיין צפון זייט, בעמערקט מען, אז דאס קליינע ווייזעריל, אדער דיא מאַגנעט נאדעל, פערליערט צו ביסלעכווייס איהר קראַפט. זיא דרעהט זיך ניט אזוי לעבעדיג און אזוי שנעל קיין צפון זייט. ווען מיר פאהרען נאך ווייטער, קומען מיר ענדליך צו א פונקט, וואו דיא מאַגנעט נאדעל ווייזט גאר ניט. מען קען זיא דרעהן, וואו מען וויל, זיא בלייבט שטעהן אויף דעם אָרט, וואס מען האט זיא אנגעשטעלט און לויפט ניט צוריק קיין צפון זייט. ווען מען הענגט אבער אויף א מאַגנעט־נאדעל אויף א זייד, דרעהט זיא זיך אוים מיט׳ן שפּיץ צו דער ערד.

דיעזער פונקט אויף דער ערד הייסט דער מאַגנעט־פּאָל. ווען מען פאהרט ווייטער קיין צפון זיין, זעהט מען, אז דיא מאַגנעט־נאדעל הייבט אן צו ווייזען קיין דרום זייט. — דער קאָמפּאַס איז זעהר א נוצליכער אינסטרומענט אויפ׳ן ים. דער שיפסקאַפּיטאַן געפינט דורך איהם דעם וועג, וואס ער דאַרף פאהרען. ווען דער קאָמפּאַס דיענט אבער ניט, וויא ביים מאַגנעט־פּאָל, קען צו מאל דער קאַפּיטאַן ניט אויסגעפינען זיין וועג. אין דער לעצטער צייט האבען געלערנטע מענשען אויסגערעכענט אקוראַט אלע ענדערונגען, וואס קומען פאָר מיט׳ן קאָמפּאַס, ווען מען פאהרט אין צפון זייט פון דער וועלט און ווען מען פאָהרט קיין דרום זייט.

דער דאָקטאָר איז געווען זעהר אונגעדולדיג. ער האט געוואוסט, אז אין 1831 האט דער בעריהמטער ענגלישער שיפסקאַפּיטאַן, דשיימס ראָסס ענטדעקט דעם מאַגנעטישען־פּאָל אויף דער אינזעל בוטיא. יעצט, ווען זיין קאָמפּאַס ווירקט ניט, דיא מאַגנעטישע נאדעל דרעהט זיך ניט, איז עס דאָך א בעוויז, אז דאס שיף געפינט זיך לעבען דער אינזעל. ער האט זעהר געוואָלט זיין אויף דיעזע אינזעל. אבער דערווייל איז עס געווען אונמעגליך. זאָלאנג דער שנעע שטורם דויערט, מוז מען בלייבען שטעהן אויף אן אָרט.

דער שנעע שטורם האט געדויערט צוויי טאג. דיא קעלט איז געוואָרען שטאַרקער. דער שנעע ארום דעם שיף איז פערפראָרען געוואָרען. ערשט יעצט האבען זיי דערזעהן, אז זיי געפינען זיך ווירקליך לעבען דער אינזעל בוטיא. דער דאָקטאָר האט געבעטען קאַפּיטאַן האַטטעראַס, ער זאָל איהם ערלויבען אראָפּגעהן אויפ׳ן אינזעל. דער קאַפּיטאַן האט איהם ערלויבט. ער און דשאנסאָן האבען זיך אראָפּגעלאָזען פון׳ם שיף און זיינען אויפ׳ן אייז צוגעגאנגען צו דער אינ׳זעל. דער דאָקטאָר האט ארויסגענומען זיינע לאַנד־קאַרטען און איז געגאנגען מיט דשאנסאָן צו דעם אָרט, וואו דער קאַפּיטאַן ראָסס האט געמאַכט א צייכען, אז דאָרט איז דער מאַגנעט־פּאָל. עס האט געדויערט איבער דריי שטונדען, ביז זיי זיינען צוגעקומען אהין. אויף א קליין בערגעל איז געווען אנגעלעגט א גרויסער הויפען שטיינער. דער דאָקטאָר האט אנגעהויבען צו זוכען צווישען דיא שטיינער און האט באַלד אויסגעפונען א בלעכען שאַכטעל. אין דיעזען שאַכטעל איז געלעגען א בויגען פּאַפּיער מיט קאַפּיטאַן ראָסס׳ס אונטערשריפט, אין וועלכען עס איז געשטאַנען בעשריעבען, אין וואס פאר א טאג און וויא אזוי קאַפּיטאַן ראָסס האט אויסגעפונען דעם מאַגנעט־פּאָל. דרייסיג יאהר זיינען פעראיבער זינט ער האט אנגעשריעבען דיעזעס

דאקומענט און דאס שאכטעל מיט'ן פאפיער זיינען געווען גאנץ, ניי און פריש. קיינער האט עס ניט אנגעריהרט, קיינער האט עס פיעללייכט אין דער גאנצער צייט ניט געזעהן.

דער דאָקטאָר האט ארויסגענומען א מאגנעט־נאדעל און האט זיא אויפגעהאנגען אויף א זייד פונקט אין דער מיט. דיא נאדעל האט געדארפט שטעהן גלייך אזוי—— זיא האט זיך אבער באלד אומגעדרעהט און האט זיך געשטעלט אזוי |.

— דא איז דער מאגנעט־פאָל, האט געזאגט דאקטאר פולמאן און האט א קלאפּ געטהאָן מיט'ן פוס אן דער ערד.

— איך האב געהערט, אז דער מאגנעט־פאָל איז א גרויסער בארג, וועלכער בעשטעהט אין גאנצען פון מאגנעט, האט געזאגט דשאנסאן. ווען א שיף קומט נאָהענט צו איהם, ציעהט ער ארויס אלע נעגעל פון'ם שיף און דיא ברעטער צופאלען זיך.

— דאס זיינען „בבא מעשות״, האט געזאגט דער דאקטאר. אזא בארג איז אויף דער וועלט ניטא. אין יעדער מינע, פון וואנען מען גראבט אוים אייזען, געפינט זיך מאגנעט. וואס איז דען מאגנעט, ווען ניט א גאנץ געוועהנליכעס אייזען, וועלכעס האט אין זיך דיא אייגענשאפט צו צו ציעהען אנדערע אייזענס. בערג וועלכע זאלען בעשטעהן אויסשליעסליך פון מאגנעט און זאָלען צו ציעהען צו זיך שיפען, זיינען ניטא אויף דער וועלט און וועלען ניט זיין. מיר געפינען זיך יעצט אויפ'ן מאגנעט־פאָל. דוא האָסט אליין געזעהן, וויא דיא נאדעל וויזט גלייך אראָפּ צו דער ערד און דענאך געהסט דוא ארום גאנץ רוהיג און דער פאָל שלעפּט ניט ארויס דיא נעגעל פון דיינע שטיוועל, ניט דאס מעסער פון דיין קעשינע.

— אבער וויא אזוי קען דאס זיין? האט דשאנסאן געפרעגט. מיר זעהן דאָך, אז א גרויס שטיק מאגנעט ציעהט צו צו זיך א שטיק אייזען און יעצט געפינען מיר זיך אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך דער מאגנעטיזמוס פון דער גאנצער וועלט — וויא קומט עס אלזא, וואס דיעזער פונקט ציהט מאקע ניט צו צו זיך אלע שטיקלעך אייזען, וואס איך האב ביי מיר?

— מיר זיינען נאך ניט אזוי פיעל געלערענט, מיר זאָלען עס קענען ערקלערן, האט דער דאקטאר געזאגט. מיר וויסען דערוויל נור, אז דא איז דער מאגנעט־פאָל פון דער וועלט. ווייטער וויסען מיר ניט. דאס איז אבער דערוויל פאר אונז גענוג. עס וועלען קומען שפּעטער קליגערע מענשען פון אונז און וועלען עס בעסער ערקלערן.

באלד האט מען געהערט פייפען פון'ם שיף, אז זיי זאָלען שוין צוריק געהן. דער דאָקטאָר האט ארויסגענומען א שטיקעל פּאפּיער מיט א בלייפעדער און האט אנגעשריעבען דעם טאג, וואס ער איז געווען אויף דער אינזעל און וויא ער האט זיך איבערצייגט, אז דא איז דער מאגנעט־פאָל. דאס פאפּיער האט ער אריינגעלעגט אין דעמזעלבען שאכטעל, וואו עס איז געלעגען דעם קאפּיטאן ראָסס'ס דאָקומענט.

— געלערנטע מענשען מוזען אָפט בענוצען א זעלטזאמע פּאָסט, האט דשאנסאן געזאָגט.

## 12טעס קאַפּיטעל.

## קיין נאָרדען! קיין נאָרדען!

דאס וועטער איז געוואָרען שעהן, דיא זון האט געשיינט, דיא מאַטראָזען האבען געמוזט אנטהאן דיא גרינע שלייערס אויף זייערע געזיכטער. קאַפּיטאַן האטטעראַס האט געהייסען טרייבען דיא „פאָרוואַרד" מיט דער גאנצער קראַפט פון איהר מאַשינעריע. ארום איהר זיינען געשוואומען גרויסע שטיקער אייז, זיא האט זיך אבער גאנץ בראוו דורכגעשלאָגען און איז געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער — צום נאָרד־פּאָל.

שאנדאָן און וואלל זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען גערעדט.

— וויא מיינסט דוא, שאנדאן, האט וואלל געפרעגט, וועט דער קאַפּיטאַן דערגרייכען זיין ציעל? וועלען מיר צוקומען צום נאָרד־פּאָל?

— ניין! האט שאנדאן געענטפערט. מיר וועלען קיין מאָל ניט צוקומען צום נאָרד־פּאָל. קיין מענש איז נאָך דאָ־ט ניט געווען און מיר וועלען איהם אויך ניט זעהן. מיר פאָהרען דאָך אין דער בעסטער צייט, עס איז יעצט דער 15טער יוני, מיטען זומער, און דאָך זעה, וויא ארום אונז זיינען געפעהרליכע אייז־בערג און אייז־פעלדער. היינטיגס יאהר איז א בעזאָנדער קאלטעס יאהר, מיר וועלען באלד איינגעפראָרען ווערן און וועלען מוזען דאָ ערגעץ איבערווינטערן.

— מיר האבען זיך דאָך געריכט דארויף, אז מיר וועלען מוזען איבערווינטערן דאָ ערגעץ און פאָהרען אויף שליטענס צום נאָרד־פּאָל, האט וואל געזאגט. דוא אליין האָסט דאָך געקויפט הינד מיט שליטענס אין אופּערנאוויק?

— דאס וואָלט אלעס רעכט געווען, ווען ניט קאַפּיטאַן האטטעראס זאָל קאָמאַנדירען דאס שיף. געה אראָפּ אונטען, וועסט דוא זעהן, אז מיר האבען שוין זעהר ווייניג קוילען. ער הייסט הייצען טאג און נאכט און טרייבט דאס שיף, וויא א משוגענער קיין נאָרדען. ער וויל גאר ניט וויסען, אז קוילען זיינען פאר אונז אזוי נייטיג וויא ברויט.

— פאר וואס זאָגסט דוא איהם ניט, אז מיר האבען ווייניג קוילען? דוא מוסט עס איהם זאָגען, דוא ביסט דאָך דער ערשטער אפיציער?

— וואס זאל איך זאגען דעם משוגענעם? ער האט אונטער־גענומען א רייזע, וועלכע ער קען ניט אויספיהרען. ער זעהט, אז עס איז אונמעגליך און פאָהרט דאָך אלץ ווייטער און ווייטער.

האטטעראַס האט רעכט געהאט. אויף שאנדאן האט ער זיך ניט געקענט פערלאָזען. שאנדאן איז איהם געוואָרען א שונא און האט געזוכט צו שטערן דיא רייזע. צום גליק, האט האטטעראַס עס זעהר גוט געוואוסט און האט געהאַלטען דיא מאַטראָזען גוט אין האנד. ער האט געוואוסט, וויא זיי צו ציעהען צו זיך. יעדעס מאָל, ווען דאס שיף איז געבליעבען שטעהן, פלעגט ער זיי פערזאמלען אין זיין קאיוטע און פלעגט זיי דערצעהלען דיא רייזען פון דיא בעריהמטע מענער, וועלכע זיינען געפאהרען אויף'ן אייז־מעער ענטדעקען נייע לענדער און נייע מעערן. אין דער צייט פון'ם שנעע שטורם, וועלכען זיי האבען נור וואס איבערגעלעבט, האט ער זיי דערצעהלט דיא געשיכטע פון'ם בעריהמטען שיפסקאַפּיטאַן הענרי הודזאָן.

זייט די‌א ענגלענדער זיינען בעקאַנט געוואָרען מיט׳ן ווייסען מעער אין רוסלאַנד, האָט זיך אין דער שטאָדט אַרכאַנגעלסק געגרינדעט א געזעלשאַפט אונטערן נאָמען: מאָסקאָווי־אינגליש פּאָלאַר קאָמאַירשעל קאָמפּאַני Moscovy-English Polar-Commercial Company. דער צוועק פון דיעזער קאָמפּאַני איז געווען אויסצובייטען די‌א רייכקייטען פון׳ם אייז־מעער, אויסצוזוכען, וואו עס געפינען זיך פיעל זעע הינד און וואַלפישען און צו שיקען שיפען זיי צו פאַנגען. די‌א קאָמפּאַני האָט געהאַט צוויי קאַנטארען, איינעם אין אַרכאַנגעלסק אונטער דער פערוואַלטונג פון רוסען און איינעם אין לאָנדאָן אונטער דער פערוואַלטונג פון ענגלענדער. אין 1607 האָט די‌א ענגלישע פערוואַלטונג פון דער קאָמפּאַני געפאַסט דעם פּלאַן צו פאָהרען קיין יאַפּאַן איבערן אייז־מעער. זי‌א האָט איבערגעגעבען די‌א אויספיהרונג פון דיעזען פּלאַן דעם פעהיגען קאַפּיטאַן הענרי הודזאָן. דעם 1טען מאַי 1607 איז הודזאָן ארויסגעפאָהרען פון׳ם ענגלישען פּאָרט בריסטאָל, אויף א גאַנץ קליינער באַרקע מיט׳ן נאָמען „האָפּוועל“. ער האָט געהאַט מיט זיך נור צוועלף מאַטראָזען. הודזאָן האָט זעהר גוט געקענט די‌א געפאַהרען, וועלכע ערוואַרטען איהם אויף זיין קליינעם שיפעל, וועלכעס ער אַליין האָט גערופען: א שאָלעכיץ פון א נוס. ער איז אבער געווען מוטהיג און איז געווען פעסט איבערצייגט, אז ער וועט דער־גרייכען זיין ציעל. און ווירקליך, דעם 13טען יוני איז ער אַנגעקומען קיין גרענלאַנד און איז געפאָהרען ביי די‌א ברעגעס פון דיעזען זאָנדערבאַרען לאַנד ביז דען 22טען יוני, ווען ער איז צוגעקומען צו א הויכען באַרג. ווייטער האָט ער ניט געקענט פאַהרען. גרויסע אייז־פעלדער און אייז־בערג האָבען איהם פערשפּאַרט דעם וועג. הודזאָן איז ניט געווען פערצווייפעלט. ער האָט א נאָמען געגעבען דעם באַרג אין גרענלאַנד, פון וואַנען ער האָט זיך געמוזט אומקעהרען „האָלד וויטה האָפּ“ Hold with Hope שטעה מיט האָפנונג.

ער האָט זיך אומגעקעהרט, איז אבער ניט געפאַהרען צוריק אַהיים, זאָנדערן האָט געזוכט אַנאַנדער וועג דורכצופאָהרען דאָס אייז־מעער. ער איז געפאַהרען מעהר קיין אָסטען, דאָס הייסט, דרומית מזרחית און דעם 14טען יולי איז ער צוגעקומען צו דער מערקווירדיגער אינזעל שפּיצבערגען. אויף דיעזער אינזעל איז דאַמאַלס געווען די‌א וואַרמסטע צייט. ביי אונז וואָלט עס געהייסען זומער. אַלע בערג אויף דער אינזעל זיינען געווען בעדעקט מיט טיעפען שנעע, נור ביי די‌א ברעגעס פון׳ם ים האָט זיך אין איינינע ערטער געוויעזען די‌א ערד און איינינע גראָזען. אין איין אָרט האָט ארויסגע־קוואָלען פון דער ערד א גאַנץ הייסער ברונען. הודזאָן האָט דאָרט אויפגעשלאָגען זיין לאַגער, ער האָט געהאַט וועניג פּראָוויאַנט און אויף דער אינזעל זיינען דאַמאַלס געווען זעהר פיעל פייגעל, פיקס, ווייסע בערן און איינינע קליינע חיות. ער מיט זיינע מאַטראָזען זיינען ארויסגעגאַנגען אויף דער יאַגד און זיינען קיין מאָל ניט צוריקגעקומען לעדיג. ער האָט פערבראַכט אויף דער אינזעל א גאַנצען מאָנאַט, האָט זיך אַנגעגרייט א גרויסען פאָרראַטה פון פיקסען פעל און פון פריש פלייש פון פייגעל און איז ווייטער געפאַהרען זוכען א וועג איבערן אייז־מעער. ליידער, האָט ער מיט זיין קליינעם און שוואַכעס שיף ניט געקענט פאַהרען גאַנץ ווייט. אין יענער צייט האָט מען נאָך ניט געוואוסט פון קיין דאַמפּף־מאַשין און פאָהרען מיט א זעגעל־שיף אין אויגוסט אויפ׳ן אייז־מעער איז ניט

אזוי לייכט. ערשט ענדע אויגוסט האט ער איינגעזעהן, אז עס איז אונמעגליך ווייטער צו פאהרען. ער האט זיך אומגעקעהרט אהיים און ענדע סעפטעמבער איז ער אנגעקומען קיין לאָנדאָן.

דיא קאָמפּאַני איז נים געווען צופריעדען מים איהם. אָבוואָהל ער האט ענטדעקט פיעלע אינזלען, אויף וועלכע עס זיינען געווען זעהר פיעל זעע הינד און אנדערע מינים פיש און ער האט געבראכט אהיים פיעל פיקסען־פעל. דאס אלעס האט ניט געדעקט דיא הוצאות, וואס זיי האבען אויסגעלעגט אויף דיעזער עקספּעדיציאָן. דיא געלערנטע וועלט אבער האט אויפגעחאפּט הודזאָן׳ס טאגע־בוך און האט עס געלאָזט דרוקען אין פערשיעדענע שפּראכען. הודזאָן האט זעהר ריכטיג בעשריעבען דיא אינזעל שפּיצבערגען און פיעלע אנדערע אינזלען אין אייז־מעער. ער איז געוואָרען בעריהמט אלס טיכטיגער קאפּיטאָן און א האָללענדישע געזעלשאפט האט איהם איינגעלאדען צו זיך און האט איהם איבערגעגעבען א שיף „דע האלווא מאאן״ (דיא האלבע לבנה). דעם 25טען מערץ 1609 איז ער ארויסגעפאהרען פון׳ם האָללענדישען פּאָרט, „טעקסעל״ און איז ווייטער געפאהרען צום אייז־מעער. ער איז צוגעקומען צו דער גרויסער אינזעל „נאָוואיא זעמליא״, האט אבער אויף קיין פאל נים געקענט ארויפגעהן אויף דער אינזעל. עס האבען זיך אנגעזאמעלט ארום דער אינזעל א זעלכע גרויסע מאסען אייז־בערג, אז דיא מאטראָזען האבען זיך דערשראָקען און האבען אנגעהויבען צו פאָרדערן, ער זאל זיך אומקערן. הודזאָן האט זיי קוים איינגעבעטען זיי זאלען פאהרען מיט איהם ווייטער, ניט צום אייז־מעער, זאנדערן קיין אמעריקא ענטדעקען נייע געגענדען און נייע לענדער אין נאָרד־אמעריקא.

נור מים שווערער מיה איז עס איהם געלונגען זיך איינצובעטען ביי זיינע מאטראָזען, זיי זאָלען פאָהרען מים איהם ווייטער. זיי זיינען געווען אזוי איבערגעשראָקען פאר דיא ערשטע שוויעריגקייטען און דיא שרעקליכע אייזבערג, וועלכע זיי האבען בעגעגענט, אז זיי האבען נור געוואָלט פאָהרען אהיים, קיין האָללאנד. ער האט פאָרגעשטעלט זיינע מאטראָזען, אז זיי מוזען דאָך זעהן עפּעס צו טהאָן פאר דער קאָמפּאַני, וועלכע האט זיי געשיקט אום צו דעקען דיא קאָסטען פון דער עקספּעדיציאָן. ענדליך, האבען דיא מאטראָזען איינגעוויליגט צו פאָהרען קיין אמעריקא.

זייט קאָלומבוס האט ענטדעקט אמעריקא אין 1492 האט מען נור געוואוסט פון זיד־אמעריקא און פון דיא הייסע לענדער אין אמעריקא. נאָרד־אמעריקא אבער איז געווען נאָך זעהר וועניג בעקאנט. מען האט געמיינט, אז דאָרט איז זעהר קאלט און עס לוינט ניט צו פאָהרען אהין. הודזאָן איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט זיך איינגעשטעלט צו ערפאָרשען דיעזע געגענדען.

דעם 3טען אויגוסט 1609 האט ער ענטדעקט א גרויסע בוכטע. ער האט פערי־אנקערט זיין שיף און האט זיך געזעצט מיט צעהן פון זיינע מאטראזען אין צוויי קליינע שיפלעך. זיי זיינען ארומגעפאָהרען דיא גאנצע בוכטע, האבען געזעהן, אז דאס לאנד איז איבעראָל בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער פון אלערליי פריכטע. דאס איז געווען דער פּאָרט פון ניו־יאָרק. דער אָרט, וואו זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויפ׳ן לאנד, איז דאָרט, וואו עס שטעהט היינט דער קעסל־גאַרדען. דאָרט זיינען געשטאנען עטליכע

געצעלטען פון דיא ערשטע איינוואָינער, דיא אינדיאנער. הודזאָן האט מיט זיי ניט געקענט רעדען. דורך צייכענס האט ער זיי אויסגעפרעגט, וואס זיי האבען עפּעס איבעריג. ער האט געגעבען זייער הייפּטלינג א פּרעזענט א רויטע פּאטשיילע. דער הויפּטלינג האט איהם געשענקט עטליכע פעל פון ביבער. עס האט זיך באלד אנגעהויבען א האנדעל. הודזאָן האט געגעבען דיא ווילדע זאכען פון אייראפּא: מעסערליך, גלעקעלעך, גלאָז קאָראלען און אנדערע קלייניגקייטען און זיי האבען איהם געגעבען עסענווארג, פייגעל, בעזאָנדערעס ווילדע אינדיקעס און פעל פון ביבער.

פון דיא איינוואָינער איז ער געוואָהר געוואָרען, אז זיי הייסען מאנהאטאָס, דער פאר האט ער א נאמען געגעבען דאס שטיק לאנד, אויף וועלכען יעצט שטעהט דיא שטאדט ניו־יאָרק מאָננהאטאן Mannhatan.

ער האט פערבראכט אויף דעם אָרט, וואו היינט שטעהט דער קעסל־גארדען עטליכע טעג און איז געפאָהרען ווייטער אויפ'ן גרויסען טייך, וועלכער פליעסט לעבען קעסל־גאַרדען און וועלכער הייסט אויף זיין נאמען „הודזאָן“ Hudson. ער איז געפאהרען ארויף וואסער ביז אין דעם אָרט, וואו עס שטעהט היינט דיא שטאדט אָלבאני. וואו ער איז געקומען האבען איהם דיא ווילדע מענשען, וועלכע האבען געוואָינט אין דיעזער געגענד, זעהר פריינדליך אויפגענומען און האבען איהם געבראכט זעהר פיעל פעל פון אלערליי חיות, בעזאָנדערס אבער פון ביבער. ער האט א נאמען געגעבען דיא געגענד „נידערלענד“, דאס נייע לאנד. ער האט אויסגעפונען, אז דאס לאנד ארום איז זעהר גוט און פרוכטבאר און פאסט גאנץ גוט פאר א קאָלאָניע. ער איז צוריקגעפאהרען קיין האָללאנד, האט מיטגעטהיילט דער קאמפּאני, וועלכע האט איהם געשיקט, אלעס וואס ער האט אויסגעפונען און ענטדעקט. דיא קאמפּאני האט באלד ארויסגעשיקט אנדערע שיפען אין דאס נייע לאנד און אין 1613 האבען זיי געגרינדעט א שטאדט, וועלכע זיי האבען א נאמען געגעבען „ניי־אמסטערדאם“, היינט הייסט עס „ניו־יאָרק“.

הודזאָן'ס נאמען איז געווארען בעריהמט אין דער וועלט. אן ענגלישע קאמפּאני האט איהם איינגעלאדען צו זיך. אזוי וויא ער איז אליין געוועזען אן ענגלענדער און האט געהאט אויפ'ן וועג זעהר פיעל אונאנגעהמליכקייטען פון דיא האָללענדישע מאטראזען, איז ער בעסער איינגעטרעטען צו דער ענגלישער קאמפּאני, וועלכע האט איהם געגעבען א גוטעס שיף פערזאָרגט מיט אלעס נייטיגען.

דעם 17טען אפּריל 1610 איז ער ארויסגעפאהרען מיט זיין שיף און איז ווייטער געפאהרען צום אייז־מעער. ער האט אלץ געוואָלט דערגרייכען זיין צוועק — דורכצר פאהרען דאס אייז מעער פון איין עק צום אנדערן. דעם 1טען יוני איז ער געקומען קיין גרענלאנד, האט אבער ווייטער געטראפען זעהר פיעל אייז־בערג און האט געמוזט זוכען אנאנדער וועג. ער האט באלד ענטדעקט א גרויסע בוכטע, א גרויס שטיק מעער, וועלכעס שניידעט זיך איין אין לאנד פון אמעריקא. דיעזע בוכטע הייסט ביז אויף היינטיגען טאג הודזאָן'ס ביי Hudson's Bay הודזאָנ'ס בוכטע.

לײדער, ווייס מען ניט, וואס איז ווייטער געשעהן מיט איהם. זיין טאגע־בוך ענדיגט

זיך מיט'ן 3טען אויגוסט 1610.

מיט אזעלכע געשיכטען האט קאפּיטאן האטעראס געזוכט אויפצומונטערן זיינע

מאטראזען און זיי וויזען, אז ווען מען האט נור מוטה און ענטשלאָסענהייט, קען מען זעהר פיעל דערגרייכען. דיא מאטראזען פלעגען איהם אויסהערן אויפמערקזאם. זיינע רעד האבען אויף זיי געווירקט. זיי פלעגען זיך דערנאך נעהמען פלייסיגער צו דער ארבייט און פלעגען אויספאָלגען פּונקטליך אלע זיינע בעפעהלע. נור איין שאנדאן איז געבליעבען אונצופריעדען און פלעגט שטענדיג מוררען (וואָרטשען). וואס דער קאפּיטאן האט געטהאן, איז איהם ניט געפעלען. ער פלעגט זוכען אויפצורייצען אייניגע מאטראזען, וועלכע האבען אויך בעסער געוואָלט זיין אין דער היים, איידער צו פאהרען אויפ'ן אייז־מעער און קעמפּפען בעשטענדיג מיט אייזבערג און מיט אייז־פעלדער.

דעם 18טען יוני איז דיא „פאָרוואַרד" אריינגעקומען אין א קאנאל, וועלכער הייסט „מעלוויל קאנאל". דיעזער קאנאל איז א שמאָל שטיק מעער צווישען צוויא אינזלען. ווען מען פאָהרט אין דיעזען קאנאל, זעהט מען פון ביידע זייטען דיא הויכע בערג אויף דיא אינזלען, וועלכע זיינען בעדעקט מיט אייביגען אייז און שנעע — שטומע צייגען (עדות) פון טויזענדער און צעהן טויזענדער יאהרען.

דער מעלוויל קאנאל איז צוואר געווען פריי, אויף איהם איז ניט געווען פיעל אייז און דיא „פאָרוואַרד" האט געקענט גאנץ רוהיג פאהרען. דאס איינציגע, וואס איז געווען אונאנגענעהם אין דיעזען קאנאל, איז געווען דיא ענדערונג פון'ם ווינד. אָט האט געבלאָזען א ווינד פון צפון זייט, פּלוצלונג האט זיך אויפגעהויבען א ווינד פון דרום זייט; אָט איז גאר געווען שטיל, עס איז גאר קיין ווינד ניטא. פּלוצלונג אין א מינוט ארום האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורם. אזא שנעלע ענדערונג פון'ם ווינט געפינט מען אין ערגעץ ניט אויסער אין דיעזער געגענד.

דער 23טער יוני איז געווען א שעהנער טאג. דיא זון האט געשיינט און עס איז גאר ניט געווען קיין ווינד. דער דאקטאר און דיא מאטראזען זיינען געווען העכסט צופריעדען, וואס זיי וועלען שוין באלד ארויספאהרען פון דיעזען געפעהרליכען קאנאל. זיי האבען זיך אבער צו פריה געפרייט. אום צעהן אוהר איז פּלוצלונג אנגעקומען א שרעקליבער שטורמווינד. דאס מעער האט געקאָכט וויא א קעסעל. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואָלקענס און עס האט אנגעהויבען צו שיטען א געדיכטער שנעע. דיא וועללען (חוואליעס) האבען געשפּריצט פון אלע זייטען, אז מען האט ניט געוואוסט, וואס עס געהט: א רעגען אדער א שנעע. דער קאפּיטאן האט געהייסען צונויפציעהען אלע זעגעל, אבער איידער דיא מאטראזען האבען צייט געהאט אויסצופיהרען זיין בעפעהל, האט דער ווינד אראָפּגעריסען א שטיק זעגעל מיט'ן זעגעלבוים.

דער דאקטאר האט זיך געמוזט צובינדען צו זיין קאיוטע זאָנסט וואָלט דער ווינד איהם געווען אראָפּגעטראגען אין ים. ער האט אבער אויף קיין פאל ניט געוואָלט אריינגעהן צו זיך אין קאיוטע. ער האט געוואָלט בעטראַכטען דיעזע זעלטענע ערשיינונג. מען האט געזעהן גאנץ דייטליך, אז דער שטורם וויטהעט נור אויף איין אָרט, אויף צוויי—דריי מייל ארום. ווייטער איז דאס מעער געווען רוהיג. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ווען דאס שיף זאל נור קענען דורכלויפען דיא פּאָר מייל, וואָלט זיא זיך געפונען אין א שטילערן מעער. דאס איז אויך געווען גאנץ ריכטיג. דער שטורם האט געהערשט און געליארמט נור אין א טהייל פון'ם קאנאל. קאפּיטאן האטטעראס האט עס געזעהן

בעסער פון אלע, ווייל ער איז געשטאנען אויף זיין קאפּיטאנס־בריקעל און האט קאמאנ־
דירט מיט א רוהיגער פעסטער שטימע. ער האט געהייסען טרייבען דאס שיף מיט
וויפיעל דאמפף עס איז נור געווען און איז ווירקליך אין א קורצער צייט ארויסגעפאהרען
פון'ם שטורם. הינטער דעם שיף האט דאס מעער געקאָכט, געזאָטען און געל'ארמט;
דאס שיף אבער איז געשוואומען אין רוהיגעס וואסער.

דער דאקטאר האט זיך אפּגעבונדען פון זיין קאיוטע און איז געגאנגען בעטראכטען
דאס זאָנדערבארע בילד, וואס האט זיך יעצט פארגעשטעלט פאר זיינע אויגען. דער
שטורם האט ארויסגעריסען פיעלע אייז־בערג פון זייער אָרט, וואו זיי זיינען געווען צו־
געפראָרען; ער האט ווייטער אראָפּגעוואָרפען גרויסע מאסען אייז און פערפראָרענעס
שנעע פון דיא בערג. דיעזע מאסען אייז האבען יעצט געטאַנצט א זאָנדערבארען שרעק־
ליכען טאַנץ אויף דיא חוואליעס, וועלכע זיינען געווען הויך, וויא דיא בערג. אזא טאַנץ
פון אזעלכע ריעזען האבען זאגאר אלטע מאטראזען נאך קיין מאל ניט געזעהן.

דער דאקטאר האט זיך ניט געקענט אפּרייסען פון דיעזען וואונדערבארען שפּיעל,
וועלכעס דער אלטער ים שפּיעלט זיך מיט זיינע אור אייניקלעך — דיא אייז־בערג. אין
דיעזע מינוט איז צו איהם צוגעגאנגען דער מאטראז סימפּסאן און האט איהם געוויעזען
אויפ'ן רוהיגען מעער. דער דאקטאר האט געזעהן מיט שטוינען, אז דאס מעער האט
אין ערטער א גאנץ בעזאָנדער פארב. אין ערטער זיינען געווען לאַנגע פּאסען וואסער
פון דונקעל בלויער פארב; לעבען זיי, זיינען געווען פּאסען פון אָליוו גרינער פארב און
אין אייניגע ערטער זיינען געווען פּאסען פון א ראָזא פארב. וויא ווייט דאס אויג האט
נור געקענט זעהן, איבעראל האט דאס מעער געענדערט זיין פארב. אין דער מיט זיינען
געווען פּאסען וואכער פון געוועהנ'ליכער מעער פארב. דער דאקטאר האט אויסגעגלאָצט
א פּאָר אויגען און האט ניט געוואוסט אויף וואס פריהער צו קוקען.

— נו, וואס זאגט איהר, דאקטאר? האט איהם סימפּסאן געפרעגט. קענט איהר
מיר ערקלערן, וואס דאס איז? קענט איהר מיר זאגען, פאר וואס דאס מעער ענדערט
זיין פארב?

דער דאקטאר האט אנגעהויבען צו טראכטען. ער האט דאריבער א מאל געלעזען
אין א בוך און האט זיך געוואָלט דערמאנען, וויא אזוי א געלערנטער האט עס דער־
קלערט. דער מאטראז סימפּסאן איז שוין עטליכע מאל געווען אויפ'ן אייז־מעער. ער
האט עטליכע יאהר געדיענט אויף א שיף, וועלכע איז געפאהרען פאנגען וואלפישען און
האָט געקענט דאס אייז־מעער בעסער פון'ם דאָקטאָר.

— דאס מעער אליין האט גאר קיין פארב ניט, האט אנגעהויבען צו ערקלערן
דער געלערנטער דאקטאר. ווען מיר נעהמען וואסער פון'ם מעער אין א גאנץ ריינעס
גלאָז, זעהן מיר, אז דאס וואסער איז גאַנץ קלאָר און ווייס. ווען מיר שיטען אן רויטע
זאַמד אין גלאז און גיסען דארויף ארויף דאס וואסער, דאכט זיך אונז, אז דאס וואסער
איז רויט. מיר ווייסען, אז דיא אלטע אראבער האבען א נאמען געגעבען זייער מעער
דאס „רויטע מעער“, ווייל דער זאמד אין פיעלע ערטער איז רויט. דאס שווארצע מעער
ציינט אויך דאס זעלבע; אין פיעלע ערטער איז דער באדען בעדעקט מיט א שווארצע
בלאָטע, דער פאר הייסט עס דאס „שווארצע מעער“. ווען מיר זעהן דא, אז דאס

מעער איז אין ערטער בלוי, אין ערטער גרין און אין ערטער רויט, קומט עס דערפון, ווייל דאס מעער איז דא ניט טיעף און מיר זעהן ארויס דעם באָדען.

— נו, זעהט איהר, דאָקטאָר, האט דער מאטראז געענטפערט מיט א גלעכטער, דא האט איהר ניט געטראָפען. דא ווייסט שוין אן איינפאכער מאטראז, וועלכער האט פערבראכט עטליכע יאהר מיט פאנגען וואלפישען פיעל מעהר פון אייך. — דאס וואסער פון׳ם מעער ענדערט דא זיינע פארבען דערפאר, ווייל אין איהם שווימען יעצט מיליאָנען מיליאָנען גאנץ קליינע בעשעפענישען, א סאָרט קרעבסען, וועלכע האבען דיא פארב, וואס מיר זעהן. וואו דאס מעער איז בלוי, שווימען בלויע קרעבסע, וואו עס איז פון ראָזא פארב, דאָרט שווימען קליינע קרעבסע פון ראָזא פארב. דיעזע קליינע בעשעפענישען זיינען דיא איינציגע שפייז פון׳ם וואלפיש. איהר ווייסט דאָך געוויס, דאקטאר, אז דער וואלפיש האט א גרויס מויל, אבער א גאנץ קליינעם האלז. זיין האלז איז אזוי קליין, אז ער קען קיין הערינג ניט איינשלינגען. ער נעהמט אן א פול מויל מיט וואסער מיט דיעזע קליינע קרעבסע. דאס וואסער לאָזט ער ארויס דורך זיינע נאזלעכער אזוי וויא צווייא זיילען דאמפף פון א לאָקאָמאטיוו, און דיא קליינע קרעבסען פערשלינגט ער.— איך קען מיך וועטען מיט אייך, דאָקטאָר, אז איהר האט קיין מאל ניט געזעהן, וויא א וואלפיש עסט?

דער דאָקטאָר האט געשטאנען איבערראשט און ערשטוינט. דער איינפאכער מאטראז האט איהם געגעבען א גוטע לעקציאָן. צוואר אין דאס ביי איהם קיין נייעס ניט געווען. ער האט שוין דאריבער פיעל מאל געלעזען, ער האט עס אבער צום ערשטען מאל געזעהן און דיעזע ערשיינונג האט איהם איבערראשט.

— איך האב געוויס קיין מאל ניט געזעהן, וויא א וואלפיש עסט, האט ער גע־זאָגט, קיין וואלפיש האט מיר נאך ניט געוויזען דיא עהרע מיך איינצולאדען צום מיטאג און איך וויים ניט, וואס פאר א מאכל ער ליעבט בעסער, א סטייק אדער א גע־בראטענס.

— איהר שפאסט, דאָקטאָר! האט סימפסאן געזאגט. איך האב אבער יא געזעהן, וויא א וואלפיש עסט, און וויים, אז ער ליעבט בעסער דיא גרינע בעשעפענישען פון אלע אנדערע. איך וויים, אז קוים האבען מיר דערזעהן א גרין שטיק מעער, האבען מיר שוין אנגעגרייט אונזערע שיפלעך און אונזערע אינסטרומענטען צו פאנגען דיא וואלפיש, ווייל מיר זיינען געווען זיכער, אז דיא וואלפישען וועלען קומען עסען און מיר וועלען זיי פאנגען.

— דאס קען זיין, האט דער דאקטאר געזאגט, אבער זעהט, מיר פאהרען שוין א האלבע שטונדע אין דיעזען זאָנדערבארען מעער און האבען נאך קיין וואלפיש ניט געזעהן. ווען זיי האבען דא אזא רייך געדעקטען טיש מיט אלערליי שפייזען: בלויע, גרינע און רויטע, פאר וואס קומען זיי ניט עסען? אדער זיינען דיא וואלפישען פון דיעזער געגענד ניט הונגעריג? פיעלייכט קומען זיי ערשט פון א באלל, וואו זיי האבען זיך גוט אנגעגעסען?

— איהר שפאסט ווידער, דאקטאר! האט זיך געבייזערט דער מאטראז. דאס איז דערפאָר, וואס איהר זייט קיין מאל ניט געפאהרען פאנגען קיין וואַלפישען און איהר

קענט דיא נאַטור פון דיעזע זאַנדערבאַרע טהירע נור פון אייערע גראַבע ביכער. איך קען וועטען, אז איהר האט קיין מאל קיין וואלפיש ניט געזעהן.

דער דאקטאר איז געוואָרען רויט. ער האט ווירקליך נאך קיין מאל קיין וואל־פיש ניט געזעהן. ער האט אבער דאך געוואָלט עפּעס ענטפערן, ווען דער מאטראז איז צוגענאנגען צו איהם נעהנטער און האט איהם געזאגט:

— קוקט נור אהער, דאָרט, וואו דאס וואסער פוּ'ם מעער איז שטארק גרין. וואס זעהט איהר דאָרט?

דער דאקטאר איז געווען קורצזיכטיג. ער האט גאר נישט געזעהן אין דער געגענד, וואו דער מאטראז האט איהם געוויזען ער האט גענומען זיין שפּעקטיוו און האט זיך צוגעקוקט.

— איך זעה א ווייסען פּאַס פון שוים, אזוי וויא דיא שפור, וואס א שיף לאזט איבער הינטער זיך, ווען עס געהט שנעל.

— נו, דאקטאר, האט געלאַכט סימפּסאן. דא איז קיין שיף ניט געגאנגען, אונזער „פּאָרוואר" איז דאס איינציגע שיף, וועלכעס געפינט זיך יעצט אין דיעזע וואסערן. וויא קומט עס, וואס אויפ'ן מעער האט זיך געוויזען אזא ווייסער פּאַס שוים? ערקלערט עס, דאקטאר?

דער דאקטאר האט געשוויגען. ער האט ווירקליך ניט געקענט זיך ערקלערן, וויא עס קומט, אז אויפ'ן מעער האט זיך פּלוצלונג געוויזען אזא פּאַס שוים.

— זאגט, אז איהר ווייסט ניט, געלערענטער דאקטאר. דא איז געשוואומען א וואלפיש און ער האט עס אנגעמאכט דעם שוים. ווען דער וואלפיש איז שטארק פעט, שוויצט ער אויס פעטקייט פון זיך, וועלכעס שווימט אויפ'ן וואסער און וויזט, וואו ער איז. איך קען אייך פערזיכערן, דאקטאר אז דער וואלפיש איז ניט ווייט.

דער דאקטאר האט געשוויעגען און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. פּלוצלונג האט דער מאטראז, וועלכער איז געשטאנען אויפ'ן בריקעל, אויסגעשריען:

— א וואלפיש הינטער דעם שיף!

אלע האבען זיך אומגעקעהרט און האבען זיך צו געקוקט. ניט ווייט פון'ם שיף, און ערך פון א האלבע מייל האט מען געזעהן צוויי הויכע זיילען וואסער, וועלכע דער וואלפיש האט ארויסגעשפּריצט פון זיינע נאזלעכער.

— אך, ווען דער קאַפּיטאן זאל מיר ערלויבען איהם צו פאנגען! האט אויסגע־שריענען סימפּסאן.

אין איהם האט זיך אויפגעחאַפּט דער אלטער וואלפיש פאנגער. עס האט זיך איהם זעהר געוואָלט קעמפּפען מיט דיעזען ריעז פון דיא קאַלטע מעערן און איהם בעזיעגען. ער האט געוואָלט וויזען דעם דאקטאר, אז אויף וואלפישען פערשטעהט ער מעהר, אלס דער געלערנטער מאן.

צו זייער אלעמענס ערשטוינען האט קאַפּיטאן האטטעראס געהייסען אראָפּלאָזען דיא קליינע שיפלעך מיט אלע אינסטרומענטען צו פאנגען וואלפישען. מעגליך, אז ער האט אומיסטען געוואָלט מאכען דיא מאטראזען א פערגניגען, אדער ער האט ווירקליך געוואָלט זיך אנגיעסען אייניגע פעסלעך פישטראָהן, וועלכע קענען איהם נוצען אלס

הייצונג און בעלייכטונג, וויא אייניגע עסקימאָסען טהוען, ווען עס פעהלט זיי אויס האָלץ, בעזאָנדערס ווען דיא קעלט איז שטארק און דאס מעער איז שטארק בעדעקט מיט אייז, אז דאס שווימענדע האָלץ קען ניט צוקומען צום ברעג, גיעסען זיי אן דאס שמאַלץ פון׳ם וואלפיש אין א גרויסער שיעסעל, לעגען אריין מאָאָס (מאָך) אלס א קנויט און צינדען עס אן. דאס מאַכט זיי ווארים און אויף דיעזען זאָנדערבארען לאָמפּ קאָכען זיי זייער עסען. קאפּיטאן האטטעראס האט זיך געריכט צו פערברענגען ניט איין ווינטער אין דיעזע קאלטע געגענדען און האט געוואוסט, אז דער פישטראָהן קען איהם צו־ניץ קומען.

דיא מאטראזען זיינען געוועזן העכסט צופריעדען, וואס מען האט זיי ערלויבט צו פאַנגען דעם וואלפיש. אין איין מינוט האט מען אראָפּגעלאָזען דאס שיפעל, וואס איז איינגעריכטעט צו פאנגען וואלפישען. דשאנסאן האט זיך געשטעלט ביים רודער, סימפסאן האט זיך געשטעלט פון פאָרנט מיט דער הארפּונע אין דער האנד און דיא אנדערע מאטראזען האבען זיך געשטעלט פון ביידע זייטען. דער דאקטאר איז אויך נאכגעשפּרונגען אין שיפעל. דיא מאטראזען האבען איהם ניט געוואָלט מיט נעהמען, ווייל ער קען זיי דאך גאר ניט העלפען. ער האט אבער אויף קיין פאל ניט געוואָלט ארויסגעהן פון שיפעל און זיי האבען איהם געמוזט מיטנעהמען.

דאס מעער איז געוועזן רוהיג און מען האט דייטליך געזעהן אלעס, וואס דער וואלפיש האט געטהאן. ער האט אפּגעגעסען א גוטען מיטאג און האט זיך געשפּיעלט אין וואסער. באלד איז ער פערשוואונדען אונטערן וואסער און מען האט איהם ניט געזעהן; באלד איז ער ווייטער ארויפגעקומען און האט אנגעהויבען ארויסצולאָזען פון זיך צוויי הויכע זיילען וואסער מיט דאמפּף. עס איז געוועזן א הערליכעס שוישפּיעל צו זעהן דיעזע געוואלטיגע חיה, דיעזען ריעז, וויא ער האט זיך געשפּיעלט פערגניגט אין אייז־קאלטען מעער.

פאר דיא יעניגע פון מיינע לעזער, וועלכע וויסען ניט, וויא אזוי מען פאנגט אזא געוואלטיגע חיה, וויל איך עס ערקלערן אין קורצע ווערטער.

דעם וואלפיש פאַנגט מען מיט א הארפּונע. דאס איז א מין קורצער אייזערנער שפּיעז, וועלכער איז אונטען דין און שארף, וויא א נאָדעל, ער ווערט אבער אלע מאל גרעבער און שווערער. דיעזער שפּיעז איז צוגעבונדען צו א גאנץ לאנגען שטריק, וועלכער איז ארומגעבונדען ארום א רעדעל אויף דעם שפּיץ פון׳ם שיפעל. דאס שיפעל געהט צו גאנץ שטיל צום וואלפיש און דער הארפּונעווארפערווארפט ארויף אויפ׳ן וואלפיש דיא הארפּונע מיט דער שפּיציגען זייט אין זיין קערפּער. דער שווערער שפּיעז קריעכט אריין אלץ טיעפער און טיעפער אין דעם שמאלץ פון׳ם וואלפיש. אנפאנגס פיהלט עס דער וואלפיש ניט; ווען דיא הארפּונע קריעכט אבער אריין טיעפער אין זיין קערפּער און בעריהרט זיין פלייש, הייבט עס איהם אן וועה צו טהאן און ער לאזט זיך אראָפּ אונטערן וואסער. דאמאלס לאזט מען אפּ דעם לאנגען שטריק, צו וועלכען זיא איז צוגעבונ־דען. דער וואלפיש קען ניט בלייבען לאנג אונטערן וואסער. ער אטעהמט מיט לונגען, וויא א מענש און מוז האבען לופט. ער מוז באלד ארויפשווימען אום צו אטעמען. דיא הארפּונע ליעגט בעגראבען טיעף אין זיין קערפּער און איז צוגעבונדען צום שיפעל. דאס

שיפעל קומט ווייטער צו איהם שטילערהייט און מען ווארפט אין איהם אריין נאך א הארפונע. מייסטענס טהוט עס אנאנדער שיפעל. דער וואלפיש לאזט זיך ווייטער אראפ אונטערן וואסער, בלייבט דארט איינינע מינוט און מוז ווידער ארויפקומען, דאס מאל איז ער שוין שוואכער.ביידע הארפונען האבען זיך איינגעגראבען אין זיין קערפער, דאס בלוט הייבט אן צו פליעסען פון זיינע וואונדען און פערפארבט דאס מעער אויף א גרויסע שטרעקע מיט א רויטער פארב. דער וואלפיש רייסט זיך און ווארפט זיך פאר ווייטאג אין אלע זייטען, דאדורך גראבען זיך דיא הארפונען נאך טיעפער איין אין זיין קערפער, ביז זיי לעכערן איהם דאס הערץ. ער שטרעקט זיך אויס און בלייבט ליעגען טויט אויפ'ן וואסער.

זעלבסטפערשטענדליך געלינגט עס ניט שטענדיג איהם אזוי לייכט צו פאנגען. דער הארפונעווארפער מוז זיין אן אלטער געשיקטער מאטראז און מוז וויסען, וואו צו טרעפען דעם וואלפיש. דער שטריק מוז זיין גענוג לאנג און דאס רעדעל מוז זיך שנעל דרעהן. עס זיינען פארגעקומען פעלע, ווען דער וואלפיש איז געווען ניט גוט געטראפען, אדער דער שטריק איז געווען ניט גענוג לאנג, אדער דיא מאטראזען ניט גענוג געשיקט און דער וואלפיש האט אריינגעשלעפט אין וואסער דאס שיפעל מיט אלע מאטראזען. עס זיינען פארגעקומען פעלע, ווען דער וואלפיש האט אנגעהויבען צו פאטשען דאס וואסער מיט זיין קרעפטיגען עק און האט צובראכען דאס שיפעל אויף שטיקלעך און דער הרגעט דיא מאטראזען.

דער וואלפיש יאגד איז זעהר געפעהרליך. מען מוז זיין גוט געאיבט און געשיקט אום אזא יאגד צו אונטערנעהמען. מען מוז גוט קענען דיא נאטור פונ'ם וואלפיש, זיין כאראקטער, זיינע געוואהנהייטען און דיא ארט וויא ער לעבט. עס זיינען דא פערשיעדענע סארטען וואלפישען. דער גוטער וואלפיש-פאנגער דערקענט שוין יעדען סארט און וייס, וואס פאר א הארפונע ער דארף צו איהם האבען —

איך קום יעצט צוריק צו מיין ערצעהלונג. דאס שיפעל מיט אונזערע מאטראזען איז געגאנגען גאנץ שטיל. דשאנסאן האט קוים געריהרט מיט'ן רודער. זיי זיינען צו־געקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער צום וואלפיש, וועלכער האט זיך גאנץ רוהיג געוויעגט אויף דיא חוואליעס פונ'ם מעער. זיין ברייטער, שווארצער רוקען האט אויס־געוויעזען, וויא א שטיין אין דעם גרינעם וואסער. ווען זיי זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צום וואלפיש, האט דער מאטראז סימפסאן אויפגעהויבען דיא שווער'ע הארפונע גאנץ הויך און האט זיא מיט א שרעקליכער קראפט אריינגעווארפען אין דעם ברייטען רוקען פונ'ם וואלפיש. דיא פערוואונדעטע חיה האט א ציטער געטהאן און האט זיך באלד אראפגעלאזען אונטערן וואסער. דשאנסאן האט שנ'על נאכגעלאזען דעם שטריק. דער וואלפיש האט געשלעפט דאס שיפעל מיט זיך מיט א שרעקליכער קראפט. ער איז געשוואומען צוריק אין קאנאל צווישען דיא אייז־בערג. דאס רעדעל, אויף וועלכען דער שטריק איז געווען ארומגעוויקעלט, האט זיך געדרעהט אזוי שנעל, אז מען האט געמוזט גיסען אויף איהם וואסער, ווען ניט, וואלט זיך דער שטריק געווען אנגעצונדען. ענדליך האט זיך דער וואלפיש געוויעזען אויפ'ן וואסער. ער האט אנגעהויבען צו שווימען אביסעל לאנגזאמער. דשאנסאן האט אנגעהויבען אויפצו וויקלען דעם שטריק אויפ'ן רעדעל.

דאדורך איז דאס שיפעל געקומען אלע מאל נעהנמער צום וואלפיש. יעצט ערשט האט מען געמוזט זיין זעהר פארזיכטיג, ווייל דער וואלפיש האט אנגעהויבען צו פאטשען אויפ'ן וואסער מיט זיין שרעקליכען עק.

דשאנסאן האט רעגירט דאס שיפעל זעהר געשיקט, סימפסאן איז געשטאנען בערייט מיט נאך א הארפונע זיא אריינצו ווארפען דער שרעקליכער חיה אין רוקען. פלוצלונג האט זיך דער וואלפיש א קעהר געטהאן און איז אריינגעשוואומען צווישען צוויא גרויסע אייז־בערג. דיא מאטראזען האבען מורא געהאט צו צו פאהרען צו דיא אייז־בערג.

— האָל איהם דער טייפעל! האט דשאנסאן אויסגערופען. איך געה ניט צו דיא איידבערג!

— געה ווייטער! טרייב דאס שיפעל! רודער! האט געשריען סימפסאן אויפ־געדעגט.

— איך געה ניט! האט געענטפערט דשאנסאן. עס איז געפערהליך צו רודערן אזוי נאהענט צו דיא אייז־בערג.

אין דער צייט, ווען זיי האבען זיך געשפארט, אויב זיי זאלען נאכפאהרען דעם וואלפיש אדער ניט, האבען דיא איידבערג ענטשיעדען דיא פראגע. דער וואלפיש האט אזוי שטארק אויפגעריהרט דאס וואסער ארום דיא איידבערג, אז ביידע אייז־בערג מיט אמאל האבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען, זיינען צוגעקומען איינער צום אנדערן מיט אזא מאכט, אז זיי האבען צוקוועטשט דעם וואלפיש, וויא מען צוקוועטשט אן איי ווען מען ווארפט אויף איהר ארויף א שטיין. דשאנסאן האט קוים צייט געהאט אפצו האקען דעם שטריק מיט א האק, זאנסט וואלט דער וואלפיש געווען מיטגעשלעפט דאס שיפעל אויך צווישען דיא איידבערג.

— מיר זיינען פערלאָרען! האט סימפסאן אויסגעשריען.

— מיר זיינען געדעטעט! האט געזאגט דשאנסאן און האט מיט אלע זיינע קרעפטען גערודערט צוריק פון דיא איידבערג.

— דאס איז ווערטה געווען צו זעהן, האט געזאגט דער דאקטאר רוהיג. אזא שוישפיעל האב איך נאך אין מיין לעבען ניט געזעהן. דערצו נאך קאסט עס קיין געלד אויך ניט. עס איז פריי.

ער האט ניט געוואוסט, אין וואס פאר א געפאהר זיי זינען געווען. ער האט קיין בעגריף ניט געהאט, מיט וואס פאר א שרעקליכער קראפט צוויא איידבערג שלאגען זיך א מאל צונויף. קאפיטאן סקארסבי דערצעהלט, אז אין איין זומער זיינען אין דער באפינס בוכטע דרייסיג וואלפישען געטייטעט געוואָרען פון אייז־בערג. א שיף איז א מאל אריינגעקומען צווישען צוויי אייז־בערג, וועלכע האבען זיך אנגעשלאגען איינער אן דעם אנדערן. זיי האבען דאס שיף אזוי צונויפגעקוועטשט, אז זיא איז געוואָרען פלאך. וויא א ברעט. אנאנדער אייז־בערג האט זיך א בייג געטהאן אויף א שיף און האט זיא דורך און דורך געלעכערט מיט איינעם פון זיינע שארפע שפיצען.

עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס דיא שיפסקאפיטאנע ציטערן אזוי, ווען זיי דערזעהן אייזבערג פון דערווייטען און זוכען צו אנטלויפען פון זיי. עס איז דיא

גרעסטע געפאהר פאר א שיף צו צו קומען נאהענט פון אן איידבערג. עס מאכט זיך א מאל, אז צווייא אייז־בערגע קומען זיך צונויף אין דער מיטען מעער, שלאגען זיך אן איינער אן דעם אנדערן און צוברעכען זיך מיט אזא ליארם גלייך וויא מען וואָלט אויסגעשאָסען מיט הונדערט קאנאנען.

אונזערע מאטראזען זיינען געווען זעהר אונצופריעדען, וואס זיי האבען דעם וואלפיש ניט געפאנגען, זיי האבען אבער געוואוסט, אז זיי האבען זיך גערעטעט פון א שרעקליכער געפאהר. זיי זיינען באלד צוגעקומען צום שיף און האבען ארויסגעשלעפט דאס שיפעל אויף איהר אָרט.

— זעהט איהר, האט שאנדאן געזאגט, דאס איז א לעקציאָן, איהר זאָלט ווייטער וויסען אז מען טאָר ניט ריזיקירען דאס לעבען און פאהרען אין אַ ענגען קאנאל.

דער דאקטאר האט זיך ווייניג געקימערט, וואס דשאנסאן האט געזאגט. ער האט גענומען אן עמער און האט אנגעשעפט דאס גרינע וואסער. דאַן האט ער אנגעגאָסען דערפו אין א גלאז. האט גענומען זיין מיקראָסקאָפּ און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא קליינע בעשעפענישען, פון וועלכע דער וואלפיש נעהרט זיך. אין גלאז האט מען זיי געקענט זעהן מיט'ן איינפאכען אויג. ער האט זיי אבער געוואָלט בעסער בעטראכטען דורכ'ן מיקראָסקאָפּ. ער האט געפונען, אז זיי זיינען א מין קרעבסע (ראקעס) אבער גאַנץ קליין און פון א שעהנער גרינער פארב.

— וויא פיעל אזעלכע קרעבסע דארף א וואלפיש פערשלינגען, ער זאל זיך אנעסען זאט? האט דער דאקטאר געזאגט צו זיך אליין און האט אנגעהויבען צו צעהלען, וויא פיעל קרעבסע עס געפינען זיך ביי איהם אין גלאז.

ער האט איבערגעצעהלט מעהר אלס צוויי הונדערט. מעהר האט ער ניט געקענט צעהלען. דיא קליינע קרעבסע האבען זיך געפיהלט אונבעקוועם אין גלאז און האבען זיך געריהרט, געדרעהט, פערוויקעלט און פערפלאָנטערט

13טעס קאפיטעל.

## דיא מאטראזען זיינען אונצופריעדען.

קאפיטאן האטטעראס האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער האט ווייניג קוילען. ער האט אבער זעהר גוט געקענט יענע געגענדען און האט געוואוסט, אז ער וועט באלד צו קומען צו אן אינזעל מיט'ן נאמען פרינץ־אלבערט, וואו ער וועט געפינען א פאָרראטה (זאפאס), וועלכען דער קאפיטאן מעק קליור האט געלאזען, ווען ער איז געפאהרען זוכען פראנקלין'ס עקספעדיציאָן. ער האט דאהער געטריעבען דאס שיף מיט פולען דאמפף אלץ ווייטער קיין נאָרדען. דער וועג איז געווען זעהר שווער. אויף יעדען שריט האט מען בעגעגנט מאסען אייז אין פערשיעדענע געשטאלטען: אייזבערג, אייזפעלדער און פאק אייז. קאפיטאן האטטעראס האט ניט גערוהט און האט דיא מאטראזען ניט געלאזט רוהען. זעהר אָפט האבען אלע געמוסט אראָפּגעהן פון'ם שיף און, שלעפען עס מיט שטריק. ביי אלע אנשטרענגונגען איז דאס שיף געגאנגען זעהר לאנגזאם.

זעהר אָפט איז אויסגעקומען, אז מען האט געמוזט פאהרען אייניגע מייל צוריק אום אויסצומיידען אן איידבערג. קאפיטאן האטטעראס האט זיך אַזוי געאיילט

צו פאהרען קיין נאָרדען, אז ער איז זעהר אָפט אריינגעפאהרען אין שמאָלע קאנאלען און האט פערלאָרען פיעל צייט און מיהע ארויסצופאהרען פון זיי. זיינע לאנד און מעער קארטען האבען איהם געוויעזען, אז דורך דיעזע קאנאלען וועט ער שנעלער קומען קיין נאָרדען, זיי האבען איהם אבער ניט געקענט זאגען, וואס פאר א געפאהרען עס ערוואר־טען איהם אין דיא שמאָלע קאנאלען, וואו דאס שיף האט זיך ניט וואו אויסצודרעהן.

דעם 14טען יולי זיינען זיי אנגעקומען אין דער בערינג־בוכטע. דארט האט דער קאפיטאן, סער עדווארד בעלטשער פערבראכט דעם ווינטער פון 1853—1854. דשאנסאן האט דאמאלס געדיענט אלס מאטראז אויף איינעם פון זיינע שיפען. אין איינעם פון דיא פאריגע קאפיטלעך האבען מיר שוין דערצעהלט, אז בעלטשער׳ס עקספעדיציאָן איז געוועזן איינע פון דיא אונגליקליכסטע. ער איז ארויסגעפאהרען מיט פינף שיפען און איז צוריקגעקומען נור מיט איינער. דיא איבעריגע זיינען ענטוועדער אונטערגעגאנגען אדער איינגעפרארען געוואָרען אין אייז. דשאנסאן האט דערצעהלט דיא טרויעריגע גע־שיכטע וויא דער יונגער, מוטהיגער און פעהיגער קאפיטאן בעלאָ איז אומגעקומען.

עס איז געוועזן דען 12טען אויגוסט 1853, האט דשאנסאן דערצעהלט, ווען קאפיטאן בעלאָ מיט פיער מאטראזען זיינען ארויסגפאהרען זוכען א גוטען פלאץ, וואו איבערצו ווינטערן. צווישען דיא פיער מאטראזען בין איך אויך געוועזן. מיר האבען געהאט מיט זיך דרייא שליטענס איינגעשפאנט מיט הינט. אליין זיינען מיר געגאנגען צו פוס, נור אונזער פראָוויאנט און א קליין שיפעל פון גוטעפערטשא איז געלעגען אויף דיא שליטענס. מיר האבען ניט געקענט וויסען, וויא לאנג אונזער רייזע וועט דויערן, און מיר האבען מיט גענומען פראָוויאנט אויף צעהן טאג.

דער ערשטער טאג איז פעראיבער גאנץ רוהיג, אהן יעדען צופאל. פון אבענד האבען מיר אויסגעגראבען א גרויסע גרוב אין שנעע, האבען פערשטעלט דיא גרוב מיט אונזערע שליטענס און האבען זיך אריינגעלעגט מיט דיא הינט אין גרוב. מיר האבען איבערגעשלאפען דיא נאכט גאנץ רוהיג. דעם אנדערן טאג זיינען מיר געגאנגען ווייטער ביים ברעג פון׳ם ים. געגען מיטאג האבען מיר זיך געזעצט אפרוהען און עפעס עסען. פלוצלונג האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער שטורמווינד, דאס אייז ארום אונז האט אנגעהויבען צו קרעכצען און צו קנאקען. אזוי וויא דער ווינד איז אונז געוועזן אין פנים און מיר האבען ווייטער ניט געקענט געהן, האבען מיר בעשלאסען צו בלייבען אויפ׳ן אָרט, וואו מיר זיינען געוועזן, און אבווארטען, ביז דער שטורם וועט פאָראיבער געהן. מיר האבען אונז פערשטעלט מיט אונזערע שליטענס, האבען זיך איינגעדעקט מיט וואס מיר האבען געקענט און האבען רוהיג אָבגעווארט. מיר האבען געהערט מיט שטוינען און מיט שרעק, וויא דאס אייז אין מעער טראכט, קנאקט און ברעכט זיך. מיר האבען געוואוסט, אז אויפ׳ן אייז־פעער קומט עס אפט פאר זאגאר אין דערמיט פון׳ם קאלטעסטען און שטרענגסטען ווינטער; ווען עס קומט אן א גרויסע חוואליע ווארעמערעס וואסער פון דיא הייסע אָקעאנען, הייבט זיך אויף א שטורמווינד און דאס אייז הייבט זיך אן צו ברעכען. מיר זיינען געשמאק אנטשלאפען געווארען און האבען זיך אויפגעחאפט ערשט געגען אָבענד, ווען מיר האבען זיך אומגעקוקט און דערזעהן מיט שרעק, אז מיר שווימען אין מעער. דאס ארט, וואו מיר האבען זיך געזעצט

אפּרוהען, איז ניט געווען קיין פעסטעס לאנד, זאנדערן אן אייזפעלד. דער שטארקער שטורם האט אויפגעבראָכען דאס אייז ארום אונז און דארונטער אויך דאס אייז־פעלד אויף וועלכען מיר זיינען רוהיג געשלאָפען. אונזער לאגע איז געווען פערצווייפעלט:

קאפּיטאן בעלאָ האט אבער דעם מוטה ניט פערלארען. ער האט באלד ארויס־גענומען דעם גוטאפּערטשא שיפעל, האט עס אנגעבלאזען און האט עס אריינגעלאזען אין מעער. מיר האבען מיט אונז געהאט א לאנגען שטריק. אן עק פון׳ם שטריק האט ער מיטגענומען מיט זיך אין שיפעל און האט אנגעהויבען צו רודערן צום ברעג, וועלכער איז געווען ניט ווייט. דריי מאל האט איהם דער ווינד צוריקגעשליידערט מיט א שרעק־ליכער מאכט און דריי מאל איז ער צוריק געפאהרען. ענדליך איז עס איהם געלונגען צוצוקומען צום ברעג. ער האט געזוכט א שטיין אדער א שטיק אייז, ארום וועלכען ער זאל קענען ארומבינדען דעם שטריק און אונז צושלעפּען צום ברעג.

פון אונזער אייז־פעלד האבען מיר געזעהן, וויא ער ארבייט מיט אלע קרעפטען אום אונז איינצוהאלטען. פּלוצלונג, מיר ווייסען ניט, וויא אזוי, איז ער פערשוואונדען געווארען. מיר האבען גערופען, געשריען, האבען אבער קיין אנטוואָרט ניט ערהאלטען. אונזער העלדענמוטהיגער קאפּיטאן איז ערגעץ אריינגעפאלען אין א שפּאלט אדער אין א גרוב און האט ניט געקענט ארויס. עס האט אונז געריסען דאס הערץ צו וויסען, אז מיר זיינען גאנץ נאָהענט פון איהם און קענען איהם ניט העלפען.

א גאנצע נאכט האט דער שטורם אונז ארומגעטריעבען אויפ׳ן מעער. מיר זיינען געווען בערייט צו שטארבען, פאר אונז איז קיין רעטונג ניט געווען. אין דער פריה האט דער שטורם אונז ארויסגעוואָרפען אויפ׳ן ברעג. אונזער אייזפעלד איז געבליעבען ליגען רוהיג. מיר האבען באלד איינגעשפּאנט דיא הינט אין דיא שליטענס און זיינען ארויסגעגאנגען אויפ׳ן ברעג. דער קאָמפּאס האט אונז געוויעזען, אין וועלכע ריכטונג אונזער קאפּיטאן איז נעכטען פערשוואונדען געוואָרען, מיר זיינען אהין געגאנגען. עס האט אבער גע־דויערט גאנצע צוויי טעג, איידער מיר זיינען צוגעקומען צו יענעם אָרט, וואו מיר האבען געזעהן אונזער קאפּיטאן צום לעצטען מאל. מיר האבען געזוכט אומעדום און האבען פון איהם קיין שפּור ניט געפונען. דער שטורמווינד האט פערקעהרט און פערדעקט יעדע שפּור. מיר האבען פערבראכט דארט א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט. מיר זיינען געגאנגען מייל׳ען־ווייט לעבען ברעג איהם זוכען, מיר האבען אביער גאר ניט גע־פונען. טרויעריג און מיט א שווער הארץ האבען מיר זיך אומגעקעהרט צו אונזער שיף.

גרויסע טראָפּען טרערין זיינען געפלאסען פון דיא אויגען פון׳ם אלטען מאטראז, ווען ער האט געענדיגט דיעזע טרויעריגע געשיכטע, וועלכע ער האט אליין דורכגעלעבט אין דיעזע געגענדען. צום אנדענקען אן קאפּיטאן בעלאָ האט מען דאס גאנצע שטיק לאנד, וואו ער איז אומגעקומען, א נאמען געגעבען קאפּ בעלאָ.—דשאנסאן איז געווען שטארק טרויעריג א גאנצען טאג, ווען דיא „פּארוואַרד“ איז פערבייגעפאהרען קאפּ בעלאָ.

עס האט אנגעהויבען צו ווערן קעלטער. דעם 19טען יולי איז שוין געווען רעכט קאלט. מען האט געזעהן, אז דער שרעקליכער לאנגער ווינטער קומט אן. אין יענע

נעגענדען מאכט ער ניט אזוי פיעל שהיות, וויא ביי אונז. ער קומט אן שנעל און דויערט לאנג. קאפיטאן האטטעראס האט זיך וועניג געקימערט וועגען דעם ווינטער. ער האט געהאט נור איין געדאנק — צו קומען צו דער אינזעל פרינץ אלבערט, אנלאדען קוילען און אנדער פּראָוויאנט, וואס ער וועט דארט קענען געפינען און פאהרען ווייטער קיין נארדען, אין דעם פרייען מעער, וועלכער געפינט זיך ארום דעם נארדפאל, וויא קאפּי־טאן סטיוארט האט איהם בעשריעבען. ערשט דעם 26טען יולי האבען זיי דערזעהן דיא אינזעל פרינץ אלבערט. קאפיטאן האטטעראס האט גענומען זיינע קארטען און זיינע בעשרייבונגען פון דעם אינזעל, הויפּטזעכליך פון דעם אָרט, וואו דיא ענגלישע אדמיראליטעט האט געהייסען אנגרייטען מאגאזינען פון קוילען און פּראָוויאנט פאר דיא שיפען וועלכע וועלען פערשלאגען ווערן אין דיעזע געגענד.

דאס מעער ארום דער אינזעל איז ניט געווען גאנץ פריי פון אייז, דאס שיף האט ניט געקענט צוקומען צו דער אינזעל. עס זיינען פערגאנגען וויעדער א פאר טאג, איידער מען האט געפונען א פאסענדען פלאץ, וואו צו פעראנקערן דאס שיף. מען האט אראפּגעלאזען דאס באָאט און צוויי קליינע שיפלעך, אין וועלכע עס האבען זיך ארייגעזעצט דער קאפיטאן, דער דאקטאר, שאנדאן, דשאנסאן, וואלל און אייניגע מאטראזען און מען איז ארויפגעגאנגען אויפ׳ן אינזעל.

— מיר וועלען דאָרט געפינען פיעל ניצליכע און וויכטיגע זאכען, האט דשאנסאן געזאגט. דיא קעלט האט אין זיך אזא קראפט אלעס צו ערהאלטען, אז פלייש און פיש קענען אין דיעזע געגענדען אוועקליעגען צעהנדליגע יאהרען און זאלען זיין אזוי פריש און אזוי גוט, גלייך וויא מען וואלט זיי ערשט נעכטען אוועקגעשטעלט. מיר האבען איין מאל געפונען א קעסטעל מיט קאנסערווען (מארינירטע פלייש) וועלכעס קאפיטאן פּאררי האט פערגעסען אדער איבערגעלאזען אין 1825. אלזא אכט און צוואנציג יאהר איז עס געלעגען אויף איין אָרט און ווען מיר האבען עס געפונען איז עס געווען אזוי פריש און אזוי גוט, וויא מען וואלט עס ערשט איינגעפּאקט. עס וואלט געקענט אוועק־ליעגען נאך הונדערט יאהר און בלייבען פריש.

— איך דארף ניט קיין פּראָוויאנט, האט געזאגט קאפיטאן האטטעראס קורץ און שארף. דיא איינציגע זאך, וואס איך דארף — איז הייצונג, קוילען. דאס איז יעצט דאס נייטהיגסטע פאר אונז און איך האָף, אז איך וועל דא קריעגען קוילען, וויא פיעל איך דאַרף. דיא בעשרייבונג, וועלכע איך האב בעקומען פון דער ענגלישער אדמירא־ליטעט, זאגט, אז דא דארף זיך געפינען מעהר אלס טויזענד טאָן קוילען.

דיא שיפלעך זיינען צוגעקומען צום ברעג. אלע זיינען ארויסגעשפּרונגען אויפ׳ן אינזעל. קאפיטאן האטטעראס און דשאנסאן האבען זיך אויף קיין זאך ניט אומגע־קוקט. זיי זיינען געגאנגען גלייך צו דיא מאגאזינען פון דיא קוילען. דער דאקטאר דא־נעגען האט זיך אומגעקוקט אויף יעדען שריט. איהם האט אינטערעסירט יעדעס בערגעלע, יעדעס שטיינדעלע, יעדעס שטיקעל ערד, וואס האט ארויסגעשטעקט פון אייז. פאר איהם האט יעדע זאך געהאט אן אנדער זינן, אן אנדערע בעדייטונג. ער האט אלעמען געלאזט געהן פאראויס און אליין האט ער געקלעטערט אויף דיא בערג און אין דיא טהאלען זוכען עפּעס, ענטדעקען עפּעס. ליידער, איז אויף דער אינזעל

געווען זעהר ווייניג וואס צו ענטדעקען. ער האט געזעהן פון דערווייטענס א פאר פיקס, ער האט זיי אבער ניט געוואלט נאכיאגען, צו וואס טויגען זיי איהם? — ער איז ניט קיין יעגער. קיין אנדערע חיות, אויסער פייגעל, האט ער ניט געפונען. ער האט צוואר געוואלט נעהענטער בעטראכטען דעם זאנדערבארען פויגעל מיט'ן נאמען פינגווין. דאס איז איינע פון דיא וואונדערבארסטע בעשעפעניסען אין דער וועלט. ער איז אין גאנצען א פויגעל, ער איז אבער בעדעקט ניט מיט פעדערן, זאנדערן מיט א מין גראבע האר. ער האט, דאכט זיך, פליגעל, אבער ער קען מיט זיי ניט פליהען, ווייל דיא פליגעל זיינען, וויא דיא פיס ביים זעעהונד, ברייטע פלאסטען, וועלכע נוצען איהם נור צום שווימען אדער צו געהן אויף אלע פיער. דער דאקטאר האט אויסגעפונען אין ארט, וואו דיא פינגווינס לעגען זייערע אייער. דאס איז געווען א שטיינעריגער פלאץ ניט ווייט פון'ם ברעג. ער האט געזעהן דיא ערטער, וואו זיי מאכען זייערע נעסטען פון מעער גראז און אנדערע מעער־פפלאנצען, וועלכע וואקסען זאגאר אין דיעזע קאלטע געגענדען. דיא נעסטען אבער זיינען געווען לעדיג. עס זיינען געלעגען נור שאלעכצען פון דיא אייער.

אין דער צייט, וואס דער דאקטאר האט געזוכט קליינע פינגווינס און אנדערע מערקווירדיגע זאכען פון דער נאטור, איז קאפיטאן האטטעראס מיט זיינע מאטראזען געגאנגען זוכען דיא מאגאזינען פון דיא קוילען. זיי זיינען צוגעקומען צו דעם ארט, וואס איז געווען בעצייכענט אין זיין קארטע, האבען זיך אומגעקוקט און — האבען קיין מאגאזינען, קיין פראוויאנט און קיינע קוילען ניט געפונען.

— וואס קען דאס זיין? האט געזאגט קאפיטאן האטטעראס. זאל מיין קארטע ניט ריכטיג זיין? דאס איז אונמעגליך! דיא ענגלישע אדמיראליטעט וועט זיינע שיפס־קאפיטענע ניט אפנארען.

ער האט צוגערופען דעם אלטען דשאנסאן און האט איהם געזאגט:

— דשאנסאן, דוא ביסט דאך געווען אויף דער פרינץ אלבערט אינזעל אין 1853, דוא האסט מיר אליין דערצעהלט, אז איהר האט גענומען פראוויאנט פון דיעזע מאגאזינען. קענסט דוא מיר פיעלייכט ניט זאגען, וואו דיעזע מאגאזינען געפינען זיך?

דשאנסאן האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, האט זיך אביסעל פערטראכט און האט געזאגט:

— אין דיעזע געגענד, קאפיטאן, מוזען זיי זיין. איך געדענק, וויא היינט, אז איך בין געקומען אהער מיט'ן קאפיטאן אינגעלפילד און מיר האבען דא געפונען מאגאזינען. זיי זיינען געווען געבויט פון האלץ, אייניגע זיינען געווען צוגעדעקט מיט דיא זעגעל פון שיפען, אנדערע זיינען געווען צוגעדעקט מיט קלעצער און ברעטער. דיא קוילען זיינען געלעגען אויף דער ערד ארומגעלעגט מיט שטיינער.

— אלזא, וואו זיינען זיי? האט אויסגעשריען קאפיטאן האטטעראס אין פערצווייפלונג.

— מעגליך, אז איך האב א טעות, האט דשאנסאן געזאגט. לאמיר ארומגעהן דיא גאנצע געגענד, פיעלייכט האט זיך אונז נור אויסגעוויזען, אז מיר זיינען אויפ'ן ריכטיגען פלאץ.

ער איז ארומגעגאנגען ארום דיא גאנצע געגענד, האט זיך צוגעקוקט א יעדן בערגעלע און האט גאר ניט געפונען, אויסער איינינע פערטיעפונגען אין דער ערד וואו דיא מאגאזינען זיינען אמאל געשטאנען.

— עס איז קיין טעות ניט, האט ער געזאגט, ווען ער איז צוריקגעקומען. דא זיינען געוועזן דיא מאגאזינען. איך דערקען זייער גוט דעם ארט, וואו פראנקלין, ראָסס, פאררי און אנדערע העלדען פון'ם אייז־מעער זיינען געוועזן.

— אָבער וואו זיינען דיא מאגאזינען ? דיא קוילען ? האט געפרעגט דער קאפיטאן אין פערצווייפלונג.

— מען האט זיי צורויבט, האט געענטפערט דשאנסאן.

— ווער האט זיי דא געקענט אוועקרויבען ? האבען איינינע געפרעגט. דיא שיפען, וועלכע קומען אהער זעהר זעלטען, נעהמען נור, וויאפיעל זיי דארפען. זיי ווייסען דאך, צו וועלכען צוועק דיא ענגלישע רעגיערונג האט זיי דא אויסגעבויט און אניעדערגעלעגט. קיין אנדערע רויבער געפינען זיך דא ניט. דיא אייז בערן און דיא אייז פיקס דארפען קיין קוילען ניט.

— דאס האבען געטהאן דיא עסקימאסען, האט דשאנסאן געזאגט. זייט זיי האבען זיך בעקענט מיט דיא אייראפּעער, זיינען זיי געוואהר געווארען, וואס פאַר א ניצליכע זאך דיא שטיינקוילען זיינען און זיי האבען אנגעהויבען זיי צובענוצען. זיי זיינען געוויס צופעליגער ווייזע געוואהר געווארען, אז אויף דיעזען אינזעל געפינען זיך מאגאַזינען און זיי זיינען געקומען אהער א גאנצע באַנדע פון עטליבע הונדערט מאַן און האבען אלעס אוועקגענומען און אוועקגעפיהרט אין זייערע דערפער. איהר ווייסט דאך, איז אים ווינטער מאכען דיא עסקימאסען לאַנגע רייזען. זיי פאהרען דורך הונדערטער מייל̇ען און זוכען אויף ערטער, וואו זיי קענען חאפּען וואלפיש אָדער זעעהינט. אויף אזא רייזע האבען זיי געוויס אויסגעפונען דיא מאַגאַזינען און האבען זיי צורויבט.

אלע האבען איינגעזעהן, אז דשאנסאן האט רעכט. עס איז ניט געבליעבען א שטיקעל האלץ, אַ שטיקעל אייזען, א נאגעל, עפּעס א צייכען, אז אייראפּעער זיינען דא אמאל געוועזן. דאס האבען געוויס דיא עסקימאָסען צוגענומען. זיי זיינען זעהר נייגיעריג און יעדע זאך, וואס קומט פון אייראפּא, האט ביי זיי א בעזונדערן ווערטה. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס זיי האבען אלעס צוגענומען, ווען זיי האבען געפונען אזא כשרה מציאה.

דיא מאַטראָזען זיינען געשטאנען און האבען געקוקט גלייכגילטיג אויף דיעזע סצענע. אונטערדעסען איז אָנגעקומען דער דאקטאר. ער האט באַלד געזעהן, אז דא איז עפּעס פארגעקומען. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט באַלד פערשטאנען, וואס עס איז געשעהן. אויף איהם אבער האט עס גאנץ ווענינ געווירקט. עס האט איהם זעהר ווענינ געהארט, אויב עס זיינען יא דא קוילען אָדער ניט דא קיין קוילען. ער האט בעסער געוואלט חאפּען א קליינעם פינגווין. נור איין קאַפּיטאן האט־טעראס איז געשטאנען טרויעריג, דעם קאָפּ אראָפּגעלאזט אויף דער ברוסט. ער איז געוועזן פערצווייפעלט.

— קאַפּיטאן האטטעראס, האט פּלוצלונג שאנדאן געזאגט, איך זעה ניט איין,

פארוואס איהר זאָלט זיין אזוי פערצווייפעלט. מיר האבען נאך צייט צו פאהרען א היים. אין א מאָנאט זייַנען מיר צוריק אין ענגלאַנד.

— הערר שאנדאן, האט דער קאפיטאן געענטפערט, מיר האבען נאך צייט צו פאהרען קיין נארדען. אין א פּאָר מאָנאטע ארום וועלען מיר זיין ביים נאָרד פאל.

— אָבער וויא אזוי וועלען מיר פאהרען קיין נאָרדען, ווען מיר האבען קיין קוילען ניט ?

— פון היינט אן וועלען מיר פאהרען נור מיט דיא זעגעל. מיר האבען נאך קוי־לען אויף א פּאָר מאָנאט, פארן ווינטער וועלען מיר האבען גענוג. ווען מיר וועלען דארפען, וועלען מיר שוין געפינען מיט וואס צו הייצען.

— איהר וועט מיר ערלויבען, איך זאל אייך בעמערקען —

— איך ערלויב אייך נור צוריקגעהן אויפ'ן שיף און צו טהאן, וואס מען וועט אייך הייסען, האט דער קאפיטאן געזאגט שטרענג.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אוועקגעקעהרט און איז צוריקגעגאנגען צום שיף. דער דאקטאר און אלע מאַטראָזען זייַנען איהם נאכגעגאנגען. דער קאפיטאן האט זיך פערשלאסען אין זיין קאַיוטע און האט זיך צוויי טאג ניט געוויעזען אויפ'ן דעק. דער דאק־טאר האט בענוצט דיעזע צייט צו בעזוכען דיא אינזעל און זיא אויסצופארשען. ער פלעגט מיטנעהמען מיט זיך דשאנסאן אדער דעם מאטראז סימפּסאן. זיי פלעגען אבער ארומגעהן נור ביים ברעג. זיי האבען מורא געהאט צו פערגעהן צו ווייט, זיי זאלען ניט פערבלאָנ־זענט ווערן. אבער דער דאקטאר האט געהאט גענוג געלעגענהייט אויסצופאָרשען דעם גאנצען ברעג פון דער זייט אינזעל, וואו דאס שיף איז געשטאנען. איין מאל האט ער בעגעגענט א ווייסען בער. סימפּסאן, וועלכער איז מיט איהם דאמאלס געגאנגען, האט זיך שוין פּארבערייטעט צום קאמפּף מיט'ן בער. דער בער אָבער איז אנטלאָפען, ווען ער האט דערזעהן מענשען. וואהרשיינליך, האבען איהם דיא מענשען שוין געגעבען א לעקציאָן, וועלכע ער האט ניט פערגעסען.

דער ווייסער בער איז איינע פון דיא געפעהרליכסטע טהיערע, וועלכע עס זייַנען דא אויף דער וועלט. ער האלט זיך אויף נור אין דיעזע קאלטע געגענדען. ער נעהרט זיך פון פיש און פון זעעהינט. ער איז א גוטער שווימער און שפּרינגט ארום פון איין שטיק אייז צום אנדערן, ווען ער יאגט זיך נאך א זעעהונד. אין דיא ווארעמערע צייי־טען, ווען ער האט גענוג פיש און זעעהינד, איז ער ניט געפעהרליך פאר'ן מענשען. זא לאנג ער קען געפינען זיין פרנסה בכבוד, האט ער פיינט זיך צוקריעגען; אין דערמיט ווינטער אָבער, ווען דאס מעער ארום ווערט פערפראָרען, דיא זעעהינט אנטלויפען, דיא פיש פערשווינדען — דאן ווערט ער איינער פון דיא געפעהרליכסטע ווילדע חיות. ער האט פאר קיין זאך קיין מורא ניט און קומט זעהר אפט אריין אין דיא שנעע־הייזער פון דיא עסקימאסען. ער פרעסט אלעס, וואס ער קען נור קריעגען און פאלט אן אויף מענשען. עס איז איהם זעהר שווער צו טוידטען, מען מוז איהם טרעפען מיט א קויל אין קאָפּ אריין, צווישען דיא אויערן. קוים טרעפט מען איהם ניט אין קאפּ, ווערט ער נאך געפעהרליכער. ער קריעכט אויף דער ביקס.

דיא עסקימאסען, וועלכע האבען ביז ערשט ניט לאנג נאך ניט געוואוסט פון קיין

ביקסען און פון פייער גענוהר, האבען בענוצט פערש־ערע־ע מיטעל אום איהם צו טוידטען. זא, צום ביישפיעל, פלעגען זיי נעהמען א לאנגע און דינע שטיק פישביין האבען עס צונויפגעדרעהט, וויא א שפרינגפעדער (שפראָנדזינע) פון א טאשען אוהר און האבען עס צוגעבונדען מיט א פאָדים, עס זאל זיך ניט אָפּוויקלען. דאן האבען זיי עס בעגאסען מיט וואכער און ארויסגעלעגט אין דרויסען. באלד איז עס פערפרארען געוואָרען, וויא א שטיין. זיי האבען דאן צושניטען דעם פאדים, דער פישביין איז געבליעבען צונויפגעדרעהט. יעצט פלעגען זיי עס בעגיעסען מיט פיש־טראהן און לאזען ליעגען אין דרויסען. דער בער האט עס דערשמעקט און האט עס פערשלונגען. ביי איהם אין בויך האט זיך דער פישביין צו ווארמט און איז אָפּגעשפרונגען. דער בער בלייבט שטעהן און קען זיך ניט ריהרען, דער פישביין לעכערט איהם דורך דיא געדערם.

דיא עסקימאסען געברויכען נאך אן אנדער זאנדערבארעס מיטעל צו טוידטען דעם וויסען בער. זיי נעהמען א גאנץ שארפעס מעסער, בעגיעסען עס מיט פישטראהן אדער מיט בלוט פון א רענטהיער און שטעלען ארויס אין שנעע מיט דער שארפער זייט פון אויבען. דער בער קומט צו און הייבט אן צו לעקען דאס שארפע מעסער און צושניידעט זיך דערביי דיא צונג. עס הייבט אן צו רינען בלוט פון דער צונג. דער בער מיינט, אז דאס בלוט רינט פון'ם מעסער און לעקט עס ווייטער. ער צושניידעט זיך נאך מעהר דיא צונג. דאס פרישע בלוט רייצט נאך מעהר דיא ווילדע חיה. זיא פיהלט ניט איהר אייגענעם שמערץ. האפט בייסען דאס מעסער, פון וועלכען עס רינט אזוי פיעל בלוט און צושניידעט זיך אזוי שטארק דיא צונג מיט'ן מויל, אז ער הייבט אן צו ברומען און צו בילען פאר ווייטאג. דיא עסקימאסען דערהערען עס, געהן ארויס און טוידטען דיא בעסטיע מיט זייער פייל און בויגען, אדער לאזען עס לויפען, ביז עס פאלט ענטקרעפטעט און קייקעלט זיך אין זיין בלוט.

דאקטאר פולמאן איז געוואָהר־געוואָרען נאך פיעל זאכען, וויא דיא עסקימאסען פאנגען דיא ווילדע חיות, וועלכע געפינען זיך אין יענע געגענדען. ער האט זיך נאך א מאל איבערצייגט, אז וויא ניעדעריג דער מענש זאל ניט שטעהן אין זיין בילדונג, אין זיין ענטוויקעלונג, אין זיינע פעהיגקייטען, איז ער דאך דיא קלינסטע און ווילדעסטע חיה.

פון דיא מושעלן און אָיסטערס האט דער דאקטאר געפונען אויף דעם אינזעל פערשיעדענע סאָרטען, וועלכע מען קען עסען. דאס מעער פלעגט ארויסווארפען טעגליך זעהר פיעל מושעלן. דער דאקטאר פלעגט זיי אונטערזוכען, ער האט אויסגעפונען, אז זאלאנג דאס מעער איז פריי, קען דער מענש לעבען פון דיעזע אָיסטערן. מען מוז נור וויסען, וועלכע צו נעהמען, ווייל עס געפינען זיך צווישען זיי איינינע, וועלכע זיינען זעהר גיפטיג.

אויפ'ן פיערטען טאג איז קאפיטאן האטטעראס ארויסגעקומען אויפ'ן דעק און האט געהייסען ווייטער פאהרען קיין נארדען. מען האט איבערגעצעהלט דיא מאטראזען, אלע זיינען געווען אויפ'ן דעק. זיי האבען אויסגעפאלגט זיינע בעפעהלע שטילערהייט. עס איז געווארען מיט יעדער שטונדע קעלטער און קעלטער. עס האבען זיך געוויעזען פיעל פייגעל, וועלכע האבען זיך פערזאמעלט אין מאסען און האבען אנגעהויבען אוועק־צופליעהען פון דאנען אין אנדערע ווארעמערע געגענדען.

מיט יעדען טאג איז דיא רייזע געווארען שווערער און געפעהרליכער. דיא מאטראזען האבען געארבייט זעהר שווער. איבער נאכט פלעגען אייניגע ערטער אין מעער פערפרארען ווערן און, ווען עס איז נאך צוגעפאלען אביסעל שנעע, איז דאס אייז אין איין טאג געווארען אזוי דיק, אז עס האט געקענט טראגען אויף זיך א מענשען. מיט דער קעלט האט זיך אנגעהויבען צו ווייזען צייכענס פון דער געפעהרליכער קראנקהייט סקארבוט. דאקטאר פולמאן האט געזעהן צו פערהיטען דיעזע קראנקהייט. ער האט געהאט מיט זיך געגוג לימינע־זאלץ און לימינע־זאפט און האט געזעהן צו פערהאפען, אז דיעזע שרעקליכע קראנקהייט זאל ניט אויסברעכען צווישען דיא מאטראזען. דיא קראנקהייט האט ער פערהיט, געגען דיא אונצופריעדענהייט אבער האט ער גאר ניט געקענט מאכען. דיא קעלט, דיא שווערע ארבייט, דער שרעק פאר'ן ווינטער אין דיעזע טרויעריגע געגענדען האבען געווירקט זעהר שלעכט אויף דיא מאטראזען. קאפיטאן האטטעראס האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער קען זיך פערלאזען נור אויפ'ן דאקטאר, אויף דשאנסאן, סימפסאן און בעלל. דיא אנדערע מאטראזען און שאנדאן האבען נור געווארט א געלעגענהייט, זיי זאלען רעבעלירען און צוריקפאהרען א היים. דיעזע געלעגענהייט האט זיך באלד פארגעשטעלט.

דיא „פארווארד“ איז אנגעקומען צו אן אינזעל מיט'ן נאמען האמילטאן. דאס מעער האט זיך אנגעהויבען צו בעדעקען מיט אייז. דיא מאטראזען זיינען געווען שרעקליך מיעד און האבען זיך אזוי פיעל איבערגעארבייט, אז עס איז געווען אונמעגליך צו הייסען זיי ווייטער ארבייטען. דיא זעגעל האט מען ניט געקענט געברויכען, ווייל דאס שיף איז געפאהרען קיין נארדען און דער ווינד האט שטארק געבלאזען קיין זידען. קאפיטאן האטטעראס האט ניט געוואלט בלייבען שטעהן און זיך אפרוהען, ווייל ער האט געוואוסט, אז יעצט איז יעדע מינוט טהייער, יעצט האט ער נאך צייט צו פאהרען קיין נארדען. ווען עס וועט איהם געלינגען צוצוקומען צום פרייען מעער ארום נארדפאל, האט ער דערגרייכט זיין ציעל. ער וועט איבערווינטערן ביים נארדפאל און איבער א יאהר וועט ער פאהרען א היים. אלזא, מען מוז פאהרען ווייטער. ער האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל אונטערהייצען דיא קעסלען און טרייבען דאס שיף מיט פולען דאמפף.

דיעזער בעפעהל האט אלעמען איבערראשט. זיי האבען אלע געוואוסט, אז מען מוז זיין זעהר עקאנאמיש מיט קוילען, ווייל מען מוז זיי האלטען אויפ'ן ווינטער. פלוצלונג הייסט ער גאר הייצען און טרייבען דאס שיף ווייטער. זיי האבען זעהר גוט געהערט דעם קאפיטאנס בעפעהל, אבער קיינער האט זיך ניט גערוהרט איהם אויסצופיהרען. שאנדאן און וואלל האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקע. דיא מאשיניסטען האבען זיך ניט גערוהרט.

— האט איהר געהערט מיין בעפעהל? האט קאפיטאן האטטעראס אויסגערופען ביין.

דער מאשיניסט האט געוואלט צוגעהן צו דער מאשין און זיך נעהמען צו זיין ארבייט.

— געה ניט, בראנטאן! האט אויסגערופען א שטימע.

— ווער בעפעהלט עס דא? האט דער קאפיטאן נעפרעגט ערשטוינט.

— א ך האב איהם ניט געהייסען געהן, האט געזאגט דער מאטראז פען דרייסט און איז צוגעגאנגען נעהנטער צום קאפיטאן.

— דוא האסט איהם ניט געהייסען? האט אויסגערופען דער קאפיטאן.

— יא, איך האב ניט געהייסען. עס איז שוין גענוג! מיר קענען מעהר ניט ארבייטען. מיר ווילען ניט פאהרען ווייטער אום אויסגעפראָרען צו ווערן ביים נאָרד־פאָל. איך הייס, אז מען זאָל ניט אונטערהייצען דיא מאשין!

— הערר שאנדאן! האט אויסגערופען דער קאפיטאן. ארעטירט דיעזען מאן! שמידעט איהם אין קייטען!

— אבער, הערר קאפיטאן, האט שאנדאן געענטפערט, דער מאן האט דאך נור געזאגט. —

— ווידערהאָל נור וואס ער האט געזאגט און איך וועל דיך פערשפארען אין דיין קאיוטע. ארעטירט דעם מאטראז! פען הערט איהר וואס איך הייס אייך?

דשאנסאן, סימפסאן און בעלל זיינען צוגעגאנגען צום מאטראז פען און האבען איהם געוואָלט בינדען און אראפ פיהרען אין דער קאיוטע. פען אבער איז געוועזן שטארק אין דער רציחה. ער האט געחאפט א לאנגע האק, וועלכע איז געלעגען לעבען זעגעל־בוים, האט געפאכט מיט דער האק ארום זיך און האט געשריען:

— ווער עס וועט מיך אנריהרען, דער וועט ניט אוועק לעבעדיג.

קאפיטאן האטטעראס האט ארויס געחאפט א רעוואָלווער פון זיין נארטעל, איז צוגעגאנגען נאהענט צום מאטראז פען און האט זיך געציעלט גלייך איהם אין קאפ אריין.

— הייב אויף נאך א מאל דיא האק און איך דערשיעס דיך דא, וויא א הונד!

דיא מאטראזען זיינען געווארען אונרוהיג און האבען אנגעהויבען צו מורען (ווארטשען). יעדער איז געוועזן אונצופריעדען מיט'ן קאפיטאן'ס בענעהמען.

— שטיל זאָל זיין! האט קאמאנדירט דער קאפיטאן מיט א דאָנערענדער שטימע, אדער דער מאן איז טויט אין איינינע מינוט!

פען האט אוועקגעוואָרפען דיא האק און האט זיך געלאָזט בינדען דיא הענד. דשאנסאן און סימפסאן האבען איהם אוועקגעפיהרט.

— געה, הייץ איין דיא מאשין! האט האטטעראס געזאגט צום מאשיניסט.

דער מאשיניסט איז אראָפגעגאנגען צו דער מאשין. דער קאפיטאן און דער דאקטאר זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן קאפיטאן'ס בריקעל. באלד האט דיא מאשין אנגעהויבען צו רוישען, מען האט אויפגעהויבען דעם אנקער און מען איז ווייטער גע־פאהרען. לאנגזאם, מיט מיה איז דיא „פאָרוואַרד" געגאנגען ווייטער. דער קאפיטאן האט אליין געפיהרט דאס שיף. דיא מאטראזען האבען אויסגעפיהרט זיינע בעפעהלע שלעפעריג. —

עס זיינען פערגאנגען זעקס טאג. מיט יעדען טאג האבען זיך פערמעהרט דיא צייכענס, אז דער ווינטער קומט אן. ביז אהער איז דיא זון ניט אונטערגעגאנגען. מען האט געזעהן, וויא זיא געהט ארום אלע פיער זייטען פון'ם הימעל. דעם 30טען יולי איז

צום ערשטען מאל דיא זון אונטערגעגאנגען און עס איז געווארען נאכט אויף א גאנץ קורצע צייט. מיט יעדען טאג איז דיא נאכט געווארען לענגער און קעלטער.

דעם 12טען אויגוסט איז קאפיטאן האטטעראס ארויפגעקלעטערט אויפ'ן זעגעל־בוים, וואו ער איז אוועקגעשטאנען גאנצע צוויא שטונדען. נאך זיין רעכנונג האבען זיי שוין געדארפט זיין ניט וויט פון'ם מעער, וועלכעס איז גאנץ פריי פון אייז, וויא דער קאפיטאן סטיוארט האט איהם געזעהן אין 1851. ער האט אבער מעהר ניט געזעהן, וויא אייז און שנעע.

דיא מאטראזען האבען געזעהן, וויא טרויעריג ער איז געוועזען, ווען ער איז אראפ־געקומען פון'ם זעגעל־בוים. זיי האבען פערשטאנען, אז זיינע לעצטע האפנונג איז פער־שוואונדען און האבען אנגעהויבען צו טראכטען וואס צו טהאן.

— מיר מוזען דאך זעהן צו קומען אהיים, האט גריפער געזאגט צו שאנדאן. דער משוגענער קאפיטאן וועט אונז ערגעץ פערשלעפען וויט און מיר וועלען מוזען איבער־ווינטערן ערגעץ אין א וויסטע געגענד, וואו מיר וועלען אלע אויסגעפראָרען ווערן. לאָמיר בעסער פאהרען אהיים.

— יעצט איז שוין צו שפעט, האט שאנדאן געענטפערט. מיט זיינען שוין צו וויט פארפאָהרען. דער ווינטער וועט זיך באלד אנהויבען, איידער מיר וועלען קענען ערגעץ צו קומען, וועלען מיר אייגעפראָרען ווערן אין אייז.

— אלזא, וואס טהוט מען יעצט? האט געזאגט פען, וועלכען דער קאפיטאן האט געהאלטען א פאר טאג פערשפארט און דאן האט ער איהם געהייסען געהן וויטער ארבייטען.

— יעצט איז דאס גלייכסטע פאר אונז, מיר זאלען אפווארטען, וואס וויטער וועט זיין. קאפיטאן האטטעראס וועט פארפאהרען אזוי וויט, אז ער וועט אונז בעטען, מיר זאָלען פאהרען צוריק.

דער מאָנאט אויגוסט איז פאָראיבער. דיא נעכט זיינען געוואָרען לענגער און קאָלט. ביי טאג, ווען דיא זון האט גוט געווארמט, פלעגט זיין צעהן—צוועלף גראד קעלט. וואו דאס מעער איז געוועזען רוהיגער, האט זיך עס שוין אנגעהויבען צו בעדעקען מיט אייז. האטטעראס האט געטריעבען זיין שיף אימער וויטער און האט עס מיט אזוי פיעל קונסט און געשיקליכקייט דורכגעפיהרט דורך אלע געפאהרען, אז דיא מאַט־ראָזען האבען געשטוינט. זיי האבען געמוזט מודה זיין, אז ער איז א גוטער שיפסקאפיטאן און וויים, וויא צו פיהרען א שיף.

דעם 8טען סעפטעמבער איז געוועזען א שטארקער פראָסט. דיא „פאָרווארד" איז צוגעקומען צו א וואנד פון אייז. געהן וויטער איז געוועזען אונמעגליך. צוריקפאהרען האט מען ניט געקענט, ווייל דאס מעער איז שוין געוועזען פערפראָרען הינטער זיי. דא איבערווינטערן, אין דערמיט ים איז זעהר געפעהרליך. דיא לאגע איז געוועזען א שרעקליכע, א פערצווייפעלטע. קאפיטאן האטטעראס האט דען מוטה ניט פערלאָרען, ער האט געהייסען בויערן לעכער אין דער וואנד פון אייז און זיי אנשיטען מיט פולווער. עס האט געדויערט א גאנצען טאג, איידער מען האט אויסגעבויערט טיעפע לעכער און מען האט

אנגעשאָטען אין זיי פולווער. קאפיטאן האטטעראס האט גערעכענט, אז נאנץ פריה וועט ער אונטערצינדען דאס פולווער און צורייסען דיא איידוואנד.

— ביי נאכט האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורמווינד. דאס מעער האט געקאָכט אונטערן אייז און האט עס אנגעהויבען צו ברעכען. עס האט אנגעהויבען צו טראַכען און צו קנאַקען, גלייך וויא מען וואָלט געשאָסען פון הונדערטער קאנאנען. אלע מאטראזען זיינען געווען בעשעפטיגט אויפ'ן דעק.

— צום רודער! צום רודער! האט מען פלוצלונג געהערט א שטארקע שטימע שרייען.

אלע האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן מיט שרעק, אז דיא איידוואנד האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען. עפעס האט געארבייט און געריסען אונטערן וואסער. גרויסע מאסען אייז זיינען געשפרונגען אין אלע זייטען. שרעקליך הויכע איידבערג האבען אנגעהויבען צו טאנצען ארום דעם שיף.

— דאס איז דיא גרעסטע געפאהר, האט דשאנסאן געזאגט צום דאקטאר. זייט מיר פאהרען אויף דער „פאָרוואַרד" זיינען מיר נאך אין אזא געפאהר ניט געווען. זעהט, וויא עס קומען אן מאסען אייז פון אלע זייטען.

— אלע זעק ארויף! האט קאמאנדירט דער קאפיטאן.

ער האט געהייסען ארויסנעהמען אלע שטרויזעק, אלע דעקען און אלע ווייכע זאכען און דערמיט ארומהענגען דאס שיף. מיט וואס מען האט נור געקענט, האט מען ארומגעוויקעלט דאס שיף פון פארנט, פון וואנען דיא אייז-בערג זיינען אנגעקומען. דאס איז דערווייל געווען דיא איינציגע רעטונג. דיא אייז-בערג זאלען זיך אנשלאגען אן א ווייכע זאך און זאלען ניט צוברעכען דאס שיף.

אימער נעהנטער זיינען דיא איידמאסען צוגעקומען צום שיף; אימער גרעסער איז געוואָרען דיא געפאהר. שוין זיינען ארויפגעפאלען אויפ'ן דעק שטיקער אייז פון אייניגע הונדערט פונט. דאס האבען זיך אפגעבראכען נור קליינע שטיקלעך פון דיא איידבערג. אייניגע מאטראזען זיינען פערוואונדעט געוואָרען. דעם מאטראז גריפער האט א שטיק אייז געטראפען אין דער פלייצע און האט איהם אומגעוואָרפען. זיין פלייצע איז געוואָרען אויסגעלענקט. מען האט איהם געמוזט אראפּטראגען אין דער קאיוטע.

דער שטורם איז געוואָרען אלץ שטארקער. דיא איידמאסען האבען זיך צונויפ־געשלאָגען אין איין אָרט ארום דער שיף,— עס איז קיינע רעטונג געווען. פלוצלונג האט זיך דאס שיף אויפגעהויבען, א גרויס שטיק אייז, געדרענגט פון דיא אנדערע, איז ארונטער אונטערן שיף און האט עס אויפגעהויבען, וויא א שאָלעכץ פון א נוס.

— מיר זיינען אריבער דיא אייז-בערג! האט דשאנסאן אויסגערופען מיט פרייד.

— מיר זיינען אין דיא איידבערג, האט שאנדאן געענטפערט.

און ווירקליך, דאס שיף האט זיך אזוי איינגעשניטען אין אן איידבערג, אז עס איז געבליעבען אין איהם, וויא צוגעשמידט. עס איז געווען טרויעריג אנצוקוקען, וויא דאס גאנצע שיף איז געשטאנען אין דרויסען איבערן וואסער. דערווייל אבער איז דאס געווען זייער גליק, זייער רעטונג.

— מיר שווימען! האט אויסגערופען דער קאפיטאן.

דאס שיף איז געשטאנען אויף איין אָרט און דאך איז זיא געשוואומען מיט אַן אונגעהייערער שנעלינקייט. דער אייז=בערג, אין וועלכען זיא איז געווען איינגעגראבען, האט געטראפען אויף א מעער־שטרעמונג און איז געשוואומען קיין נאָרדען. קאפּיטאַן האטטעראס איז אייגענטליך געווען צופריעדען, וואס ער האט געפונען אזא גוטען און אזא בילינגען קוטשער, וועלכער האט געשלעפּט איהם מיט זיין שיף מיט אלע זיינע מענשען געראדע אהין, וואוהין ער האט געוואלט. אבער דיא געפאחר איז נאך ניט פעראיבער. וואוהין קען זיי אוועקשלעפּען אזא בלינדער קוטשער? טאמער וועט ער זיך ערגעץ אנשלאגען אן אנאנדערן אייז־בערג אדער אן א שטיין?

זיעבען טאג זיינען זיי געפאהרען אויף דיעזען זאנדערבארען ארט. דער קאַפּיטאַן האט געהייסען ארויפּטראגען, וויא פיעל פּראָוויאנט מען האט נור געקענט, אויפ'ן דעק און האלטען בערייט. ער האט געהייסען אראפּווארפען שטריק־לייטערס פון אלע זייטען פוּם שיף. ער האט נעגעבען א בעפעהל, אז קוים וועט ער געבען א צייכען, זאָל יעדער חאפּען א זאק מיט פּראָוויאנט און זאל זיך אראפּלאזען פון דיא שטריק־לייטערס.

דעם 15טען סעפּטעמבער האט זיך דער אייזבערג אנגעשלאגען אן עפּעס. דאס שיף האט אנגעהויבען צו קראכען און צו קרעכצען, זיא איז אבער באלד געבליעבען שטיל, דער אייזבערג איז געבליעבען שטעהן אויף אן אָרט. דיא קעלט איז געווען שרעקליך, דער אייזבערג איז באלד פעסט איינגעפּרארען געוואָרען אויף זיין אָרט. יעצט ערשט האבען זיי זיך אנגעהויבען אומצוקוקען, וואו זיי זיינען ערגעץ אין דער וועלט. קאפּיטאן האטטעראס האט אויסגעפונען, אז זיי געפינען זיך אויף דעם קאלטעסטען פּונקט אויף דער וועלט — אויפ'ן קעלטפּאָל.

דער קעלטפּאָל הייסט דער פּונקט אין דער וועלט, וואו דיא קעלט דערגרייכט דיא העכסטע גראדען, וואס עס קען נור זיין. דאס קוועקזילבער אין טערמאמעטער ווערט פערפראָרען הארט, וויא אייזען, מען קען דאָרט אונזער געוועהנליכען טערמאָמע־טער גאר ניט בענוצען. מען מוז בענוצען א טערמאמעטער מיט ריינעם אלקאהאל, וועלכער ווערט קיין מאל ניט פערפראָרען. — ווייטער פון דיעזען פּונקט הייבט שוין אן ווארעמער צו ווערן. דיא געלערנטע האבען אויסגעפונען, אז דער קעלטפּאל קומט ניט צוזאמען מיט'ן נארדפּאל. אויפ'ן נארדפּאל איז עס שוין אביסעל ווארעמער. דאס האט גאנץ געשטימט מיט קאפּיטאן האטטעראס רעכנונג, אז ארום דעם נארדפּאל געפינט זיך א מעער, וועלכער איז גאנץ פריי פון אייז, אדער, ווען דארט איז קיין מעער ניטא, זא געפינט זיך דאָרט א לאנד, וועלכעס איז פיעל ווארעמער וויא גרענלאנד.

14טעם קאפּיטעל.

## פּאָרבערייטונגען פאר'ן ווינטער.

דיא לאנגע פון דער „פּאָרוואַרד“ איז געווען זעהר א טרויעריגע, יעדער האט איינגעזעהן, אז זיי מוזען דא איבערווינטערן. וויא ווייט דאס אויג האט נור געקענט זעהן, האט מען געזעהן אייז און אייז. קיין פּיצעל שטיין, קיין טראפּען וואסער, נור אייז און אייז. דיא קעלט איז געווען אזוי שטארק, אז אין דיא ווארעמסטע קליידער האט מען ניט געקענט איינשטעהן מעהר, וויא א האלבע שטונדע אין דרויסען. דערצו האט

מען נאך געמוזט שטענדיג ארבייטען. זיצען אויף איין אָרט אין אזא קעלט איז גע־פעהרליך. מען מוז זיך בעוועגען, מען מוז ארבייטען.

דיא ערשטע זאך, וואס זיי האבען געטהאן, איז געווען אראפּצונעהמען דיא זעגעל פון׳ם שיף און זיי איבערציעהען איבער׳ן דעק. דערמיט האבען זיי געמאכט פון׳ם גאנצען דעק א מין געצעלט, וועלכעס האט זיי וועניגסטענס געשיצט געגען דיא שרעקליכע ווינטען. דאן האבען זיי געמוזט בעוואָרענען דאס שיף, ארומרייניגען דאס אייז ארום דיא ווענט און עס צובינדען פעסט, אז א שטורמווינד זאל זיא ניט קענען אוועקשלייפען פון איהר אָרט. ווען דיעזע ארבייט איז געווען פערטיג, האט מען אנגעהויבען צו בויען א וואנד פון שנעע ארום דעם שיף. דיעזע ארבייט איז ניט שווער, אבער זעהר לאנגווייליג. מען שניידעט אויס מיט א מעסער פיער־עקיגע שטיקער שנעע און לעגט זיי אויס, וויא ציעגעל־אין א וואנד פון אונזערע הייזער. מען מוז דערביי זעהן, אז דיא שטיקער שנעע זאלען גוט צופּאסען איינער צום אנדערן.

— מיר וועלען אויסבויען א פעסטונג, האט געלאכט דער דאקטאר, וועלכע קיין ארמעע אין דער וועלט וועט קיין מאל ניט איינגעהמען. שנעע איז א גאנץ גוטע זאך, עס היט אָפּ פון קעלט, אונטער שנעע איז וואַרם.

— עס וועט ווירקליך זיין א פעסטונג, האט דשאנסאן געענטפערט, אבער ניט געגען ארמעען, ניט געגען מענשען, זאנדערן געגען פיער־פיסיגע פיינד, וועלכע קענען א מאל וועלען מאכען אונז א וויזיט, איך מיין געגען ווייסע בערן. דער היינטיגער ווינטער וועט זיין זעהר א קאלטער, דיא ווייסע בערן וועלען זיין הונגעריג און וועלען געוויס וועלען אונז בעזוכען.

ווען דיא ווענד זיינען געווען פערטיג, האבען זיי געמאכט טרעפּ. איין טרעפּ האט געפיהרט אויף דעם שיף פון פאָרנט, דיא אנדערע טרעפּ האט געפיהרט פון דעם שיף פון הינטען. דיא טרעפּ זיינען געווען אויך פון שנעע, אויף וועלכען מען האט ארויפגע־גאסען וואסער, אין איינינע סעקונדען זיינען דיא טרעפּ געוואָרען הארטער און שעהנער וויא מארמאר. אין אכט טעג איז דיא פעסטונג געווען פערטיג. יעצט האבען זיי זיך גענומען צום שיף. דיא דעק פון׳ם שיף איז געווען איבערגעצויגען מיט דיא זעגעל. אויף דיא זעגעל האבען זיי אויסגעלעגט א דינעם פּאך שנעע. אויף אזא ארט איז דיא גאנצע דעק פון׳ם שיף געווען אן ארט סאלון, וואו מען האט זיך געקענט צוזאמענקומען און ארבייטען.

אין דערמיט שיף האט מען צונומען דיא וועגטלעך פון דיא קאיוטען און מען האט געמאכט א גרויסען שלאפציממער פאר אלעמען. אין דערמיט שלאפציממער האט מען געשטעלט א גרויסען אויווען, אין וועלכען עס האט בעשטענדיג געברענט פייער. דענאך האט מען געמוזט שלאפען אין דיא פעלץ־זעק, אדער דאבא, וויא דיא עסקי־מאסען רופען עס, דאס איז א לאנגער זאק פון דיא פעל פון ווייסע בערן מיט דיא האר אינעווייניג. דער מענש קריכט אריין אין גאנצען אין זאק און דעקט זיך צו דאס געזיכט מיט א פעל פון א פוקס אדער אן אנדערע חיה מיט לאנגע האר. דיא ווענט פון׳ם שלאפציממער זיינען געווען אויסגעהאנגען מיט דיא פעל פון רענטהיר. לעבען שלאפציממער איז געווען אן אנדער ציממער, וואו צו טריקענען וועש אדער אנדערע

קליידער, וועלכע מען האט געמוזט טריקענען. אין דרויסען איז געווען אונמעגליך עפעס צו טריקנען. קוים האט מען ארויסגעטראגען א נאסע זאך, איז עס באלד פערפרארען געוואָרען הארט וויא א שטיין. ווען מען האט עס ארויסגענומען אין דער ווארם, איז עס ווידער געווארען נאס.

קאפיטאן האטטעראס האט זיך יעצט געוויעזען אלס פארטרעפליכער עקאָנאָם און אויסגעצייכענטער ווירטה. ער האט איינגעפיהרט אַ שטרענגע ארדנונג צווישען זיינע מענשען. אום זעקס אוהר אין דער פריה זיינען אלע אויפגעשטאנען און האבען געטרונקען ווארעמען טהעע אָדער קאפע, אום צעהן אוהר האט מען געגעסען מיטאָג; געזאלצען פלייש אדער פיש מיט רייז, ברויט, מעהל שפייזען און דערצו אביסעל ליטינע זאפט, אדער זויערקרויט און זויערע אוגערקעס. דיא זויערע זאכען היטען אפ פון דער געפעהרליכער קראנקהייט סקארבוט. דאס עסען האט מען געקאָכט אין ציטער צום טריקענען. עס וואלט גלייכער געווען צו קאָכען דאס עסען אין שלאף־צימער. קאפיטאן האטטעראס האט עס אָבער ניט געוואלט, פון'ם קאכען נעהמט זיך פייכטקייט, וועלכע ווערט באלד פערפראָרען, עס הייפט זיך אן שנעע אין צימער און דיא לופט ווערט שלעכט. פייכקייט איז אַ געפעהרליכער פיינד אין אלע קלימאטען און אין אלע לענדער. ער האט געוואלט, אז אין שלאף־צימער זאל דיא לופט שטענדיג זיין ריין און טרוקען.

דאס עסען פון אַ מענשען מוז זיין פערשיעדען אין פערשיעדענע קלימאטען. אין דיא הייסע געגענדען פון אפריקא און אזיא איז גענוג פאר אַ מענשען אביסעל רייז מיט איינינע צעהנדליג טייטלען. אין דיא קאלטע געגענדען מוז דער מענש עסען פיעל פלייש און פיעל פעטס.

— מיר מוזען זיך לערנען ביי דיא עסקימאסען, האט דער דאקטאָר געזאָגט. זיי זיינען נאטור־קינדער און האבען געלערנט אין דער שטרענגער שולע פון דער מוטער־נאטור. דער עסקימאס פערשלינגט צעהן ביז פונפצעהן פונט פיש־אייל א טאג, זיי האבען רעכט. אייל און פעטס ווארמט דעם מענשען. מיר ווארעמען אן אונזער צימער דורך אן אויווען, מיר מוזען אנווארעמען אונזער קערפער דורך פעטס און אייל. מיר קענען קיין פיש־אייל ניט טרינקען, וויא דיא עסקימאסען, מוזען מיר עסען אנדערע פעטע זאכען. איך האב דער פאר אנגעגרייט פעכליך מיט שמאלץ.

אום אָפצוהיטען דיא געזונדהייט אין אזא קלימאט מוז מען זיין זעהר פארזיכטיג. דאָקטאר פולמאן האט זיך געוויעזען אין דיעזער בעציעהונג אזא גוטער דאקטאר, וויא קאפיטאן האטטעאס א גוטער ווירטה. איין טאג איבערן אנדערן האט יעדער מאטראָז געמוזט נעהמען א קאלטע וואנע. דיא וואנע איז געשטאנען אין קיך, אָבער דאס וואסער אין דער וואנע איז געווען אייז־קאלט. דער דאקטאר האט דער ערשטער געוויעזען א ביישפיעל און האט זיך אריינגעווארפען אין קאלטען וואסער. דיא מאטראָזען זיינען אנפאנגס געווען זעהר ניט צופריעדען מיט אזא קאלטע באד, זיי זיינען אָביער באלד געוואינט געווארען און פלעגען נעהמען דיא וואנע, וויא דער דאקטאָר האט געהייסען.

דער דאקטאר האט אכטונג געגעבען, אז דיא מאטראָזען זאלען זיך אָפהיטען, זיי זאלען ניט אָפפריערען א האנד, אַ פוס, אן אויער אין דער צייט ווען זיי האבען געארבייט אין דרויסען. קוים איז איינער צוגעקומען און האט געזאגט, אז עס איז

איהם ערגעץ ניט קאלט, אדער ער פיהלט עפעס ניט א גליעד האט מען באלד אנגע־הויבען צו רייבען מיט שנעע דאס פערפרארענע גליעד, ביז עס איז ווידער רויט געווארען און דער מענש האט עס ווידער אנגעהויבען צו פיהלען.

עס זיינען פערגאנגען גאנצע דריי וואכען, איידער דיעזע אלע פארבערייטונגען פאר דעם ווינטער האבען זיך געענדיגט און דיא מאטראזען האבען זיך איינגעוואינט צו דעם שטרענג רעגולירטען לעבען, וועלכע דער קאפיטאן און דער דאקטאר האבען איינגעפיהרט. ווען אלע פארבערייטונגען זיינען געווען פערטיג און דיא בעסטע און שטרענגסטע ארדנונג איז איינגעפיהרט געווארען, האט דער קאפיטאן זיך גענומען צו זיין אלטע בעשעפטיגונג. ער האט אנגי הויבען ארומצוגעהן אין דער געגענד; ער איז ארויפגעקלעטערט אויף דיא העכסטע אייזבערג און מיט'ן ספעקטיוו אין דער האנד האט ער זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, אבער וויא וויט זיין אויג האט נור געקענט גרייכען, האט ער נור געזעהן אייז און אייז. באלד האבען זיך געבילדעט יאגד פאר־טייען, מען איז ארויסגעגאנגען זוכען ווילדע חיות. דיעזע יאגד פארטייען פלעגען געוועהנ־ליך בעשטעהן פון דאקטאר, דשיימס וואלל, סימפסאן, דשאנסאן און דער מאטראז בעלל. זיי האבען געשאסען אייניגע פייגעל, א פאר האזען און א זעעהונד. זיי האבען בעגעגענט א ווייסען בער, וועלכער איז אבער אנטלאפען פון זיי און איז באלד פער־שוואונדען געווארען. זיינע האר זיינען געווען אזוי ווייס, אז, ווען ער איז געליעגען אויף איין ארט, איז שווער געווען צו דערקענען איהם פון'ם שנעע ארום. דיא זעעהינד פלעגען אויסבויערן לעכער אין אייז, דורך וועלכע זיי קענען אטעמען. אמאל פלעגען זיי ארויס־קריעכען דורך דיעזע לעכער אויפ'ן אייז. דאמאלס איז זיי לייכט צו שיעסען.

דיא טעג זיינען געווארען אלע מאל קלענער. דער 15טע אקטאבער איז געווען דער קלענסטער טאג. דיא זון האט זיך געוויעזען אויף א פאר מינוט און איז באלד פערשוואונדען געווארען. פון'ם 16טען אקטאבער האט זיך אנגעהויבען דיא לאנגע נאכט, וועלכע דויערט ביז אנפאנג מערץ; א לאנגע, טרויעריגע, שרעקליכע נאכט פון פיער מאנאטע. דאך איז דיעזע נאכט ניט גאנץ פינסטער, דער מאנד שיינט זעהר העל אין יענע געגענדען. דיא שטערן העלפען איהר צו אויך גאנץ ערנסט, ניט אזוי וויא ביי אונז, וואו דיא שטערן ווייזען איז אויס, וויא גאנץ קליינע ליכטיגע פונקטען אין הימעל. אין יענע געגענדען טהוען זיי זייער דיענסט גאנץ עהרליך און בעלייכטען דיא שרעקליכע אייז וויסטען אין דער צייט, ווען דיא זון איז ניטא, דאן קומט נאך דאס נארד ליכט.

אין נארדען (צפון זייט) ווייזט זיך א מין רעגענבויגען, נאך איהם געהט ארויס נאך איינער, א דריטער, א פערטער. זיי פלעכטען זיך דורך, ווערן גרעסער, צושפרייטען זיך, ציעהען זיך צונויף, דרעהן זיך און בעלייכטען א האלבען הימעל מיט אלערליי פארבען. דאס איז דאס נארדליכט Aurora Borealis. עס איז אונמעגליך אויסצומאלען מיט ווערטער דיא שענהייט און דיא הערליכקייט פון'ם נארדליכט. מען מוז עס זעהן מיט דיא אויגען אום עס צו שעצען. מיר, איינוואינער פון דיא מעסיגערע געגענדען, האבען קיין בעגריף פון'ם נארדליכט. זעהר, זעהר זעלטען איז דאס נארדליכט אין יענע געגענדען אזוי שטארק, אז עס שטראהלט אפ ביז צו אונז. דאס קומט אבער פאר איין מאל אין פונפציג יאהר. דעם 7מען פעברואר 1892 האט מען געזעהן א טהייל פון'ם

גאָרדליכט אין ניו יאָרק, טשיקאגאָ און אנדערע שטעדט. אין נאָוועמבער 1872 האט מען געזעהן דאס נאָרדליכט אין גאנץ רוסלאנד.

גאנץ פינסטער אין יענע געגענדען איז נור, ווען עס הייבט זיך אויף א שנעע שטורם און דער הימעל איז בעדעקט מיט שווארצע וואָלקענס, דאמאלס איז דיא פינסטערניס ווירקליך שרעקליך. אזא שטורם האט אויסגעבראָכען דעם 28טען אָקטאָבער, ער האט געדויערט גאנצע דריי טאג. אויסער דעם שיף האט זיך דאמאלס געפונען א פּאַרטיע פון פינף מאטראָזען, וועלכע זיינען געגאנגען זוכען חיות. אויף דעם שיף איז מען געווען זעהר אונרוהיג איבער זיי. מען האט מורא געהאט, זיי זאלען ערגעץ ניט פערבלאָנזעט ווערן אין שנעע, זאלען ניט טרעפען דעם וועג א היים, צום שיף, און זאלען ניט שטארבען פאר הונגער. צום גליק, איז מיט זיי געווען דער מאטראָז סימפּסאָן, וועלכער איז געווען גוט בעקאנט מיט דיעזע געגענדען, קוים האט זיך אנגעהויבען דער שטורם, האבען זיי זיך אניעדערגעלעגט אין שנעע. עס האט אויף זיי אנגעשאָטען צעהן פוס שנעע, אונטערן שנעע איז זיי געווען ווארם, פּראָוויאנט האבען זיי געהאט מיט זיך אויף צוויי טאג, דעם דריטען טאג האבען זיי געמוזט פאסטען און ערשט דעם פערטען טאג אום מיטאג־צייט זיינען זיי געקומען צום שיף, מיעד, הונגעריג, אבער פריש און געזונד.

דעם 3טען נאָוועמבער איז דאס וועטער געווען זעהר שעהן, דער מאנד האט געשיינט העל, דיא שטערן האבען געפונקעלט, קיין ווינד איז ניט געווען, דער פראָסט האט געברענט; דער דאָקטאָר, דשאנסאָן און בעלל האבען בעשלאָסען צו מאכען א לוסט רייזע אין דער געגענד ארום. זיי זיינען אויפגעשטאנען אום זעקס אוהר, האבען מיטגענומען מיט זיך פּראָוויאנט, זייערע ביקסען, פולווער און קוילען און זיינען ארויסגעגאנגען שפּאַציערן. זיי זיינען ארומגעגאנגען אייניגע שטונדען און האבען קיין שפּור פון קיין ווילדע חיה ניט געפונען. דער דאָקטאָר האט זיך זעהר געוואונדערט און האט געפרעגט דשאנסאָן:

— וויא קומט עס, וואס מיר געפינען קיין שפּור פון קיין חיה? זאל איך זאגען, אז זיי זיינען פערשוואונדען געוואָרען? אדער זיינען זיי אוועקגעגאנגען אין א ווארעמערע געגענדען?

— איך גלויב עס ניט, האט דשאנסאָן געענטפערט. דיא ווייסע בערן, פיקס און האזען האלטען זיך אויף אין דיא קאלטעסטע געגענדען. איך מיין, אז דער שטורמווינד האט זיי פערטריעבען. זיי האבען זיך בעהאלטען אין זייערע לעכער און פערשאָטען געוואָרען מיט שנעע. עס מוזען פאראיבערגעהן אייניגע טעג, ביז זיי וועלען זיך ווידער ווייזען.

— דאס איז זעהר שלעכט, האט בעלל געזאגט. מיר דארפען יעצט זעהר נייטיג שמאלץ, זעהר פיעל שמאלץ. מיר האבען יעצט נאָוועמבער, ביז פעברואר איז נאך זעהר וויט. פעברואר איז דער קאלטסטער מאנאט אין דיעזע געגענדען. אונזערע קוילען וועלען קוים אויסרייכען ביז אנפאנגס דעצעמבער. מיר וועלען מוזען קאכען אונזער עסען און הייצען אונזער אוויוען מיט שמאלץ פון דיא חיות. — מיר זאלען קענען פאנגען

עמליכע ווייסע בערן, וואלטען מיר נעהאט פראוויאנט גענוג. בערן־פלייש איז ניט שלעכט און דיא בערן זיינען יעצט זעהר פעט.

— מיר קענען פאנגען זעהינד, האט דער דאקטאר געזאגט. דיא זעהינד זיינען פעטער פון דיא ווייסע בערן.

— דיא זעהינד װעלען באלד פערשווינדען, האט דשאנסאן געענטפערט. עס ווערט קעלטער, דאס אייז ווערט אזוי דיק, אז דיא זעהינד קענען עס ניט דורכלעכערן און זיי מוזען אוועקשווימען פון דאנען.

— אלזא, בלייבט אונז קיין אנדער מיטעל ניט, אלס צו שיעסען ווייסע בערן, האט דער דאקטאר געלאכט. דער ווייסער בער איז דאס ניצליכסטע טהיער אין דיעזע געגענדען. מען קען פון איהם האבען שפייז, הייצונג און קליידער.

פלוצלונג האט דער הונד, װעלכען זיי האבען מיטגענומען מיט זיך, אנגעהויבען שטארק צו בילען. זיי האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האבען דערזעהן א ווייסע חיה. זיי האבען געמיינט, אז דאס איז געוויס א בער און האבען אנגעהויבען צו שיעסען. אזוי וויא זיי האבען געוואוסט, אז א ווייסען בער איז זעהר שווער צו טוידטען, האבען זיי אלע דריי אויסגעשאסען איינער נאך דעם אנדערן. דאס טהיער איז אניעדער געפאלען, זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער און האבען דערזעהן, אז אנשטאט א בער האבען זיי דערשאסען א ווייסען פוקס. זיי וואלטען געוויס מעהר צופריעדען געווען, ווען עס זאל געווען זיין א ווייסער בער, אזוי וויא מען קען אבער פון קיין פוקס קיין בער ניט מאכען, האבען זיי געמוזט זיך צופריעדען שטעלען מיט א פוקס. בעלל האט זיך אנגע־בויגען אויפצוהויבען דעם פוקס און איהם ארויף צולעגען אויף דיא פלייצעס. ער האט זיך אבער באלד אויפגעהויבען און געזאגט פערוואונדערט:

— זעהט נור, דער פוקס טראגט א האלזבאנד.

— א האלז־באנד? האט אויסגערופען דער דאקטאר און האט זיך אנגעבויגען צום טוידטען פוקס.

דער פוקס האט ווירקליך געהאט ארום האלז א מעשענעם האלז־באנד מיט אן אויפשריפט: „קאפיטאן ראסס זוכט קאפיטאן פראנקלין 1848“. דיא בוכשטאבען זיינען שוין געווען אביסעל אפגעריעבען, אבער מען האט זיי נאך געקענט לעזען.

— ווייסט איהר, וויאפיעל דער פוקס דארף שוין אלט זיין? האט דער דאקטאר געזאגט, א יאהר 14—15. ווען קאפיטאן ראסס האט געזוכט פראנקלינס עקספעדיציאן, פלעגט ער האפען פיקס און זיי אנטהאן האלזבענדער, אין דער האפנונג אז פראנקלינס מענשען וועלען האפען איינעם פון דיעזע פיקס און וועלען געוואהר ווערן, אז מען זוכט זיי. — שאדע, וואס מיר האבען איהם געטוידטעט.

— מעגליך אז דער פאר האבען מיר איהם אזוי שנעל געטוידטעט. ער האט שוין ניט געקענט אנטלויפען, ער איז צו אלט און האט זיך געוויס ניט געקענט ריהרען. אלענפאלס לאמיר איהם נעהמען א היים, עס איז דאך א היסטארישער פוקס, איהר קענט האלטען זיין פעל, דאקטאר, אלס אנדענקען.

זיי זיינען נאך ארומגעגאנגען א גאנצען טאג, האבען נאך געשאסען א פאר שנעע־[illegible] און זיינען געקומען צוריק צום שיף.

## 15טעם קאפיטעל.

# דאס לעצטע שטיקעל קוילען.

וויא אויף צו להכעיס, איז קיינעם פון דיא יענער ניט געלונגען צו טייטען א וויסען בער. דיא זעע הינד האבען אויך אנגעהויבען צו פערשווינדען, דיא קעלט איז געוואָרען שרעקליך. דעם 24טען נאָוועמבער איז דאס קוועק־זילבער אין טהערמאָמעטער פערפראָרען געוואָרען. ווען עס איז נאך געווען שטיל אין דרויסען האט מען דאך געקענט ארויסגעהן אויף א קורצע צייט פון'ם שיף; קוים אבער האט זיך אויפגעהויבען א ווינד, איז געווען אונמעגליך איינצושטעהן איניגע מינוטען אין דרויסען. עס איז געווען גלייך, וויא דער ווינד איז פול געווען מיט שארפע נאדלען, וועלכע זיינען דורכגעקראָכען דורך אלע קליידער און האבען געשטאכען דעם קערפער. שרעקליך איז געווען צו צו ריהרען זיך צו אייזען. מען האט געמוזט טראגען דיא בעסטע האנדשוה, קוים האט מען זיך צוגעריהרט צו אן אייזערנע זאך, האט מען זיך אפגעבריהט דיא האנד.

מען האט געמוזט זיצען אין דער היים. דער איינציגער שפאציער־גאנג איז געווען אויפ'ן דעק פון'ם שיף. דאָרט האט מען מעגליך א פאר שטונדען געקענט שפאציערען און זיך בעוועגען אבער אויך אויפ'ן דעק איז דער האוך פון'ם מענשען באלד פערפראָרען געוואָרען און ווען איינער האט שפאציערט א שטונדע, איז זיין געזיכט און זיין קאָפּ בעדעקט געוואָרען מיט אייז. דער דאָקטאָר האט געראַטהען דיא מאטראָזען, זיי זאלען זיך געוועהנען צו דעם קעלט און זאלען ארומגעהן אויפ'ן דעק אדער זאגאר איניגע מינוט אין דרויסען; דיא מאטראָזען אבער האבען איהם ניט געהערט, ווייל זאגאר אין שלאף־צימער איז געווען שרעקליך קאלט. ווען מען איז אוועקגעגאנגען א פאר שריט פון'ם אויווען.

דאס פלייש פון דיא חיות וועלכע זיי האבען געשאָסען און דאס געזאלצענע פלייש, וועלכעס זיי האבען מיטגעבראכט פון דער היים, איז געוואָרען אזוי פערפראָרען, אז מען האט עס געמוזט האקען מיט העק. מען האט געמוזט עסען פון'ם קעסעל, ווען ער איז געשטאנען אויפ'ן פייער. ווען מען האט אריינגעגאָסען פון'ם קעסעל אין א שיסעל אריין, איז דאס עסען באלד פערפראָרען געוואָרען. טהעע האט מען געמוזט טרינקען לעבען אויווען אדער פון קעסעל. קוים האט מען איהם אריינגעגאָסען אין א שאָל און מען איז אוועקגעגאנגען פון'ם אויווען, איז ער באלד פערפראָרען געוואָרען.

איניגע מאטראָזען זיינען געוואָרען אזוי פויל, אז זיי האבען זיך ניט געוואָלט ריהרען פון'ם ארט. זיי פלעגען ליעגען גאנצע טעג איינגעוויקעלט אין זייערע דעקען און האבען מורא געהאט זיך אויפצוהייבען. זיי זיינען באלד קראנק געוואָרען אויף דער גע־פעהרליכער קראנקהייט סקארבוט. דער דאָקטאָר האט געטהאן אלעס מעגליכע אום דיא קראנקע צו היילען. ער האט זיי אבער ניט געקענט געבען דאס נייטיגסטע פרישע לופט. אין צעהן טאג זיינען דרייצעהן מאטראָזען קראנק געוואָרען — אין גאנצען זיינען זיי געווען אכצעהן. —

דעם 8טען דעצעמבער אין דער פריה איז פען אריינגעקומען זעהר פרויעריג.

(Ice Sea, 7.)

— וואס וועלען מיר יעצט טהאן? האט ער געזאגט. דיא קעלט איז שרעקליך און מיר האבען קוילען נור אויף היינטיגען טאג?

ער האט זיי געוויעזען אין א זאק א ביסעלע קוילען. דאס איז געווען דאס לעצטע, וואס ער האט אויסגעקראצט און צונויפגעקעהרט פון'ם שפייכלער. מעהר איז שוין ניטא. מען האט אריינגעשאָטען דיא קוילען אין פייער. ביז נאכט האבען זיי אויסגע־ברענט. — וואס טהוט מען ווייטער? אין אזא קעלט אהן הייצונג הייסט גאנץ איינפאך פערפראָרען ווערן. דשאנסאן האט גענומען שטריק, האט זיי אויפגעוויקעלט, האט זיי בעגאָסען מיט פיש־טראָהן, וועלכעס זיי האבען געהאט פון דיא זעע הינד, וואס זיי האבען געטייטעט מיט איינינע וואָכען צוריק, און האט דיעזע שטריק אריינגעוואָרפען אין אויוען. זיי האבען זיך באלד אנגעצונדען און האבען גוט געברענט. דער אויוען האט גוט געווארמט, עס האט אבער אזוי שטארק געשטונקען, אז מען האט זיך געמוזט צו־האלטען דיא נאז.

— זעהר א שלעכטע הייצונג, האט בעלל געזאגט.

— מאַך בעסער, האט איהם דשאנסאן געענטפערט. דיעזע הייצונג האט אבער אין זיך א גאנץ אנדערע מעלה, וואס דוא ווייסט ניט — עס וועט צוציעהען צו אונז דיא ווייסע בערן. זיי וועלען הערן דעם גערוך פון'ם פיש־טראָהן און וועלען קומען צו אונז אויף א וויזיט. מיר וועלען דאן האבען דיא געלעגענהייט צו מאכען זייער בע־קאנטשאפט.

— איך זעה גאר ניט איין, אז זייער בעקאנטשאפט זאָל זיין אזוי אנגענעהם! האט אויסגערופען בעלל. איך וואָלט בעסער געוואָלט בעקאנט ווערן מיט צעהן פרעמדע מאטראזען אין ליווערפול, אלס מיט איין ווייסען בער אין דיעזער געגענד.

— מעגליך, אז דוא האָסט רעכט, האט דשאנסאן געזאגט, פערגעס אבער ניט, אז נור א נעהענטערע בעקאנטשאפט מיט דיא ווייסע בערן קען אונז פערזארגען מיט קליידער און מיט הייצונג. זיי זיינען יעצט זעהר פעט, זייערע האר זיינען לאנג און ווארם. מיר וועלען מוזען מיט זיי בעקאנט ווערן און אויסבאָרגען ביי זיי דיעזע צוויי ארטיקעל, וועלכע מיר דארפען אזוי נייטהיג יעצט.

— וואס וועלען מיר אבער טהאן, ווען דיא בערן וועלען זיך ניט איילען צו מאכען אונזער בעקאנטשאפט? האט בעלל ווייטער געפרעגט. אונזער פישטראָהן לאָזט זיך באלד אויס. עס וועט אונז אויסקומען פערפראָרען צו ווערן דא, אין דיעזער שרעקליכער, קאלטער וויסטעניי.

— איך ווייס ניט, האט געזאגט דשאנסאן טרויעריג. עס איז דא נור א י י ן מיטעל — דאס שיף — אבער — דער קאפיטאן וועט עס געוויס ניט ערלויבען.

ענדליך, דעם 20טען דעצעמבער האט זיך אויסגעלאָזט דאס לעצטע ביסעל פיש־טראָהן. דאס פייער אין אויוען האט ז ך אויסגעברענט, דער אויוען איז געוואָרען קיהלער און קיהלער, ביז צו לעצט האט זיך איינער פון דיא מאטראזען צוגעריהרט צום אויוען, ער האט געוואָלט זעהן, אויב ער איז נאך ווארם און, האט אוועקגעריסען דיא האנד מיט א שרעקליכען געשריי. דער אייזערנער אויוען איז געווען אזוי קאלט, אז ער האט אפגעפראָרען דיא שפיין פינגער.

דיא מאטראזען זיינען געשטאנען ארום דעם קאלטען אויווען בלייך און טרויעריג. דער קאפיטאן איז געזעסען אין א ווינקעל און האט גאר ניט גזאגט. דער דאקטאר איז ארומגעלאפען אין צימער, ער זאל זיך אביסעל אנוואַרעמען. נור שאנדאן, פּען און אייניגע אנדערע מאטראזען זיינען געווען רוהיג און אנטשלאַפען. ווען עס איז געוואָרען שטארק קאלט אין צימער, איז שאנדאן מיט דיא אנדערע צוגעגאנגען צום קאפיטאן.

— קאפיטאן! האט געזאגט שאנדאן מיט א פעסטער שטימע.

קאפיטאן האטטעראס האט געשוויעגען.

— קאפיטאן! האט שאנדאן געזאגט העכער, מיר האבען ניט קיין פייער און קיין הייצונג.

— נו, וואס ווילט איהר פון מיר? האט ענדליך דער קאפיטאן געזאגט.

— איהר קענט דאך אונז ניט לאזען דערפראָרען ווערן. גיט אונז אייערע בע־פעהלע. זאָגט, וואס זאלען מיר טהאן?

— יעדער זאל טהאן זיין פפליכט ביז צו ענדע! האט אויסגערופען דער קאפיטאן.

— וויא קענען מיר טהאן אונזער פפליכט, ווען מיר האבען ניט קיין פייער? האט געפרעגט שאנדאן מיט א ביטערן געלעכטער. אין פיער און צוואנציג שטונדען ארום וועלען מיר אלע זיין טויט.

— וואס קען איך אייך העלפען? האט געזאגט דער קאפיטאן מיט א טרויעריגער, הערצרייסענדער שטימע. איך קען פון מיר קיין האָלץ ניט מאכען!

— מיר פערלאנגען ניט, איהר זאָלט מאכען האָלץ פון זיך, האט שאנדאן געזאגט שטאָלץ, מיר פערלאנגען נור, איהר זאָלט אונז הייסען נעהמען האָלץ, וואו מיר קענען עס קריעגען.

— וואו קענט איהר קריעגען האָלץ? האט דער קאפיטאן געפרעגט און איז גע־וואָרען בלייך, וויא דער שנעע אין דרויסען.

— אויפ'ן דעק פון אונזער שיף, האט שאנדאן געענטפערט גראָב.

— אויפ'ן דעק פון'ם שיף? האט קוים ארויסגערעדט דער קאפיטאן. ניין! איך וועל עס קיין מאל ניט ערלויבען!

שאנדאן, פּען און דיא אנדערע מאטראזען זיינען צוגעקומען נעהענטער צו איהם און האבען איהם ארומגערינגעלט, גלייך וויא זיי וואָלטען געוואלט איהם צווינגען מיט געוואלד, ער זאל זיי געהן הייסען צוהאקען דעם דעק פון'ם שיף אויף האָלץ אין אויווען אריין. פּען און אנדערע האבען געהאלטען העק אין דיא הענד.

— געוויס, האט פּען געזאגט, ווען דאס שיף קען אונז ניט ברענגען אהיים, זאל זיא אונז וועניגסטענס אנוואַרעמען.

קאפיטאן האטטעראס איז אויפגעשפרונגען, האט ארויסגעחאפּט דיא האק פון פּען'ס האנד און האט זיא אויפגעהויבען אין דערהויך. ער וואלט איהם געוויס געווען צו שפּאָלטען דעם קאפּ, ווען דער דאקטאר זאל ניט געווען צו לויפען און אנחאפּען דעם קאפיטאן ביי דער האנד. דשאנסאן, בעלל און סימפּסאן זיינען אויך צוגעקומען העלפען דעם קאפיטאן בערוהיגען זיינע מענשען. עס איז זיי געלונגען, איהם עטוואס צו בע־רוהיגען.

— ווען איהר וועט פערברענען דאס שיף, האט ער ענדליך געזאגט, מיט וואס וועלען מיר קענען צוריק פאהרען אהיים ?

— מיר האבען נאך דיא שיפלעך, האט שאנדאן געענטפערט גראָב. מיר וועלען ניט פערברענען דאס גאנצע שיף, זאָנדערן דען אויבערשטען טהייל פון איהר.

— ניין ! האט אויסגעשריען דער קאפיטאן. איך וועל עס קיין מאל ניט דער־לאָזען, אז מען זאל מיין „פאָרוואָרד" פערברענען ! — איך האב אלקאָהאל און בראנדוויין אויפ'ן שיף, נעהמט און הייצט מיט זיי.

דשאנסאן און אנדערע זיינען אריינגעגאנגען אין שפייזע קאמער און האבען ארויסגענומען א פעסעלע בראנדוויין. זיי האבען צושניטען אלטע העמדער און געמאכט פון זיי קנויטען, וועלכע זיי האבען בעגאָסען מיט בראנדוויין. דיעזע קנויטען האבען זיי אריינגעלעגט אין אויווען און אנגעצונדען. עס האט זיך געוויעזען א בלויעס פייערל. דער אויווען האט זיך לאנגזאם דערוואָרמט. דיא מאטראזען האבען זיך ארומגעשטעלט ארום איהם און האבען זיך געוואָרמט.

דעם 25טען דעצעמבער איז וויעדער געווען אזא שרעקליכער פראָסט, אז דער אלקאהאל אין אויווען איז ניט געווען אים שטאנד אנצרוואָרעמען דאס צימער. דיא וועגד זיינען געווען בעדעקט מיט אייז. דיא לופט אין צימער האט אויסגעוויעזען, וויא א געדיכטער נעבעל (טומאן) אויסגעמישט מיט שנעע, דער אָטהעם פון דיא מענשען איז פערפראָרען געוואָרען אין דער לופט, אז איינער דעם אנדערן האט ניט געקענט זעהן; זייערע הענד און פיס זיינען געוואָרען בלוי און פערגליווערט. זאגאר דיא צונג אין מויל האט זיך ניט געקענט ריהרען. דא האט שוין דער דאקטאר אויך ניט געקענט זיך איינהאלטען. ער איז צוגעגאנגען צום קאפיטאן און האט איהם געזאגט :

— האטעראס, מיר וועלען פערפראָרען. מיר מוזען האבען האָלץ צו הייצען דעם אויווען.

— איך וועל ניט לאָזען פערברענען דאס שיף ! האט געענטפערט דער קאפיטאן פינסטער.

— מיר קענען אבער אנדערש ניט לעבען, האט דער דאקטאר געזאגט מיט זיין פריינדליכער, ווייכער שטימע.

— לאָזען זיי טהאָן, וואס זיי ווילען, האט האטעראס קוים ארויסגעהויכט, איך ערלויב ניט.

מעהר האט מען ניט געדארפט. דשאנסאן, בעלל און סימפסאן זיינען באלד ארויפגעלאָפען אויפ'ן דעק פון'ם שיף און האבען אנגעהויבען אויסצוהאקען דיא ברעטער פון'ם דעק און פון דיא וועגד ארום. קאפיטאן האטעראס האט געהערט, וויא מען האקט זיין שיף. יעדער זעץ מיט דער האַק האט אפגעקלונגען אין זיין הארץ, גלייך וויא מען וואָלט איהם אליין געהאקט. ער האט אבער געשוויעגען. עס איז געווען קריסמאס, א טאג, וועלכען אלע קריסטען פערברענגען אין פרעהליכקייט, געזאנג, עסען און טרינקען. וואס האבען זיי געהאט ? — נויט, קעלט און פערצווייפלונג.

באלד האט געברענט א פרעהליכער פייער אין אויווען, אויף וועלכען מען האט אויפגעשטעלט קעסלען מיט וואסער און קאפפע. די מאטראזען האבען זיך דערקוויקט מיט

א גלאָז וואַרעמען טהעע. זיי זיינען לעבעדיג געוואָרען און האבען אנגעהויבען צו רעדען איינער צום אנדערן.

דעם 1טען יאנואר 1861 איז דאס וועטער געווען זעהר שעהן. די קעלט האט נאכגעלאזען, די מאטראזען זיינען ארויסגעגאנגען פון׳ם שיף און האבען איינע צייט פערבראַכט אין דרויסען. דער דאקטאר האט זיך גענומען צו זיינע ביכער. ער האט געוואָלט דורכלעזען נאך א מאל אלע רייזען אויפ׳ן אייז־מעער אום צוזעהן, וואס האבען אנדערע רייזענדע געטהאן אין זייער לאנגע. ער האט געמאכט א זאַנדערבארע און זעהר וויכטיגע ענטדעקונג. ער האט געפונען אין דער רייזע בעשרייבונג פון סער עדוואַרד בעלטשער, אז אין קווינס טשענעל, ניט ווייט פון דעם ארט, וואו די „פאָרוואַרד“ געפינט זיך יעצט, זיינען דא מינעס מיט ערדקוילען. די עסקימאסען ווייסען ניט, וויא אזוי זיי צו גראבען; ער אבער מיט זיינע מענשען האבען זיך בענוצט מיט דיזע קוילען א לאנגע צייט.

ער האט געחאַפּט דאס בוך אין דער האנד און איז געלאפען זוכען דעם קאַפּיטאן, איהם דערצעהלען פון דיזע וויכטיגע ענטדעקונג.

— קוילען? האט אויסגערופען דער קאפּיטאן. שטיין קוילען? דא, אין דיזער פערוואָרפענער געגענד?

— קוילען, האט געזאגט דער דאקטאר. — אונזער רעטונג. נאך מיינער רעכנונג זיינען מיר ניט מעהר, וויא הונדערט מייל ווייט פון קווינס־טשענעל. וואס איז הונדערט מייל אין דיזע געגענד? מיר האבען שליטענס, מיר האבען הינט צו שלעפּען די שליטענס אין דרייא טאג זיינען מיר הין און צוריק. — קומט, קאַפּיטאן, לאָמיר מאכען די רייזע.

דער קאַפּיטאן האט איינגעוויליגט. ער האט געזאגט, אז ער וועט נור צונויפ־נעהמען זיינע קארטען און זיינע אינסטרומענטען. דער דאקטאר האט דערצעהלט פון זיין ענטדעקונג זיין פריינד דשאנסאן, וועלבער האט עס דערצעהלט אלע מאטראזען. איינינע האבען זיך זעהר געפרעהט, ווען זיי האבען דערהערט, אז מען האט אויסגעפונען אן אָרט, וואו מען קען קריעגען קוילען; אנדערע האבען עס אויסגעהערט גלייכגילטיג און האבען געשמייכעלט.

— שטיין קוילען וועלען זיי דא געפינען? האט געלאַכט דשיימס וואלל, אייז און שנעע וועלען זיי געפינען גענוג.

— מאך קיין רעד ניט, האט איהם שאנדאן געזאגט שטילערהייט. לאזען זיי זיך געהן זוכען קוילען.

דשאנסאן, סימפּסאן און בעלל האבען זיך אנגעהויבען פארצובערייטען אין וועג אריין. דער דאקטאר איז אויך געווען באלד פערטיג. מען האט נור געוואַרט אויפ׳ן קאַפּיטאן, ער זאל קומען זאגען, ווען זיי וועלען ארויסגעהן. עס איז פערגאנגען א פּאָר שטונדען, איידער ער איז ארויסגעקומען פון זיין קאַיוטע. ענדליך, איז ער ארויסגעקומען און האט צוגערופען דעם דאקטאר צו זיך.

— ליעבער פריינד, האט ער איהם געזאגט גאנץ שטיל, אז קיינער פון די מאַטראזען זאל ניט הערן. מיר זיינען יעצט ווייט פון קווינס־טשענעל, וואו די קוילען

געפינען זיך, נים הונדערט מייל, וויא דוא האָסט אויסגערעכענט, זאָנדערן זיעבען הונדערט מייל.

דער דאָקטאָר האט אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגען. ער האט איהם נים געגלויבט. ער האט אויך גוט אויסשטודירט אלע לאַנד- און מעער־קאַרטען פון דיעזער, געגענד ער קען אויך גוט רעכענען און האט געוויס קיין טעות נים געמאַכט.

— דוא האָסט א טעות, האטטעראס! האט ער זאויסגערופען. איך האב ריכטיג אויסגערעכענט. עס איז נים מעהר, וויא הונדערט ענגלישע מייל קיין קווינס־טשענעל.

דער קאַפּיטאַן האט איהם אריינגערופען אין זיין קאיוטע האט פערמאַכט דיא טהיר און האט איהם געזאגט גאַנץ שטיל:

— מיר שטעהן נים אויף א י י ן אָרט. דאס אייז פעלד, אין וועלכען אונזער שיף איז איינגעפראָרען, שווימט קיין נאָרדען. איך האב עס שוין לאַנג בעמערקט. עס האט מיך געוואונדערט, וואס מען זעהט נים קיין ווייסע בערן און וואס אלע אנדערע חיות זיינען פערשוואונדען, יעצט וויים איך דיא אורזאַכע דערפון. דיא חיות ווייסען בעסער פון אונז, אז אונזער אייז־פעלד שווימט.

דער דאָקטאָר איז געשטאַנען, וויא פערשטיינערט. ער האט איהם נאָך אַלץ נים געגלויבט.

— נעהם דעם סעקסטאַן, האט געזאגט דער קאַפּיטאַן און איבערצייג זיך.

דער סעקסטאַן איז אַן אסטראָנאָמישער אינסטרומענט. ווען דיא זון, דיא לבנה אדער דיא שטערן שיינען, קען מען דורך איהם אויסרעכענען אין וואס פאר אַן אָרט אין דער וועלט מען געפינט זיך. מיר האבען נים גענוג פּלאַץ היער אום צו בעשרייבען דיעזען אינסטרומענט.

דער דאָקטאָר האט גענומען דעם סעקסטאַן, איז ארויסגעגאַנגען אין דרויסען, האט בעטראַכט דיא לבנה, וועלכע האט דאמאלס געשיינט זעהר העל און האט אנ־געהויבען צו רעכענען. ער האט באַלד אויסגעפונען, אז דער קאַפּיטאַן האט רעכט. זיי זיינען יעצט אין א גאַנץ אנדער געגענד אלס דאמאלס, ווען זיי האבען זיך איינגעאָרדענט אויפ'ן ווינטער.

— און דיא מאַטראָזען ווייסען גאר נים, אז מיר שווימען אַלץ ווייטער און ווייטער קיין נאָרדען, האט דער דאקטאר געזאגט.

— ש-ש-שאַ! האט דער קאַפּיטאַן געזאגט און האט ארויפגעלעגט א פינגער אויפ'ן מויל.

דער דאָקטאָר האט איהם פערשטאַנען. ער האט נים געוואלט אויסזאָגען דיא מאַטראַזען,, אין וואס פאר א לאַגע זיי געפינען זיך. זיי קענען יעצט נים וויסען, וואוהין דאס אייז־פעלד וועט זיי פערשלעפּען. צום גליק, איז דאס אייז־פעלד געווען פון אייניגע הונדערט מייל דיא ברייט און דיא לענג. מען האט אויף קיין פאל נים געקענט בע־מערקען, אז זיא שווימט.

## 16טעס קאפיטעל.

## דיא רייזע.

אזוי וויא דער דאָקטאָר האט שוין דערצעהלט דיא מאטראָזען, אז זיי ווילען מאכען א רייזע צו געהן זוכען קוילען, האט קאפיטאן האטטעראס געפונען פאר נייטיג צו מאכען א רייזע אויף א פאר טאג. ער האט געוואוסט, אז קוים וועלען זיינע מאטראָזען געוואָהר ווערן, אז ער האט זיך פלוצלונג אפגעזאגט פון דער רייזע, וועלען זיי פערשטעהן, אז דא איז עפּעס געשעהן און וועלען זיין נאך מעהר פערצווייפעלט.

ער האט דעהער געהייסען, אז מען זאל זיך פאָרבערייטען צו דער רייזע. ער האט געהייסען ארויסנעהמען דיא שליטענס, וועלכע שאנדאן האט געקויפט אין גרענלאנד און אויסקלויבען דעם לייכטעסטען פון זיי. ער האט געהייסען נעהמען דיא שטארקסטע זעקס הינט און זיי איינשפּאַנען אין שליטען צו צוויי אין דער ברייט. אויפ'ן שליטען האט מען אנגעלעגט פּראָוויאַנט אויף צעהן טאג פאר פינף מענשען, א געצעלט פון זעגעלטוך אין פאל אז מען וועט דארפען איבערנעכטיגען אין אן אָרט, וואו עס איז דא וועניג שנעע. איינינע פונט פולווער און קוילען, איינינע ביקסען, איינינע דעקען און נאך אנדערע נייטינע ארטיקעל.

יעדער האט מיט זיך מיט גענומען א גארטעל פון גוטאפּערטשא, וועלכער איז געוועזן אנגעפילט מיט וואסער אדער מיט טהעע. דער גארטעל איז געוועזן ארומגע־בונדען ארום דעם נאקעטען קערפּער און דאס וואסער איז ניט פערפראָרען געוואָרען. ווען מען האט זיך אפּגעשטעלט, האט יעדער געהאט לעבליכען טהעע אדער קאפּפּע פון זיין גארטעל. אויף דיא פיס האט יעדער געטראָגען א פאר שנעע שוהע, אויף וועלכע דיא בעוואָינער פון דיא קאלטע געגענדען מאכען זעהר לאנגע רייזען.

דיא פּאָרבערייטונגען האבען געדויערט א פאר טאג. מען האט געמוזט אלעס איבעררעכענען און זיך גוט איבערלעגען, וואס מיט צו נעהמען און וואס ניט. דאן איז געווען דיא פראגע, ווען זאל מען מיטנעהמען אויף דיא רייזע? קאפּיטאן האטטעראס האט זעהר גוט געקענט זיינע מאטראָזען. ער האט געוואוסט, אויף וועמען ער קען זיך פערלאָזען און אויף וועמען ניט.

אלזא, דעם דאָקטאָר מוז מען מיט נעהמען. ער איז א געלערנטער און ווייס פיעל זאכען. סימפּסאן און בעלל קען מען אויך מיטנעהמען, זיי זיינען גוטע מאטראזען און זעהר ערגעבען דעם קאפּיטאן. דשאנסאן האט אויך געוואָלט מיטגעהן. דער קאפּיטאן אבער האט איהם אוועקגערופען אין א זייט און האט איהם געזאגט:

— ליעבער פריינד! דוא ביסט דער איינציגער אפיציער, אויף וועלכען איך קען מיך פערלאזען. בלייב אויפ'ן שיף. איך גיב דיר איבער דאס קאמאנדא. אויב דוא ווילסט, וועל איך דיר געבען א געשריעבענעם בעפעהל, אז דיא גאנצע צייט, וואס מיר וועלען זיין אין וועג, ביסט דוא דער איינציגער קאמאנדיר פו'ם שיף און פון דיא מאטראָזען. — איך ווייס, אז איהר מוזט האבען האָלץ. איהר מוזט צוהאקען דאס שיף, איך בעט דיך אבער, ליעבער פריינד, דוא זאָלסט זעהן זיא צו שוינען, וויא ווייט מעגליך. — דוא פערשטעהסט מיך, דשאנסאן?

— איך פערשפּ... אייך, קאפּיטאן, האט דשאנסאן גענטפערט, און וועל געוויס שהאָן מיין בעסטעס.

— איך דאנק דיר, האט דער קאפּיטאן געזאגט און האט איהם געדריקט די האנד. ווען מיר וועלען ניט צוריק קומען — אויף דער וועלט קען זיך אלעס טרעפען — זאָלסט דוא פיהרען דאס שיף צוריק קיין ענגלאנד. איך וועל דיר געבען א בריעף צו מיין באנק הויז, וואו דוא וועסט נעהמען געלד און בעצאהלען אלעמען, וויא איך האב זיי צוגעזאגט.

דעם 6טען יאנואר איז אלעס געווען פערטיג צו דער רייזע און דער קאפּיטאן האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל אויפבּרעכען. די פּארטיע איז בעשטאנען פון׳ם קאפּיטאן, דעם דאָקטאָר, די מאטראָזען סימפּסאן און בעלל, זעקס גרענלענדיישע הינד און דיוק, דעם קאפּיטאן׳ס הונד. דער דאָקטאָר האט אבשיעד גענומען פון זיינע קראנקע, האט זיי אנגעזאגט, וויא זיי זאָלען זיך אויפפיהרען די גאנצע צייט, ווען ער וועט זיין אויף דער רייזע. דער קאפּיטאן האט אויך געוואָלט אבשיעד נעהמען פון זיינע מאטראָזען. אלע אבער האבען איהם אנגעקוקט בייז און פינסטער. אויף שאנדאָן׳ס געזיכט האט זיך געוויזען א זאָנדערבארער שמייכעל. קאפּיטאן האטטעראס איז געבליעבען שטעהן איינינע מינוט. ער האט מורא געהאט איבערצולאזען אליין דאס שיף. פּלוצלונג האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ שטאָלץ, וויא א ריעז, וויא א העלד. די מאטראָזען האבען אראפּגעלאָזען די קעפּ, זיי האבען פאר איהם מורא געהאט.

— זייט געזונד! האט ער זיי געזאגט מיט זיין הויכער קלינגענדער שטימע, און איז ארויסגעגאנגען.

די קליינע פּארטיע רייזענדע האט זיך געריהרט אין וועג. פיער מענשען און זיעבען הינט אליין אין דיעזער וועלט פון אייז און שנעע. זיי זיינען געגאנגען אין דער זייט, וואו עס ליעגט קווינס־טשענעל. דער קאפּיטאן האט געהאט אזא רעכנונג. ער וועט זיך ארומקוקען, וויא גרויס איז דאס אייז־פעלד, אויף וועלכע זיי שווימען. מעגליך, אז ווייטער ערגעץ געפינט זיך דאס פרייע מעער, וועט ער ניט דארפען ליעגען מיט זיינען מענשען איינגעפראָרען אין אייז. זיי וועלען צו פאהרען צום נארד־פּאָל מיט זייערע קליינע שיפלעך. דאן טאמער וועלען זיי טרעפען אויפ׳ן וועג ווייסע בערן, וועלכע זיי וועלען קענען שיעסען און פערזאָרגען זיך מיט הייצונג אין מיט פעל.

דעם ערשטען טאג איז די רייזע געגאנגען גאנץ גוט. דאס וועטער איז געווען שעהן און פאר יענע געגענדען ניט שטארק קאלט. געגען אבענד האבען זיי זיך אומגעקוקט, וואו זיי זאלען ערגעץ זיך מאכען א נאכט לאגער. אונזערע לעזער דארפען ניט פערגעסען, אז אין יענע געגענדען איז ניטא קיין טאג אין די ווינטער מאנאטען. עס איז איין לאנגע נאכט פון פיער פינף מאָנאטע. ווען מיר שרייבען ביי טאג אדער ביי נאכט, מיינען מיר די ערשטע צוועלף שטונדען און מעת לעת, וועלכע מען רעכענט, אז אין אנדערע לענדער איז טאג. —

זיי האבען באלד אויסגעפונען א פּלאץ, וואו עס איז געווען פיעל שנעע, און האבען זיך גענומען מאכען א שטיבעלע פון שנעע, א קרעטשמע פון שנעע, וואו איבער צו נעכטיגען. וויא מיעד זיי זיינען געווען פון דער רייזע צו פוס, האבען זיי זיך דאך גענומען

געהכטען בויען דיא שנעע קרעטשמע. אזא ארבייט געדויערט געוועהנליך א פּאָר שטונדען. ווען דאס הויז איז פערטיג געוואָרען, האט מען זיך געזעצט עסען. זיי האבען מיטגענומען א קליינעם קעראָסין אויווען, האבען איהם אנגעגאָסען מיט ספּירטוס און האבען זיך אָפּגעקאָכט זייער עסען. ווען זיי האבען אָפּגעגעסען, זיינען דריי אריינגעקראָכע אין דעם שנעע הויז און דער פּיערטער איז געבליעבען אין דרויסען, האלטען דיא וואך. יעדער האט דער רייהע נאך געמוזט האלטען וואך.

דעם אנדערן טאג איז מען אויפגעשטאנען, געמאכט ווארעמען טהעע אדער קאַפּע און מען האט זיך ווייטער געלאזט געהן. אלע זיינען געגאנגען גלייך, שטיל און רוהיג, נור דער דאָקטאָר האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. וואו ער האט דערזעהן א בערגעל, איז ער צוגעלאָפען און האט אנגעהויבען צו האקען און צו גראבען.

— וואס זוכט איהר, דאקטאר? האט האטטעראס געפרעגט. זעהט איהר דען ניט, אז אויף דיעזען אייז איז נאך קיין מענשליכער פוס ניט געטרעטען?

— ווייסט איהר דען, וויא אלט דיעזעס אייז־פעלד איז? האט דער דאָקטאר געענטפערט. מיינט איהר, אז אזא גרויסע מאסע אייז ווערט מיט איין מאל, אין איין ווינטער? ווער קען וויסען, וואס פאר א מענשען זיינען שוין געווען אויף דיעזען אייז־פעלד? — האב איך דען געקענט וויסען מיט א יאהר צוריק, אז איך וועל דא זיין?

— מיר האבען אבער קיין צייט ניט, דאָקטאָר. איך וויל זעהר זיין צוריק אויפ'ן שיף. איך האב זאגאר חרטה, וואס איך האב געלאָזען דאס שיף אליין.

— דשאנסאן איז דאך געבליעבען אויפ'ן שיף.

— דאס ווייס איך, האט דער קאפּיטאן געענטפערט. מיר זאגט אבער דאס הערץ, אז דאָרט וועט עפּעס געשעהן. איך בין ניט אבערגלויביש, דאָקטאָר, איך פיהל אבער, אז מיין שיף איז אין זעהר שלעכטע הענד.

אזוי רעדענדיג איז דער דאָקטאָר פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען.

— וואו זייט איהר, דאָקטאָר? האט קאפּיטאן האטטעראס אויסגעשריען מיט שרעק.

— אָט בין איך, אין א גרוב, האט דער דאָקטאָר געענטפערט גאנץ רוהיג. ווארפט מיר צו א שטריק און שלעפּט מיך ארויס.

פון דער שטארקער קעלט פּלאצט זעהר אָפט דאס אייז, עס בילדען זיך טיעפע שפּאלטען. דער דאָקטאָר האט זיך פערערדט מיט'ן קאפּיטאן און האט ניט בעמערקט, אז אונטער זיינע פיס געפינט זיך אזא שפּאלט און איז אריינגעפאלען. דער קאפּיטאן און סימפּסאן האבען איהם צוגעוואָרפען דעם עק פון א שטריק, וועלכען דער דאָקטאָר האט אנגעכאפּט און זיי האבען איהם ארויסגעשלעפּט.

— האט איהר זיך א זעץ געטהאן, דאקטאר? האט געפרעגט דער קאפּיטאן מיטליידיג, ווען דער דאקטאר איז ארויס אויפ'ן אייז און האט זיך אָפּגעטרייסעלט.

— איך? האט געלאכט דער דאקטאר. דאס טהו איך ניט. איך בין אריינגעפאלען אין א גרוב און איהר האט מיך ארויסגעשלעפּט. דאס איז אלעס.

— אבער וויא אזוי איז עס געשעהן, דאקטאר?

— גאנץ אייגפאך. איך האב געוואָלט אריבערשפּאנען א שפּאלט אין אייז און

בין אריינגעפאלען. ווייטער וועל איך שוין וויסען, וויא אזוי צו מאכען א רייזע צו פוס אויפ'ן אייז־מעער.

זיי זיינען ווייטער געגאנגען ביז פארנאכט, ווען זיי זיינען געבליעבען שטעהן אויף נאכט לאגער און האבען זיך גענומען בויען א קרעטשמע פון שנעע. דער מאַנד האט געלייכטעט גאנץ העל, דיא שטערן האבען געשיינט און געפונקעלט. דער דאקטאר האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער איז ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען אייז־בערג און האט בעטראכט דיא סצענע ארום. עס האט אויסגעוויעזען, וויא א גרויסער פריעדהאָף מיט מאָנומענטען, מצבות, קירכען און שטיבעלעך. ווי ווייט דאס אויג האט געקענט רייכען, איבעראל זיינען געווען שפיצען און טויערן. א שעהנעס, אבער א שרעקליכעס בילד! דער דאקטאר האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון דיעזער הערליכער סצענע.

אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טעג אהן יעדע שטערונג. דעם 15טען יאנואר האט דער קאפיטאן אויסגערעכענט, אז זיי זיינען מעהר אלס הונדערט מייל ווייט פון דער שיף און נאך האבען זיי קיין פרייעס מעער ניט געטראָפען.

— וויא גרויס איז אלזא דאס אייז־פעלד, אויף וועלכען מיר געפינען זיך? האט ער געזאגט צו זיך אליין. וואוהין וועט זיא אונז פערפיהרען? צו וואס קען נוצען אונזער רייזע?

ער האט אבער ניט געוואָלט וויזען זיינע קאמעראדען, אין וואס פאר א שרעקליכער לאגע זיי געפינען זיך. זיי זיינען ווייטער געגאנגען אין דער האָפנונג, אז זיי וועלען דאָך עפּעס געפינען. פּלוצלונג האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער נעבעל. אזא נעבעל, וועלכער קומט פּאָר נור אין יענע קאַלטע געגענדען. דיא לופט איז פול געוואָרען מיט גאנץ קליינע שטיקלעך אייז, וועלכע זיינען געווען אזוי געדיכט איינער לעבען אנדערן, אז אויף פינף שריט ווייט פון זיך האט מען גאר ניט געקענט זעהן. דיא קליידער פון אונזערע רייזענדע זיינען באלד אזוי בעהאנגען געוואָרען מיט אייז און פראָסט, אז זיי זיינען געוואָרען דריי מאל אזוי ברייט. דער נעבעל איז געוואָרען מיט יעדע מינוט שווערער און געדיכטער. זיי האבען זיך געמוזט אָנהאלטען איינער אן דעם אנדערן, זיי זאלען ניט פערבלאָנזעט ווערן. זיי האבען פּראָבירט רעדען איינער צום אנדערן, קיינער אבער האט ניט געהערט, וואס דער אנדערער רעדט. דיא לופט איז געווען אזוי פול מיט אייז, אז עס איז אין איהר קיין בעוועגונג ניט געווען און, דיא שטימע האט ניט געקענט גרייכען צו דיא אויערן. דאס געהן איז געוואָרען זעהר שווער. אויף יעדען שריט האט זיך איינער אויסגעגליטשט און איז אומגעפאַלען. איידער ער האט זיך אויפגעהויבען, זיינען דיא אנדערע אוועקגעגאנגען. ענדליך האבען זיי פערלאָרען איינער דעם אנדערן און יעדער איז געגאנגען זיין וועג. עס וואָלט גלייכער געווען, זיי זאלען בלייבען שטעהן אויף איין אָרט און אָפּווארטען, ביז דער נעבעל וועט פערשווינדען. דאס וואָלט אבער נור דאן מעגליך געווען, ווען דער נעבעל זאל ניט געווען אנקומען אזוי פּלוצלונג און זיי וואָלטען געווען געהאט צייט צו מאכען זיך א שטיבעלע פון שנעע. יעצט האבען זיי זיך געפונען אין א פערצווייפעלטע לאַגע. בלייבען שטעהן אויף איין אָרט, איז געווען אונמעגליך און ווייטער געהן איז געווען זעהר שווער. אויף יעדער שריט האבען זיי זיך אויסגעגליטשט און זיינען אומגעפאלען. זיי האבען געמוזט טאַפּען דעם וועג מיט דיא

הענד. ענדליך, איז דער דאקטאר געבליעבען שטעהן און האט אויסגערופען:

— איך קען ווייטער ניט געהן! נא דיר א לאנד מיט א קלימאט! קאפּיטאן! הע, קאַפּיטאַן! וואו ביסט דוא?

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. דער קאפּיטאן האט איהם ניט געהערט. ער האט גענומען זיין ביקס און האט אויסגעשאָסען.

— דיזע שפּראַכע וועט ער שוין הערן, האט ער גזאגט צו זיך אליין.

ער האט געוואַרט אייניגע מינוט, דער קאפּיטאן זאל איהם ענטפערן; דער קאַפּיטאַן אבער האט אויך דיזע שפּראַכע ניט געהערט. דעם דאקטאר האט עס שוין פערדראָסען. ער האט נאך א מאל אויסגעשאָסען און איז געווען זיכער, אז דאס מאל וועלען זיינע קאמעראדען געוויס הערן דעם שאָס און וועלען איהם ענטפערן, צו זיין ערשטוינען אבער האט ער דערהערט א שטילעס ברומען.

— האַ! וואס איז דאס? האט ער געפרעגט זיך אליין.

ער האט געפיהלט, אז עפּעס איז פארביי געגאנגען לעבען איהם און האט זיך אנגעריהרט אן איהם.

— א בער! האט ער אויסגעשריען. דאס איז א בער, וועלכער איז פערבלאָנזעט געוואָרען אין נעבעל גלייך וויא מיר. א שעהנע געשיכטע! ווען דער הערר בער וועט ווירקליך וועלען מיט מיר בעקאנט ווערן, וועל איך מיך מוזען קריעגען מיט איהם.

וויא עס ווייזט אויס, איז דער בער אבער אויך געווען אין א זעלטענער לאַגע. ער האט ניט געוואוסט, וואו ער איז אין דער וועלט. נאך א פּאר מאל האט ער איהם בעריהרט, דאן איז ער פערשוואונדען געוואָרען. דער דאקטאר האט אנגעהויבען צו טאַפּען דעם וועג און האט געטראָפען א וואנד. ער האט אנגעהויבען צו קלעטערן אויף דער אייז־וואַנד און איז מיט שווערער מיה ארויפגעקראכען אויף א הויכען אייז־בערג. וואונדערבאר! וואס העבער ער איז געקומען, איז געוואָרען אלץ העלער און ליכטיגער. ווען ער איז ארויפגעקומען אויפ'ן שפּיץ פון'ם אייז־בערג, האט ער געזעהן וויא דער נעבעל איז נור ביי דער ערד. ער ווערט אלע מאל געדיכטער און ניעדעריגער. ער פאלט צו דער ערד. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט דערזעהן זיינע קאמעראדען ארויסקריעכען פון'ם נעבעל. זיי זיינען אויך געקומען אויף א העכערן אָרט.

— האטטעראס!

— דאקטאר! בעלל! סימפּסאן! האבען זיי געשריען איינער צום אנדערן פרעהליך.

אויפ'ן הימעל האט זיך געוויעזען א גרויסארטיגעס נאָרד־ליכט. העלע פלאַמען פון אלערליי פארבען האבען בעלייכטעט דעם הימעל און דעם נעבעל. זיי האבען געזעהן, אז זיי געפינען זיך אויף א הויכען באַרג. ארום און ארום זיינען געווען בערג בעלייכטעט פון'ם נאָרד־ליכט מיט א שעהנער ראָזא פארב. אין טהאָל אבער איז נאך געווען דער נעבעל געדיכט און עס איז דאָרט געווען פינסטער.

— גראַסארטיג! פּרעכטיג! וואונדערבאר! האט אויסגערופען דער דאקטאר מיט ענטציקען. אזא סצענע האב איך נאך קיין מאל ניט געזעהן. עס איז ווערטה איבערצוטראגען אלע ליידען, אזוי פיעל נויט און עלענד אום אמאָל צו זעהן אזא סצענע.

קאפּיטאן האטטעראס איז געבליעבען גלייכגילטיג. ער האט זיך ניט געפרעהט

איבער דיעזע וואונדערבארע סצענע. ער האט געטראכט בעסער אן דאס נייטיגסטע.

— וואו איז דער שליטען? האט ער געפרעגט.

— דער שליטען שטעהט אונטען אין טהאל, האט דער מאטראז בעלל גע־ענטפערט.

— און וואס הערט זיך מיט'ן בער? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— וואס פאר א בער? האבען אויסגערופען דיא איבעריגע מיט שטוינען.

— איך האב בעגעגענט א בער, האט דער דאקטאר געזאגט, און איך מוז אייך זאגען, אז ער איז געווען גאנץ העפליך געגען מיר. ער האט מיך בעגריסט אויף זיין ארט און איז זיך אוועקגעגאנגען זיין וועג.

— א בער, זאגסט דוא, דאקטאר? האט דער קאפיטאן איבערגעפרעגט, דאן מוזען מיר אויף איהם אכטונג געבען.

— וואס זאלען מיר אויף איהם אכטונג געבען, ווען ער איז אזוי העפליך? האט דער דאקטאר געשפאסט.

— מעגליך, אז ער איז געווען העפליך געגען דיר ער וועט אבער ניט זיין העפליך געגען אונזערע הינט. וואס וועלען מיר טהאן, ווען ער וועט אנפאלען אויף אונזערע הינט און וועט זיי אויפעסען? דיא הינט זיינען איינגעשפאנט אין שליטען און קענען ניט אנטלויפען.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א שטארקעס בילען פון א הונד.

— דאס בילט דיוק, מיין הונד, האט האטטעראס געזאגט. דארט איז עפעס געשעהן. קומט, לאמיר אראפגעהן אין טאהל,

דער נעבעל איז אונטערדעסען געווארען אלץ געדיכטער און ניעדעריגער. ווען זיי האבען געוואלט אראפגעהן פון'ם בערג, איז דער נעבעל שוין געווען אזוי ניעדעריג ביי דער ערד, אז זיי האבען דערזעהן דעם שליטען און דיא הינד, אבער צווישען דיא הינד האבען זיי דערזעהן אנדערע חיות. דעם קאפיטאן'ס הונד איז געשפרונגען, וויא א משוגענער, האט זיך געריסען אין אלע זייטען און האט שרעקליך געבילט.

— פיקס! דאס זיינען פיקס! האט בעלל אויסגערופען.

— ניין, דאס זיינען ווייסע בערן, האט דער דאקטאר געזאגט.

— זעהט וואס זיי טהוען! האט אויסגעשריען דער קאפיטאן אויסער זיך. זיי זיינען אנגעפאלען אויף אונזער שליטען און רויבען אונזער פראוויאנט!

יעצט ערשט האט דער דאקטאר דערזעהן, וואס דארט טהוט זיך. א באנדע פיקס און בערן זיינען אנגעפאלען אויפ'ן שליטען, האבען געריסען, געצופט, געפליקט און געבראכען פון אלע זייטען. זיי האבען דערשמעקט דאס געזאלצענע פלייש, וועלכע אונזערע רייזענדע האבען געהאט מיט זיך און האבען עס געזוכט אין שליטען.

— שיעסט? האט דער קאפיטאן אויסגעשריען. געהט ניט אראפ, שיעסט פון דעם ארט, וואו מיר שטעהן.

פיער ביקסען האבען מיט אמאל אויסגעשאסען. דיא באנדע פיערפיסיגע רויבער האט זיך דערשראקען און האט אויף א מינוט אויפגעהערט צו רייסען דעם שליטען.

— שיעסט נאך א מאל! האט קאמאנדירט דער קאפיטאן.

אבערכאלס האבען פיער שיעסע פערהילבט דיא נענענד. דיא באנדרע רויבער האט זיך יעצט ווירקליך דערשראָקען און איז זיך צולאָפען אין אלע זייטען. יעצט ערשט זיינען אונזערע רייזענדע אראָפּגעגאנגען פון זייערע פּאָזיציאָנען און זיינען צוגענאנגען צום שליטען. מיט שרעק און שטוינען האבען זיי דערזעהן, וואס פאר א צרה דיא בערן האבען אין דער קורצער צייט אנגעמאכט אין זייער פּראָוויאנט. זיי האבען צוריסען דיא דעקען, צוביסען דיא שטריק, צובראָכען דיא שאַכטלען און דיא קעסטליך, און וועלכע דאס פלייש איז געלעגען און האבען אויפגעפרעסען, וואס זיי האבען נור געקענט. דאס פעסעלע ספּירימוס, וואס זיי האבען מיטגענומען, אום דארויף צו קאָכען זייער עסען, איז געוועזן צובראָכען און דער ספּירימוס איז אויסגערונען. דיא זעק מיט ביסקוויטוס און סוכארעס זיינען געוועזן צוריסען און צו וואָרפען. אלעס, וואס דיא רויבער האבען נור געקענט דערגרייכען, האבען זיי צוריסען, צובראָכען און אויפגעפרעסען.

— א טרויעריגע געשיכטע, האט בעלל געזאגט. וואס וועלען מיר יעצט טהאן? מיר זיינען געבליעבען אהן פּראָוויאנט.

— זעהט בעסער, וואס עס איז אונז געבליעבען, האט דער דאקטאר געזאגט. מיר וועלען שפּעטער טראכטען, וואס ווייטער צו טהאָן.

קאפּיטאן האטטעראס האט גאר ניט געזאגט. ער האט צונויפגענומען דיא צו־וואָרפענע זעק און דיא צובראָכענע קעסטליך און שאַכטלען. דאס ערגסטע איז געוועזן, וואס דיא בערן האבען צובראָכען דאס פעסעלע מיט ספּירימוס. זיי האבען יעצט ניט געהאט מיט וואס אנצו ווארעמען אביסעל וואסער און צו מאכען זיך טהעע.

זיי האבען צונויפגענומען אלעס, וואס דיא בערן האבען צו וואָרפען און איבער־געלאָזען און האבען אויסגעפונען, אז דיא בערן האבען פערניכטעט דיא העלפט פון זייער פּראָוויאנט. יעצט האט זיך געשטעלט דיא גרויסע פראגע: זאלען זיי ווייטער געהן, אדער זאלען זיי זיך אומקעהרן? — אזוי וויא דאס אייז־פעלד שטעהט ניט אויף איין אָרט, וואלט געוועזן נאָטהווענדיג עס אויסצופאָרשען און וויסען, וויא גרויס עס איז. אלזא, וואָלטען זיי געדאַרפט ווייטער געהן וויא אזוי קענען זיי אבער ווייטער געהן, ווען זיי האבען אזוי ווענינ פּראָוויאנט? וויא דער דאקטאר האט אויסגערעכענט, וועלען זיי מוזען עסען נור האלבע פּאָרציאָנען א טאג, ווען זיי ווילען ווייטער געהן. דאס איז געווים זעהר אונאנגענעהם. געהן אין אזא קעלט, אויף אזא שווערן וועג און נאך ליידען הונגער דערצו, איז געווים קיין גרויס פערגעניגען ניט.

זיי האבען זיך בעראטהען, וואס זיי זאלען טהאָן. אלע האבען געזאגט, אז מען זאל ווייטער געהן. ווען מען איז אין אזא זאָנדערבארע לאגע, מוז מען גוט קענען דאס אָרט, וואו מען געפינט זיך. אלזא, מוז מען דאס אייז־פעלד אויספאָרשען. נור איין סימפּסאן האט געוואָלט געהן צוריק. זייט א געוויסע צייט האט ער זיך געפיהלט זעהר שלעכט. ער האט געפיהלט, אז א שווערע קראנקהייט איז איהם אנגעפאלען און גראבט אונטער זיין געזונדהייט. ער האט געוואָלט געהן צוריק צום שיף און זיך אויסרוהען, אדער ריכטיגער געזאגט, זיך אניעדערלעגען. אזוי וויא אלע האבען אבער געשטימט, אז מען זאל ווייטער געהן, האט ער ניט געקענט זיין דאגעגען און איז אויך ווייטער געגאנגען.

17טעם קאפיטעל.

דער קאירן.

לאנגזאם שטיל און טרויעריג זיינען איינזערע רייזענדע ווייטער געגאנגען. עס זיינע פערגאנגען צוויא טאג, און וועלכע עס האט זיך זיי קיין נייעס ניט געטראפען. דעם דריטען טאג, דעם 18טען יאנואר האבען זיי דערזעהן, אז דיא גאנצע געגענד האט זיך געענדערט. ביז אהער איז געוועזן ארום זיי נור אייז און אייז, פלוצלונג האבען זיי דערזעהן הויכע בערג, פון וועלכע עס האבען ארויסגעשטעקט שטיינער און פעלזען.

— וואס איז דאס, קאפיטאן? האט דער דאקטאר אויסגערופען. מיר זיינען יעצט אויף פעסטע לאנד, ניט אויפ'ן אייז־פעלד?

קאפיטאן האטטעראס האט נאך פריהער בעמערקט דיעזע זאנדערבארע ערשיינונג און האט גענומען זיינע אינסטרומענטען, און זיינע לאנד־קארטען, זעהן, וואס דאס איז. ער האט אויסגעפונען, אז דאס אייז־פעלד איז ווירקליך געבליעבען שטעהן אויף איין ארט. עס איז צוגעפרארען געווארען צום לאנד נירקארנוואל. ער האט געוויעזען דעם דאקטאר זיינע לאנדקארטען און זיינע אויסרעכנונגען. דער דאקטאר איז געווען ענטציקט, וואס ער וועט א מאל אראפ פון'ם אייז־פעלד אויף א פעסטעם לאנד. באלד אבער האט ער זיך איבערצייגט, אז ער האט זיך אומזיסט געפרייט. אויפ'ן פעסטען לאנד איז געווען פיעל שווערער צו געהן, וויא אויפ'ן גלאטען אייז. דאס לאנד איז געווען בעדעקט מיט טיעפען שנעע, וועלכער וויא שטארק ער איז געווען פערפרארען, האט דאך ניט געקענט אויסהאלטען דאס געוויכט פון א מענשען און זיי זיינען זעהר אפט געקראכען אין שנעע ביז אין דיא קניע. פאר דיא הינד איז אויך געווען פיעל שווערער צו שלעפען דעם שליטען אויפ'ן שנעע. זיי האבען זיך געמוזט צושפאנען צום שליטען און העלפען דיא הינט שלעפען. דערצו נאך איז דאס לאנד געווען פול מיט בערג און טאהלען. וויא ניעדעריג דיא בערג זיינען געווען, איז דאך געווען זעהר שווער ארויפצושלעפען דעם שליטען אויף זיי.

זיי האבען זיך אזוי געשלעפט א גאנצע טאג. געגען אבענד זיינען זיי געווען אזוי מיעד און מאט, אז זיי האבען קיין כח ניט געהאט צו מאכען זיך א שטיבעלע פון שנעע, וואו זיי זאלען קענען איבערנעכטיגען. מיט שווערער מיה איז זיי געלונגען אויפ־צושלאגען דאס געצעלט פון זעגעל־טוך, וועלכעס זיי האבען מיטגענומען אויפ'ן שליטען. קוים איז דאס געצעלט געווען פערטיג, זיינען זיי באלד אריין, האבען זיך איינגעוויקעלט אין פעל פון רענטהירען און זיינען געפאלען אויף דער ערד פאר מידינקייט.

אויסרוהען! זיך אויסרוהען! איז געווען זייער איינציגער וואונש. זיי האבען זאגאר פערגעסען אן עסען און אן טרינקען. זיי זיינען אויך באלד אנטשלאפען געווארען. דאס איז געווען דיא איינציגע נאכט, ווען זיי האבען קיין וואך ניט אויסגעשטעלט, קיינער איז ניט געווען אים שטאנד צו האלטען דיא וואך. ביי נאכט איז געוועזן א שטארקער פראסט. ווען זיי זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה, האבען זיי געזעהן, אז אין יענע געגענדען מוז מען לעבען, וויא אן עסקימאס. זאנסט קען מען ניט אויסהאלטען. דיא איינע נאכט, וואס זיי זיינען ניט געשלאפען אין א שטיבעלע פון שנעע, האט געהאט

זעהר טרויעריגע פאַלגען. סימפסאן איז געווען קראַנק און האט זיך ניט געקענט ריהרען, מען האט איהם געמוזט ארויפלעגען אויפ'ן שליטען. בעלל האט געציטערט און איז קוים געווען אימשטאנד ווייטער צוגעהן. דער דאקטאר האט אויך געציטערט, עס האט איהם געקלאפּט א צאהן אן א צאָהן, ער האט זיך אבער געהאלטען פעסט. נור איין האט־טעראס האט ניט געליטען. ער איז געגאנגען גלייך, פעסט, פערטראַכט און טרויעריג, וויא אימער, גלייך וויא ער וואָלט ארומגעגאנגען אין דיא גאסען פון ליווערפּול.

דיא רייזע איז דעם אנדערן טאג געווען נאך שווערער. עס איז געווען שרעקליך קאלט. דער וועג איז געווען ניט גלייך. דיא הינט זיינען ניט געווען אים שטאנד צו שלעפּען דעם שווערן שליטען, אויף וועלכען סימפסאן איז געלעגען און האט געקרעכצט, זיי האבען זיך געמוזט אלע דריי איינשפּאנען און העלפען דיא הינט שלעפּען. זיי האבען זיך אזוי אוועקגעשלעפּט א פּאר שטונדען, ווען פּלוצלונג האט בעלל אנגענומען א הויפען מיט שנעע און האט אנגעהויבען צו רייבען דעם דאקטאר'ס געזיכט.

— וואס טהוסט דוא, בעלל? האט אויסגערופען דער דאקטאר און האט איהם געוואָלט אוועקשטויסען פון זיך.

בעלל אבער האט איהם ניט געהערט, האט זיך יעדעס מאל אנגעבויגען, האט אנגענומעןביידע הענד מיט שנעע און האט געריעבען דעם דאקטאר דיא נאז, דיא אויגען און דיא ליפּען.

— ביסט דוא משוגע, בעלל? וואס טהוסט דוא? האט זיך דער דאקטאר גע־בייזערט און זיך געריסען פון איהם. — וואס ווילסט דוא פון מיר האבען? איז דען יעצט דיא צייט צו שפּאַסען?

— איך שפּאַס ניט, דאקטאר, האט ענדליך בעלל געענטפערט. איך רעטע אייער נאז, וועלכע איז אפּגעפּראָרען.

— מיין נאז? האט געפרעגט דער דאקטאר פערוואונדערט און האט זיך ערשט אומגעקוקט אז ער פיהלט ניט זיין נאז.

— יא הערר דאקטאר, אייער נאז איז געווען גאַנץ ווייס, ווען איך וואָלט איהם ניט געווען אָפּגעריבען מיט שנעע, וואָלט איהר פערלאָרען א טה־יל פון אייער געזיכט, וועלכעס איז צוואר זעהר אונבעקוועם אויף א רייזע אויפ'ן אייז־מעער, אבער צווישען געבילדעטע מענשען גיט עס צו א שעהנהייט צום געזיכט.

בעלל האט ווייטער געריעבען דעם דאקטאר'ס נאז ביז זיא איז רויט געוואָרען, א צייכען, אז דאס בלוט איז ווייטער צוגעקומען צו איהר. דער דאקטאר האט אנגעהויבען צו פיהלען זיין נאז.

— איך דאַנק דיר, בעלל, האט ער אויסגערופען מיט א געלעכטער. אנאנדער מאל וועל איך דיר אָפּדיענען און וועל דיר אָפּרייבען.

— איך האַלט אייך ביים וואָרט, דאקטאר, האט בעלל געזאגט. פערגעסט ניט! — נו, דערווייל זאלען קיין גרעסערע אומגליקען ניט געשעהן.

— דוא מיינסט אונזער קראַנקען? האט דער דאקטאר געזאגט טרויעריג. ליידער האב איך זעהר מורא פאר איהם.

— וואס פעהלט איהם? האט פּלוצלונג האטטעראס געפרעגט.

— ער האט דעם סקארבוט, האט דער דאקטאר געענטפערט, און האט איהם נאך אזוי שטארק, אז דיא געוועהנליכע מיטעל וואס איך האב העלפען ניט מעהר. זיינע פיס זיינען שטארק אנגעשוואָלען און זיין צאהנפליייש (יאסלעס) זיינען שטארק אנגעגריפען פון דער קראנקהייט. איך בעדויערע איהם זעהר, איך קען איהם אבער גאר ניט העלפען.

— טאָמער וואָלטען מיר געבליעבען שטעהן א טאג אדער צוויי, האט בעלל געזאגט. דער ארימער סימפסאן דארף זיך אויסרוהען. דער דאקטאר וועט זיך בעסער קענען אפגעבען מיט איהם, פיעללייכט וועלען מיר איהם דאך נאך קענען רעטען.

— שטעהן בלייבען? האט אויסגעשריען קאפיטאן האטטעראס. וויא קענען מיר שטעהן בלייבען? איהר פערגעסט, אז מיר האבען א שיף און אז זעבצעהן מענשען ווארטען אויף אונז אויף דער שיף, איהר פערגעסט, אז מיר האבען קיין פראָוויאנט אויך ניט. ווען מיר בלייבען שטעהן, וועלען מיר אלע שטארבען פאר הונגער. מיר מוזען וויטער געהן, אדער זיך אומקעהרען.

ענדליך זיינען זיי געבליעבען שטעהן אויף נאַכט-לאגער. בעלל האט געמאכט א שטיבעלע פון שנעע. מען האט אריינגעלעגט דעם קראנקען אין שטיבעלע און דער דאקטאר האט געמאַכט פאר איהם טהעע מיט לימינע זאפט. דעם טהעע האט ער גענומען פון זיין גוטאפערטשא גארטעל ארום זיין לייב. קיין פייער צו מאכען הייסען טהעע האבען זיי יעצט ניט געהאט. דער טהעע איז געוועזען קאַלט. סימפסאן האט גע-קרעכצט, אז עס האט געריסען דאס הארץ.

— איך שטאַרב, דאקטאר, האט ער געזאגט. איך פיהל, אז איך וועל שוין אהיים קיין מאל ניט קומען. גיט מיר עפּעס, דאקטאר, איך זאל גיכער שטארבען און אזוי פיעל ניט ליידען.

— לאז דיך ניט אָפּ, פריינד, האט איהם דער דאקטאר געוואָלט בערוהיגען. דיין קראַנקהייט איז גאר ניט אזוי געפעהרליך, דוא וועסט נאך געזונד ווערן. טרינק נור טהעע און עס עפּעס.

דער ארימער סימפסאן אבער האט וויטער געקרעכצט. זיין קראנקהייט איז געוואָרען געפעהרליכער מיט יעדע מינוט. ער האט געהאלטען אין איין בעטען, אז מען זאל איהם לאָזען רוהיג שטארבען. דיא נאַכט איז פאָראיבער זעהר טרויעריג. אלע זיינען געוועזען שטארק מיעד און זיינען געשלאָפען, וויא דיא געהרגעטע. אין דער פריה האט מען וויטער געמוזט געהן. מען האט ארויפגעלעגט דעם קראנקען אויפ'ן שליטען און מען האט זיך וויטער געשלעפט לאנגזאם, טריט ביי טריט און שטיל. קיינער האט קיין וואָרט ניט גערעדט, יעדער איז געוועזען בעשעפטיגט מיט זיינע געדאנקען.

פלוצלונג האבען זיי זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן, אז דיוק, דעם קאפיטאן'ס הונד, איז ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען. עס זיינען פערגאנגען א פאר שטונדען או ער איז אלײן ניט געקומען צוריק. קאפיטאן האטטעראס האט אנגעהויבען צו ווערן אונרוהיג, ווען זיי האבען דערהערט זיין בילען. זיי זיינען נאכגעגאנגען נאכ'ן קול און האבען דערזעהן, אז דיוק שטעהט לעבען א בערגעל, שאַררט מיט דיא לאַפּעס און בילט.

— דאס איז געוויס א „קעירן“, האט דער דאקטאר געזאגט.

„קאירן" הייסט א גרוב אין שנעע, וואו דיא עסקימאָסען בעהאַלטען זייער פּראָוויאַנט: געטריקענטע פיש, פלייש און פיש טראָהן. אום זיי זאלען טרעפען צום „קאירן", ווען ער וועט פערשנייט ווערן, מאכען זיי געוועהנליך א צייכען; זיי לעגען ארום דעם „קאירן" מיט שטיינער, אדער מיט דיא דערנער פון דיא רענטהיערע; ווען זיי האבען האָלץ, שטעלען זיי אויף א שטיק האָלץ אלס צייכען. דער דאקטאר האט געהאט פאָלקאָמען רעכט, ווען ער האט געזאגט, אז דיזק האט געוויס געפונען אזא „קאירן" און ניט א צייכען, אז מען זאָל איהם אויפגראבען.

— וואס האבען מיר דערפון, ווען עס איז א „קאירן"? האט דער קאפּיטאַן געפרעגט.

— וואס רעדסט דוא, האטטעראס? האט זיך שוין דער דאקטאר געבייזערט. ווען עס איז א „קאירן", מוזען מיר איהם אויפגראבען, טאָמער ליעגען דאָרט וויכטיגע דאָקומענטען, אדער פרישער פּראָוויאַנט, וועלכער קען אונז יעצט זעהר ניצליך זיין. טאָמער געפינען מיר דאָרט פישטראָהן וועלען מיר קענען מאכען א פייער און אפּקאָכען מהעע. אלענפאלס מוזען מיר איהם אויפגראבען און זעהן, וואס דאָרט געפינט זיך.

— איך זעה ניט ארויס, אז עס זאָל ווערטה זיין דיא מיה איהם אויפצוגראבען. קיין אייראָפּעער איז נאך אין דיעזער געגענד ניט געוועזן. אלזאָ, קיינע דאָקומענטען וועסט דוא דא ניט געפינען ווען אבער אן ארעמער עסקימאָס האט דא פערגראבען פערפוילטע פיש, וועט דאך זיין אומזיסט אונזערע ארבייט עס אויפצוגראבען. מיר האבען דאך דערוויל פּראָוויאַנט. — ווייטער, טהו וויא דוא ווילסט, דאקטאר.

דער דאקטאר האט זיך ניט געלאזט אָפּהאַלטען. ער איז צוגעגאנגען צום שליטען, האט ארויסגענומען א האַק און האט אנגעהויבען אויפצוגראבען דעם „קאירן". קוים האט ער אוועקגעשאַרט דעם שנעע פון אויבען, האט ער דערזעהן א הילצערנע שאַכטעל. מיט ציטערענדע הענד האט ער געחאַפּט דאס שאַכטעל און האט עס געעפענט — דארין איז געלעגען א פּאַפּיער אויף וועלכען עס איז געוועזן אנגעשריעבען מיט א בליישטיפט:

— אלטאַם — פּאָרפּאיז — 13 דעצעמבער — 1860. ניו־קארנוו . . .

וויא עס ווייזט אויס האט מען געשריעבען דאס פּאַפּיער מיט א ציטערענדער האנד. פון דער נעץ זיינען אייניגע בוכשטאבען אָפּגעמעקט געוואָרען און מען האט זיי ניט געקענט לעזען.

— דיא פּאָרפּאיז איז א נאָמען פון א שיף! האט אויסגערופען דער דאקטאר.

— וואס פאר א שיף? האט געזאגט דער קאפּיטאַן. וויא קומט אהער א שיף? אין דיעזע געגענד איז נאך קיין אייראָפּעאישע שיף ניט געוועזן.

— האטטעראס! האט זיך דער דאקטאר געבייזערט. דוא זעהסט דאך אליין, אז מיט אנדערהאלב מאָנאַטע צוריק זיינען דא געוועזן מענשען. זעהסט דאך דייטליך, וויא עס שטעהט אנגעשריעבען דעם 13טען דעצעמבער און מיר האבען היינט דעם 26טען יאנואר 1861.

— דאס איז דאכט זיך, גאנץ דייטליך, האט בעלל געזאגט.

(Ice Sea, 8.)

— אלזא, וואס זאלען מיר יעצט טהאן? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— ווייטער געהן! האט האטטעראס געענטפערט שארף. איך ווייס ניט פון קיין „פארפאיז", איך ווייס, אז דיא „פארוואָרד" ווארט אויף אונז.

עס האט גאָר ניט געהאָלפען, מען האט געמוזט ווייטער געהן. קאפיטאן האטטעראס האט אלץ געמורמעלט פאר זיך:

— ווער זאל זיין דיא „פארפאיז"? וויא קומט זיא אזוי נאָהענט צום נאָרד־פאָל? וואס זאל הייסען דאס וואָרט אַלטאַם — ?

דער דאקטאר און בעלל האבען אויך געטראכט פון דער שיף „פארפאיז".

— מיר מוזען זיי אויפזוכען, האבען זיי געטראכט. זיי זיינען געוויס אין אזא טרויעריגע לאַגע וויא מיר. ענטוועדער מיר וועלען זיי רעטען, אדער זיי וועלען אונז רעטען. ווען זיי האבען פערשאררט אין שנעע אזא דאָקומענט, געפינען זיי זיך געוויס אין א נויט און האבען עס געטהאָן, אז טאָמער וועט עס איינער געפינען, זאל ער זיי קומען צו הילף.

זיי האבען אבער ניט געקענט לאַנג טראכטען, וואס צו טהאן פון יענעמס וועגען, זיי האבען געהאט פאר זיך גענוג צו טהאָן. דער וועג איז געווען זעהר שווער. דיא הינט זיינען געווען אזוי מיעד, אז זיי האבען זיך קוים געשלעפט. סימפסאן איז מיט יעדער מינוט געוואָרען ערגער. דער דאקטאר האט גוט געזעהן, אז ער שטארבט. ער האט איהם אבער גאָר ניט געקענט העלפען. ער אליין האט זיך קוים געשלעפט און האט נאך געמוזט שלעפען דעם שליטען אויך.

געגען אבענד האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שנעע שטורם. זיי האבען געמוזט בלייבען שטעהן. מיט גרויסער מיה איז עס זיי געלונגען צו מאכען זיך א שטיבעל פון שנעע, וואו זיי זאלען זיך קענען שיצען פון'ם ווינד, ווערלבער איז געווען אזוי קאלט, אז ער האט דורכגעדרונגען דורך זייערע פעלצען. נור א געדיכטער פאך שנעע האט געקענט שיצען פאר איהם. זייער גליק איז געווען, וואס זייער לאַגער איז געווען לעבען א בארג און זיי האבען געדארפט מאכען נור דרייא ווענד פאר זייער שנעע קרעטשמע. באלד האט זיי דער שטורם אין גאנצען פערשאָטען מיט שנעע און עס איז זיי געווען וואַרם. דער דאקטאר האט זיך דערמאנט, אז ער האט בעהאלטען ערגעץ אין שליטען א פלאַש קאָניאק און איז געגאנגען זיא זוכען. ער האט זיא אויך באלד געפונען. זיא איז גליקליכער ווייזע געבליעבען גאנץ. ער איז אריינגעקראָכען אין דער קרעטשמע מיט א שמחה:

— מיר האבען קאָניאק, מיר האבען מיט וואס צו מאכען וואסער!

זייט זיי זיינען געגאנגען אויפ'ן פעסטען לאַנד, האבען זיי זעהר געליטען פון דורשט. עס האט זיך זיי אויסגעלאָזט דאס וואסער. ווען זיי האבען געהאט ספּיריטוס, האבען זיי געקענט אנלעגען א קעסעלע מיט שנעע און עס דערוואַרעמען, אבער זייט דער ספּיריטוס האט זיך זיי אויסגעלאָזט, האבען זיי קיין וואסער ניט געהאט. זיי האבען געמוזט אָנשטאָפען זייערע גארטלען מיט שנעע און זיי אָנטהאן אויפ'ן נאקעטען לייב, ביז דער שנעע איז זיך צוגאנגען.

אין אונזערע געגענדען קען א מענש שטילען דעם דורשט מיט שנעע. אין יענע

געגענדען אבער איז עס אונמעגליך. דער שנעע איז אזוי קאלט, אז מען בריהט זיך אָפּ דאס מויל מיט דיא ליפּען, ווען מען ריהרט זיך צו צו איהם, גלייך וויא ער וואָלט געוועזן א הייס געגליהטער אייזען. דער עסקימאָס וועט ליידען עטליכע טעג דורשט און וועט נים שטילען זיין דורשט מיט שנעע. וואסער דאגעגען איז פיעל וואָרעמער און לייכט צו טרינקען. אום צו בעקומען וואסער, מוז מען אויסבויערן דאס אייז אויף אייניגע עלען דיא טיעף און דאס וואסער אונטען איז אזוי פיעל ווארם, אז מען קען עס טרינקען אהן געפאהר. ווען דיא עסקימאָסען ווילען, אז א שטארק פערפראָרען פלייש זאל ווערן אביסעל ווייכער, לעגען זיי עס אריין אין וואסער אונטערן אייז אויף א פאר שטונדען און עס געהט אָפּ, עס ווערט ווייך. מיר קענען זיך פאָרשטעלען, וויא גרויס עס איז געוועזן דעם דאקטאר'ס פרייד, ווען ער האט געפונען דיא פלאַש קאָניאַק.

ער האט באלד אנגעלעגט א קעסעלע מיט שנעע און האט איהם געשטעלט קאָכען. ווען דאס וואסער איז ווארם געוואָרן, האט ער אנגעגאָסען א שאָל מיט טהעע און האט געוואָלט דערלאנגען דעם קראנקען סימפּסאָן, אבער סימפּסאָן איז געוועזן טויט. דער דאקטאר איז געוועזן צופיעל בעשעפטיגט מיט'ן מאכען דאס שטיבעלע פון שנעע און דאן מיט'ן קאָכען טהעע און האט זיך ניט אומגעקוקט אויף זיין קראנקען.

דאס איז געוועזן דער ערשטער טאָדעס פאל צווישען דיא מאטראזען פון'ם „פאָרוואַרד“. עס האט געמאכט אויף אלעמען א טיעפען איינדרוק. זיי האבען פערגעסען אן עסען, אן דעם טהעע און אן דער פלאַש קאָניאַק. שטיל און טרויעריג זיינען געזעסען אלע אין זייער פינסטערער שנעע קרעטשמע א גאנצע נאכט. קיינער פון זיי איז נים געשלאָפען, קיינער האט קיין אויג ניט צוגעמאכט, אָבוואָהל זיי זיינען געוועזן שרעקליך מיעד.

אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעקראָכען פון זייער שנעע גראב. דער שטורם האט נאכגעלאזען. מען מוז ווייטער געהן. דעם טויטען האבען זיי איבערגעלאָזען אין קאַלטען שנעע־גראב.

טרויעריג האבען זיי זיך ווייטער געשלעפּט. פּלוצלונג האבען זיי דערזעהן א ביקס שטעקט ארוים פון שנעע. דער דאקטאר האט זיא ארויסגעשלעפּט און בעטראַכט. זיא איז געוועזן געלאדען און ניט פערראָסטעט. ער האט זיא בעטראכט און געפונען אז עס איז אן אמעריקאנישע ארבייט.

— דיעזע ביקס האט אוועקגעוואָרפען איינער פון דער „פּארפּאיז“ האט בעלל געזאגט. דאס איז א בעוויז, אז זיי זיינען ערגעץ ניט ווייט פון דאנען.

זיי זיינען ווייטער געגאנגען אייניגע שטונדען און האבען געפונען א פעסעלע מיט ברענדי אדער מיט וויסקי פון זעהר ניעדעריגע גראדען, ווייל דער אינהאַלט איז געוועזן פערפראָרען. זיי האבען עס אויפגעבראָכען און געפונען אז דאס וואסער פון דער ברענדי איז ארומגעפראָרען ארום פעסעל און אין דערמיט איז געוועזן ריינער ספּירימוס, וועלכער ווערט קיין מאָל ניט פערפראָרען. אויפ'ן פעסעלע איז געוועזן אויסגעברענט א P.

— דא איז עפּעס א גרויס אונגליק געשעהן מיט דער שיף „פּארפּאיז“, האט דער דאקטאר געזאגט. מיר זיינען צופעליגע'ר ווייזע געקומען אויף זייער שפּור, וואס וועט אבער זיין, ווען מיר וועלען זיי געפינען? מיר אליין האבען קיין פּראָוויאַנט ניט.

מיר אליין האבען זעהר ווענינ קליידער. וואס ווען מיר קענען טהאן פאר זיי? מיט וואס וועלען מיר זיי קענען העלפען?

— לאָמיר זיך אומקעהרען! האט פלוצלונג געזאגט דער קאפיטאן.

עס איז געוועזען דייטליך, אז קאפיטאן האטטעראס וויל זיך ניט בעגעגענען מיט דיא מענשען פון דער „פארפאיז". האט ער דען ניט רעכט געהאט? וואס וועט ער טהאן מיט זיי? מיט וואס קען ער זיי העלפען? דיא לאגע פון זיינע מענשען אויף זיין שיף איז געוועזען א פערצווייפעלטע, זיי האבען ניט געהאט קיין קוילען און האבען געמוזט האקען דיא וואנד פון דער שיף אום זיך צו דערוואָרעמען. וואס וועט ער טהאן, אז עס וועלען קומען נאך מענשען און מען וועט מוזען שטעלען נאך אן אויווען? דער דאקטאר האט צוואר אנדערש געורעכענט, - וויא קען מען אזוי איבערלאָזען מענשען אין דער נויט? האט ער געטראכט. וויא גליקליך וואָלטען מיר געווען, ווען איינער זאל קומען צו אונזער הילף אין אונזער טרויעריגער לאגע? ער האט אבער גאר ניט געקענט מאכען.

— איהר האט רעכט, קאפיטאן, האט ער געזאגט. לאמיר צוריק געהן צו אונזער שיף. מיר האבען זיך שוין גענוג אנגעליטען און אונזערע ליידען זיינען געוועזען אומזיסט. קיין קוילען האבען מיר ניט געפונען. מיר האבען דערצו נאך פערלאָרען איינעם פון אונזערע בעסטע מאטראזען. —

— אלזא, לאמיר זיך צוויי טאג אויסרוהען און דאן צוריק געהן, האט האטטעראס געזאגט ענטשלאָסען. דער שליטען איז אין אייניגע ערטער צובראָכען. דיא הינט זיינען זעהר מיעד. מיר האבען יעצט ספּיריטוס צום קאָכען. לאָמיר זיך אויסרוהען, עסען עפּעס וואַרעמעס, געבען דיא הינט גענוג צו עסען און דאן — צוריק צו דער „פּאָרוואַרד".

זיי האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט, האבען אויסגעבויט א גרויסע שטוב פון שנעע, האבען אנגעגאָסען דעם קעראסין אויווען מיט ספּיריטוס און האבען אָפּגעקאָכט טהעע און א וואַרעמען מיטאג. זיי האבען געגעבען דיא הינט גענוג צו עסען, האבען זיך אליין גוט אנגעגעסען און האבען זיך געלעגט שלאָפען. זיי זיינען אָפּגעשלאָפען דעם גאנצען טאג און דיא גאנצע נאכט, אזוי מיעד זיינען זיי געוועזען.

דעם אנדערען טאג אין דער פריה האבען זיי זיך גענומען צו דער ארבייט. זיי האבען אויסגעבעסערט דעם שליטען, האבען צורעכט געמאַכט זייערע קליידער און זייערע שיך, וועלכע האבען זיך אויפּ'ן וועג שטארק צוריסען, האבען איבערגעקוקט און איבער־גערעכענט, וויא פיעל פּראָוויאנט זיי האבען נאך; זיי האבען ארויסגענומען דיא אסטראָ־נאָמישע אינסטרומענטען און האבען אויסגערעכענט, וואו זיי געפינען זיך און וויא אזוי זיי זאלען צוריק געהן.

דער דאקטאר האט דערביי בעמערקט, אז דיוק לויפט אלע מאל אוועק צו א בארג מיט שנעע ניט וויים פון זייער לאגער, שאררט מיט דיא לאָפּעס און בילט. ווען ער האט געענדיגט זיין ארבייט, האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און איז צוגע־גאנגען זעהן, וואס דאָרט טהוט זיך.

— וואס איז דאָרט מיט'ן הונד? האט ער געזאגט צו בעלל. עפּעס שאררט ער דאָרט און קראַצט דעם שנעע. קום, לאָמיר געהן זעהן, וואס דאָרט איז.

זיי זיינען צוגעגאנגען צום בערגעל מיט שנעע. בעלל האט גענומען זיין שטעקען

און האט אנגעהויבען צו שאררען דארט, וואו דיוק האט נעקראצט מיט דיא לאפּעס. ער האט ניט לאנג געשאררט, ווען ער האט אנגעטראָפען עפּעס א הארטע זאך, ער האט עס ארויסגעשלעפּט פון שנעע, — עס איז געווען א זאק מיט ביסקוויט.

— הא, הא! האט אויסגערופען דער דאקטאר, וואס איז דאס? וואקסען דא ביסקוויט אין שנעע? זאלען מיר האבען געטראָפען דא א מאגאזין פון פּראָוויאנט, וועלכען דיא ענגלישע רעגיערונג האט אנגעגרייט?

ער האט גערופען דעם קאפּיטאן און האט איהם געוויעזען דעם זאק מיט ביסקוויט.

— גראָב ווייטער! האט געזאגט האטטעראס.

בעלל האט ווייטער געגראבען און האט געפונען נאך שאכטלען מיט קעסטלעך. אין אייניגע איז נאך געווען געטריקענטע פּיש און געזאלצען פלייש.

— דאס איז געוויס א מאגאזין פון פּראָוויאנט, האט דער קאפּיטאן געזאגט. פון וועלכען דיא בערן האבען דערשמעקט און איהם אויסגערויבט. זעה עס איז ניטא איין זאך א גאנצע, אלעס איז צובראָכען און צערשטערט.

— איך מיין אויך אזוי, האט דער דאקטאר געזאגט, וויל....

— א פוס! האט אויסגעשריען בעלל אין דיעזע מינוט. א פוס פון א מענשען!

— אלזא, איז עס קיין מאגאזין פון פּראָוויאנט, זאָנדערן א גראב, וואו א גאנצע עקספּעדיציאָן ליעגט בעגראבען, האט געזאגט דער קאפּיטאן.

בעלל און דער דאקטאר האבען ווייטער צושאררט דעם שנעע און האבען ארויס געשלעפּט דעם קערפּער פון א יונגען מאן פון׳א יאהר דרייסיג. זיין קערפּער איז געווען נאך גאנץ פּריש, אז דער דאקטאר האט אויף קיין פאל ניט געקענט זאגען, ווען דער מאן איז געשטאָרבען. ער איז געווען אנגעטהאן אין פעל פון בערן און רענטהיר. וויא עס טראגען געוועהנליך רייזענדע אויפ׳ן אייז־מעער. באלד האט מען אויסגעגראבען נאך א קערפּער פון א מאן פון א יאהר פופציג. אויף זיין געזיכט האט מען געזעהן דייטליך שפּורען פון ליידען. זיין מויל איז געווען געשלאָסען און דיא ליפּען פערדרעהט און פער־קאָרטשעט. דער טויט האט ארויפגעלעגט אויף דיעזעס געזיכט זיין שרעקליכען, טרויעריגען סטעמפּעל.

— דיעזע לייכען האט מען ניט בעגראבען, האט דער דאקטאר געזאגט, זאָנדערן זיי זיינען דא פערשאָטען געוואָרען. מעגליך, אז דער שטורם, וועלכער האט אונז שיער ניט פערשאָטען מיט א פּאר טאג צוריק, איז דא געווען פיעל שטארקער און האט פערשאָטען און בעגראבען אונטערן שנעע א גאנצע עקספּעדיציאָן. זייער שנעע שטיבעלע איז איינגעפאלען איבער זיי און האט זיי פערשאָטען. זיי זיינען געווען צו שוואך אום זיך צו בעפרייען פון׳ם שנעע.

— גראב ווייטער! האט געזאגט האטטעראס.

— טאָמער לעבט נאך איינער פון זיי, האט דער דאקטאר געזאגט.

בעלל האט ווייטער צושאררט דעם שנעע און האט געפונען נאך א קערפּער. דאס איז געווען א מאן פון א יאהר פערציג. זיין געזיכט איז געווען אזוי רוהיג און אזוי פּריש, גלייך וויא ער וואָלט געשלאָפען. דער דאקטאר האט זיך איינגעבויגען צו איהם. דאס אויפגעריסענע ויינע פּליידער און האט צוגעלעגט זיין אויער צו זיין הארץ.

— דער איז ניט טויט! האט אויסגעשריען דער דאקטאר. לאמיר איהם אריינ־טראגען אין אונזער געצעלט. שנעל!

בעלל און דער דאקטאר האבען איהם אריינגעשלעפט אין זייער שנעע שטוב. דער דאקטאר האט בעטראכט דעם טויטען גענויער און האט איהם אנגעהויבען צו רייבען דאס הערץ און דאס געזיכט מיט ספּירטוס.

— איך וועל איהם רעטען! האט ער אייסגעשריען. איך בין איבערצייגט, אז דער מענש לעבט נאך.

ער האט איהם אויפגעריסען דאס מויל און האט איהם אריינגעגאסען אייניגע טראָפּען קאָניאק אין מויל אריין. דאס מויל האט זיך צוגעמאכט, דער קאָניאק האט געווירקט. דיא ברוסט פון'ם קראנקען האט זיך אנגעהויבען גאנץ לייכט צו בעוועגען.

אונטערדעסען האט בעלל און האטטעראס וויי טער געגראָבען דעם שנעע. זיי האבען געפונען נאך א קערפּער, וועלכער איז געווען געוויס טויט. ער איז געווען שטארק געשוואָלען און זיין געזיכט איז געווען בלוי, א צייכען אז ער איז געשטאָרבען פון סקאָרבוט. לעבען איהם האבען זיי געפונען א צוריסענעם קאָנווערט, אויף וועלכען מען האט גע־קענט לעזען:

—טאמאָנט

—אָרפּאיז

—יו יאָרק.

קאפּיטאן האטטעראס האט בעטראכט דעם קאָנווערט און האט איהם אוועק־געוואָרפען. בעלל אבער האט איהם אויפגעהויבען אין איז געלאָפען ווייזען איהם דעם דאקטאר. דער דאקטאר האט איבערגעלאָזען זיין קראנקען, איז ארויסגעלאָפען אין דרויסען און האט בעטראכט דעם קאָנווערט.

— יעצט פערשטעה איך! האט ער אויסגערופען. דאס הייסט: אלטאמאנט, פּאָרפּאיז פון ניו־יאָרק.

— אן אמעריקאנער? האט געזאגט האטטעראס פערוואונדערט. עס האט איהם פערדראָסען, וואס אן אמעריקאנער איז געקומען אין דיעזע וויי טע געגענדען פריהער פאר איהם.

האטטעראס איז געווען א שטאָלצער ענגלענדער. ער האט עס ניט געקענט צו לאָזען, אז אן אמעריקאנער זאָל צו גלייבער צייט מיט איהם קומען אזוי ווייט אויפ'ן אייז־מעער. ווייטער האבען זיי געפונען פערשיעדענע ארטיקעל, אבער קיינע טויטע מעהר. זיי האבען אויפגעהערט צו גראבען און זיינען צוריקגעגאנגען צו זייער שנעע שטוב. דער דאקטאר איז געווען ענטציקט פון זיין קראנקען. מיט יעדע מינוט האט זיך געוויעזען אין איהם מעהר לעבען. זיין געזיכט האט אנגענומען דיא פארב פון א לעבעדיגען מענשען, דאס הערץ האט אנגעהויבען דייטליך צו שלאָגען. מען האט געקענט הערען, וויא ער אטהעמט. ליידער, איז ער נאך געווען אזוי שוואך, אז ער האט נאך ניט געקענט הערען, ניט זעהן, ניט רעדען. דער דאקטאר איז אבער געווען גליקליך, וואס ער האט געלעבט.

— זא לאנג עס שלאגט נאך אן אדער, האט ער געזאגט, האבען מיר נאך האָפנונג, אז אונזער קראנקער וועט לעבען. מיר, דאקטוירים, טהוען אלעס, וואס מיר

קענען. דער גרויסער העלפער אבער איז דיא נאטור אליין. זיא העלפט, זיא היילט, זיא מאכט געזונד.

אזוי איז פערגאנגען דער טאג. מען האט זיך געמוזט לעגען אפּרוהען אום מאָרגען צו געהן צוריק צו דער שיף. מען מוז זאמלען קרעפטע אויף דיא לאַנגע רייזע אהיים.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט דער דאקטאר געפונען אז זיין קראנקען איז פיעל בעסער. ער האט נאך אבער אלץ ניט געקענט רעדען און דערצעהלען, וויא ער קומט אהער.

— מיר טאָרען קיין צייט ניט פערליערען, האט געזאגט האטטעראס. מיר מוזען צוריקגעהן.

— געוויס, האט דער דאקטאר מיטגעשטימט, אבער צו ערשט מוזען מיר בע־גראבען דיא טויטע.

האטטעראס, בעלל און דער דאקטאר האבען צונויפגעלגט דרייא טויטע איינעם לעבען דעם אנדערן און האבען אויף זיי ארויפגעשאררט א גרויסען בארג שנעע. ווען דיא בעערדיגונג (בעשנעאונג וואָלט ריכטיגער געווען) האט זיך געענדיגט, האט מען איינגעשפּאנט דעם שליטען, ארויפגעלעגט אויף איהם דעם קראנקען, איהם גוט איינ־געדעקט מיט פעל און מען איז געפאהרען צוריק צום „פאָרוואַרד".

דיא רייזע צוריק איז געווען לייכטער און שנעלער, וויא דיא רייזע אהין. עס איז געווען פעברואר, דער קאָלטסטער מאנאט אין יענע געגענדען. דאס אייז איז געווען הארט און גלאַט. דיא הינט האבען זיך אויסגערוהט. דער קאפּיטאן האט געהייסען צו שפּאַנען זיין דיוק אויך. דערצו נאך האט זיך דעם ערשטען פעברואר געוויזען דיא זון, וועלכע זיי האבען ניט געזעהן זייט דעם 25טען אקטאבער.

דיא איינוואָינער פון געגענדען, וואו דיא זון שיינט א גאנץ יאהר, האבען קיין בעגריף ניט, מיט וואס פאר א פרייד דיא איינוואָינער פון נאָרדען בעגריסען דיא זון דעם ערשטען מאל ווען זיא ווייזט זיך ווידער. עס איז ניט קיין קליינינקייט אויסצור־האלטען א נאכט פון גאנצע דרייא מאנאטע! דער עסקימאָס פאלט אויף דיא קניע, הויבט אויף דיא הענד צום הימעל און בעט צו דער ליעבער, פריינדליכער זון, דיא זון ברענגט צוריק ליכט, לעבען און פרייד. אונזערע רייזענדע האבען זיך דערקוויקט, ווען זיי האבען צום ערשטען מאל ווידער דערזעהן דיא זון. צוואר האט זיא זיך דעם ערשטען טאג געוויזען נור אויף א פאר מינוטען, מיט יעדען טאג אבער איז זיא לענגער גע־בליעבען אויפ'ן הימעל און האט בעלויכטעט דיא שרעקליכע וויסטע פון אייז און שנעע.

וואס ווייטער איז דיא רייזע דערנאך געגאנגען שווערער. בעלל און דער דאקטאר האבען אנגעהויבען צו פיהלען שלעכט, זיי זיינען געווען מיעד און אָפּגעמאַטערט פון דער לאנגער און שווערער רייזע. האטטעראס האט זיי ניט געלאָזט זיך אויסרוהען, ער האט זיך געריסען אהיים, צו זיין שיף.

דעם 24טען פעברואר אין דער פריה, ווען זיי זיינען אפּגעגאנגען קוים הונדערט שריט פון זייער נאכט־לאגער, זיינען זיי פּלוצלונג געבליעבען שטעהן; פון דער ווייטען האט מען געזעהן א שטארקען רויך.

— מיין שיף ברענט! האט אויסגעשריען דער קאפיטאן מיט פערצווייפלונג אין זיין שטימע. לאָמיר לויפען! לאָמיר רעטען מיין שיף!

זיי האבען אנגעשטרענגט זייערע לעצטע קרעפטע און זיינען געלאָפען צו דעם אָרט פון וואנען דער רויך האט זיך געוויזען. ווען זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער, האט זיך זיי פאָרגעשטעלט א שרעקליכעס בילד: דיא „פאָרוואארד" איז געווען איינגעוויקעלט אין פלאַמען. צווישען דיא איידבערג איז געשטאנען א זייל פייער. איין איינציגער מאַן איז געשטאנען ניט ווייט מיט'ן קאָפּ אראָפּגעלאָזען, א בילד פון פערצווייפלונג און טרויער. האטטעראס איז צוגעלאָפען צו איהם.

— מיין שיף! מיין „פאָרוואארד"! האט ער געשריען.

דער מאַן האט זיך אומגעקוקט.

— אך! איהר זייט עס, קאפיטאן? האט ער אויסגערופען.

— דשאנסאן! דוא ביסט עס? האבען אויסגעשריען אלע דרייא. וואס איז דא געשעהן? וויא קומט עס, וואס מען האט אונטערגעצונדען דאס שיף?

— סטאפּ! געהט ניט ווייטער! האט געשריען דשאנסאן.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א שרעקליכען טראך. דאס פייער איז צוגע־קומען צום פולווער מאגאזין און דאס פולווער האט זיך אנגעצונדען. אין א סעקונדע זיינען געפלויגען פון אלע זייטען שטיקער האָלץ; שטיקער אייזען, און שטיקער אייז. דער רעסט פון'ם שיף איז צוריסען געוואָרען אויף פיצלעך. איינינע מינוטען זיינען גע־שטאַנען אלע, וויא פערשטיינערט. קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעד'ן א וואָרט. דער דאָקטאר איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך.

— וואו זיינען דיא מאטראזען? האט ער געפרעגט.

— זיי זיינען אנטלאָפען, האט דשאנסאן געענטפערט. דיא שורקען האבען געמאכט שאנדאן פאר קאפיטאן, האבען צוגענומען פון דער שיף אלעס, וואס זיי האבען גע־קענט און האבען אונטערגעצונדען דאס שיף.

— אנטלאָפען! האט אויסגערופען דער דאקטאר. זיי זיינען אנטלאָפען און האבען איבערגעלאָזען זייער קאפיטאן אהן א שיף און אהן פראָוויאנט! דיא הינט! דיא שורקען! דיא טויגעניכטסען!

דער דאקטאר איז געווען שטארק בייז. ער וואָלט געווען אויסגערעכענט אלע שימפפווערטער, וואס געפינען זיך אין ענגלישען ווערטער־בוך, ווען קאפיטאן האטטעראס זאל איהם ניט געווען אונטערברעכען.

— פריינדע! האט ער געזאגט מיט זיין פעסטער, ענטשלאָסענער שטימע. פריינדע! דיא פייגלינגע זיינען אנטלאפען, לאזען זיי לויפען. גאט העלפט דיא טאפּפערען און מוטהיגען! דשאנסאן און בעלל. איהר האט מוטה און קוראזש. דאקטאר, איהר האט דיא וויסענשאפט. איך האב צוטרויע און גלויבען, אז מיר וועלען דערגרייכען אונזער ציעל. דאָרט, ניט ווייט, איז דער נאָרד־פּאָל! לאָמיר געהן צום נאָרד־פּאָל!

דעם קאפּיטאן'ס ווערטער האבען בעגייסטערט דאס קליינע הייפעלע מענשען און האבען זיי בעלעבט. זיי האבען אין דיעזע מינוט פערגעסען, אז זיי געפינען זיך אין איידזוויסטע, צוויא טויזענד פינף הונדערט מייל ווייט פון יעדע מענשליכע וואָינונג. זיי

האבען פערגעסען, אז זיי זיינען נור פינף מענשען און איינער פון זיי האלט ביים שטאר־בען, אין יענע שרעקליכע געגענדען אהן פראוויאנט, אהן א שיף, אהן פייער און אהן קליידער. פאר זיי האט זיך געררייכערט דיא איבעררעסט פון דער „פארוואַרד". דער דאקטאר האט געזעהן, וויא אלע זיינע ביכער, זיינע אינסטרומענטען, זיינע קארטען, זיינע מעדיקאמענטען און אלעס וואס איז פאר איהם געווען אזוי טהייער איז פערניכטעט, צערשטערט און פערברענט.

— האָסט רעכט האטעראס! האט ער ענדליך אויסגערופען. יעצט איז דיא צייט צו ווייזען, אז מיר זיינען מענער! יעצט דארפען מיר ווייזען, אז מיר האבען מוטה גענוג זיך אויסצודרעהן פון אונזער שרעקליכער לאגע.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. פלוצלונג האט דשאנסאן געפרעגט:

— וואו איז אייער שליטען מיט דיא זאכען?

— מיר האבען איהם געלאָזען דא נים וויים. מיר האבען דערזעהן דאס פייער, האבען מיר אוועקגעוואָרפען דעם שליטען און זיינען געקומען צולויפען אהער.

— האט איהר איבערגעלאָזען דעם שליטען אויף סימפסאן?

— דער שליטען איז אליין, האט דער דאקטאר געענטפערט. סימפסאן איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג.

— ארימער סימפסאן! האט געזאגט דשאנסאן. דוא האָסט ניט געקענט איבערטראגען אזוי פיעל ליידען! — אבער ווער ווייס? מעגליך, אז ער איז ווערטה, מען זאל איהם בעניידען?

— פון'ם טראַכטען און בעדויערן וועט גאר נים ווערן, האט דער דאקטאר געזאגט. דערווייל זיינען מיר מיעד און מוזען זיך אויסרוהען. מיר האבען נאך א טויט קראנקען מאן אויפ'ן שליטען, וועלכען מיר מוזען באלד אריינגעהמען איי א ווארם אָרט. — מאכט א שטוב פון שנעע!

— ווער איז דער קראנקער? האט דשאנסאן געפרעגט.

דער דאקטאר האט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער, וויא אזוי זיי האבען געפונען דעם אמעריקאנער אלטאמאן.

— וויא קומט ער אהער? וואס האט ער געהאט צו טהאן אין דיעזע שרעקליכע געגענד? האט דשאנסאן געדעדט, וויא צו זיך אליין.

ער און בעלל האבען זיך גענומען מאכען א שטוב פון שנעע. דער דאקטאר און האטעראס זיינען געגאנגען ברענגען דעם שליטען מיט'ן קראנקען אלטאמאן.

18טעס קאפיטעל.

## דיא ערשטע ווערטער אַלטאַמאַן'ס.

וויא מיעד בעלל איז געווען, האט ער זיך דאך גענומען פלייסיג צו דער ארבייט און, איידער דער דאקטאר מיט'ן קאפיטאן זיינען צוריקגעקומען מיט'ן שליטען, איז דיא שטוב פערטיג געוואָרען. דאס ערשטע איז געווען אראָפּצונעהמען דעם קראנקען פון שליטען און איהם אריינטראגען אין שטוב אריין. דאן האט מען געמוזט עפּעס עסען. אלע זיינען געווען זעהר הונגעריג. דער דאקטאר האט באלד געטאָפּט וואַרעמען טהיי

און האט אריינגעגאָסען דעם קראַנקען א פּאר לעפּעליך אין מויל אריין. יעצט איז זיי צוגיין געקומען דער זאק ביסקוויט, וועלכען זיי האבען געפונען אין שנעע צוזאמען מיט דיא טויטע קערפּער.

קוים האבען זיי עפּעס אָפּגעגעסען, איז דער דאקטאר ארויסגעגאנגען זוכען אויף דעם אָרט, וואו דיא „פּאָרוואָרד" איז געשטאנען, טאמער וועט ער געפינען עפּעס, וואס קען זיי נוצען. ער האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז שאנדאן און דיא מאטראזען, וועלכע זיינען אנטלאָפען, האבען געוויס צו וואָרפען אויפ'ן וועג זאכען, וואס איז זיי געוועזען צו שווער צו טראגען. זיין רעכנונג איז געוועזען ריכטיג. ער האט באלד געפונען א קליינעם אויווען, וועלכען שאנדאן האט אנפאנגס געערעכענט מיט צו נעהמען און דער נאך האט ער איהם אוועקגעוואָרפען. פון דער שיף איז נאך געבליעבען אייניגע ברענדע (האָלצשפּעשקעס) וועלכע האבע זיך נאך געריינבערט. ער האט אנגעשטאָפּט דעם אויווען מיט דיא האָלצשפּעשקעס און האט איהם אריינגעשטעלט אין דער מיט שטוב.

— קום, דשאנסאן, לאמיר געהן ווייטער זוכען, מעגליך, מיר וועלען נאך עפּעס געפינען, וואס קען אונז ניצען. יעצט וועלען מיר נאך אלעס געפינען, שפּעטער קען אנ־פּאלען שנעע און אלעס פערדעקען.

זיי זיינען געגאנגען אויף דעם אָרט, וואו דיא שיף איז געשטאנען און האבען געזוכט. זיי האבען אויך געפונען א פּאר זעק ביסקוויט'ס, א קעסטעל „פּעמיקאַם" דאס איז אָקסען פלייש, וועלכעס איז אזוי שטארק געטריקענט, אז עס ווערט צוריעבען, וויא מעהל. ווען מען פּאָהרט אין דיא גאנץ הייסע לענדער, וואו קיין פלייש קען זיך ניט האַלטען, אדער אין דיא גאנץ קאלטע געגענדען, וואו דאס פלייש ווערט אזוי שטארק פערפראָרען, אז קיין האק נעהמט עס ניט, נעהמט מען מיט זיך מיט פּעמיקאַם. מיט א ביסעל וואַרעמע וואסער ווערט דערפון א גוטע זופּע. — זיי האבען ווייטער געפונען א ביסעל קאַפּע צושאָטען אויפ'ן אייז, א קליין פעסעלע ברענדי, וועלכע איינער פון דיא מאטראזען האט בעהאלטען אונטער א שטיק אייז און דערנאך האט ער עס פערגעסען, און נאך אייניגע קלייניגקייטען, וועלכע זיי האבען באלד געבראַכט א היים.

דעם אנדערן טאג איז געפאלען אזא געדיכטער שנעע, אז עס איז געוועזען אונ־מעגליך ארויסצוגעהן פון שטוב. אלע זיינען געבליעבען אין דער היים. האטטעראס איז געזעסען אין א ווינקעל פערטראַכט. בעלל און דשאנסאן האבען זיך בעשעפטיגט מיט דער קיך, מאַכען עסען; דער דאקטאר איז געזעסען לעבען קראנקען, וועלכען עס איז היינט געוועזען פיעל בעסער. ער האט געעפענט דיא אויגען, האט בעטראַכט פערוואונדערט דיא פרעמדע מענשען ארום זיך; ער איז נאך אבער ניט געוועזען אים שטאנד ארויסצו־רעדען א וואָרט.

געגען מיטאג האט זיך דער קאפּיטאן פּלוצלונג אויפגעהויבען און האט געזאגט:

— מיר מוזען זעהן עפּעס צו טהאָן. אזוי זיצען לעדיג איז דער וואַרעמער שטוב טויג אויך ניט. דערצעהל אונז דשאנסאן, וויא אזוי איז עס געשעהן, וואס דיא מאַט־ראָזען האבען זיך ענטשלאָסען צו אנטלויפען און מיך אוועקצו וואַרפען.

— צו וואס דאַרפסט דוא עס וויסען, האטטעראס? האט דער דאקטאר גע־פרעגט. מיר וויסען, אז זיי זיינען אנטלאָפען, דאס איז פאר אונז גאנץ גענוג.

— ניין, דאקטאר, עס איז זעהר וויכטיג פאר מיר צו וויסען אלעס. עס איז א פראגע, אויב דאס איז פלוצלונג געשעהן, אדער זיי האבען שוין לאנג אפגערעדט, אז זיי זאלען אנטלויפען. ווען עס איז פלוצלונג געשעהן, וועלען זיי נאך צוריק קומען. דערצעהל, דשאנסאן.

— איך האב ניט פיעל צו דערצעהלען, האט דשאנסאן געזאגט. דעם אנדערן טאג נאך אייער אפרייזע האט שאנדאן איבערגענומען דאס קאמאנדא פון'ם שיף. ער האט דערקלערט, אז ער איז קאפיטאן, אלע האבען בייגעשטימט. איך האב געגען זיי גאר ניט געקענט טהאן. ער האט זיי ערלויבט אלעס צו טהאן. מען האט געהאקט די שיף און מען האט געהייצט, וויא פיעל עס האט נור געקענט אריין אין אויוען. יעדער האט גענומען, וואס פאר א פראוויאנט ער האט אליין געוואלט. מען האט ארויסגע־קייקעלט אלע פעסער און פעסלעך ברענדי, קאניאק און וויין און יעדער האט געטרונקען, וויא פיעל ער האט געוואלט. דעם 24טען יאנואר האבען זיי אפגעהאלטען א מיטינג און בעשלאסען צו פערלאזען די שיף. זיי האבען גערעכענט מיט צו נעהמען דעם גרויסען באאט, געהן קיין וועסטען, וואו עס קומען אפט די וואלפיש פאנגער. מעגליך, אז זיי וועלען געפינען א שיף, וואס וועט זיי אויפנעהמען, ווען ניט, וועלען זיי פראבירען באהרען אויפ'ן באאט, ביז זיי וועלען זיך צושלאגען ערגעץ צו א לאנד. אזוי וויא זיי האבען ניט געהאט קיין הינט, האבען זיי בעשלאסען צו מאכען א גרויסען שליטען און צו שלעפען איהם אליין. די פארבערייטונגען אויף די רייזע האבען געדויערט ביז דען 18טען פעברואר. איך האב געהאפט, אז ביז דאמאלס וועט איהר געווים אנקומען. ענדליך, דעם 24טען פעברואר האבען זיך אלע אנגעטרונקען, אז זיי האבען זיך קוים געקענט ריהרען. דער שיכורער פען האט אריינגעווארפען א ברענענדיג שטיק האלץ אין א טריום פון שיף. איך האב דערפון ניט געוואוסט. ווען איך האב בעמערקט, אז די שיף ברענט, האב איך ניט געהאט ניט איין טראפען וואסער, מיט וואס עס צו לעשען. זיי זיינען אוועקגעפאהרען און האבען מיך איבערגעלאזען אליין אויף דער ברענענדער שיף. וואס האב איך געקענט טהאן איין מענש אליין? דאס איז אלעס, וואס איך האב אייך צו דערצעהלען.

— איך דאנק דיר, דשאנסאן, האט דער קאפיטאן געזאגט. דוא האסט געטהאן אלעס, וואס דוא האסט געקענט אום מיין שיף צו רעטען. — יעצט מוזען מיר דענקען, וויא אזוי זיך צו רעטען, לאז יעדער זאגען זיין מיינונג, וואס מיר זאלען יעצט טהאן.

— איידער איך וועל זאגען מיין מיינונג, האט דשאנסאן געזאגט, וויל איך אייך עטוואס פרעגען. איהר זייט נעבטען ארויסגעגאנגען מיט אייערע אינסטרומענטען אויס־רעכענען, וואו מיר געפינען זיך יעצט. זאגט מיר, שווימט דאס אייז־פעלד, אויף וועלכען מיר געפינען זיך, אדער עס שטעהט אויף איין ארט?

— עס שטעהט אויף איין ארט. זייט אנפאנגס פעברואר איז עס צוגעפראר'ען געווארען צום לאנד ניו־קארנעוואל.

— אלזא, וויסען מיר וועניגסטענס, וואו מיר זיינען און וויא ווייט מיר זיינען פון'ם נארד־פאל.

— אבער וואס זאלען מיר טהאן? מיר קענען דאך דא ניט בלייבען, האט האט־טעראס געזאגט.

— מיר מוזען באלד איפברעכען און געהן ערגעץ, וואו מיר קענען געפינען א שיף און פאהרען אהיים, האט בעלל געזאגט.

— ניין, האט געזאגט דער קאפיטאן, מיר מוזען געהן צום נארד־פאל! לויט מיינע אויסרעכנונגען, זיינען מיר פיעל נעהנטער, צום נארד־פאל אלס צו א מעער, וואו מיר קענען טרעפען א שיף. דיא געגענד ארום נארד־פאל איז נאך אונבעקאנט, קיין מענש איז נאך דארט ניט געוועזן; מעגליך, אז מיר וועלען דארט געפינען נאהרונג און אלעס, וואס מיר דארפען. ווען מיר וועלען יעצט געהן צו א מעער, וואו מען קען געפינען א שיף, דארפען מיר פערוועהנדען אויף דער רייזע וועניגסטענס צוויי מאנאטע. מיר וועלען אלע אויסשטארבען פאר הונגער און פאר קעלט, ווייל מיר האבען קיין פראוויאנט און קיין הייצונג. ווען מיר געהן אבער צום נארד־פאל דארף אונזער רייזע געדויערן דרייא פיער וואכען, דא האבען מיר וועניגסטענס א האפנונג, אז מיר וועלען זיך רעטען.

— דאס מאל האט איהר אונרעכט, האטטעראס, האט דער דאקטאר געזאגט, ווען מיר געהן צוריק, ווייסען מיר וועניגסטענס, אז מיר געהן אהיים, דאס וועט אונז געבען מוטה צו געהן, ביז מיר וועלען דערגרייכען אונזער ציעל; ווען מיר געהן אבער צום נארד־פאל, געהן מיר אין אונבעקאנטע געגענדען און מיר פערליערען דעם מוטה. ווער וויים, וואס פאר א געגענד עס איז ארום נארד־פאל? מעגליך, אז דארט איז אזא שרעקליכע וויסטע, אז דארט געפינט זיך גאר קיין לעבעדיגע זעעלע. ניין, קאפיטאן! יעצט מוזען מיר געהן אהיים, קיין ענגלאנד. מעגליך, אז מיר וועלען טרעפען אויפ'ן וועג עסקימאסען, ביי וועלכע מיר וועלען קריגען פראוויאנט; מעגליך, מיר וועלען ערגעץ טרעפען א מאגאזין פון דער ענגלישער רעגיערונג.

— געוויס, האט דשאנסאן געזאגט, אונזער איינציגע רעטונג איז יעצט צו געהן א היים. מיר האבען קיין אנדער עצה ניט מיר מוזען געהן א היים.

האטטעראס האט אייניגע מינוטען גאר ניט געענטפערט. פלוצלונג האט ער זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט פעסט, שטאלץ און ענטשלאסען:

— אלזא, איהר ווילט געהן א היים? — געהט! איך וועל דא בלייבען, איך מיט מיין געטרייען הונד. איך וועל אליין געהן צום נארד־פאל!

דער דאקטאר, דשאנסאן און בעלל האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדער. זיי האבען זיך געשעהמט פארן קאפיטאן. דער דאקטאר האט געוואלט עפעס זאגען, ווען ער האט בעמערקט, אז דער קראנקער האט זיך א ריהר געטהאן. ער איז צוגעגאנגען צו איהם זעהן, וואס עס איז מיט איהם. דער קראנקער האט אנגעהויבען צו בעוועגען מיט דיא ליפען. מען האט געהערט א הויך, וויא דאס ווארט „פארפאיז".

— דיא „פארפאיז" איז ניט וויים? האט דער דאקטאר א פרעג געטהאן דעם קראנקען.

דער קראנקער האט קיים א ריהר געטהאן מיט'ן קאפ, א צייכען, אז דיא „פארפאיז" איז ניט וויים פון דאנען.

— איז זיא דא ערגעץ, אין דיעזע מעער? האט דער דאקטאר געפרעגט.

דער קראנקער האט ווייטער געגעבען א צייכען מיט'ן קאָפּ, אז זיא איז ערגעץ אין דיעזען מעער. האטטעראס איז צוגעקומען צום קראנקען. זיינע צייכענס האבען איהם שטארק פעראינטערעסירט.

— ליעגט אייער שיף אין נאָרדען אדער אין זיעדען? איך וויים, אז אייך איז שווער צו רעדען. מיר וועלען דאהער אזוי מאכען: ווען איך וועל טרעפען, זאָלט איהר געבען א צייכען; ווען איך וועל ניט טרעפען, זאָלט איהר קיין צייכען ניט געבען.

דער קראנקער האט א ריהר געטהאן מיט'ן קאָפּ, א צייכען אז ער פערשטעהט, וואס מען מיינט.

— ליעגט אייער שיף אין זיעדען?

דער קראנקער האט זיך ניט גערירט.

— ליעגט אייער שיף אין נאָרדען?

דער קראנקער האט געגעבען א צייכען.

אויף א:א ארט האבען זיי זיך צונויפגערעדט מיט'ן קראנקען און האבען אויסגע־פונען, אז זיין שיף איז גאנץ און ליעגט אייניגע טעג רייזע קיין נאָרדען.

— נו, האט אויסגערופען האטטעראס, זעהט איהר, אז מיר מוזען געהן קיין נאָרדען, אונזער רעטונג ליעגט אין נאָרדען. — אלזא, פריינדע! לאמיר געהן צום נאָרד־פּאָל!

דאס איינציגע וואָרט, וואס דער קראנקער אלטאמאן האט ארויסגערעדט, האט אריינגעבראכט א נייעס לעבען אין אונזערע פריינד. אלזא, איז דא ערגעץ ניט וויים דא א שיף, וועלכע קען זיי אלע רעטען. זיי האבען געלאזט דעם קראנקען זיך אויסרוהען; דער דאקטאר האט איהם געגעבען עטליכע לעפעל ווארעמען טהעע און האט איהם ווייטער אנגעהויבען אויסצופרעגען דורך צייכענס, וויא דער קאפּיטאן האט פריהער געטהאן און האט אויסגעפונען, אז דיא „פּארפּאיז" איז א שיף פון ניו־יאָרק, אלטאמאן איז דער קאפּיטאן, דאס שיף איז איינגעפראָרען געוואָרען אין אייז. עס איז אויף איהר דא פּראָוויאנט און הייצונג. אלטאמאן מיט זיינע מאטראזען זיינען געגאנגען זוכען א וועג צו סמיטה׳ס קאנאל און זיינען אויפ'ן וועג פערשאָטען געוואָרען מיט שנעע. עס איז נאך שווער געווען ארויסצוקריעגען פון איהם אלעס, וואס האט פּאסירט מיט דער „פּארפּאיז", עס איז שוין אבער געווען גענוג צו וויסען, אז א שיף מיט הייצונג, מיט פּראָוויאנט, מיט קליידער און מיט אלעם גוטען געפינט זיך ניט גאנץ וויים פון דאנען

— יעצט מוזען מיר געהן אויפזוכען דיא „פּארפּאיז", האט דשאנסאן געזאגט.

— געווים! האט דער דאקטאר געזאגט, ווען מיר געהן ארוים מארגען, קענען מיר געגען דעם 15טען מערץ דערגרייכען דיא „פּארפּאיז" און מיר זיינען גערעטעט. איך מיין, אז מיר זאלען זיך שוין פּאָרבערייטען צו דער רייזע. וויא אלטאמאן זאגט מיר, וויים ער גאָנץ גוט דעם וועג. עס געהט איהם בעסער. ווען מיר געהן לאנגזאם, וועט ער דערוויייל אין גאנצען געזונד ווערן און וועט אונז ברענגען צו זיין שיף.

זיי האבען זיך אויך באלד גענומען צו דער ארבייט. זיי האבען צוזאקט דעם רעסט פון דער „פּאָרוואַרד", וועלכעס איז געווען איינגעגראָבען אין אייז און איז ניט פּערברענט געוואָרען, און האבען עס מיט געגומען אלס הייצונג אויפ'ן וועג. דעם שליטען

האבען זיי צורעכט געמאכט און האבען געמאכט א פלאץ פאר'ן קראנקען. זיי האבען איבערגעקוקט זייערע זאכען און האבען איבערגעלאזען איינינע ארטיקעל, וואס זיי האבען געהאפט צו געפינען אויפ'ן „פארפאיר".

דעם אנדערן טאג איז שוין אלעס פערטיג געווען. זיי האבען אפגעגעסען א ווארעמען מיטאג און האבען זיך געלענט שלאפען. אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעגאנגען אין דער זייט, וואו אלטאמאן האט זיי געוויזען. דער וועג איז געווען גלייך, מען האט ניט געזעהן קיין אייזבערג. א בעוויז, אז זיי געפינען זיך ווייט פון לאנד. דיא אייזבערג געפינען זיך געוועהנליך נאהענט צו א ברעג.

— וויא איהר זעהט, דאקטאר, געהן מיר אימער נאך אויפ'ן אייז-פעלד, האט דשאנסאן געזאגט דעם פינפטען טאג נאך זייער אברייזע. קענט איהר מיר זאגען, דאקטאר, וויא פיעל א שטיק אייז קען אויף זיך אויסהאלטען ? איך טראכט אלץ: אט, אט ברעכט זיך איין דאס אייז און מיר פאלען אלע אריין.

— האב קיין מורא ניט, אלטער פריינד, האט איהם דער דאקטאר געענטפערט. אייז האט אין זיך א זאנדערבארע קראפט. ווען עס איז צווי אינטשעס דיא גרעב, קען עס טראגען אויף זיך א מענשען; ווען עס איז דריי און א האלב אינטשעס דיא גרעב, קען עס אויסהאלטען א מענשען מיט א פערד; ווען עס איז פינף אינטשעס דיא גרעב, קען עס אויסהאלטען א קאנאנע; אכט אינטשעס דיא גרעב, קען עס אויסהאלטען א באטערעע; צעהן אינטשעס דיא גרעב, קען עס אויסהאלטען א גאנצע ארמעע. דוא האסט אלזא ניט וואס מורא צו האבען. דאס אייז איז דא אזוי גראב, אז עס קען איבער־טראגען א פעסטונג און דערצו פאלט נאך אימער שנעע צו און ווערט אויך פער־פרארען.

— גוט, דאקטאר, וואס איהר האט מיך דערמאנט אן שנעע. איך האב אייך שוין עטליכע מאל געוואלט פרעגען, פון וואנען נעהמט זיך אין דיעזע געגענדען אזוי פיעל שנעע? אין אונזערע געגענדען זיינען דיא ימים און דיא וואסערן פריי, עס ווערט פון זיי דאמפף און ווען דיא לופט איז קאלט, ווערט דער דאמפף פערפרארען און ער פאלט אראפ אויף דער ערד אלס שנעע. וואו נעהמט זיך אבער וואלקען און שנעע אין דיעזע געגענדען, וואו אלעס איז פערפרארען, וויא אייזען?

— דיין פראגע איז א גאנץ ריכטיגע, דשאנסאן, האט דער דאקטאר געענטפערט. דער שנעע קומט אן אהער פון דיא ווארעמערע געגענדען. יעדעס שטיקעלע שנעע, וואס דוא זעהסט, איז געווען א מאל א טראפען וואסער אין א טייך אדער אין א מעער, דער ווינד האט איהם אויפגעהויבען און האט איהם געבראכט אהער, וואו ער איז פערפרארען געווארען און אראפגעפאלען אלס א הארט שטיקעל שנעע.

דעם אנדערן טאג האבען זיי געזעהן א זעלטזאמע ערשיינונג, וועלכע דער דאקטאר האט אויף קיין פאל זיך ניט געקענט ערקלערן. דער הימעל איז געווען ריין און קלאר, דיא שטערן האבען געשיינט און געפונקעלט. מען האט אין ערגעץ ניט געזעהן קיין ברעקעל וואלקען. פלוצלונג האט אנגעהויבען צו שיטען א שנעע און האט געשאטען צוויי שטונדען כסדר. דער דאקטאר איז דיא גאנצע צייט געשטאנען און האט בעוואונ־

דערט דיזעס וואונדער. וואס איז עס? פון וואנען קומט עס? וויא אזוי קען געהן א שנעע אהן א וואָלקען?

— איך וויים ניט, איך פערשטעה ניט! האט ער ענדליך געזאגט. דיא נאטור איז נאך אזוי רייך מיט וואונדערבארע זאכען, אז מיר מוזען אָפען זאגען: מיר פערשטעהן דיא זאך ניט; מיר זיינען נאך קינדער און דארפען נאך פיעל, זעהר פיעל לערנען.

דיא רייזע האט זיך געצויגען לאנגזאם און אונזערע רייזענדע האבען אנגעהויבען מיעד צו ווערן. עס איז ניט קיין קלייניגקייט צו געהן צוועלף פונפצעהן טאג כסדר אויף אייז, וועלכער איז הארט, וויא אייזען. דעם 14טען מערץ האבען זיי דערזעהען א זעע הונד. דריי שיעסע האבען איהם באלד געטייטעט. ער איז אבער געווען זעהר מאגער און זיין פלייש האט ניט געטויגט צום עסען. עס האט געשטונקען מיט פישטראָהן. בעלל האט פראָבירט וואַרפען שטיקער פלייש פון איהם פאר דיא הינט און איז געווען העכסט דערפרייט צו זעהן, אז דיא הינט פרעסען עס מיט פערגניגען. וועניגסטענס, וועלען דיא הינט האבען פראָוויאנט, וועלען זיי כח האבען צו שלעפען דעם שליטען. דער דאקטאר האט זיך ניט געוואונדערט, וואס דיא הינט פרעסען עס אזוי געשמאק. אין דיא קאלטע געגענדען אין אמעריקא גיט מען דיא פערד עסען געטריקענטע פיש, ווען עס לאָזט זיך אוים דאס היי. ווען פערד קענען עסען פיש, פאר וואס זאלען הינט ניט קענען עסען דאס פלייש פון א זעע הונד?

זיי זיינען געווען העכסט דערפרייט, וואס עס האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען שפורען פון בערן און פיקס. זייער פראָוויאנט האט זיך אויסגעלאָזען און זיי האבען שוין געמוזט צופריעדען זיין מיט האלבע פּאָרציאָנען. זיי האבען דערפאר גערעכענט, אז עס וועט זיי געראטהען צו שיעסען א בער; בערן פלייש קען מען שוין עסען, בעזאָנדערס געשמאק זיינען דיא פיס פון א בער. שוין א פאר מאל האבען זיי געזעהן בערן אדער פיקס פון דער ווייטען און האבען אויף זיי געשאָסען, זיי האבען אבער ניט געטראָפען. זייט א פאר טאג האט דשאנסאן בעמערקט, אז א ווייסער בער געהט זיי נאך און ווייכט ניט פון זיי. ער איז אבער געווען אזוי פּאָרזיכטיג, אז ער איז באלד אנטלאָפען, ווען ער האט נור דערזעהן, אז זיי קוקען זיך אום. דשאנסאן האט עס דערצעהלט דעם דאקטאר.

— אה, איך פערשטעה, האט דער דאקטאר געלאכט, דער הערר בער מיינט, אז מיר האבען ניט קיין פּראָוויאנט און וועלען באלד אויסשטארבען פאר הונגער, דאן וועט ער לעבען א גוטען טאג. ער איז גאנץ קלוג, דער הערר בער, ער האט אבער פערגעסען, אז מיר מיינען אויך דיא זעלבע, מיר זאלען איהם טייטען און מאכען פון איהם א גוטען מיטאג. מיר וועלען זעהן, ווער עס איז קליגער. דער מענש אדער דער בער.

ער האט געוואָלט אנלאָדען זיין ביקס און האט דערזעהן מיט שרעק, אז ער האט זעהר ווייניג פולווער און ניט איין קוגעל.

— וואו איז אונזער פולווער און אונזערע קוילען? האט ער געפרעגט דשאנסאָן. גיב זיי אהער געשווינד! לאָמיר אָנלאדען אונזערע ביקסען און געהן אויפזוכען אונזער פריינד דעם בער.

דשאנסאָן האט אנגעהויבען צו זוכען דעם פולווער און דיא קוגלען — עס איז אין ערגעץ ניט געווען. זיי האבען געהאט זעהר ווייניג און דאס לעצטע ביסעלע האבען זיי ערגעץ פערלאָרען. דשאנסאן האט געציטערט פאר וועהטאג.

— וואס קענען מיר יעצט טהאן? האט ער געבראכען דיא הענד און האט געוויינט פאר שמערץ. מיר האבען ניט וואס צו עסען און האבען קיין פולווער און קיינע קוגעלן. דער בער געהט אונז נאך טריט ביי טריט. איך האב מורא, אז יעצט וועט ער שוין זיין קליגער.

דער דאקטאר האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און האט זיך פערטראכט. דיא לאגע איז ווירקליך געווען א פערצווייפעלטע. אין דיעזע מינוט האט זיך דשאנסאן אומגעקוקט און האט דערזעהן דעם בער. ער איז זיך געגאנגען לאנגזאם, רוהיג און האט געשמעקט זייערע טריט, וויא א הונד געשמעקט נאך דיא טריט פון זיין העררן.

— אט איז דער בער! האט דשאנסאן אויסגערופען, און מיר האבען קיין פולווער און קיינע קוגעלן.

דער דאקטאר האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן, וויא דער בער האט זיך אויסגעדרעהט און איז זיך רוהיג געגאנגען צוריק. ער האט דערהערט דשאנסאן'ס געשריי און האט זיך איבערלעגט, אז עס איז נאך צו פריה צו מאכען זייער בעקאנטשאפט.

— האָסט דוא ניט אביסעל בוימעל, אביסעל פיש־אייל אדער אנאנדער פעטע זאך, דשאנסאן? האט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— איך האב גאר נישט, האט דשאנסאן געענטפערט.

דער דאקטאר האט גאר ניט געענטפערט, איז צוגעגאנגען צום שליטען, האט ארויסגענומען דעם טהערמאָמעטער און האט איהם געהאלטען איינינע מינוט געגען ווינד. דאס קוועקזילבער אין טהערמאָמעטער איז באלד פערפראָרען געוואָרען. דער דאקטאר האט צובראָכען דעם טהערמאָמעטער און האט ארויסגענומען א ווייסע, גלענצענדע קויל.

— יעצט האבען מיר וועניגסטענס איין קויל, האט ער געזאגט.

— איהר זייט ווירקליך א קלוגער קאָפּ, האט דשאנסאן געזאגט ערשטוינט. מיר וואָלט עס קיין מאל ניט איינגעפאלען צו פאבריצירען קוגעלן אויף אזא ארט.

— איך בין ניט אזוי קלוג, וויא דוא מיינסט, דשאנסאן, איך האב נור זעהר פיעל געלעזען. ניט נור פון קוועקזילבער קען מען מאכען געפראָרענע קוגעלן, זאָנדערן זאנאר פון בוימעל. קאפּיטאן פאררי דערצעהלט, אז ער האט א מאל געמאכט א קוגעל פון געפראָרענעם בוימעל און האט מיט איהר אויסגעשאָסען אין א ברעט. דיא קוגעל האט דורכגעלעכערט דיא ברעט און איז געבליעבען גאנץ. דוא ווייסט גאר ניט, וויא הארט און וויא שטארק איינינע זאכען ווערן פערפראָרען אין דיעזע געגענדען.

— איהר האט רעכט. דאקטאר, מען דארף זעהר פיעל לעזען אום מען זאל עפּעס קענען.

אין דיעזע מינוט איז צו זיי צוגעקומען דער קאפּיטאן. ער פלעגט שטענדיג געהן פאָראויס, ווען ער האט אבער געזעהן, אז זיי זיינען געבליעבען שטעהן און רעדען אזוי פיעל, איז ער צו זיי צוגעקומען. דער דאקטאר האט איהם דערצעהלט, וואס דא איז.

— קינדער, אס איז קיין שפּאס, האט ער זיי געזאגט. מיינט ניט, אז איהר וועט געהן געגען א בער מיט איין איינציגע קוגעל. ווייסט דוא דען ניט, דשאנסאן, אז מען מוז א מאל שיעסען צעהן צוועלף מאָל, אײדער מען טײטעט א ווייסען בער? ווען איך זאל וועניגסטענס וויסען, אז איך וועל איהם טרעפען מיט דער איינער קויל, דער ווייסער בער איז אבער זעהר קלוג, ער וויכט אויס א קוגעל, ער האט איבעראל ניט ליעב בעקאנט צו ווערן מיט מענשען.

— אלזא, וואס טהוט מען? ער געהט אונז נאך טריט ביי טריט און וועט א מאל ביי נאכט אויף אונז געוויס אנפאלען.

— איך וועל אליין געהן געגען איהם האט האטטעראס געזאגט.

— מיר וועלען אלע געהן מיט אייך, האבען אלע דריי אויסגערופען.

— ניין, איך וועל געהן גאנץ אליין, האט האטטעראס געזאגט ענטשלאָסען.

— וואס רעדסט דוא, האטטעראס? האט דער דאקטאר געפרעגט. דוא ווילסט ריסקירען און געהן אליין אויף א ווייסען בער? דאס איז אונמעגליך.

— איך וועל אייך ווייזען, אז עס איז יא מעגליך. מיינט אבער ניט, אז איך וועל געהן געגען איהם מיט דער ביקס מיט איין איינציגע קוגעל. דאס טהו איך ניט. — דשאנסאן, האָסט דוא דיא פעל פון'ם זעעהונד, וועלכען מיר האבען ניט לאנג געטייטעט.

— עס ליעגט אויפ'ן שליטען.

— אלזא, גיט מיר דיא פעל און איהר בלייבט דא שטעהן און האלטען דיא וואך.

דער דאָקטאָר האָט פּראָבירט אָפּצוהאַלטען דעם קאפּיטאַן, ער זאל ניט ריסקירען זיין לעבען און געהן אליין אויף א ווייסען בער. עס האט אבער גאר ניט געהאָלפען. האטטעראס איז געװען א גרויסער עקשן און ווען עס איז איהם עפּעס געקומען אין קאָפּ אריין, האט ער עס געמוזט אויספיהרען.

— דאקטאר, האט ער געזאגט, איהר ווייסט דאך, אז דיא ווייסע בערן נעהרן זיך פון דיא זעע הינט. איהר קענט זיך דאהער לייכט פאָרשטעלען, אז א ווייסער בער וועט זיך ניט איבערשרעקען, ווען ער וועט דערזעהן א זעע הונד? —

— איך פערשטעה אייך, האטטעראס, האט איהם דער דאקטאר אונטערבראָכען. עס איז אבער זעהר געפעהרליך.

— איך זעה קיין אנדער וועג ניט, האט האטטעראס געענטפערט פעסט און ענטשלאָסען. גיב מיר דיא ביקס און מיין לאנגעס מעסער. איך מוז האבען ביידע זאכען. איהר שטעהט פון דערווייטען. ווען איך וועל זיין אין געפאהר, זאלט איהר קומען מיר העלפען.

אין א פערטעל שטונדע ארום האט זיך געוויעזען א זעע הונד אויפ'ן אייז. ער איז געשפּרונגען, האט געטאנצט און האט זיך משוגע געמאכט, ביז דער בער האט איהם בעמערקט. ער איז לאנגזאם און גאנץ שטיל צוגעגאנגען צום זעע הונד. ער איז צוגעגאנגען אזוי שטיל, אז דער זעע הונד האט איהם דאכט זיך גאר ניט בעמערקט. ווען ער איז צוגעקומען גאנץ נאָהענט צו איהם, האט ער זיך אויפגעשטעלט אויף דיא הינטערסטע פיס און איז מיט א מאל ארויפגעשפּרונגען אויפ'ן זעע הונד. אין דיעזע

(Ice Sea, 9.)

## דאס אייז מעער.

מינוט האט געקראכט א שוס. דער זעע הונד האט פון זיך אראפגעווארפען דיא פעל און קאפיטאן האטטעראס איז ארויסגעשפרונגען פון איהר. דיא קויל האט געטראפען דעם בער אין דער ברוסט. ער איז אומגעפאלען, איז אבער באלד אויפגעשטאנען און האט מיט דיא פאדערסטע פיס געחאפט שטיקער שנעע און צוגעלעגט צו דער וואונד. האטטעראס איז געשטאנען נעגען איהם מיט'ן מעסער אין דער האנד.

— בראוואָ! הורראה! האבען געשריען דשאנסאן און דער דאקטאר, ווען זיי האבען געזעהן, וויא געשיקט און קינסטליך האטטעראס האט בענוצט דיא פעל פון'ם זעע הונד אום דעם בער צו רייצען.

אין דיעזע מינוט אבער האט דער בער אנגעהויבען שרעקליך צו ברומען און האט זיך געוואלט ארויפווארפען אויפ'ן קאפיטאן, קאלט־בלוטיג, ענטשלאסען און מוטהיג האט איהם האטטעראס בעגעגענט און האט איהם אריינגעשטאכען זיין לאנגעס, שארפעס מעסער אין הארצען. דער בער איז געפאלען טויט.

— יעצט שנעל! האט דער דאקטאר געזאגט. קום, דשאנסאן, לאמיר געהן זעהן, וואס דער הערר בער האט אונטערן פעלץ, יעצט איז ער נאך ווארים און מיר וועלען האבען א גוטען מיטאג, שפעטער וועט ער קאלט ווערן און פערפרארען, וויא א שטיין:

זיי זיינען צוגעגאנגען צום טויטען בער. דאס איז ווירקליך געווען א שעהנעס טהיער און איז געווען גרויס, וויא א יונגער אקס. דשאנסאן האט באלד אנגעהויבען איהם אפצושינדען דיא פעל. ווען ער האט איהם אייפגעעפענט, האט ער אין מאגען געפונען נור וואסער. דער בער האט שוין לאנג ניט געגעסען. אונזערע רייזענדע זיינען געווען אזוי הונגעריג, אז זיי האבען געחאפט שטיקער שמאלץ פון'ם בער און האבען עס געגעסען רויער הייט. מיט שווערער מיה האבען זיי דערשלעפט דעם בער צום שליטען. וויא גרויס אבער איז געווען זייער ערשטוינען, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום שליטען און האבען געפונען, אז דאס פייער איז אויסגעגאנגען און דער קראנקער אלטאמאן קרעכצט, אז עס איז איהם קאלט.

דער קליינער אויווען פלעגט שטעהן אויפ'ן שליטען און זיך שטענדיג הייצען. דער־פון איז דעם קראנקען געווען שטענדיג ווארם און אויך דיא געזונדע פלעגען זיך אפט אנווארעמען אן אויווען. היינט זיינען זיי געווען אזוי שטארק בעשעפטיגט מיט'ן בער, אז זיי האבען פערגעסען אן דעם אויווען און אן דעם קראנקען אלטאמאן.

דער דאקטאר האט געוואלט אויסשלאגען פייער. זיי האבען געהאט מיט זיך א שטיק שטאל, א קיעזעלשטיין (קרעמען) און צונדער. ער האט אנגעהויבען צו זוכען זיין פייערצייג און האט עס אין ערגעץ ניט געפונען. דאס פייערצייג איז פערפאלען גע־ווארען צוזאמען מיט'ן פולווער און דיא קוגעלן.

— זוך נאך א מאל, דשאנסאן! האט דער דאקטאר געשריען. וואס וועלען מיר טהאן אהן א פייערצייג.

דשאנסאן האט נאך א מאל געזוכט אומעדום, ער איז צוריקגעגאנגען אויף אלע ערטער, וואו ער איז געשטאנען און האט בעאבאכטעט דעם בער. ער האט עס אבער אין ערגעץ ניט געפונען. ער איז צוריקגעקומען און האט געזאגט מיט א טרויעריגע מינע:

— היינט וועלען מיר מוזען עסען רוי פלייש. דאס פייערגעצייג איז פערלאָרע גע־געגאנגען.

— אלזא, לאמיר אָפּעסען, זיך אויסרוהען און געהן זוכען דיא „פּארפּאיז״, האט האטטעראס געזאגט.

דער דאקטאר האט געשוויגען. האטטעראס איז געווארען אונגעדולדיג.

— וואס טראַכסט דוא אזוי לאנג, דאקטאר? האט ער געפרעגט.

— עס איז מיר עפּעס איינגעפאלען, האט דער דאקטאר געזאגט לאנגזאם. מיר האבען פערלאָרען אונזער פייער געצייג. מיר דארפען פייער. איך מיין, אז מען קען מאכען פייער מיט א ברעננגלאז, קוים איז נור דא דיא זון, איז זעהר לייכט צונויף צונעהמען איהרע שטראַהלען אין א ברעננגלאז אויף א שטיקעל האָלץ.

— מיר האבען דאך אבער קיין ברעננגלאז ניט! האט אויסגערופען האטטעראס אונגעדולדיג. אלע אונזערע אינסטרומענטען און שפּעקטיווען זיינען פערברענט געוואָרען אויף דער „פאָרוואַרד״.

— דארפען מיר מאכען א ברעננגלאז, האט געזאגט דער דאקטאר רוהיג.

— פון וואס וועט איהר מאכען א ברעננגלאז, דאקטאר? האט דשאנסאן געפרעגט.

— פון א שטיקעל אייז, האט דער דאקטאר געענטפערט רוהיג. ווייסט דוא דשאנסאן, וויא אזוי דיא מענשען האבען אויסגעפונען א ברילל? — א מאל האט זיך איינער געשפּיעלט מיט דינע שטיקלעך אייז. ער האט בעמערקט, אז דורך איינינע שטיקלעך אייז זעהט ער דיא זאכען אביסעל גרעסער און דורך אנדערע קומען זיי אויס קלענער. — וויא באלד אז אייז קען מאכען, אז דאס אויג זאל זעהן דיעזעלבע זאך א מאל גרעסער און א מאל קלענער, האט זיך דער מאן געטראכט, דארף דאָך גלאָז אויך קענען מאכען דאס זעלבע קונסטשטיק. ער האט פּראָבירט מיט אלערליי שטיקלעך גלאז און האט אויסגעפונען אז ווען א שטיקעל גלאז איז אין דערמיט דיק און אין דיא זייטען דין, קומען אויס דורך איהר אלע זאכען גרעסער, וויא זיי זיינען; ווען אבער א שטיקעל גלאז איז אין דער מיט דין און אין דיא זייטען גראב, קומען אויס אלע זאכען קלענער וויא זיי זיינען אין דער נאטור. אויף אזא ארט איז ענטשטאנען דיא קונסט צו מאכען ברילען. אלזא, דער ערשטער ערפינדער פון ברילען האט אנגעהויבען מיט אייז און האט געענדיגט מיט גלאז. מיר וועלען טהאן פערקעהרט. מיר וועלען ענדיגען מיט אייז. מיר וועלען אויסשניידען א קיילעכדיג שטיקעל אייז און וועלען עס מאכען אין דער מיט גראָב און פון דיא זייטען דין. דאס וועט זיין א גאנץ גוטעס ברעננגלאז.

— איהר זייט טאקע א געלערנטער דאקטאר, האט דשאנסאן געזאגט. איך וואָלט קיין מאל ניט געפאלען אויף אזא שכל.

ער האט גענומען זיין האק און האט אויסגעהאקט א גרויס שטיק אייז, האט עס ארומגעשניטען און ארומגעשליפען, אז עס איז געווען אין דער מיט גראָב און אין דיא זייטען דין און האט עס געגעבען דעם דאקטאר. דער דאקטאר האט גענומען וואטע און איינינע דינע שפּענדעלעך און האט זיי אניעדער געלעגט אויפ׳ן אייז. דאָס ניי פאבריצירטע ברעננגלאז האט ער געהאלטען געגען דיא וואטע און דיא שפּענדלעך. אין איינינע מינוט ארום האט זיך דיא וואטע אנגעצונדען.

— הורראה! בראוואָ! האט געשריען דשאנסאן און האט אנגעהויבען צו טאנצען פאר שמחה. אט דאס הייסט א גליקליכער טאג!

ער האט באלד געמאכט א גרויס פייער און האט אנגעהויבען צו בראטען דאס בערן פלייש.

— פון דעסטוועגען דארפען מיר זעהן ווייטער צו געהן, האט געזאגט האטטעראס. מיר קענען דאך לאנג דא ניט בלייבען.

— מיר זיינען ניט וויט פון דער „פארפאיז", האט קוים ארויסגערעדט אלטאמאן.

ער איז שוין געווען פיעל בעסער, עס איז איהם אבער נאך אלץ שווער געווען צו רעדען.

— האט איהר דארט גענוג הייצונג? האט איהם דער דאקטאר געפרעגט. פייער וועלען מיר שוין האבען, מיין ברעננגלאז ווירקט פארטרעפליך. מען מוז נור האבען דיא זון צו איהר.

— גענוג, האט אלטאמאן געענטפערט.

מען האט אבגעקאָכט א גרויסארטיגען מיטאג פון בערן פלייש און מען האט זיך זאט אנגעגעסען. דער דאקטאר האט געמאכט א זופּ פארן קראנקען. דיא פרישע זופּע האט אויף איהם זעהר גוט געווירקט. נאכ'ן עסען האבען זיי זיך געלעגט שלאָפען אום מארגען גאנץ פריה ווייטער צו געהן צו דער „פארפאיז". דעם אנדערן טאג, ווען זיי זיינען געווען אין וועג, האט דשאנסאן געזאגט צום דאקטאר:

— האט איהר בעמערקט, דאקטאר, אז האטטעראס קוקט בייז אויפ'ן אמעריקאנער? דער אמעריקאנער וויעדער זוכט אויסצומיידען דעם קאפּיטאן האטטעראס. וואס זאל זיין דיא אורזאכע דערפון:

— איך האב עס גוט בעמערקט, דשאנסאן. דער אמעריקאנער איז א קלוגער, דורכגעטריעבענער מענש. ער איז געווים אויך געפאהרען צום נאָרד־פּאָל און איז פער־פאהרען פיעל ווייטער פון אונז. ער וויל עס אונז אבער ניט אויסזאגען און דערצעהלט אונז, אז ער איז געפאהרען זוכען א וועג קיין אינדיען. האטטעראס אבער איז אויך קיין נארר ניט. ער פערשטעהט, וואס דא איז און עס קרענקט איהם, וואס אן אמעריקאנער איז ווייטער געקומען אין נאָרדען אלס ער.

— איהר האט רעכט, דאקטאר! האט געזאגט דשאנסאן און איז געשפּרונגען אין דער הויך פאר פרייד, וואס ער פערשטעהט ענדליך, וואס עס קומט פאָר צווישען דיא צווייא קאפּיטאנען. איהר האט רעכט, דאקטאר! איך האב אויך בעמערקט, וויא דער יענקי גיט א שמייכעל, ווען מען רעדט פון דעם צוועק פון זיין רייזע. איהר ווייסט, אז צווישען דיעזע צוויי מענשען קען ארויסקומען אונאנגענעהמליכקייטען.

— איך וויים עס, דשאנסאן, און טהו אלעס מעגליכע, אז זיי זאלען איינער צום אנדערן ניט פיעל רעדען. איך טהו מיין בעסטעס און האָף, אז עס וועט מיר געלינגען איינצוהאלטען זיי.

דיא געגענד, אין וועלכע זיי זיינען יעצט געגאנגען, איז געווען גאר אנאנדערע. מען האט שוין געזעהן חויבע איידבערג און גרויסע שטיקער אייז, וויא אונגעהייערע

פעלזען, זיינען געווען צו ווארפען אין אלע זייטען. דאס איז א צייכען, אז זיי זיינען ניט ווייט פון א לאנד. דעם אנדערן טאג אום צוועלף אוהר, האט אלטאמאן זיך אויפגע־הויבען אויפ'ן שליטען, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט אויסגערופען:

— אט דארט איז דיא „פארפאיז"!

## 19טעס קאפיטעל.

## דיא „פארפאיז".

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, מיט וואס פאר א פרייד אונזערע רייזענדע האבען דערהערט דיא ווערטער: אט דארט איז דיא „פארפאיז". זיי זיינען שוין ניט געגאנגען, זיי זיינען געלאפען אהין, וואו אלטאמאן האט זיי געוויזען.

דיא „פארפאיז" איז געווען אזוי בעדעקט מיט שנעע און אייז, אז מען האט לייכט געקענט דענקען, אז דאס איז א בערגעל פון שנעע. זיא איז געלעגען אויף א זייט און איהרע זעגעלבוימער זיינען געווען צובראכען. א גרויס שטיק אייז פון עטליכע טויזענד פונט איז אויף איהר ארויפגעפאלען, ווען זיא איז איינגעפראָרען געווארען, האט צר בראכען איהרע זעגעלבוימער און זיא שטארק בעשעדיגט. מיט שווערער מיה זיינען זיי צוגעקומען צו איהר. זיי האבען געמוזט זיך אויסהאקען א וועג אין שנעע און אייז, איידער זיי זיינען צוגעקומען צום דעק. אין דער צייט, וואס אלטאמאן מיט זיינע מאטראזען זיינען פערשאטען געווארען פון שנעע און איידער אונזערע רייזענדע זיינען צוריקגעקומען צו איהר, איז אויף איהר אנגעפאלען אזוי פיעל שנעע, אז זיי האבען געארבייט זעהר שווער, איידער זיי זיינען צו איהר צוגעקומען. דערפאר אבער זיינען זיי געווען ענטציקט, ווען זיי האבען אויסגעפונען, אז דער פראוויאנט און דיא הייצונג זיינען גאנץ, קיינער האט זיי ניט געריהרט. זיי האבען בעטראכט דיא שיף און געפונען, אז עס וועט זיין זעהר שווער אין איהר צו וואינען.

— דאס מאכט ניט אוים! האט געזאגט האטטעראס. מיר וועלען מאכען א גרויסע שטוב פון שנעע אויפ'ן לאנד, וועלכעס איז גאנץ נאהענט, און מיר וועלען לעבען א גוטען טאג.

— ניין, האט געזאגט דער דאקטאר, מיר וועלען צונעהמען דיא „פארפאיז" און וועלען אונז אויסבויען אן ארדענטליכעס הויז. איך וועל זיין דער ארכיטעקטאר. איהר וועט זעהן, אז איך קען ארבייטען ניט נור מיט'ן לאנצעט און מיט'ן פינצעט, זאנדערן אויך מיט דער האק און מיט דער זעג.

— איך צווייפעל ניט, דאקטאר, אז איהר זייט א גוטער ארכיטעקטאר, האט דשאנסאן געלאכט, מיר מוזען אבער פריהער זעהן, אויב מיר האבען גענוג מאטעריאל צו בויען א הויז און דערנאך מאכען דערפון א שיף. פערגעסט ניט, הערר ארכיטעקטאר, אז מיר מוזען דענקען צו מאכען א קליינע שיף פון דער „פארפאיז" אום א היים צו פאהרען.

— יעצט מוזען מיר האבען א הויז, פון א שיף וועלען מיר שפעטער רעדען. היינטיגע נאכט וועלען מיר צוברענגען אויפ'ן שיף און מארגען וועלען מיר זיך נעהמען בויען א הויז.

— ער האט פאַלקאָמען רעכט, האט געזאגט האטטעראס. דאס ערשטע דארף זיין א הויז, וואו צו וואוינען.

באלד האט געברענט א פרעהליכער פייער אין דער קאיוטע פון׳ם קאפיטאן אלטאמאן. מען האט געמאכט הייסען טהעע און מען האט געבראטען בערן פלייש. מען האט אָפגעגעסען און זיך געלעגט שלאָפען. זייט צווייא מאנאטע איז דאס געווען דיא ערשטע נאכט, וואס זיי זיינען געשלאָפען, וויא מענשען. עס איז דאהער קיין וואונדער נים, ווען זיי זיינען געשלאָפען גאנץ שפעט. דער דאקטאר איז געווען דער ערשטער וועלכער איז אויפגעשטאנען. ער האט זיך אויסגעצויגען און געזאגט:

— עס איז דאך א פערגניגען, אז מען ווייס, אז איך וועל מארגען שלאָפען אויף דעם ארט, וואו איך שלאָף היינט און דארף נים אלע מאל ברעכען דעם קאָפּ: וואו וועל איך נעהמען אויף מיטאג.

באלד־זיינען אלע אויפגעשטאנען און מען האט געמאכט טהעע. מען האט גע־פריהשטיקט אויפ׳ן גרויסען אופן. נאכן פריהשטיק זיינען אלע געגאנגען בעטראכטען דיא „פארפאיז". זיי האבען געפונען, אז דיא „פארפאיז" איז א שטארקע שיף און האט פראָוויאנט, קוילען, האָלץ, פולווער און בליי גענוג אויף א פאר יאהר. זיי זיינען געווען העכסט צו פריעדען מיט זייער רעוויזיאָן.

— נו, האטטעראס! האט דער דאקטאר געזאגט, יעצט האבען מיר שוין אלעס נייטיגע און וועלען קענען געהן צום נאָרד־פּאָל.

— געהן אויפ׳ן אייז קענען מיר געווים, וואס וועלען מיר אבער טהאן, ווען מיר וועלען קומען צום פרייען מעער?

— מיר וועלען אויסבויען א שיף אדער א באָאט פון דיא ברעטער פון דער „פארפאיז".

— פון אן אמעריקאנישער שיף? האט אויסגעשריען האטטעראס. קיין מאל נים! אויף קיין פאל נים!

דער דאקטאר האט פערשטאנען, אז ער האט דא בעריהרט א וואונד, און האט גאר נים געענטפערט. אייניגע מינוטען האט ער געשוויעגען. ענדליך האט ער געזאגט:

— אלזא, מוז מען זיך נעהמען צו דער ארבייט, בויען א הויז און עס ארומצאמען מיט קלעצער און ברעטער, אז דיא בערן זאלען נים קענען אויף אונז אנפאלען. דאס ערשטע מוזען מיר אויסזוכען א פּלאץ, וואו צו בויען. קומט, האטטעראס, לאמיר געהן אויסזוכען אן אָרט פאר אונזער פעסטונג.

— געהט אליין, דאקטאר, איך פערלאז מיך אויף אייך, האט האטטעראס גע־ענטפערט.

דער דאקטאר, דשאנסאן און בעלל זיינען געגאנגען אייפ׳ן ברעג זוכען א פּלאץ, וואו צו בויען דאס הויז. זיי האבען אויסגעפונען, אז דיא „פארפאיז" איז איינגעפראָרען אין א קליינע בוכטע, וואו עס געפינען זיך זעהר פיעל גרויסע שטיינער, אדער ריכטיגער געזאגט, קליינע שטיינערנע אינזלען. זיי האבען אויף קיין פאל נים געקענט פערשטעהן, וויא אזוי דיא „פארפאיז" איז געקומען אין אזא געפעהרליכען אָרט. נים ווייט אויפ׳ן ברעג האבען זיי אויסגעפונען א הויכען פעלזען, וועלכער איז אין איין זייט געווען גאנץ

גלייך, וויא א וואנד. דער דאקטאר האט אויסגעפונען, אז דאס איז דער בעסטער פלאץ, ווייל דא האבען זיי שוין א פערטיגע וואנד און זיי ווילען נאך דארפען נור דריי אדער זאגאר צוויי מיט א האלבע וואנד צו בויען. יעצט האבען זיי געדארפט אוועקראמען דעם שנעע און זעהן, וויא אזוי דיא ערד איז דארט ארום דעם שטיין, דאס איז געווען דיא שווערסטע ארבייט. דער שנעע איז געוועזן צעהן פוס דיא הויך.

א גאנצע וואך איז פאראיבערגעגאנגען, ביז זיי האבען אויסגערייניגט דעם שנעע און צוגעקומען צו דער ערד, וועלכע האט זיך געוויעזען צו זיין שטיינעריג און זעהר הארט. דאס שאדעט אבער ניט. עס איז בעסער פאר א הויז, ווען עס איז געבויט אויף א פעסטען באדען. יעצט האט דער דאקטאר זיך גענומען צו זיין ארכיטעקטאר ארבייט צו ערשט האט ער געמאכט דעם פלאן פונ'ם הויז, עס זאל האבען דריי צימער. אין דער מיט זאל זיין דיא זאל און עס צימער. אין דער רעכטער האנד — דיא קיך אין דער לינקער האנד — דאס שלאף צימער. דאס הויז זאל האבען פיער פענסטער. אנשטאט גלאז וועלען זיי נעהמען רייגעס, קלארען אייז, וויא דיא עסקימאסען טהוען. א טהיר האט מען ארויסגענומען פון דער קאיוטע פון דער שיף. עס האט געדויערט צעהן טאג, איידער דאס הויז איז פערטיג געווארען. דער דאקטאר איז געווען העכסט צופריעדען מיט זיין ארבייט. ער איז ערשט געוואהר געווארען, אז ער איז א גוטער ארכיטעקטאר. יעצט האט זיך אנגעהויבען א נייע ארבייט: איבערצוטראגען אלע זאכען פון דער „פארפאיז“ אין הויז אריין. דאס ערשטע איז געווען דער אויווען מען האט ארויסגענומען דעם גרויסען אויווען פון דער „פארפאיז“ און מען האט איהם אריינגעשטעלט אין שלאף־צימער. ארום אויווען האט מען אויסגעשטעלט בעטען. דאן האט מען איבערגעטראגען דאס גאנצע מעבעל פון דער „פארפאיז“: שטוהלען, טישען, קאסטענס, קאמאדעס און אנדערע מעבעל. ווען דאס איז געווען פערטיג און דאס הויז איז געווען איינגעריכטעט גראסארטיג, אז זיי האבען שוין געקענט וואינען אין איהר האט מען אנגעהויבען איבער־צוטראגען דעם פראוויאנט און דיא הייצונג.

דעם 15טען אפריל איז אלעס געווען פערטיג און אין בעסטער ארדנונג. אלטא־מאן איז אונטערדעסען פאלקאמען געזונד געווארען און איז צום ערשטען מאל ארויס־געגאנגען אויף דער פרייער לופט. ער איז געווען אן עכטער אמעריקאנער. שטאלץ, אונטערנעהמענד, האט זיך פאר קיין זאך ניט אפגעשראקען און איז געווען בערייט אלעס צו טהאן אום זיין צוועק צו דערגרייכען. ער איז געווען א געבארענער ניו־יארקער און א מאטראז פון קינדווייס אן. יעצט איז מען געוואהר געווארען, אז א קאמפאני פון ניו־יארקער קויפלייטע האט אויסגעבויט דיא „פארפאיז“ און זיא פערזארגט מיט אלעמען נייטיגען. אלטאמאן איז געווען אין פיעלע הינזיכטען זעהר עהנליך צו האטטעראס. ער איז אבער ניט געווען אזוי אפענהערציג און אזוי צוגעלאזען, וויא האטטעראס. זיי האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן בייז און האבען אויסגעווייכט איינער דעם אנדערן, דער דאקטאר האט געטהאן אלעס מעגליכע, אז זיי זאלען זיך ניט צוזאמען שטויסען. ענדליך אבער זיינען זיי דאך צוזאמען געקומען און עס האט שיער ניט אויסגעבראכען א קריעג צווישען זיי.

דיא געשיכטע איז אזוי געווען, ווען דאס הויז איז געווען פערטיג און אלע זאכען

פון דער שיף אריינגעבראכט אין הויז און אויסגעשטעלט אין גוטער אָרדנונג, האט דער דאקטאר געמאכט א באלל. ער אליין האט זיך געשטעלט קאָבען און האט געוויזען, אז ער איז אזא גוטער קאָך, וויא ער איז א גוטער ארכיטעקטאָר. ווען מען האט אָפּגעגעסען און אָפּגעטרונקען, האט ער געהאלטען א רעדע.

— מיינע פריינדע! האט ער געזאגט, מיר קומען פון פערשיעדענע לענדער און דיינען פערוואָרפען געוואָרען אין דיעזע נייע געגענד, וואו קיין אייראפּעער איז נאך געווים ניט געווען. מיר מוזען צוערשט געבען א נאמען אונזער הויז, אונזער שלאָס, אונזער פּאלאַץ אדער רופט עס, וויא איהר ווילט. דאן וועלען מיר מוזען א נאמען געבען דיא געגענד, דיא בערג, דיא טאָהלען און דיא בוכטעס.

— בראוואָ! האט אויסגערופען דשאנסאן. עס איז פיעל בעסער, ווען אלעס האט א נאמען. ווען איינער וועט וועלען ערגעץ געהן און זאגען, וואו מען וועט איהם געפינען, וועט ער זאגען: ער געהט אהין און אהין. אלזא, צוערשט לאמיר א נאמען געבען אונזער נייע שטאדט, וועלכע בעשטעהט דערווייל נור פון א י י ן הויז.

— ווען קיינער האט ניט דאגעגען, האט האטטעראס געזאגט, שלאג איך פאָר, אז מיר זאלען רופען אונזער הויז „פולמאַנדהויז”. דאקטאר פולמאן האט עס פערדיענט, אז אונזער הויז זאל הייסען אויף זיין נאמען.

— בראוואָ! פולמאַנדהויז! פולמאַנדהויז! האבען אלע אויסגעשריען מיט איין שטימע. הורראָה!

דער דאקטאר האט זיך פערנייגט און האט געדאנקט פאר דיא עהרע, וואס מען האט איהם ער־צייגט.

— יעצט דארפען מיר א נאמען געבען דאס מעער, וועלכעס איז ארום אונז, און אויף וועלכען עס איז נאך קיין אייראָפּעאישעס שיף ניט געקומען.

— נו, און מיין שיף, דיא „פארפאיז”? האט אלטאמאן געפרעגט. אמעריקא איז טאקע ניט אייראפּא, אבער אמעריקא פערדיענט אזוי פיעל עהרע, וויא פיעל אייראָפּא, פיעללייכט נאך עטוואס מעהר.

— אבער ניט אזוי פיעל, וויא ענגלאנד, האט האטטעראס געזאגט. ענגלאנד איז דאס ערשטע לאנד אין דער וועלט.

דער דאקטאר האט זיך געביסען דיא ליפּען, וואס ער האט בעריהרט אזא פראגע ער האט זיא געוואָלט פערווישען.

— איך מיין, אז דאס מעער קען הייסען דאס אייז־מעער, האט ער געזאגט, ווייל דאס מעער איז דאך דא אויף אלע מיינע מעער־קארטען.

— איך בין דאמיט צופריעדען, האט האטטעראס געזאגט. דאס אייזמעער איז א שעהנער נאמען. אלזא. זאל עס הייסען דאס אייזמעער. יעצט קומט אבער דאס וויכטיגסטע. וויא זאָלען מיר רופען דאס לאנד, אויף וועלכען מיר געפינען זיך?

— דאס לאנד האט שוין א נאמען, האט געזאגט אלטאמאן. א י ך האב עס א נאמען געגעבען: „ניו אמעריקא”. מיינע העררן, איהר ווייסט דאך אלע, אז יעדער, ווער עס ענטדעקט א לאנד. האט דאס רעכט עס צו רופען, וויא ער וויל. איך בין געווען דער ערשטער צו קומען אהער און האב עס א נאמען געגעבען, וויא איך האב געוואָלט.

— דאס קען איך ניט צולאזען! האט האטטעראס אויסגעשריען. פערגעסט ניט, אז ווען ניט מיר, וואלט איהר יעצט געלעגען טיעף אין שנעע און קיינער וואלט פון אייך ניט געוואוסט. מיר האבען אייך דאס לעבען גערעטעט און איך האב דאס רעכט עס צו רופען, וויא איך וויל.

— פערגעסט ניט, האטטעראס, אז ווען ניט איך מיט מיין „פארפאיז", וואלט איהר אלע אויסגעשטארבען פאר הונגער און פאר קעלט. —

— פריינדע! האט זיי אונטערבראכען דער דאקטאר, קר יענט אייך ניט. אייגענטליך וואלט מען געקענט רופען דאס לאנד מיט צוויא נעמען, אזוי וויא דאס לאנד לעבען באפינס בוכטע הייסט צוויא נעמען — „גרינעל'ס־לאנד" און „פרינץ־אלבערט־לאנד", וויל צוויא מענשען, אן ענגלענדער און אן אמעריקאנער האבען עס ענטדעקט מיט א מאל פון צווי פערשיעדענע זייטען. גערעכטיגקייט אבער מיינע פריינדע, איז דיא גרונד־לאגע, דאס פונדאמענט פון יעדער מענשליכער געזעלשאפט. דאמאלס האבען ביידע, דער אמעריקאנער און דער ענגלענדער אין איין צייט ענטדעקט דאס לאנד. יעדער האט רעכט געהאט צו געבען דאס לאנד זיין נאמען. דא איז אבער עטוואס אנדערש. דא איז אלטאמאן דאך געווען דער ערשטער צו בעטרעטען דיעזעס לאנד. מיר מוזען זיין גערעכט געגען איהם און דאס מאל איהם ערלויבען צו געבען דיעזען לאנד דעם נאמען, וואס ער וויל. איך קען דיך פאר גערעכט און עהרליך, האטטעראס. דוא מוזט דיעזעס מאל נאכגעבען. מיר האבען נאך פערשיעדענע ערטער, וועלכע מיר וועלען קענען געבען א נאמען, וועלכען מיר וועלען אויסגעפינען.

האטטעראס האט פערצויגען מיט דיא אקסלען. ער האט געזעהן אז דער דאקטאר האט רעכט.

— איך מיין, אז קיינער ועט ניט האבען דאגעגען, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט, ווען מיר וועלען א נאמען געבען דיעזע בוכטע — וויקטאריא־ביי.

— איך וועל געווים ניט זיין דאגעגען, האט אלטאמאן געזאגט, ווען דער בארג, וואס געהט אריין אין דער בוכטע, וועט הייסען קאפ־וואשינגטאן.

— אבער, מיין העדר! האט אויסגערופען האטטעראס אויסער זיך פאר פערדרוס, איהר וואלט געקענט געפינען א נאמען, וועלכער זאל ניט זיין אזוי בעליידיגענד פאר אן ענגלענדער, וויא וואשינגטאן.

— מיין הערר, האט געענטפערט אלטאמאן קאלטבלוטיג, איך האב ניט געקענט געפינען קיין נאמען, וועלכער זאל קלינגען אזוי אנגענעהם פאר אן אמעריקאנער, וויא וואשינגטאן.

— זייט דאך גערעכט, מיינע הערען, האט דער דאקטאר געזאגט. מיר מוזען שעצען יעדען גרויסען מענשען, ער מעג זיין ענגלענדער אדער אמעריקאנער. וואשינגטאן איז געוועזען א גרויסער מענש. מיר האבען זיך מיט זיין נאמען ניט צו שעהמען. לאז זיין וואשינגטאן. יעצט אבער מוזען מיר אפגעבען עהרע אונזער קאפיטאן און רופען....

— ניין, דאקטאר, האט האטטעראס געזאגט, איך וויל ניט, אז מיין נאמען זאל זיין אין א לאנד, וואס הייסט ניו־אמעריקא.

דער דאקטאר האט מעהר ניט דערמאנט דעם נאמען האטטעראס. ער האט געוואָלט אויסמיידען אונאננעהמליכקייטען.

— מיינע העררן, האט ער געזאגט, אונזער צווייטער אפיציער האט זעהר פיעל געטהאן פאר אונז. איך שלאג פאר, אז דאס אינזעל, וועלבע געפינט זיך אין דער מיט בוכטע, זאל הייסען דשאנסאן. איהר וועט געוויס ניט זיין דאגעגען, הערר אלטאמאן.

— הורארה פיר דשאנסאן! האט אלטאמאן געזאגט.

דשאנסאן איז געוואָרען רויט, וויא פייער. ער האט זיך קיין מאל ניט פאָרגעד־שטעלט, אז זיין נאמען זאל בלייבען אין דער געאָגראפיע.

— יענער בארג, וועלבען מיר זעהן אין מזרח זייט, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט, וואָלט געפאסט ער זעל הייסען מאָונט־בעלל, נאך אונזער גוטען און טרייען בעלל.

— דאקטאר! האט בעלל אויסגערופען, דאס איז צופיעל עהרע פאר מיר!

— עס איז גערעכטיגקייט, האט דער דאקטאר געזאגט.

— דאס איז שעהן! האט דשאנסאן געזאגט. יעצט וועלען מיר שוין געהן פון פולמאן־הויז צו דער וויקטאריא־בוכטע און פון דאָרט צו דער אינזעל דשאנסאן, מיר וועלען זיך אויסדרעהן צום קאפ־וואשינגטאָן. איך וועל זאגען צום דאקטאר: הערר דאקטאר, איך געה שפאציערען אויפ'ן מאָונט־בעלל, געגען אבענד וועל איך זיין צוריק אין „פולמאן־הויז". איך הייב יעצט אן צו פערשטעהן, וויא נייטיג א נאמען איז, וויא יעדע זאך מוז האבען א נאמען.

— יעצט מיינע פריינדע, האט דער דאקטאר זיך געווענדעט צו דער פערזאמלונג, יעצט מוזען מיר זיין איינינ און טראבטען, וויא צו דערגרייבען אונזער ציעל און פאהרען א היים. לאמיר האבען איין הארץ, איין געדאנק, איין געפיהל אין פינף מענשען. צאנקערייען, אונצופריעדענהייטען זיינען שטענדיג שלעכט, בעזאָנדערס אבער אין אונזער טרויעריגער לאגע. — איהר פערשטעהט מיך, אלטאמאן, איהר ווייסט, וואס איך מיין, האטטעראס.

קיינער האט ניט געענטפערט. טיפע שטילע האט געהערשט, ווען דער דאק־טאר האט געענדיגט זיין קורצע רעדע. ער האט געזעהן, אז עס האט געמאכט א שלעכטען איינדרוק. ער האט דאהער אנגעהויבען רעדען פון אנדערע זאכען, אז באלד קומט אן דער פריהלינג. עס וועלען קומען צופליעהען פיעלע פייגעל. עס וועלען זיך ווייזען האָזען, בערן און אנדערע טהיערע. מען מוז זעהן זיך אנגרייטען פריש פלייש.

20טעס קאפיטעל.

## אן עקסקורסיאָן קיין נאָרדען.

דעם אנדערן טאג איז דער דאקטאר אויפגעשטאנען גאנץ פריה און האט ארויפ־געקלעטערט אויף דעם פעלזען, לעבען וועלבען זייער הויז איז געשטאנען. ער האט געוואָלט איבערזעהן דיא געגענד ארום. — פון אזא הויך אָרט, האט ער זיך געטראבט, קען מען איבערזעהן א ווייטע שטרעקע. לאמיך זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דער געגענד ארום, ווען ער האט אזוי בעטראבט דיא געגענד ארום, איז איהם עפעס אריינגעפאלען אין קאָפּ און ער איז באלד אראָפּגעגאַנגען צו זיינע קאמעראדען.

— פריינדע, עס איז מיר איינגעפאלען צו מאכען א לייכט־טהורם אויפ׳ן פעלזען. מיר וועלען איהם אנצינדען און בעלייכטען דיא גאנצע געגענד. ביז אהער קענען מיר ארומגעהן נור ביי טאג; ווען מיר וועלען אבער האבען א לייכט־טהורם, וועלען מיר קענען ארומגעהן ביי נאכט אויך. מיר וועלען שטענדיג טרעפען דעם וועג א היים.

— וויא וועט איהר אבער מאכען א לייכט־טהורם? האט אלטאמאן געפרעגט, און מיט וואס וועט איהר איהם בעלייכטען? — דאס ערשטע איז א גרויסע לאנטערנע. וואו וועט איהר זיא נעהמען?

— פון דער „פארפאיז", האט דער דאקטאר געענטפערט רוהיג. מיר האבען דיא גרויסע לאנטערנע פון דער שיף ניט מיטגענומען, ווייל מיר האבען ניט געוואוסט, צו וואס זיא קען אונז נוצען. מיר קענען זיא ארויפשטעלען אויף א הויפען מיט אייז און זיא וועט בעלייכטען דיא געגענד.

— אבער מיט וואס וועט איהר זיא בעלייכטען? האט אלטאמאן געפרעגט. פישאייל ברענט זעהר דונקעל, מאכען גאז פון דיא קוילען, וואס מיר האבען, טארען מיר ניט. מיר מוזען זיין זעהר שפארזאם מיט דיא קוילען. אלזא, מיט וואס וועט איהר זיא בעלייכטען?

— מיט עלעקטריציטעט, האט דער דאקטאר געענטפערט גלייכגילטיג. אויף דער „פארפאיז" איז דא גענוג מאטעריאל צו מאכען אן עלעקטרישע באטערעע. דראהט איז אויך דא גענוג. אייער לאנדסמאן, הערר עדיסאן, וועט מיך ניט פערקלאגען אויף שאדענערזאץ (דעמעדשעס) ווען איך וועל בענוצען זיין פאטענט און מאכען אן עדיסאנס לאמפע.

— בראוואָ, דאקטאר! האט אויסגערופען דשאנסאן און האט געטאנצט פאר פרייד. איך בין זיכער, אז מיר וועלען האבען א גרויסארטיגען לייכט־טהורם (מאיאק).

אלטאמאן האט זיך געפיהלט געשמייכעלט, וואס דער דאקטאר האט דערמאנט דעם אמעריקאנער, עדיסאן.

— מיט מיין לאנדסמאן, וועל איך מיך שוין אויסגלייכען, האט ער געזאגט. ער האט א פאטענט אויף זיינע לאמפען נור אין אלט־אמעריקא, אבער ניט אין נייע־אמעריקא.

דער דאקטאר האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט און אין דרייא שטונדען ארום איז אלעס געווען פערטיג. בעלל האט אויסגעהאקט פיערעקיגע שטיקער אייז, און האט פון זיי געמאכט א זייל צעה, פוס דיא הויך. אויף דיעזען זייל האט דער דאקטאר ארויפגעשטעלט דיא גרויסע לאנטערנע פון דער „פארפאיז". פון דער לאנטערנע האט ער געצויגען צווייא דראטהען ביז אין שטוב אריין, דארט האט ער זיי פעראייניגט מיט דער עלעקטרישער באטערעע און דער לייכט־טהורם איז געווען פערטיג.

ער האט קוים דערלעבט, עס זאל פינסטער ווערן אום צו זעהן, וויא אזוי זיין באטערעע וועט ווירקען. וויא גרוס איז געווען זייער פרייד, ווען עס איז פינסטער געווארען און דער דאקטאר האט אנגעשטעלט זיין באטערעע. א שעהנעס, העלעס, קלארעס, עלעקטרישעס ליכט האט בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד ארום. דא האבען זיי זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און אלע האבען אויסגערופען מיט איין מאל:

— דאקטאר! איהר האט א גוטען קאפ! איהר זייט א זשעני!

— ניין, פריינדע, האט דער דאקטאר געענטפערט בעשיידען. איך בין א מענש גלייך, וויא איהר. איך האב נור עטוואס מעהר געלעזען פון אייך, עטוואס מעהר געלערענט פון אייך.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה, זיינען זיי ארויסגעגאנגען אויף דער יאגד. עס איז געוועזן שטארק קאלט. דיא גאנצע געגענד ארום איז געווען בעדעקט מיט אייז און שנעע. דיא בוכטע וויקטאריא איז נאך געווען שטארק פערפראָרען, מען האט אבער אין איינינע ערטער געפונען לעכער אין אייז. דאס האבען געמאכט דיא זעע הינט. זיי מוזען אטהעמען און ברעכען דורך דאס אייז מיט זייערע קעפּ אום צו אטהעמען פרישע לופט. ביז אהער פלעגען דיא לעכער זיין זעלטען. יעצט האט מען זיי געטראָפען גאנץ אָפט. דאס איז א בעוויז, אז עס זיינען פון ערגעץ אנגעקומען זעע הינט. זיי פיהלען, אז דער זומער קומט אן און זיי וועלען דא אין דער בוכטע זיכער זיין פון זייערע פערפאָלגער דיא מענשען.

— מיר וועלען קענען פאנגען זעהר פיעל זעע הינט, האט דער דאקטאר געזאגט. זיי האבען נאך קיין מאל קיין מענשען ניט געזעהן און האבען פאר איהם קיין מורא ניט. אין דיא געגענדען, וואו עס קומען אָפט מענשען זיי חאפּען, זיינען זיי געוואָרען זעהר פאָרזיכטיג. זיי האבען דערקענט, אז דער מענש איז זייער טאָדט־פיינד.

— צו וואס פאנגט מען זיי? האט דשאנסאן געפרעגט.

זייט ער איז מעהר בעקאנט געווארען מיט'ן דאקטאר, האט זיך אין איהם דערוועקט דיא לוסט צו לערנען און צו וויסען.

— דיא אייראפּעער פאנגען דיא זעע הינט אום צו בעקומען זעע פּעל, וועלכע האט אין אייראפּא און אמעריקא א גרויסען ווערטה. אן אמעריקאנער ליידי וועט פערקויפען איהר לעצטעס שטיק מעבעל פון שטוב אום צו קויפען א דשעקעט פון „סילסקין“.—דיא עסקימאָסען פאנגען דיא זעע הינט אום זיי צו עסען. א שטיק פלייש פון א זעע הונד, איינגעטונקט אין פישטראָהן און בלוט, איז ביים עסקימאָס א דעליקאטעסע. דאס בעסטע עסען, וואס עס קען נור זיין אויף דער וועלט.

— איך האב פּראָבירט עסען דאס פלייש פון א זעע הונד און האב דערנאך געבראָכען מיט דער גרינער גאַל האט דשאנסאן געזאגט.

— יא פריינד, מען מוז האבען א מאָגען פון אן עסקימאָס אום צו עסען זעע הונד פלייש. ווייסט דוא, וויא פיעל אן עסקימאָס קען אויפעסען א טאג? — צעהן ביז פונפצעהן פונט פלייש. זייער מאגען קען זיך אויסציעהען, ווען זיי ווילען און זיך צוזאמען ציעהען, ווען זיי ווילען. ווען זיי האבען ניט וואס צו פרעסען, קענען זיי פאסטען עטליכע טעג בסדר און עס הארט זיי ניט. זיי ווערן נור גאנץ דין. דער מאגען ציעהט זיך צונויף, גלייך וויא ער וואָלט געוועזן פון קויטשוק. ווען ער זעצט זיך פרעסען און לעגט אריין אין בויך פונפצעהן פונט פלייש מיט א פּאָר פונט פישטראָהן, ווערט ער גראָב און קייליכדיג, אז עס איז איהם שווער צו דערקענען, אז דאס איז דער זעלבער דינער עסקימאָס, וויא ער איז געוועזן פארן עסען.

— איז עס נור אין דיא קאלטע געגענדען, וואס דיא מענשען זיינען אזעלכע פרעסער? האט דשאנסאן געפרעגט. אדער זיינען אלע ווילדע מענשען גרויסע פרעסער?

איך האב געהערט, אז דיא ווילדע נעגער אין אפריקא עסען אויך זעהר פיעל.

— אלע ווילדע מענשען פרעסען זעהר פיעל, האט דער דאקטאר געענטפערט. עס איז אבער א גרויסער אונטערשיעד צווישען דיא הייסע און דיא קאלטע לענדער. אין דיא הייסע לענדער קען זיך דער מענש בעגניגען מיט ווייניג. דער ענגלענדער, וואס וואוינט אין אינדיען עסט זעהר ווייניג און זעהר זעלטען פלייש. אין דיא קאלטע לענדער אבער מ ו ז דער מענש עסען זעהר פיעל פלייש און פעטס, אנדערש קען ער ניט לעבען. דער ענגלישער סאלדאט בעקומט צוויי פונט פלייש א טאג און איז זאט, דער ארבייטער ביי דער הודזאן קאמפאני בעקומט 8 פונט פלייש א טאג, אדער 12 פונט פיש, אדער 2 פונט פעמיקאם און בלייבט דערביי א מאל הונגעריג.

— איך שטעל מיר פאר, וויא אזוי א מענש קען דערנאך ארבייטען, ווען ער עסט אויף אכט פונט פלייש א טאג.

— האסט א טעות, ליעבער דשאנסאן. דער ארבייטער פון דער הודזאן־ביי קאמפאני ארבייט ניט מעהר, וויא אן אנדער ארבייטער אין לאנדאן. ער ווערט ניט שטארקער דערפון, וואס ער עסט פיעל פלייש, ווייל אין דיא קאלטע געגענדען מוז דער מענש עסען פיעל פלייש, זאנסט קען ער ניט לעבען. בעמערקענסווירדיג איז נור דער עסקימאס אין דיעזער בעציעהונג, וואס ער עסט שוין גאר צו פיעל. דער קאפיטאן דשאן ראסס דערצעהלט, אז ער איז געוועזען העכסט איבערראשט צו זעהן, וויא צוויי עסקימאסען, א מאן מיט א פרוי האבען אויף איין מאל אויפגעגעסען א פערטעל פון א בופעלאקס. זיי האבען צושניטען דאס פלייש אויף לאנגע פאסען, האבען זיך אניעדערגעלעגט אויף דער ערד און האבען עס אויפגעגעסען. ענטוועדער יעדער האט גענומען א פאס פלייש פאר זיך אדער ביידע האבען גענומען א י י ן פאס און יעדער האט איהם געשלונגען פון זיין זייט, ביז זייערע מיילער האבען זיך בעריהרט.

— פעה! דיא ווילדע מענשען! אבשייליך! האט דשאנסאן אויסגערופען.

— ליעבער פריינד, דוא דארפסט אויף זיי ניט ברוגז זיין, האט דער דאקטאר געזאגט. יעדער מעג זיך עסען זיין מיטאג, וויא ער וויל. — אבער וואס איז דאס? האט ער פלוצלונג אויסגערופען און האט געוויזען אויף א שווארצע זאך, וועלכעס האט זיך בעוועגט צו ווישען אייז. דאס איז א זעע הונד.

— ניין, דאס איז א וואלראס, האט דשאנסאן געענטפערט.

א וואלראס איז אויך א מין זעע הונד, ער איז אבער פיעל גרעסער פון איהם און פון מויל שטעקען איהם ארויס צוויי לאנגע צעהנער, וויא ביי אן עלעפאנט. דיעזע צעהנער ווערן זעהר געשעצט פון דיא אייראפעער. זיי זיינען אזוי גוט, וויא עלפענביין און מען מאכט פון זיי פיעל טהייערע זאכען, וויא הענטעלעך צו שטעקענס, פאכערס, קוגעלן פון א ביליארד, פיגורען פון שאך, קליינע נאטיץ־ביכלעך און אנדערע לוקסוס ארטיקעל. כמעט אלע ארטיקלען פון עלפען־ביין, וואס ווערן פערקויפט אין דיא מאגאזינען, זיינען געמאכט נור פון דיא צעהנער פון וואלראס.

לאנגזאם און פארזיכטיג זיינען אונזערע יעגער צוגעקראכען צום וואלראס און האבען אויף איהם אויסגעשאסען. דער וואלראס האט זיך איבערגעקעהרט און איז גע־בליעבען טויט. זיי האבען איהם געטראפען אין קאפ. זיי זיינען צוגעגאנגען און האבען

איהם בעטראכט. דאס איז געווען א גראָסאַרטיגעס טהיער. ער איז געווען פונפצען פוס דיא לענג און האט געוואויגען עטליכע הונדערט פונט. יעצט האט זיך געשטעלט דיא פראגע: וויא אזוי זאלען זיי איהם ברענגען א היים?

עס איז ביי זיי געבליעבען, זיי זאלען אויסשניידען פון איהם נור דיא טהיילע פון זיין קערפּער, וועלכע מען קען עסען און זאָלען עס מיטנעהמען א היים. דעם רעסט זאלען זיי לאָזען אויף מאָרגען ווען אלע פינף וועלען קומען און איהם צו נעהמען, ווען דיא ווייסע בערן וועלען איהם ניט אויפפרעסען ביי נאַכט.

אונטערדעסען איז געוואָרען פינסטער. מען האט געמוזט געהן א היים. דא האט זיך אנגעהויבען א שווייעריגקייט. זיי זיינען אזוי פערקראָכען צווישען דיא אייז־פעלזען, אז זיי האבען פערלאָרען דעם וועג און האבען ניט געוואוסט וואוהין צו געהן. דשאנסאָן האט שוין געוואָלט מאכען א שטיבעלע פון שנעע און דא איבערנעכטיגען. דער דאקטאר אבער איז ארויפגעקלעטערט אויף אן אייזבערג, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט אויסגערופען:

— אונזער לייכט־טהורם! אט איז אונזער לייכט־טהורם! יעצט ווייס איך שוין, וויא אזוי צו געהן א היים!

אין א פּאָר שטונדען ארום זיינען זיי געווען אין דער היים, וואו זייערע קאמעראדען האבען אויף זיי געווארט מיט אונגעדולד. זיי זיינען געווען העכסט ענטציקט צו געפינען א ווארעמע שטוב מיט א הייסען אויווען. אין דרויסען איז דיא קעלט געווען שרעקליך.

דער דאקטאר האט פון זיך אראָפּגעוואָרפען זיינע יעגער קליידער און איז געוואָרען א קאָך. ער האט געקאָכט און געבראטען שטיקער פלייש פון׳ם וואלראָס. באלד איז געשטאנען א גרויסארטיגער סאפער אופ׳ן טיש און אלע פינף האבען זיך גענומען צום עסען.

— איהר מעגט מיך האלטען פאר אן עסקימאָס, האט דשאנסאן געזאגט, איך געפין דאָך, אז עסען איז זעהר א גוטע זאך, בעזאָנדערס אין דיעזע געגענדען. אין אזא שרעקליכער קעלט, וויא מיר האבען יעצט אין דרויסען, מוז דער בויך זיין אנגעשטאָפּט מיט שמאַלץ.

אלע זיינען געווען מיט איהם איינפערשטאנען. אלע זיינען געווען אזוי בעשעפטיגט מיט׳ן עסען, אז קיינער האט איהם קיין וואָרט ניט געענטפערט. נאכ׳ן עסען האט דער דאקטאר אויפגעגעבען קאפע. זיך האט ער גענומען צום לעצטען. זיין קאפע איז געווען נור וואס פון פייער און שרעקליך הייס. ווען ער האט געוואָלט צולעגען דיא ליפען צום קאפע, האט אלטאמאן איהם געזאגט:

— דאקטאר! איהר וועט זיך אָפּבריהען, אייער קאפע איז צו הייס.

— איך? קיין מאל ניט! האט דער דאקטאר געלאַכט און האט געזופט דעם קאָכעדיגען קאפע.

— אייער מויל, דאקטאר, איז אויסגעפלאסטערט מיט קופער, האט דשאנסאן געלאַכט, ווען איהר קענט טרינקען אזא הייסען קאפע.

— איך האב א מויל, וויא אלע מענשען, האט דער דאקטאר געזאגט ערנסט. עס זיינען דא מענשען, און איך בין איינער פון זיי, וועלכע קענען טרינקען וואסער, וואס האלט 131 גראד היץ.

— 131 גראד היץ? האט זיך אלטאמאן געוואונדערט, דיא האנד פון׳ם מענשען קען דאך אזא היץ ניט אויסהאלטען?

— איהר האט רעכט, אלטאמאן, דיא האנד קען ניט אויסהאלטען מעהר וויא 122 גראד היץ. דיא צונג און דער גומען אבער זיינען שטארקער און קענען אויסהאלטען א גרעסערע היץ.

— איך זאג אייך דיא וואהרהייט, דאקטאר, איך גלויב אייך ניט, האט אלטאמאן געזאגט.

— איך וועל עס אייך באלד בעווייזען, האט דער דאקטאר געענטפערט.

ער האט גענומען זיין שאל קאפע, האט עס צוגעשטעלט צום פייער און האט אריינגעשטעלט אין׳ם קאפע א טהערמאמעטער. ווען דער טהערמאמעטער האט געוויזען 131 גראד, האט ער גענומען דיא שאל און האט זיא אויסגעטרונקען גאנץ רוהיג. בעלל האט איהם געוואלט נאכטהאן און האט זיך אפגעבריהט דיא צונג.

— דוא ביסט ניט געוואוינט דערצו, בעלל, האט דער דאקטאר געזאגט. מען מוז ביסלעכווייס זיך געוועהנען צו טרינקען הייסעס.

— איהר האט מיך פעראינטערעסירט, דאקטאר, מיט אייערע ערקלערונגען, האט אלטאמאן געזאגט. קענט איהר מיר זאגען, וועלכע איז דיא העכסטע טעמפעראטור, וואס דער מענשליכער קערפער קען אויסהאלטען?

— איך קען עס אייך זאגען. דיא וויסענשאפט, אדער ריכטיגער געזאגט, דיא געלערנטע האבען געמאכט פיעלע פראבען אין דיזער בעציעהונג. אין דער שטאדט ראשפוקא, אין פראנקרייך, זיינען געווען צווייא דיענסטמעדכען, וועלכע פלעגען קענען אוועקשטעהן צעהן מינוט אין א בעקער אויווען, ווען ער איז געווען אזוי הייס, אז ער האט געהאט א טעמפעראטור פון 300 גראד היץ און קארטאפעל און פלייש האבען זיך געקאכט און געבראטען אין אויוען. דיא מעדכען זיינען זיך גאנץ רוהיג געשטאנען און עס האט זיי גאר ניט געשאדעט.

— וואס פאר א גיהנם קען מען שוין אויסטראכטען פאר א זעלכע מעדכען? האט אלטאמאן געשפאסט.

— עס זיינען דא נאך אנדערער ביישפיעלע פון אונזערע ענגלענדער, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט. לארד סיפארד, קאפיטאן פיליפס, יום, בענקס און סאלענדער זיינען געשטאנען אין אן אויווען, וואו דיא טעמפעראטור האט געהאלטען 200 גראד און עס האט זיי ניט געשאדעט. איך וויים נאך פון א זאנדערבארען פאקט. איך וואלט איהם ניט געגלויבט, ווען עס זאל איהם ניט בעשריעבען א געלערנטער, וועלכען מען מעג גלויבען. דער פירסט פון ראגוזא און דאקטאר יונג,ביידע מיטגליעדער פון דער עסטערייכישער געזאנדשאפט אין קאנסטאנטינאפאל, האבען געזעהן, א טערק, וועלכער איז אריינגעשפרונגען אין א וואנע פון 170 גראד היץ.

— 170 גראד היץ איז דאך קיין וואונדער ניט? האט אלטאמאן געפרעגט, ווען

דיא מערכען אין ראָשפוקאָ האבען אויסגעהאַלטען 300 גראד היץ.

— איהר האט א טעות, פריינד אלטאמאן, עס איז א גרויסער אונטערשיעד צווישען הייסע לופט און הייסע וואסער. איך האב אייך דערצעהלט, אז דיא מערכען זיינען געשטאנען אין אן אויווען, וואו עס איז געווען 300 גראד היץ. אלזא, איז דאָרט דיא לופט געווען הייס. ווען דיא לופט איז הייס, שוויצט דער מענש. דער שוויים שיצט איהם פאר דיא היץ. הייסעס וואסער אבער בריהט דעם קערפער. געהט אין א רוסי־שעם שוויצבאד, דאָרט טרעפט איהר זעהר אָפט א טעמפעראטור פון 180 ביז 200 גראד אויף דער אויבערשטער באנק און מענשען ערטראגען עס גאנץ רוהיג. דיזעלבע מענשען, וועלען ניט איבערטראגען קיין וואסער פון 125 גראד היץ. דיא העכסטע טעמ־פעראטור פון א וואנע איז 107 גראד; ווען זיא איז הייסער, בריהט זיא שוין. דער טערק, וועלכען דאקטאר יונג האט געזעהן זיך אריינוואַרפען אין א וואנע פון 170 גראד היץ, איז געווים געווען א זאָנדערבארער קערל.

— וואס פאר א טעמפעראטור האט דער קערפער פון מענשען און פון חיות? האט דשאנסאן געפרעגט.

— דיא טעמפעראטור פון׳ם קערפער פון חיות און מענשען איז זעהר פערשיעדען, האט דער דאקטאר געענטפערט. דער קערפער פון פייגעל האט דיא העכסטע טעמפע־ראטור, בעזאָנדערס דייא הוהן און דיא ענטע. דאן קומען דיא חיות און צו לעצט דער מענש. דיא געוועהנליכע טעמפעראטור פון׳ם מענשליכען קערפער, זאָפיעל איך וויים ביי אונז ענגלענדער, איז 101 גראד. ווען דער מענש איז קראנק, ווערט דיא טעמפעראטור העבער. מעהר פון 105 גראד קען דער מענש ניט אויסהאלטען, ער שטארבט.

— הערר אלטאמאן וועט געווים זאגען, אז דיא אמעריקאנער האבען א העבערע טעמפעראטור פון דיא ענגלענדער, האט דשאנסאן געשפאסט.

— איך וואָלט עס געווים געזאגט, האט אלטאמאן געענטפערט. לייד‏ער, האב איך קיין מאל ניט פראָבירט אונטער צוזוכען מיינע לאַנדסלייטע מיט א טהערמאָמעטער.

— עס איז קיין אונטערשיעד אין דער טעמפעראטור צווישען דיא מענשען, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט. דער נעגער אין הייסען אפריקא האט דיא זעלבע טעמ־פעראטור, וואס דער עסקימאָס פון׳ם קאלטען נאָרד־פּאָל. דער עלעפאנט, דאס פערד, דער האָז און דער טיגער האבען דיזעלבע טעמפעראטור, וואס דער מענש. דער אָקס, דער הונד, דיא קאץ און דיא ציעג האבען א טעמפעראטור פון 103 גראד. דער שוויין האט א טעמפעראטור פון 104 גראד. דאן קומען דיא שלאנג, וועלכע האבען א טעמ־פעראטור פון 86 גראד. דיא פיש האבען א טעמפעראטור פון 70 גראד.

— איך פערשטעה ניט, וואס איהר טהוט, מיינע העררן, האט געזאגט קאפיטאן האטטעראס, וועלכער האט ביז אהער גישוויעגען. וואס רעדט איהר פון היץ? ווילען מיר דען פאהרען קיין אפריקא? מיר זיינען דאך אין א קאלטער געגענד, דארפען מיר רעדען פון קעלט, ניט פון היץ. דערצעהלט אונז בעסער עפּעס פון קעלט, דאקטאר. דאס קען אונז ניבער צוניץ קומען.

— אין דיעזער בעציעהונג קאַן איך אייך נור דערצעהלען פון קאלטע ווינטערן, האט דער דאקטאר געזאגט. אין 1408 איז דיא דאָנוי אין גאנצען פערפראָרען געוואָרען.

אין 1509 איז דאס מיטעללענדישע מעער פערפראָרען געוואָרען ביי ווענעדיג און מארסייל. דאס באלטישע מעער איז געווען שטארק פערפראָרען נאך דעם 10טען אפריל. אין 1608 איז דיא טעמזע פערפראָרען געוואָרען. דער ווינטער פון 1813 איז געווען איינער פון דיא קאלטעסטע און שטרענגסטע. עס איז גאר קיין וואונדער, וואס נאפאלעאָן'ס ארמעע איז אויסגעפראָרען געוואָרען אין רוסלאנד. א לאנגער און שרעקליך קאלטער ווינטער איז געווען אין 1829.

— איך וואָלט געוואָלט וויסען, וויא שטרענג איז דיא קעלט דא ארום נאָרד־פּאָל — האט אלטאמאן געזאגט.

— דיא רייזענדע אויפ'ן אייז־מעער, האט דער דאקטאר געענטפערט, האבען אויפגעצייכענט א טעמפעראטור פון 61 גראד קעלט אין מעלוויל'ס־לאנד, 85 גראד קעלט אין פאָרט פעליקס און 70 גראד קעלט אין פאָרט רעליאנס. מיר אליין האבען אויסגעהאלטען א טעמפעראטור פון 73 גראד קעלט.

— דאס איז געווען אונזער אונגליק, האט האטטעראס געזאגט. דער היינטיגער ווינטער איז בעזאָנדערס קאלט אין דיעזע געגענדען, דערפאר האבען מיר ניט געקענט דערגרייכען אונזער ציעל.

— אבער, מיינע הערדן! האט אויסגערופען דער דאקטאר, איהר שעפּט דאך מיך אויס! איהר פאָרשט אויס ביי מיר אלע מיינע קענטניסע. וואס וועט מיר בלייבען? — גענוג! מעהר זאג איך אייך ניט. לאמיר געהן שלאָפען.

21טעם קאפּיטעל.

## פריהלינג לעבען נאָרד־פּאָל.

וואָינען לעבען נאָרד־פּאָל איז קיין גרויס פערגניגען. עס איז געווען איז דער מינז פון'ם מאָנאט אפּריל און דענאך איז דאָרט געווען אזוי קאלט, אז קוועקזילבער איז פערפראָרען געוואָרען. דעם אנדערן טאג נאך דיא יאגד פון'ם דאקטאר מיט דשאנסאן האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער ווינד און עס איז געוואָרען א שרעקליכער שנעעשטורם (זאווערובא), וועלכער האט געדויערט עטליכע טעג. עס איז געווען אונמעגליך ארויסצוגעהן אין דרויסען. אונזערע רייזענדע האבען אנגעהויבען זיך צו לאנגווייליען. זיי האבען זיך ניט געקענט נעהמען צו קיין שום ארבייט, זיי האבען ניט געהאט קיין שום בעשעפטיגונגען. עסען, טרינקען און שלאָפען ווערט דאך ענדליך נמאס. קיינער אבער האט ניט געפיהלט אזוי שטארק דיא לאנגווייליע, וויא דער דאקטאר. ער האט זיך געמאכט פּלאנען: ער וועט געהן, ער וועט זוכען, ער וועט גראבען, ער וועט לערנען און פּלוצלונג — מוז ער זיצען פערשפּאַרט אין פיער ווענט. שוין דעם אנדערן טאג האט ער זיך אזוי געלאנגווייליט, אז ער האט אויסגערופען:

— ניין! אזוי טויג ניט! זיצען דורך דיא טעג מיט דיא הענד אין דיא קעשינעס און קוקען איינער אויפ'ן אנדערן איז קיין פלאן ניט. מיר מוזען זיך זוכען א בעשעפטיגונג.

— וואס זאלען מיר אבער טהאן? האט אלטאמאן געפרעגט.

— לאמיר ארויסגעבען א צייטונג, האט דער דאקטאר געזאגט. ווען דער קאפּיטאן פּאררי האט אין 1828 איבערגעווינטערט אין דיעזע געגענדען, האט ער אויף זיין שיף

ארויסגעגעבען א צייטונג מיט'ן נאמען „דיא ווינטער צייטונג“. דיא אפיציערען זיינען געווען דיא רעדאקטאָרען פון דער צייטונג און דיא מאטראזען האבען זיא געלעזען.

— איהר האט באלד רעכט, האט אלטאמאן געזאגט. מיר קענען ארויסגעבען א צייטונג. מיר דארפען ניט קיין זעצערס, קיין שריפט און קיין דרוק. מיר זיינען פינף מענשען, פאר אונז וועט גענוג זיין א י י ן נומער, וועלכע מיר וועלען אנשרייבען. צוואר וועט עס זיין א זאָנדערבארע צייטונג, דיא איינציגע אין דער גאנצער וועלט, וועלכע ווערט ניט געדרוקט און ניט געלעזען, אבער א צייטונג וועט עס דאך זיין. עס בלייבט אונז נור צו בעשליעסען, וויא זיא זאל הייסען.

— מען קען זיא רופען: „דער פראָסט“, „דאס אייז־מעער“, „דיא פארפראָרענע“, „דיא פערשנייטע“, אדער „דיא שנעע־צייטונג“, האט דשאנסאן געזאגט.

— בראוואָ דשאנסאן! האט דער דאקטאר אויסגערופען. איך בין זיכער, אז דוא וועסט אונז אויך אנשרייבען א פאר ארטיקעל פאר אונזער צייטונג. קאפיטאן פאררי שרייבט אין זיין טאגעבוך:

„קוים האט מען געמעלדעט דיא מאטראָזען, אז מען וועט ארויסגעבען א צייטונג, „זיינען זיי אלע לעבעדיג געוואָרען. זיי האבען זיך אזוי פעראינטערעסירט, אז יעדער, וואס „האט נור געקענט אנשרייבען א פאר ווערטער, האט געזוכט צו בעקומען טינט און „פעדער און האט פראָבירט צו שרייבען אן ארטיקעל פאר דיא צייטונג. עס זיינען „פאָרגעקומען אזעלכע קאָמישע ארטיקעל, אז מען האט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען „פאר געלעכטער. פאפיער איז אזוי געשטיעגען אין פרייז, אז מען האט געצאהלט דריי „פענס א בויגען פאפיער. טינט און פעדערן זיינען אויך שטארק טהייער געוואָרען. „דאמאלס פלעגט מען שרייבען מיט גענזענע פעדערן און עס האט זיך אנגעהויבען אן „ארבייט צופערשניצען פעדערן. איין מאַטראָז פלעגט אויסבאָרגען ביים אנדערן א פעדער „און ווען ער פלעגט ניט קריגען צו באָרגען, פלעגט ער קויפען. יעדער האט געוואָלט, „אז זיין נאמען זאל זיין אין דער צייטונג“.

גאנצע צוויי מאנאטע האט קאפיטאן פאררי בעשעפטיגט זיינע מענשען מיט דער צייטונג. ער האט זיי דאדורך געראטעוועט פון דער ערנסטען קראנקהייט אויף דער וועלט— דיא לאַנגווייליגע. ווען דאס פיעבער פון דער צייטונג איז פאָראיבער געגאנגען און דיא מאטראזען האבען צוביסלעכווייס אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירען אין איהר. האט ער אויסגעזוכט פון זייערטוועגען אנאנדערע בעשעפטיגונג. ער האט פעראנשטאלטעט א טהעאטער.

— קיין טהעאטער קענען מיר ניט פעראנשטאלטען, האט דשאנסאן געזאגט, וויי'ל מיר האבען ניט קיין פובליקום. קאפיטאן פאררי האט געהאט אכט און דרייסיג מאַן מיט זיך. אייניגע האבען געשפיעלט טהעאטער און דיא איבעריגע זיינען געווען צו־שויער. מיר אבער זיינען נור פינף מענשען און וועלען גאר קיין פובליקום ניט האבען. איך רעד שוין ניט דערפון, אז דער אונטערנעהמער פון'ם טהעאטער וועט מאכען א שלעכט געשעפט, דאס איז געוויס. דיא אקטערע אליין וועלען זיך אבער לאַנגווייליגען, ווען קיינער וועט זיי ניט הערען.

— אלזא, בלייבט עס, מיר גיעבען ארויס א צייטונג, האט דער דאקטאר געזאגט.

יעדער זאל שרייבען א בעזונדערן ארטיקעל פאר זיך, דערנאך וועלען מיר אלע ארטיקעל צוזאמען שטעלען און מיר וועלען זיי פארלעזען.

— מיך, דאקטאר, בעפרייט פון אזא ארבייט, האט בעלל געזאגט. איך האב קיין מאל ניט געשריעבען אין קיין צייטונג. איך בין א גרעסערער בריה מיט דער האק אלס מיט דער פעדער. איך וועל זיין איין איינציגער לעזער.

עס איז געבליעבען, אז בעללין זאל מען בעפרייען פון ארטיקלען שרייבען. דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז ערשיענען דיא ערשטע נומער פון דער צייטונג. דער ערשטער ארטיקעל האט געהייסען:

„ווינטער פערגעניגען אין דער געגענד פון נארד־פאל".

„מען געהט ארויס אין דער פריה מיט א גוטען פאררואטה (זאפאס) פון פריש ברויט און ווען מען ווערט מיעד און מען זעצט זיך עסען, געפינט מען, אז דאס ברויט איז אזוי פערפראָרען, אז מען קען עס מיט קיין האק ניט צוהאקען.

„מען קומט א היים מיעד און מאט און מען זעצט זיך טרינקען א ווארעמע גלאז טהעע. פלוצלונג הערט מען דיא טריט פון א בער אין דרויסען. מען חאפט דיא ביקס און מען לויפט ארויס. דער בער האט זיך דערשראָקען און איז אנטלאָפען. ווען מען קומט צוריק, געפינט מען אנשטאט דעם ווארעמען טהעע א קאלט שטיקעל אייז אין גלאָז".

„מען געהט ארויס שפאציערען. דאס וועטער איז שעהן. מען געהט פערטראכט. מען קוקט זיך אום און מען זעהט — א גרויסער בער שטעהט לעבען אייך אויף דיא הינטערסטע פיס.

דיעזען ארטיקעל האט דשאנסאן געשריעבען. דער דאקטאר האט געשריעבען א וויסענשאפטליכען ארטיקעל, אלטאמאן — א רייזע בעשרייבונג און קאפיטאן האט־טעראס האט אנגעשריעבען אן ארטיקעל איבערן נארד־פאל.

דער שנעע־שטורם האט געדויערט גאנצע אכט טאג, אין וועלכע עס איז געווען אונמעגליך ארויסצוגעהן אויף א מינוט אין דרויסען. דעם 26טען אפריל איז געווען אזא שטארקע קעלט, אז אלע האבען געמוזט זיצען ארום אויווען און ווארעמען זיך. דעם אנדערן טאג האט דער שנעע־שטורם אויפגעהערט. יעצט האט זיך אנגעהויבען א נייע ארבייט. מען האט געמוזט אוועקשאררען דעם שנעע, זאנסט איז געווען אונמעגליך ארויסצוגעהן פון הויז. אין דיעזע אכט טאג איז אנגעפאלען אזוי פיעל שנעע, אז דער פעלזען, לעבען וועלכען דאס הויז איז געשטאנען און זייער הויז זיינען געווען א ײ ן בארג שנעע. אלע פינף האבען געארבייט א גאנצען טאג זעהר שווער, איידער זיי האבען אויסגעשניטען א וועג אין שנעע און אביסעל אראָפגעשארט דעם שנעע פון'ם דאך. אזא גרויסע משא שנעע האט געקענט איינברעכען דעם דאך פון זייער הויז. אין דיעזע אכט טאג האט זיך ביי זיי אויסגעלאָזען דאס פרישע פלייש און דער דאקטאר האט מורא געהאט, זיי זאלען ניט בעקומען דעם סקארבוט. ער האט זיי דאהער אויפגעפאָדערט, אז דעם אנדערן טאג זאלען זיי אלע געהן אויף דער יאגד, זוכען ערגעץ פריש פלייש.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען אלע ארויסגעגאנגען אויף דער יאגד. דיא גאנצע געגענד ארום, וויא וויט דאס אויג האט נור געקענט זעהן, איז געווען בעדעקט מיט א טיעפען שנעע. קוים זיינען זיי אבער אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט טריט פון

"פולמאן־הויז", האבען זיי דערזעהן אויפ'ן שנעע דיא טריט פון בערן. אייניגע מינוטען האבען זיי בעטראַכט דיא שפורען שווייגענד, דאן האט דער דאקטאר געזאגט:

— עס איז דייטליך גענוג, אז דאס זיינען שפורען פון בערן. אלזא, לאמיר זיי אויפזוכען און זיך אנגרייטען פריש פלייש. זייט איך בין אויפ'ן אייז־מעער, האב איך ליעב בעקומען בערן־פלייש.

— יא, פריינד, האט אלטאמאן געזאגט, בערן־פלייש איז געוויס ניט שלעכט, נור איין זאַך טויג ניט. עס איז צופיעל דא.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך מיין, אז נאך דיא טריט אויפ'ן שנעע קען מען זעהן, אז דא זיינען גע־נאַנגען פינף בערן. קוקט אייך צו, וועט איהר זעהן, אז איך האב רעכט. פינף בערן אויף פינף מענשען איז צופיעל. עס האט אַכט טאג געשנעעט. אין דער גאַנצער צייט האבען זיי ניט געהאט וואס צו עסען און זיינען שרעקליך הונגעריג, דאס הייסט זעהר געפעהרליך.

— מיר שיינט, האט דשאנכאן געזאגט, אז ניט מיר מאכען יאגד אויף דיא בערן, זאָנדערן דיא בערן מאַכען יאגד אויף אונז. זיי האבען דערשמעקט אונזער וואוינונג און וועלען אויף אונז אנפאלען.

— פון וואַנען נעהמסט דוא דאס, דשאנסאן? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— קוקט אייך גוט צו זייערע טריט, וועט איהר זעהן, אז זיי זיינען ארומגעגאַנגען ארום "פולמאַן'ס־הויז". זיי האבען געמאַכט א וויזיט צו דער "פארפאיז" און האבען דאָרט ניט געטראָפען, וואס זיי האבען בעדארפט, זיינען זיי געגאַנגען ווייטער צו "פולמאן־הויז".

— אבער פארוואס זיינען זיי ניט אנגעפאלען אויף אונז? האט בעלל געפרעגט.

דער דאקטאר האט דאך אונז דערצעהלט, אז דיא ווייסע בערן האבען א שטאַרקען חוש הריח און זיינען זעהר קלוג, פאסט קליגער פון אלע אנדערע חיות. וויא קומט עס, וואס זיי האבען אונז צו רוה געלאזען?

— דאס ווייס איך ניט, האט דער דאקטאר געענטפערט. אלענפאלס, מוזען מיר זיין זעהר פאַרזיכטיג. מיר מוזען זיך איבערצייגען, וואס זיי דענקען צו טהאָן.

— וויא אזוי וועט איהר זיך איבערצייגען? האט אלטאמאן גרפרעגט.

— גאַנץ איינפאך, מיר וועלען פערשאררען זייערע טריט אין שנעע. מאָרגען וועלען מיר זעהן. ווען מיר וועלען ווייטער געפינען טריט, איז דאס דער בעסטער בעוויז, אז זיי היטען אונז אָפּ און וועלען ניט אפטרעטען, ביז מיר וועלען זיי טייטען, אדער זיי וועלען אונז אויפפרעסען. איך האב זעהר פיעל געלעזען איבער דיא ווייסע בערן און ווייס, אז קוים דערשמעקען זיי עפּעס, וואס זיי קענען עסען, וועלען זיי שוין ניט אָפּטרעטען, ביז זיי בעקומען עס.

זיי האבען פערשאררט אלע שפורען פון דיא בערן, זיינען ארומגעגאַנגען נאך אייניגע צייט, האבען גאר ניט געפונען און האבען זיך אומגעקעהרט א היים דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעגאַנגען און האבען געפונען וויעדער שפורען פון בערן טריט, אבער פיעל נעהנטער צו זייער הויז.

— עס איז דייטליך, האט אלטאמאן געזאגט, אז דיא בערן האבען בעשלאָססען אונז צו בעלאגערן. זיי האבען מורא אויף אונז אנצופאלען, ווייל זיי וויסען ניט, וויא פיעל מיר זיינען.

— אבער וואו זיינען זיי? האט בעלל געפרעגט. איך זעה נור זייערע שפורען, וואו זיינען דיא בערן אליין?

— זיי שטעהן ערגעץ אויף דיא אייזבערג און היטען אונז, האט דער דאקטאר געענטפערט. מיר זעהן זיי ניט, ווייל זיי זיינען גאנץ ווייס, וויא דער שנעע ארום. זיי האבען אבער בעסערע אויגען פון אונז און גיבען אויף אונז גוט אכטונג. מיר מוזען זיין זעהר פאָרזיכטיג. זיי קענען אויף אונז פלוצלונג אנפאלען און ווער וייס, ווער עס וועט זיין דער שטאַרקערער!

— אלזא, וועלען מיר היינט שוין ניט געהן אויף דער יאגד? האט דשאנסאן נעפרעגט. מיר האבען שוין קיין פריש פלייש ניט.

— עס וועט גאר ניט העלפען, האט דער דאקטאר געזאגט טרויעריג, מיר קענען ניט לאזען אונזער הויז אליין. דיא בערן וועלען דארויף אנפאלען און פערניכטען אלעס, וואס זיי וועלען דאָרט געפינען. זאלען צוויי בלייבען אין הויז און דריי זאלען געהן אויף דיא יאגד, איז זעהר געפעהרליך. פינף בערן קענען זעהר לייכט אנפאלען אויף דריי מענשען. מיר מוזען אלע פינף בלייבען אין דער היים, ביז וואנען מיר וועלען לויז ווערן פון דיא בערן.

אלע האבען איינגעזעהן, אז דער דאקטאר האט רעכט. זיי זיינען צוריקגעגאנגען א היים און האבען זיך בעפעסטיגט. דיא לאנטערנע פון׳ם לייכט־טהורם האבען זיי אראָפּגענומען אום דיא בערן זאָלען ווענינגסטענס ניט זעהן וואוהין צו געהן. יעדער פון זיי האט געהאלטען דיא וואך אויפ׳ן פעלזען פאר זייער הויז. אזוי איז פאָראיבער דער טאג און דיא נאכט. דעם אנדערן טאג זיינען זיי ארויסגעגאנגען און האבען קיינע נייע שפורען פון דיא בערן ניט געפונען.

— דיא בערן האבען זיך איבערצייגט, אז מיר זיינען שטארקער פון זיי און האבען אונז אוועקגעוואָרפען, האט אלטאמאן געזאגט. זיי האבען ניט קיין געדולד אויף אונז צו ווארטען און זיינען געגאנגען זוכען א בעסערן מיטאג אלס אונז ארימע אייראפּעער.— היינט קענען מיר שוין געהן אויף דיא יאגד.

— לאמיר נאך איבערוואַרטען היינטיגען טאג, האט דער דאקטאר געזאגט. איך האב זעהר ווניג צו טרויען צו דיא בערן. איך דענק, אז זיי ליעגען ערגעץ און לויערן אויף אונז.

זיי האבען געמוזט צוליעב טהאן דעם דאקטאר און בלייבען נאך א טאג אין דער היים. זיי האבען היינט אויך געהאלטען א וואך, יעדער א שטונדע. ווען עס איז געקומען דיא רייהע צו אלטאמאן און ער איז ארויסגעגאנגען האלטען דיא וואך אויפ׳ן פעלזען, האט האטטעראס זיי צוגערופען און האט זיי געזאגט:

— גוט, וואס דער אמעריקאנער איז יעצט ניטא און מיר האבען א גאנצע שטונדע צייט צו רעדען אליין. האט איהר ווער געטראכט, וואס דער סוף פון אונז קען זיין?

באלד וועט קומען דער זומער, מען וועט קענען מאכען לענגערע רייזען. וואס וועלען מיר דאן טהאן? האט איהר עפּעס געטראכט דערפון?

— האָסט דוא עפּעס אויסגעטראכט, האטטעראס? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— איך? האט האטטעראס געזאגט פערוואונדערט. עס פערגעהט ניט קיין סעקונדע, איך זאל ניט טראַכטען פון מיין ציעל — דערגרייכען דעם נאָרד־פּאָל. איך בין פעסט ענטשלאָסען צו געהן צום נאָרד־פּאָל. וועט איהר געהן מיט מיר, איז גוט; וועט איהר ניט געהן, וועל איך אליין געהן. איך בין יעצט גאר ניט ווייט פון מיין ציעל, איך וועל קריעבען אויף אלע פיער אום עס צו דערגרייכען. וואס איז אייער מיינונג, דאקטאר?

— איך וועל געהן מיט אייך, וואוהין איהר ווילט, האט דער דאקטאר געענטפערט.

— וואס איז אייער מיינונג, דשאנסאן? האט האטטעראס געפרעגט.

— דאס זעלבע וואס דעם דאקטאר'ס.

— און וואס זאגט איהר בעלל?

— קאפּיטאן, האט בעלל געענטפערט, אמת, איך האב קיין פרוי און קיינע קינדער, דענאך וואָלט איך שוין געוואָלט זיין אין דער היים. מיר האבען שוין גענוג געליטען, עס איז שוין צייט צו טראַכטען וועגען געהן א היים.

— ווען מיר וועלען ענטדעקען דעם נאָרד־פּאָל, דאן וועלען מיר געוויס זוכען מיטעל צו קומען א היים, האט האטטעראס רוהיג געענטפערט. מיר זיינען שוין גענוג פערשוואַרצט געוואָרען, ביז מיר זיינען געקומען אזוי ווייט. יעצט, אז מיר זיינען שוין אזוי נאָהענט צום נאָרד־פּאָל, זאלען מיר פּלוצלונג זיך אומקעהרן? — דאס טהוט קיין ענגלענדער ניט.

— דאן, וועל איך געהן מיט אייך, קאפּיטאן, האט בעלל געזאגט.

— אלזא, וועלען מיר געהן צום נאָרד־פּאָל. ענגלאנד וועט האבען דיא עהרע צו זיין דאס ערשטע לאַנד, וואס האט ענטדעקט דעם נאָרד־פּאָל.

— מיר האבען דאך אבער אן אמעריקאנער צווישען אונז? מיר קענען איהם דאך ניט איבערלאָזען און אליין אוועקגעהן.

— איך ווייס עס, האט האטטעראס געזאגט, אבער ווער וועט זיין דער קאפּיטאן, דער אנפיהרער?

— געוויס, איהר, האטטעראס, האבען אלע אויסגערופען מיט א מאל.

— דאן קימערט מיך וועניג, וואס דער יענקי וועט געהן מיט אונז, האט האטטעראס געזאגט רוהיג.

— אבער, וויא וועלען מיר צוקומען צום נאָרד־פּאָל, ווען ארום איהם געפינט זיך א פרייעס מעער? מיר האבען דאך קיין שיף ניט?

— מען קען מאכען א באָאָט פון דיא ברעטער פון דער „פּארפּאיז“, האט בעלל געזאגט.

— אויף קיין פאל ניט! האט געזאגט האטטעראס. דאס וועל איך ניט דערלאָזען, אז מיר זאָלען צוקומען צום נאָרד־פּאָל אין א באָאָט, וואס איז געמאַכט פון אן אמעריקאנישער שיף.

דער דאקטאר האט פערשטאנען דיא געפיהלע פון קאפיטאן האטטעראס. ער האט איהם ניט געוואָלט מעהר אויספרעגען און האט אנגעהויבען צו רעדען פון אנדערע זאכען, ביז עס האט זיך געענדיגט דיא שטונדע און אלטאמאן איז צוריקגעקומען פון זיין וואך.

דיא נאכט איז פאָראיבער און דיא בערן האבען זיך ניט געוויעזען. זיי זיינען פערשוואונדען געוואָרען.

## 22טעם קאפיטעל.

## געפאַנגען אין פולמאַן'ס=הויז.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה, ווען זיי האבען זיך איבערצייגט, אז דיא בערן זיינען פערשוואונדען געוואָרען, האבען זיך אונזערע רייזענדע פאָרבערייטעט צו געהן אויף א יאגד. זיי האבען געמווט האבען פריש פלייש. זיי האבען אָפגערעדט, אז האטטעראס, בעלל און אלטאמאן זאָלען געהן אויף דער יאגד; דער דאקטאר זאל געהן אויספאָרשען דיא געגענד ארום דער אינזעל דשאנסאן, וואו עס איז דא א הויכער בארג; דשאנסאן אבער זאל בלייבען אין דער היים, בעזאָרגען דיא ווירטהשאפט. דיא דריי יעגער האבען מיט זיך גענומען זייערע ביקסען, מעסערס און העק. דער דאקטאר האט אויך מיטגענומען מיט זיך א ביקס. ער האט אָפגערעדט מיט דשאנסאן, אז ער זאל איהם געבען א צייכען, פאלס ער וועט זיין אין געפאהר.

דשאנסאן איז געבליעבען אליין אין דער היים. ער איז אבער ניט געזעסען לעדיג. מען האט געדאַרפט געבען עסען דיא הינט און זיי ארויסלאָזען אין דרויסען. זיי זאָלען זיך אביסעל דורכלויפען; מען האט געדאַרפט אנטראגען קוילען אין קיך אריין; מען האט זיך געדאַרפט בעשעפטיגען מיט דער קיך און ענדליך האט מען געדארפט זיך בעשעפטיגען אביסעל מיט שניידעריי און מיט שוסטעריי; מען האט געדארפט פערנעהען דיא צוריסענע דעקען און זעהן מאכען נייע שיך אויפ'ן זומער.

עס איז געווען א שטונדע נאכ'ן אוועקגעהן פון דיא יעגער. דשאנסאן איז געזעסען בעשעפטיגט מיט זיין ארבייט, פלוצלונג האט ער געהערט דעם קנאל פון א שאָס.

— בראַוואָ! האט ער אויסגערופען. זיי האבען א גליקליכע יאגד. זיי זיינען נור וואס ארויסגעגאנגען און האבען שוין געטראָפען א חיה. מיר וועלען שוין האבען פריש פלייש אויף מיטאג.

קוים האט ער ארויסגערעדט דיעזע ווערטער, האט ער געהערט א צווייטען שאָס.

— בראוואָ! גראָסארטי'ג! האט ער אויסגערופען. מיר וועלען שוין האבען וואס צו עסען.

אין דיעזעלבע מינוט האט ער געהערט, אז מען שיעסט ווייטער. ער איז געוואָרען בלייך, א שרעקליכער געדאנק איז איהם געקומען אין קאָפּ.

— דאס זיינען ניט שיעסע, האט ער אויסגעשריען, אונזערע יעגער זיינען אין געפאהר. זיי ווערען זיך, דיא בערן זיינען אויף זיי אנגעפאלען.

ער האט געחאפט זיין ביקס און איז ארויסגעלאָפען אין דרויסען, דאָרט אבער איז געווען אלעס שטיל און רוהיג. פון דער ווייטען האט מען געהערט. אז מען שיעסט ווייטער. ער איז ארויפגעקלעטערט אויפ'ן פעלזען, פון וואנען מען האט געקענט זעהן

אויף א ווייטע שטרעקע ארום. ער האט זיך אומגעקוקט און א שרעקליכע סצענע האט זיך פאַרגעשטעלט פאר זיינע אויגען. דיא דריי יונגער זיינען געלאָפען א היים. פינף גרויסע בערן האבען זיי נאכגעיאָגט. וויא עס ווייזט אויס, האבען זיי אויסגעשאָסען אלע זייערע קוגעלן און האבען ניט געטראָפען. האטטעראס איז געווען דער לעצטער. ער האט געזוכט אָפצונאררען דיא בערן. צוערשט האט ער זיי צוגעוואָרפען זיין קאפוצע, דאן זיין האַק, דאן זיין יאגד־טאש און — ענדליך זיין ביקס. דיא בערן זיינען געבליעבען שטעהן אויף אייניגע סעקונדען, האבען בעטראַכט יעדען ארטיקעל, וואס ער האט זיי צוגעוואָרפען און, ווען זיי האבען אויסגעפונען, אז זיי קענען עס ניט עסען, זיינען זיי ווייטער נאכגע־לאָפען אונזערע יונגער. דורך דיעזעס קונסטשטיק איז עס געראָטען האטטעראס'ן אפצור האַלטען דיא בערן, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו זייער הויז.

וויא דערשראָקען און פערסאפעט זיי זיינען געווען, האבען זיי זיך דאך באלד גענומען נעהמען צו דער ארבייט, צו בעפעסטיגען און פערשטעלען זייער הויז. זיי האבען צוגעשטעלט צו דיא טהירען, וואס זיי האבען געקענט: טישען, בענק, בעטען, זעק מיט פראָוויאנט און וואס זיי האבען געקענט קריגען אין שטוב.

— יעצט וועלען מיר זיך דאך קענען פערטהיידיגען, האט האטטעראס געזאגט. מיר זיינען דאך פינף געגען פינף.

— מיר זיינען נור פיער געגען פינף, האט דשאנסאן געזאגט טרויעריג.

ערשט יעצט האט האטטעראס דערזעהן, אז דער דאקטאר איז ניטאָ און האט זיך דערמאנט, אז דער דאקטאר איז היינט אוועקגעגאנגען מאכען זיינע פאַרשונגען אויף דער אינזעל דשאנסאן.

— מיר טאָרען איהם ניט לאָזען! האט אויסגערופען אלטאמאן. ער איז אין דער גרעסטער געפאהר. ער וויים גאר ניט, וואס דא איז געשעהן און וועט קומען א היים — גלייך דיא בערן אין מויל אריין.

— געוויס! לאמיר געהן איהם אויפזוכען, איהם רעטען! האט האטטעראס אויס־געשריען.

ער האט געחאפט זיין ביקס און האט געוואָלט ארויסגעהן. א גרויסער בער האט איהם אויסגעשטרעקט דיא לאַפּעס ענטגעגען, גלייך וויא ער האט איהם געוואָלט בע־גריסען. האטטעראס האט שנעל פערמאכט דיא טהיר צוריק.

— זיי בעלאגערן אונז, דיא בעסטיען! האט ער אוסגערופען. זיי לאָזען אונז ניט ארויס. — ארימער, אונגליקליכער פריינד, פולמאן! מיר קענען דיר ניט העלפען. מיר זיינען דא פערשפּארט און קענען גאר ניט טהאן פון דיינעטוועגען, דוא גוטער, עדעלער, טרייער מענש!

ער האט אויף זיך געריסען דיא האר פאר פערצווייפלונג. דער דאקטאר האט רעכט געהאט. דער ווייסער בער איז דיא קלינגסטע חיה אין דער וועלט. ער פערפאָלגט זיין רויב אזוי לאַנג, ביז ער קריעגט איהם. עס איז אבער ניט געווען קיין צייט צו טראכטען און צו פערצווייפלען. דיא בערן האבען געקראַצט דיא טהיר און דיא פענסטער פון זייער הויז. מען האט זיך גענומען וועהרען און פערטהיידיגען. זיי האבען זיך גענומען בעוואַרענען דיא פענסטער, זיי האבען זיי פערשטעלט מיט ברעטער און מיט וואס זיי

האבען נור געקענט. ווען זיי האבען אלעס בעוואָרענט, וויא ווייט זיי האבען געקענט, האבען זיי ווייטער אנגעהויבען צו רעדען פון'ם דאָקטאר.

— איך מיין, אז דער דאָקטאר ווייס, וואס ער טהוט זיך, האט דשאנסאן געזאגט. ער האט געוויס געהערט אייערע שיעסע און האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס געשעהן. ער וועט געוויס זיין פאָרזיכטיג און וועט זיך ניט לאָזען אזוי לייכט אויפעסען.

— ווער קען עס וויסען? האט האטטעראס געזאגט טרויעריג. מעגליך, אז ער האט גאר ניט געהערט אונזער שיעסען, מעגליך, אז ער האט ניט פערשטאנען די אורזאכע פון זיי. ער וועט קומען רוהיג א היים און די בערן....

ער האט א ציטער געטהאן ביי די לעצטע ווערטער. דער געדאנק, אז זיין עדעלער, טרייער פריינד געפינט זיך אין אזא שרעקליכער געפאהר, האט איהם ניט געלאָזט רוהען.

— מיר טאָרען עס ניט דערלאָזען! האט ער אויסגעשריען אין פערצווייפלונג. מיר מוזען טייטען די בערן, איידער ער וועט קומען א היים!

— אבער וויא אזוי זאלען מיר זיי טייטען? האט דשאנסאן געפרעגט.

אויף דיעזע פראגע איז געווען זעהר שווער צו ענטפערן. מען האט געהערט דייטליך, וויא די בערן קראצען די וועגט, רייסען די טהיר און קריעכען צו די פענסטער. ענדליך האט אלטאמאן אויסגעפונען אזא פלאן. מען זאל מאכען לעכער אין דער וואנד פון'ם הויז און דורך די לעכער זאל מען שיעסען אויף די בערן. ער האט געזעהן אין זיין לעבען פיעלע פעסטונגען און האט זיך דערמאנט, אז אין די וועגט פון די פעסטונגען זיינען אויך דא לעכער, פון וואנען עס שטעקען ארויס קאנאָנען. פון דיעזע קאנאָנען שיסט מען אויפ'ן פיינד און ער קען ניט ענטפערן, ווייל זיינע קוגעלן טרעפען אין דער וואנד.

אלטאמאן האט ניט לאנג געטראכט, ער האט באלד אויסגעבוירט א לאָך אין דער וואנד און האט ארויסגעשטעקט זיין ביקס. קוים אבער האט ער זיא ארויסגעשטעקט, האט זיא א גרויסער בער אָנגעכאפּט מיט זיינע אייזערנע לאפּעס און האט זיא אזוי שטארק געריסען. אז דאס הויז האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— גאָד דעם! האט אלטאמאן אויסגעשריען. זיי לאָזען זיך ניט שיעסען, די בעסטיען!

מיט שווערער מיה איז איהם געלונגען צוריק ארייצוציעהען זיין ביקס. ער האט זיך באלד גענומען פערשטעלען די לאָך מיט שטיקער האָלץ. יעצט האבען זיי שוין גאר ניט געוואוסט וואס צו טהאן. האטטעראס איז ארומגעשפּרונגען, וויא א וואהנזיניגער. דארויף האט ער זיך קיין מאל ניט גערעכנט. בערן זאלען איהם האלטען געפאנגען אין זיין הויז! ער איז ארומגעגאנגען און האט געזוכט אין אלע ווינקעלעך, טאמער וועט ער דאָך געפינען עפּעס, מיט וואס ער זאָל קענען אנפאלען אויף די בערן. פּלוצלונג האט ער דערזעהן א זאך, וואס קען איהם ניצען.

— דאס וועט אונז רעטען! האט ער אויסגערופען פרעהליך.

ער האט געפונען א לאנגע שטיק אייזען פון דער „פארפאיז", א לאנגע קאָטשערע פון'ם קעסעל. ער האט באלד גענומען דאס שטיק אייזען און האט עס ארייגעלעגט אין פייער. ווען דאס אייזען איז געוואָרען רויט האט ער געזאגט צו די איבעריגע:

— מאכט גרייט אייערע ביקסען. איך וועל עפענען דיא טהיר מיט דעם גליהענדען אייזען אין דיא הענד. דיא בערן האבען געוויס נאך אזא וואונדער ניט געזעהן און וועלען עס אָנחאַפּען. עס וועט זיי געוויס ניט שמעקען דערווייל וועט איהר קענען שיעסען אויף זיי.

— בראוואָ, קאַפּיטאַן! האט בעלל אויסגערופען. דאס איז א גוטע אידעע.

האטטעראס האט זיך בעוואפענט מיט דער גליהענדער קאַטשערע און האט אביסעל געעפענט דיא טהיר. באלד זיינען צוגעשפּרונגען צוויי בערן און האבען אנגעחאַפּט דיא גליהענדע קאַטשערע. אין דיזעלבע מינוט אבער זיינען זיי אָפּגעשפּרונגען צוריק מיט א שרעקליכעם היילען און ברומען.

— שיעסט! האט געשריען האטטעראס.

דריי ביקסען האבען אויסגעשאָסען מיט א מאל. דיא טהיר איז אבער געווען נור האַלב אָפען. אלטאמאָן מיט זיינע קאמעראַדען האבען געמוזט שיעסען איבער האטטעראס פּלייצעס. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס זיי האבען ניט געטראָפען. דיא בערן זיינען ווייטער צוגעלאָפען צו דער טהיר מיט א שרעקליכער רציחה. האטטעראס מיט זיינע קאמעראַדען האבען קוים צייט געהאט צו פערמאכען דיא טהיר.

— לאמיר זיי שענקען נאך א פּאָרציאָן, האט אלטאמאָן געזאגט. צוגליהט נאך א מאל אייער קאַטשערע.

האטטעראס האט נאך א מאל אריינגעלעגט דאס שטיק אייזען אין פייער. עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט, ביז דאס אייזען איז ווידער געוואָרען רויט. אונטערדעסען האבען דיא איבעריגע נאך א מאל אנגעלאַדען זייערע ביקסען. מיט דעם גליהענדען אייזען אין דער האנד האט האטטעראס ווידער געוואָלט עפענען דיא טהיר. וויא ערשטוינט איז ער אבער געווען צו זעהן, אז דיא טהיר וויל זיך ניט עפענען. וואס זאל דאס זיין? זיי האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן מיט שרעק. באלד זיינען די געוואָהר געוואָרען, וויא געפעהרליך דיא ווייסע בערן זיינען.

— דער טייפעל זאל זיי האָלען, דיא ווייסע בערן! האט אלטאמאן ענדליך אויסגערופען.

— וואס איז שוין נייעס? האט דשאנסאן געפרעגט.

— פערשטעהט איהר דען ניט, וואס זיי טהוען? — זיי האבען געזעהן, אז דורך דער טהיר קענען מיר ארויסגעהן און זיי שאדען, ווילען זיי פארלעגען דיא טהיר. הערט, וויא זיי לעגען ארום דער טהיר שטיקער אייז.

האטטעראס און זיינע קאמעראַדען האבען זיך צוגעהערט. עס איז געווען דייטליך, וואס דיא בערן האבען געטהאן אין דרויסען. זיי האבען צוגעשלעפּט גרויסע און שווערע שטיקער אייז און האבען זיי ארומגעלעגט ארום דיא טהיר און דיא פענסטער פון'ם הויז. דיא קלוגע חיות האבען געוואָלט פערשפּאַרען זייערע פיינד אין זייער אייגען הויז און וואַרטען, ביז זיי וועלען דערשטיקט ווערן אויס מאנגעל אָהן פרישער לופט.

— אך! דער דאקטאר זאל דא זיין? האט געזאגט דשאנסאן.

אָלט ער דא געטהאן? האט אלט... עפרעגט.

— ער וואָלט שוין עפּעס אויסגעטראַכט, האט דשאנסאן געענטפערט. ער וואָלט שוין געפונען א מיטעל, ויא אזוי אנצולערנען דיא ווייסע בערן.

ליידער, איז דער דאקטאר ניט געווען און דיא בערן האָבען געטהאן זייער ארבייט גאַנץ ערנסט. אין שטוב איז געוואָרען אלץ פינסטערער און פינסטערער. זיי האבען צו־געשלעפּט אלץ מעהר און מעהר שנעע און שטיקער אייז און האבען זיי ארומגעלעגט ארום דיא טהיר און דיא פענסטער פון'ם הויז. דיא לאַגע פון אונזערע געפאנגענע איז געוואָרען א פערצווייפעלטע.

— וואָס טהוט מען? וואס טהוט מען? האט בעלל געפרעגט. דיא בעסטיען וועלען דאָך אונז דאָ דערשטיקען.

— צוערשט לאָמיר געהן עסען, האט דשאנסאן געזאגט. ערשטענס, זיינען מיר הונגעריג. צווייטענס, דארפען מיר האבען כח צו קעמפּפען מיט דיא בערן. וואס דענקט איהר, אלטאמאן?

— עסען שאַדעט קיין מאל ניט, האט דער אמעריקאנער געענטפערט. איך מוז אייך אבער זאגען, אז מיר זיינען זעהר מיאוס ארייגנעפאלען און עס וועט אונז זיין א שאנדע, ווען דיא בערן וועלען אונז בעזיעגען.

— דאַמאלס וועט אונז זיין פיעל ערגער, וויא א שאנדע, האט דשאנסאן גע־שפּאַסט. דיא בערן וועלען אונז קיין צייט ניט לאָזען זיך צו שעהמען. מעגליך, אז זיי וועלען זיך שעהמען, וואס מיר זיינען מאָגער און זיי וועלען בלייבען הונגעריג.

דשאנסאן האט פיעל געלערנט פון'ם דאקטאר. ער האט זיך פון איהם אויסגע־לערנט צו בלייבען שטענדיג גלייכגילטיג און צו שפּאַסען אין דער גרעסטער געפאהר. זיי האבען זיך געזעצט צום טיש און האבען זיך גענומען עסען. אלע האבען געגעסען שטילערהייט. עס איז ניט געווען איבער וואס צו רעדען. אונטערדעסען האט זיך גע־וויעזען א נייער, נאָך געפעהרליכער פיינד. דיא לופט אין צימער האט אנגעהויבען צו ווערן שווער. דיא בערן האבען אזוי פערלעגט יעדען לאָך, יעדע עפענונג, אז קיין פרישע לופט האט ניט געקענט צוקומען. עס איז צוואר געוואָרען ווארעמער, דיא לופט האט אבער אנגעהויבען צו ווערן שווערער און שווערער. האַטטעראס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט בעמערקט דיא געפאהר. ער האט ניט געוואָלט בעהאלטען עס פון זיינע קאמעראדען. ער האט זיי אלעס געזאגט.

— עס העלפט ניט, מיר מוזען ארויס פון דאנען, האט אלטאמאן געזאגט. מיר מוזען אלס ריסקירען און קעמפּפען מיט דיא בערן, ביז מיר וועלען זיי, אדער זיי אונז אויפעסען.

— לאָמיר ווארטען ביז אויף דער נאכט, האט האַטטעראס געזאגט. ווען עס וועט ווערן פינסטער, וועלען מיר פּראָבירען מאכען א לאָך אין דאך. צוערשט וועלען מיר ארייינלאָזען אין שטוב פרישע לופט, דאן וועלען מיר זעהן; מעגליך, אז עס וועט אונז געלינגען צו שיעסען אויף אונזערע פיינד.

— דאס איז דאס איינציגע מיטעל, וואס איז אונז נאָך געבליעבען, האט דשאנסאן געזאגט.

עס איז געבליעבען, מען זאל ווארטען. דאס איז אבער געווען נור לייכט צו זאָגען.

אין דער אמת איז עס געווען א שווערע אויפגאבע צו ווארטען, ווען מיט יעדער שטונדע איז דיא לופט געוואָרען אלץ שווערער און שווערער. אלטאמאן האט זיך געבייזערט און האט געשאָלטען דיא בערן מיט טויטע קללות פון'ם אמעריקאנער ווערטער־בוך. דיא בערן אבער האבען קיין אמעריקאניש־ענגליש ניט פערשטאנען. זיי האבען געקענט נור איין שפראכע — דיא הונגער שפראכע, איינע פון דיא בעסטע און קליגסטע אין דער וועלט.

## 23טעס קאפיטעל.

## דיא מינע.

זעהר לאנגזאם האט זיך די צייט געצויגען. יעדע שטונדע איז געווען ביי אונזערע ארעסטאנטען א יאהר. ענדליך איז געקומען דיא נאכט. דיא לופט איז געוואָרען אלע מאל שווערער און געשטאָקטער. זיי האבען אנגעצונדען דעם לאָמפ. ער האט אבער געברענט דונקעל. עס האט איהם געפעהלט פרישע לופט. אונזערע געפאנגענע האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, מאכען א לאָך אין דאך. בעלל האט זיך גענומען צו דיזער ארבייט. ער איז געווען א גוטער קארפענטער. דשאנסאן האט אין דער צייט געהאלטען יואך אין שלאָף צימער. אלטאמאן איז געשטאנען אין קיך. האטטעראס איז געשטאנען לעבען בעללין און האט איהם געוויזען וואס צו טהאן. פלוצלונג איז דשאנסאן אריינגעלאָפען אין עס צימער. ער איז געווען בלייך און דערשראָקען.

— וואס איז נייעס? האט האטטעראס געפרעגט.

— עס איז קיין נייעס — אבער —

— וואס אבער? רעד! זאָג! — וואס איז דאָרט! האט אלטאמאן אויסגעשריגען.

ער האט דערהערט אין קיך, וויא האטטעראס רעדט מיט דשאנסאן און איז צו געגאנגען הערען, וואס עס הערט זיך עפּעס נייעס.

— קומט, אלטאמאן, האט דשאנסאן געזאגט. עפּעס הער איך א רעש דאָרט אין שלאָף־צימער. עפּעס איז דאָרט, איך וויים אבער ניט וואס.

האטטעראס, אלטאמאן און דשאנסאן זיינען אריינגעגאנגען אין שלאָף־צימער און האבען זיך צוגעהערט. זיי האבען ווירקליך דערהערט א זאָנדערבארען גערויש, גלייך וויא מען וואָלט געגראָבען אדער געשניטען דאס אייז.

— וואס זאל דאס זיין? האט אלטאמאן געפרעגט.

— מעגליך, דיא בערן מיינען, אז מיר זיינען שוין דערשטיקט און זיי גראבען דאס אום אונז אויפצופרעסען, האט דשאנסאן געזאגט. מעגליך, אז זיי ווילען צונעהמען דאס הויז און אויף אונז אנפאלען.

— אזוי בילג וועלען זיי אונז ניט קריעגען; האט האטטעראס געזאגט. איך בין זאָאר צופריעדען, וואס זיי טהוען עס. מיר וועלען מיט זיי קעמפפען ביז אין לעצטען טראָפּען בלוט.

— אבער, דא קען מען מיט ביקסען גאר ניט מאכען, האט אלטאמאן געזאגט. דא מוזען מיר קעמפפען מיט העק און מעסערס אויף אמעריקאנישער ארט. דערמיט בין איך צופריעדען. ביי אונז אין אמעריקא וויים מען שוין, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט א מעסער. אין ניו־יאָרק שלאָגט מען זיך זעהר אָפט מיט מעסערס.

דער רעש איז געוואָרען אלע מאל שטארקער. עס איז געווען דייטליך, אז מען קראַצט אדער גראבט דעם ווינקעל פון דער וואנד, וועלכער איז צוגעשפּאַרט צום פּעלזען.

— נאך מיין רעכנונג, האט דשאנסאן געזאגט, האבען זיי נאך זעקס פוס שנעע און אייז אװעקצושאַררען. אזא ארבייט דאַרף פארנעהמען א היבשע ווײלע. מיר האבען נאך גענוג צייט זיך פאָרצובערייטען צו עמפּפאַנגען אונזערע ניט געבעטענע געסט.

ער האט גענומען א האַק און האט זיך געשטעלט לעבען דעם אָרט פון וואנען מען האט געהערט דעם רעש, האטטעראַס און דיא אנדערע האבען אויך געטהאן דאס זעלבע. מיט יעדער מינוט איז דאס קראַצען און גראבען געקומען אלץ נעהענטער און נעהנטער. ענדליך זיינען נור געבליעבען דיא ברעטער פון דער וואנד. א שארפע זאַך, וויא א מעסער אדער א האַק, האט אנגעהויבען צו שניידען דיא ברעטער פון דער וואנד.

— דאס זיינען ניט דיא בערן, האט האטטעראַס געזאגט. זיי זיינען נאך ניט אזוי נעבילדעט זיי זאלען וויסען, וויא אזוי צובענוצען א האַק. דאס איז א מענש.

— דער דאקטאר! האט געשריען דשאנסאן און האט אנגעהויבען צו טאנצען פאר פרייד.

— אין דיעזע מינוט זיינען ארויסגעפאלען א פאר ברעטער און דיא גראָבע, קיילעכדיגע פיגור פון'ם דאקטאר האט זיך אריינגעקייקעלט אין צימער.

— וואס מאכט איהר, פריינד? האט ער געזאגט נאך ליעגענדיג אויף דער ערד.

אלע זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. זיי האבען שוין אן איהם נאר פערגעסען. זיי זיינען אליין געווען אין אזא פערצווייפעלטע לאגע, אז זיי האבען זיך גע־רעכענט פאר פערלאָרען. פּלוצלונג קומט דער דאקטאר. פון וואנען? וויא אזוי? עס זיינען פערגאַנגען אייניגע מינוטען, איידער זיי האבען געקענט ארויסרעדען א וואָרט.

דער דאקטאר האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און האט וויעדער געפרעגט:

— וואס מאכט איהר, פריינד?

יעצט האט זיך זייער שטוינען אומגעוואנדעלט אין פרייד. האטטעראַס האט איהם ארומגענומען, אין זיינע אויגען האבען זיך געוויזען פריידענטרערין. דשאנסאז האט גע־טאנצט פאר פרייד, בעלל האט געלאכט, נור איין אלטאמאן איז געבליעבען רוהיג. עס איז איהם געווים געווען זעהר אנגענעהם וואס דער דאקטאר איז געקומען; אלס עכטער יענקי אבער האט ער ניט ארויסגעוויזען זיין פרייד.

— ביסט דוא עס ווירקליך אלטער פריינד? האט האטטעראַס אויסגערופען און האט נאך א מאל ארומגענומען דעם דאקטאר.

— געווים בין איך עס, האט דער דאקטאר געענטפערט מיט זיין געוועהנליכע פריינדליכען געלעכטער איך בין עס אליין און קיין אנדערער. איך האב מיך זעהר בעאונרוהיגט איבער אייך איך האב געוואוסט אז איהר געפינט זיך אין א גרויס געפאהר.

— פון וואנעי האט איהר געוואוסט אז מיר זיינען אין געפאהר? האט אלטאמאן געפרעגט. אים געגענטהייל, מיר האבען זיך זעהר בעאונרוהיגט, אז איהר וועט ניט

וויסען, אז דיא בערן זיינען אויף אונז אנגעפאלען און וועט קומען א היים — גלייך דיא בערן אין דיא לאפּעס אריין.

— איך האב אלעס געזעהן, האט דער דאקטאר געזאגט. איך בין ארויפגעקלעטערט אויף א בארג אויף דער אינזעל דשאנסאן אום צו בעטראכטען דיא געגענד און האב דערהערט, אז איהר שיעסט. איך האב מיך אומגעקוקט און דערזעהן, וויא דיא פינף בערן זיינען אויף אייך אנגעפאלען. איך האב מיך דערשראָקען פאר אייך! איך האב געזעהן, וויא איהר זייט פערשוואונדען לעבען אונזער הויז און האב פערשטאנען, אז איהר האט זיך געראטעוועט אין שטוב. איך קען זעהר גוט דיא נאטור פון דיא ווייסע בערן און וויים, אז קוים האבען זיי איינמאל אנגעשמעקט זייער רויב, וועלען זיי עס שוין ניט אָפּלאָזען. איך בין אראָפּגעקראָכען פון'ם בארג און האב אנגעהויבען צו געהן אהיים. איך האב געזעהן צו געהן אויף אזעלכע וועגען, אז דער ווינד זאָל זיין נעגען מיר און דיא בערן זאלען מיך ניט דערשמעקען. איך האב געזעהן, וויא דיא בערן שלעפּען שטיקער אייז צו אונזער הויז און האב געציטערט, זיי זאלען ניט פאלען אויפ'ן שכל ארויפצוקלעטערן אויפ'ן פעלזען און אראָפּצוווארפען דיא שטיקער אייז אויפ'ן הויז. דאמאלס וואָלט דער דאך איינגעפאלען און וואָלט אייך צוקוועטשט מיט זיין לאסט. צום גליק אבער, זיינען זיי דארויף ניט געפאלען, זיי האבען געוואָלט אייך איינמויערן און דערשטיקען. דאס איז זעהר געשייט. איך מוז זיי מאכען א קאָמפּלימענט, דיא העררן בערן.

איך בין געגאנגען און בין געקראָכען אויף אלע פיער, ביז איך בין צוגעקומען אויף צוויי הונדערט שריט פון אונזער הויז. אזוי וויא איך האב געוואוסט, אז דורך דער טהיר קען מען יעצט ניט אריינגעהן, האב איך בעשלאָסען צו מאכען א מינע. מיט מיין גרויסען מעסער האב איך אנגעהויבען אויסצושניידען מיר א וועג אין שנעע. איך האב געארבייט פיער שטונדען שווער און ביטער, ביז איך בין צוגעקומען צו אייך.

— אבער, דאקטאר, איהר זייט דאָך יעדע מינוט געווען אין געפאהר, דיא בערן זאָלען אייך דערשמעקען? האט דשאנסאן געפרעגט.

— ניין, מיין פריינד, האט דער דאקטאר געענטפערט. דיא העררן בערן זיינען פון איין זייט פונ'ם פעלזען און איך האב געמאכט מיין מינע פון דער אנדערער זייט. מעגליך, אז זיי האבען געהערט, וויא איך שנייד און גראב דעם שנעע, זיי האבען אבער געמיינט, אז איהר טהוט עפּעס אין שטוב און עס האט זיי ניט געהארט, ווייל זיי זיינען זיכער, אז איהר זייט פערשפּארט און קענט ניט אנטלויפען. זיי האבען גאנץ גוטע קעפּ, דיא ווייסע בערן.

— יא, האט געזאגט אלטאמאָן, זיי וועלען אונז ענדליך בעזיעגען און וועלען מאכען פון אונז א גוטען מיטאג.

— ניין, פריינד! דאס וועל איך ניט דערלאָזען, האט זיך דער דאקטאר אָפּגערופען. איך בין גאר ניט איינפערשטאנען, אז א ווייסער בער זאָל מיך אויפפרעסען.

— וואס קענט איהר דען טהאן?

— איך בין יעצט שרעקליך מיעד און הונגעריג. ניט מיר פריהער עפּעס עסען, דאן וועל איך אייך זאגען, וויא אזוי איך וועל מיך אָפּרעכענען מיט אונזערע ליעבע געסט.

— איך האב אייך געזאגט, אז נור דער דאקטאר קען אונז רעטען! האט דשאנ־סאן אויסגערופען און איז געלאָפען ברענגען איהם עסען.

דער דאקטאר איז געווען הונגעריג, וויא א וואָלף און האט זיך גענומען עסען מיט'ן בעסטען אַפּעטיט. אלע זיינען געשטאנען ארום איהם און האבען געשוויעגען. זיי האבען איהם ניט געוואָלט שטערן. ווען ער האט געשטילט זיין הונגער, האט זיך בעלל צו איהם געווענדעט.

— איהר זאָגט, אז איהר וועט זיך אַפּרעבענען מיט דיא בערן. איך זעה ניט, וויא אזוי. מיינע מיינונג וואָלט געווען, אז מיר זאלען אלע ארויסגעהן דורך דיא מינע. וואס איהר האט געמאכט. עס איז יעצט פינסטער. דיא בערן געפינען זיך פון יענער זייט פון אונזער שטוב; מיר וועלען ארויסגעהן פון דער זייט און וועלען שטילערהייט צו געהן צו דער „פאָרפּאָיז". דאָרט וועלען מיר בלייבער, ביז דיא בערן וועלען זיך אוועקגעהן.

— דאס איז אייער פּלאן בעלל? האט דער דאקטאר געלאכט, מיר זאָלען אנט־לויפען און זיי צו ווארפען אונזער הויז, אונזער מעבעל און אונזער פּראָוויאנט? מיר, געבילדעטע מענשען, זאלען צו ווארפען דיא בערן אלעס און אנטלויפען פאר זיי? — ניין! דאס טהו איך ניט, דאס טויג מיר ניט!

— אלזא, וואס איז אייער פּלאן, דאָקטאָר? האט אלטאמאן געפרעגט.

— איך וויל טייטען אלע בערן מיט איין מאָל. האט דער דאקטאר געזאגט רוהיג. מען מוז וויזען דיא בעסטיען, אז מיר האבען געלערנט כימיע און פהיזיק.

— איהר שפּאסט, דאָקטאר, אין דער צייט, ווען מיר זיינען אין דער גרעסטער געפאהר.

— וועט איהר דען בעסער מאכען, ווען איהר וועט ניט שפּאסען?

האטטעראס האט ביז אהער אויסגעהערט, וואס מען האט גערעדט און האט געשוויעגען. ער האט געהאט אזא צוטרויען צום דאקטאר, אז ער איז געווען זיכער, אז ער האט שוין געוויס אויסגעפונען א מיטעל, וויא אזוי צו טייטען דיא בערן. ער האט יעצט געוואָלט וויזען דעם יענקי, אז נור אן ענגלענדער קען זיי רעטען.

— אלענפאלס, דאקטאר, זאגט אונז אייער פּלאן, האט ער ענדליך געזאגט, לאָמיר זיך נעהמען צו דער ארבייט.

— מיין פּלאן איז גאנץ איינפאך. מיר האבען פּולווער גענוג. מיר וועלען אונטער־צינדען א פּעסעלע פּולווער און דיא העררן בערן וועלען טאנצען א קאדריל אין דער לופט.

— וויא קענען מיר אבער צו קומען צו אונזער פּולווער? האט דשאנסאן געפרעגט, ער ליעגט דאָך אין מאגאזין אייניגע שריט וויים פון אונזער הויז?

— איך האב דאך אייך שוין געוויעזען. וויא אזוי מען קומט צו: מען מאכט א מינע. מיט שארפע מעסערס איז זעהר לייכט צו שניידען דעם שנעע. מיר וועלען מאכען א מינע אין שנעע ביז צו אונזער מאגאזין, פון דאָרט וועלען מיר מאכען נאך א מינע אביסעל ווייטער. דאָרט וועלען מיר אניעדערשטעלען א פּעסעלע פּולווער און מיר וועלען געבען דיא בערן צו שמעקען פּולווער.

— איך פערשטעה נאך אלץ ניט, האט אלטאמאן געזאגט, וויא אזוי וועט איהר צו ציעהען דיא בערן, זיי זאלען אלע קומען גראדע אויף דעם אָרט, וואו דאס פולווער וועט זיין?

— איהר וועט שוין זעהן, האט דער דאקטאר געענטפערט. איך וועל זיי שוין איינלאַדען אויף א פייער־ווערק, פון וועלכען זיי וועלען צופריעדען זיין. אבער גענוג גערעדט! לאמיר זיך נעהמען צו דער ארבייט. איך בין זעהר מיעד און מוז א פאר שטונדען שלאָפען. איך וועל אייך נור ווייזען, וואס צו טהאן און איך וועל מיך אביסעל צולעגען. אין א פאר שטונדען ארום וועט איהר מיך אויפוועקען און איך וועל מיך נעהמען צו דער ארבייט.

— וואס מעהר איך טראכט, האט דשאנסאן געזאגט, אלץ מעהר איבערצייג איך מיך, אז דעם דאקטאר'ס פלאן איז דער איינציגער וועג אונז צו רעטען. עס וואונדערט מיך נור, פארוואס זיינען מיר ניט געפאלען אויף דעם שכל צו מאכען א מינע. דאס איז דאָך אזוי לייכט.

— גענוג רעדען! געהט צור ארבייט! האט דער דאקטאר קאמאנדירט.

ער האט זיי געוויעזען, וואו צו מאכען דיא מינע און אליין איז ער געגאנגען שלאָפען. צוערשט האט בעלל געארבייט א גאנצע שטונדע, נאך איהם האט אלטאמאן געגראָבען דעם שנעע, נאך איהם — דשאנסאן און צולעצט האטטעראס. אונטערדעסען האט זיך דער דאקטאר אויסגעשלאָפען און האט געארבייט א שטונדע. אזוי האבען זיי געארבייט ביז צעהן אוהר אין דער פריה. דיא ארבייט איז ניט געווען אזוי לייכט, וויא דער דאָקטאָר האט געמאכט. מען האט בעגעגנט אויפ'ן וועג שטיקער אייז, וועלכע מען האט געמוזט זעגען אדער האקען; מען האט געמוזט זיין פאָרזיכטיג, ניט מאכען קיין צו גרויסען רעש, דיא בערן זאָלען ניט דערהערן. צעהן שטונדען כסדר האבען זיי געארבייט גאנץ שווער, ביז עס איז זיי געלונגען צו מאַכען א גאנץ קליינע מינע, וואו א מענש האט קוים געקענט דורכקריכען. נור אין דעם אָרט, וואו דאס פעסעלע פולווער איז געשטאנען, האבען זיי געמאַכט א סאָרט קליינעם קעלער, וואו דריי פיער מענשען האבען געקענט זיצען.

ווען אלעס איז געווען פערטיג, האט דער דאקטאר זיך געהייסען געבען א לאנגען שטעקען און האט צו איהם צוגבונדען א שטיק געזאלצען פלייש.

— אונזערע דשענטעל לייט, האט ער געזאגט, וועלען געווים וועלען מאכען א פראָבע, אויב מיר קענען זאלצען פלייש. ווען איך וועל ארויסשטעקען דעם לאנגען שטעקע מיט'ן פלייש פון דעם קעלער, וואו דאס פולווער שטעהט. זיי וועלען צו קומען עם חאפען, דאן וועלען מיר אונטערצינדען דאס פולווער.

— יעצט פערשטעה איך אייער פלאן, דאקטאר, האט אלטאמאן געזאגט. איך וויים אבער ניט, וויא אזוי וועט איהר אונטערצינדען דאס פעסעלע פולווער. נאך מיי"ן רעכנונג דארפט איהר האבען א שוועבעלע פון ווענינגסטענס הונדערט שריט דיא לענג. אדער איינער זאָל אָפּפערן זיין לעבען און זאָל צוגעהן נאָהענט צום פעסעלע, עס אונטערצינדען און אנטלויפען. איך זאג אָפּפערן זיין לעבען, ווייל איך בין זיכער, אז דער וואס וועט עס טהאָן, וועט צוריסען ווערן אויף שטיקלעך.

— מען דארף ניט אָפּפערן קיין לעבען און מען דארף ניט האבען קיין שוועבעלע פון הונדערט שריט דיא לענג, האט בעלל געזאגט. מען קען אויסשיטען אין דער מינע א לאנגע שפור פון פּולווער ביז צום פעסעלע, אונטערצינדען דיא שפור. דער ברענענדע פּולווער וועט שוין אליין דערגרייכען דאס פעסעלע. מען קען וויעדער אנדעריש טהאן. מען קען אנצינדען א שטריק און איין עק אריינלעגען אין פעסעלע פּולווער. דער שטריק וועט לאנגזאם ברענען, ביז דאס פייער וועט צוקומען צום פּולווער.

— דאס אלעס טויג ניט, האט דער דאקטאר געזאגט. איהר פערגעסט, אז אונזער מינע איז געמאכט אין שנעע, אן ארטיקעל, וועלכעס קען מיט פייער צוזאמען ניט הויזען. —

— אלזא, וויא דען וועט איהר אונטערצינדען דאס פּולווער? האט אלטאמאן געפרעגט אונגעדולדיג.

— זייט רוהיג, מיין ליעבער יענקי, האט איהם דער דאקטאר געענטפערט. דער פאר האב איך געלערנט כימיע און פהיזיק. מיר האבען אן עלעקטערישע באטערע. איך וועל זיא אנשטעלען און צוציעהען דראָטהען פון אונזער הויז ביז צום פעסעלע פּולווער. ווען מיר וועלען זעהן, אז דיא בערן הייבען אן צורייסען דאס פלייש פון'ם לאנגען שטעקען, וועלכען מיר וועלען ארויסשטעקען פון דער מינע, וועל איך אנשטעלען דיא עלעקטערישע באטערע. איין קוועטש פון מיין פינגער און דיא ווייסע פיערפיסיגע דשענטעל לייט וועלען בעקאנט ווערן מיט דער גאנצער ציוויליזאציאָן.

— גראָסארטיג, דאקטאר! האט דשאנסאן אויסגערופען. איהר האט רעכט. לאָמיר זיך באלד נעהמען צו דער ארבייט און געבען אונזערע געסט א גראָסארטיגען פריהשטיק.

ערשט אום צוועלף אוהר איז אלעס געווען פערטיג און בערייט. דער דאקטאר האט נאך א מאל איבערגעקוקט אלע זיינע ארבייטען און איז געווען מיט זיי צופריעדען.

— יעצט, מיינע פריינדע, לאדעט אן אייערע ביקסען, מעגליך, אז זיי וועלען אונז צוניץ קומען.

דשאנסאן האט גענומען דעם שטעקען און האט דורכגעבויערט דעם שנעע. דיא בערן האבען זיך אומגעקוקט. באלד אבער האט ער איהם צוריק אריינגעצויגען און האט צו איהם צוגעבונדען א גרויס שטיק געזאלצען פלייש. קוים האבען דיא בערן דערשמעקט דאס פלייש, האבען זיי זיך דארויף ארויפגעוואָרפען און האבען עס אנגעהויבען צורייסען. דער שטעקען איז אומגעפאלען דיא מינע איז איינגעפאלען.

— פייער! האט געזאגט האטטעראס.

דער דאקטאר האט א קוועטש געטהאן דיא עלעקטערישע באטערע. אין דער מיט שנעע האָט זיך אויפגעהויבען א הויכער זייל פייער. עס האט געגעבען א שרעקליכען טראַך, דאס הויז האט געציטערט. אלע זיינען ארויסגעלאָפען דורך דער מינע, וואס דער דאקטאר האט נעבטען געמאכט און זיינען ארויף אויפ'ן פעלזען זעהן, וואס עס איז געוואָרען פון דיא בערן. דער שנעע ארום איז רויט געוואָרען פון זייער בלוט. דריי זיינען צוריסען געוואָרען אויף שטיקלעך. צוויי האבען נאך געלעבט, זיי האבען אבער זיך ניט

געקענט ריהרען און האבען שרעקליך געברומט. א פאר קונעלן האבען זיי שטיל געמאַכט.
— הורראה! האבען אלע אויסגעשריען. עס לעבע דער דאקטאר פולמאן!
אלע האבען געדאנקט דעם דאקטאר, וואס ער האט זיי גערעטעט פון אזא געפאהר. יעצט אבער האט זיך ערשט אנגעהויבען פאר זיי אן ארבייט. זיי האבען געמוזט אראפראמען דאס אייז און דעם שנעע, וואס דיא בערן האבען אנגעלעגט פאר ייער הויז. דאס האט פערנומען א גאנצען טאג. דערפאר אבער האבען זיי געהאט וואס צו עסען, מען האט געקאכט און געבראטען בערן פלייש. דעם אנדערן טאג האט מען געמוזט רעפארירען דאס הויז. פון דער עקספלאזיאן האט זיך דער דאך צוריהרט און מען האט איהם געמוזט אויסבעסערן. עס זיינען פערגאנגען דריי טאג, איידער זיי האבען געבראכט אלעס אין ארדנונג.

## 24טעם קאפיטעל.

## דער פריהלינג לעבען נארד-פאל.

ענדליך איז געקומען דער פריהלינג אויך אין יענע געגענדען. עס האט אנגעהויבען צו ווערן ווארימער און ווארימער. דאס אייז אויפ׳ן מעער האט אנגעהויבען צו קנאקען און צו ברעכען זיך. פון דיא שפאלטען פון׳ם אייז האט ארויסגעשפריצט דאס מעער וואסער, וויא א פאנטאן. דיא זון האט אנגעהויבען אזוי ווייט צו ווארעמען, אז אויף דיא בערג האט דער שנעע אנגעהויבען צו שמעלצען. דעם 2טען מאי איז געווען אזוי ווארם, אז אין פיעלע ערטער איז דער שנעע אין גאנצען פערשוואונדען און מען האט ארויסגעזעהן דיא ערד.
מיט יעדען טאג זיינען געקומען צו פליעהען אלערליי פייגעל. עס האבען זיך געוויזען זעע הינט און וואלראסע, האזען, וועלף און פיקס. דיא בוכטע וויקטאריא איז געווארען לעבעדיג, אופ׳ן קאפ-וואשינגטאן האבען דיא פייגעל אנגעהויבען צו בויען זייערע נעסטער. דיא גאנצע נאטור האט זיך אויפגעחאפט צו א פרישעם לעבען.
אונזערע רייזענדע פלעגען מאכען לאנגע שפאציערגענגע. יעצט האבען זיי ניט געהאט קיין זארג וועגען פראוויאנט. זיי האבען געהאט פריש פלייש, וויא פיעל זיי האבען געוואלט. בעזאנדערס גליקליך איז געווען דער דאקטאר, ער פלעגט דורך דיא טעג ארומגעהן אין דיא בערג, אין דיא ערטער, וואו דער שנעע איז פערשוואונדען און האט געזוכט, געפארשט און געלערנט. פאר איהם האט געהאט אן אינטערעס יעדעס שטיינדעלע, יעדעס שטיקעלע ערד. יעדער נייער אונבעקאנטער פויגעל, יעדער נייער אונבעקאנטער סארט פיש, וועלכע געפינען זיך נור אין יענע געגענדען. נאהענט ביים ברעג פון׳ם מעער איז דאס אייז צוגאנגען געווארען און מען האט געקענט זעהן, וויא לוסטיגע פישעלעך האבען זיך געשפיעלט אין׳ם קלארען וואסער פון דער בוכטע וויקטאריא.
— אך! איך זאל האבען א באאט אדער א שיפעלע! האט אויסגערופען דער דאקטאר, וויא גליקליך וואלט איך געווען! איך וואלט געקענט אויספארשען אלע אינזלען אין דער בוכטע. בעזאנדערס אבער דיא אינזעל דשאנסאן. דארט געפינט זיך א הויכער בארג, פון וועלכען מען קען איבערזעהן דיא גאנצע געגענד. וואס פאר אן אונבעקאנטע וועלט ליעגט בעגראבען אונטערן שנעע!

ער פלעגט קומען זעהר שפעט א היים און פלעגט אויפגעגעהן גאנץ פריה. זיינע קאמעראדען פלעגען איהם זעלטען זעהן און זעלטען קענען מיט איהם רעדען. פלוצלונג איז איהם אריינגעקומען אין קאָפּ א נייע אידעע.

— לאָמיך פּראָבירען עפּעס פערזייען דא אין דיעזע געגענדען, האט ער א מאל געזאגט צו זיך אליין.

אויף דער „פּארפאיז“ האט זיך געפונען צווישען דיא מעדיצינישע ארטיקעל דיא זאמען (זריעה) פון לעפּעלקרויט Cochlearia, וועלכעס איז דאס בעסטע מיטעל געגען דיא געפעהרליכע קראנקהייט סקארבוט. דיעזעס גראָז וואקסט אין דיא קעלטעסטע געגענדען פון דער וועלט. מען האט געפונען לעפּעלקרויט וואקסען אין שפּיצבערגען, אויף דיא אינזלען „נאָוואיא־זעמליא“ און אויף דיא בערן אינזלען, אזעלבע קאלטע געגענדען, וואו קיין בוימעלע קען ניט וואקסען. אלזא, פארוואס זאל עס ניט וואקסען דא, אין ניר קארנעוואל?

דער דאקטאר האט פיינט געהאט לאַנג צו טראכטען. קוים איז איהם עפּעס אריינגעפאלען אין קאָפּ, האט ער ליעב געהאט עס באלד אויסצופיהרען. ער האט צור גראבען א שטיקעל ערד ניט ווייט פון פולמאן־הויז און האט דאָרט פערזייעט דיא זאמען פון לעפּעלקרויט. וויא גליקליך איז ער געווען, ווען ער האט דערזעהן אין עטליכע טעג ארום, וויא עס האבען ארויסגעשפּראָצט פון דער ערד וויסליך גרינע בלעטעלעך. ער האט געטאנצט פאר פרייד, וויא א קליין קינד. האטטעראס האט איהם אנגעקוקט מיט שמייכען.

— איהר ווילט דא גרינדען א קאָלאָניע, דאקטאר? האט ער איהם געזאגט, איך מיין, אז אין אפריקא אדער אין קאנאדא וועט עס אייך בעסער געלינגען, אלס אין דיעזע אונפריינדליכע געגענדען.

— דערווייל זיינען מיר דא, האט דער דאקטאר געענטפערט גלייכגילטיג, ווען מיר וועלען זיין אין אפריקא, וועל איך נאך א מאל פּראָבירען.

עס איז געקומען דער 18טער מאי. עס האט אנגעהויבען פלוצלונג צו ווערן קאלט און אויף ביי נאכט איז געוואָרען אזא פראָסט, אז דאס קוועקזילבער אין טהערמאָמעטער איז שיער ניט פערפראָרען געוואָרען. גענעראל פראָסט איז אנגעקומען מיט אזא מאַכט, אז אלע וואסערן זיינען פערפראָרען געוואָרען, דיא פייגעל זיינען פערשוואונדען, דיא זעע הינט האבען זיך ניט געוויעזען. עס איז געוואָרען צוריק ווינטער. וויא דורך א צויבער האט דער גענעראל פראָסט פערניכטעט אלעס לעבען אין איין נאכט. מען האט געמוזט א גאנצע נאכט הייצען אין אויווען.

צום ערשטען מאָל זייט זעכצעהן טעג איז דער דאקטאר געקומען פריה א היים. ער איז געווען בייז אויף דיא קעלט. זיא האט איהם געשטערט אין זיינע ארבייטען און פערניכטעט זיין פלאנטאציאָן.

— וואס דענקט איהר, דאקטאר, האט אלטאמאן געפרעגט, וועט דיא קעלט לאַנג דויערן?

— ניין, האט דער דאקטאר געענטפערט. עס פערדריסט איהר, וואס דער זומער קומט אן און וויל זיא ארויסטרייבען פון איהר וואוינונג. זיא שטרענגט אן אלע איהרע

קרעפטע, זיא פראָבירט צום לעצטען מאל ווייזען, וואס זיא קען. עס וועט איהר אבער ניט העלפען. זיא וועט מוזען וייכען,

— זיא פערטהיידיגט זיך געגען דעם זומער, האט געזאגט בעלל פערדראָססען, דערווייל איז אונז גוט קאַלט און וויא איך האב געזעהן, איז אייער פלאַנטאַציאָן, דאקטאר, אויסגעפראָרען.

— יא, איך האב בעגאַנגען א פעהלער, האט דער דאקטאר געזאגט. איך האב פערזייט מיין פלאַנטאַציאָן צו פריה. אין ענגלאנד פערזייען דיא בויערן ניט זייערע פעלדער פארן 13טען מאַי אדער וויא זיי רופען עס, „פארן הייליגען פאַנקראַציוס". איך האב בעליידיגט דעם הייליגען פאַנקראַציוס און ער האט מיך געשטראָפט.

— פון ווען אן זייט איהר פרום געוואָרען, דאקטאר? האט דער אמעריקאנער געלאַכט. איך וואָלט מיר קיין מאל ניט פאָרגעשטעלט, אז איהר גלויבט אין אלע הייליגע, בעזאָנדערס אבער אין אזא סעקאָנד הענד הייליגען, וויא דער הייליגער פאַנקראַציוס, פון וועלכען איך הער צום ערשטען מאל. ביי אונז אין ניו־יאָרק קען מען איהם גאר ניט.

— ליידער, מוז איך אין איהם גלויבען, האט געזאגט דער דאָקטאר מיט אן ערנסט שפּעט־שער שטימע. איהר זעהט דאָך, וואס ער האט אונז אָפּגעטהאָן. נאָך מעהר, ער טהוט זעהר אָפט אָפּ אזעלכע שטיקלעך. געוועהנליך, מוז ביז אין 20טען מאַי זיך ארויסחאפען א פראָסט, בעזאָנדערס קאַלט איז עס אבער, ווען דער פראָסט איז פון'ם 11טען ביז אין 13טען מאַי.

דשאנסאן האט זעהר גוט פערשטאַנען, אז דער דאקטאר שפּאַסט, ווען ער זאָגט, אז דער הייליגער איז שולדיג. ער האט אבער אויך געזעהן, אז ער מיינט עס גאַנץ ערנסט, אז אין מאַי מוזען זיין א פּאָר קאַלטע טעג.

— פאר וואס איז עס, דאקטאר? האט ער געפרעגט. פארוואס מוזען זיין אין מאַי קאַלטע טעג?

— דארויף זיינען דא צוויי ערקלערונגען, האט דער דאקטאר געענטפערט. איינע ערקלערן, אז אין מאַי קומען אויס פיעלע קליינע שטערן צווישען דער ערד און דיא זון. זיי ציעהען צו צו זיך דיא ווארימקייט פון דער זון און אויף דער ערד ווערט א קעלט. אנדערע געלהרנטע ערקלערן עס אויף אזא ארט. אין מאַי ווערט שטאַרק ווארם, דער שנעע צוגעהט און פערשלינגט דיא ווארימקייט פון דער זון. עס איז בעוויעזען אין דער פהיזיק, אז יעדעס מאָל, ווען פון וואַסער ווערט דאַמפּף, אדער פון שנעע — וואַסער, נעהמט עס צו פיעל היץ. ווען אין א גאַנץ הייסען זומערטאג געהט א רעגען, פיהלען מיר נאכ'ן רעגען, אז דיא לופט ווערט פרישער און קיהלער. דאס קומט דערפון, וואס עס איז געוועזן הייס, פון'ם רעגען ווערט באלד דאַמפּף, וועלכעס ציהט צו זיך צו דיא היץ.

ביידע ערקלערונגען, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט, קענען זיין ריכטיג און מיר טאָרען עס ניט פערגעסען, דיא בויערן אין ענגלאנד האבען זיך געוואָלט מאכען א סימן, זיי זאָלען ניט פערגעסען; ווען מען קען ערווארטען קאַלטעס וועטער אין מאָנאט מאַי און האבען אויסגעפונען א קאַלטען הייליגען וועלכער האט צושאפען איבער דיעזע

קאַלטע צייט. ליידער, האט אונז דער קאַלטער הייליגער געגעבען יעצט אזא קאַלטע לעקציאָן, אז מיר וועלען איהם האבען צו געדענקען.

דיא לעקציאָן איז ווירקליך געווען א שטרענגע. ביז צו ענדע מאי איז געווען שרעקליך קאלט. מען האט וויטער געמוזט זיצען אין שטוב און זיך לאנגווייל'ען. יעצט האבען זיי געפיהלט דיא לאנגוויילע ערגער וויא אום ווינטער. עס פערדריסט, ווען עס איז קאלט דאמאלס ווען איך וויים, אז עס דארף שוין זיין וואַרם.

אין דיעזע צייט האט דער דאקטאר געזוכט א געלעגענהייט צו רעדען מיט'ן קאפיטאן האטטעראס, אז זיי זאלען דאך זעהן זיך צוזאמען א באָאָט פון דיא ברעטער פון דער „פארפאיז". ער האט געוואוסט, אז האטטעראס איז דאגעגען, ער וועט ניט וועלען פאָהרען אין א באָאָט, וואס איז געמאכט פון אן אמעריקאנישער שיף. עס איז דאך אבער קיין אנדער האַלץ ניט געווען צובעקומען און באַלד קומט אן דער מאנאט יוני, דיא איינציגע צייט, ווען עס ווערט ווארעמער אין דיעזע געגענדען און מען קען ארויספאהרען אויפ'ן מעער זוכען א וועג א היים אדער צום נאָרד־פּאָל. וואס וועלען זיי דא אויסליעגען? וואס וועט זיין דער תכלית פון זיי? מען מוז דאך עפּעס טהאן. — עס העלפט ניט, ער מוז מיט איהם רעדען און איהם ערקלערן, אז זיי מוזען זיך מאכען א באָאָט. ער האט אויפגעפּאסט א גינסטיגע מינוט און האט אוועקגערופען דעם קאפיטאן האטטעראס אויף א זייט.

— האטטעראס, גלויבט איהר, אז איך בין אייער פריינד?

— געוויס, דאקטאר! איהר זייט מיין בעסטער, מיין איינציגער פריינד.

ווען איהר האַלט מיך פאר אייער בעסטען פריינד, וועט איהר געוויס צוגעבען, אז ווען איך וויל אייך געבען אן עצה, האב איך דערביי קיין שום אינטערעס ניט; איך מיין נור אייער טובה.

— איך בין איבערציינגט, אז איהר זוכט ניט אייער נוצען און מיינט ניט אייער אינטערעס, האט האטטעראס געזאגט. צו וואס אבער זאָגט איהר עס מיר?

— איך וועל עס אייך באלד זאגען. צוערשט מוז איך אייך אבער שטעלען נאך א פראגע. האַלט איהר מיך פאר אן עכטען ענגלענדער, ביי וועלכען דיא עהרע פון זיין פאטערלאנד איז טהייער?

— געוויס, דאקטאר.

— יעצט קום איך צום ריכטיגען פונקט. איהר ווילט קומען צום נאָרד־פּאָל. דאס איז זעהר א גרויסע זאך, זעהר א וויכטיגע זאך. איך בין מיט אייך איינפערשטאנדען. אום אבער אזא הויכען ציעל צודערגרייכען, מוז מען דאך אנווענדען געוויסע מיטעל.—

— וואס ווילט איהר דאקטאר? האב איך דען ניט אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטעל? האב איך דען ניט געאָפּפערט מיין פערמעגען, מיין געזונד און מיין לעבען?

— אבער ניט אייער שטאָלץ. איז איהם דער דאָקטאָר אריינגעפאַלען אין דיא רייד.

— איך פערשטעה, וואס איהר מיינט — מאכען א באָאָט....

— הערט מיך אויס, האטטעראס, האט דער דאקטאר געבעטען. לאָמיר בעד־טראַכטען אונזער לאַגע און לאָמיר זיך דורכרעדען, וויא קלוגע מענשען, איבער אונזער ציעל. מיר געפינען זיך יעצט אויף א לאַנד, וועלכע קיין אייראָפּעער האט נאך ניט

אויסגעפאָרשט. מיר ווייסען ניט, אויב מען קען צוקומען דורך דיעזעס לאַנד צום נאָרד־פּאָל אדער ניט. גיבער ניט, אזוי האבען אונז פיעלע פאָרשער פאר אונז געזאגט. אלע דערצעהלען, אז זיי האבען געטראָפען א מעער, וועלכעס איז פריי פון אייז. דער זומער קומט אן. מיר וועלען געהן צום נאָרד־פּאָל. וואס וועלען מיר טהאן, ווען מיר קומען צו א מעער? מיר זיינען נאָהענט צו אונזער ציעל, מיר זעהן דעם נאָרד־פּאָל און קענען צו איהם ניט קומען, ווייל מיר האבען ניט דאס קלענסטע שיפעלע, דאס קלענסטע באָאָט אריבער צושווימען א האלבע מייל וואסער. וואס פאר א פנים וועלען מיר דאמאלס האבען? דורך אייער שטאָלץ, וואס איהר ווילט ניט האבען א באָאָט פו׳ם האָלץ פון אן אמעריקאנישער שיף, וועלען מיר פערליערען אונזער מיה, אונזער פלייס און אונזער ארבייט.

האטטעראס האט געשוויעגען. ער האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און האט זיך פערטראכט.

— לאָמיר בעטראכטען דיעזע פראגע פון אנאנדער שטאנד פונקט, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט. מיר זיינען ענגלענדער. דיא עהרע פון אונזער פאטערלאנד איז ביי אונז טהייער. מיר זיינען געפאהרען אין אונבעקאנטע מעערן. האבען געליטען הונגער און קעלט, זיינען אויסגעשטאנען דיא גרעסטע געפאהרען אום צו ווייזען דער וועלט, אז ענגלאנד און דיא ענגלענדער זיינען דיא ערשטע געלערנטע, דיא גרעסטע נאטורפאָרשער און דיא גרעסטע ענטדעקער פון נייע וועלטען. יעצט זאָלען מיר אוועקווארפען אונזער ארבייט אין דער מיט נור דערפאר, ווייל דאס באָאָט, וואס קען אונז ברענגען צום ציעל איז געמאכט געוואָרען פון אמעריקאנישע ברעטער? וואס וואָלט איהר געטהאן, ווען איהר זאָלט געפינען ברעטער פון א שיף און איהר ווייסט ניט, אויב זיא איז אן אמעריקאנישע אדער א טערקישע? — קוים איז דאס באָאָט געמאכט פון ענגלענדער, איז עס אן ענגלישע.

האטטעראס האט נאך אימער געשוויעגען.

— איך מיין, אז אייך הארט ניט דאס באָאָט, האט דער דאקטאר ווייטער געזאָגט. אייך הארט, וואס מיר האבען צווישען אונז אן אמעריקאנער. —

— יא, דאקטאר! דא האט איהר געטראָפען. איך האס דעם אמעריקאנער, איך קען איהם ניט אנקוקען פאר זיין שטאָלץ און פאר זיין גרויסקייט. דער דורכגעטריעבעער יענקי מיינט, אז ער איז אונזער רעטער, אונזער אנפיהרער, אונזער קאפיטאן. האט איהר דען ניט בעמערקט, וויא פרעך דער יענקי איז געוועזן, ווען מיר האבען געגעבען נעמען דיא פערשיעדענע טהיילע פון דיעזער געגענד? איהר האט ניט בעמערקט, מיט וואס פאר א שטאָלץ ער האט א נאמען געגעבען דעם בארג וואשינגטאָן. ער האט עס ניט געטהאָן אום וואשינגטאָן צו עהרען, זאָנדערן אום אונז צו קרענקען. — האט דער פאלשער ליעגנערישער יענקי אונז געזאגט דיא וואהרהייט, וויא אזוי ער קומט אהער? — ניין. וואס ער האט אונז געזאגט, איז ליעגען. אזוי זיינען דיא יענקי׳ס. קיין וואהר וואָרט געהט פון זייער מויל ניט ארויס. איהר וועט פון איהם קיין מאל ניט וויסען, וואוהין ער איז געפאהרען מיט זיין שיף און ווער עס האט איהם געשיקט.

— וואס געהט עס אונז אן, וואס זיין צוועק איז געוועזן? האט דער דאקטאר געענטפערט. לאָז ער טהאָן, וואס ער וויל. מיר וועלען טהאן, וואס מיר ווילען. ער וויים

דאָך נים, צו וואס פאר א צוועק מ י ר זיינען געקומען אהער. ער וועט עס אויך קיין מאל נים וויסען.

— ווען מיר וואָלען קענען איהם דא איבערלאָזען, וואָלם ער געוויס נים געוואוסט. האט האטטעראס געזאגט.

— דאס איז אונמעגליך, האטטעראס. מיר קענען דאך נים לאָזען א מענש אליין אין דיזער געפעהרליכער געגענד. ער אליין וועט עס אויך נים וועלען. ניין, האטטעראס, מיר מוזען איהם מים נעהמען, מיר וועלען איהם אבער נים זאגען, צו וואס פאר א צוועק מיר געהן קיין נאָרדען. מיר וועלען זאגען איינפאך, אז מיר ווילען אויספאָרשען דאס לאנד.

מים שווערער מיה איז עס ענדליך געראָטהען דעם דאקטאר איינצורעדען קאַפּיטאן האטטעראס, אז מען זאָל בויען א באָאט. יעצט איז נאך געבליעבען צו פרעגען אלטאמאן, אויב ער וועט עס ערלויבען. ביים מיטאג עסען האט דער דאקטאר אנגעהויבען צו רעדען, אז מען מוז מאכען א לאנגע רייזע אום צו זעהן, וויא אזוי א היים צו פאָהרען.

— איהר וועט געוויס אויך געהן מיט אונז? האט ער געפרעגט דעם אמעריקאנער.

— געוויס! האט דער יענקי געענטפערט, איך מוז וויסען וויא גרויס „ניי־אמעריקא" איז. איך מיין, אז עס וואָלט גלייך געווען, מיר זאלען מאכען א באָאט, אדער א קליינע שיף פון דיא ברעטער פון דער „פארפאיז", דאס איז נאך דיא איינציגע זאך, וואס מען קען פון איהר מאכען.

האטטעראס האט זיך געביסען דיא ליפען. דער דאקטאר אבער האט זיך געמאכט נים וויסענדיג און האט געזאָגט:

— אזוי בלייבט עס! מאָרגען נעהמען מיר זיך צו דער ארבייט.

25טעס קאפיטעל.

## זומער ארום נאָרד־פּאָל.

ענדליך האט אנגעהויבען ווארים צו ווערן. דעם 29טען מאי איז דיא זון שוין נים אונטער געגאנגען. מען האט געזעהן, וויא זיא געהט ארום אלע פיער עקען פון דער וועלט. עס האט זיך אנגעהויבען דער טאג, וועלכער דויערט דריי מאנאטע. דיא זון האט אנגעהויבען צו ווארעמען און דער שנעע האט אנגעהויבען שטארק צו שמעלצען. ביי דיא ברעגעס פון דער בוכטע וויקטאריא איז דאס אייז פערשוואונדען. מיט יעדען טאג זיינען געקומען צו פליהען נייע פויגעל און עס האבען זיך געוויעזען אלערליי טהיערע פון'ם נאָרד־פּאָל. זיי האבען נאך קיין מאל נים געזעהן קיין מענשען און האבען נים געוואוסט, אז ער איז זייער פיינד, דערפאר האבען זיי זיך פאר איהם נים געהיט.

איין מאל זיינען אונזערע רייזענדע געגאנגען אויף דער יאגד. זיי זיינען צוגעקומען צו א בערגעל, אויף וועלכען עס האט געוואקסען א סאָרט מאָאס (מאָך). וויא ערשטוינט זיינען זיי געווען, ווען זיי האבען דערזעהן דריי יונגע האָזען ארויסשפּריגגען פון אונטער א שטיין און לויפען זיי ענטגעגען. דיא יונגע האָזען זיינען זיי געקראָכען אויף דיא פיס און האבען זיך געלאָשטשעט צו זיי, וויא דיא קעצלעך. אלטאמאן האט זיי געוואלט

האפען. לאָזט זיי צו רוה, אלטאמאן, האט דער דאקטאר געבעטען. וויא קענען מיר מויטען א חיה, וואס האט אזוי פיעל צוטרויען צו אונז? לאָזט זיי לעבען!

עס איז געווען א פערגניגען צו זעהן, וויא דיא קליינע האָזען האבען זיך געלאָזען גלעטען און האבען געלעקט דיא הענד פון אונזערע יעגער.

געגען מיטאג האבען זיי זיך אָפּגערוהט און האבען געגעסען זייער פריהשטיק. דאס וועטער איז געווען שעהן און זיי האבען בעשלאָסען זיך אויסצורוהען אביסעל און ווייטער צו געהן אויספאָרשען דיא געגענד אוו, ווען זיי וועלען אנטרעפען א מאָשום אָקס, זאלען זיי איהם שיעסען.

דער מאשום אָקס אז א חיה, וועלכע געפינט זיך נור אין דיא קאלטססטע געגענדען. ער איז גרויס, וויא א גרויסע ציג און דער קאָפּ איז וויא פון א בופעלאקס. ער איז בעדעקט מיט ווייכע לאַנגע האר. דיא עסקימאָסען עסען זיין פלייש, דיא אייראפּעער אבער קענען עס ניט עסען, ווייל עס שמעקט זעהר שטארק מיט מאשום (פּיזעם). זיין פעל איז זעהר וואַרם און דיא עסקימאָסען מאַכען זיך קליידער פון איהר. ער איז זעהר ווילד און עס איז איהם ניט לייכט צו פאנגען. ווען מען רייצט זיי, ווערן זיי געפעהרליך. מיט זייערע שטארקע און שארפע הערנער קענען זיי דורכבויערן א ברעט.

פאר נאכט זיינען זיי אויפגעשטאנען און זיינען ווייטער געגאנגען. זיי זיינען ארויפגעגאנגען אויף א בארג און האבען דערזעהן פונפצעהן ביז צוואנציג רענטהיערע (א סאָרט הירש). דיא רענטהיערע זיינען ניט אנטלאָפען פאר זיי זאגאר ווען דיא יעגערס זיינען צוגעקומען צו זיי און האבען זיי גענומען ביי דיא הערנער. דער דאקטאר איז געווען ענטציקט. ער האט געגלעט דיא רענטהיערע, האט זיי געקוקט אין דיא אויגען, האט גערעדט צו זיי און האט זיי ארומגענומען. אלטאמאן איז געשטאנען, וויא אויף שפּילקעס. עס האט זיך איהם געוואָלט שיעסען א פּאָר רענטהיערע.

— אך, לאָזט זיי צו רוה! האט דער דאקטאר געבעטען. לאמיר בעטראַכטען דיא טהיערע, וויא זיי לעבען, איידער דער שלעכטער מענש איז געקומען צו זיי. איך זעה, אז זיי קומען ערגעץ פון אנאנדער געגענד, וואו קיין מענש איז נאך ניט געווען. זיי קומען ניט פון אמעריקא.

— פון וואנען ווייסט איהר עס, דאקטאר? האט אלטאמאן געפרעגט פערוואונדערט.

— ווען זיי זאלען קומען פון אמעריקא, האט דער דאקטאר געענטפערט, וואָלטען זיי געוואוסט, וויא דיא צוויי פיסיגע חיה, וועלכע רופט זיך מענש, איז שלעכט און פערדאָרבען. זיי וואלטען אנטלאָפען פון אונז, וויא פון פייער.

— מיר זיינען דאך יעגער! האט אויסגעשריען אלטאמאן, דארפען מיר שיעסען יעדע חיה, וואס מיר טרעפען.

— בערוהיגט אייך, פריינד, האט דער דאקטאר געענטפערט. מיר וועלען נאך צייט האבען צו שיעסען און צו טייטען. דערווייל דארפען מיר ניט, איז גלייכער ארומצוגעהן פריינדליך מיט דיעזע שעהנע טהיערע. — פריינדליכקייט און גוטסקייט איז אויך א מאַכט.

— איך וואָלט א בעלן געווען צו זעהן, וויא אזוי איהר וועט ארומגעהן פריינדליך מיט ווייסע בערן און מיט וועלף, האט אלטאמאן געלאכט.

— ליעבער פריינד, ווייסע בערן איז עטוואס אנדערש. זיי זיינען ווילד און בלוט־דורשטיג. זיי רייסען און בייסען יעדען, וואס זיי בעגעגענען. זיי זיינען זעהר עהנליך צו מענשען.

דער טאג איז פערגאנגען און זיי האבען קיין איינציגע חיה ניט געשאָסען. דעם אנדערן טאג האבען זיי בעשלאסען צו געהן אין אנאנדער געגענד. זיי זיינען אוועקגע־גאנגען עטליכע מייל און האבען גאר ניט געטראפען. דיא גאנצע געגענד איז געווען בעדעקט מיט ניט הויכע בערג. אין דיא טאָהלען איז נאך געלעגען טיעפער שנעע. אייניגע טייכען זיינען נאך געווען בעדעקט מיט אייז. און דאס איז געווען אין דער מיט זומער, דעם 17 טען יוני!

געגען מיטאג האבען זיי געוואָלט זיך זעצען אָפּרוהען, ווען זיי האבען דערהערט, אז דיוק, דעם קאפּיטאַן׳ס הונד בילט זעהר שטאַרק. זיי זיינען געגאנגען זעהן, וואס דאָרט איז און האבען דערזעהן, אז דיוק בילט אויף צוויי זאָנדערבארע חיות. דער דאָק־טאָר האט באלד דערקענט, אז דאס זיינען מאשום אָקסען. פארן הונט האבען זיך דיא מאשום אָקסען ניט דערשראָקען, קוים אבער האבען זיי דערזעהן מענשען, זיינען זיי באלד אנטלאָפען געוואָרען.

— דאס זיינען אמעריקאנער, האט דער דאקטאר געזאגט. זיי ווייסען שוין, וויא גוט און בארמהערציג דער מענש איז.

אלע האבען אנגעהויבען נאכיאגען דיא מאשום אָקסען. זיי האבען נאך דיעזעס טהיער קיין מאל ניט געשאָסען און האבען געוואלט פערזוכען, וואס פאר א טעם זייער פלייש האט. אזוי וויא דיא אָקסען זיינען געלאפען זעהר שנעל, האט דער דאקטאר גע־פונען, אז עס איז גלייבער, מען זאל זיי לאזען לויפען, ביז זיי וועלען זיך בערוהיגען און בלייבען שטעהן, דאן זאלען זיי זיך צוטהיילען אויף צוויי פארטיעען און ארומגעהן דיא אָקסען פון צוויי זייטען. גאנץ ווייט האבען דיא מאָשום אָקסען ניט געקענט אנטלפויען, ווייל דאס מעער איז געווען נאָהענט און זיי זיינען גראַדע געלאפען צום מעער. זיי האבען אזוי געטהאן, ווען דיא מאָשום אָקסען האבען געזעהן, אז מען יאָגט זיי ניט נאך, זיינען זיי באלד געבליעבען שטעהן. אונזערע יעגער האבען זיך צוטהיילט און האבען אנגעהויבען זיך צו צוגנבענען צו דיא אָקסען. זיי זיינען געקראָכען אויף אלע פיער, האבען זיך בע־האַלטען צווישען שטיינער און האבען זיך אראָפּגעקייקעלט פון בערגלעך, ביז זיי זיינען צוגעקומען נאהענט צו דיא מאָשום אָקסען. פּלוצלונג האבען זיי זיך אויפגעהויבען און האטטעראס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט אויסגעשאסען אויף דיא אָקסען. זיינע קוגעלן האבען אבער ניט גוט געטראָפען. דיא אָקסען האבען זיך ארויפגעווארפען אויף איהם מיט א שרעקליכער רציחה. זייערע אויגען זיינען געווארען פול מיט בלוט, זיי האבען אראָפּגעלאָזען זייערע קעפּ מיט זייערע שרעקליכע שארפע הערנער און זיינען צו געלאפען מיט אזא איםפּעט, אז זיי האבען איהם באלד אניעדער געוואָרפען אויף דער ערד.

— ער איז פערלארען! האט בעלל אויפגעשריען. זיי וועלען איהם צו טרעטען מיט דיא פיס אדער צו לעכערן מיט זייערע הערנער.

אלטאמאן איז געשטאנען א פאר סעקונדען און האט געטראכט, ער האט פיינט געהאט האטעראס'ן, וויא האטעראס האט איהם פיינט געהאט. זיין ערשטער געדאנק איז געווען: לאמיך לאזען דיא מאשוס אָקסען, זיי זאלען איהם טייטען. באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט און איז צוגעלאפען צו זיין שונא.

— מוטה, האטעראס! האט ער א געשריי געטהאן און האט אנגעהויבען צו האקען דיא אָקסען אין קאָפּ אריין מיט זיין האק. שיעסען האט ער ניט געקענט. ער וואלט געקענט טרעפען האטעראס'ן.

דער דאקטאר און בעלל זיינען אויך צוגעקומען מיט זייערע מעסערס און העק. באלד זיינען ביידע מאשוס אקסען געלעגען טויט אויף דער ערד. האטעראס האט בעקומען עטליכע שטארקע קלעפּ פון דיא מאשוס אקסען, ער איז אבער געווען גערעטעט און האט געהאט צו פערדאנקען זיין לעבען א מענשען, וועלכען ער האט פיינד געהאט, וויא דעם טויט. ער האט זיך אויפגעהויבען לאנגזאם פון דער ערד, איז צוגעגאנגען צו אלטאמאן און האט איהם געזאגט:

— איך דאנק אייך, אלטאמאן, איהר האט מיר גערעטעט דאס לעבען.

— איהר האט מיין לעבען אויך גערעטעט, מיר זיינען יעצט קוויט, האט דער אמעריקאנער געענטפערט.

— ניין, אלטאמאן, האט האטעראס געזאגט, מיר זיינען ניט קוויט. ווען מיר האבען אייך ארויסגעשלעפּט פון'ם בארג מיט שנעע, האבען מיר ניט געוואוסט, ווער איהר זייט און מיר האבען גאר ניט ריסקירט. איהר אבער האט איינגעשטעלט אייער לעבען דאמאלס, ווען איהר ווייסט, ווער איך בין.

— איהר זייט א מענש, גלייך וויא איך, האט אלטאמאן געזאגט. וואס מען זאל ניט זאגען אויף דיא אמעריקאנער; וואס פאר א פעהלער זיי זאלען ניט האבען — איין זאך איז געוויס: זיי זיינען קיין פייגלינגע.

— אה, דאס ניט! האט דער דאקטאר געזאגט. מיר זיינען אלע גלייכע מענשען, דער אמעריקאנער איז ניט ערגער פון'ם ענגלענדער. אלטאמאן איז אזא מענש, וויא האטעראס.

— און ער זאל אויך האבען א טהייל אין דער עהרע, ווען מיר וועלען דערגרייכען אונזער ציעל, האט האטעראס געזאגט גערוהרט.

— אלזא, האב איך ריכטיג דערראטהען, האט אלטאמאן געזאגט. איהר האט זיך אונטערגענומען צו ענטדעקען דעם נאָרד־פּאָל?

— יא, האט געזאגט האטעראס שטאָלץ. וואס איז דען געווען אייער ציעל?

— איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, איך האב פון אזא הויכען ציעל ניט געדאכט. איך האב איינפאך געזוכט א וועג ארומצופאהרען אמעריקא איבערן אייד־מעער.

האטעראס האט איהם אויסגעשטרעקט ביידע הענט.

— אלטאמאן! זייט אונזער קאָמפּאניאָן, לאמיר צוזאמען ענטדעקען דעם נאָרד־פּאָל; לאמיר ווייזען דער וועלט, אז דער מענש קען אלעס דערגרייכען, ווען ער וויל נור.

זיי האבען זיך אומגעקוקט צום דאקטאר און האבען דערזעהן אויף זיינע באקען טרערין

— פריינדע! האט ער זיי געזאגט, איהר האט מיך אזוי גליקליך געמאכט, וואס איהר האט זיך פעראייניגט און זייט געווארען גוטע פריינד, אז איך בין גערירהרט. יעצט זעה איך ארויס, אז זעהר אפט קומען פאר שטרייטיגקייטען און פיינדשאפט צווישען מענשען נור דערפאר, וואס זיי רעדען זיך ניט דורך. יעדער געהט ארום אנגעבלאזען און האלט איין דיא אונצופריעדענהייט אין זיך. ער זאגט עס ניט ארויס. דיא פיינד־שאפט ווערט אלע מאל גרעסער, ביז זיי ווערן איינער דעם אנדערן דם שונאים. ווען יעדער זאל באלד געווען ארויסזאגען דעם אנדערן, פאר וואס ער איז מיט איהם ניט צופריעדען און דער אנדערער וואלט זיך פערענטפערט, וואלטען זיי געבליעבען גוטע פריינד.

דיא נייע פריינד האבען זיך צוביסלעבוויים בערוהיגט. יעצט האבען זיי זיך אומגעקוקט אויף דיא אורזאכע פון זייער פריעדען, אויף דיא צוויי מאשוס אקסען.

— איך בין א שלעכטער יעגער, האט דער דאקטאר געזאגט, דערפאר בין איך א גוטער העקער (בוטשער) איך קען ארומגעהן מיט׳ן מעסער און שניידען טויטע קערפער.

ער האט זיך גענומען אפשינדען דיא אקסען און זיי צושניידען. עס האט געדויערט א פאר שטונדען, איידער ער איז פערטיג געווארען מיט זיין ארבייט. עס איז געווען מעהר אלס הונדערט פונט פלייש. ער האט צוטהיילט דאס פלייש אויף פיער טהיילע, יעדער האט גענומען זיין פעקעל און זיי זיינען געגאנגען א היים. זיי זיינען געווען זעהר מיעד און הונגעריג. דשאנסאן, וועלכער איז ניט געגאנגען מיט זיי און איז געבליעבען אין דער היים צו בעוואהרען דיא ווירטהשאפט, האט זיי אנגעגרייט א גוטען מיטאג. ווען מען האט זיך געזעצט עסען, האט דער דאקטאר געזאגט:

— דשאנסאן! ווען מיר זיינען ארויסגעגאנגען היינט אין דער פריה פון דער היים, האב איך געהאט מיט מיר אן ענגלענדער און אן אמעריקאנער, איך האב צוריקגעבראכט צוויי ב ר י ד ע ר.

יעצט האט זיך אנגעהויבען א נייער לעבען ביי אונזערע רייזענדע. זיי האבען זיך גענומען שטארק צו דער ארבייט און אין אייניגע טעג ארום איז דאס באאט פערטיג געווארען. דעם 20טען יוני האט עס שטארק גערעגענט. עס האט זיך זיי פארגעשטעלט א זעלטענע ערשיינונג. דאס אייז אין דער בוכטע וויקטאריא האט אנגעהויבען צו ציטערן און צו ברעכען זיך. עס איז געווען דייטליך, אז קוים וועט זיך אויפהויבען א שטארקער ווינד, וועט זיך דאס גאנצע אייז אויפהויבען און וועט בילדען איידבערג און אייזפעלדער.

ענדע יוני איז דאס באאט געווארען פערטיג און זיי האבען געמאכט א פראבע צו פאהרען אויף איהם א שטיקעל וועג. זיי זיינען צוגעפאהרען צו דער אינזעל דשאנסאן, וואוהין דער דאקטאר האט אלץ געגארט צו זיין, ווען דיא אינזעל וועט זיין פריי פון שנעע. ער איז אבער געבליעבען זעהר אונצופריעדען, ווען ער האט אויסגעפונען, אז דיא אינזעל איז שטיינעריג און עס וואקסט אויף איהר גאר ניט. נור דיא זעע הינט פלעגען

זיך אהין צונויפקומען, ווייל דארט האט זיי קיינער ניט געשטערט. און דשאנסאן איז געווען צופריעדען מיט דער אינזעל, ווייל זיא האט געטראגען זיין נאמען.

דאס באָאט האט זיך געוויעזען זעהר גוט און אונזערע רייזענדע האבען אנגעהויבען זיך פּאַרצובערייטען צו געהן צום נאָרד־פּאָל. נאך זייער רעכנונג זיינען זיי געווען ניט מעהר, וויא הונדערט און פונפציג ענגלישע מייל פון'ם נאָרד־פּאָל. ווען זיי זאלען מאכען צעהן מייל א טאג, קענען זיי קומען אין פונפצען טאג צום נאָרד־פּאָל. וועלען זיי אבער טרעפען וואסער אויפ'ן וועג, קענען זיי קומען אין צעהן טאג. דער באָאט איז געווען גוט און מיט א גוטען ווינט קענען זיי איינפאהרען 25 — 30 מייל א טאג אויפ'ן וואסער.

אין דריי טאג איז אלעס געווען פערטיג צו דער רייזע. דאס באָאט האבען זיי ארויפגעשטעלט אויפ'ן שליטען. אין באָאט האבען זיי צונויפגעפּאקט זייערע זאכען און זייער פּראָוויאנט. דעם 1טען יולי זיינען זיי ארויסגעפאהרען פון „פולמאן־הויז". עס איז זיי געווען זעהר שווער צו שיידען זיך פון אן אָרט, וואו זיי האבען צוגעבראכט דעם ווינטער און איבערגעלעבט אזוי פיעל פרייד און לייד. עס האט אבער ניט געהאָלפען. מען האט געמוזט געהן.

דיא ערשטע צוויי טאג האבען זיי געמאכט צוואנציג מייל, צו צעהן מייל א טאג, אזוי וויא זיי האבען אָפּגערעדט. יעצט איז זיי געווען פיעל בעסער צו געהן. מען האט געקענט געבטיגען אין דרויסען. מען האט ניט געדארפט בויען א קרעטשמע פון שנעע אויף יעדע נאכט. דאס געצעלט, וואס זיי האבען געהאט מיט זיך, איז געווען גענוג פאר זיי. אין אייניגע ערטער איז נאך געלעגען א טיעפער שנעע, אין אנדערע איז געווען דער שנעע צוגאנגען און דאס וואסער האט בעדעקט גאנצע שטרעקען לאנד, אויפ'ן וועג האבען זיי בעגעגענט זעהר פיעל חיות. זיי האבען אבער ניט געשאָסען זיי, ווייל האט־טעראס האט ניט געוואָלט פערליערען דיא צייט. יעדע שטונדע האט איהם געבראכט נעהנטער צום ציעל.

דעם דריטען טאג זיינען זיי געקומען צו א גרויסען זעע (אָזיעראָ) וועלכער איז געווען נאך אין גאנצען בעדעקט מיט אייז. דאָס אייז איז געווען אזוי שטארק, אז עס וואָלט געקענט אויסהאלטען אויף זיך א גאנצע ארמעע. מען האט געזעהן דייטליך, אז דאס אייז איז ניט פון איין ווינטער. זיי האבען בעשלאָסען צו איבערנעכטיגען אויף דיעזען וואונדערבארען טייך, וועלכער איז שטענדיג בעדעקט מיט אייז.

זאָנדערבאר! וואס ווייטער זיי זיינען געגאנגען צום נאָרד־פּאָל, אלץ מילדער און אנגענעהמער איז געוואָרען דאס קלימאט. זיי האבען נאך צוואר זעהר אָפט אנגע־טראָפען גרויסע שטרעקען לאנד בעדעקט מיט שנעע, אבער פון נאָרדען האט געוועהט אן אנגענעהמער, וואָרעמער ווינט.

דעם 5טען יולי האבען זיי געזעהן א וואונדערבארע ערשיינונג. זיי האבען געזעהן פון דער ווייטען א הויכען בארג, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט רויטען שנעע. דער שנעע איז געווען רויט, וויא בלוט און אזוי וויא דער טאג איז געווען גאנץ ווארם און דער שנעע איז צוגאנגען, האט זיך אויסגעוויעזען, אז פון'ם בארג רינען אראָפּ טייכלעך בלוט. אלע זיינען געווען איבערראשט פון דיעזער זעלטענער ערשיינונג. דער דאקטאר האט זיי ערקלערט, אז דער שנעע איז טאקע ווייס, נור אויף איהם וואַקסען א סאָרט

רויטע שוועמלעך. זיי זיינען אזוי קליין, אז מען קען זיי זעהן נור דורך א גוטען מיקראָ־סקאָפּ. אויף א צאָל די ברייט געפינען זיך מיליאָנען פון דיעזע רויטע שוועמלעך. דיעזע שוועמלעך, אדער רויטען שנעע געפינט מען אויך אויף דיא בערג אין דער שווייץ. וועלכע זיינען בעדעקט מיט אייביגען שנעע.

דאס האט זיי אזוי אינטערעסירט, אז זיי־זיינען צוגעגאנגען נעהנטער בעטראַכטען דיעזע זעלטענע ערשיינונג. זיי האבען אויסגעפונען, אז גאנצע אַכט פוס טיעף איז דער שנעע געווען רויט.

דער 6טער יולי, איז געווען זעהר א שעהנער טאג. אלטאמאן און האטטעראס זיינען געגאנגען פאָראויס. זייט זיי האבען זיך פערנאנדער גערעדט, פלעגען זיי שטענדיג געהן צוזאַמען און פלעגען אָפט אוועקגעהן א גאנצע מייל פאָראויס. וויא גרויס איז געווען זייער איבערראַשונג, ווען זיי זיינען פלוצלונג געבליעבען שטעהן לעבען א פרייעס מעער. וויא ווייט דאס אויג האט געקענט גרייכען, האט מען ניט געזעהן קיין ברעקעל אייז.

— דאס פרייע מעער! דאס פרייע מעער! האבען זיי ביידע געשריען און געמאַכט מיט דיא הענד.

דיא איבעריגע האבען עס בעמערקט און זיינען צוגעלאפען זעהן, וואס דאָרט איז. א לאנגע שורה פון ניעדעריגע בערגלעך האט פערשטעלט דאס מעער. האטטעראס און אלטאמאן זיינען געווען גליקליך. זיי האבען באלד גענומען זייערע אסטראָנאָמישע אינסטרומענטען און האבען אנגעהויבען אויסצורעכענען, וואו זיי געפינען זיך יעצט. זיי האבען אויסגעפונען, אז זיי זיינען אין גאנצען 45 מייל ווייט פונ'ם נאָרד־פּאָל. מיט א גוטען ווינד קענען זיי עס מאַכען אויפ'ן באָאט אין איין טאג.

— מיר מוזען א נאמען געבען דיעזעס מעער, האט דער דאקטאר אויסגערופען. איך וואָלט פאָרגעשלאגען, עס זאל הייסען „האטטעראס־מעער“.

— ניין, פריינד, האט האטטעראס געזאגט. דאס מאל זאל עס הייסען אלטאַ־מאן'ס־מעער. עס וועט זיך נאך פאר מיר אויך עפּעס געפינען. — יעצט מוזען מיר אראָפּלאָזען דאס באָאט אין וואַסער און פאהרען צו אונזער ציעל.

זיי האבען זיך גענומען אויספּאַקען דעם שליטען. ביז אהער איז דאס באָאט גע־שטאַנען אויפ'ן שליטען, יעצט מוז מען דעם שליטען אַרויפשטעלען אויפ'ן באָאט. דיא ארבייט האט געדויערט ביז פארנאַכט. אלע זיינען געווען מיעד און האבען זיך געוואָלט אָפּרוהען. האטטעראס אבער האט זיך געאיילט, ער האט געוואָלט זיין אם גיכסטען ביים נאָרד־פּאל. ער האט געציטערט, וויא אין פיעבער צו זיין דער ערשטער אויפ'ן נאָרד־פּאל. זיי האבען איהם געמוזט צוליעב טהאן און זיך זעצען אין באָאט. באלד האט דשאנסאן אויפגעצויגען דעם זעגעל און דאס באָאט איז געשוואומען גאנץ לוסטיג אויף דיא קלאָרע, דורכזיכטיגע און שטילע וואַסערן פונ'ם אלטאמאן־מעער.

יעצט האט דער דאקטאר געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט צו שטודירען דאס מעער מיט אלע לעבעדיגע זאכען, וואס געפינען זיך אין איהם. דאס וואַסער איז געווען אזוי ריין און אזוי דורכזיכטיג, אז מען האט געקענט זעהן, וויא דיא פיש שפּיעלען זיך אויפ'ן באָדען. עס זיינען אבער געווען אזוי פיעל סאָרטען, אזוי פיעל פאָרמען, אז דער דאקטאר האט ניט געוואוסט, ניט וויא זיי הייסען, ניט וואס זיי זיינען, ניט וויא אזוי

זיי לעבען. מיר האבען קיין בעגריף ניט, וואס פאר א פאָרמען און געשטאַלטען פון פיש און פון חיות עס געפינען זיך אין מעער, וועלכען דער מענש האט נאך ניט געטריעבט מיט זיין נעץ. אלע האבען בעטראַכט מיט ענטציקען דיעזע זאָנדערבארע בעשעפענישען, וועלבע זיינען אלע מאל ארויפגעקומען פון דער טיעפעניש, האבען געשוואומען א געוויסע צייט אויפ'ן וואסער, גלייך וויא זיי האבען געוואָלט בעטראַכטען דיא נייע געסט, און זיינען באלד ווידער פערשוואונדען. איבער זייערע קעפּ זיינען געפלויגען אלערליי פייגעל, וועלבע דער דאקטאר האט קיין מאל ניט געזעהן און האט פון זיי קיין מאל ניט געהערט. זיי זיינען אָפט געקומען זיך אניעדערזעצען אויפ'ן באָאט אָפּרוהען. זיי האבען נאך קיין מאל קיין מענשען ניט געזעהן.

— אך, וויא גרויס, וויא הערליך איז דיא נאטור! האט אויסגערופען דער דאקטאר. מיר מיינען, אז מיר האבען זיא שוין דערפאָרשט; מיר מיינען, אז מיר קענען זיא שוין. איך מוז יעצט געשטעהן, אז מיר ווייסען נאך גאר נישט.

איין שטונדע נאך דער אנדערער איז פערגאנגען. האטטעראס איז אליין געשטאנען ביים רודער און האט געפיהרט דאס באָאט קיין נאָרדען. אלע זיינען געווען מיעד און זיינען אנשלאָפען געוואָרען. דאס רוהיגע שטילע שאָקלען פון'ם נאָרדפּאָל־מעער האט זיי איינגעוויעגט, וויא אין א וויעגעלע. זיי האבען ניט בעמערקט, וואס פאר א שטרעקע זיי זיינען אריבער געפאהרען; זיי האבען ניט בעמערקט, וויא דער באָדען פון'ם מעער איז געוואָרען אלע מאל דייטליכער. פלוצלונג האט האטטעראס א געשריי געטהאן:

— לאנד! לאנד!

וויא אן עלעקטרישער שלאג האט דיעזעס וואָרט: לאנד! געווירקט אויף אלעמען. זיי האבען זיך אויפגעהאפּט, וויא דיא אָפּגעבריהטע און האבען זיך געשטעלט לעבען האטטעראס קוקען אויף דאס לאנד, וועלבעס געפינט זיך בי'ם נאָרד־פּאָל. דאס לאנד איז נאך צוואר געווען גאנץ ווייט, מען האט עס נאך קוים געזעהן. אין דיעזע מינוט אבער האט זיך זיי פאָרגעשטעלט א זאנדערבארע ערשיינונג. פון דעם לאנד האט זיך אויפגעהויבען א זייל פייער און האט בעלייכטעט דאס גאנצע מעער מיט זיינע רויטע פלאַמען. אונזערע רייזענדע האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. זייערע געזיכטער זיינען געווען רויט. דאס וואסער ארום איז געווען רויט.

— וואס זאל דאס זיין? האט דשאנסאן געפרעגט.

— דאס איז א ווּאלקאן, א בארג וואס שפּייט מיט פייער, האט דער דאקטאר געענטפערט.

דאס פייער האט געלייכטעט און געברענט א גאנצע שטונדע כסדר, דאן איז עס געוואָרען קלענער, ניעדעריגער. באלד אבער האט עס זיך ווידער אויפגעהויבען און בעלייכטעט דעם גאנצען הימעל. וואס נעהנטער זיי זיינען צוגעקומען צום לאנד, אלץ בעסער האבען זיי געזעהן, וויא דער פייער־שפּייענדיגער בארג ווארפט ארויס גרויסע שטיינער אין דער הויך מערקווירדיג אבער. דיא שטיינער פאלען צוריק אין לאָך, פון וואנען דאס פייער געהט ארויס.

נעהנטער און נעהנטער זיינען זיי צוגעקומען צום לאנד. באלד האבען זיי דייטליך געזעהן, אז דאס איז נור אן אינזעל, אויף וועלכער עס געפינט זיך א פייער שפּייענדיגער

בארג. ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צום אינזעל. האטטעראס האט ניט געווארט, ביז דאס באָאט וועט צוקומען צום ברעג. ער איז אריינגעשפּרונגען אין וואסער און איז געגאנגען מיט דער ענגלישער פאָהן אין דער האנד צום אינזעל. דער דאקטאר און אלטאמאן האבען איהם געוואלט צוריקהאלטען. עס איז אבער געווען אונמעגליך. ער האט געוואָלט זיין דער ערשטער, וועלכער וועט שטעלען זיין פוס אויפ'ן נאָרד־פּאָל. איידער זיי האבען זיך אומגעקוקט, איז ער שוין פערשוואונדען צווישען דיא שטיינער אויפ'ן ברעג.

דשאנסאן האט יעצט גענומען דעם רודער און האט צוגעפיהרט דאס באָאט צום ברעג. אלע זיינען ארויסגעגאנגען פון'ם באָאט און האבען זיך גענומען עס ארויס־צושלעפּען אויפ'ן ברעג. עס האט ביי זיי פערנומען א גערוימע צייט ביז זיי האבען בעפעסטיגט דאס באָאט, אז עס זאל ניט אוועקשווימען. ווען דאס באָאט איז געווען בעפעסטיגט, האבען זיי אנגעהויבען צו זוכען קאפּיטאן האטטעראס. זיי האבען איהם געזוכט אומעדום, האבען איהם גערופען, האבען געשאָסען, האבען געשריען — האטטע־ראס איז פערשוואונדען. ענדליך האט דשאנסאן דערזעהן, אז ער שטעהט אויף א שטיין גאנץ הויך אויפ'ן בארג מיט דער ענגלישער פאָהן אין דער האנד, וויא א בילד אויס־געהאקט פון מארמאָר שטיין.

מיט שווערער מיה זיינען זיי ארויפגעקלעטערט צו איהם. דער וועג איז געווען שטיינעריג און זעהר גליטשיג. דער דאקטאר איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז צוגעקומען צו איהם.

— פארוואס האט איהר אונז ניט געענטפערט, ווען מיר האבען אייך גערופען? האט ער איהם געפרעגט.

— דער נאָרד־פּאָל! דער נאָרד־פּאָל! מיינע פיס שטעהן אויפ'ן נאָרד־פּאָל! זיינען געווען דיא איינציגע ווערטער, וואס האטטעראס האט געענטפערט.

זיינע אויגען האבען געגלאנצט מיט א זאנדערבארען פייער, ער האט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפּער, וויא אין פיעבער. דער דאקטאר האט צוגעלעגט זיין האנד צו האטטעראס שטערן און האט זיך דערשראָקען, זיין שטערן איז געווען הייס, וויא ביי א קראנקען אין דער גרעסטער היץ.

— זייט איהר יעצט גליקליך, האטטעראס? האט ער איהם געפרעגט.

— דער נאָרד־פּאָל! דער נאָרד־פּאָל! מיינע פיס שטעהן אויפ'ן נאָרד־פּאָל! האט האטטעראס געענטפערט.

דער דאקטאר האט זיך נאך מעהר דערשראָקען. ער האט מורא געהאט, אז זיין פריינד איז ניט ביי זיין גאנצען פערשטאנד. ער האט איהם אנגעהויבען צו בעטען, ער זאל אראפּגעהן, ער זאל עפּעס עסען, ער זאל זיך אביסעל אפּרוהען. האטטעראס האט איהם ניט געענטפערט. ער האט געגעבען א צייכען צו אלטאמאן, אז זיי זאלען איהם מיט געוואלד צונעהמען פון דעם אָרט, וואו ער איז געשטאנען. לאנגזאם, פאָרזיכטיג האבען זיי איהם אראָפּגעטראגען אויף דיא הענד וויא א קינד.

דשאנסאן האט אויסגעפונען א גרויסען שטיין, אונטער וועלכען דיא ערד איז געווען אביסעל אויסגעהוילט. דאָרט האבען זיי אניעדער געלעגט דעם קראנקען

האטטעראס. דער דאקטאר האט איהם געוואָלט געבען־עפעס עסען, האטטעראס אבער האט געזאגט, אז ער וועט ניט עסען, ניט טרינקען, ביז זיי וועלען אויסשטעלען א דאקומענט, אז זיי האבען ענטדעקט דעם נאָרד־פּאָל. דער דאקטאר האט איהם געמוזט צוליעב טהאן. בעלל האט געמוזט נעהן צום באָאט און ברענגען שרייב געצייג און פּאפּיער. דער דאקטאר האט זיך געזעצט אויף א שטיין און האט אנגעשריעבען פאָל־גענדען דאקומענט:

„דעם 11טען יולי 1861 האט דער קאפּיטאן דשאן האטטעראס ענטדעקט דיא „אינזעל קווינסלאנד, אויף וועלכער עס געפינט זיך דער נארדפאל. יעדער, ווער עס וועט „געפינען דיעזען דאקומענט, זאל איהם צו שטעלען צו דער קעניגליכען געאָגראפישען „געזעלשאפט אין לאנדאָן".

אונטערשריעבען דיעזען דאקומענט האבען:

דשאן האטטעראס, קאפּיטאן פון דער פאָרוואָרד.

דאקטאר פולמאן.

אלטאמאן דער קאפּיטאן פון דער פארפאיז.

דשאנסאן, צווייטער אפיציער פון דער פאָרוואָרד.

בעלל, מאטראז פון דער פארוואָרד.

דיעזען דאקומענט האבען זיי אריינגעלעגט אין א בלעכענער שאכטעל און האבען עס איניעדער געלעגט אונטער א שטיין. ארום דעם שטיין האבען זיי צונויפגעלעגט שטיינער, וויא א זייל און ארויפגעשטעלט פון אויבען דיא ענגלישע פאָהן. ווען זיי האבען אָפּגעטהאן דיעזע ארבייט, האט דער דאקטאר געזאגט:

— יעצט פריינד, לאָמיר געהן עסען. איך וויים, אז עס געפינען זיך מענשען, וואס וואָלטען אוועקגעגעבען אלע זייערע הייזער און זייערע זאלען דערפאר, אז זיי זאָלען איין מאל עסען א מיטאג אויפ'ן נאָרד־פּאָל. מיר האבען יעצט דיעזעס פערגניגען אומזיסט.

מען האט זיך געזעצט אויף א שטיין עסען דעם ערשטען מיטאג אויפ'ן נאָרד־פּאָל. דער דאקטאר האט פאָראויס געזעהן אזא פאל און האט מיטגעבראכט פון דער פארפאיז א פלאַש ברענדי און צוויי פלעשער וויין.

— דיעזעס מאל מוזען מיר האבען וויין, האט ער זיי געזאגט. מיר מוזען טרינקען אויפ'ס וואָהל פון אונזער פריינד, האטטעראס, וועלכער האט אונז געבראכט אהער. אלע אונזערע ליידען זיינען פערגעסען. דיעזע מינוט בעצאהלט אונז פאר אלע געפאהרען און אלע נויט, וועלכע מיר זיינען ביז אהער אויסגעשטאנען. מיר זיינען דיא ערשטע מענשען אויף דער וועלט, וועלכע זיינען געקומען צום נאָרד־פּאָל.

ווען מען האט אפּגעגעסען און אפּגעטרונקען און זיך אנגעשריען הורראה פאר אלעמען, האט דשאנסאן זיך געווענדעט צום דאקטאר און האט איהם געפרעגט:

— מיר זיינען יעצט אויפ'ן נאָרד־פּאָל. וואָס איז אזעלכעס דער נאָרד־פּאָל? וואס פאר א שמחה איז עס מיט אונז, וואס מיר זיינען אויפ'ן נאָרד־פּאָל?

— דער נארד־פּאָל, האט דער דאקטאר איהם דערקלערט, איז דער אייניציגער פונקט אין דער וועלט, וועלכער שטעהט אויף איין אָרט און דרעהט זיך ניט. דיא גאנצע ערד און אלע פונקטען אויף איהר דרעהן זיך בעשטענדיג מיט אנגעהייערער

געשווינדיגקייט, נור דער נארד־פאָל, דיעזער איינציגער פונקט, שטעהט אויף איין אָרט און דרעהט זיך ניט.

ער האט אנגעהויבען צו ערקלערן איהם, וויא אזוי דיא ערד דרעהט זיך, וויא אזוי זיא ווערט בעלייכטעט פון דער זון; פאר וואס ביים נאָרד־פאָל איז זעקס מאנאטע אין יאהר טאג און זעקס מאנאט נאכט. דער פלאַן פון אונזער ערצעהלונג ערלויבט אונז ניט איבערצוגעבען אלע ערקלערונגען, וועלכע דאקטאר פולמאן האט געגעבען זיינע פריינדע אום צו בעווייזען, וויא וויכטיג עס איז פאר דער וויסענשאפט צו ענטדעקען דעם נאָרד־פאָל. דשאנסאן האט איהם אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאם. ער האט איהם אבער ניט אין גאנצען פערשטאנען. מען מוז זיין בעקאנט אביסעל מיט דער געאָגראפיע און אנדערע וויסענשאפטען אום צו פערשטען, וויא וויכטיג עס איז געווען צו ענטדעקען דעם נארד־פאל. ניט אומזיסט האט דיא ענגלישע געאָגראפישע געזעלשאפט אויסגע־געבען מיליאָנען פונט סטערליג אויף רייזען צום נאָרד־פאָל.

אזוי זיינען פערגאנגען א פאר שטונדען אין רעדען און ערקלערונגען, ביז זיי זיינען אלע מיעד געוואָרען און האבען זיך געלעגט שלאָפען.

28טעם קאפיטעל.

צוריק קיין ליווערפול.

ווען זיי זיינען אויפגעשטאנען דעם אנדערן טאג אין דער פריה, האט דער דאקטאר געפונען, אז האטטעראס'ן איז ערגער געוואָרען. ער איז געווען זעהר אויפגערעגט און האט גערעדט נור פון'ם נאָר־פאָל. זיי האבען געוואָלט שוין דעם אנדערן טאג פאהרען צוריק, זוכען א וועג א היים קיין ענגלאנד. האטטעראס אבער האט געבעטען, אז זיי זאָלען נאך ארומגעהן דיא אינזעל. זיי האבען איהם געמוזט צוליעב טהאן און ארומגעהן דיא אינזעל.

אויפ'ן וועג זיינען זיי צוגעקומען צו אן אָרט, וואו דער בארג איז ניט געווען אזוי שיעף. האטטעראס האט פלוצלונג אנגעהויבען צו לויפען אויפ'ן בארג. דער דאקטאר און אלטאמאן זיינען איהם נאכגעלאפען און האבען איהם געוואָלט צוריקהאלטען. עס איז אבער געווען אונמעגליך. האטטעראס איז געלאפען אלץ העכער, ביז ער איז געקומען צום קראטער, — דער לאָך אין דער ערד, פון וואנען עס האט ארויסגעשפריצט דאס פייער — דא איז ער געבליעבען שטעהן בעלייכטעט פונ'ם פייער און האט געשריען:

— דער נארד־פאל! דער נארד־פאל; מיינע פיס שטעהן אויפ'ן נארד־פאל!

מיט שווערער מיה איז דער דאקטאר און אלטאמאן איהם נאכגעלאפען. זיי האבען איהם בעטראכט איניגע מינוט מיט שרעק און מיט שטוינען. זיי האבען איהם געבעטען, ער זאל אראָפגעהן, ער האט ניט געענטפערט; זיי האבען פראָבירט איהם אראָפצופיהרען מיט געוואלד, ער איז געשטאנען וויא צוגעשמידט צו דער ערד. דער דאקטאר איז געווען פערצווייפעלט. פלוצלונג האט האטטעראס געגעבען א שרעקליכען הערצרייסענדען געשריי: דער נארד־פאל! דער נארד־פאל! און איז געפאלען אין אָהנמאכט. דער דאקטאר האט איהם אנגעהויבען אָפצומינטערן מיט אלע מיטעל, וואס ער האט נור געהאט ביי זיך. ווען עס איז איהם ענדליך געלונגען און האטטעראס איז

געקומען צו זיך; האט ער דערזעהן מיט שרעק, אז האטטעראס איגנען זיינען וויא אויס־געלאָשען. קיין גלאַנץ, קיין פונק איז אין זיי ניט געווען. אלטאמאן האט עס אויך בעמערקט און האט געפרעגט שטילערהייט:

— ער איז בלינד?

— זיין פערשטאנד איז פערדונקעלט, האט דער דאקטאר געענטפערט. ער איז אראָפּ פון זינען.

טרויריג מיט צובראָכענע הערצער האבען זיי אראָפּגעפיהרט דעם קראנקען פון׳ם בארג און האבען איהם צוגעפיהרט צום באָאט. קיינער האט קיין וואָרט ניט גערעדט. יעדער האט געפיהלט, אז ער האט פערלאָרען א פריינד, שטילערהייט האבען זיי זיך אריינגעזעצט אין באָאט. האטטעראס איז געזעסען, וויא א שטיק האָלץ. ער האט ניט גערעדט און האט זיך ניט געריהרט. מען האט געקענט טהאָ מיט איהם, וואס מען האט געוואָלט.

— יעצט מוזען מיר פאהרען א היים, האט געזאגט דער דאקטאר. עס איז היינט דער 13טער יולי; ווען מיר וועלען האבען א גוטען ווינד, קענען מיר זיך נאך צושלאגען צו באַפינס־ביי און דאָרט פיעללייכט נאך טרעפען א נאָרוועגישע שיף.

דיא רייזע צוריק איז געגאנגען זעהר שנעל. דער ווינד האט געבלאָזען פון נאָרדען קיין זידען און האט געטריעבען זייער באָאט אויף דיא שטילע וואסערן פון׳ם נאָרד־פאָל־מעער. דעם אנדערן טאג זיינען זיי אנגעקומען אין דיא בוכטע וויקטאריא און זיינען געגאנגען צום פולמאַן׳ס־הויז נעהמען דעם רעסט פון׳ם פראוויאנט, וואס זיי האבען דאָרט איבערגעלאזען, איידער זיי זיינען געפאהרען צום נארד־פאל. צו זייער שרעק און איבערראַשונג האבען זיי געפונען, אז אין דער צייט, וואס זיי זיינען געווען אויף דער רייזע, האבען ווייסע בערן און אנדערע חיות צערשטערט און פערניכטעט זייער פראָוויאנט. זיי האבען צונויפגענומען, וואס עס איז נאך געבליעבען און האבען זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן באָאט.

— א היים! א היים! איידער עס ווערט קאלט, איידער דער שרעקליכער ווינטער קומט אן.

מיר זיינען ניט אומשטאנד צו בעשרייבען אלע זייערע ליידען אויף זייער וועג א היים. מיר וועלען נור דערמאנען איינינע זאכען, אין וועלכע דער לעזער איז פער־אינטערעסירט.

ענדע יולי זיינען זיי געקומען צו סמיטה׳ס קאנאל. ער איז שוין געווען בעדעקט מיט אייז און זיי האבען געמוזט ארויסשלעפען זייער באָאט פון וואסער, איהם ארויפ־לעגען אויפ׳ן שליטען און שלעפען איהם אויפ׳ן אייז. דער ווינטער האט זיך שוין געלאָזט פיהלען, עס איז געוואָרען אלע מאל קעלטער. מען האט שוין ניט געקענט שלאָפען אין געצעלט. מען האט געמוזט ווייטער מאכען זיך שטיבעלעך פון שנעע. זיי האבען געמוזט שלעפען דעם שווערען שליטען, ווייל דיא הינט האבען קיין כח ניט געהאט צו שלעפען אזא משא.

דעם 30טען אויגוסט זיינען זיי געווען אזוי מיעד, אז זיי זיינען געווען געצוואונגען זיך אָפּצורוהען א פאר טעג. זיי האבען אויסגעפונען א טאָהל, וואו זיי זיינען געווען

פערשטעלט פון דיא קאלטע ווינטען, דארט האבען זיי בעשלאָסען צו פערברענגען דריי טאג. דעם ערשטען טאג זיינען זיי א גאנצען טאג געשלאָפען. דעם אנדערן טאג איז אלטאמאן ארויסגעגאנגען זוכען, טאמער וועט ער עפּעס געפינען: א פייגעל אדער אנ־אנדער חיה. ער איז ארומגעגאנגען א פּאר שטונדען און איז געקומען צולויפען צו זייער לאגער מיט שרעק. דער דאקטאר האט באלד דערקענט, אז דא איז עפּעס געשעהן.

— וואס איז מיט אייך? האט ער געפרעגט.

— דאָרט, דאָרט, א גאנצע פּארטיע מענשען פערפראָרען....טויט.... האט אל־טאמאן קוים ארויסגערעדט.

דער דאקטאר און דיא אנדערע זיינען געגאנגען זעהן, וואס דארט איז. א שרעק־ליכעס בילד האט זיך פאָרגעשטעלט פאר זייערע אויגען. זאגאר דער דאקטאר האט אנגעהויבען צו ציטערן. — אויף א שטיקעל פּלאץ פון עטליכע איילען זיינען געלעגען צו וואָרפען צעהן טויטע. זיי זיינען געוועזען פערשאָטען מיט שנעע, נור דא האט ארויסגע־שטעקט א האנד, דאָרט — א פוס, דארט א קאָפּ. פון איינינע האט דער ווינד אוועק־געקעהרט דעם שנעע און זיי זיינען געלעגען אין גאנצען אָפּגעדעקט, טויט, פערפראָרען, הארט, וויא אייזען. דער דאקטאר האט זיך צוגעקוקט צו איינעם און איז אויפגעשפּרונגען, גלייך וויא א שלאנג וואָלט איהם א ביס געטהאן.

— שאנדאן! האט ער אויסגערופען

באלד האבען זיי דערקענט דיא איבעריגע: פּען, גריפּארי און דיא אנדערע מאט־ראָזען פון דער „פאָרוואָרד“. מען האט דייטליך געזעהן, וויא שרעקליך זיי האבען געליטען. אין אייניגע ערטער זיינען געלעגען שטיקער מענשען-פלייש, פאר הונגער האבען זיי איינער דעם אנדערן אויפגעפרעסען.

— געהט אוועק פון דיעזען אונגליקסאָרט! האט דער דאקטאר געבעטען. איך קען עס ניט זעהן.

וויא שוואך און מיעד זיי זיינען געוועזען, האבען זיי באלד צונויפגעפּאקט זייער שליטען און זיינען ווייטער געגאנגען. עס זיינען פערגאנגען נאך עטליכע טעג, זיי האבען זיך צוגעשלעפּט צו באפינס-ביי. דער פּראוויאנט האט זיך ביי זיי אויסגעלאָזען. זיי האבען געליטען הונגער. זיי האבען זיך שוין בעריים געמאכט צו שטארבען, ווען אלטא־מאן האט דערזעהן דיא זעגעל פון א שיף.

— א שיף! א שיף! האט ער אנגעהויבען צו שרייען.

אלע זיינען צוגעלאָפען צום ברעג און האבען געקוקט אויף דאס שיף. זיי האבען געשריען, זיי האבען געשאָסען, זיי האבען געמאכט מיט דיא הענד אום דער קאפּיטאן פון דער שיף זאל זיי דערזעהן און זאל שיקען א באָאט זיי נעהמען. דאס שיף אבער איז געוועזען זעהר ווייט און קיינער אויפ'ן שיף האט זיי ניט בעמערקט.

— לאמיר זיי נאכלויפען מיט אונזער באָאט! האט אלטאמאן אויסגעשריען.

מיט גרויסע שוועריגקייטען איז עס זיי געלונגען אראָפּצולאזען דאס באָאט אין וואסער. זיי זיינען געוועזען אזוי שוואך פון הונגער, אז עס האט ביי זיי פערנומען פיעל צייט איידער זיי האבען געזעהן דאס באָאט אין וואסער. זיי האבען זיך שנעל אריינגעזעצט און האבען גערודערט צום שיף. ענדליך האט זיי דאך דער קאפּיטאן בעמערקט און

האט זיי ארויפגענומען צו זיך. פערפראָרען, הונגעריג, קוים לעבעדיג האט מען זיי ארויפגענומען אויפ'ן דעק.

דאס איז געווען א נאָרוועגישע שיף און האט געהייסען „האנס־קריסטיאן". זיא איז געפאהרען חאפען וואלפישען און האט זיך יעצט געאיילט א היים, דער ווינטער זאָל זיא ניט פערחאפען. אין צוועלף טאג ארום זיינען זיי אנגעקומען קיין בערגען, א שטאדט אין נאָרוועגען.

קוים איז מען געוואָהר געוואָרען, ווער זיי זיינען און וואס זיי האבען ענטדעקט, איז געוואָרען א רעש אין גאנץ אייראָפּא. דיא ענגלישע רעגירונג האט געשיקט א שיף עקסטרא פון זייערטוועגען און מען האט זיי געבראַכט קיין לאָנדאָן. ווען זיי זיינען אנגעקומען קיין לאָנדאָן, זיינען אלע מיטגליעדער פון דער ענגלישער קעניגליכער געאָגראַפישער געזעלשאפט זיי ענטגעגען געפאהרען און האבען זיי אריינגעפיהרט אין שטאדט יעדען מיט גרויס פאראד. דאקטאר פולמאן האט געמוזט אבענד פאָרלעזען א פּאָר שטונדען איבער זיין מערקווירדיגער רייזע. דיא קעניגין וויקטאריא האט זיי געוואלט זעהן, מען האט איהר פאָרגעשטעלט אלע, וועלכע זיינען איבערגעבליעבען פון'ם "פאָרוואַרד". זיא האט אלעמען געגעבען מעדאילען. זאָגאר דער יענקי אלטאמאן האט זיך ניט געשעהמט אנצונעהמען א מעדאילע פון דער ענגלישער קעניגין. נור איין האטטעראס, דער אנהויבער און דיא אורזאכע פון אלע דיעזע עהרען, האט קיין טהייל אין זיי ניט גענומען. ער האט מיט קיינעם ניט גערעדט קיין וואָרט, פלעגט ארומגעהן שטיל און פערטראַכט, נור פון צייט צו צייט פלעגעט ער א גלעט טהאן זיין הונד דיוק.

דער דאקטאר האט איהם אריינגעגעבען אין א קראנקען־הויז פאר אזעלכע קראנקע. זיין קראַנקהייט איז געווען אין דער בעציעהונג בעמערקענסווערטה, אז ער פלעגט זיך בעוועגען נור אין איין זייט — קיין נאָרדען.

דיא קעניגין האט בעשטימט א פענסיאָן פון צוויי הונדערט פונט שטערלינג א יאָהר פאר דשאנסאן און בעלל אויף זייער לעבען לאַנג.

29טעם קאפּיטעל.

## שלוס.

קאפּיטאן האטטעראס איז געפאלען אן אָפּפער פון זיין וואונש צו ענטדעקען דעם נאָרד־פּאָל. סער דשאן פראנקלין און זיין גאנצע עקספּעדיציאָן זיינען אויסגעפראָרען געוואָרען אויף קינג־וויליאמס לאנד. הודסאָן, בארענץ, בעהרינג און פיעלע אנדערע זיינען אומגעקומען אויף זייערע רייזען אויפ'ן אייז־מעער. דוד ליווינגסטאָן, דאקטאר פאָגעל, בארטה, בורקע, בעקער און פיעלע אנדערע זיינען אומגעקומען אויף דער שרעקליכסטער ארט אויף זייערע רייזען אין ווילדען שווארצען אפריקא. — אלע דיעזע עדעלע און געבילדעטע מענער זיינען געפאלען איין אָפּפער פון דער וויסענשאפט.

וואס האט דערפון דיא מענשהייט? וועט געוויס דער לעזער פרעגען. פארוואס האבען זיי געאָפּפערט זייער לעבען? וואס פאר א נוצען האט עס געבראַכט?

אויף דיעזע פראגען קענען מיר אנטוואָרטען, אז מיר האבען זעהר פיעל צו פערדאַנקען דיעזע גרויסע מענער און צו געדענקען זייער נאמען מיט עהרע. זיי האבען אונז

בערייבערט מיט א גרויסען אוצר פון וויסען און קענען, וועלכע מיר בענוצען. מיר ווייסען אייניגע מאל זאגאר ניט, פון וואנען מיר שעפען און וואו מיר נעהמען עס. מיר ווילען נור ווייזען אויף איין זאך, ווען דיא ענגלענדער האבען אנגעהויבען ארויסצושיקען קאָ־לאָניעס קיין אמעריקא אין 1607, פלעגט געדויערן דיא רייזע פון לאָנדאָן קיין באָסטאָן וועניגסטענס זעכציג טאג, היינט מאכט זאגאר א זעגעל־שיף דיעזעלבע רייזע אין אכצעהן צוואנציג טאג. דאס בענענענען פון אן אייז־בערג אויפ'ן וועג האט א מאל געהייסען א זיכערער טויט, היינט ווייסט יעדער קאפיטאן, וויא אזוי זיך אויסצודרעהן פון אן אייד בערג.

מיר ווילען מאכען אונזערע לעזער אויפמערקזאם אויף א בעזאנדערס אינטער־רעסאנטע פראגע, וועלכע האט מיט עטליכע יאהר צוריק אינטערעסירט דיא גאנצע געלערנטע וועלט און איז ערשט ניט לאנג געלעזט געווארען. — דיא פראגע איז: וויא טיעף איז דאס מעער?

אויפ'ן ערשטען בליק וועט יעדער פרעגען: וואס געהט עס מיך אן? וואס הארט עס מיך, וויא טיעף דאס מעער איז? וואס פאר א נוצען קען איך דערפון האבען, ווען איך וועל שוין וויסען, וויא טיעף דאס מעער איז? — דיעזע פראגען האט ניט געשטעלט דיא קאמפאני, וועלכע האט צוערשט זיך אונטערגענומען צו לעגען דעם קייבעל — דיא טעלעגראפישע דראָטהען — פון ענגלאנד קיין ניו־יאָרק. ביי איהר זיינען דיעזע פראגען געווען זעהר וויכטיג. זיא האט געמוזט וויסען, וויפיעל דראָטהען צו מאכען און וויא אזוי זיי צו מאכען. זיא האט צוערשט געמוזט ענטפער'ן גאר אויף אנאנדערע פראגע און צוואר: וויא אזוי זאל מען אויסמעסטען דיא טיעפעניש פון'ם מעער?

דאָרט, וואו עס איז ניט שטארק טיעף — ביז צוויי טויזענד פינף הונדערט פוס דיא טיעף — איז עס נאך לייכט אויסצומעסטען מיט א לאָטה. דאס איז א שטיקעל בליי צוגעבונדען צו א לאנגען פאדים. וויא קען מען אבער אויסמעסטען דיא ערטער פון'ם וועלט מעער, וואו ער איז טיעף ביז 50—60 טויזענד פוס? דא ווערט דער שטארק־סטער שטריק צוריסען, ער קען ניט אויסהאלטען אויף זיך אזא גרויסע מאסע וואסער און צולעצט ווייס מען דאך ניט, אויב ער האט שוין געגרייכט דעם גרונד. וויא אזוי קען מען וויסען אויף אזא שרעקליכע טיעפעניש, אויב מען האט דערגרייכט דעם גרונד?

אום צו געבען א ביישפיעל, וואס פאר א קראפט דיא מאסע וואסער האט, וועלען מיר ברענגען א שפיעל, וועלכע דיא מאטראָזען מאכען אָפט אויפ'ן מעער אום דיא פאסאזשירען צו אמוזירען. זיי נעהמען א לעדיגע פלאש, פערקאָרקען זיא גאנץ שטארק און בינדען זיא צו צו א לאנגען שטריק מיט א געוויכט פון צוויי — דריי פונט. מען לאָזט אראָפ דיא פלאש גאנץ טיעף אין וואסער און מען הייבט אן לאנגזאם און פאָרזיכטיג זיא צוריק ארויפצו ציעהען. — מיט א מאל זיא ארויסשלעפען טאָר מען ניט, ווייל דער שטריק וועט זיך צורייסען. מען מוז עס טהאן גאנץ פאָרזיכטיג. — ווען מען שלעפט ארויס דיא פלאש, זעהט מען א וואונדער — דער קאָרק איז ניט געריהרט, ער איז גאנץ און פערשטעקט גוט דיא פלאש און דענאך איז דיא פלאש פול מיט וואסער.

דער שטאַרקער דרוק פון'ם וואסער האט דורכגעטריעבען גאנץ קליינע טהיילעכלעך וואסער דורך דעם קאָרק, ביז דיא פלאַש איז געוואָרען פול.

אלזא, וויא אזוי מעסט מען אויס, וויא טיעף איז דאס מעער? וויא אזוי קען מען לעגען דיא דראָטהען פון'ם טעלעגראַף, ווען מען וויים ניט, וויפיעל מיליאָנען יארד דראָטהען מען וועט דארפען? — דיא טעלעגראַפישע דראָטהען מוזען ליעגען אויפ'ן גרונד פון'ם מעער, מען קען זיי ניט לאָזען הענגען אין דער מיט וואַסער: זיי וועלען זיך צור רייסען. אלזא, וואס טהוט מען? עס זיינען פערגאנגען צעהנדליגער יאהרען און עס האט געקאָסט הונדערט טויזענדער, איידער מען איז געפאלען אויף איין איינפאכעס און זיבערעס מיטעל. א שטאַרקער שפּאָגאט איז אויסגעמאָסטען. אויף יעדע הונדערט פוס מאַכט מען א קנופּ. דער שפּאָגאט איז ארויפגעוויקעלט אויף א רעדעל. צום שפּאָגאט בינדעט מען צו א קוגעל פון 30 פונט און מען לאָזט זיא אריין אין וואסער. ווען דיא קוגעל קומט צו צום גרונד, דאס רעדעל דרעהט זיך ניט מעהר, שניידט מען אָפּ דעם שפּאָגאט און מען וואַרפט איהם אריין אין וואסער. קוגעל און שפּאגאט זיינען פערלאָרען; מען וויים אבער, וויא פיעל הונדערטער פוס דער שפּאגאט האט געהאלטען. מען האט אויסגעפונען, אז קוים ווענט דיא קוגעל ווענינער פון 30 פונט, פאלט זיא ניט אראָפּ גלייך אין וואסער, זאנדערן ווערט זעהר אָפט אוועקגעשלעפּט איז א זייט פון דיא טייכען, וועלכע געפינען זיך אין מעער.

דורך דיעזעס איינפאכע, ווען אויך אביסעל טהייערע, מיטעל איז עס געלונגען אויסצומעסטען דיא טיעפעניש פון'ם מעער. מען האט אויסגעפונען, אז דער אטלאַנטישער אָקעאַן צווישען ענגלאנד און ניו־יאָרק איז פון 9 טויזענד ביז 40 טויזענד פוס דיא טיעף. ביי דיא ברעגעס איז ער פיעל טיעפער, וויא אין דער מיט. ניט וויית פון ארגענטיניען, וואו דער טייך לא פּלאַטא פאלט אריין אין אטלאנטישען אקעאַן, איז ער אריבער 50 טויזענד פוס טיעף, דאס איז דער טיעפסטער אָרט אין אטלאַנטישען אָקעאַן.

פיער יאהר נאך אנאנדער זיינען ארומגעפאהרען שיפען אויפ'ן מעער און האבען אויסגעמאסטען זיין טיעפקייט. מען האט אויפגעציייכענט אקוראט יעדען אָרט, וויא טיעף ער איז און מיר האבען היינט א פאָלשטענדיגע מעער־קארטע פון דער טיעפעניש פון'ם מעער. דער מיט אבער האט זיך דיא פראגע נאך ניט געענדיגט. מען האט אויסגערעכענט, אז ווען מען זאל לעגען דיא טעלעגראַפישע דראָטהען אויף אזא טיעפענעש, וועלען זיי זיך אלע מאל צוררייסען, זיי וועלען ניט אויסהאלטען דעם דרוק פון'ם וואסער. אויסערדעם וואָלט א טעלעגראמע פון אמעריקא קיין אייראפּא אדער פערקעהרט פון אייראפּא קיין אמעריקא געדאַרפט קאָסטען אזוי טהייער, אז עס וואָלט זיך ניט געלוינט צו שיקען א טעלעגראַמע.

דא האט אויסגעהאָלפען א קאפּיטאן פון דער אמעריקאנישען פלאָטע, א געוויסער מאורי Maury. איהר האט געוויס פון איהם קיין מאל ניט געהערט, מיינע ליעבע לעזער. ער האט אויסגעפונען, אז אויפ'ן באָדען פון'ם מעער זיינען דא בערג און טאָהלען, אזוי וויא אויף דער יבשה. דיא גאנץ טיעפע ערטער אין מעער זיינען טאָהלען, פאלגליך מוזען זיין בערג; ווען עס זיינען דא בערג, זיינען געוויס דא בערג קעטען, דאס הייסט, א רייהע פון בערג, וועלכע שטעהן איינער לעבען אנדערן, וויא צום ביישפּיעל, דיא בערג קייטען אין אמעריקא, „דיא קארדאליערען“, דיא בערג קייטען אין דער שווייץ, „דיא אלפּען“; דיא בערג קייטען אין איטאליען, „דיא אפּענינען“ און דערגלייכען.

ער האט אזוי לאנג געמאָסטען דאס מעער און אזוי לאנג געזוכט, ביז ער האט אויסגעפונען, אז פון דעם בערג „קאפּ קליר“ אין אירלאנד ביז דעם בארג „קאפּ רייס“ אויף דער אינזעל ניופונדלענד, לעבען קאנאדא, ציהט זיך אין מעער א לאנגע רייהע פון בערג, וועלכע הייבען זיך אן אין אירלאנד, אין אייראפּא, און ענדיגען זיך אין ניופונדלענד, אין אמעריקא. אזוי וויא דיא בערג זיינען זעהר הויך, איז דאָרט דאס מעער

ניט שטארק טיעף און עס איז לייכט צו לעגען אויף זיי דעם קייבעל. און ווירקליך אויף דיעזע בערג אונטערן וואסער ליעגען דיא דראטהען, וועלכע פעראייניגען דיא אלטע וועלט מיט דער נייער. דאנק דיעזער ענטדעקונג פון קאפיטאן מאורי קענען מיר אין אייניגע מינוטען זיך צוזאמען רעדען מיט אונזערע פריינד אין דער אלטער וועלט שנעל און ביליג.

דאמיט אבער איז דיעזע פראגע נאך ניט געווען געלעזט. מען האט שוין געקענט אויסמעסטען, וויא טיעף דאס מעער איז, מען האט אבער אויך גענדארפט וויסען, פון וואס בעשטעהט דער גרונד פון'ם מעער אין פערשיעדענע ערטער. דאס איז זעהר וויכטיג, מען זאל וויסען, וואס פאר א דראטהען צו מאכען פארן קייבעל.

אויך אין דיעזער בעציעהונג האט אן אמעריקאנער קאפיטאן ברוק Brooke ערוויעזען א גרויסען דיענסט דער וויסענשאפט. ער האט אויסגעפונען א מאשין, מיט וועלכער מען קען ארויפציעהען־אביסעל ערד פון'ם גרונד פון'ם מעער אום צו וויסען, פון וואס עס בעשטעהט. ליידער, זיינען מיר ניט אים שטאנד צו בעשרייבען דיעזע מאשין, וויל אהן א צייכנונג, ווערט מען זיא ניט פערשטעהן און מיר האבען יעצט ניט דיא צייכנונג דערפון.

מיט הילפע פון דיעזער מאשין, האט מען אויסגעפונען, אז דער גרונד פון'ם מעער בעשטעהט אויסשליעסליך פון קליינע און פיינע מושעלן, אדער דיא פאנצער פון קליינע טהיערע, וועלכע לעבען אויפן גרונד פון'ם מעער. דיא מושעל זיינען אזוי דין און אזוי פיין, אז ווען מען בעריהרט זיי מיט דער האנד, ווערן זיי צוריעבען אויף שטויב. דאס איז א בעוויז, אז אונטען אין דער טיעפענעש איז דאס מעער גאנץ רוהיג. דיא וואסערן שטעהן אויף איין ארט און בעוועגען זיך ניט. דערפון האט מען געלערנט, אז מען ווערט אריינוווארפען דעם קייבעל טיעף אין וואסער, ווערט ער דארט ליעגען גאנץ רוהיג.

ווען מען זאל וועלען בעשרייבען דיא געשיכטע פון'ם טעלעגראף אין אטלאנטישען אקעאן, וואלט מען גענדארפט אנשרייבען עטליכע גראבע ביכער.

נאך דעם אלעמען קענען מיר שוין דאס מעער? האבען מיר עס שוין אויסשטודירט, אויסגעפארשט? ווייסען מיר שוין, וואס עס טהוט זיך אין זיינע טיעפענישען און זיינע אבגרונדע? קענען מיר שוין אלע טהיערע און אלע פלאנצען, וואס וואקסען און לעבען אין דער טיעפעניש פון 40—50 טויזענד פוס? — אויף דיעזע פראגען מוזען מיר ענטפערן: ניין און ניין! דאס מעער איז נאך יעצט פאר אונז א רעטעניש, וויא עס איז געוועזן מיט טויזענד יאהר צוריק. מיר ווייסען, אז אין מעער געפינען זיך גאנצע וועלדער פון זאנדערבארע ביימער און גראזען; מיר ווייסען, אז אין אייניגע ערטער זיינען דיא גראזען אזוי הויך, אז זיי שטעקען ארויס פון וואסער. זיי זיינען אזוי געדיכט, אז זיי בילדען גאנצע פעלדער און וועלדער אויף מיילען ווייט דיא ברייט און דיא לענג.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא שטארק עס האבען זיך דערשראקען דיא מאט־ראזען, וועלכע זיינען געפאהרען מיט קאלומבוס אויף זיין ערשטער רייזע צו ענטדעקען אמעריקא, ווען דיא שיפען זיינען פלוצלונג אריינגעפאהרען אין אזא געדיכטען וואלד פון מעער־גראז. אנפאנגס האבען זיי געמיינט, אז דאס מעער איז דארט ניט טיעף. וויא ערשטוינט אבער זיינען זיי געוועזן, ווען זיי האבען אראפגעלאזען א שטריקעל מיט א שטיקעל בליי און האבען אויף עטליכע טויזענד פוס טיעף ניט געקענט דערגרייכען דעם גרונד.

— יעצט זיינען מיר פערלארען! האבען זיי אויסגערופען. אונזערע שיפען וועלען אזוי וויט פערקריעכען אין דיעזע פעלדער, אז זיי וועלען שוין ניט קענען ארויס צוריק. דא ענדיגט זיך שוין דיא וועלט.

מיט שווערער מיה איז עס געלונגען קאלומבוסען זיי איינצורעדען, אז זיי זאלען

ווייטער פאהרען, אז דאס איז א געוועהנליכער וואלד פון'ם מעער, וועלכער האט זיך א ביסעל מעהר צו וואקסען.

יעצט ווייסען מיר שוין, אז דאס איז קיין וואונדער ניט. דאס גראז הייסט סארגאסום Sargassum און געפינט זיך אין פ׳ועלע מעערן, וואו דאס קלימאט איז ווארם. א גרעסערעס וואונדער שטעלט אונז פאר דיא ריעזען בלומע. איהר שטענגעל איז עטליכע טויזענד פוס דיא לענג און וואקסט אויפ'ן גרונד פון'ם מעער, דיא בלומען אליין אבער שטעקט ארויס איהר גרויסען קאפ מיט שנעע ווייסע עטליכע פוס לאנגע, בלעטער פון'ם וואסער, גלייך וויא זיא וויל זיך ווארעמען אין דער שעהנער. העלער זון.

אנאנדערע, זאנדערבארע פפלאנצע איז דאס גראז קעלפ Kelp אדער Laminaria דאס איז אייגענטליך ניט קיין גראז, זאנדערן א סארט ראהר (טשערעט). ער איז גראב, וויא א פינגער, הארט און גלאנצענדיג, וויא א הארן פון א בהמה. עס וואקסען גאנצע וועלדער פון איהם אין מעער ארום ענגלאנד און שאטלאנד. מען שניידעט איהם אפ און מען פערברענט איהם. פון זיין אש מאכט מען יאד, א געוויסעס מיטעל אין דער מעדיצין.

ווען דער גרויסער געלערנטער דארווין האט געמאכט זיין בעריהמטע רייזע ארום דער וועלט אין 1839—1845, האט ער געפונען אין דער מא׳עלהאן שטראסע, וואו דאס אייז־מעער הייבט זיך אן לעבען זיד אמעריקא א זעלבע גרויסע און געדיכטע וועלדער פון קעלפ, אז זאגאר ער, וועלכער האט אזוי גוט געקענט דאס מעער, איז געוועזען איבער־ראשט.

— אין איינינע ערטער, שרייבט דארווין, איז דער קעלפ אזוי געדיכט און אזוי שטארק, אז מען קען ארומגעהען אויף איהם. אין א פאר גוטע ראבער שטיוועל קען מען ארומשפאציערען אין דער מיט פון'ם מעער, וואו עס איז איינינע טויזענד פוס טיעף. קוקט מען זיך בעסער צו צו דיעזען זאנדערבארען וואלד, זעהט מען, וויא לוסטיג עס געהט דארט צו; וואס פאר א לעבען און וועבען עס הערשט דארט. מיליאנען סארטען פון פיש און אנדערע טהיערע שווימען, קריעכען, לויפען און קלעטערן אין דיעזען וואלד. זיי בויען זיך דארט נעסטען, לעבען דארט, יאגען זיך נאך איינער נאך דעם אנדערן און פערשלינגען איינער דעם אנדערן. מען וואלט געדארפט פארברענגען יאהרען לאנג אין יענע געגענדען אום זיך אביסעל צו בעקענען מיט דיא אלע סארטען פיש און טהיערע, וועלכע לעבען אין דיעזע זאנדערבארע וועלדער.

אלזא, מיר ווייסען נאך יעצט זעהר ווייניג פון'ם מעער, מיר קענען נאך דאס מעער ניט; מיר לערנען ערשט דעם אלף בית פון דער וויסענשאפט. מיט יעדען טאג עפענען זיך פאר אונז נייע וועגען צום לעבען. מיט יעדען טאג ווערט געמאכט נייע ערפינדונגען און נייע ענטדעקונגען. עס עפענען זיך אויף נייע פעלדער פאר מענשליכען גייסט צו דענקען און פאר דיא מענשליכע הענד צו ארבייטען. יעדע נייע ערפינדונג עפענט אויף א נייע פעלד פאר דיא מענשען, גיט זיי א נייע בעשעפטיגונג.

דער מענשליכער גייסט שטרעבט אימער פארווערטס. עס געפינען זיך מענשען, וויא האטטעראס, פראנקלין, ראס, פאררי, מאק קלינטאק, וועלכע אפפערן זיך אויף אום צו בערייכערן אונזער וויסען און אונזער קענען. זיי שטארבען, זיי קומען אום אויף דעם שווערן וועג פון זייער פארשען און לערנען, אבער פון זייערע גרעבער וואקסען ארויס דיא טהייערסטע פריכטע פון דער וויסענשאפט, וועלכע ברענגען דער גאנצער מענשהייט נוצען, פרייד און גליק.

ע נ ד ע.

## 1טעם קאפיטעל.

# דיא לעצטע טאן קוילען.

שטיל און טרויעריג איז היינט אין דיא גאסען פון'ם קליינעם שטעדטעל אבערוויל, אין שאטלאנד. מען זעהט ניט קיין לעבעדיגען מענשען אין דיא גאסען. דיא הייזער זיינען פערמאכט. אין זיי זיינען געבליבען נור אלטע, קראנקע מענער און פרויען, אדער גאנץ קליינע קינדער. דיא קראנקע קרעכצען אויף זייער קראנקען בעט און קיינער קוקט זיך אויף זיי ניט אום. דיא קינדער וויינען, בעטען עסען און קיינער ענטפערט זיי ניט.

וואס איז אזעלכעס געשעהן היינט אין אבערוויל, וואס קיינער איז ניטא אין דער היים? וואס איז אזעלכעס פארגעקומען. וואס קיינער קוקט זיך ניט אום אויף דיא קראנקע און אלטע, אויף דיא יונגע, אונשולדיגע קינדער? פאר וואס זעהט דאס גאנצע שטעדטעל אויס אזוי טרויעריג און פערנאכלעסיגט?

אַבערוויל איז א קליין שטעדטעל אין שאטלאנד. ארום אבערוויל געפינען זיך דיא רייכסטע קוילע גרובען פון ענגלאנד. אלע איינוואינער פון'ם שטעדטעל לעבען נור פון דיא קוילען גרובען. מענער, פרויען און קינדער זיינען בעשעפטיגט אין דיא קוילען גרובען, וועלכע געפינען זיך ניט ווייט פון'ם שטעדטעל. זייט הונדערט און פופציג יאהר וויסען דיא איינוואינער פון אבערוויל, אז זיי האבען זייער ברויט, זייער פרנסה, נור פון דיא קוילען גריבען איינינגע ארבייטען טיעף אין דער ערד, צורייסען דיא שטיינער און שלאגען ארויס פון זיי דיא קוילען, אנדערע, בעזאנדערס פרויען און קינדער, בעשעפטיגען זיך מיטן סארטירען פון דיא קוילען, מיט'ן רייניגען פון דיא קוילען און מיט דעם צונויפלעגען דיא קוילען אין גרויסע הויפענס.

זייט איינינגע יאהר האט מען בעמערקט, אז דיא קוילען לאזען זיך אויס אין דיא מינען. עס ווערט אלע מאָל ווענגער און ווענינגער. נעכטען האט מען אין דער גאנצער מינע קוים געקענט צונויפשאררען איין טאן קוילען. דאס איז דיא לעצטע טאָן, מעהר איז שוין ניטא. די קאמפאני האט געהייסען, אז אלע ארבייטער זאלען זיך היינט צונויפקומען צו דער מינע. זיא וועט זיי בעצאהלען.

וואס עס קומט זיי און וועט זיי ערקלערן, אז זיי זאלען זיך זיכען אן ארבייט ערגעץ אנדערש.

מען קען זיך לייכט דענקען, מיט וואס פאר א הארץ דיא ארימע ארבייטער זיינען היינט אין דער פריה געגאנגען צו דער מינע. יעדער, ווער עס האט נור כוח געהאט צו געהן, איז ארויסגעגאנגען זעהן, וואס דיא קאמפאני פון דער מינע וועט טהאן; יעדער האט געוואלט הערן, וואס דיא קאמפאני וועט איהם עפעס זאגען. יעדער האט געפיהלט, אז מיט היינטיגען טאג האט ער פערלארען זיין ארבייט — זיין ברויט.

דאס איז דיא אורזאכע, וואס אין דיא גאסען פון אבערוויל איז היינט אזוי לעדיג און אזוי טרויעריג. דאס איז דיא אורזאכע, וואס אין דיא הייזער זיינען געבליעבען נור גאנץ אלטע און קראנקע אדער גאנץ קליינע קינדער.

לאמיר צוגעהן צו דער מינע זעהן, וואס דארט טהוט זיך.

ניט ווייט פון'ם שטעדטעל שטעהט אויף א בערגעל א גרויס הויז מיט פיעלע שופען (כאראיעס) ארום. דא געפינט זיך דער אריינגאנג אין דער מינע. דא שטעהן דיא גרויסע מאשינען, וועלכע שלעפען ארויס דיא אייזערנע קאס־טענס (וואגאנעס) מיט קוילען. דא שטעהן דיא מאשינען, וועלכע רייניגען דיא קוילען און דא געפינט זיך דיא אפיס פון דער קאמפאני.

א מאל פלעגען דא ליעגען גרויסע הויפענס פון טויזענדער טאנען קוילען, היינט זעהט מען נור א גאנץ קליינע הייפעלע קוילען ליעגען אונטער א כאראי און איין וואגאנדעל פול מיט קוילען. דאס איז דיא לעצטע טאן קוילען, וואס מען האט נעכטען צונויפגעשארט אין דער מינע.

ארום דיעזען לעצטען וועגעלע קוילען שטעהן יעצט אלע ארבייטער, מע־נער, פרויען און קינדער, בלייך, פערטראכט, טרויעריג און דיא קעפ אראפגעלאזען.

דיא מאשינען ארבייטען ניט, דיא רעדער דרעהן זיך ניט. דיא שווערע קייטען, וועלכע פלעגען ארויפשלעפען דיא וואגאנעס מיט קוילען פון דער טיעפער מינע, ליעגען היינט רוהיג און ריהרען זיך ניט. פאר זיי איז היינט א פייער טאג. עס איז שבת — עס איז ניטא קיין ארבייט!

דיא ארבייטער: קוילען גרעבער, קוילען רייניגער, אויפזעהר, שרייבער, בוכהאלטער, שמיעדען, האלץ ארבייטער, וועגען רעפארירער, וועכטער און אלע, וואס זיינען ביז אהער געוועז בעשעפטיגט אין דער מינע אדער ארום דער מינע, שטעהן יעצט און ווארטען. זיי ווארטען אויפ'ן אינזשעניר פון דער קוילען מינע, דשיימס סטאר.

זיי האבען ניט לאנג געווארט. דיא טהיר פון'ם גרויסען הויז האט זיך געעפענט און דער אינזשעניר, דשיימס סטאר, איז ארויסגעגאנגען און האט זיך געשטעלט אויף א גרויס שטיק קוילען. לעבען איהם איז געשטאנען דער הויפט אויפזעהר, דער פארמאן פון דער מינע, סיימאן ווארד, א מאן פון א יאהר עט־ליכע און פופציג מיט אן ערנסטעס פריינדליכעס געזיכט. ווייטער שטעהן לע־בען איהם דיא שרייבערס און בוכהאלטערס פון דער מינע.

רשיימם סטאר האט אראפגענומען זיין הוט, אלס צייכען, אז ער וויל עפּעס רעדען. אלע ארבייטער, אויפזעהר און שרייבער האבען אראפּגענומען זייערע היטע און זיינען געוואָרען אויפמערקזאם. עס איז געוואָרען שטיל, אז מען וואלט געקענט הערן, וויא אַ פליעג פליהט דורך.

— פריינדע און ברידער! האט געזאגט דער אינזשעניר מיט אַ ווייכער, ציטערנדער שטימע. עס איז געקומען דיא טרויעריגע צייט, ווען מיר וועלען זיך מוזען צושיידען. ביז אהער האט אונז פעראייניגט דיא אלגעמיינע ארבייט אין דער מינע פון אַבערוויל. זיא איז יעצט ערשעפּפט. נעכטען האט מען קוים צו־נויפגעשארט דיא לעצטע טאָן קוילען.

ביי דיעזע ווערטער האט ער געוויעזען אויפין לעצטען איינציגען וועגעלע קוילען, וועלכער איז געשטאנען פארן אריינגאנג אין דער מינע.

— איך האב שוין לאנג געוואוסט, אז דיא מינע שעפּט זיך אויס. איך האב געזוכט, איך האב געגראבען, איך האב געפּארשט, פיעללייכט וועל איך ענטדעקען נאך עפּעס אן אָדער הון קוילען. — אומזיסט! מיין פארשען און זוכען איז געווען אומזיסט.

— דיעזעס וועגעלע קוילען, איז דער לעצטער טראפּען בלוט, וועלכער האט זיך נאך געפונען אין דיעזער מינע. עס האט זיך אויסגעשעפּט, מעהר איז שוין נימא. — דיעזע לעצטע טאן קוילען וועלען מיר בעהאלטען צום אנדענקען אן דיא קוילען מינע פון אבערוויל. אזוי וויא מען האט בעהאלטען דאס ערשטע שטיק קוילען, וואס מען האט אויסגעגראבען פון דיעזע מינע מיט הונדערט און פופציג יאהר צוריק.ביידע שטיקער קוילען — דאס ערשטע און דאס לעצטע — וועלען ליעגען אין אונזער מוזעאום.

ברידער און פריינדע! צווישען דיעזע צוויי שטיקער קוילען ליעגען בע־גראבען פיעלע גענעראציאנען (דורות) פון עהרליכע און פלייסיגע ארבייטער. — יעצט איז אלעס אויס! אייער אינזשעניר רעדט צו אייך צום לעצטען מאל. ער זאגט צו אייך: זייט געזונד! מיר מוזען זיך צושיידען!

זייט הונדערט און פופציג יאהר האבען אייערע עלטערן און איהר אליין געלעבט פון דיעזער מינע. איהר האט ארויסגעגראבען דיא שווארצע קוילען פון'ם טיעפען בויך פון דער ערד. מיר ענגלענדער רופען דיא קוילען — שווארצע דיא־מאנטען, ווייל דיא קוילען זיינען ניצליכער און נאטהווענדיגער פאר'ן מענשען, וויא דיא דיאמאנטען. אהן דיאמאנטען קען מען זיך בעגעהן, אהן קוילען קען מען זיך אין היינטיגע צייטען נים בעגעהן. דיא קוילען זיינען דאס איינציגע מיטעל, וועלכע טרייבען אונזערע מאשינען, אונזערע לאקאמאטיווען און אונזערע פאבריקען, זיי ווארעמען אונז אין קאלטען ווינטער און אויף זיי קאכען מיר אונזער עסען אים זומער. זיי בעלייכטען אונז דורך זייער גאז און גיבען אונז פיעלע ניצליכע מעדיצינישע מיטעל. דערפאר רופען זיי דיא ענגלענדער שווארצע דיאמאנטען.

איך ווייס, אז איהר האט געארביים שווער און ביטער, איהר האט אבער

געלעבט פֿון דיזער מינע. איך ווייס אז איהר האט געלעבט זעהר אָרים, אידה האט אבער דאך געלעבט פֿון אייער ארבייט. מיר האבען אלע געארבייט צוזאַמען און מיר האבען געלעבט פֿריינדליך און ברידערליך, וויא איין פֿאַמיליע פֿון עהר־ליכע און פֿלייסיגע ארבייטער. יעצט איז אלעס אויס! יעצט מוז זיך דיזע פֿאַ־מיליע צושיידען און יעדער וועט זיך געהן זיין וועג זוכען זיך אַ נייע היים, אַ נייע בעשעפֿטיגונג. איך זעה ניט, אז דיזע גוטע, עהרליכע און שטילע פֿאַמיליע זאל זיך אַ מאל ווידער צונויפֿקומען.

ברידער און פֿריינד! פֿערגעסט ניט, אז עס איז שטענדיג געווען אונזער פֿליכט צו העלפֿען און צו שטיצען איינער דעם אנדערן. מיר האבען ניט געהאט קיין אונטערשטיצונגס פֿעראיין, מיר האבען אבער געוואוסט, אז איינער דעם אנדערן מוז העלפֿען און אונטערשטיצען פֿון'ם לעצטען. טהוט ווייטער אזוי! — העלפֿט און אונטערשטיצט איינער דעם אנדערן! איך וועל אייך העלפֿען און אונטערשטיצען, וויא ווייט איך וועל קענען. איך פֿאהר יעצט אוועק קיין עדינ־בורג. איך האף, אז איך וועל באלד קריעגען אַ בעשעפֿטיגונג. ווער פֿון אייך עס וועט קומען צו מיר קיין עדינבורג, דער וועט זיין ווילקאָמען. איך וועל טהאָן פֿאר איהם, וואס איך וועל קענען. יעצט, מיינע פֿריידע, זייט געזונגד! לעבט וואהל! איך ווינש אייך גליק און אלעס גוטע! איך וואלט גענומען אבשיעד פֿון יעדען פֿון אייך בעזונדער, עס איז אבער אונמעגליך, ווייל איהר זייט מעהר אלס אכט הונדערט מאַן. איך וועל דאהער נעהמען אבשיעד פֿון אייער פֿאָרמאַן. דעם גוטען און עהרליכען סיימאָן ווארד.

מיט דיזע ווערטער איז ער אראפּגעגאַנגען פֿון'ם שטיק קוילען און האט ארומגענומען דעם אלטען סיימאָן ווארד. ביי ביידע מענער האבען זיך געוויזען טרערין אין דיא אויגען.

דיא ארבייטער האבען אויפֿגעהויבען זייערע היטע אין דער הויך און האבען אויסגערופֿען מיט איין קול.

— לעבע וואהל, דשיימס סטאר! אונזער אינזשעניר און אונזער פֿריינד!

יעצט איז פֿארגעקומען דער קאסירער פֿון דער קאָמפּאַני. ער האט אויס־גערופֿען יעדען ארבייטער ביים נאָמען און האט איהם איבערגעגעבען אַ קאָנ־ווערט מיט'ן געלד, וואס איז איהם געקומען. דאס איז געווען דאס לעצטע געלד, וואס זיי האבען גענומען ביי דער קאָמפּאַני.

איינער נאָכ'ן אנדערן זיינען זיך אוועקגעגאַנגען דיא ארבייטער. יעדער איז געגאַנגען אַ היים מיט'ן טרויעריגען געדאַנקען, וואס טהוט מען מארגען? יעדער איז געווען גערירהט פֿון דיא ווערטער פֿון'ם גוטען און עדעלען אינזשע־ניר. יעדער האט געפֿיהלט, אז פֿאר איהם הייבט זיך אָן אַ נייעס לעבען, אבער — וואו? וויא אזוי?

דשיימס סטאר איז אריינגעגאַנגען אין גרויסען הויז, דארט איז געווען זיין אָפֿיס. ער האט געוואָלט צונויפֿנעהמען זיינע פּאַפּיערן, אלעס צונויפֿלעגען און

זיך פֿערטיג מאַכען צו דער רייזע. ער פֿאהרט דאך איזועק אויף אייביג פֿון אַבערוויל.

ער האט אלעס צונויפֿגעלעגט און האט זיך פֿערטיג געמאכט אין וועג אריין. ווען ער איז ארויסגעקומען פֿון זיין אפֿיס, איז שוין קיינער ניט געווען אויפֿ׳ן פלאַץ פֿאר דער מינע. אלעס איז געווען שטיל, לעדיג, רוהיג, טרויעריג און איינזאם.

איין איינציגער מענש איז געבליעבען שטעהן אנגעשפארט אן דער שוואר־צער וואנד פֿון דער גרויסער געביידע. דאס איז געווען סיימאן ווארד, דער פֿאר־מאן פֿון דער מינע. ער איז געשטאנען מיט׳ן קאפ אראפּגעלאזען, טרויעריג און פֿערטראכט — אַ בילד פֿון טרויער און פֿערצווייפלונג. לעבען איהם איז געשטאַ־נען זיין זוהן העררי, אַ יונגע פֿון א יאהר פֿופֿצעהן. ער האט זיך אזוי צוגעטולעט צום פֿאטער, אז אויפֿ׳ן ערשטען בליק האט מען געקענט מיינען, אז דא שטעהט נור איין מענש.

דער יונגער העררי ווארד פֿלעגט אויך ארבייטען אין דיא קוילען מינע. דשיימס סטאר איז געווען זעהר גוט בעקאנט מיט סיימאן ווארד און מיט זיין פֿאמיליע. זיי פֿלעגען אפֿט רעדען איבער דיא מינע און זייט פֿינף־זעקס יאהר פֿלעגען זיי אפֿט זארגען צוזאמען, וואס דיא מינע לאזט זיך אויס — זיא ווערט אויסגעשעפּט.

דשיימס סטאר איז צוגעגאנגען צום אלטען פֿארמאן און האט איהם געזאגט:

— זייט געזונד, סיימאן ווארד!

— זייט געזונד, העדר דזשיימס! האט דער אלטער מאן געענטפֿערט. איך האף, אז מיר וועלען זיך נאך אַ מאל זעהן.

— איך וואלט געוועזן זעהר גליקליך, מיר זאלען זיך נאך א מאל וויעדער־זעהן, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט. מיר וואלטען גערעדט פֿון דיא גוטע אלטע צייטען אין אבערוויל.

— איך וויים, אז איהר וועט שטענדיג צופֿריעדען זיין מיך צו זעהן.

— איך פֿאהר אהיים, קיין עדינבורג, האט דשיימס סטאר געזאגט. ווען איהר וועט קומען, וועט מיין הויז שטענדיג אפֿען זיין פֿאר אייך.

— אך! עדינבורג איז צו וויים פֿאר מיר, האט דער אלטער סיימאן ווארד געזיפֿצט. — עדינבורג איז צו וויים פֿון אבערוויל.

— איך וויים, אז עדינבורג איז ניט נאהענט פֿון דאנען. וואו דענקט איהר דען צו וואינען?

— דא, אין דער מינע, האט סיימאן ווארד געענטפֿערט טרויעריג. איך, מיין פֿרוי און מיין זוהן וועלען בלייבען אין דער אלטער מינע. מיר קענען זיך ניט אפּרייסען פֿון איהר. קענען מיר דען פֿערלאזען דיא אלטע מינע, וועלכע האט אונז געשפּייזט פֿון קינדוויים אן נור דערפֿאר, וואס איהרע בריסט זיינען אויסגעטריקענט און קענען אונז מעהר קיין מילך ניט געבען? ניין! מיר בליי־בען ביי אונזער אלטער, שוואכער מוטער.

דשיימס סטאר איז געווען געריהרט פון דיא איינפאכע אבער פריינדליכע ווארטע ווערטער פון׳ם אלטען מאן.

— זייט געזונד, סיימאן ווארד! האט ער געזאגט נאך א מאל און האט געדריקט דיא הענד פון׳ם אלטען מאן.

אין זיין שטימע האט מען געהערט טרערין. ער האט מעהר ניט געקענט רעדען.

— איך האף דאך, אז מיר וועלען זיך ווידער זעהן, האט דער אלטער מאן געברומט. איך האף, אז איהר וועט נאך א מאל זיין אונזער אינזשעניר אין אבערוויל.

דער אינזשעניר האט נאך א מאל געדריקט דיא הענד פון׳ם אלטען פאר-מאן. ער האט דאן געגעבען דיא האנד דעם יונגען הערדי ווארד און איז ענדליך אוועקגעגאנגען מיט זיין פעקעל אונטערן ארים.

2טעם קאפיטעל.

# צוויי בריעף.

צעהן יאהר זיינען זייט דעם פערפלאסען. צעהן יאהר זיינען פערשוואונדען, זייט עס האט זיך אפגעשפיעלט דיא לעצטע סצענע, וואס מיר האבען בעשריעבען אין פאריגען קאפיטעל.

דשיימס סטאר וואינט אין עדינבורג. ער איז א בעריהמטע ראינזשעניר און האט געפונען גענוג בעשעפטיגונג. ער האט אנגעשריעבען איינינע ביכער איבער דיא קוילען גרובען און וויא אזוי זיי צו בעארבייטען. ער האט אויסגעפונען נייע קוילען אדערן, נייע שאכטען אין דיא בעריהמטע קוילען מינען פון ניו קעסל און קארדיף. ער האט אויסגעפונען דיא בעסטע און דיא פיינסטע קוילען פון קארדיף, וועלכע זיינען בעריהמט אין דער גאנצער וועלט.

דיא קעניגליכע געזעלשאפט פאר מינען און מינען ארבייט האט איהם געגעבען דעם ערשטען פרייז, א גאלדענע מעדאילע, פאר זיינע ארבייטען. דיא אנטיקווארישע געזעלשאפט פון שאטלאנד האט איהם געוועהלט אלס פרעזידענט און אין דער בעריהמטער שאטלענדישער וויסענשאפטליכער צייטונג „עדינבורג רעוויא" פלעגען זעהר אפט ערשיינען ארטיקעל מיט׳ן נאמען דשיימס סטאר פון אונטען, וועלכע פלעגען געלעזען ווערן מיט פערגניגען פון אלע געלערנטע פרא-פעסארען פון אייראפא.

דשיימס סטאר איז געווען ניט נור א גוטער אינזשעניר, ער איז געווען א גרויסער געלערנטער, א פילאזאף. ער איז אבער געווען ניט א פילאזאף, וועלכער טראכט, וואס עס טהוט זיך אויף דיא שטערן, זאנדערן א פראקטישער פילאזאף, וועלכער דענקט נור, וואס עס טהוט זיך אויף דער ערד און וויא אזוי מען זאל אויפרייסען דעם בויך פון דער אלטער מוטער ערד און פון דארט ארויסשלעפען דיא שעצע (דיא אוצרות), וועלכע ליעגען דארט בעגראבען זייט הונדערטער טויזענדער יאהרען.

דשיימס סטאר איז געווען איינער פון דיא גרעסטע און אנגעזעהנסטע

מענער אין עדינבורג. ער איז בעזאנדערס געווען בעריהמט דורך זיינע ווערקע איבער דער פראגע, וועלכע איז נים לאנג ענטשטאנדען און צוואר:

„וועלען זיך אַ מאל אויסשעפען אלע קוילען גרובען אויף דער וועלט?" — וואס וועט מען דאמאלס טהאן? דער פערברויך פון קוילען ווערט מיט יעדען יאהר גרעסער. עס קומען צו אלע מאל נייע מאשינען, וועלכע פארדערן אלץ מעהר און מעהר קוילען. דיא גאז קאמפאניס פערברויכען מיט יעדען יאהר אלץ מעהר קוילען צו דער פאבריקאציאן פון גאז. וואס וועלען מיר טהאן, ווען אלע קוילען גרובען וועלען זיך אויסשעפען? וועלען אלע פאבריקען מוזען בלייבען שטעהן און אלע שטעדט וועלען בלייבען אין דער פינסטער? — אין ענגלאנד איז דיא ערד שוין אזוי דורכגעלעכערט און אונטערמינירט, אז מען האט וואס מורא צו האבען, אז עס זאל אַ מאל נים טרעפען אן אונגליק, דיא ערד זאל זיך נים נאכגעבען און זאל נים איינפאלען.

דיעזע פראגען האט דער אינזשעניר דשיימס סטאר בעהאנדעלט אין זיינע ווערק. ער איז געווען דער בעסטער ספעציאַליסט אין דיעזע פראגען.

איין טאג, ווען דשיימס סטאר איז נור וואס אויפגעשטאנען, האט זיך אפגעוואשען און איז אריינגעגאנגען אין זיין שטודיר צימער, האט מען געקלונגען אן דער טהיר. דשיימס סטאר'ס דיענער האט געעפענט דיא טהיר. אַ פאסטיליאן איז אריינגעקומען און האט איהם דערלאנגט אַ בריעף.

דאס איז אין דשיימס סטאר'ס הויז קיין נייעס נים געווען. ער פלעגט ערהאלטען זעהר פיעל בריעף פון פערשיעדענע לענדער.

דער דיענער האט באלד איבערגעגעבען דעם בריעף דעם אינזשעניר דשיימס סטאר, וועלכער וואלט זיך געוויס נים געאיילט איהם צו עפענען, ווען ער וואלט נים צופעליגער ווייזע אַ קוק געטהאן אויפ'ן פאסט סטעמפעל און וואלט נים דערזעהן פאלגענדע ווערטער:

„אבערוויל פאסט אפיס, סטערלינג קאונטי, שאטלאנד."

דיעזע עטליכע ווערטער האבען איהם געמאכט נייגיעריג. זייט צעהן יאהר האט ער קיינע נאכריכטען נים ערהאלטען פון אבערוויל. ער האט שוין זאגאר פערגעסען אן אבערוויל. עס איז איהם צוואר א פאר מאל פארגעקומען, אז קוילען גרעבער פון אבערוויל זיינען געקומען בעטען ביי איהם אַ רעקאמענדאציאן אדער אַ שטעלע. ער האט געטהאן פאר זיי, וואס ער האט געקענט. ער איז אבער געווען אזוי בעשעפטיגט, אז ער האט זיי באלד פערגעסען. פלוצלונג ערהאלט ער אַ בריעף פון אבערוויל!

— ווער זאל עס מיר שרייבען פון אבערוויל? האט ער אויסגערופען. איך האב דארט קיינעם נים.

ער איז געווארען אזוי נייגיעריג, אז זיינע הענד האבען געציטערט, ווען ער האט זיך גענומען אויפרייסען דעם קאנווערט. ענדליך האט ער דאך אויפגעריסען דעם קאנווערט און האט ארויסגענומען אַ קליין בייגעלע פאפיער, אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען פאלגענדע צייליען:

„מיסטער דשיימס סטאר, 30 קאנאנגיים, עדינבורג.

„ווען דער איזשעניר דשיימס סטאר וועט קומען מארגען פריה צום דארטשארט שאכט אין דער קוילען גרוב פון אבער-וויל, וועט ער ערפאהרען זעהר אַ וויכטיגע נייעס.

„הערדי ווארד, דער זוהן פון'ם אלטען סיימאן ווארד, וועלכער איז אַ מאל געווען פאַרמאַן אין דער מינע פון אבער-וויל, וועט ווארטען אויפ'ן אינזשעניר דשיים סטאר מארגען אַ גאנצען טאג לעבען דאק פון קאַללאַנדאַר.

„מען בעט דעם אינזשעניר דשיימס סטאר, אז דיזער בריעף זאל בלייבען אַ געהיימניס. קיינער דארף ניט וויסען, אז דער אינזשעניר דשיימס סטאר האט ערהאלטען אזא בריעף.“

קיין אונטערשריפט איז אונטערן בריעף ניט געווען.

דשיימס סטאר האט געהאלטען דעם בריעף אין דיא הענד און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט איהם און וואס צו דענקען פון איהם.

— זאל עס זיין אַ שווינדעל? האט ער זיך געטראכט. וויל איינער לאכען פון מיר? וויל מיך איינער עפעס אפנאררען? — סיימאן ווארד! דעם קען איך זעהר גוט. דער איז אן עהרליכער מאן. דער וועט מיך ניט אפנאררען. ווען ער בעט מיך, איך זאל קומען קיין אַבערוויל, האט ער געוויס מיר מיטצוטהיילען וויכטיגע נייעס.

דשיימס סטאר האט אניעדערגעלעגט דעם בריעף אויפ'ן טיש און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער הין און צוריק. אלטע, פריינדליכע, ברידער-ליכע געשטאלטען האבען אויפגעלעבט און האבען זיך ווידער פארגעשטעלט פארן אינזשעניר דשיימס סטאר. ער האט זיך דערמאנט אן דער סצענע, ווען ער האט אבשיעד גענומען פון דיא גוטע און עהרליכע ארבייטער אין אבערוויל. ער האט זיך דערמאנט, ווען דער אלטער סיימאן ווארד איז געבליעבען שטעהן צוגעשפארט צו דער וואנד פון'ם גרויסען הויז און האט געזאגט, אז ער וועט ניט פערלאזען דיא אלטע מינע, דיא אלטע מוטער, וועלכע האט איהם געשפייזט פון קינדוויים אן.

— אך! דאס זיינען געווען גליקליכע טעג! האט דשיימס סטאר אויסגע-רופען. איך בין דאמאלס געווען אינגער, איך האב געקעמפפט און געליטען מיט דיא גוטע ארבייטער. איך בין יעצט רייך, עס איז מיר יעצט בעסער, עס איז מיר אבער דאמאלס געווען פרעהליכער און אנגענעהמער.

דשיימס סטאר האט זיך ווידער אניעדערגעזעצט לעבען זיין שרייב טיש, האט גענומען דעם בריעף, האט איהם נאך א מאל און נאך אַ מאל דורכגעלעזען און האט זיך ענדליך פערטראכט.

— וואס זאל עס הייסען? האט ער זיך ענדליך געפרעגט. זאל דער אלטער סיימאן ווארד האבען ענטדעקט א נייע אָדער פון קוילען אין דער אלטער מינע? — ניין! דאס קען ניט זיין! איך האב יאהרען לאנג געזוכט, געגראבען און געפארשט,

מיין ארבייט איז אבער געווען אומזיסט. אין אבערוויל איז מעהר ניטא ניט איין שטיקעל קוילען. דיא מינע איז אין גאנצען אויסגעשעפט.

איך בין אליין געגאנגען אין דיא טיעפסטע שאכטען, איך האב אַליין אויסגעבויערט ליעבער אין הארטען שטיין און האב געזוכט, פיעללייכט וועל איך געפינען אַ שטיקעל קויל. — אומזיסט! אין אבערוויל האט שוין דער מענש ארויסגענומען פון דער ערד אלעס, וואס עס געפינט זיך נור אין איהר.

ער האט זיך ווידער פערטראכט. דאן האט ער געזאגט צו זיך אליין.

— סיימאן ווארד קען מיך זעהר גוט. ער ווייס, אז מיך אינטערעסירט נור מינען און קוילען גרובען. ווען ער בעט מיך, איך זאל קומען, מוז דארט זיין עפעס וויכטיגעס, ער האט געוויס עפעס ענטדעקט. — וויא איז דאס אבער מעגליך, אז דער אלטער פארמאן זאל האבען ענטדעקט אַ קוילען מינע, ווען איך האב געזוכט אזוי לאנג און האב גאר ניט געפונען?

אלס גוטער אינזשעניר, אַלס געלערנטער האט עס איהם גלאט פערדראָסען, וואס אן אנדערער האט אויסגעפונען דאס, וואס ער האט געזוכט אזוי לאנג און האט ניט געפונען.

— וואס טהוט מען? זאל איך פאהרען קיין אבערוויל, אדער זאל איך ניט פאהרען? — מיך אפנאַררען? לאכען פון מיר? מאכען אַ שפאס מיט מיר? — ווער זאל עס טהאן? איך האב מיך מיט קיינעם ניט געקריעגט. איך האב קיינעם קיין שלעכטעס ניט געטהאן.

ער האט זיך ווידער פערטראכט. דשיימס סטאר איז געווען איינער פון דיא זעלטענע מענשען, ביי וועלכע דער קאפ ארבייט בעשטענדיג. דער קאפ פון דיזען מענשען איז געגליכען צו אַ קעסעל, וועלכער שטעהט אויפן פייער און דאס וואסער אין איהם קאכט און זידעט. עס הייבען זיך אויף גרויסע בלאזען פון שוים, זיי קומען צו צום ברעג פון'ם קעסעל, לויפען א מאל אריבער, זידען און קאכען ווייטער. זיין געהירן האט קיין מאל ניט גערוהט. נייע געדאנקען, נייע אידעען זייגען אלע מאל אויפגעקאכט געווארען אין זיין קאפ.

— איך וועל פאהרען קיין אֶבערוויל! האט ער זיך ענדליך ענטשלאסען.

ווען ער האט געוואלט פאהרען קיין אֶבערוויל, האט ער געדארפט ארויספאהרען מיט'ן אייזענבאהן אום אכט אוהר אבענדס, פאהרען פינף שטונדען מיט'ן באהן און דאן פאהרען א פאר שטונדען אויף אַ קליינעם דאמפף שיף, וועלכעס פלעגט צופיהרען דיא פאסאזשירען צום דאק פון קאַללאַנדאַר, אַ סטאציאן לעבען אֶבערוויל.

דשיימס סטאר איז געווען אַ גאנצען טאג אונרוהיג. דער קעסעל האט געקאכט און געזאטען שטארקער וויא געוועהנליך. סיימאן ווארד'ס בריעף האט איהם ניט געלאזט רוהען. ער האט קוים דערלעבט דעם אבענד, ער זאל שוין פאהרען קיין אֶבערוויל.

אום זעקס אוהר האט ער זיך געזעצט טרינקען טהעע און האט געהייסען

זיין דיענער, ער זאל צונויפפלעגען זיינע זאכען אויף אַ קורצע רייזע פון א פאר טאג. —

פלוצלונג האט מען ווידער געקלונגען אין דער טהיר. דער דיענער האט געעפענט. דער פאסטיליאן האט ווידער געבראַכט אַ בריעף. דשיימס סטאר האט א קוק געטהאן אויפ'ן קאנווערט און האט דערזעהן מיט שטוינען דעם פּטעמפעל פון דער פאסט:

„אַבערוויל פאסט אפיס, סטערלינג קאונטי, סטאקלאנד.“

דיעזער בריעף איז געלעגען אין אַ גראבען שמוציגען קאנווערט. דיא אדרעסע איז געווען געשריעבען מיט גרויסע, קרומע בוכשטאבען. עס איז געווען דייטליך, אז דיא אדרעסע האט געשריעבען אַ האנד, וועלכע איז ניט געוואינט צום שרייבען.

דשיימס סטאר האט האסטיג אויפגעריסען דעם קאנווערט. אינוועניג איז געלעגען אן אלט שטיקעל פאפיער, וויא עס ווייזט אויס, איז עס געווען אויסגעריסען ערגעץ פון אן אלטען שרייב העפט. אויף דיעזעם שטיקעל פאפּיער זיינען געשטאנען נור עטליכע ווערטער:

„דער אינזשעניר דשיימס סטאר האט זיך ניט וואס צו בעמיהען. סיימאן ווארד'ס בריעף האט קיין גרונד ניט און קיין זינן ניט.“

איך אויף דיעזען בריעף איז קיין אונטערשריפט ניט געווען.

8טעס קאַפּיטעל.

## אנגעקומען קיין אבערוויל.

דשיימס סטאר איז געווען אויסער זיך.

— וואס הייסט דאס? האט ער געפרעגט זיך אליין. דיעזער בריעף איז פונקט ענטגעגענגען פון'ם ערשטען. וויא קומט עס, וואס איך האב אין איין טאג ערהאלטען צוויי בריעף, וועלכע זיינען איינער געגען אנדערן? ווען סיימאן ווארד האט מיך איינגעלאדען, איך זאל קומען קיין אבערוויל און שרייבט מיר, אז עס איז אַ געהיימניס, וויא אזוי ווייס אנאנדערער פון דיעזעם געהיימניס?

דשיימס סטאר האט נאך אַ מאל בעטראכט דעם צווייטען בריעף, האט איהם נאך אַ מאל דורכגעלעזען און האט ניט געקענט קלוג ווערן, וואס ביידע בריעף בעדייטען.

— זאל עס וואהר זיין, אז סיימאן ווארד'ס בריעף האט קיין זינן ניט? איז דער צווייטער בריעף ווירקליך געשריעבען פון אַ פריינד, וועלכער וויל ניט, אז איך זאל מיך שלעפּען אין אַזאַ שלעכטעס וועטער, אדער איז ער געשריעבען פון אַ פיינד, וועלכער וויל ניט, אז מען זאל נאך אַ מאל זוכען אין דער מינע פון אַבערוויל?

וואס פאר אַ צוועק זאל האבען דער מאן, וואס האט געשריעבען דעם אנדערן בריעף? פאר וואס זאל ער ניט וועלען, אז מען זאל עפענען אַ נייע מינע

אין אבערוויל און הונדערטער מענשען זאלען וויעדער האבען פון וואס צו לעבען?

דשיימס סטאר האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. ער האט זיך ניט גע־קענט געבען קיין ראטה: זאל ער פאהרען אדער זאל ער ניט פאהרען?

ער האט געטראכט זעהר לאנג. פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער און האט אויסגערופען.

— איך וועל דאך פאהרען! ווייל דער צווייטער בריעף ווארנט מיך, איך זאל ניט פאהרען, וויל איך יא פאהרען. איך מוז איין מאל פאר אלע מאל וויסען, וואס פאר א געהיימניס דארט שטעקט. — סיימאן ווארד איז אן עהרליכער מאן. ווען ער רופט מיך, דארף איך געהן. וואס געהט עס מיך אן, וואס דער אנדערער שרייבט? איך וועל פאהרען!

ער האט זיך געזעצט לעבען זיין שרייב טיש און האט אנגעשריעבען עט־ליכע בריעף. איין בריעף האט ער אנגעשריעבען צום פרעזידענט פון דער קעניגליכען מינעראלאגישען געזעלשאפט, אז מארגען קען ער ניט קומען אויף דיא פערזאמ־לונג. אן אנדער בריעף האט ער אנגעשריעבען צו דער קאמפאני פון דיא קאר־דיף קוילען גרובען, אז ער פאהרט אוועק אויף א פאר טעג. ער האט געשריעבען נאך עטליכע בריעף צו מענשען אדער געזעלשאפטען, וואס האבען איהם ער־ווארטעט, אז ער ענטשולדיגט זיך; א זעהר דרינגענדע אנגעלעגענהייט האלט איהם צוריק.

ווען ער האט געענדיגט אלע בריעף, האט ער אנגעקלונגען. זיין דיענער איז אריינגעקומען.

— גרייט מיר אן מיין רענצעל, האט ער איהם געזאגט. לעג אריין אין מיין רענצעל צוויי העמדער, א פאר הויכע גומי שטיוועל און איינגע אינסטרומענ־טען, וועלכע ליעגען דארט אין מיין ארבייטס צימער אויפ'ן טיש. איך פאהר אוועק אויף א פאר טעג צו א בעקאנטען אויספארשען א קוילען מינע.

דאס איז געווען אלעס, וואס ער האט געזאגט צו זיין דיענער. דאס איז געווען אלעס, וואס זיין דיענער האט געוואוסט פון זיין רייזע.

אום אכט אוהר איז אלעס געווען פערטיג צו דער רייזע. דשיימס סטאר האט גענומען זיין רענצעל אונטערן ארים און איז ארויסגעגאנגען פון זיין וואה־נונג. דער אלטער געטרייער דיענער איז געשטאנען אין האלל און האט איהם נעפרעגט, אויב ער זאל איהם צורופען א דראשקע.

— מ'דארף ניט, האט דשיימס סטאר געענטפערט. איך וועל שוין טרע־פען צום באהנהאף.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. אין דרויסען איז געווען נאס און קאלט. א פיינער ווינטער רעגען האט געשפריצט און האט אלעס דורכגע־נעצט. א נאסער און קאלטער ווינד האט געוועהט און איז דורכגעדרונגען ביז אין דיא ביינער. עס איז געווען דער 28טער דעצעמבער 1874.

דשיימס סטאר האט זיך ניט אומגעקוקט. ער איז געווען אזוי פערטיפט

אין זיינע געדאנקען, אז עס האט איהם וועניג געקימערט. וואס עס קומט פאר אין דרויסען.

קאַנאָנגייט איז דיא שעהנסטע און בעריהמטעסטע גאס אין עדינבורג. אין קאַנאָנגייט געפינט זיך דער אלטער פּאַלאַץ פון דיא קעניגע פון שאָטלאַנד. דיא ענגלישע רעגיערונג איז אזוי העפליך, אז זיא לאזט ניט צערשטערען דיעזען אלטען פּאַלאַץ, דעם אנדענקען פון דיא אלטע שאָטלענדישע קעניגע. — א מאל איז שאָטלאַנד געווען אַ בעזונדערע קעניגרייך. אין שאָטלאַנד האבען געהערשט גרויסע און קלוגע קעניגע. ענגלאנד האט זיי בעזיעגט. ענגלאנד האט צוגענומען זייער לאנד. ענגלאנד האט צוגענומען שאָטלאנד און אירלאנד, אזוי וויא עס האט צוגענומען אנדערע לענדער.

דיא ענגלישע קעניגע האבען אבער אזוי וויט מורא געהאט פאר דיא בעזיעגטע און ערניעדריגטע קעניגע פון שאָטלאַנד, אז ביז אויף היינטיגען טאג שטעהט נאך אין קאַנאָנגייט דער אלטער פּאַלאַץ פון דיא שאָטלענדישע קעניגע; ביז אויף היינטיגען טאג געהט נאך ארום אַ וואך פאר דיעזען אלטען פּאַלאַץ; ביז אויף היינטיגען טאג טראגט נאך דיא וואַך דיא אלטע קאסטיומען פון דער לייב גווארדיע פון דיא שאָטלענדישע קעניגע.

ווען אַ געבילדעטער רייזענדער קומט קיין עדינבורג און קומט פארן אל־טען פּאַלאַץ אין קאַנאָנגייט, זעהט ער מיט שטוינען, וויא עס שפּאַציערן ארום פאַרן אלטען פּאַלאַץ דיא אלטע העלדען פון שאָטלאנד אין זייערע אלטע קליי־דער, מיט זייער אלטער, ערנסטער, פערזאָרגטער מינע.

דשיימס סטאר איז פאַראיבערגעגאנגען דעם אלטען פּאַלאַץ און האט זיך זאגאר ניט אומגעקוקט. ער איז פאַרבייגעגאנגען אזוי נאהענט צו דער וואַך, אז אז דער אלטער סאלדאט האט געפונען פאר נייטיג איהם צו וואָרענען און איהם צו זאגען:

— סקאָטיאַ פאר עווער! (שאָטלאנד אויף אייביג!)

ער האט עס אבער ניט געהערט אדער ער האט עס ניט פערשטאנען. ער איז געגאנגען ווייטער.

דשיימס סטאר איז צוואר געווען אַן עכטער שאָטלענדער. ער האט פער־געטערט דעם בעריהמטען שאָטלענדישען שרייבער וואַלטער סקאָטט. ער איז פאַרבייגעגאנגען דאס הויז, וואו וואַלטער סקאָטט האט געלעבט און געשריעבען זיינע בעריהמטע ווערקע — דיא וואווערלי נאָוועלס — און איז ניט געבליעבען שטעהן פאר איהם.

קיין פאלק אין דער וועלט האט ניט אפגעגעבען אזוי פיעל עהרע זיינע שרייבער, וויא דיא שאָטלענדער. דער נאמען וואַלטער סקאָטט איז ביי זיי היילינג. קיין שאָטלענדער וועט ניט פאַראיבערגעהן דאס הויז, וואו וואַלטער סקאָטט האט געוואוינט, און זאל זיך ניט אפּשטעלען בעטראַכטען דיא ווענט, וואו דער גרויסער גייסט, דער גרויסער געלערנטער האט געלעבט און געשריעבען זיינע בעריהמטע ווערק.

דשיימס סטאר איז געווען אזוי אויפגערעגט און אזוי בעשעפטיגט מיט זיינע געדאנקען, אז ער האט זיך ניט אומגעקוקט זאגאר, ווען ער איז פאראיבער־געגאנגען דאס הויז, וואו וואלטער סקאָטט האט געלעבט און געשריעבען.

ער איז געגאנגען האסטיג זיין וועג צום באהנהאף. ער איז אנגעקומען פונקט צור צייט צו נעהמען א בילעט און זיך אויפזועצען אויף א צוג, וועלכער איז אפגעגאנגען פון ניו הייווען. ער האט ניט געקוקט, אין וואס פאר א קופּע ער איז אריינגעגאנגען; איהם האט ניט געקימערט, ווער עס זיצט לעבען איהם און אויב ער איז אליין אדער איינער זיצט לעבען איהם. זיינע געדאנקען זיינען געווען אין אבערוויל.

אין א פאר שטונדען ארום איז דער צוג אנגעקומען קיין גראנטאן פיער. דארט זיינען פיעלע פּאַסאַזשירען ארויסגעגאנגען און האבען זיך אויפגעזעצט אויף א קליינעם אבער שטארקען דאמפף שיף מיט'ן נאמען „פרינס אף וועלס.“

דער רעגען האט געגאסען. עס האט געבלאזען א קאלטער ווינד. דאס מעער האט גערוישט און געקאכט, גלייך וויא עס וואלט געווען בייז אויף דיא מענשען, פאר וואס זיי שטעלען זיך אונטער צו פאהרען אין אזא שלעכטעס וועטער.

דשיימס סטאר האט ניט געקוקט אויפ'ן רעגען און אויפ'ן שלעכטען וועטער. ער איז ארומגעגאנגען פון איין קאַיוטע צו דער אנדערער און האט געקוקט, געזוכט און געפּארשט. אויב עס געפינט זיך ניט אויפ'ן „פרינס אף וועלס“ עפעס א פּאַסאַזשיר, וועלכער זוכט איהם אדער ווארט אויף איהם. ער האט ריכטיג גערעכענט, אז ווען דער שרייבער פון'ם צווייטען בריעף איז אזוי פעראינטערעסירט, אז ער זאל ניט קומען קיין אבערוויל, וועט ער געוויס ווארטען אויף איהם אויפ'ן שיף און וועט איהם ערקלערן, פאר וואס ער זאל ניט פאהרען קיין אבערוויל.

לײדער, האט ער אויפ'ן שיף קיינעם ניט געפונען. קיינער האט איהם ניט דערקענט, קיינער האט מיט איהם ניט גערעדט, קיינער האט זיך מיט איהם ניט געוואלט בעקענען. אויפ'ן שיף זיינען געווען קויפלייטע, פּארמערס און ארביי־טער, וועלכע זיינען געפאהרען פון עדינבורג אין פערשיעדענע שטעדט און ער־טער פון שאטלאנד. קיינער האט איהם ניט דערקענט.

דשיימס סטאר איז געווארען אונרוהיג. ער האט זיך געפיהלט פערגעסען און פערלארען אין דער גרויסער מעננע פון פרישע מענשען, וועלכע האבען זיך ווייניג אינטערעסירט מיט קוילען און קוילען מינען. ער האט זיך געפיהלט אויף א נייער וועלט, וואו עס זיינען דא אנדערע אינטערעסען, אנדערע זארגען, אנ־דערע פריידען און אנדערע ליידען אלס קוילען און קוילען מינען.

לאנגזאם איז געפאהרען דער „פרינס אף וועלס“. ער האט געהאט א שווערן קאמפף מיט דיא וועללען (כוואליעס). דשיימס סטאר האט זיך ענדליך אניעדערגעזעצט אין איינע פון דיא קאַיוטען און האט זיך פערטראַכט.

— לעבט נאך סיימאן ווארד? וואו איז ער יעצט? וואינט ער נאך אין

אבערוויל אדער איז ער ווירקליך געבליבען אין דער מינע מיטען נאמען „דאַרטשארט פיט“, וואו ער האט פֿון איהם אבשיעד גענומען מיט צעהן יאהר צוריק? ווען ער דערקענען סיימאן ווארד׳ס זוהן? ווען ער איז אוועקגעפֿאהרען פֿון אַבערוויל איז הערדי אלט געווען פֿופֿצעהן יאהר. יעצט איז ער שוין אַ מאַן פֿון אַ יאהר פֿינף און צוואנציג. אין צעהן יאהר ענדערט זיך אַ יונגער מאַן זעהר פֿיעל. וואס וועט ער טהאן, ווען ער וועט קומען קיין קאַללאַנדאַר און וועט דארט ניט טרעפֿען דעם יונגען הערדי ווארד?

אונטערדעסען איז דער „פרינס אף וועלס“ געפֿאהרען אלץ ווייטער און ווייטער. ענדליך איז ער אנגעקומען קיין אַללאָאַ, איינע פֿון דיא עלטסטע קוילען מינען אין שאטלאנד. אַ מאל איז זיא געווען דיא רייכסטע מינע אין דער וועלט. היינט האט זיא זיך אויך אויסגעשעפט. אַללאָאַ איז אַ מאל געווען אַ רייכע שטאדט פֿון עטליכע טויזענד איינוואינער. היינט איז זיא פֿעראַרימט און פֿערנאַכלעסיגט. איהרע איינוואינער, וועלכע האבען כמעט אלע געלעבט פֿון דיא קוילען מינע, זיינען יעצט צוזעעט און צושפּרייט אויף דער גאנצער וועלט. פֿיעלע האבען אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא, פֿיעלע האבען געמוזט זיך אויסלערנען אנדערע האנדווערק; פֿיעלע זיינען געשטארבען פֿאַר הונגער און נויט. פֿון דער גרויסער און רייכער שטאדט אַללאָאַ איז יעצט געוואָרען אן ארים דערפֿעל, וועלכעס ווערט מיט יעדען יאהר קלענער און ארימער. עס וועלען פֿערגעהן נאך עטליכע יאהר און דער נאמען אַלאָאַ וועט פֿערשווינדען פֿון ענגלאנד, וויא עס זיינען פֿערשוואונדען דיא נעמען פֿון פֿיעלע אנדערע שטעדט, וועלכע זיינען אַ מאל געווען גרויס און רייך.

פֿון דער ענגלישער שטאדט באסטאן איז יעצט געבליעבען קוים דער נאמען, אין דער צייט, וואס דיא אמעריקאנישע שטאדט באסטאן, וועלכע דיא ענגלישע עמיגראנטען האבען אַ נאמען געגעבען נאך זייער אלטער היים, בליהט יעצט און איז איינע פֿון דיא גרעסטע שטעדט אין דער וועלט.

דשיימס סטאר האט עס געפֿיהלט. עס האט איהם פֿערקלעמט ביים הארצען, ווען ער האט זיך דערמאנט אן זיין אבערוויל, וואו ער האט פֿערבראַכט זיינע בעסטע יאהרען; וואו ער האט געקענט יעדען ארבייטער מיט זיין פֿאמיליע; וואו ער האט געלעבט מיט זיי, וויא ברידער.

זאל דיעזעס אבערוויל אויך אזוי פֿערשווינדען, וויא אַללאָאַ? אין אבערוויל זיינען אויך דיא קוילען אויסגעשעפט. וואס וועט דאס ענדע זיין פֿון אבערוויל?

עס איז טאג געווארען. דער „פרינס אף וועלס“ איז מיט שווערע מיה צוגעקומען צום דאק אין קאַללאַנדאַר. דיא פאסאזשירען זיינען ארויסגעגאנגען פֿון זייערע קאיוטען. דאס וועטער איז נאך אלץ געווען שלעכט. דער רעגען האט נאך אלץ געגאסען און אַ קאלטער ווינט האט געוועהט. אויפֿ׳ן דאק איז געווארען אַ ליארם און אַ געשריי.

דשיימס סטאר איז געווען דער לעצטער ארויסצוגעהן פֿון׳ם „פרינס אף וועלס“. קוים אבער איז ער ארויסגעקומען אויפֿ׳ן דאק, איז אַ יונגער מאן צוגע-

קומען צו איהם און האט זיך העפליך פערנייגט.—דאס איז געווען הערריוואַרד, סיימאַן וואַרד'ס זון.

— זייט איהר מיסטער וואַרד, סיימאַן וואַרד'ס זוהן? האט דער אינזשעניר געפרעגט.

— איך בין עס, הערר דשיימס סטאַר, האט דער יונגער מאַן געענטפערט.

— אַה! איהר זייט אויסגעוואַקסען, הערריִ. איהר זייט געוואָרען אַ גאַנצער מענש. איך וואָלט אייך ניט דערקענט, הערריִ, ווען איהר זאָלט ניט געווען צוקומען צו מיר.—צעהן יאָהר איז אַ לאַנגע צייט.

— איך וואָלט אייך אָבער דערקענט, הערר סטאַר, האָט דער יונגער מאַן געזאָגט. איהר האט זיך וועניג געענדערט אין די צעהן יאָהר. אך הערר סטאַר! איך געדענק נאָך זעהר גוט, ווען איהר האט מיך אַרומגענומען און האט מיר אַ קוש געטהאָן, איידער איהר זייט אַוועקגעפאָהרען פון אַבערוויל. איך וועל עס אייביג ניט פערגעסען.

דיא גאַנצע צייט, וואָס ער האט גערעדט מיט'ן אינזשעניר, האט ער געהאַלטען דעם הוט אין דער האַנד. דשיימס סטאַר איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האט עס ערשט יעצט בעמערקט.

— טהו אָן דיין הוט, הערריִ! האט ער איהם געזאָגט. עס רעגענט, דוא קענסט זיך נאָך צוקיהלען.

— ווילט איהר פאַרפאָהרען אין אַ גאַסט הויז און זיך שיצען פאַרן רעגען, הערר סטאַר?

— ניין, הערריִ. עס וועט רעגענען אַ גאַנצע טאָג. צו וואָס זאָל איך פערפאָהרען אין אַ האָטעל אין קאַללאַנדאַר? לאָמיר בעסער גלייך פאָהרען קיין אַבערוויל.

— וויא איהר פערשטעהט, הערר סטאַר.

— אך! איך האב גאָר פערגעסען! האט דער אינזשעניר אויסגערופען.— וואָס מאַכט אייער פאָטער? איז ער געזונד?

— מיין פאָטער איז געזונד און גריסט אייך.

— און וואָס מאַכט אייער מוטער?

— מיין מוטער איז אויך געזונד.

— האָט עס אייער פאָטער מיר געשריעבען דעם בריעף, איך זאָל קומען קיין אַבערוויל?

— ניין, איך האב אייך געשריעבען דיעזען בריעף, האט הערריִ געענטפערט.

— אַלזאָ, האט עס אייער פאָטער, סיימאַן וואַרד, מיר געשריעבען דעם צווייטען בריעף, אין וועלכען ער ראטה מיר, אַז איך זאָל ניט פאָהרען קיין אַבערוויל?

— ניין, הערר סטאַר. מיין פאָטער האט גאָר ניט געשריעבען, האט דער יונגער מאַן געענטפערט.

## שוואַרצע דיאמאנטען.

— הום.... האט געזאגט דשיימס סטאר. ווער דען האט אלזא געשריעבען דעם צווייטען בריעף?

דער אינזשעניר האט זיך פערטראכט. ער האט געזעהן, אז דא איז א געהיימנים און האט זיך ענטשלאסען אויסצופארשען דיעזע געהיימנים.

— האט אייך אייער פאטער געהייסען שרייבען דיעזען בריעף? האט ער ווייטער געפרעגט.

— יא, ער האט מיר געהייסען אייך שרייבען און אייך בעטען, איהר זאלט קומען קיין אבערוויל.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, צו וועלכען צוועק אייער פאטער האט מיך געבעטען, איך זאל קומען קיין אבערוויל?

— מיין פאטער וועט עס אייך אליין זאגען.

— אבער איהר, העררי, ווייסט געוויס אויך, צו וואס ער האט מיך גערופען קיין אבערוויל.

— איך ווייס עס אויך.

— אלזא, גוט! איך וועל אייך מעהר ניט פרעגען, האט דשיימס סטאַר געזאגט. לאמיר ניט פערברענגען קיין צייט אומזיסט און לאמיר פאהרען צו דיין פאטער.

ער האט זיך פערטראכט א פאר מינוטען. פלוצלונג האט ער זיך עפעס דערמאנט.

— איך האב גאר פערגעסען דיך צו פרעגען: וואו וואינט דען אייגענטליך דיין פאטער יעצט?

— אין דער אלטער מינע.

— וואס רעדסט דוא? ער וואינט אין דארטשארט שאכט? דאס קען דאך ניט זיין!

— עס איז אבער אזוי, העררי דשיימס סטאר.

דער אינזשעניר האט איהם ניט פערשטאנען.

— איז עס מעגליך, אז אייער פאמיליע איז געבליעבען דיא גאנצע צייט אין דער מינע?

— יא, העררי סטאר, האט העררי ווארד געענטפערט. זייט דיא ארבייט אין דער מינע האט אויפגעהערט, איז מיין פאטער ניט ארויסגעפאהרען פון דער מינע. מיר לעבען דארט גאנץ רוהיג. איהר קענט זעהר גוט מיין פאטער, העררי סטאַר, ער זאגט, אז ער איז דארט געבארען געווארען און וויל דארט שטארבען.

— איך ווייס עס, איך קען אייער פאטער. איהם איז דיא מינע ליעב געווארען ער קען זיא ניט פערלאזען. ער קען ניט לעבען ערגעץ אנדערש.— זייט איהר צופריעדען מיט אייער וואינונג?

— יא, העררי סטאַר. איהר ווייסט, אז אונזער קליינע פאמיליע איז שטענדיג צופריעדען. מיר ליעבען איינער דעם אנדערן. מיר זיינען ניט געוואוינט צו

רייכקייט. מיר דארפֿען וועניג און זיינען העכסט צופֿריעדען, וואס קיינער שטערט אונז ניט.

— גוט, הערדי, גוט! לאמיר געהן!

דשיימס סטאר האט ניט געפֿרעגט, אויב זיי זאלען נעהמען אַ דראשקע. ער האט פֿערשטאנען, אז דא איז עפּעס אַ געהיימניס. ווען הערדי ווארד זאגאר וויל איהם ניט זאגען, צו וואס פֿאר אַ צוועק זיין פֿאטער האט איהם געשיקט רופֿען, איז עס אַ בעוויז, אז קיינער דארף דערפֿון ניט וויסען. ער האט דאהער ניט געוואלט נעהמען קיין דראשקע, דער קוטשער זאל ניט וויסען, אז אַ פֿרעמדער מענש איז געקומען קיין דארטשארט שאכט.

ער און הערדי ווארד זיינען דאהער געגאנגען צו פֿוס.

4טעס קאפּיטעל.

## דיא דארטשארט שאַכט.

הערדי ווארד איז געוועזן אַ הויכער און שטארקער יונגער מאן. ער איז אויפֿגעוואקסען אין דער מינע און האט געקענט אלע וועגען און אלע שטעגען אין דער מינע. אלע ארבייטער פֿון דער מינע פֿלעגען איהם ליעב האבען. מען האט זיך געקענט אויף איהם פֿערלאזען, וויא אויף אן אלטען ערפֿאהרענעם ארבייטער.

אלס קינד האט ער געלערנט אין דער איינציגער שולע אין אבערוויל און אלע לעהרער זיינען מיט איהם געוועזן זעהר צופֿריעדען. ער האט געהאט אַ גוטען קאפּ און האט געלערנט זעהר פֿלייסיג. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען זיין פֿאטער זאל געוועזן האבען דיא מיטעל צו לאזען איהם ווייטער לערנען, וואלט ער מיט דער צייט געווארען אַ גוטער אינזשעניר.

לײדער, איז דאס לערנען אַזאַ לוקסוס, אז אן ארימאן קען זיך עס ניט ערלויבען. ווען הערדי איז נאך געוועזן יונג, איז זיין פֿאטער, סי מאן ווארד געוועזן אן איינפֿאכער ארבייטער. ערשט שפּעטער, ווען הערדי אליין האט שוין געארבייט אין דער מינע, האט מען איהם געמאכט פֿאר פֿאָרמאַן, ריכטיגער געזאגט, פֿארן עלטסטען אויפֿזעהר. ער האט געדארפֿט זעהן, אז אלע גענג אין דער מינע זאלען זיין זיכער, אלע לייטערס זאלען זיין אין ארדנונג, אלע וואגאָנעס און אלע קייטען זאלען זיין אויף זייער ארט און זאלען ארבייטען, וויא עס דארף זיין.

דער יונגער הערדי ווארד האט איהם געהאלפֿען, וויא אַ טרייער זוהן דארף העלפֿען זיין פֿאטער. ער איז געוועזן יונג, געשיקט און פֿלינק; ער פֿלעגט זיך לייכט אראפּלאזען אין דיא טיעפֿסטע שאכטען און פֿלעגט אויסקריכען אין אלע לעכער. ער פֿלעגט קומען זאגען דעם פֿאטער, אז דא דארף מען אונטערשפּאַרען דיא מינע מיט אַ נייעם באלקען; דא דארף מען צורעכט מאכען דיא לייטער, דארט האט זיך געוויזען וואסער. מען מוז עס פֿערהיטען. קורץ, ער האט אליין

נעאַרבייט און האט נאך דערביי געהאָלפֿען זיין אלטען פֿאטער אין אלע זיינע ארבייטען.

הערריי װארד האט יעצט גענומען דעם אינזשענירס רענצעל אונטערן ארים און האט אנגעהויבען צו שפּאַנען האסטיג איבער דיא נאסע פֿעלדער. פֿון דער סטאציאן קאַללאַנדאַר ביז דארטשארט פּיט, אדער דארטשארט שאכט (פּיט הייסט אויף ענגליש אַ ברונען, אַ שאַכט) איז פֿיער ענגלישע מייל. װען זיי װאלטען געגאנגען איבער אבערװיל, װאלט זיי געװען פֿיעל נעהנטער. הערריי װארד אָבער האט ניט געװאלט געהן איבער אבערװיל. ער האט ניט געװאלט, אז מען זאל זעהן דעם אינזשעניר אין אבערװיל.

אין דרויסען איז שוין געװען גרויסער טאג. דשיימס סטאר האט געקענט בעטראכטען דיא געגענד ארום. פֿון אלע זייטען האט מען געקענט זעהן קליינע פֿארמס צװאװאָרפֿען ביים ברעג פֿון׳ם מעער. אין ערטער האט מען בעגעגנט קיה און אקסען, װעלכע האבען רוהיג געגעסען דאס קנאַפּע, נאסע גראז. קיין הירט (פּאַסטוך) האט מען ניט געזעהן. דיא ארימע פֿארמערס אין ענגלאנד קענען זיך ניט ערלויבען אזאַ פֿערגניגען. זיי האלטען ליעבער אַ גרויסען הונט, װעלכער היט אפּ זייערע בהמות.

װאוהין מען געהט אדער מען פֿאהרט אין ענגלאנד, זעהט מען, אז דיעזעס לאנד איז בעשאַפֿען געװארען נור פֿאר פֿאבריקען אדער מינען. דיא ערד פֿון אויבען איז ארים און מאגער. דערפֿאר אבער ליעגען אין דער ערד בעגראבען שעצע (אוצרות), װעלכע קיין לאנד אין דער װעלט האט ניט. דאס בעסטע צינן אין דער װעלט גראבט מען אויס גאנץ טיעף פֿון דער ערד אין ענגלאנד. דיא בעסטע קוילען מינען געפֿינען זיך אין ענגלאנד. אלע ניצליכע מעטאלען גראבט מען אויס פֿון דער ערד אין ענגלאנד.

דשיימס סטאַר איז שוין זייט צעהן יאהר ניט געװען אין דיעזע געגענדען. זייט מען האט אויסגעגראבען דיא לעצטע טאָן קוילען פֿון דארטשארט פּיט, איז ער דארט ניט געװען. ער האט געזעהן מיט שטוינען, אז זייט דיא מינע פֿון אבערװיל האט זיך אויסגעשעפּט, האבען דיא איינװאוינער זיך גענומען צו בעארבייטען דיא ערד. װיא עס װייזט אויס, האבען ניט אלע ארבייטער געפֿונען בעשעפֿטיגונג ערגעץ אנדערש. פֿיעלע זיינען געבליעבען אין אָבערװיל. זיי האבען ניט געהאט װאס צו טהאן און האבען זיך גענומען בעאַרבייטען דיא ערד.

א מאל פֿלעגט עס קאכען און זיעדען אין דיעזער געגענד. לאנגע רייהען פֿון װאגאנעס פֿול מיט קוילען פֿלעגען געהן אין אלע פארטען פֿון ענגלאנד. — גאנץ פֿריה פֿלעגט מען זעהן הונדערטער ארבייטער געהן צו דיא קוילען מינען מיט זייערע בינטלעך און מיט זייערע בלעכלעך אין דיא הענד. אין דיעזע בינטלעך פֿלעגען זיי טראגען זייער פֿריהשטיק, אין דיא בלעכלעך — א ביסעל קאַפֿע, װעלכען זיי פֿלעגען אויפֿזיעדען אין דער מינע.

יעצט איז אלעס געװען שטיל און רוהיג. דשיימס סטאר האט עס פֿער-

קלעמט ביים הארצען. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער געהט אין אַ וויסטע, וואו מען זעהט ניט קיין לעבעדיגען מענשען.

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט ער בלייבען שטעהן אום אויפֿצואָטהעמען. הערריי ווארד איז געגאַנגען צו שנעל פֿאַר איהם. ער פֿלעגט זיך אומקוקען אין אלע זייטען און זיך צוהערן. אמאל פֿלעגט מען דא הערן, וויא דיא שטארקע מאשינען ארבייטען; דיא שווערע קייטען, וועלכע שלעפּען ארויף דיא וואַגאנעס מיט דיא קוילען, קלינגען און הונדערטער ארבייטער שטימען רעדען, שרייען און לאַכען. — יעצט איז אלעס שטיל און רוהיג. אמאל איז דיא ערד ארום געווען שווארץ פֿוּן קוילען שטויב, היינט איז דיא ערד שמוציג גרין.

ווען דשיימס סטאר פֿלעגט בלייבען שטעהן, פֿלעגט הערריי ווארד אויך בלייבען שטעהן און קוקען אויף איהם. דער יונגער מאַן האט געפֿיהלט, וואס עס קומט פֿאַר אין דיא גדאַנקען פֿוּן אלטען אינזשענער. ער האט איהם פֿערשטאַנען און האט געשוויעגען.

— יא, הערריי! האט ענדליך דשיימס סטאר אויסגערופֿען, אלעס האט זיך געענדערט אין דיעזער געגענד! מיר שעפּען צופֿיעל פֿון דיא רייכע אוצרות פֿון דער נאַטור. זיי מוזען זיך אַמאל אויסשעפּען. קיין נייע קוילען קומען ניט צו אין דער ערד. אויפֿן ארט פֿון יעדע טאָן קוילען, וואס מיר גראבען אויס פֿון דער ערד, רייסען מיר פֿון איהר אוים אַ שטיק פֿלייש. עס בלייבט אַ לאך, וועלכען מיר קענען ניט פֿערגלעטען. — בעדויערסט דוא, הערריי, יענע צייט, ווען מיר האבען צוזאַמען געארבייט אין דער מינע?

— געוויס, הערר סטאר! האט דער יונגער מאַן געענטפֿערט טרויעריג. מיר האבען געארבייט שווער און ביטער, עס איז אבער געווען אינטערעסאַנט. מיר פֿלעגט שטענדיג פֿארקומען, אז איך קעמפֿף געגען וועמען און איך בעזיעג איהם.

— האסט רעכט, הערריי! דיא ארבייט אין אַ קוילען מינע איז ווירקליך אַ קאַמפֿף, אַ שרעקליכער קאַמפֿף. אונטער וויפֿיעל געפֿאַהרען איז אונטערוואַרפֿען דער קוילען גרעבער! ער דארף מורא האבען, אז דיא מינע זאל ניט איינפֿאַלען און זאל איהם ניט פֿערשיטען; ער דארף מורא האבען, אז וואסער זאל איהם ניט פֿערגיעסען אין דער מינע און ער זאל דערטרונקען ווערן טיעף אין דער ערד. היינט וואו זיינען דיא עקספּלאָזיאנען? ווען דער גאַז פֿון דיא קוילען צינדעט זיך אָן, וויא אַ בליץ און טייטעט, צורייסט און פֿערניכטעט אלעס, וויא אַ דונער. — האסט רעכט, הערריי, דאס לעבען פֿון אַן ארבייטער אין דיא קוילען גרובען איז אַ שרעקליכער קאַמפֿף, אַ געפֿעהרליכער קאַמפֿף. מעגליך, אז דערפֿאַר רייצט עס אונז אזוי און עס ציהט אונז אין דער מינע. מיר ווילען ווייזען, אז מיר בעזיעגען אלע געפֿאַהרען און שלעפּען ארויס פֿוּן פֿינסטערן שוים פֿון דער ערד איהרע שווארצע דיאַמאַנטען.

— אך, פֿאַר וואס זאל דיא גאַנצע ערד ניט זיין פֿון ערד קוילען! האט אויסגערופֿען הערריי ווארד. דאַן וואלטען זיך דיא מינען ניט אויסגעשעפּט און מיר וואלטען שטענדיג געהאט וואס צו גראבען.

— דוא זעהסט דאך אבער, הערריי, אז דיא נאַטור איז קליגער פֿון אונז. דיא האט געמאכט דיא ערד פֿון זאַמד שטיינער, קאַלך שטיינער, גראַניט און אנדערע שטיינער, אלץ אזעלכע מאַטעריאַלען, וועלכע מיר קענען ניט פֿערברענען.

— מיינט איהר, הערר דשיימס, אז ווען דיא גאַנצע ערד זאל זיין פֿון שטיין קויילען, וואלטען דיא מענשען פֿערברענט זייער ערד? האט הערריי געפֿרעגט.

— געוויס, מיין יונגער! דיא גאַנצע ערד ביז צום לעצטען ברעקעל וואלט אריינגעקראָכען אין דיא אויוועגס פֿון דיא לאָקאָמאָטיווען, מאַשינען, דאַמפף שיפֿען און גאַז פֿאַבריקען. דיא מענשען לעבען אהן אַ רעכנונג. זיי וואלטען פֿערברענט דאס לעצטע שטיקעל ערד פֿון אונטער זייערע פֿיס.

— ערקלערט מיר, הערר דשיימס, פֿון וואַנען האָבען זיך גענומען דיא קויילען אין דער ערד און וויא אַזוי קומט עס אויס, אז מיר געפֿינען דיא ערד קויילען שטענדיג אויסגעמישט מיט זאַמד שטיינער און מיט אנדערע סאָרטען שטיינער?

וויא דער אינזשעניר האט זיך געאיילט, האט ער דאך ניט געקענט אפּזאָגען דעם יונגען מאַן און האט איהם אנגעהויבען צו ערקלערן, וואס דיא וויסענשאַפֿט, וועלכע הייסט געאָלאָגיע — דיא לעהרע איבער דיא ערד — זאגט איבער דיא ערד קויילען.

אזוי וויא דיזע ערקלערונג איז נאָטהווענדיג אום צו פֿערשטעהן אונזערע ווייטערע ערצעהלונג, ווילען מיר זיא איבערגעבען אונזערע לעזער, וויא דשיימס סטאַר האט זיא ערקלערט דעם יונגען וואַרד.

## 5טעס קאַפּיטעל.

## אונזער ערד און פֿון וואס זיא בעשטעהט.

אַמאָל, מיט הונדערטער טויזענדער יאָהרען צוריק, ווען דיא ערד האט זיך נור וואס אנגעהויבען צו בילדען, זיינען געווען אויסגעמישט אלע מעטאַלען: אייזען, צינן, בלייי, קופּער, גאָלד, זילבער, פּלאַטינאַ, וואַסער און קויילען. אלע דיזע מעטאַלען זיינען געווען צושמאָלצען און אויסגעמישט צוזאַמען. אַ גרויסער פֿייעריגער קוגעל האט געשוועבט אין דער לופֿט, האט זיך געדרעהט און איז געפֿלויגען ארום דיא זון.

דיזע קוגעל איז צוגעקומען ערגעץ אין אַ קיהלען ארט, ערגעץ ווייט פֿון דער זון און האט זיך אנגעהויבען אפּצוקיהלען. אייזען, צום ביישפּיעל, איז אַזאַ הארטער מעטאַל, אז עס ווערט צושמאָלצען נור ביי אַ היץ פֿון צוועלף הונדערט גראַד. קוים איז דיא היץ וועניגער פֿון צוועלף הונדערט גראַד, ווערט שוין דאס אייזען פֿערקיהלט.

עס זיינען אבער דאַ נאך אנדערע מעטאַלען, וועלכע ווערן צושמאָלצען נור ביי אַ היץ פֿון צוויי טויזענד גראַד. קוים ווערט דיא היץ שוואַכער, ווערן זיי שוין פֿערקיהלט און פֿערהאַרטעוועט.

אזוי וויא אין דער ערד זיינען געווען אויסגעמישט אלע דיזע מעטאַלען

צוזאמען, האבען זיך פיעלע פון זיי אנגעהויבען אפצוקיהלען, ווען דיא ערד איז געקומען אין אַ קיהלערען ארט. ארום דער ערד האט זיך געבילדעט אַ גאנץ דינע רונדע (קאָרע). פון אויבען ארום דער ערד האט זיך געבילדעט אַ דינע הויט פון הארטע מעטאלען, וויא אייזען, לעהם און נאך אנדערע זאכען. (ביז אויף היינטיגען טאג ווייס מען נאך ניט, וויא פיעל גראר היץ מען מוז האבען אום צו שמעלצען לעהם. מען ווייס אבער פאר געוויס, אז לעהם קען צושמאלצען ווערן ביי אַ שרעקליך שטארקע היץ.) אינוועניג אין דער ערד האבען נאך געקאכט און געזאטען דיא געשמאלצענע מעטאלען.

עס זיינען פערגאנגען צעהנער טויזענדער יאהרען. דיא ערד האט זיך אלע מאל מעהר און מעהר אפגעקיהלט. דאס וואסער, וועלכעס איז געווען ביז אהער נור אין געשטאלט פון דאמפף, — פון דער גרויסער היץ ארום דיא ערד איז פון'ם וואסער געווארען דאמפף (פאַרע). — האט אנגעהויבען צו ווערן געדיכטער און אראפצופאלען אויף דער ערד אין געשטאלט פון טראפענס. — עס האט אנגעהויבען צו רעגענען.

וויא שטארק דיא רעגענס זיינען דאמאלס געווען, קען מען זיך פארשטעלען דערפון, וואס מיר געפינען נאך אין תנ"ך און ביי פיעלע אנדערע פעלקער דערצעהלונגען, אז עס פלעגט אוועקרעגענען וואכען לאנג און עס פלעגט ווערן אַ מבול.

דיעזע רעגענס האבען נאך מעהר אפגעקיהלט דיא ערד. דיא הויט ארום איהר, דיא רונדע (קאָרע) איז געווארען אלע מאל דיקער און פעסטער. אויף דער ערד האבען זיך געוויזען אַ סארט ביימער, וועלכע זיינען היינט מעהר ניטא. אייגענטליך זיינען עס ניט געווען קיין ביימער, זאנדערן אַ סארט גראזען, וועלכע זיינען געווען העכער און גרעבער פון אונזערע היינטיגע ביימער.

ווער עס איז געווען אין אַ גוטען מוזעאום, דער האט געוויס געזעהן שטיקער קוילען, וועלכע מען דערקענט זעהר דייטליך, אז זיי זיינען אַ מאל געווען ביימער. אין דעם ניו יארקער מוזעאום פון נאטור וויסענשאפטען קען מען זעהן גאנצע פערקוילטע בוימער און גרויסע שטיקער רינדע (קאָרע) פון ביימער, וועלכע מען האט געפונען אין דיא קוילען גרובען אין פענסילווענניא.

דיעזע ביימער זיינען געוואקסען זעהר שנעל. דיא ערד איז נאך געווען שטארק ווארים, דער רעגען האט געגאסען גאר אן אויפהער — צוויי זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג, אז א בוים אדער אַ גראז זאל וואקסען שנעל. דיעזע ביימער האבען דאהער געבילדעט גאנצע געדיכטע וועלדער.

דיעזע וועלדער האבען אבער נור געקענט וואקסען דארט, וואו דיא קאָרע פון דער ערד איז שוין געווען גענוג דיק און גענוג שטארק, זיא זאל זיי אויסהאלטען. דאס איז דיא אורזאכע, וואס דיעזע זאנדערבארע וועלדער זיינען געווען צוווארפען איבער דער גאנצער וועלט. אין דער מיט, צווישען איין וואלד און דעם אנדערן זיינען געווען גאנצע שטיקער לאנד פון הונדערטער מיילען, וואו קיין זאך האט ניט געקענט וואקסען, ווייל דיא קארע פון דער ערד איז

געוועזן זעהר דין — עס איז נאך געוועזן צו הייס, אדער דיא קארע פֿון דער ערד איז בעשטאנען פֿון אייזען און אנדערע שטארק הארטע מעטאלען, אויף וועלכע עס האט גאר ניט געקענט וואקסען.

וויפיעל טויזענדער יאהרען דיעזע וועלדער האבען אזוי געוואקסען, קענען מיר ניט וויסען. מיר וויסען נור, אז דיעזע ביימער האבען אין זיך געהאט מעהר קוילען שטאף, וויא דיא היינטיגע ביימער. קיין לעבעדיגע זאך איז נאך אויף דער ערד דאמאלס ניט געוועזן.

אזוי וויא אין דער מיט פֿון דער ערד, אונטער דער הויט, דיא קאָרע, האַבען נאך געקאכט און געזאטען אלערליי מאטעריאלען, פֿלעגט זיך זעהר אָפֿט מאכען אן ערד ציטערניש: דיא קארע פֿון דער ערד האט געפּלאצט און עס האבען זיך ארויסגעגאסען פֿון איהר אלערליי מעטאלען אויסגעמישט. זעהר אָפֿט פֿלעגט אזא ערדציטערניש זיין אזוי שטארק, אז עס האבען זיך אויסגעגאַסען גאנצע טייכען פֿון פֿייעריגע געשמאלצענע מעטאלען און האבען פֿערגאסען דיא געדיכטע וועלדער פֿון יענער צייט. — זיי האבען געמאכט אַ מאגאזין פֿון קוילען, וועלכען מען האט שפעטער אין צעהן טויזענדער יאהרען ארום געפֿונען.

אז אין דער מיט פֿון אונזער ערד קאכט עס און זיעדעט נאך ביז אויף היינטיגען טאג, בעווייזען דיא פֿייערשפּייענדיגע בערג. זיי שווייגען עטליכע יאהר נאכאנאנד און זיינען דאכט זיך גאר שטיל. פּלוצלונג צושפּיעלען זיי זיך, הויבען אן ארויסצוּוואַרפֿען זיילען מיט פֿייער און טייכען פֿון געשמאלצענע מעטאלען. אזעלכע פֿייערשפּייענדע בערג זיינען דא אין איטאליען צוויי: דער וועזוואו און דער עטנא; אויף דער אינזעל איסלאנד, וועלכעס געהערט צו דענעמארק, געפֿינען זיך אויך צוויי פֿייערשפּייענדע בערג: דער העקלא און דער קראַפֿלאַ. אין אמעריקא זיינען דא זעהר פֿיעל פֿייערשפּייענדע בערג.

יעצט איז שוין דיא קארע פֿון דער ערד זעהר דיק און זעהר שטארק. דיא פֿייערשפּייענדע בערג זיינען דיא קוימענס, דורך וועלכע דיא ערד ווארפֿט ארויס פֿון צייט צו צייט דיא מעטאלען, וועלכע זיינען נאך אין איהר אלץ צושמאלצען.

דורך דיעזע ערדציטערנישע און דורך דיא מאסע מעטאלען, וואס זיא פֿלעגט ארויסוואַרפֿען, האבען זיך געבילדעט אויף דער ערד נייע פֿעכער. גאר אונטען אדער דער ערשטער פֿאך איז געוועזן אַ סארט לעהם. אויף דיעזען לעהם האט געוואקסען אַ געדיכטער וואלד. ווען דיא ערד האט ארויסגעגאסען אַ ים פֿון צושמאלצענע מעטאלען, האט זיך געבילדעט נאך צוויי נייע פֿעכער: איין פֿאך פֿערקוילטע ביימער און אויף איהם אַ פֿאך שטיינער אויסגעמישט מיט אייזען, קופּער, צינן און אנדערע מעטאלען.

עס זיינען ווידער פֿערגאנגען טויזענדער יאהרען. דיא ערד האט זיך ווידער אַ ביסעל אפּגעקיהלט. דער צווייטער און דריטער פֿאך איז פֿערהאַרטעוועט געוואָרען. עס איז ווייטער געוואָרען אַ שטארקע ערדציטערניש. דיא ערד האט ווידער ארויסגעוואָרפֿען אַ מאסע געשמאלצענע שטיינער און מעטאלען. עס האט זיך געבילדעט אַ פֿיערטער פֿאך.

דער בעשטענדיגער רעגען און דיא שרעקליכע שטורמווינדען, וועלכע פלעגען דאמאלס ארויסטרייבען אַ גרויסע מענגע וואסער אויף דער ערד, פלעגען צורייבען דיא הארטע שטיינער און מאכען פון זיי זאמד. עס האט זיך געבילדעט אַ פינפטער פאך פון זאמד. אויף דיעזען פאך האט דיא ערד ווייטער ארויפגעגאסען איהר צושמאלצענע מאסע און האט דעם זאמד אזוי צוזאמענגעפרעסט, אז ער איז געווארען הארט, וויא אַ שטיין. דאס איז דער זאמד שטיין, אדער דער ברוינער ווייכער שטיין, פון וועלכע מען בויט היינט הייזער.

אין דיעזע שטיינער געפינט מען שוין צייכענס פון לעבעדיגע זאכען. ווען מען קוקט זיך גוט צו צו אזא שטיין, זעהט מען, אז אין איהם געפינט זיך מושעלן (זשאבע שיסעלעך) און אנדערע קליינע שאלען פון מעער טהיערע. מען געפינט נאך בעסערעס: אויף איינינע שטיינער געפינט מען דייטליך דיא צייכענס פון פיש און פון אנדערע חיות. אין מוזעאום פון נאטור וויסענשאפט אין ניו יארק קען מען זעהן פיעלע אזעלכע שטיינער. עס איז דייטליך, אז דער פיש איז געלעגען אין זאמד, ווען דיא ערד האט איהם פערדעקט מיט א נייען פאך פון שטיין. דער פיש איז פערברענט געווארען. עס איז אבער געבליעבען אַ צייכען, וואו ער איז געלעגען.

אין פערשיעדענע ערטער, בעזאנדערס אין אמעריקא געפינט מען אין דיא קוילען גרובען שטיקער קוילען, אויף וועלכע מען קען זעהן זעהר דייטליך, אז דארט איז געלעגען אַ פיש, אן עגדעש (יאַשטשערקע) אדער אַ בלאט פון א בוים. דאס בעווייזט, אז דיא קוילען האבען זיך דארט געבילדעט אין דער צייט, ווען עס זיינען שוין דארט געווען איינינע לעבעדיגע זאכען.

יעדער פאַך קוילען איז פערשיעדען פון'ם אנדערן. וואס טיעפער אין דער ערד דיא קוילען ליעגען, אלץ בעסער און ריינער זיינען זיי. אין דיא ערטער, וואו אַ שווערער פאַך פון הארטע שטיינער ליעגט אויף דיא קוילען, האבען דיא שטיינער אזוי צונויפגעפרעסט דיא קוילען, אז פון זיי איז געווארען איין שטיק — אַ גרויס פעלד פון אַ שווארצער מאסע. דאס זיינען דיא אַנטהראַציט קוילען. זיי האבען אין זיך 95 — 96 פראצענט קוילען. דאס הייסט, ווען מען פערברענט דיעזע קוילען, בלייבט איבער נור 4 ביז 5 פראצענט אַש.

מיר ווילען געבען אַ קליינעם ביישפיעל אום צו ווייזען, וואס פאַר אַ ווערטה דיא אַנטראַהציט קוילען האבען. ווען מען קויפט הונדערט פונט קוילען און מען פערברענט זיי אין אַן אויוועז, בלייבט פון דיא הונדערט פונט קוילען נור פיער-פינף פונט אַש. דיא איבעריגע 95 — 96 פונט גיבען ליכט און ווארימקייט.

אין דיעזע קוילען אבער געפינט זיך זעהר ווייניג פייכטקייט. זיי טויגען ניט פאַר אַ גאז פאבריק און מען קען פון זיי ארויסציעהען זעהר ווייניג אנדערע מאטעריאלען אויסער קוילען שטאף.

אין דיא גאנץ הויכע פעכער, נאהענט צו דער אבערפלעכע פון דער ערד, וואו מען דארף ניט גראבען אזוי טיעף אום צו געפינען דיא קוילען, געפינען מיר אַ גאנץ אנדערן סארט קוילען. דיעזער סארט הייסט ליגניט. דא געפינען

מיר שוין גאַנצע קלעצער, גאַנצע שטיקער האָלץ, וועלכע זיינען נור ווייניג פֿער־ברענט. צו מאָל געפֿינט מען אַ גאַנצען וואַלד, וועלכער איז נור פֿערשטיינערט געוואָרען — פֿערקוילט געוואָרען.

צווישען דיעזעביידע סאָרטען, אָדער צווישען דיעזע ביידע פֿעכער, גע־פֿינט מען פֿערשיעדענע סאָרטען קוילען. איינינע זיינען אַזוי שטאַרק אויסגע־מישט מיט קאַלך, לעהם און אַנדערע זאַכען, אַז זיי ברענען זעהר שלעכט. זיי גיבען זעהר פֿיעל אַש. פֿון הונדערט פֿונט קוילען, וועלכע מען פֿערברענט אין אויווען, בלייבען איבער פֿערציג־פֿופֿציג פֿונט אַש און שטיינער.

דאַס, מיין פֿריינד, איז די געשיכטע פֿון דיא ערד קוילען אָדער שטיין קוילען. גאַנצע וועלדער פֿון שרעקליך דיקע ביימער זיינען פֿערגראָבען געוואָרען מיט געשמאָלצענע מעטאַלען, וויא לעהם, קאַלך, אייזען, צינן, קופּער און אַנדערע.

דיעזע וועלדער, אָדער וויא מען זאָגט היינט, דיעזע פֿעלדער פֿון שטיין קוילען מוזען זיך דאָך אַ מאָל אויסשעפּען. דיעזע וועלדער האָבען ניט בעדעקט דיא גאַנצע ערד. זיי זיינען געוועזען נור אין איינינע ערטער פֿון דער ערד, אַזוי וויא דיא היינטיגע וועלדער געפֿינען זיך נור אין געוויסע געגענדען.

ווען מיר זעהן, וויא מען פֿערברויכט יעדעס יאָהר מיליאָנען טאָן קוילען; ווען מיר זעהן, וויא אונזערע מאַשינען, אונזערע לאָקאָמאָטיווען, אונזערע דאַמפּף שיפֿען און אונזערע אויווענס פֿרעסען אויף יעהרליך אַזוי פֿיעל קוילען, מוזען מיר קומען צו דעם שלוס, אַז מיט דער צייט וועלען זיך אַלע קוילען מינען אויף דער ערד אויסשעפּען.

עס וועט דאַן קומען אַ צייט, ווען עס וועט ניט בלייבען ניט איין שטיקעל קוילען. אַלע מאַשינען וועלען מוזען בלייבען שטעהן, דיא לאָקאָמאָטיווען וועלען זיך ניט קענען ריהרען און דיא פֿאַבריקען וועלען מוזען אויפֿהערן צו אַרבייטען.

— מען זאָגט, אין אַמעריקאַ געפֿינען זיך זעהר רייכע קוילען מינען, האָט הערריי וואַרד בעמערקט.

— איך וויים, אַז אין פּענסילוועניע, אָרעגאָן, סאָלט לייק, ווירדשיניאַ, איללינאָיס, אינדיאַנאַ, מיסורי און קאַליפֿאָרניען געפֿינען זיך נאָך זעהר רייכע קוילען מינען, האָט דשיימס סטאַר געענטפֿערט. וואָס ווערט אָבער דערפֿון? — אַמעריקאַ פֿערברענט דערפֿאַר מעהר קוילען, וויא ענגלאַנד. אַמעריקאַ, וויא ענגלאַנד פֿרעסען זיך אַליין אויף. יעדעס מאָל, ווען איך זעה, וויא מען פֿיהרט אַוועק גאַנצע שיפֿען מיט קוילען פֿון ענגלאַנד אין אַנדערע לענדער, פֿערקלעמט עס מיר ביים האַרצען. איך פֿיהל, אַז מען פֿיהרט אַוועק דאָס בעסטע און איינ־ציגע מאַטעריאַל, וועלכעס וואַרמט אונז, בעלייכטעט אונז און טרייבט אונזערע מאַשינען.

— האָט מען נאָך ניט ענטדעקט קיינע אַנדערע קוילען מינען? האָט הערריי וואַרד געפֿרעגט.

— מען זאָגט, אַז אין גרענלאַנד און אין אַנדערע גאַנץ קאַלטע געגענדען אַרום דעם נאָרד פּאָל האָט מען געפֿונען קוילען. איך וויים נ״ט, אויב עס איז

וואהר. ווען עס זאל שוין אבער וואהר זיין, וויא וועט מען בעארבייטען דיעזע קוילען מינען? וויא אזוי וועט מען ברענגען יענע קויטען צו אונז?—ניין, הערריי, אויף יענע קוילען האבען מיר ניט וואס צו רעכענען. יענע קוילען—אויב זיי זיינען גאר דא—וועלען אונז ווייניג העלפֿען.

— ענגלאנד האט דאך אבער זעהר פֿיעל קוילען אין אויסטראַליען? האט הערריי ווייטער געפֿרעגט.

— יא, אין אויסטראַליען זיינען דא זעהר פֿיעל קוילען, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט, דער פֿאך פֿון ערד קוילען אין אויסטראַליען איז אבער זעהר אַ דינער. טיעף אין דער ערד געפֿינט מען שוין קיינע ערד קוילען. דיא ענגלענדער וועלען איהם שוין אויסשעפּען.—וואוהין דיא ענגלענדער קומען, איז זייער ערשטע ארבייט צו פֿערברענען דיא שטיין קוילען. וואס מעהר קוילען מען גראבט אויס אַ יאהר, אלץ מעהר פֿערברענען זיי. ווען אלע קוילען מינען פֿון אייראפא וועלען זיין אויסגעשעפּט, וועט מען זיך נעהמען צו דיא קוילען מינען אין אזיען און אפֿריקא. וויא לאנג אבער וועלען זיי דויערן?

— ווייס מען, וויא גרויס עס זיינען דיא פֿעלדער פֿון קוילען אין דער וועלט?

— מען ווייס אלעס. מען האט אויסגערעכענט אלעס און מען קען יעצט פֿאראויסזאגען, אויף וויא לאנג מיר וועלען נאך האבען אַ פֿאַרראַטה (זאפּאַס) פֿון קוילען, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט.

אין רוסלאנד, זאַקסען און בייערן געפֿינען זיך פֿעלדער פֿון קוילען, וועלכע פֿערנעהמען אַ פלאץ פֿון מעהר אלס אַ מיליאן עקער. אין שפּאניען געפֿינט זיך דריי הונדערט טויזענד עקער. אין עסטרייך—מעהר אלס דריי הונדערט טויזענד עקער. אין פֿראנקרייך—מעהר אלס דריי הונדערט טויזענד עקער. אין דעם קליינעם בעלגיען געפֿינט זיך מעהר אלס דריי הונדערט טויזענד עקער. דארט ליעגען דיא קוילען זעהר טיעף אין דער ערד. זיי בילדען זעהר אַ דיקען פֿאַך.

רייכער פֿון אלע לענדער מיט קוילען איז אבער ענגלאנד און שאטלאנד. אין אירלאנד זיינען קיין קוילען ניטא. אבער ענגלאנד מיט שאטלאנד צוזאמען האבען מעהר אלס דריי מיליאן עקער קוילען פֿעלדער.

וויא עס ווייזט אויס, איז ענגלאנד מיט שאטלאנד א מאל געוועזען בעדעקט מיט אזא געדיכטען וואלד פֿון גראבע און הויכע ביימער, אז קיין לעבעדיגע זאַך וואלט ניט געקענט דורכגעהן צווישען זיי. דיעזער געדיכטער וואלד איז פֿערגאסען געווארען מיט געשמאלצענע מעטאלען און עס איז דערפֿון געווארען אין געדיכטע, צונויפֿגעפּרעסטע מאסע מיט קוילען.

וואס ווערט אבער דערפֿון, ווען מיט יעדען יאהר פֿערברענט מען אלץ מעהר און מעהר קוילען? וויא מען האט אויסגערעכענט, וועלען זיך אויסשעפּען דיא קוילען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין פֿראנקרייך | אין | 1,140 | יאהר | ארום. |
| אין ענגלאנד | " | 800 | " | " |
| אין בעלגיען | " | 700 | " | " |
| אין דייטשלאנד | " | 200 | " | " |

אין אמעריקא, ווען מען זאל פֿערברענען יעהרליך פֿינף הונדערט מיליאָן טאנען, וועט זיין גענוג קוילען אויף זעקס טויזענד יאהר. מען פֿערברענט דאך אבער מיט יעדען יאהר מעהר אלס פֿינף הונדערט מיליאן טאנען. אלזא, וועלען זיך אין אמעריקא אויסשעפּען דיא קוילען מינען פֿיעל פֿריהער.

איבער אמעריקא איז אים אלגעמיינען זעהר שווער צו אורטהיילען. אין אמעריקא לעבט מען צו שנעל. דארט וואקס אלעס זעהר שנעל, בליהט זעהר שנעל און שטארבט זעהר שנעל. אמעריקא פֿערברענט שוין יעצט מעהר קוילען וויא ענגלאנד און מיט יעדען יאהר קומען צו אלץ מעהר מענשען, אלץ מעהר מאשינען און מען פֿערברענט אלץ מעהר קוילען.

— אויב אזוי, וועלען זיך דיא קוילען מינען אויסשעפּען פֿריהער, וויא דיא אינזשענירען האבען אויסגערעכענט! האט העררי אויסגערופֿען, ווייל אויך אין ענגלאנד, פֿראנקרייך, דייטשלאנד, רוסלאנד און עסטעררייך קומען צו אלע מאל נייע מאשינען און נייע אייזענבאהנען, וועלכע פֿערשלינגען דיא קוילען.

— יא, העררי, איהר האט פאלקאמען רעכט. ווען איך זאל קענען, וואלט איך ניט דערלאזט, אז מען זאל ארויספֿיהרען קוילען פֿון ענגלאנד און מען זאל זיי פֿערבייטען אויף גאלד. דיא קוילען וועלען אמאל טהייערער זיין אלס גאלד. זיי וועלען אמאל זיין ווירקליך שווארצע דיאמאנטען.

— פֿיעללייכט וועט מען אמאל אויסגעפֿינען אנדערע מיטעל, וועלכע וועלען טרייבען אונזערע מאשינען און אונזערע לאקאמאטיווען? האט העררי בעמערקט. איך האב געהערט, אז אין אמעריקא געהן שוין אייזענבאהן וואגאנעס דורך עלעקטריציטעט און דורך וואסער (הידראוליק, הידראולישע מאשינען).

— איך וויים עס, העררי, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט. דיעזע צוויי קרעפֿטע — עלעקטריציטעט און הידראוליק — זיינען אבער נאך ניט גוט אויסשטודירט און זיי וועלען קיין מאל ניט זיין אים שטאנד צו פֿערנעהמען דעם פלאץ פֿון קוילען. — צום אונגליק, קען מען אויף קיין פֿאל ניט מאכען קיין קוילען. דאס איז אן ארטיקעל, וועלכער קען געמאכט ווערן נור אין דער גרויסער פֿאבריק פֿון דער נאטור. דיא מענשען קענען איהם ניט מאכען. דיא נאטור האט אנגעגרייט אַ פֿאָרראַטה (זאַפּאַס) אויף טויזענדער יאהרען. דיא מענשען פֿערשווענדען דיעזען פֿאָרראַטה. זיי ווארפֿען זיך מיט איהם. זיי וועלען א מאל פֿיהלען, אז זיי האבען געהאט אין דיא הענד שווארצע דיאמאנטען און האבען זיי ארויסגעלאזען מיטן רויך.

ביידע האבען געשוויגען. ביידע זיינען געווארען טרויעריג. אזוי זיינען זיי געגאנגען לאנגזאם, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום דאָרטשאַרט שאכט.

6טעס קאפּיטעל.

## אין דאָרטשאַרט שאַכט.

אַ טרויעריגער אנבליק האט יעצט פֿארגעשטעלט דיא קוילען גרוב, וועלכע איז געווען בעקאנט אונטערן נאמען דארטשארט פּיט. עס איז געווען עהנליך צו

אַ סקעלעט — דיאביינער פֿון אַ מענישען. אמאל איז עס געווען אַ מענש, אמאל האט עס געלעבט, גערעדט, געלאַכט, געוויינט, זיך געזארגט און זיך געפֿרעהט, יעצט זיינען עס נור הארטע, טרוקענע ביינער.

אמאל האט עס געקאכט, געזאטען און געראשט ארום דארטשארט פיט. מיילען ווייט ארום איז דיא ערד שווארץ געווען פֿון קוילען שטויב, רוס (סאַזשע); מיילען ווייט האט מען געקענט הערן דעם רעש פֿון דיא מאשינען און דאס געשריי און געלעכטער פֿון דיא ארבייטער. — היינט איז אלעס שטיל, רוהיג, טרויעריג און אויסגעשטארבען.

דאס גרויסע הויז, וואו דשיימס סטאר האט מיט צעהן יאהר צוריק געוואוינט, שטעהט נאך; עס איז אבער אפגעריסען, איינגעבויגען און פֿערנאכלעסיגט. דער ווינד, דער רעגען, דער שנעע און דיא זון האבען לאנגזאם אבער זיכער געמאכט פֿון דיעזעס הויז אַ חורבה — אַ רואינע.

ווייטער שטעהט נאך דער שופען (סאַראי), וואו דיא מאשינען זיינען אמאל געשטאנען. דאס מעש, קופער, ניקעל און אלע טהייערע טהיילע פֿון דיא מאשינען האט דיא קאמפאני צוגענומען. עס זיינען נור געבליעבען איינינע שווערע רעדער, וועלכע דיא קאמפאני האט געלאזען אויף ארט, ווייל דאס איבערפֿיהרען וואלט איהר טהייערער געקאכט, וויפֿיעל דיעזע רעדער זיינען ווערטה.

אלעס ארום, אלעס, וואס איז געווען פֿון אייזען און שטאהל איז געווען בעדעקט מיט ראסט. אויף דיא הילצערנע ווענד האבען שוין אנגעהויבען צו וואקסען גראזען און גרינער מאָאָס (מאָך). שטיקער אייזען, ברעטער און שטיקער האלץ זיינען געלעגען צוואוארפֿען אויפֿין בערגעל פֿאר דעם אריינגאנג אין דער שאַכט. אין ערטער זיינען געלעגען זעגען מיט אויסגעבראכענע צעהנער, צובראכענע לייטערס, שטיקער קייטען, פֿערראסטעטע וואגאנדלעך.

אלעס איז געווען צובראכען, פֿערראסטעט און פֿערניכטעט.

— טרויעריג! טרויעריג! האט אויסגערופֿען עטליכע מאל דשיימס סטאר.

הערריי וואַרד האט איהם ניט געענטפֿערט. ער איז שוין געווען געוואוינט צו דיעזען אנבליק. ביי איהם איז עס קיין נייעס ניט געווען.

דשיימס סטאַר איז צוגעקומען צום אריינגאנג אין שאכט. אַ מאל פֿלעגט מען פֿיהלען אַ שטארקען צוג פֿון וואַרעמע, דומפֿפֿע לופֿט, ווען מען פֿלעגט צוקומען צום מויל פֿון דער מינע — צום אריינגאנג אין שאכט. ווען דיא מאשינען אונטען פֿלעגען ארבייטען און פֿלעגען רייניגען דיא לופֿט אין דיא טיעפֿע גאלערעען, פֿלעגען זיי טרייבען דיא לופֿט אין דרויסען. — היינט איז אלעס שטיל און רוהיג. זאגאר דיא לופֿט האט זיך ניט בעוועגט.

דשיימס סטאר און הערריי וואַרד זיינען אריינגעגאנגען אין שאכט. זיי האָבען זיך אנגעהויבען אראפצולאזען אויפֿין ערשטען לייטער. אמאל פֿלעגען דא זיין צוויי קאסטענס, וועלכע זיינען געהאנגען אויף שווערע קייטען. ווען דיא ארבייטער פֿון דער מינע פֿלעגען וועלען זיך אראפלאזען אין דער מינע, פֿלעגען זיי זיך אריינזעצען אין אַ קאסטען. אין אַ מינוט פֿלעגען זיי זיין אונטען גאנץ

טיעף אין שאכט. ווען זיי פֿלעגען דאַרפֿען אַרויפֿגעהן פֿון׳ם שאכט, פֿלעגען זיי זיך אויפֿזעצען אין קאַסטען און דיא מאַשין האָט זיי אַרויפֿגעשלעפּט.

אין יעדער מינע פֿיהרען לייטערס פֿון פֿופֿצעהן-צוואַנציג פֿוס דיא לענג. וואו דער לייטער ענדיגט זיך, געפֿינט זיך אַ שטיקעל פּלאַץ, אַ פּלאַטפֿאָרם, וואו מען קען זיך אָפּרוהען. פֿון דיעזער פּלאַטפֿאָרם הייבט זיך אָן אַנאַנדער לייטער, וועלכער פֿיהרט אויף פֿופֿצעהן-צוואַנציג פֿוס טיעפֿער אין שאכט. דאַן קומט וויעדער אַ פּלאַטפֿאָרם און וויעדער אַ לייטער.

ווען דער אַרבייטער זאָל דאַרפֿען אַראָפּגעהן אין שאכט און אַרויפֿגעהן אויף דיעזע לייטערס, וואָלט ער געדאַרפֿט פֿערליערן זעהר פֿיעל צייט. דיא קאָמפּאַני פֿון דער מינע האָט דערפֿאַר געמאַכט דיעזע קאַסטענס, אַז דער אַרבייטער זאָל אין אַ פּאָר מינוט קענען זיין אין שאכט און אַרויפֿגעהן פֿון׳ם שאכט.

יעצט, ווען דיא מינע האָט זיך איינגעשעפּט און דיא מאַשינען האָבען ניט געאַרבייט, האָבען דשיימס סטאַר און הערי וואַרד געמוזט זיך אַראָפּלאָזען אין שאכט אויף דיא לייטערס. אַ שווערער און לאַנגזאַמער גאַנג! פֿון׳ם אַריינגאַנג אין שאכט ביז צו דער אונטערסטער גאַלערעע האָבען זיך געפֿונען דרייסיג לייטערס. פֿאַר אַן עלטערן מענשען, וויא דשיימס סטאַר איז עס געוועזען קיין לייכטע אַרבייט.

— געה פֿאָראויס, הערי, האָט דשיימס סטאַר געזאָגט, איך וועל דיר נאָכגעהן. איך האָב שוין פֿערגעסען דעם וועג אין דאָרטשאָרט פּיט.

— גלייך, הערר דשיימס סטאַר!

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף דער ערשטער לייטער און איז צוגעקומען צו דער ערשטער פּלאַטפֿאָרם. ביז אַהער איז נאָך געוועזען אַ ביסעל ליכטיג פֿון׳ם שיין, וועלכער איז דורכגעדרונגען פֿון׳ם אַריינגאַנג אין שאכט. ווייטער אָבער איז געוועזען פֿינסטער, וויא אין אַ קבר. ווער עס איז ניט געוועזען אין אַ קוילען מינע, דער קען גאָר קיין בעגריעף ניט האָבען, וואָס עס הייסט פֿינסטערניס. אויף דעם מענשען, וועלכער איז ניט געוואוינט צו אַזאַ פֿינסטערניס, פֿאַלט אָן אַ שרעק און עס פֿערקלעמט איהם ביים האַרצען. ער פֿיהלט זיך צוגעפּרעסט צווישען שטיינערנע ווענט. דיא פֿינסטערניס אַליין פּרעסט און דריקט פֿון אַלע זייטען. עס ווייזט אויס, אַז דיא פֿינסטערניס וויל אונז פֿערשלינגען.

— האָסט דוא מיטגענומען דיין לעמפּעל, הערי? האָט דער אינזשעניר געפֿרעגט.

— יאָ, הערר סטאַר. איך האָב דאָ איבערגעלאָזען מיין לעמפּעל. איך וועל באַלד אָנרייבען אַ צינדהעלצעל און וועל זיא אַנצינדען.—אַך! וויא גליקליך וואָלט איך געווען, איך זאָל יעצט דאַרפֿען מיין זיכערהייטס לעמפּעל!

פֿיעלע פֿון מיינע לעזער וועלען ניט פֿערשטעהן, וואָס הערי וואַרד האָט געמיינט מיט׳ן וואָרט, זיכערהייטס לעמפּעל. איך מוז עס זיי ערקלערן.

פֿיעלע פֿון אייך, מיינע ליעבע לעזער, האָבען געוויס געהערט, אַז עס פּלאַצט אַ מאָל אין אַ גרוב און עס ווערט אַן עקספּלאָזיאָן. פֿיעלע מענשען ווערן דערביי-

געהרגעט. ווען דער גאַז, וועלכען מיר ברענען אויף דיא גאַסען און אין אונזערע הייזער, קומט זיך צונויף מיט דער לופֿט, דאַרף מען האבען נור איין פֿונק פֿייער, עס זאל ווערן אַן עקספּלאזיאַן. דעם גאַז, וואס מיר בענוצען צום לייכטען און צום קאָכען, ציהט מען פֿון קוילען.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס אין דיא קוילען מינען בילדעט זיך זעהר אָפֿט גאַז, נאַטור גאַז. ווען אזא גאַז זאַמעלט זיך אַן זעהר פֿיעל אויף איין אָרט און ווען מען קומט אריין אהין מיט אַ ליכט אדער מיט אַ לאַמפּ ווערט אַן עקספּלאזיאַן.

טויזענדער ארבייטער פֿלעגען יעהרליך דערהרגעט ווערן, צוריסען ווערן אויף שטיקלעך אדער פֿערשאָטען ווערן אין דיא קוילען מינען דורך עקספּלאזיאָ־נען. אין אייניגע קוילען מינען האט מען גאר אין גאנצען געמוזט אויפֿהערן צו ארבייטען, ווייל זיי זיינען געווען געפֿעהרליך. מען האט געמוזט אניעדערשטע־לען אין דיא שאַכטען מאשינען מיט גרויסע רעדער, וועלכע האבען געהאט נור איין איינציגע ארבייט צו רייניגען דיא לופֿט — ניט צו דערלאזען, אז עס זאל זיך אנזאמלען פֿיעל גאַז אין איין אָרט. דיעזעס מיטעל האט אבער ניט שטענדיג געהאָלפֿען. דיא שאַכט איז ענג און לאנג. דער ראד האט ניט געקענט ארויס־טרייבען דיא גאַנצע לופֿט און דיא ארבייטער אין אַ קוילען מינע זיינען שטענדיג געווען אין דער גרעסטער געפֿאהר. ענדליך האט אַן ענגלישער כעמיקער, סער הומפֿרי דייווי Sir Humphry Davy, אויסגעפֿונען אין 1815 אזא לעמפּעל, מיט וועלכען דער ארבייטער קען זיכער ארומגעהן אין דער מינע און האט קיין מורא ניט פֿאר אַן עקספּלאזיאַן. דיעזע לאַמפּ האט מען אַ נאָמען געגעבען זיכערהייטס לאַמפּ. טויזענדער ארבייטער האבען צו פֿערדאנקען זייער לעבען דיעזען זיכער־הייטס לאַמפּ.

דיעזע זיכערהייטס לעמפּעל איז אַ גאַנץ געוועהנליכעס לעמפּעל, נור איבערן פֿלאַם געפֿינט זיך אַ היטעלע פֿון אויסגעפֿלאכטענע אייזענדראהט.

עס איז ניט דא דער פּלאַץ צו ערקלערן, וויא אזוי א דעקעל פֿון אייזענ־דראהט איבערן פֿלאַם פֿון לאַמפּ קען שיצען געגען אַן עקספּלאזיאַן. מען מוז דערביי פֿערשטעהן כעמיע. מיר ווילען נור זאגען, אז זייט סער דייווי האט אויס־געפֿונען דיעזעס לעמפּעל, וועט קיין קוילען גרעבער זיך ניט אראפּלאזען אין אַ שאַכט אהן אזא לעמפּעל. דיעזעס לעמפּעל איז זיין לעבען, זיין זיכערהייט, זיין שוץ און זיין בעוואָרענעש.

זעלבסטפֿערשטענדליך, אז ווען דיא קוילען פֿון דער מינע שעפּען זיך אויס, קען שוין מעהר קיין גאַז ניט זיין אין שאַכט און מען דאַרף קיין זיכערהייטס לאַמפּ ניט.

יעצט ווילען מיינע לעזער פֿערשטעהן, פֿאר וואס העררי ווארד האט אויס־גערופֿען:

— אך! איך וואלט געווען גליקליך, איך זאל יעצט דאַרפֿען מיין זיכער־הייטס לעמפּעל!

ווען ער זאל דארפֿען זיין זיכערהייטס לעמפּעל, וואלט מען דאך געארבייט אין דער מינע.

— יא, העררי, מיר דארפֿען יעצט קיין זיכערהייטס לעמפּעל, ווייל מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען פֿאר אן עקספּלאזיאן, האט דשיימס סטאר געענטפֿערט.

העררי האט ארויסגענומען פֿון אַ ווינקעלע אַ געוועהנליכעס קעראסין לעמפּעל, האט עס אנגעצונדען און האט זיך אנגעהויבען אראפּצולאזען אויפֿן צווייטען לייטער. יעצט זיינען זיי געווען אין דער שרעקליכער פֿינסטערניס פֿון דער מינע, וועלכע דאס שוואכע לעמפּעל האט קוים, קוים בעלייכטעט.

העררי האט געקלעטערט אויף דיא לייטערס שנעל, וויא אַ קאץ. ער האט גוט געקענט דעם וועג און האט זיך ניט אפּגעשטעלט. זיין לעמפּעל האט ער צוגעבונדען צום קאפּ, וויא אלע קוילען גרעבער טהוען, און מיט דיא הענד און מיט דיא פֿיס איז ער געלאָפֿען אויף דיא לייטערס, גלייך וויא ער וואלט זיך געפֿונען אין דיא גאסען פֿון לאנדאן אדער פֿון עדינבורג.

דשיימס סטאר איז געווען אן עלטערער מענש. ער האט ניט געקענט איהם נאכהאלטען. אויסער דעם האט ער זיך יעדעס מאל צוגעקוקט צו דיא לייטערס און צו דער מינע. ער האט זיי בעגריסט, וויא אלטע גוטע פֿריינד. ער האט גע-קענט יעדע גאלערעע, יעדען גאנג און יעדען וועג אין דארטשאַרש פּיט. ער איז דאך געווען אזוי פֿיעל יאהר דער אינזשעניר פֿון דארטשארט פּיט.

ווען זיי זיינען געקומען אויפֿן פֿופֿצעהנטען לייטער, איז ער געבליעבען שטעהן. ער האט זיך געמוזט אפּרוהען.

— איך ווער אלט, העררי, האט דער אינזשעניר געברומט. איך קען שוין ניט זיין אזוי פֿלינק, וויא דאמאלס, ווען איך האב געארבייט מיט אייך.

— איהר זייט נאך גענוג קרעפֿטיג, העררי דשיימס. איהר האט דאך פֿער-בראַכט אייערע בעסטע יאהרען אין דער מינע, איהר זייט שוין געוואוינט צו דער מינע. איהר זייט נור אַ ביסעל אפּגעוואוינט צו קריכען אויף דיא לייטערס.

— געוויס, העררי, געוויס! אמאל פֿלעג איך קענען אראפּלויפֿען פֿון אלע דרייסיג לייטערס מיט איין אטהעם, היינט מוז איך מיך אפּרוהען אין דער מיט וועג. — לאמיר ווייטער געהן.

זיי האבען זיך געוואלט אראפּלאזען ווייטער, טיעפֿער אין שאכט, ווען זיי האבען דערהערט אַ יונגע קרעפֿטיגע שטימע זינגען ערגעץ טיעף, טיעף אונטער זיי. דיא שטימע איז געקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער. זיא איז געווארען אלץ דייטליכער און דייטליכער.

— דארט אונטען געהט איינער, האט דשיימס סטאר געזאגט. ווער זאל עס זיין?

— איך ווייס ניט, האט העררי געענטפֿערט.

— זאל עס זיין אייער פֿאטער?

— ניין, העררי סטאר!

— זאָל עס זיין אַ נאָכבאר? אַ בעקאַנטער?

— ניין. מיר וואוינען אונטען אין שאַכט גאַנץ אַליין. מיר האָבען קיינע נאָכבאַרען.

— אַלזאָ, לאָמיר וואַרטען, הערר. דוא ווייסט דאָך דיא רעגעל אין דער מינע, דער וואָס לאָזט זיך אַראָפּ, מוז איבערוואַרטען און לאָזען געהן דעם, וועלכער געהט אַרויף.

זיי זיינען געבליעבען שטעהן אויפ'ן פּלאַטפאָרם און האָבען געוואַרט. דיא שטימע איז געקומען אַלץ נעהנטער, זיא איז געוואָרען אַלץ קלינגענדער און דייטליכער. דיא מינע איז געוועזען לעדיג און האָט געגעבען אַ פאַרטרעפליכען ווידערהאַל. באַלד האָט מען געהערט דייטליך דיא ווערטער פון אַן אַלטען, שאָטלענדישעם ליעד.

— דאָס פישער ליעד! האָט הערר וואָרד אויסגערופען. אָה, יעצט ווייס איך שוין, ווער עס זינגט עס! דאָס איז דשעק רייען.

— ווער איז דשעק רייען, וועלכער זינגט עס אַזוי שעהן אין טיעפען שאַכט? האָט דער אינזשעניר געפרעגט.

— מיינער אַ קאַמעראַד, האָט הערר געענטפערט. ער איז געוויס געקומען מיך בעזוכען און האָט מיך ניט געפונען אין דער היים, געהט ער אַרום אין דער מינע און זינגט זיך דערווייל אַ ליעדעל.

— געהט ער אין דער פינסטער?

— ער האָט אויך אַמאָל געאַרבייט אין דער מינע און קען דעם דאָרט־שאַרט פּיט אַזוי גוט, וויא איך.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אַראָפּגעבויגען צום לייטער און האָט אָנגעהויבען צו רופען:

— העי! דשעק! דוא ביסט עס?

— אָהע! דוא ביסט עס, הערר? האָט דיא שטימע געענטפערט. וואַרט! איך קום באַלד צו דיר.

אין אייניגע מינוטען אַרום האָט זיך געוויזען אַ הויכער, קרעפטיגער יונגער מאַן אין הערר וואָרד'ס יאָהרען. ער איז אַרויפגעלאָפען אויפ'ן לייטער און האָט אָנגענומען הערר ביי דיא הענד.

— האַללאָ, הערר! וואָס מאַכסט דוא? איך זאָל געוועזען וויסען, אַז דוא וועסט היינט זיין אויבען „אויפ'ן גראָז", וואָלט איך ניט אַרומגעקראָכען אין דיעזעם לעדיגע פּאָס.

אַרויפגעהן אויף דער לופט, אַרויסגעהן פון פינסטערן שאַכט, הייסט ביי דיא קוילען גרעבער: אַרויסגעהן „אויפ'ן גראָז."

דער יונגער מאַן האָט ניט בעמערקט אין דער פינסטערניש, אַז הערר וואָרד איז ניט אַליין, אַז לעבען איהם שטעהט נאָך אַ מענש. הערר וואָרד האָט אָנגעצייגט דעם אינזשעניר און האָט געזאָגט צו זיין קאַמעראַד:

— דאָס איז אונזער אַלטער אינזשעניר, הערר דזשיימס סטאַר.

## שוואַרצע דיאַמאַנטען.

— אָך, הערר סטאַר, אונזער אַלטער אינזשעניר! האָט אויסגערופען דשעק ריינ. ענטשולדיגט מיר, וואָס איך האָב אייך ניט דערקענט. זייט איך האָב אויפגעהערט צו אַרבייטען אין דער מינע, האָב איך מיך אָפּגעוואוינט צו זעהן אין דער פינסטער. אַמאָל פלעג איך דערקענען אַ מענשען אין דער טיעפסטען גאַלערעע.

— יעצט דערמאָן איך מיך, אַז אין דער מינע פלעגט אַרבייטען אַ יונגע, וועלכער פלעגט שטענדיג ליעב האָבען צו זינגען, האָט דשיימס סטאַר געזאָגט מיט אַ שמייכעל. געווים ביסט דוא עס געוועזען.

— יאָ, הערר סטאַר, איך פלעג שטענדיג זינגען און איך זינג נאָך יעצט. דער אונטערשיעד איז נור, וואָס ,אַמאָלס בין איך געווען אַ קוילען גרעבער, היינט האָב איך אַנאַנדער בעשעפטיגונג. מיין כאַראַקטער אָבער האָט זיך ניט געענדערט. איך וויים, אַז עס איז פיעל גלייכער צו לאַכען און צו זינגען אַלס צו וויינען און צו יאָמערן.

— האָסט רעכט, דשעק, האָט דשיימס סטאַר געזאָגט. נור פרעהליך זיין! נור לאַכען און זינגען! — מיט וואָס בעשעפטיגסט דוא זיך יעצט?

— איך אַרבייט אויף אַ פאַרם איינינע מייל פון היער, האָט דשעק געענטפערט. עס געפעלט מיר אָבער ניט. איך וואָלט בעסער געוואָלט אַרבייטען מיט'ן האַמער און מיט'ן ברעכאייזען (לאָם) אין דער אַלטער מינע, אַלס צו אַרבייטען מיט'ן אַקער און מיט דער בייטש אויף דער פאַרם. וואָס טויג מיר דיא זון מיט דיא גרינע גראָזען, אַז אין דער אַלטער מינע געפינען זיך אַזעלכע ווינקעלעך, וואו עס איז אַ פערגניגען צו זינגען. עס זינגט זיך דאָרט אַזוי געשמאַק!

ער האָט געשוויעגען אַ פאָר מינוט, גלייך וויא ער וואָלט געוואָרען אַזוי טרויעריג, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער קוילען מינע, אַז ער קען מעהר ניט רעדען פון איהר. פלוצלונג האָט ער זיך געווענדעט צום אינזשעניר און האָט איהם געפרעגט:

— געהט איהר מאַכען אַ בעזוך דעם אַלטען סיימאָן וואָרד, הערר סטאַר?

— יאָ, דשעק.

— דאַן וויל איך אייך ניט אויפהאַלטען, הערר סטאַר.

— זאָג נור, דשעק, וואָס האָסט דוא מיך געדאַרפט, וואָס דוא ביסט געקומען אַזוי פריה צו אונז?

— איך האָב דיך געוואָלט רופען צו אונז אויפ'ן פאַרם. עס איז באַלד ניי־יאָהר. מיר מאַכען אַן אונטערהאַלט. עס וועלען זיך צונויפקומען פיעלע מעדכען פון דיא פאַרמ'ס אַרום. מיר וועלען זינגען און טאַנצען. מיר וועלען פרעהליך זיין און וועלען זיך גוט אַמוזירען.

— איך דאַנק דיר דשעק, איך קען אָבער ניט געהן.

— פאַר וואָס קענסטו ניט קומען הערר? פאַר וואָס?

— ווייל דשיימס סטאַר וועט ביי אונז פערברענגען אַ פאָר טאָג.

— אהה, הערדי; דאַן האסט דוא נאך גענוג צייט! ביז צו אונזער אונטערהאלט איז נאך דא גאַנצע אכט טעג. ביז דאַמאלס וועט הערר דשיימס סטאַר שוין אוועקפאַהרען און דוא וועסט האבען צייט צו קומען צו אונז. — קום הערדי! עס וועט דאָרט זיין אזוי פרעהליך!

— געה, הערדי! האט דשיימס סטאַר זיך אפּגערופען. פאַר וואס זאלסט דוא ניט געהן? דוא ביסט יונג און דאַרפסט פרעהליך זיין.

— ווען איהר הייסט, וועל איך געהן, האט הערדי געזאגט. וואַרט אויף מיר, דשעק. איך וועל קומען צו אייך קיין אירווין.

— איך וועל דיך ערוואַרטען, הערדי! זיי געזונד! האט דשעק אויסגערר־פען. — זייט געזונד, הערר סטאַר! עס פרעהט מיך זעהר, וואס איך האב אייך ווידער געזעהן. איך וועל דערצעהלען אלע אונזערע בעקאַנטע, אז איהר זייט געקומען אונז בעזוכען. מיר געדענקען נאך אללע אונזער אלטען גוטען אינזשעניר.

— זאג זיי, אז איך האב אַן זיי ניט פערגעסען, האט דער אינזשעניר געזאגט, איך געדענק נאך יעדען איינעם.

דשעק רייען האט נאך א מאל געגעבען דיא האנד זיין קאַמעראַד, האט זיך נאך אמאל פערנייגט פאַרן אינזשעניר, האט ווייטער אנגעהויבען צו זינגען און איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניס.

הערדי וואַרד און דשיימס סטאַר האבען זיך אראפּגעלאָזען טיעפער אין שאַכט אין א פיערטעל שטונדע אַרום זיינען זיי אנגעקומען צום באָדען פון׳ם שאַכט. דא איז געוועזען א גרויסער פּלאַץ, פון וואַנען עס האבען זיך געצווייגען גאַסען און גאַלאַרעען אין אלע זייטען. דא זיינען געוועזען אויסגעבויט זיילען פון שטאַרקע שטיינער, וועלכע האבען אונטערגעהאַלטען דיא דעכער פון דיא גאַלאַרעען, זיי זאלען ניט איינפאלען.

געוועהנליך ווערען דיא דעכער פון דיא גאַלאַרעען אונטערגעשפּאַרט מיט גראָבע קלעצער. דשיימס סטאַר האט אָבער אויסגעפיהרט ביי דער קאַמפּאַני, אז מען זאל בויען זיילען פון שטיינער, ווייל זיי זיינען שטאַרקער און זיכערער.

אמאל פלעגען אויף דיעזע זיילען ברענען עלעקטרישע לאַמפּען און דער אָרט, פון וואַנען גאַסען און גאַלאַרעען הייבען זיך אָן צו ציעהען, איז געוועזען העל בעלייכטעט. יעצט האט דא געהערשט א געדיכטע פינסטערניס.

— ווילט איהר זיך א ביסעל אפּרוהען, הערר סטאַר?

— ניין, הערדי, לאָמיר ווייטער געהן. איך וויל זעהן דיין פאַטער, וויא צום ניכסטען.

— אַלזאָ, קומט, איך וועל אייך פיהרען צו מיין פאַטער. איך מיין צוואַר אז איהר דאַרפט נאָך געדענקען דעם פּלאַן פון דער מינע מיט אַלע איהרע גאַסען און גאַלערעען.

— איך געדענק נאָך גאַנץ גוט דעם פּלאַן פון דאָרטשאַרט פּיט. איך וואָלט עס געטראָפען אין יעדער גאַלערעע אין דער פינסטער.

הערריִ האט אויפגעהויבען זיין לעמפעל אין דער הויך און איז געגאנגען אין פאראויס. ער איז אריינגעגאנגען אין א גאנץ הויכע גאלערעע. אמאל איז דא געווען פיעל קוילען, דער האמער און דער ברעכאייזען פון׳ם קוילען גרעבער האבען אויסגעגראבען און אויסגעקראצט דאס לעצטע שטיקעלע קוילען און האבען איבער־געלאזען דעם נאקעטען שטיין. דיא גאלערעע איז געווען ברייט און הויך. זיא האט אויסגעוויעזען, וויא א גרויסע קירכע.

קוים זיינען זיי אוועקגעגאנגען פופציג טריט אין דיעזער גאלערעע, איז אראפ־געפאלען א שטיין פאר דשיימס סטאר׳ס פיס.

— וואס איז דאס, הערריִ? האט דער אינזשעניר געפרעגט ערשטוינט. — זיינען דיא ווענט פון דיעזע גאלערעע ניט זיכער? איך אליין האב דאך געזעהן, אז דיעזע גאלערעע זאל זיין גוט בעווארענט, ווייל דורך איהר קען מען דורכגעהן דיא גאנצע מינע. מען קען ארויסקומען פון דער אנדערער זייט אין „יאררא וועל״.

יאררא וועל איז געווען אנאנדער אריינגאנג צו דער זעלבער מינע. דארט אבער האבען שוין לאנג קיין מאשינען ניט געארבייט, ווייל אין דער לעצטער צייט זיינען דיא קוילען געווען נעהענטער צו דארטשארט פיט.

— הערר סטאר, איך דענק, אז דיעזער שטיין איז אראפגעפאלען ניט פון זיך אליין, האט הערריִ ווארד געענטפערט. — מען האט איהם אראפגעווארפען.

— אראפגעווארפען? האט דער אינזשעניר געפרעגט ערשטוינט. אומיסטען אראפגעווארפען אויף אונז א שטיין? וואס רעדסט דוא, הערריִ?

— מעגליך, אז עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, האט זיך צוריקגעכאפט הערריִ. ווען עס זאל ניט געווען זיין אזוי פינסטער און דשיימס סטאר וואלט געקענט זעהן הערריִ ווארד׳ס געזיכט וואלט ער בעמערקט, אז הערריִ איז רויט געווארען און איז געווען עפעס צומישט.

— לאמיר געהן שנעלער, הערר דשיימס, האט הערריִ געבעטען. האלט אייך אן פעסט אן מיר. איהר האט פיעללייכט שוין פערגעססען דעם וועג.

דשיימס סטאר האט אנגענומען הערריִ׳ס האנד און ביידע זיינען וויטער געגאנגען. הערריִ איז געווארען פארזיכטיגער, האט זיך יעדעס מאל אומגעקוקט און האט יעדעס מאל אויפגעהויבען זיין לעמפעל אין דער טיעפער, פינסטערער גאלערעע.

— איז נאך וויט צו געהען צו אייער פאטערס הויז?

— ניין. אין צעהן מינוט ועלען מיר דארט זיין.

זיי זיינען וויטער געגאנגען. דער אינזשעניר האט געפיהלט, אז הערריִ׳ס האנד ציטערט.

— וואס איז דיר, הערריִ? וואס ביסט דוא אזוי אונרוהיג?

— איך קען ניט פערגעססען דיא געשיכטע מיט׳ן שטיין. ער האט דאך ג... קענט אראפפאלען אויף אונזער קאפ.

— עס איז דאך נור א צופאל, הערדי, האט דער אינזשעניר איהם בערוהיגט.

— א צופאל? — יא.... מעגליך.... א צופאל....

זיי זיינען ווייטער געגאנגען עטליכע שריט. פלוצלונג איז הערדי וואוד געבליעבען שטעהן.

— וואס איז מיט דיר, הערדי? וואס ביסט דוא געבליבען שטעהן?

— איך ווייס ניט.... מיר דאכט, אז איך האב געהערט מענשענטריט הינטער אונז.

ער האט זיך צוגעהערט א פאר סעקונדען.

— נו? הערסט דוא עפעס?

— ניין. איך הער גאר נישט. איך האב א טעות געהאט. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען. — שפארט אייך אן אויף מיר פעסט, הערר דשיימס.

דשיימס סטאר האט זיך אנגעלעהנט פעסטער אויף דעם קרעפטיגען יונגען מאן און זיי זיינען ווייטער געגאנגען. הערדי איז געווען זעהר אונרוהיג. דער אינזשעניר האט עס בעמערקט און האט געטראכט ביי זיך:

— אין דיעזער מינע ליעגט ווירקליך עפעס א געהיימניס. דא זיגגט איינער דארט וואו מען מיט שמיינער און דא געהט מען אונז נאך. וואס זאל דאס זיין?

ארום איהם האט געהערשט דיא שרעקליכסטע פינסטערניס. דאס קליינע לעמפעלע אויף הערדי'ס קאפ האט נור געוויזען, וויפיעל שווארצע, פינסטערע מיילער עס עפענען זיך פון אלע זייטען און דראהען צו פערשלינגען דעם פרעכען מענשען וועלכער שטעלט זיך אונטער אריינצוגעהן אין טיעפען שויס פון אונזער מוטער ערד.

7טעס קאפיטעל.

## סיימאן ווארד און זיין פאמיליע.

אין א צעהן מינוט ארום זיינען זיי אנגעקומען צו א גרויסען קעלער אדער א גרויסער הייל. וויא עס וויזט אויס, האט מען דא א מאל געפונען א רייכע גרוב מיט קויהלען. דאס איז געוועזן א פלאטץ פון עטליכע הונדערט פוס דיא ברייט און דיא לענג.

אין דיעזען קעלער איז געווען ניט שטארק פינסטער. א גרויסע און ברייטע אייזערנע רעהר האט זיך געצויגען פון דיעזען קעלער ביז ארויף אויבען. דורך דיעזען רעהר פלעגען דורכדרינגען שטראהלען פון ליכט.

אמאל פלעגט דא שטעהן א גרויסע מאשין, וועלכע פלעגט רייניגען דיא לופט אין דער מינע. היינט ארבייט מען ניט און מען דארף ניט רייניגען דיא לופט.

דא, אויף דעם ארט, וואו דיא גרויסע מאשין איז געשטאנען, האט סיימאן ווארד געוואוינט זייט צעהן יאהר. ער האט זיך ניט געדארפט בויען קיין הויז. דיא דיקע שטיינערנע ווענט פון דער מינע האבען איהם בעסער געשיצט געגען קעלט און רעגען אלס דיא ווענט פון'ם רייכסטען פאלאץ.

זיין הויז איז געווען פערטיג, געמאכט פון טויזענדער קוילען ארבייטער. זיין הויז איז געווען ווארים. ער האט ניט געדארפט קיין הייצונג. אזוי טיעף אין דער ערד איז שטענדיג ווארים. ער האט קיין מורא ניט געהאט פאר פייער, — דער הארטער שטיין ווערט ניט ברענען. ער האט ניט געדארפט צאהלען ניט קיין רענט און ניט קיין שטייער. צו איהם איז קיין מאל ניט געקומען קיין בעאמטער מאנען איהם שטייער. אין זיין הויז, וועלכעס איז געווען פינף הונדערט פוס טיעף אין דער ערד, איז ער געווען א קייסער. ער האט דא געהערשט גאנץ אליין. האט מיט קיינעם ניט געפיהרט קיין קריעג, ווייל קיין אנדערער קייסער אין דער וועלט האט ניט געוואלט צונעהמען ביי איהם זיין לאנד.

סיימאן ווארד האט אפגעשפארט עטליבע הונדערט פונט אין דער צייט, וואס ער מיט זיין זוהן הערריי האבען געארבייט אין דער מינע. ער וואלט געקענט זיך דינגען א שטיבעלע אין אבערוויל און לעבען אונטער דער ליעבער, העלער זון צווישען גרינע ביימער. ער האט עס אבער ניט געוואלט. ער איז אזוי געוואינט געווארען צו דער מינע, אז ער האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון איהר.—דיא מינע איז געווען זיין לעבען. ער איז געווען צופריעדענער מיט זיין וואינונג טיעף אין דער מינע, וויא מאנכער קייסער מיט זיין פאלאץ.

זיינע עלטער עלטערען זיינען געווען קוילען גרעבער, זיינע עלטערען זיינען געווען קוילען גרעבער, ער אליין איז געווען א קוילען גרעבער, זייט ער איז געקומען צו זיין פערשטאנד. דארטשארט פיט איז געווען זיין פאטערלאנד, זיין אממע, זיין שפייזער, זיין ערנעהרער און זיין צייט פערטרייב.

ער האט ליעב בעקומען דיא מינע. ער פלעגט ארבייטען פלייסיג ניט נור אום צו פערדיענען געלד, זאנדערן אום צו קעמפפען מיט דער מינע און ארויס־צושלעפען פון איהר אלעס, וואס עס איז געלעגען פערבארגען אין איהר.

ער איז געווען אזוי גוט בעקאנט מיט דער מינע, אז ער האט געקענט זיך אראפלאזען אין איין שאכט און ארויסקומען דורך אנאנדער שאכט אויף צעהן מייל דיא וויים. קיינער האט ניט געוואוסט אזוי גוט, וויא ער, אז דורך דיא שאכטען פון אבערוויל קען מען אוועקגעהן ביז אין דיא אויסגעשעפטע מינען פון אללאא און ווייטער נאך.

ער האט געוואוסט נאך פריהער פארן אינזשעניר דשיימס סטאר, אז דיא קוילען אין דארטשארט שאכט וועלען זיך אויסשעפען. ער האט עס געזאגט דעם אינזשעניר און האט מיט איהם צוזאמען געזוכט נייע אדערן, נייע וועגען, נייע שאכטען, וואו דיא קוילען ליגען בעהאלטען. ער האט אלץ געהאפט, אז ער וועט נאך אויסגעפינען ערגעץ קוילען.

זייט צעהן יאהר וואינט ער דא אין זיין פאלאץ טיעף אונטער דער ערד אין דיא גאנצע צעהן יאהר איז ער פיעללייכט צעהן מאל געווען אויבען אויף דער פרייער וועלט, דארט וואו דיא ליעבע זון ווארמט און לייכטעט.

— צו וואס זאל איך ארויפגעהן? פלעגט ער פרעגען, ווען זיין זוהן פלעגט איהם אמאהל בעטען, ער זאל זיך א ביסעל דורכגעהן אין שטאדט. וואס וועל איך

דארט טהאן? מיין היים איז דא אין דער מינע. דארט אויבען בייט זיך דאס וועטער. אט איז קאלט, אט איז הייס. דיא מענשען פערקיהלען זיך און ווערען קראנק. דא אונטען איז דיא לופט געזונד. מען פערקיהלט זיך ניט און מען איז שטענדיג געזונד.

ער האט ווירקליך רעכט געהאט. ער איז שוין אלט געוועזען איבער זעכציג יאהר און איז נאך געוועזען שטארק און קרעפטיג, וויא א יונגער מאן. דיא איינציגע זאך, וואס איהם האט געפעהלט איז געוועזען בעשעפטיגונג, בעוועגונג—ארבייט ער האט ניט געקענט זיצען לעדיג. ער האט געמוזט ארומגעהן מיט'ן האמער און מיט'ן ברעכאייזען און זוכען, גראבען, קלאפען, שלאגען דעם שטיין און איהם אויספארשען.

זיין פרוי, מעגג, אדער מעדש, וויא ער פלעגט זיא רופען, איז אויך געוועזען פערליעבט אין דער מינע, וויא ער. זיא איז אויך געוועזען א היבע, שטארקע פרוי פון א יאהר עטליכע און פופציג און האט אויך ליעב געהאט צו ארבייטען. זייט זיי האבען זיך בעזעצט אין דער מינע, איז זיא ניט איין מאל ניט געוועזען אין שטעדטעל. זיא האט גאר ניט געוואלט ארויסגעהן פון דער מינע. זיא איז געווען פאלקאמען איינפערשטאנדען מיט איהר מאן, אז דא אונטען איז פיעל בעסער, בעקוועהמער און רוהיגער צו וואינען, וויא אין אבערוויל.

— דא וועניגסטענס וועלען מיינע נאכבארען מיר ניט ארייגקוקען אין טעפיל, וואס איך קאך, פלעגט זיא זאגען, און קיינעם וועט ניט הארען, וויא איך גערה אנגעטהאן.

דאס אלטע פאר פאלק האט זיך זעהר ליעב געהאט. יעדער האט געהאט דאס גרעסטע צוטרויען צום אנדערען. ווען סיימאן ווארד פלעגט זאגען, אז ער האט נאך ניט פערלארען דיא האפנונג, אז ער וועט נאך אמאל געפינען א נייעם שאכט פון קוילען, פלעגט מעדש איהם אונטערשטיצען.

— דוא האסט רעכט, סיימאן, אבערוויל איז נור אנטשלאפען געווארען אויף א געוויסע צייט. אבערוויל איז נאך ניט געשטארבען.

אזוי האט דיא קליינע פאמיליע, וועלכע איז בעשטאנען פון פאטער, מוטער און זוהן, געלעבט שטיל, רוהיג און גליקליך אין טיעפען שאכט.

אהין האט יעצט הערר ווארד געבראכט דעם אינזשעניר דשיימס סטאר.

סיימאן ווארד האט ערווארטעט דעם אינזשעניר. ער איז געשטאנען ביים אריינגאנג פון זיין קעניגרייך און קוים האט זיך געוויזען דער שיין פון הערר'ס לעמפעל, איז ער זיי ענטגעגען געגאנגען און האט געזאגט מיט זיין פעסטער ברוסט שטימע:

— ווילאקמען, הערר דשיימס סטאר! ווילקאמען אין דער וואינונג פון'ם אלטען איינזעהר פון דארטשארט פיט! מיין הויז איז פיעללייכט ניט אזוי שעהן, וויא דיא הייזער אין עדינבורג, איך בין אבער גליקליך צו עמפפאנגען מיין גאסט און מיין אלטען פריינד, דעם אינזשעניר פון דארטשארט פיט.

מיט דיעזע הערטער האט ער איהם אויסגעשטרעקטביידע הענד, דער

אינזשעניר האט אנגענומען דיא הענד פון׳ם אלטען אויפזעהער און האט זיי מיט־דריקט ווארים און פריינדליך.

— וואס מאכט איהר, גוטער, אלטער סיימאן? האט ער איהם געפרעגט. וויא געהט עס אייך?

— וואס זאל איך מאכען, הערר דשיימס? דא איז מיר גאנץ גוט. איך האב קיין מורא ניט, איך זאל מיך צוקיהלען. דיא לופט איז גוט און געזונד דא אין דער מינע. וואס דארף איך מעהר? — ווען אייערע דאקטוירים זאלען זיין קלוג, וואלטען זיי ניט געשיקט דיא רייכע און נערוועזע דאמען קיין קארלסבאד אדער קיין ניצא; זיי וואלטען זיי בעסער געשיקט אין דער מינע פון אבערוויל. דא, וואו מען ווייס ניט פון קיין ווינד, קיין שנעע, קיין רעגען, קיין פראסט און קיין קעלט, וואלטען זיי געווארען געזונד, וויא מיין אלטע מעדש.

— איהר האט רעכט, סיימאן, האט דער אינזשעניר געענטפערט. איך שעהם מיך ניט צו זאגען, אז איך אליין וואלט פיעללייכט פערביטען מיין שעהנע וואינונג אין קאנאנגייט, אין עדינבורג, פאר א וואינונג אין דער מינע פון אבערוויל.

— אך, הערר סטאר! איך קען אן אלטען קוילען גרעבער, וועלכער וואלט געוועזען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, ווען ער זאל וויסען, אז איהר וועט שטענדיג זיין לעבען איהם.

— וואס וועט זאגען דיא אלטע מעדש? האט דשיימס סטאר געלאכט.

— דיא אלטע מעדש וועט זיין אזוי גליקליך אייך ווידער צו זעהן, וויא דער אלטער סיימאן. איהר וועט זעהן, הערר סטאר, וואס פאר א מיטאג זיא וועט מאכען פון אייערטוועגען.

— דאס וועלען מיר זעהן, האט סטאר אויסגערופען פרעהליך.

ער איז זיך היינט גענוג אנגעגאנגען, איז געוועזען מיעד און הונגעריג.

— איהר זייט הונגעריג, הערר סטאר?

— יא מיין פריינד, איך בין מיך היינט אנגעגאנגען און דאס וועטער איז געוועזען אבשייליך.

— אח! עס רעגענט אויבען, האט סיימאן ווארד געזאגט.

יא, סיימאן, אויבען רעגענט עס און דאס מעער איז געוועזען זעהר אונרוהיג.

— מיר וויסען דער פון ניט. ביי אונז רעגענט עס קיין מאהל ניט. איך האב שוין גאר פערגעסען, וואס עס הייסט א רעגען.

ער האט אנגענומען דעם אינזשעניר ביי דער האנד און האט איהם אריינ־געפיהרט אין זיין שטוב. דאס איז געוועזען א גרויס צימער אויסגעהאקט אין שטיין. דער דאך און דיא וועגט פון׳ם צימער זיינען געוועזען פון שטיין, נור דיא טהיר איז געוועזען א הילצערנע. אין דער מיט צימער איז אראפגעהאנגען א גרויסער לאמפ, וועלכע האט בעלייכטעט דאס צימער. ביי דיא וועגט זיינען געוועזען צוגעשלאגען נאך איינינע לאמפען. אין צימער איז געוועזען גענוג ליכטיג.

אין דער מיט צימער איז געשטאנען א טיש, געדעקט מיט א קלאר ווייסען

פישטוך. ארום טיש זיינען געשטאנען פיער שטארקע שטוהלען בעשלאגען מיט לעדער.

— גוט מארגען, מעדש! האט געזאגט דער אינזשענער, וועו ער איז אריינגעקומען אין צימער און האט דערזעהן סיימאן ווארד'ס פרוי.

— גוט מארגען, הערר דשיימס סטאר! האט דיא אלטע פרוי געענטפערט און איז ענטגעגען געגאנגען דעם אינזשעניר.

— עס פרעהט מיך זעהר אייך ווידער צו זעהן, מעדש, האט דשיימס סטאר געזאגט און איהר געגעבען דיא האנד.

— איהר האט רעכט, הערר דשיימס סטאר, האט דיא אלטע געענטפערט. עס איז שטענדיג ליעב צו זעהן א מענשען, וועלכער איז געווען גוט געגען אונז און האט אונז גוט בעהאנדעלט.

— איז דיא זופע פערטיג, פרוי? האט סיימאן ווארד געפרעגט. — דער אינזשעניר איז הונגעריג. מיר דארפען איהם ניט לאזען ווארטען. — איך וויים, אז הערר האט ערשט געכטען אנגעבראכט פראוויאנט פון דער שטאדט. —

איך האב גאר פערגעסען דיר צו זאגען, הערר, אז דשעק רייען איז דא געווען. ער האט אויף דיר געפרעגט.

— איך וויים עס, פאטער, איך האב איהם בעגעגענט לעבען יאררא וועל.

— ער איז א גאנץ גוטער יונג, האט דער אלטער סיימאן וויטער געזאגט. ער איז שטענדיג לוסטיג און פרעהליך. ער טויג אבער ניט פאר א קוילען גרעבער. ער האט בעסער ליעב צו זיין אויבען „אויפ'ן גראז"

— דער אינזשעניר איז דאך הונגעריג, זעצט אייך בעסער עסען, האט סיימאנ'ס פרוי דערמאנט.

— עס איז ריכטיג. ביטע, הערר סטאר, זעצט אייך.

אלע האבען זיך געזעצט צום טיש.

— איינע מינוטע, הערר סיימאן, האט זיך אפגערופען דער אינזשעניר. ווילט איהר, אז איך זאל ביי אייך עסען מיט א גוטען אפעטיט?

— געוויס, הערר סטאר! וואס פרעגט איהר?

— איך קען ניט עסען, ווען איך האב עפעס צו טראכטען. איידער איך וועל מיך זעצען עסען, וויל איך אייך שטעלען צוויי פראגען.

— פרעגט, הערר סטאר, איך וועל אייך געוויס ענטפערן.

— איהר שרייבט אין אייער בריעף, אז איהר האט מיר מיטצוטהיילען זאכען, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג.

— יא, זיי זיינען זעהר וויכטיג, האט סיימאן ווארד געענטפערט.

— פאר אייך, סיימאן?

— פאר אייך און פאר מיר, הערר סטאר. איך קען אבער דערפון ניט רעדען ביז נאכ'ן עסען, ווייל איך קען רעדען פון דיזע זאכען נור אויף זייער ארט, וואו איך וועל קענען אייך עפעס וויזען. רעדען דערפון דא איז איבעריג, ווייל איהר וועט מיר ניט גלויבען.

— סיימאן ווארד! האט אויסגערופען דער אינזשעניר. — קוקט מיר גלייך אין דיא אויגען. — אזוי! — וויכטיגע נייעס? — וויכטיגע? —

סיימאן ווארד האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— נו, גוט! האט דער אינזשעניר געזאגט. דאן וועל איך מעהר ניט רעדען דערפון ביז נאכ'ן פריהשטיק.

— וואס איז אייער צווייטע פראגע? האט סיימאן געפרעגט.

— קענט איהר דערקענען, ווער עס האט אנגעשריעבען דיעזען בריעף?

מיט דיעזע ווערטער האט ארויסגענומען דעם צווייטען בריעף, וואס ער האט ערהאלטען, אז ער זאל ניט פאהרען און האט דערלאנגט דעם אלטען סיימאן ווארד.

סיימאן ווארד האט גענומען דעם בריעף, האט איהם איבערגעלעזען איין מאל און צוויי מאל און האט פערצויגען מיט דיא אקסלען. ער האט ניט געוואוסט, ווער עס האט איהם געשריבען. ער האט איהם געוויזען זיין זוהן, הערדי, און האט איהם געפרעגט:

— פיעללייכט ווייסט דוא דערקענען, ווער עס האט געשריעבען דיעזען בריעף?

הערדי ווארד האט אויך בעטראכט דעם צווייטען בריעף פון אלע זייטען און האט אויך פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— איך ווייס ניט פאטער, ווער עס האט געשריעבען דיעזען בריעף.

— איז אויף דיעזען בריעף געוועזען דער שטעמפעל פון אבערוויל פאסט אפיס? האט סיימאן ווארד געפרעגט.

— פונקט דער זעלבער סטעמפעל, וויא אויף אייער בריעף, האט דער אינזשעניר געענטפערט.

— וואס דענקסט דוא דערפון, הערדי? האט דער פאטער געפרעגט. זאל איינער וויסען פון אונזער געהיימניס?

— איך קען עס ניט וויסען, עס איז אבער דייטליך, אז איינער האט געוואלט אפהאלטען דעם אינזשעניר, ער זאל ניט קומען צו אונז.

— אבער ווער זאל עס זיין? — ווער? האט געשריען דער אלטער און האט געקלאפט מיט זיינע אייזערנע הענד אויפ'ן שטארקען טיש.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. דער אלטער האט זיך פערטראכט.

— דיא זופע ווערט קאלט! האט אויסגערופען מעדש. עסט בעסער! הערט אויף צו רעדען פון בריעף.

דשיימס סטאר האט זיך געזעצט לעבען אלטען סיימאן, געגען זיי פון דער אנדערער זייט טיש האבען זיך געזעצט הערדי און זיין מוטער און האבען אנגעהויבען צו עסען.

דער פריהשטיק, אדער ריכטיגער געזאגט, דער מיטאג, איז געווען א פארטרעפליכער. סיימאן ווארד האט זיך בעריהמט, אז זיין מעדש מעג קאבען פאר דער קעניגין וויקטאריא. דשיימס סטאר האט זיך ניט געוואלט קריעגען

מיט איהם און האט אויך צוגעגעבען, אז דיא אלטע מעדש איז דיא בעסטע קעכין אין דער גאנצער וועלט.

מעדש אליין איז ניט געווען אזוי שטאלץ. זיא האט ערקלערט, אז פאר אן אינפאכען קוילען גרעבער קען זיא אפקאכען א גוטען מיטאג. וואס דיא קעניגין וויקטאריא עסט, וויים זיא ניט און זיא גלויבט ניט, אז דיא קעניגין וויקטאריא וואלט זיא איינגענומען פאר א קעכין ביי זיך אין הויף.

נאכ'ן עסען האט העררי ווארד געבראכט גוטען אייל פון א פעסעלע, וועלכעס ער האט געהאלטען שטענדיג ביי זיך אין „קעללער".

דאס עסען האט געדויערט א גאנצע שטונדע. סיימאן ווארד, זיין פרוי מעדש און דער אינזשעניר האבען גערעדט און דערצעהלט פון דיא גוטע אלטע צייטען אין אבערוויל, ווען עס פלעגען ארבייטען עטליכע הונדערט קוילען גרעבער אין דארטשארט פיט, יאררא וועל און אנדערע מינען.

העררי ווארד איז געזעסען שטיל און פערטראכט. איהם האט שטארק בעאינרוהיגט דיא געשיכטע מיט'ן שטיין און דער אנאנימע (אהן א נאמען) בריעף. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דיעזעלבע האנד, וואס האט אנגעשריבען דעם אנאנימען בריעף, האט געקענט אראפווארפען א שטיין אויפ'ן אינזשעניר.

— צו וואס אבער האט עס דער אונבעקאנטער געטהאן? וואס האט ער צום אינזשעניר? וואס הארט איהם, וואס דער אינזשעניר איז געקומען קיין אבערוויל?

אויף דיעזע פראגען האט ער קיין אנטווארט ניט געקענט געבען, צוויי מאל איז ער אויפגעשפרונגען פון'ם טיש און איז ערגעץ אוועקגעגאנגען.

— וויסט איהר, סיימאן, אז איהר האט זעהר א גוטען זוהן? האט דשיימס סטאר געזאגט, ווען העררי איז ארויסגעגאנגען.

— יא, איך וויים עס, האט דער אלטער מאן געענטפערט מיט שטאלץ. ער איז א גוטער געטרייער זוהן.

— איז ער צופריעדען צו וואינען דא אין דער פינסטער?

— ער איז זעהר צופריעדען. ער וועט אונז ניט פערלאזען. ער וויל ניט וואינען דארט אויבען „אויפ'ן גראז".

— דענקט איהר גאר ניט איהם צו פערהייראטען? האט דער אינזשעניר ווייטער געפרעגט.

— העררי זאל הייראטהען? האט דער אלטער אויסגערופען. וועמען וועט ער הייראטהען? א מעדכען, וועלכע וועט ליעב האבען צו טאנצען, צו זינגען און זיך צו פוצען? ווייסט איהר ניט, העררר סטאר, אז הייגטיגע מיידכען ליעבען נור ארומצר לויפען און צו פלוידערן? ניין! העררי וועט ניט הייראטהען!

— סיימאן, זאג עס ניט! האט זיך דיא אלטע מעדש אריינגעמישט. קענסט דוא דען צווינגען העררי'ן, ער זאל ניט הייראטהען?

— צווינגען, אלטע! ווער רעדט דען פון צווינגען? איך וויל העררי'ן צו

קיין זאך ניט צווינגען. ווען הערריי וועט געפינען א מעדכען, וועלכע וועט איהם פאַסען, וועל—

אין דיעזע מינוט איז הערריי אריינגעקומען אין שטוב. דער אלטער סיימאַן איז שטיל געבליעבען.

מעדש האט זיך אויפגעהויבען פון׳ם טיש דיא ערשטע. אלע האבען איהר נאכגעטהאן, זיינען אויפגעשטאנען און ארויסגעגאנגען פון צימער. הערריי ווארד האט געבראכט צוויי שטוהלען און האט זיי אַניעדערגעשטעלט פאר דער טהיר פון הויז. זיי האבען געוואלט לאזען דיא אלטע מעדש אויפרוימען אין צימער.

— נון, סיימאַן, יעצט קענען מיר רעדען, האט דשיימס סטאר געזאגט, יעצט קענט איהר מיר מיטהיילען דיא וויכטיגע נייעס.

— הערר סטאר, איך דארף ניט אייערע אויערן, איך דארף אייערע פיס. האט איהר זיך גענוג אפגערוהט, אז איהר זאלט קענען מאכען מיט מיר א לאנגע רייזע?

— יא, סיימאַן! איך האב מיך אָנגעגעסען און האב מיך אפגערוהט. איך קען שוין יעצט געהן מיט אייך, וואוהין איהר ווילט.

— הערריי! הערריי! צינד אן אונזערע זיכערהייטס לאמפען! האט סיימאַן ווארד געררופען צו זיין זוהן.

— זיכערהייטס לאמפען? האט דשיימס סטאר געפרעגט פערוואונדערט. צו וואס דארף מען זיכערהייטס לאמפען אין דער מינע, וואו עס געפינט זיך ניט קיין ביצעל קוילען?

— מען מוז זיין פארזיכטיג, האט סיימאַן ווארד געענטפערט איינפאך.

— ווען מען דארף זיין פאָרזיכטיג, דארפען מיר זיך דאָך אנטהאן אין קליידער פון קוילען גרעבער אויך? האט דער אינזשעניר געפרעגט.

— דערווייל נאך ניט, הערר סטאר, האט דער אלטער מאן געענטפערט און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען.

אין דיעזע מינוט איז הערריי ארויסגעקומען פון שטוב מיט דריי ברענענדע זיכערהייטס לאמפען. איינעם האט ער געגעבען זיין פאטער, דעם אנדערן האט ער געגעבען דעם אינזשעניר און דעם דריטען האט ער זיך גענומען. דאן האט ער גענומען א לאנגען, גראבען שטעקען אין דער האנד. דער אלטער סיימאַן האט אויך גענומען אזא שטעקען. פאטער און זוהן האבען זיך געשטעלט פון ביידע זייטען פון׳ם אינזשעניר.

— יעצט לאמיר געהן! האט דער אלטער קאמאנדירט.— א גוטען טאג, מעדש!

— א גוטען טאג מעדש! האט דער אינזשעניר ווידערהאלט און האט זיך פערנייגט פאר דער אלטער פרוי, וועלכע איז געשטאנען פאר דער טהיר פון איהר שטוב.

— א גוטען טאג! גאט זאל זיין מיט אייך! האט דיא אלטע פרויא געענטפערט.

— נרייט אן א נוטען אבענד עסען, פרויא! האט סיימאן איהר נעזאגט האלט אוועקגעהן.— ווען מיר וועלען צוריקקומען, וועלען מיר זיין גוט הונגעריג

8טעס קאפיטעל.

## אבערגלויבען, וואונדער און זאנדערבארע ערשיינונגען.

יעדעס פאלק האט זיינע וואונדער געשיכטען. אין יעדער דארף דערצעהלט מען מעשיות און געשיכטען פון גייסטער, שדים, רוחות, טויטע. וועלכע ווייזען זיך צו דיא לעבעדיגע און דערצעהלען זיי וואס עס וועט זיין; היינ גייסטער, וועלכע מאכען אלערליי שטיק; וואלד גייסטער, וועלכע פערפיהרען א מענשען טיעף אין וואלד און דאן לאכען זיי פון איהם; וואסער גייסטער, וועלכע שלעפען אריין א מענשען אין וואסער און נאך אנדערע סארטען גייסטער און וואונדער.

אין יעדען וואלד, אין יעדען טייך, אויף יעדען בערג און אין יעדען טהאל געפינען זיך בעזונדערע גייסטער. פיעלע פון דיא אלע איינוואינער האבען זיי געזעהן, אדער „כמעט" געזעהן; אנדערע האבען זאגאר מיט זיי גערעדט, זיי ווילען אבער ניט אויסזאגען, וואס דיא גייסטער האבען מיט זיי גערעדט.

פון וואנען האבען זיך דיעזע געשיכטען גענומען? ווער האט זיי פערברייטעט אין פאלק? פאר וואס גלויבט נאך דאס פאלק אין זיי? ניט דא איז דער ארט צו ענטפערן אויף דיעזע פראגען.

מיר קענען ניט אונטערברעכען אונזער ערצעהלונג אום צו בעאנטווארטען אויף דיעזע פראגען. מיר האבען זיי נור געשטעלט אום צו ווייזען, אז דער גלויבען אין גייסטער איז פערברייטעט צווישען אלע פעלקער. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס דיא קוילען גרעבער גלויבען אין גייסטער. אין דער מינע איז דער מענש אבגעשלאסען פון דער גאנצער וועלט. אין דער מינע איז פינסטער. וואו קענען דיא גייסטער געפינען א בעסערן פלאץ, אלס אין דער פינסטערער מינע? וואו קענען זיך דיא גייסטער בעסער בעהאלטען, אלס טיעף אין דער ערד, וואו עס הערשט אן אייביגע נאכט?

דיא קוילען גרעבער פון אבערוויל פלעגען זיך דערצעהלען פיעלע וואונדער פון דער מינע. אייניגע האבען איבערגעלאזען זייערע אינסטרומענטען אין דער מינע. ווען זיי זיינען געקומען דעם אנדערן טאג ארבייטען, זיינען דיא אינסטרומענטען פערשוואונדען געווארען. ווער האט זיי צוגענומען? — דיא גייסטער פון דער מינע.

אנדערע האבען איבערגעלאזען דיא גאלערעע, וואו זיי האבען געארבייט גאנץ ריין. זיי האבען צוריפגעשארט דאס לעצטע ביסעל קוילען און האבען עס אויפגעלעגט אין א וואגאן. ווען זיי זיינען געקומען דעם אנדערן טאג, האבען זיי געפונען אנגעגראבען א גאנצען וואגאן גרויסע שטיקער קוילען. ווער האט עס געקענט טהאן פאר זיי? — געוויס דיא גייסטער.

דזשעק רייען איז געווען איינער פון דיא, וועלכע זיינען געווען פעסט איבער־צייגט, אז אין דארטשארט פיט זיינען דא גייסטער. ער האט אליין געהערט,

וויא מען איז ארומגעגאנגען אין דער מינע; ער האט אליין געהערט, וויא מען ארבייט אין דער מינע אין דער צייט, ווען קיינער פון דיא ארבייטער איז ניט געוועזן אין דער מינע. ער האט אליין געזעהן, וויא פלוצלונג זיינען פון דער וואנט פון דער מינע ארויסגעשפרונגען קליינע פלאמען.

צווישען אלע קוילען גרעבער זיינען געוועזן נור צוויא מענשען, וועלכע האבען ניט געגלויבט אין קיין גייסטער. דאס זיינען געוועזן סיימאן ווארד און זיין זוהן הערריי, זיי זיינען געוועזן אזוי גוט בעקאנט מיט יעדען ווינקעלע אין דער מינע, אז זיי האבען ניט געקענט גלויבען אין קיין וואונדער. ווען זיי פלעגען אמאל זעהן א זאך, וואס זיי פלעגען ניט פערשטעהן, וויא צום ביישפיעל, פלאמען פון דער וואנט, פלעגען זיי עס דערצעהלען דשיימס סטאר און ער פלעגט זיי ערקלערען, פון וואנען דאס קומט.

דיא איינציגע זאך, וואס דיעזע צוויי מענשען האבען געגלויבט, איז געוועזן אז דיא קוילען האבען זיך נאך גיט אין גאנצען אויסגעשעפט אין דארטשארט פיט. זייט צעהן יאהר, זייט מען האט אויפגעהערט צו ארבייטען אין דער מינע, פלעגען זיי יעדען טאג אנצינדען זייערע לעמפלעך, נעהמען זייערע שטעקענס און זייערע האמערס און געהן אין דיא פערשיעדענע גאלערעען זוכען, פיעללייכט וועלען זיי דאך געפינען עפעס א שפור פון קוילען.

מייסטענס פלעגען זיי געהן ביידע צוזאמען. עס פלעגט אבער זעהר אפט פארקומען, אז זיי פלעגען געהן איינציגווייס, יעדער אויף אנאנדערן וועג. זיי פלעגען אויספארשען דיא מינע, פלעגען זיא אפהיטען, פלעגען זעהן, אז דיא וואסערן, וועלכע פלעגען זיך אנזאמלען אין געוויסע ערטער, זאלען האבען וואוהין אפצופליעסען. — אין דיא קוילען גרובען זיינען אפט דא טייכען, זעען (אזיעראס) און טייכעלעך. אין איינציגע קוילען גרובען זיינען דיא זעען (אזיעראס) אזוי גרוים און אזוי טיעף, אז מען מוז זיך אויף זיי שיפען מיט א שיפעל. אין אנדערע מינעס געפינט מען טייכען, וועלכע מען ווייס ניט, פון וואנען זיי הייבען זיך אן און וואוהין זיי פערשווינדען. אין דער מינע פון אבערוויל זיינען אויך געוועזן טייכען, אויף וועלכע מען האט געדארפט אכטונג געבען, זיי זאלען ניט פערגיעסען דיא מינע.

אויף זיינע פארשונגס רייזען אין דיא גאנץ ווייטע גאלערעען האט זיך הערריי ווארד עטליכע מאל אויסגעוויזען, אז ער הערט דייטליך, וויא מען ארבייט ערגעץ מיט א האמער און מיט א ברעכאייזען. ער האט זיך ניט דערשראקען. ער האט קיין מורא ניט געהאט פאר קיין גייסטער. ער האט נור מורא געהאט, פיעל-לייכט האט זיך געפונען נאך איינער, וועלכער זוכט אויך אין דער מינע, גלייך וויא ער.

מיט א קורצע צייט צוריק האט איהם אבער פאסירט א געשיכטע, פון וועלכער ער איז ווירקליך געווארען צומישט. מיט איינינע מאנאטע צוריק איז ער אמאל געגאנגען גאנץ ווייט אין דער מינע, ער איז צוגעקומען צו א גאנץ גרויסען שטיין, אין וועלכעם עס זיינען געוועזן דורכגעשניטען עטליכע וועגען. ער האט

אויפגעהויבען זיין לעמפּעל אין דער הויך אום בעסער צו זעהן, וועלכען וועג ער זאל נעהן. פּלוצלונג האט ער געזעהן גאנץ דייטליך, וויא א שאטען פון א מענשען איז פערשוואונדען געווארען אין איינע פון דיא גאנץ שמאלע גענג פון דיעזען שטיין.

ער האט זיך ניט איבערגעשראקען און האט אנגעהויבען נאכצולויפען נאכ'ן שאטען. ער איז געקומען צו אן ארט, וואו דיא גאלערעע ענדיגט זיך. — א וואנט פון אללע זייטען! קיינער איז ניטא! — וואו האט געקענט פערשוואונדען ווערן דער מענש, וואס איז דא געגאנגען? — דאס האט זיך הערדי אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן.

אנאנדער מאל האט ער בעמערקט, אז פון א שטיינערנער זייל, וועלכער האט אונטערגעהאלטען דעם דאך פון א גאלערעע, זיינען אראפּגעפאלען עטליכע שטיינער. וואהרשיינליך האט מען דא עפּעס געבראָכען אָדער געשאסען, וואס דיא שטיינער האבען זיך געריהרט פון זייער ארט. ווער האט אבער דא געבראכען אדער געשאסען?

הערדי האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא ווענט פון דיעזער גאלערעע און האט געזעהן דייטליך צייכענס פון ברעכאייזען.

— זאל דא איינער האבען געזוכט א נייע אדער פון קוילען? אדער זאל גאר איינער וועלען פערניכטען דיא גאנצע מינע און אונז ארויסטרייבען פון דאנען? —

ער איז געגאנגען א היים און האט אלעס דערצעהלט זיין פאטער. דער אלטער ווארד האט אויך ניט געקענט זיין אזוי קלוג צו פערשטעהן, וואס דא קומט פאר אין דער מינע.

— איך קען ניט גלויבען, אז א פרעמדער קומט אהער אין דיא מינע עפּעס זוכען, האט ער געזאגט. אלע האבען זיך אפּגעזאגט פון דער מינע. דער איינ־ שעניר דשיימס סטאר האט ערקלערט, אז אין אבערוויל איז שוין קיין קוילען מעהר ניטא ווער וועט עס וועלען פערליערען צייט און מיה צו זוכען דא קוילען? — דאס איינציגע, וואס איך קען נאך גלויבען, איז, אז פערברעכער ווילען זיך בעהאלטען דא אין דער מינע און זוכען אן ארט, וואו זיי זאלען קענען רוהיג בעגעהן זייערע פערברעכען. עס איז מעגליך, אז א באנדע פאלש מינצער — מענשען, וואס מאכען פאלש געלד — ווילען עפענען זייער פאבריק פון פאלש געלד אין דער מינע, אדער רויבער זוכען אן ארט, וואו צו בעהאלטען דיא זאכען, וואס זיי רויבען. — אלענפאלס, הערדי, טארען מיר ניט שווייגען. מיר מוזען אויסגעפינען דיא געהיימניספאלע פערזאנען, וועלכע קומען מאכען וויזיטען אונזער מינע.

פון יענעם טאג אן פלעגט דער אלטער סיימאן און זיין הערדי שטונדען לאנג ארומגעהן אין דער מינע, פארשען, זוכען און קלערן.

מיט א צוויי וואכען פריהער, איידער אונזער געשיכטע הייבט זיך אן איז הערדי ארומגעגאנגען אין א ווייטע גאלערעע מיט א גרויסען לאכפּ אין דער האנד.

זייט ער האט געזעהן דייטליך דעם שאטען פון א מענשען אין דער מינע, פלעגט ער שוין מיטגעהמען א גרויסען לאמפ — אזוי ווייא ער איז אזוי געגאנגען, האט ער געזעהן דייטליך, אז גאנץ ווייט, עטליכע הונדערט פוס פון איהם, האט געברענט א ליכט. ווען ער איז צוגעקומען האט עס זיך פלוצלונג פערלאשען.

דאמאלס האט ער זיך שוין איבערגעצייגט, אז אין דער מינע געפינט זיך איינער. ער איז צוואר באלד צוגעקומען צום ארט, וואו דאס ליכט האט געברענט און האט קיינעם נים געפונען. ער האט געזוכט, געפארשט, געטאפט און גערופען. — עס איז קיינער נימא און קיינער האט זיך נים אפגערופען.

ער איז געגאנגען ווייטער אין דערזעלבער גאלערעע, וועלכע האט זיך געצויגען אויף עטליכע מייל, און האט געזעהן מיט שטוינען, וויא אין ערטער האבען פלוצלונג אויפגעפלאמט ליכט, וויא קליינע בליצען, און זיינען באלד פערלאשען געווארען.

ווען עס וואלט געווען אנאנדערער אויף העררי'ס ארט וואלט ער געמיינט אז דאס זיינען גייסטער. העררי אבער איז געווען אזוי פעסט איבערצייגט, אז קיין גייסטער זיינען נימא, אז ער האט זיך נים איבערגעשראקען, איז זיך רוהיג געגאנגען א היים און האט עס דערצעהלט זיין פאטער.

— מיין זוהן, אין אונזער מינע איז דא עפעס א געהיימניס, האט דער פאטער געענטפערט. וואס דאס געהיימניס איז, ווייס איך נים. איך האף אבער, אז עס וועט קומען א טאג, ווען אלעס וועט זיך ערקלערען.

— עס איז אבער זאנדערבאר, פאטער, האט העררי בעמערקט.

— דוא זעהסט דאך, מיין זוהן, אז אונז ריהרט מען דערוויל נים. וויא עס ווייזט אוים, האט מען נאך מורא פאר אונז. דוא אליין האסט דאך געזעהן. אז וויפיל מאל דוא האסט בעגעגענט דיא וואונדערבארע ערשיינונגען, זיינען זיי שטענדיג פון דיר אנטלאפען און האבען דיר גאר נים געטהאן. אלזא, לאמיר ווארטען און ווייטער זוכען.

ווען העררי האט היינט געזעהן, אז א שטיין איז אראפגעפאלען און האט שיער נים געטראפען דעם אינזשעניר, האט ער זיך שוין פעסט איבערגעצייגט, אז דאס האט געטהאן דערזעלבער מענש, וועלכער געהט אום אזוי אפט אין דער מינע.

דשיימס סטאר האט צוואר ערקלערט, אז עס איז א צופאל. עס איז דאך מעגליך, אז אין אן אלטער מינע איז געווען א שטיין אין דאך נים שטארק בעפעסטיגט. זיי האבען אנגעהויבען צו געהן, האבען שטארק צוטרייסעלט א לייטער און דער שטיין איז אראפגעפאלען. העררי אבער האט עס נים געקענט גלויבען. מיר וועלען שפעטער זעהן, אויב ער האט רעכט געהאט.

---

9טעם קאפיטעל.

# סיימאן ווארד וויל בעווייזען, אז ער האט רעכט.

אלס אינזשעניר און פראקטישער מענש, האט דשיימס סטאר א קוק געטהאן אויף זיין טאשענזייגער, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון סיימאן ווארד׳ס וואינונג עס איז דאמאלס געווען פונקט צוועלף אוהר.

די דרייא רייזענדע, אדער די דריי פארשער, זיינען אריינגעגאנגען אין א ברייטע גאלערעע, וועלכע האט זיך געצויגען אויף א פאר מייל. דער אינזשעניר האט זעהר גוט געקענט דיזע גאלערעע. ער האט געוואוסט, אז דא וועט מען שוין קיין קוילען מעהר ניט געפינען. מיט צעהן יאהר צוריק האט ער אויסגעפארשט דיזע גאלערעע און האט זיך איבערצייגט, אז מען האט דא אויסגעשעפט און אויסגעקראצט דאס לעצטע שטיקעל קוילען. דאמאלס נאך האט ער פערגלייכט דיזע גאלערעע צו א געבראטענע הוהן, פון וועלכער מען האט שוין אפגעלעקט יעדעס ביינדעלע.

דשיימס סטאר האט זעהר גוט געוואוסט, אז אין דיזער גאלערעע האבען זיי נים וואס צו זוכען. ער איז דאהער געגאנגען ווייטער, ביז די גאלערעע האט זיך געענדיגט. זיי זיינען דאן צוגעקומען צו א שמאלען טונעל, וואו צוויי מענשען האבען קוים געקענט געהן איינער לעבען אנדערען.

הערי ווארד איז געגאנגען פאראויס און האט פאר זיי געלייכטעט דעם וועג. דיזער טונעל איז געווען וועניג בעקאנט דעם אינזשעניר. אין צעהן יאהר האט ער איהם פערגעסען. אזוי פיעל אבער האט ער געוואוסט, אז נאכ׳ן פלאן פון דער מינע דארף דיזער טונעל אויסקומען אונטערן מעער.— אלס אינזשעניר האט ער בערעכענט, אז ווען דער טונעל וועט זיך ציעהען אלץ טיעפער און טיעפער, דארף ער אויסקומען א מייל ווייט אונטערן מעער.

— ווילען מיר נאך לאנג געהן אין דיזען טונעל? האט ער געפרעגט סיימאן ווארד.

— מיר האבען נאך א קנאפע מייל צו געהן, האט דער אלטער געענטפערט. — אמאל פלעגט מען קענען פאהרען אין דיזען טונעל אין א וואגאן, היינט אבער.... היינט —

— וועלען מיר געהן, ביז דער טונעל וועט זיך ענדיגען?

— יא, הערר סטאר.

— איך דענק, אז וואס ווייטער, איז אלץ שווערער צו געהן, האט דער אינזשעניר בעמערקט.

— איהר האט רעכט, הערר סטאר, ווען איהר האט נאך ניט פערגעסען, און פון דאנען האבען מיר דאמאלס אויסגעקראצט דאס לעצטע ביסעל קוילען. איך בין געווען דער לעצטער, וועלכער האט אויסגעשאסען צום לעצטען מאל. עס האט זיך

אפגעבראָכען א גרויס שטיק קוילען. ווייטער אבער האט זיך געוויזען זאמד שטיין, — נאַקעטער, נוצלאזער זאמד שטיין.

— אך! וויא טרויעריג איז מיר דאמאלס געווען אויפ'ן הארצען, ווען מען האט אוועקגעפיהרט דעם לעצטען וואגען מיט קוילען! עס האט מיר אויסגעוויזען, אז מען פיהרט אוועק מיין לעבען מיט דיעזען לעצטען וואגען.

דער אינזשעניר האט געפיהלט דעם שמערץ פון'ם אלטען קוילען גרעבער. אזא שמערץ פיהלט נור א שיפס קאפיטאן, ווען ער זעהט, אז זיין שיף געהט אונ־טער און ער מוז זיך רעטען אויף א באָאָט.

— מיר האבען אבער אלע א טעות געהאט, האט דער אלטער סיימאן ווארד געזאגט. מיר האבען געמיינט, אז דיא אלטע מינע איז אויסגעשטארבען, אז מיר האבען איבערגעלאזען איהרע אויסגעדארטע און אויסגעטריקענטע ביינער. — ניין, דשיימס סטאר! עס איז נאך דא לעבען אין דער אלטער מינע!

— זאגט ארויס, וואס איהר ווייסט, אלטער סיימאן! האט דער אינזשעניר אויסגערופען. איהר האט אויסגעפונען א נייע אדער פון קוילען? איהר האט ענ־דעקט נייע פעבער? א נייעם קאסטען, וואו דיא מוטער ערד האט בעהאלטען איהרע שווארצע דיאמאנטען? איך האב עס פערשטאנען פון אייער בריעף. צו וואס דען האט איהר מיך געשיקט רופען? וואס דען פאר א נייעס קענט איהר מיר מיטהיילען?

— הערר דשיימס, איך האב דערפון מיט קיינעם, אויסער אייך, ניט געקענט רעדען דעריבער.

— דאס האט איהר זעהר גלייך געטהאן, הערר סיימאן! זאגט מיר אבער, וויא אזוי האט איהר ענדעקט דיא נייע מינע? האט איהר געבויערט אין דער ערד? האט איהר געגראבען? אדער האט איהר אויפגעריסען דיא ערד מיט א דינאמיט פאַטראָנע?

— איך האב ניט אויסגעפונען קיין נייע מינע, האט דער אלטער מאן געענט־פערט טרויערג.

— וואס דען האט איהר אויסגעפונען? האט דשיימס סטאר אויסגערופען אונרוהיג.

— איך האב נור אויסגעפונען א בעווייז, אז עס געפינט זיך ערגעץ א נייע מינע. בוירען, גראבען אדער אויפרייסען דעם שטיין מיט דינאמיט איז אייער זאך.

— וואס איז אייער בעווייז, אז אין דיעזער געגענד געפינט זיך נאך קוילען?

— קען זיין ברעןגאז אין אן ארט, וואו עס איז ניטאָ קיין קוילען? קען דיא ערד אליין ארויסגעבען ברעןגאז?

— געוויס ניט. ברען גאז געפינט נור דארט, וואו אין דער ערד זיינען בע־גראבען קוילען. דיא מוטער ערד האט זיך איהר אייגענע פאבריק און וואו זיא האלט בעהאלטען אין א מאגאזין איהרע קוילען, דארט מאכט זיא זיך גאז וויא פייער זיא דארף. זיא האט ניט קיין גאזאָמעטער (מיטר); זיא מעסט ניט

## שוואַרצע דיאַמאַנטען.

אפ און וועגט ניט אפ, וויא פֿיעל גאז זיא פֿערברויכט. זיא פֿאבריצירט גאז וויפֿיעל זיא דארף.*)

— איך האב אויך אזוי געטראכט. ווען מיר זעהן אַ רויך, ווייסען מיר, אז דארט ברענט ערגעץ אַ פֿייער. — ווען מיר געפֿינען גאז, מוז דארט זיין קוילען. יעדער ערשיינונג, מוז האבען אן אורזאכע.

— זייט איהר אבער זיכער, אז איהר האט אויסגעפֿונען גאז? האט דער אינזשעניר געפֿרעגט.

— איך בין דאך עפּעס אן אלטער קוילען גרעבער, האט סיימאן געענטפֿערט. איך האב דערקענט אונזער אלטען, געפֿעהרליכען פֿיינד — קוילען גאז.

— עס איז דאך אבער מעגליך, אז עס איז גאר אנאנדער סארט גאז, האט דער אינזשעניר בעמערקט. עס איז ניט אזוי לייכט צו דערקענען דעם עכטען קוילען גאז. ער האט קיין שום פֿארב ניט, וויא דיא לופֿט. מען קען איהם דערקענען נור דאדורך, וואס אז מען לעגט צו צו איהם אַ ליכט, ווערט אן עקספּלאזיאן.

— דערר דשיימס סטאר, ערלויבט מיר, איך זאל אייך דערצעהלען אלעס, וואס איך האב געטהאן ביז אהער און וויא אזוי איך האב עס געטהאן. איהר וועט מיר ענטשולדיגען, ווען איך וועל זיין א ביסעל לאנג. איהר ווייסט דאך געוויס, אז אלטע לייט האבען ליעב צו פלוידערן.

— דערצעהלט, דערצעהלט, העררר סיימאן, האט דער אינזשעניר געבעטען.

— זייט איהר זייט אוועקגעפֿאהרען פֿון אבערוויל, זייט צעהן יאהר, האב איך מיט מיין זוהן העררי ניט אויפֿגעגעבען דעם געדאנק, אז אין אבערוויל מוז נאך ערגעץ ליעגען בעהאלטען אַ קוילען מינע. זאגט, וואס איהר ווילט, העררר סטאר, לאכט פֿון מיר, ווען איהר ווילט, האלט מיך פֿאר א זאנדערלינג (טשודאַק) אדער פֿאר וואס איהר ווילט. — זייט צעהן יאהר איז ניט פֿערגאנגען איין טאג, אין וועלכען איך אדער מיין זוהן האבען ניט געזוכט, געפֿארשט, געשפּירט און געקלערט, וויא אזוי מען ענטדעקט דיעזע נייע מינע. בויערן דיא ערד? אויפֿרייסען מיט דינאמיט? איז פֿאר אונז צוויי מענשען געוועזען זעהר שווער. אויסער דעם האב איך ניט געוואלט מאכען קיין ליארם. — איך האב מיך פֿערלאזען אויף

*) איך מוז דא בעמערקען, אז דער גאז, וועלכען מיר ברענען אין אונזערע הייזער און אויף אונזערע גאסען, איז ניט דערזעלבער, וואס מען טרעפֿט אין א קוילען מינע. דער גאז פֿון דער קוילען מינע איז זעהר געפֿעהרליך. קוים ריהרט מען זיך צו צו איהם מיט א פֿונק פֿייער, גיט ער א שרעקליכען קנאק און צורייסט און צוברעכט אלעס, וואס עס געפֿינט זיך לעבען איהם. דער גאז אבער, וועלכען מיר בענוצען צום ברענען, איז גאנץ אנדערש. ער מאכט ניט אזוי גיך אן עקספּלאזיאן. ער איז אויך צוזאמענגעשטעלט פֿון אנדערע טהיילע.

איך האב דא געבראכט דעם ברען גאז נור אלס ביישפּיעל, וויל פֿונם ברען גאז ווערט מען דערשטיקט, וויא פֿונם גאז פֿון דער מינע. דער מענש קען ניט לעבען אין אן ארט, וועלכער איז פֿול מיט ברען גאז, אזוי וויא ער קען ניט לעבען אין אן ארט, וועלכער איז פֿול מיט מינען גאז, אדער מאַרש גאז (באָלאָטני גאז).

א. טאנענבוים.

(B. D., 4.)

מיין געפיהל, אויף מיין אינסטינקט, אויף מיינע ערפאַהרונג פון אַן אַלטען קוילען גרעבער. — ענטשולדיגט מיר, הערר סטאַר, ווען איך וועל אייך זאָגען אַז אויפ'ן געפיהל און אויף דיא ערפאַהרונג פון אַן אַלטען מייסטער קען מען זיך אָפט מעהר פערלאַזען, וויא אויף דיא וויסענשאַפט פון אַ גרויסען געלערנטען.

— איך וויל מיך מיט אייך ניט שפּארען, האָט דער אינזשעניר געענטפערט. דיא קאָמפּאַני פון אַבערוויל האָט אייך געמאַכט פאַר פאָרמאַן אין דער מינע נור דערפאַר, וואָס איהר זייט אַן אַלטער, ערפאַהרענער קוילען גרעבער. ערפאַהרונג איז אויך אַ וויסענשאַפט. ווייל דיא גאַנצע וויסענשאַפט איז געגרינדעט אויף ערפאַהרונג.

— גוט! אין זיינע פאָרשונגען אין דיזער געגענד פון דער מינע האָט הערר שטיליכע מאָל בעמערקט, אַז עס ווייזען זיך פלאַמען. עס גיט אַ בליץ און עס פערשווינדעט. עס ווייזט זיך אַ פייער און ווערט באַלד פערלאָשען. פון וואַנען נעהמען זיך דיזע בליצען? פון וואַנען קומען דיזע פייערן? — פון ברעןגאַז. ווען עס איז דאַ ברען-גאַז, מוז דאַ זיין קוילען.

— האָבען דיזע פלאַמען געמאַכט אַן עקספּלאָזיאָן? האָבען זיי געגעבען אַ קנאַק, וויא אַ שאָס פון אַ ביקס, ווען זיי זיינען פערשוואונדען? האָט דער אינזשעניר געפרעגט האַסטיג.

— יאָ, גאַנץ קליינע עקספּלאָזיאָנען. עס האָט געקנאַקט, אָבער גאַנץ שטיל. איך אַליין האָב מיך געוואָלט איבערצייגען, אויב דיא פלאַמען קומען פון ברעןגאַז. איך האָב געברויכט דאָס אַלטע מיטעל — דעם בעל תשובה (The penitent). ווייסט איהר, וואָס דאָס איז דער בעל תשובה?

— איך האָב אַמאָל געהערט דערפון, האָט דער אינזשעניר געענטפערט, איך האָב עס אָבער קיין מאָל ניט געזעהן.

— איידער דער געלערנטער בעמיקער, סער הומפרי דייווי, האָט אויסגעפונען דיא זיכערהייטס לאַמפּ, פלעגט מען געברויכען אַזאַ מיטעל אום צו פערניכטען דעם געפעהרליכען גאַז: — איינער פון דיא קוילען גרעבער, אַ שטאַרקער בעהערצטער מאַן, פלעגט זיך ארומוויקלען דעם קערפּער מיט קליידער, פלעגט ארומוויקלען דעם קאָפּ מיט נאַסע טיכער, פלעגט אָנטהאָן אויפ'ן קאָפּ אַן אייזערנעם שטייג און פלעגט קריעכען אויפ'ן בויך אין דער מינע מיט אַ פאַקעל, וועלכען ער האָט געהאַלטען הויך אין איין האַנד. דער גאַז זאַמעלט זיך צונויף אויבען; אונטען איז געוועהנליך דיא לופט ריין. פון דעם פאַקעל, וואָס ער פלעגט האַלטען אין דער הויך, פלעגט דער גאַז זיך אַנצינדען און עס פלעגט ווערן אַ קליינע עקספּלאָזיאָן.

ווען אין דער מינע פלעגט זיך אַנזאַמלען פיעל גאַז, פלעגט ווערן אַ שטאַרקע עקספּלאָזיאָן און פלעגט טייטען דעם אומגליקליכען אַרבייטער, דעם בעל תשובה. מען פלעגט איהם דערפאַר רופען דער בעל תשובה, ווייל איידער ער פלעגט זיך לאָזען אין דער מינע, פלעגט ער אָפּזאָגען ווידוי פאַר אַ גייסט

ליבען. ער האט געוואוסט, אז ער וועט גיכער ניט צוריקקומען פון זיין גע־פעהרליכען וועג.

זייט דער געלערנטער סער הומפרי דייווי, האט איינגעפיהרט זיין זיכער־הייטס לאמפ, האט מען אויפגעהערט צו געברויכען א בעל תשיבה.

מיינע לעזער קענען מיינען, אז דער אלטער סיימאן האט דערצעהלט א ליעגען. ער האט אויסגעטראכט דיא געשיכטע פון'ם בעל תשובה. — ליידער איז עס אלעס וואהר. אמאל מיט זעכציג־זיבעציג יאהר צוריק האט מען אנדערש ניט געקענט אריינגעהן אין א מינע. מען האט געמוזט ארויסשיקען א מענשען, וועלכער איז געווען בערייט צו אפפערן זיין לעבען פאר דיא אנדערע.

דער לאמפ, וועלכען סער הומפרי דייווי האט אויסגעפונען, איז דאס איינ־ציגע זיכערהייטס מיטעל זיך אויסצוהיטען געגען אן עקספלאזיאן פון דיעזען גע־פעהרליכסטען פיינד פון דיא קוילען גרובען. שפעטער האט מען נאך פערבע־סערט דיעזען זיכערהייטס לאמפ און מען קען היינט זאגען פעסט, אז ווען עס מאכט זיך אן עקספלאזיאן אין א מינע איז, דער ארבייטער אליין שולדיג. עס מאכט זיך אפט, אז דער קוילען גרעבער פערגעסט זיך, און וואס פאר א געפאהר ער איז, ער געהט אריין אין שאכט און צינדט אן זיין פייפ (ליולקע) אן לאמפ. א פונק פון דער ליולקע און עס ווערט אן עקספלאזיאן.

סיימאן ווארד האט ווייטער דערצעהלט דעם אינזשעניר אלעס, וואס ער האט געטהאן אום זיך צו איבערצייגען, אז ער האט ווירקליך אויסגעפונען מארש גאז און וואו עס איז דא מארש גאז, מוז זיין קוילען.

דשיימס סטאר האט בערעכענט, אז זייט זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון סיימאנס וואהנונג האבען זיי שוין געדארפט איינגעהן מעהר אלס פיער מייל. איהם האט שטארק פעראינטערעסירט, וואס דער אלטער סיימאן האט איהם דערצעהלט. דער אלטער האט געטהאן זיין ארבייט. יעצט איז געקימען די רייהע צו איהם. יעצט מוז ער, אלס אינזשעניר, אויסגעפינען, וואס דארט איז. ווען דער אלטער סיימאן האט זיך ניט אפגענארט; ווען עס איז אלעס ריכטיג, וויא ער האט דערצעהלט, דאן איז זעהר מעגליך, אז עס געפינט זיך נאך אין אבערוויל א גאנצער אוצר פון מיליאנען טאנען שווארצע דימאנטען.

ער איז דאהער ג׳ גאנגען האסטיג ווייטער. ערשט יעצט האט זיך אין איהם אויפגעכאפט זיין נייגיערדע אלס אינזשעניר און אלס געלערנטער. ער האט זיך געאיילט, ער איז זאגאר געלאפען אהין, וואוהין העררי ווארד האט איהם געפיהרט.

— [illegible]ט זיינען [illegible]יר אנגעקומען! חאט ענדליך דער אלטער סיימאן געזאגט. איך בין גליקליך, וואס איך זעה אייך ענדליך דא. מיר וועלען ענדליך וויסען, וואס מיר האבען צו ערווארטען און צו האפען.

דיא שטימע פון'ם אלטען פארמאן פון דארטשארט פיט האט געציטערט און מען האט אין איהר געהערט טרערין.

— גוטער, אלטער סי מאן! האט אויסגערופען דער אינזשעניר,— זייט ניט אזוי אויפגערעגט. מיך אינטערעסירט אייער ענטדעקונג אזוי פיעל, וויא אייך.

יעצט אָבער, גראדע יעצט מיזען מיר זיין רוהיג און זיך נעהמען צו דער אַרבייט.

און דיעזען אָרט האט די גאלערע געבילדעט אַ טיפען קעלער, אויסגעהאקט אין אַ שטארקען שטיין. עס איז געווען דייטליך אַז אין דער צייט פון אַ שטארקער ערד ציטערניש, האט זיך אַ גרויסע געשמאלצענע מאסע פון שטיין אַ רומגעגאסען אַרום אַ שטיק קוילען פון עטליכע הונדערט פוס די ברייט און די לענג. דאס איז ווירקליך געווען דער לעצטער אָרט, פון וואנען מען האָט אַרויסגעגראבען קוילען אין דארטשארט פיט. דא האט זיך געענדיגט די גאַלערע. קיין אייסגאנג איז ניט געווען. אַרום און אַרום ווענט פון אַ הארטען, פעסטען שטיין.

דזשיימס סטאַר האט גענומען זיין לאָמפּ און האָט אָנגעהייבען צו בעטראכטען די שטיינערנע ווענט. אין ערטער זיינען געווען דייטליך די צייכענס פון האַמערס און ברעכאייזען, מיט וועלכע די קוילען גרעבער האבען פּראבירט צו האקען דעם שטארקען שטיין; אין אַנדערע ערטער זיינען געווען לעכער, וועלכע דיא קוילען גרעבער האבען אויסגעבויערט אין שטיין אום דארט אַריינצולייגען דינאמיט פאטראנען אויפצורייסען דעם שטיין.

— דא איז עס, האט סיימאַן וואַרד געזאגט און האט געוויעזען אויף איין אָרט אין דער וואנד. דא, האף איך, וועלען מיר נאך ענדעקען די נייע מינע, אַ נייע אָדער פון קוילען.

— האט איהר דא באמערקט, אַז עס ווייזען זיך אַ מאָל קליינע בליצען פון דער וואנט? האט דער אינזשעניר געפרעגט.

— יאָ, הערר סטאַר. דא האב איך געזעהן די קליינע בליצען. ווען איהר זאלט צו לייגען אַייער לאמפּ נעהענטער צו דער וואנד, וועט איהר הערען אַ קנאַק

— מיין לאָמפּ וועט ניט ווירקען, עס איז דאך אַ זיכערהייטס לאָמפּ.

— איהר האט רעכט, הערר סטאַר. איך פערגעס מיך. איך מיין, ווען איהר זאלט אָנצינדען אַ צינד העלצעל און זאָלט איהם האלטען בייא דער וואנד, וועט איהר הערען אַ קנאק.

— וויא הויך מוז מען האלטען דאס צינדהעלצעל? האט דער אינזשעניר געפרעגט.

— צעהן פוס דיא הויך, האט סיימאן וואַרד געענטפערט.

דער אינזשעניר האט אָנגעהויבען צונויפלייגען שטיינער אין איין הויפען, אום ער זאל קענען אויף זיי אַרויפקריכען און פּראבירען מיט אַ צינדהעלצעל. ער האט ניט אין גאנצען געגלויבט דעם אַלטען וואַרד. עס איז איהם פארגעקומען זאנדערבאר וואס ער פיהלט ניט דעם גערוך פון גאז. ווען דער אַלטער סיימאַן פיהלט איהם ניט איז עס קיין וואונדער. ער לעבט אין דער מינע, געהט אַלע טאג אין די פינסטערע שאכטען און איז שוין געוואוינט מיט'ן גערוך. — דזשיימס סטאַר אָבער קומט ערשט פון דער פרישער ליפט, זיין חוש הריח דארף זיין נאך זעהר שארף און ער דארף פיהלען דעם אינאנגענעהמען גערוך פון גאז.

נאך אַ פראגע האט זיך געשטעלט דער אינזשעניר מעגליך אַז דער אַל־

טער האט רעכט; דאן אבער איז ער דאך אין געפאהר. ווען ער וועט צולעגען אַ שוועבעלע צום גאז, קען ווערן אן עקספלאזיאן. דערוויול איז ער נאך ניט קיין בעל תשובה און וויל ניט איינשטעלען זיין לעבען.

— ניין! האט ער ענדליך געזאגט פעסט ענטשלאסען. ווען עס זאל דארט זיין פיעל גאז, וואלט איך געפיהלט דעם אונאנגענעהמען גערוך. — דאס איינציגע, וואס איך האב מורא איז, פיעללייכט איז גאר קיין גאז נישא. דאס איז פיעל ערגער. וויא וועל איך איבערצייגען דעם אלטען מאן, אז ער האט אַ טעות געהאט?

אזוי וויא ער האט אזוי געטראכט, האט זיך פלוצלונג אנגערופען הערי:

— פאטער, מיר שיינט, אז אין דער לעצטער צייט האט דער גאז אויפגעהערט זיך צו ווייזען אין דער גאלערעע.

— וואס רעדסט דוא, הערי? האט דער אלטער אויסגערופען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. דאס קען ניט זיין! איך האב אליין פראבירט מיט א צינד העלצעל און עס האט אַ קנאק געטהאן.

קיינער האט ניט געענטפערט. קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. פלוצלונג האט סיימאן ווארד אליין אראפגענומען דאס היטעלע פון אויסגעפלאכטענעם אייזענדראהט פון זיין לאמפ און האט אויפגעהויבען דעם לאמפ אין דער הויך. אלעס איז געבליעבען שטיל. דיא פלאם פון'ם לאמפ האט געברענט שטיל און רוהיג. נאך מעהר, זיא האט זאגאר ניט געציטערט, וויא עס וואלט געדארפט זיין, ווען דיא לופט איז עפעס ניט ריין און איז אויסגעמישט מיט עפעס אנדערש.

סיימאן ווארד איז געווען אויסער זיך. ער האט גענומען דעם לאמפ או[ן] האט איהם צוגעבונדען צו זיין לאנגען שטעקען. דאן האט ער איהם אויפגעהויבען גאנץ הויך. דער פלאם איז געבליעבען רוהיג, האט זיך ניט גערוהרט און [ה]אט געלייכטעט קלאר און העל. — קיין גאז איז אלזא נישא!

— לעגט צו דעם לאמפ צו דער וואנט! האט דער אינזשעניר געהייסען.

— איהר האט רעכט, הערר סטאר! דער גאז קומט ארויס פון דער וואנט, אלזא מוז מען האלטען דעם לאמפ נאהענט צו דער וואנט.

ער האט צוגעלעגט דעם לאמפ גאנץ נאהענט צו דער וואנט, אין דעם זעלבען ארט, וואו ער האט ערשט מיט אַ פאר טאג צוריק אליין געזעהן, אז דארט האט דער גאז געמאכט אַ קליינע עקספלאזיאן. — דער לאמפ האט געברענט רוהיג און שטיל.

— הערי, נעהם דוא דעם לאמפ האט ער געזאגט צו זיין זוהן. מיין האנד ציטערט. איך קען איהם מעהר ניט האלטען.

הערי איז ארויפגעקראכען אויף דיא שטיינער, האט גענומען דעם לאמ[פ] און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן מיט איהם פון איין ארט צום אנדערן. — דע[ר] לאמפ ברענט שטיל און רוהיג! עס איז נישא קיין גאז!

— ניטא קיין גאז? האט געפּרעגט דער אלטער מאן מיט א שוואכער ציטערנדער שטימע.

ער איז געווען בלייך, וויא קאלך און האט געציטערט פאר פערדום און פאר שאנדע. ער האט זיך געשעהמט צו קוקען דעם אינזשעניר אין דיא אויגען: ער קען מיינען, אז ער האט איהם אפּגענארט, האט איהם אומזיסט אראפּגע־בראכט פון עדינבורג און צו וואס? — ווייזען איהם, אז דיא מינע פון אבערוויל האט זיך ווירקליך אויסגעשעפּט? — דער אלטער מאן איז געווען אויסער זיך.

פלוצלונג האט הערריי א געשריי געטהאן.

— וואס איז הערריי? האט דער פאטער געפּרעגט.

— איינער האט פערמאכט און פערשטאפּט דיא שפּאַלטען, וועלכע זיינען געווען אין דער וואנד! האט הערריי אויסגערופען.

— וואס זאגסט דוא, הערריי? האט דער אלטער פאטער א געשריי געטהאן. איז עס וואהר?

— זעה אליין, פאטער!

דער אלטער סיימאן און דער אינזשעניר האבען זיך צוגעקוקט און האבען דערזעהן, אז איינער האט ווירקליך פערשמיערט אלע שפאלטען אין דער וואנד מיט לעהם אויסגעמישט מיט קאלך. אין ערטער איז דער קאלך אראפּגערונען און האט איבערגעלאזען אַ ווייסען פאס אויף דער וואנד. אין ערטער זיינען דיא שפאלטען געווען פערשמיערט און בעשאטען מיט קוילען שטויב, אז מען זאל ניט דערקענען, אז מען האט זיי פערשמיערט.

— דאס האט ער געטהאן! האט הערריי געשריעען.

— ער? ווער איז דער ער? האט דער אינזשעניר געפּרעגט.

— אך, הערר סטאר! איך ווייס ניט, וויא אזוי איך צו ערקלערן, האט הערריי געענטפערט. אין דיעזער מינע געפינט זיך איינער, אַ געהיימניספאלער אונבעקאנטער, וועלכער טהוט דאס אלעס. איך האב איהם שוין עטליכע מאל בעמערקט. איך קען איהם אבער אויף קיין פאל ניט חאַפּען. יעצט פערשטעה איך אלעס. ער האט האט עס איך געשריעבען דעם בריעף, אז איהר זאלט ניט קומען אהער; ער האט עס היינט אויף אייך געוואָרפען אַ שטיין און ער האט עס פערשמיערט דיא שפאלטען פון דיעזער וואנד, אז דער גאז זאל ניט ארויס. ער טהוט אלעס. דאס איז אַ מענש. נור דיא האנד פון אַ מענשען האט דאס אלעס געקענט טהאן.

דער אינזשעניר איז געבליעבען שטעהן, וויא צומישט. ער האט ווירקליך ניט געוואוסט וואס צו דענקען יעצט פון דיעזען אונבעקאנטען פיינד, וועלכען מען קען נור רופען ער. הערריי האט גערעדט אזוי ערנסט, אזוי איבערצייגענד, אז מען האט איהם געמוזט גלויבען. אויסער דעם האט ער דאך אליין געזעהן, אז דיא שפאלטען פונם שטיין זיינען גאנץ פריש פערשמיערט. אלזא, האבען עס דאך הענט געטהאן. — ווער אבער? דאס איז דיא פראגע.

איינינע מינוטען זיינען אלע דריי געשטאנען אין האבען געשוויעגען. יעדער

האָט געזעהן, אז דא איז עפּעס אַ געהיימניס, וועלכעס קיינער האָט ניט געקענט ערקלערן.

פּלוצלונג האָט זיך דער אלטער סיימאן געווענדעט צו זיין זוהן.

— קום נור אהער, הערריִ! נעהם דיין ברעכאייזען און שטעל זיך אריף אויף מיינע פּלייצעס. האָב קיין מורא ניט הערריִ, מיין יונגע, איך בין נאָך גענוג שטארק אום דיך צו טראָגען.

הערריִ האָט פערשטאַנען, וואָס זיין פאָטער מיינט. דער אלטער האָט זיך געשטעלט ביי דער וואנד, הערריִ איז ארויפגעקראָכען אויף זיינע פּלייצעס, ביז ער האָט דערגרייכט דיא ערטער, וואו דער אונבעקאַנטער האָט פערשמיערט דיא שפּאלטען אין דער וואנד. יונג און פלינק, וויא הערריִ איז געווען, איז עס איהם געווען זעהר לייכט אפּצושלאָגען דאס פרישע לעהם און קאלך, מיט וועלכע דיא שפּאלטען זיינען געווען פערקלעפּט.

קוים האָט ער אפּגעשלאָגען דאס לעהם, האָבען אלע דריי געהערט דייט-ליך א שטילען רוישען, וויא עס רוישט ארויס פון אַ פלאַש סאָדא וואַסער, ווען מען עפענט זיא. — דער גאַז האָט אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון דיא שפּאלטען.

— גיב מיר דיין לאַמפּ, פאָטער! האָט הערריִ געבעטען.

דער אינזשעניר האָט איהם דערלאַנגט זיין לאַמפּ. הערריִ האָט זיא צוגע-לעגט צו דער וואנד. עס האָט זיך געוויזען א רויטער בליץ און עס האָט געגע-בען אַ לייכטען קנאַק.

הערריִ איז באלד אראָפּגעשפּרונגען פון זיין פאָטערס פּלייצעס.

דער אלטער מאן האָט אנגעכאַפּט דעם אינזשענירס ביידע הענד און האָט זיי צוגעדריקט צום הארצען.

— אַזוי, הערר דזשיימס סטאַר! האָט ער אויסגערופען. דער גאַז קנאַקט. דא געפינט זיך מארש גאַז — דא געפינען זיך קוילען! הורראַה!

## 10טעס קאַפּיטעל.

## צוריסען מיט דינאַמיט.

עס איז געלונגען! דער אלטער פאָרמאַן פון דארטשארט פּיט האָט בעוויע-זען דעם אינזשעניר, אז פון דער וואנד פון אַ ווייטער גאַלערעע געהט ארויס מאַרש גאַז; ווען עס געהט ארויס מארש גאַז, געפינט זיך דא קוילען! שווארצע דיאַמאַנטען! א רייכטהום פון מיליאָנען! הונדערטער ארבייטער וועלען ווידער האָבען אַ בעשעפטיגונג. אַבערוויל וועט ווידער אויפלעבען.

דיא פראַגע איז נור, וואָס פאַר אַ סאָרט קוילען געפינט זיך דארט? — דאס איז אָבער אַ קלייניגקייט. וואָס טיעפער אין דער ערד, אַלץ בעסער. — וויפיעל קוילען אָבער וועלען זיך דארט געפינען? — דאס קען מען נאָך דערוויילע ניט זאָגען. יעצט איז נור דיא פראַגע צו עפענען דעם גרויסען קאַסטען, וואו דיא אלטע מוטער ערד האָלט פערבאָרגען איהרע שווארצע דיאַמאַנטען און שעפּען פון איהם מיט ביידע הענט.

איינינע מינוטען איז דער אינזשעניר געשטאנען פערטראכט און איבער־ראשט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס מיט צעהן יאהר צוריק, ווען ער האט אויסגעפארשט דיא גאנצע מינע, האט ער ניט געפונען קיין שפור פון קיין קוילען און יעצט האט זיך פלוצלונג געוויעזען גאז.

— יא, איך זעה יעצט אליין, אז דא ערגעץ געפינען זיך נאך פיעל קוילען, האט ער ענדליך געזאגט, וויא צו זיך אליין. איך האב דאמאלס פראבירט בויערן דא אין דער וואנד. דיא קוילען אבער ליעגען אזוי ווייט פון דער וואנד, אז מיין עקבויער האט זיי ניט דערגרייכט. דער גאז האט זיך געזוכט אן ארט, וואו ארויסצוגעהן. ער האט צוריסען דעם שטיין, דאדורך זיינען געווארען דיעזע שפאלטען אין שטיין.

עס איז נור שלעכט, וואס מען האט צוגענומען אלע מאשינען פון דער מינע. איך האב יעצט ניט, מיט וואס צו ארבייטען. אבער דאס שאדעט ניט! מיר האבען געפונען א נייע מינע, מיר וועלען זיא שוין בעארבייטען!

— נו? וואס זאגט איהר יעצט, הערר דשיימס סטאר? האט יעצט דער אלטער סיימאן אויסגערופען פול פרייד. האב איך רעכט געהאט, וואס איך האב אייך בעמיהט פון עדינבורג? האט איהר ניט וואס צו בעדויערן, וואס איהר האט זיך אראפגעלאזען אויף דרייסיג לייטערס און זייט מיט מיר אויסגעקראכען אזא לאנגען וועג?

— ניין, גוטער, אלטער פריינד! האט דער אינזשעניר געענטפערט. מיר האבען ניט פערלארען ניט אונזער צייט, ניט אונזער מיה. יעצט אבער פערליערן מיר דיא צייט אומזיסט דערמיט. וואס מיר שטעהן דא און פלוידערן. מיר מוזען יעצט צוריקגעהן אין אייער וואינונג און אנגרייטען אלעס נעטהיגע. מארגען וועלען מיר זיך נעהמען צו דער ארבייט. וויא איך פערשטעה, וועלען מיר מוזען אויפרייסען דיעזע וואנד מיט דינאמיט. קוים וועל איך אויסגעפינען, אז דיא קוילען זיינען גוט און דיא מינע איז גרויס, וועלען מיר גרינדען א נייע קאמפאני און איהר, סיימאן וואַרד, וועט ווערן איינער פון אונזערע אקציאנערן. זעלבסטפערשטענדליך, אז מיר וועלען מוזען אויפנעהמען אלע מיטגליעדער פון דער אלטער קאמפאני.

ווען דאס געשעפט וועט געהן גוט, וועלען מיר אין דריי מאנאטע ארום ארויסשיקען דעם ערשטען וואגאן קוילען פון דער „ניו־אבערוויל קאָהל ענד מיינינג קאמפ."

— גוט, הערר דשיימס סטאר! דיא אלטע מינע וועט אויפלעבען, וויא א וויטווע, וועלכע געהט הייראטהען נאך אמאל; איהרע קינדער, וועלכע זיינען יעצט צוזעעט און צושפרייט איבער גאנץ ענגלאנד, וועלען צוריקקומען צו־זייער מוטער. עס וועט זיך אנהייבען א נייעס, פרעהרליכעס לעבען פון ארבייט און טהעטיגקייט. מיר וועלען ווידער הערן, וויא דיא האמער קלאפען, וויא דיא מאשינען ארבייטען און וויא דיא קייטען שלעפען ארויף וואגאנעס קוילען „אויפן דראו".

איך בין נאך גענוג יונג, איך זאל ווייטער זיין אויפזעהר און איהר, הערר סמאר, ווענ זיין אונזער אלטער, גוטער און פעהיגער אינזשעניר.

— יא, אלטער סיימאן, איך זאג עס אייך אפען, איהר זייט געוועזן געטרייער צו דער אלטער מינע, אלס איך. איך האב זיא פערגעסען, איך האב שוין אן איהר גאר ניט גערדאכט, איהר אבער זייט איהר געבליעבען געטריי און האט זיא ניט פערלאזען.

דער אלטער מאן איז געוועזן פול פרייד. ווען ער וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט ער געטאנצט פאר פרייד. הערררי אבער איז געבליעבען ערנסט. ערשט יעצט האט ער זיך דערמאנט, וויפיעל מאל מען האט איהם געשטערט אין זיינע פארשונגען. ער האט מורא בעקומען פאר דיעזען אונבעקאנטען, געהיימניספאלען פיינד, וועלכער, וויא עס ווייזט אויס, האט זיך פעסט ענטשלאסען צו שטערן און צו פערהינדערן, אז מען זאל ניט עפענען דיא נייע מינע.

— ווער איז דיעזער פיינד? וואס פאר א צוועק האט ער? וואס ווענ איהם הארען, ווען עס וועט זיך עפענען א נייע מינע און הונדערטער ארבייטער וועלען ווידער האבען ברויט?

זיין פאטער אבער האט איהם ניט געלאזען לאנג טראכטען.

— לאמיר געהן אהיים! האט ער ענדליך געזאגט. עס איז שוין צייט צו עסען סאפער.

אלע דריי זיינען געגאנגען צוריק צו סיימאן ווארד׳ס וואינונג. אויפ׳ן וועג האט גאר ניט פאסירט. אלעס איז געוועזן שטיל און רוהיג. דיא פינסטערע גאלערעען פון דער מינע זיינען געבליעבען פינסטער, שטיל און טויט. ווען זיי זיינען אנגעקומען אין סיימאנס וואינונג, איז דער טיש שוין געוועזן געדעקט און דיא אלטע מעדש האט געמאכט א פארטרעפליכען אבענד עסען.

דאס מאל האט דשיימס סטאר געגעסען דיא געריכטען, וואס מעדש האט געמאכט, מיט א גרעסערן אפעטיט, מיט וועלכען ער האט אמאל געגעסען דיא טהייערסטע עסענס אויף א באלל אין עדינבורג. ביים עסען האט מען גערעדט פון דער נייער מינע און וויא עס וועט באלד פרעהליך ווערן אין אבערוויל. דיא אלטע פרוי איז געוועזן פיל פרייד, וויא איהר מאן. זיא האט ליעב געהאט, עס זאל זיך עפעס טהאן, עס זאל זיך קאכען, עס זאל זיך רעשן.

נאכ׳ן עסען האט מען זיך געלעגט שלאפען. דער אינזשעניר האט זיך אליין ניט געגלויבט, אז מען קען שלאפען אזוי געשמאק אין א קעלער פינף הונדערט פוס דיא טיעף אונטער דער ערד. ער האט זיך אבער באלד איבערצייגט, אז דא איז רוהיגער צו שלאפען, וויא אין זיין רייכע וואינונג אין קאנאנגייט אין עדינבורג. קיין ליארם, קיין גערויש, קיין קלאפען פון רעדער און קיין וועהען פון ווינד. אזא שטילע נאכט האט ער נאך אין זיין לעבען ניט פערבראכט.

ער האט געשלאפען אזוי לאנג, ביז ער איז אויפגעשטאנען. — איז יעצט טאג אדער נאכט? דאס האט ער ניט געקענט וויסען. א געוועהנליכע אוהר קען מען אין א מינע גאר ניט זאגען. נור א גוטע איטאליענישע אוהר, וואו דער

ציפערבלאט ווייזט פיער און צוואנציג שטונדען, קען איך זאגען, ווען אויבען „אויפ'ן גראז" איז טאג אדער נאכט.

דער אינזשעניר האט נור גערעכענט, אז עס איז יעצט טאג. סיימאן ווארד, זיין פרוי און זיין זוהן האבען שוין אויף איהם געווארט. מען האט אפגעגעגעסען א גוטען פריהשטיק און אלע פיער האבען זיך געלאזען אין וועג אריין. דאס מאל האט שוין דיא אלטע מעדש אויך געוואלט געהן. זיא האט געוואלט זעהן מיט איהרע אויגען, וויא עס וועט זיך עפענען א נייע קוועלע פון שווארצע דיאמאנטען.

זיי האבען יעצט מיטגענומען מיט זיך אלערליי אינסטרומענטען, דינאמיט פאטראָנען, עקבויערן און אלעס, וואס איז נעטהיג צום פארשען פון א קוילען מינע. העררי ווארד האט מיטגענומען זיכערהייטס לאמפען און א גאנץ גרויסען לאמפ, וועלכער זאל קענען ברענען צוואנציג שטונדען נאכאנאנד.

שנעל און פריידיג זיינען זיי יעצט געגאנגען אויף דעמזעלבען וועג, וואס זיי זיינען געגאנגען נעכטען, ביז זיי זיינען אנגעקומען צום ענדע פון'ם טונעל.

— צור ארבייט! האט אויסגערופען דער אלטער סיימאן און האט גענומען א גרויסען עקבויער.

ער האט געוואלט אויסבויערן א לאך אין שטיין, אריינלעגען א דינאמיט פאטראנע און אויפרייסען דעם שטיין.

— ווארט נור א מינוט! האט איהם דער אינזשעניר צוריקגעהאלטען. — לאמיר פריהער זעהן, אויב דער גאז רינט נאך ארויס פון'ם שטיין, וויא נעכטען, אדער מען האט ווידער אמאל פערשמיערט דיא שפאלטען. דאס איז דאך אינ־טערעסאנט צו וויסען.

— איהר האט רעכט, העררי סטאר. עס איז זעהר מעגליך, אז דער אינבע־קאנטער, געהיימניספאלער שטערער האט ווידער פערשמיערט דיא שפאלטען פון'ם שטיין.

דיא אלטע מעדש האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א שטיין פון דער ווייטען און האט זיך צוגעקוקט צו אלעס, וואס דיא מענער האבען געטהאן. העררי ווארד האט צוגעבונדען א קליין לעמפעל צו א שטעקען און האט איהם אויפגעהויבען אין דער הויך. עס האט געגעבען א שוואכען קנאק. עס איז דא גאז אין דער לופט, אבער זעהר וועניג. דשיימס סטאר האט בערעכענט, אז עס איז דא אזוי וועניג גאז, אז מען האט נים וואס מורא צו האבען פאר אן עקספלאזיאן. צוואר האבען דיא לופט רייניגונגס מאשינען נים געארבייט; אזוי וויא דיא מינע האט אבער געהאט פיעלע אריינגענגע, פלעגט זיך דיא לופט אליין אויסרייניגען דורך דיא אריינגענגע און ווענטילאציאנס לעכער.

— יא, מיר מעגען זיך נעהמען צו דער ארבייט, האט ער ענדליך געזאגט.

קוים האט דער אינזשעניר ארויסגערעדט, אז מען מעג זיך נעהמען צו דער ארבייט, האט דער אלטער סיימאן געחאפט זיין עקבויער און האט אנגע־הויבען צו בויערן דעם שטיין.

דיעזע ארבייט איז קיין לייכטע. דער שטיין איז געווען זעהר הארט און

דער אלטער סיימאן האט געארבייט א גאנצע שטונדע, איידער ער האט אויס-געבויערט דריי [illegible]ע לעכער אין שטיין.

— זייט דוא אויך ניט לעדיג, הערר[i], האט דער אינזשעניר געזאגט. הייב אן צו האקען דעם שטיין אין דער אנדערער וואנט. לאמיר זעהן, וואס פאר א סארט שטיין דאס איז.

הערר[i] האט אנגעהויבען צו האקען דעם שטיין מיט זיין שווערן האמער, אז עס זיינען געפלויגען שטיקער אין אלע זייטען. דשיימס סטאר האט אויפגע-הויבען יעדעס שטיקעל שטיין און האט עס בעטראכט. אלס אינזשעניר האט ער געוואוסט, אין וועלכע סארטען שטיינער מען געפינט געוועהנליך דיזע קוילען. דער שטיין איז געווען א „פודדינג שטיין", א הארטער גראניט, אין וועלכען עס זיינען געווען אריינגעמישט גרויסע, ווייסע שטיקער קווארץ. אזא שטיין איז צו-זאמענגעזעצט פון אייזען, אנטימאניע, קאלך און אנדערע מעטאלען. מייסטענס געפינט מען דיא קוילען אין אזא סארט שטיינער.

ווען סיימאן איז פערטיג געווארען מיט'ן אויסבויערן דיא לעכער, האט ער אריינגעלעגט אין יעדען לאך א דינאמיט פאטראנע, צו וועלכער עס איז געווען צוגעבונדען א לאנגער פאדים אנגעשמירט מיט טהעער (סמאלע). לעבען דער פאטראנע איז געווען בעפעסטיגט א קאפסעל מיט פולווער. — דאן זיינען אלע אוועקגעגאנגען אויף עטליכע שריט, האבען זיך בעהאלטען אין א ווינקעלע און האבען אונטערגעצונדען דעם פאדים.

יעצט האבען זיי געווארט. אז דער פייער פון'ם פאדים זאל צוקומען צום פולווער. ווען דאס פולווער וועט זיך אנצינדען, וועט דיא דינאמיט פאטראנע אויסשיעסען און צורייסען דעם שטיין.

דער אלטער סיימאן איז געווארען אונרוהיג. פון דיעזער מינוט הענגט אלעס אב. יעצט וועלען זיי שוין וויסען, וואס זיי האבען צו האפען פון דער נייער מינע.

— אך, הערר סטאר! האט ער אויסגערופען. איך שטעה, וויא אויף שפיל-קעס. עס האט מיר נאך קיין מאל אזוי ניט געקלאפט דאס הערץ, וויא יעצט.

— גערולד, אלטער מאן! האט דער אינזשעניר געזאגט. ענטפערט מיר בעסער אויף מיין פראגע: דענקט איהר ניט, אז מיר זאלען טרעפען א גאלעריע הינטער דיעזע וואנט?

— איך דענק אלעס, הערר סטאר. אלעס איז מעגליך. ווען מיר האבען געהאט דאס גליק צו ענטדעקען א נייע מינע, פאר וואס זאלען מיר ניט האבען דאס גליק צו געפינען דארט א פערטיגע גאלעריע?

אין דיעזע מינוט האט עס געגעבען א שרעקליכען קנאק. דער דינאמיט האט אויסגעשאסען. אלע גאלעריען און גאסען פון אבערוויל האבען א ציטער געטהאן. דער וויעדערהאל האט געענטפערט מיט א קנאק פון אלע טיעפע און פינסטערע געגנ פון דארטשאר'ם פיט.

קוים האט עס אויסגעשאסען, איז דער אלטער סיימאן, מעדש, העררי און דער אינזשעניר געלאפפען זעהן, וואס דארט טהוט זיך יעצט.

— העררי דשיימס! העררי דשיימס! האט געשריען דער אלטער סיימאן אויסער זיך. זעהט נור, העררי דשיימס! עס האט זיך געעפענט א טהיר! מיר האבען ווירקליך צובראכען דיא וואנד פון א נייער גאלערעע!

דער אינזשעניר איז ווירקליך געווען איבעררראשט. פאר איהם איז געווען אפען א פינסטערער לאך ערגעץ טיעף אין דער ערד אריין. וואוהין פיהרט דיעזער גאנג? וואס ליעגט דא בעהאלטען אין דיעזען שווארצען קאכטען? — ווער וויים עס? דיא מוטער ערד שווייגט. זיא בעהאלט איהרע אוצרות און זאגט ניט אויס.

העררי װארד איז געװען אזוי ענטציקט, אז ער האט געוואלט אריינשפרינגען אין דעם נייעם פינסטערן קעללער, וועלכער האט זיך פאר איהם געעפענט. דשיימס סטאר האט איהם צוריקגעהאלטען.

— ווארט, העררי, ביז דיא לופט וועט זיך א ביסעל אויסרייניגען. אין א נייע גאלערעע טאר מען ניט אריינגעהן, מען קען דערשטיקט ווערן.

— ער איז נאך יונג, האט איהם דער אלטער פאטער פערטהיידיגט. ער וויים נאך ניט, אז אין א נייעם קעלער איז דיא לופט אמאל אזוי שטארק פערדארבען, אז יעדע לעבעדיגע זאך, וואס קומט אריין, ווערט באלד דערשטיקט.

עס האט גאר ניט געהאלפען. מען האט געמוזט ווארטען. דער אינזשעניר איז געווען גענוג ערפאהרען אין אזעלכע זאכען. עס זיינען פערגאנגען עטליכע שווערע מינוטען. ווארטען און האפען, ווען איך זעה פאר מיר א זאך, וועלכעס קען מיר געבען מיליאנען, איז קיין לייכטע אויפגאבע. דער קליגסטער מענש קען פערליערן דיא געדולד.

אלע האבען געשוויגען, אלע זיינען געווען פערטיעפט אין פרעהליכע געדאנקען פון האפנונג און גליק. ענדליך האט דער אינזשעניר געזאגט:

— לאמיר מאכען א פראבע. נעהם, העררי, בינד צו דיין לאמפ צום שטעקען און לאז איהם אראפ אין דער נייער מינע.

העררי האט באלד געטהאן, וואס דער אינזשעניר האט איהם געהייסען. דער לאמפ האט געברענט אין דער נייער מינע העל און רוהיג.

— ווען דאס פייער ברענט העל, איז דיא לופט דארט ריין, האט דער אלטער סיימאן געזאגט.

— יעצט מעגכט דוא געהן, העררי, האט זיך דער אינזשעניר אפגערופען.

ער האט עס איהם ניט געדארפט זאגען צוויי מאל. העררי האט געחאפט זיין לאמפ אין דער האנד און האט זיך אראפגעלאזען אין פינסטערן קעללער. דשיימס סטאר, סיימאן און מעדש זיינען געשטאנען ביי דער עפענונג און האבען געזעהן, וויא ער איז פערשוואונדען געווארען אין דער פינסטערניס.

דיא עפענונג איז געווען אזוי שמאל, אז א מענש האט קוים געקענט אריינגעהן. העררי ווארד אלס פלינקער יונגער מאן האט זיך דורכגעשטופט און איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען.

עס איז פערגאנגען א מינוט — צוויי — דריי — הערריי איז ניטא! מען זעהט זאגאר ניט דעם שיין פון זיין לאמפ.

דיא דריי מענשען ביים ארייגאנג אין קעלער זיינען געווארען זעהר אונ־רוהיג. וואס איז געשעהן מיט הערריי? וואוהין איז ער אהינגעקומען? דיא דריי מענשען האבען איבערגעלעבט עטליכע שרעקליכע מינוטען. עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען, וואס דיא אלטע מוטער האט אויסגעליטען אין דיזע עטליכע מינוטען.

פלוצלונג האט זיך געוויעזען א ליכט און זיי האבען דערהערט הערריס שטימע:

— פאטער, פאטער! קום! דער וועג איז אפען צו ניי אבערוויל!

## 11טעס קאפיטעל.

## ניי אבערוויל.

מיינע לעזער האבען פיעללייכט געהערט פון'ם גרעסטען וואונדער אין דער וועלט, — דיא מאמאטה הייל אין קענטוקי, אין אמעריקא. ווען איהר האט פון איהר ניט געהערט, וועל איך אייך דערצעהלען. דיא מאמאטה הייל — Mammoth cave — איז איינע פון דיא גרעסטע וואונדער אין דער וועלט. זיא איז זעהר לאנג און בּרייט. מען געפינט אין איהר גאנצע קירכען, גאנצע פאלאצען, וועגען, גאסען, געסלעך, טייכען, אזיעראס, זעען און וואסער־פעלע. דיא מאמאטה הייל איז א גאנצע וועלט פאר זיך. אין ערטער געפינט מען זיילען, גאנצע רייהען פון זיילען. — זיילען, וועלכע זיינען אונטען דינ און אויבען דיק; זיילען, וועלכע זיינען אונטען דיק און אויבען דין. זיילען, וועלכע שטעהן אויסגעשטעלט, גלייך וויא דער בעסטער ארכיטעקטאר וואלט זיי געמאכט.

אין דער מאמאטה הייל געפינען זיך צוויי הונדערט זעקס און צוואנציג עוועניוס — גרויסע ברייטע גאסען — עלף זעען (אזיעראס), זיעבען גרויסע טייכען, אכט וואסער־פעלע — ערטער, וואו דאס גאנצע וואסער פון א טייך פאלט אראפ פון א הויכען בערג אין א טיעפען טהאל. — אין צוויי און דרייסיג ערטער גע־פינען זיך אזעלכע גריבער, וועלכע מען קען ביז אויף היינטיגען טאג ניט וויסען, וויא טיעף זיי זיינען. ווייטער געפינען זיך דארט זיעבען און פופציג קופאלען, וויא אויף קירכען. אייניגע קופאלען זיינען פיער הונדערט פופציג פוס דיא הויך.

דיא גאנצע מאמאטה הייל פערנעהמט א פלאץ פון עטליכע און צוואנציג מייל דיא ברייט און דיא לענג.

אזוי וויא אין הייל איז שטארק פינסטער און מען מוז געהן מיט פאקעלן אין דיא הענד, זעהט מען אין דיזער הייל נאך אנאנדער וואונדער. ווען דאס ליכט פון דיא פאקעלן פאלט אויף דיא זיילען, הייבען זיי אן צו גלאנצען און צו פונקלען, וויא ברילליאנטען.

פון וואנען האט זיך גענומען דיזע הייל? האבען זיא מענשען געמאכט? ניין! דיזע הייל האט זיך געבילדעט אין יענע אלטע צייטען פון א שטארקער

ערדציטערניש און זיא איז ניט פֿערגאסען געווארען מיט געשמאלצענע מינעראַ-לען און מעטאלען.

עס געפֿינען זיך פֿיעלע אזעלכע היילען אויף דער וועלט, וועלכע וואלטען אמאל געקענט נוצען. ביז אויף היינטיגען טאג שיקען נאך דאקטוירים קראנקע מענשען, בעזאנדערס דיא, וועלכע ליידען פֿון לונגען קראנקהייטען, אין דער מאַמאָטה הייל.

פֿיעלע געלערנטע האבען שוין לאנג געשריעבען, אז אין שאטלאנד גע-פֿינט זיך געוויס אזא הייל, ריכטיגער געזאגט, אזא לאנד אונטער דער ערד, אין וועלכער מענשען וועלען נאך אמאל קענען וואינען. דיא פֿראגע איז נור, וויא אזוי קומט מען צו צו אזא הייל? ווען מען זאל גראבען און זוכען, ווענ מען זיא געוויס ניט געפֿינען. נור דער צופֿאל קען פֿיהרען דיא מענשען צו דער ענטדע-קונג פֿון אזא הייל.

דיא מאַמאָטה הייל האט מען אויך אויסגעפֿונען דורך אַ צופֿאל. ווער ווייס, וואס עס וועט נאך אמאל זיין? מעגליך, אז עס וועט זיך געפֿינען אַ צווייטער קאלומבוס, וועלכער וועט ענטדעקען אַ גאנץ נייע וועלט טיעף אין בויך פֿון דער ערד. מעגליך, אז מען וועט דארט אקערן און זעען. אלע פֿריכטע וועלען דארט אונטען געוויס וואקסען בעסער, וויא אויבען אויף דער ערד. קיין ווינד, קיין קעלט און קיין האגעל וועט זיי ניט שאדען. דאס איינציגע, וואס עס וועט זיי פֿעהלען — דיא זון, קען מען פֿערבייטען דורך גרויסע עלעקטרישע לאמפען.

אבער גענוג פֿאנטאזירען! לאמיר זיך אומקעהרען צו אונזער ערצעהלונג.

קוים האבען זיי דערהערט העררים שטימע, איז דער אלטער סיימאן, דער אינזשעניר און מעדש איינציגוויים אריינגעגאנגען אין דער שמאלער עפֿענונג, וועלכע האט געפֿיהרט אין דער נייער מינע.

זיי זיינען אריינגעקומען אין אַ גרויסע גאלערעע. עס האט זיך זיי אויס-געוויעזען, אז מענשען הענד האבען דיעזע גאלערעע אויסגעהאקט אין שטיין. דשיימס סטאר האט זאגאר אנגעהויבען צו קלערן, אויב זיי האבען ניט א טעות געהאט און האבען גאנץ איינפֿאך צובראכען דיא וואנד, וועלכע האט אפגע-טהיילט איין גאלערעע פֿון דער אנדערער אין דארטשארט פיט.

ווען ער האט זיך אבער צוגעקוקט נעהנטער און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא וואנד פֿון דער נייער גאלערעע, האט ער דערזעהן, אז דיא ווענט זיינען גלאט, גלייך וויא זיי וואלטען געווען פאלירט. א נייער געדאנק איז איהם געקומען אין קאפּ. דא איז אמאל געפֿלאסען אַ גרויסער און שנעלער טייך. דיא וואסערן האבען געשליפֿען דיא שטיינערנע ווענד און האבען זיי גע-מאכט אזוי גלאט.

דשיימס סטאר האט עס ערקלערט זיינע קאמעראדען.

— ווען דא איז אמאל געווען א טייך, איז דאך דאס וואסער ערגעץ ארויס-געגאנגען; אלזא, מוז דאָן ערגעץ זיין אן ארט, פֿון וואנען דיא לופֿט קומט אריין. דאס איז דיא אורזאכע, וואס דיא לופֿט איז דא אזוי ריין.

— אַלזאָ, פון וואנען איז געקומען דער גאז, וואס מיר האבען געכטען געפונען? האט הערריי געפרעגט.

— דאס וויס איך דערווייל ניט, איך האָף אָבער, אז מיר וועלען עס אויסגעפינען. דערווייל לאמיר געהן זעהן, וואס עס געפינט זיך אין דיעזער זאנדערבארער מינע.

זיי זיינען אוועקגעגאנגען א פופציג טריט און זיינען געבליעבען שטעהן מיט שטוינען און בעוואונדערונג.—אונטער זייערע פיס, איבער זייערע קעפּ און וואוהין זייא האבען זיך צוגעריהרט,—אלעס איז געווען ריינע, שווארצע גלענצענדע קוילען.

אלע פיער זיינען געבליעבען שטעהן און האבען בעטראכט דיעזעס רייכטהום, דיעזע מיליאנען, וועלכע ליגען בעגראבען אין דער נייער מינע. זייער פרייד איז געווען אזויא גרויס, אז זייא האבען ניט געקענט ריידען א ווארט.

דער אַלטער סיימאן און זיין פרוי מעדש האבען ערשט דאמאלס פערשטאנען וואס עס הייסט געפינען אן אוצר. אלס איינפאכע מענשען פלעגען זייא שטענדיג מיינען, אז געפינען אן אוצר הייסט געפינען א קאסטען מיט גאלדענע און זילבערנע מטבעות. יעצט ערשט האבען זייא פערשטאנען, אז זייא האבען געפונען א וואהרען אוצר.

זיי האבען פערגעסען, וואו זיי זיינען; זיי האבען פערגעסען, אַז זייערע לאמפּען קענען אויסגעהן, אז עס וועט אויסגעברענט ווערן דאס אייל אין זיי.— זיי האבען אלעס פערגעסען און זיינען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער, ביז דער וועג האט זיך געענדיגט ביי אן אונגעהייער הייל.—ווי גרויס איז דיעזע הייל? וויא טיעף איז זיא? דאס איז געווען אונמעגליך צו וויסען.

הערריי ווארד האט איפגעהויבען זיין לאָמפּ אין דער הויך און האט בעלייכטעט דיא הייל. אָבער אַלעס ארום איז געווען פינסטער. דער שיין פון'ם לאמפּ האט ניט דערגרייכט צו דיא ווענט פון דער הייל.

איין זאך האט דער שיין פון'ם לאמפּ דאך געוויעזען.—אונטען ערגיעץ ווייט האט געגלענצט וואסער. דארט ערגעץ איז געווען אַטייך אָדער אזעע.

— בלייב שטעהן, הערריי! געה ניט ווייטער! האט געשריען דער אלטער סיימאן. מיר וויסען דאך ניט דעם וועג. מען קען דאך דא אריינפאלען ערגעץ אין אַ טיעפער גרוב.

— מיר מוזען זיך דא אָפּרוהען, האט דער אינזשעניר געזאגט. מיר מוזען דענקען צוריקצוגעהן אהיים.

— וואס רעדט איהר, הער סטארר? האט הערריי געזאגט. מיר האבען זיך ניט וואס צו איילען. מיין לאמפּ וועט נאך ברענען גאנצע פופצעהן שטונדען. וויא קענען מיר זיך אָפּרייסען פון אונזער נייער ענטדעקונג, פון אונזער נייאבערוויל?

— אלענפאלס מוזען מיר זיך אביסעל אָפּרוהען, האט דער אינזשעניר געזאגט. איך פיהל, אז איך מוז מיך אָפּרוהען.—וויא פיהלט איהר אייך, מערש?

## שוואַרצע דיאמאַנטען.

איך בין ניט מיעד, האט דיא אלטע פרוי געענטפערט. מיר זיינען שוין געוואינט דערצו. איך אליין פלעג אויך אמאל נעהמען אַ לאמפּ אין דיא הענד און געהן זוכען און פארשען אין דער אלטער מינע.

— וויא איהר זעהט, הערר דשיימס, איז מיין אלעטע מעדש אן עכטע פרוי פון אַ קוילען גרעבער. זיא האט אויך ליעב דיא מינע און שווארצע דיאַמאנטען אין דער ערד זיינען ביי איהר טהייערער אלס ווייסע בריליאנטען אין איהרע אויערן. — לאמיר דערפון ניט רעדען! זאגט מיר בעסער הערר סטאר, זייט איהר צופריעדען? בעדויערט איהר ניט, וואס איהר זייט געקומען אהער? זאגט מיר, וואס דענקט איהר פון דער נייער מינע?

— וואס זאל איך אייך זאגען, אלטער פריינד? איך האב אין מיין לעבען ניט געפיהלט אזא גרויסע פרייד, וויא היינט. זא פיעל איך פערשטעה, איז דיזע מינע זעהר רייך. זיא איז זעהר לאנג און ברייט, הויפּטזעכליך אבער זעהר טיעף.

— טיעף אויך?

— איך קען עס ניט זאגען פאר געוויס, האט דער אינזשעניר געענטפערט. מיר זיינען דורכגעגאנגען אַ גאנץ קליינע שטרעקע פון דער נייער מינע, אין גאנצען פיעללייכט אַ פאר מייל, אבער פון דעם וואס איך האב געזעהן, קען איך אורטהיילען, אז דיא מינע איז זעהר טיעף.

— איך בין זיכער, אז זיא איז זעהר טיעף! האט דער אלטער סיימאן געזאגט שטאלץ. איך בין ניט קיין אינזשעניר, איך בין נור אן איינפאַכער קוילען גרעבער. איך פיהל עס אבער. מיין הארץ זאגט עס מיר.

— און איהר האט רעכט. ווען דיא שנעלע בערעכענונג, וואס איך האב געמאכט, וועט זיך צייגען אלס ריכטיג, געפינט זיך אין דיזער מינע קוילען אויף הונדערטער יאהרען.

— אויף הונדערטער יאהרען, הערר סטאר? שפּאסט איהר ניט? האט דער אלטער מאן געפרעגט.

— יא, סיימאן! נאך מיין רעכנונג דארף זיך דא געפינען קוילען אויף אכט הונדערט ביז טויזענד יאהר, ווען דריי הונדערט ארבייטער זאלען ארבייטען טעגליך. אונזער ניי-אבערוויל וועט באלד אויפבליהען, עס וועט זיך אנהייבען אַ נייעס לעבען, א נייעס ווירקען און א נייע טהעטיגקייט. הונדערטער מענשען וועלען האבען ארבייט און ברויט.

— וואס פאר אַ סארט קוילען אבער געפינט זיך דא?

— דאס וועלען מיר באלד זעהן, האט דער אינזשעניר געזאגט און האט געוואלט נעמען סיימאנ'ס האמער.

דער אלטער מאן האט עס ניט דערלאזען. ער האט אויפגעהויבען זיין ברעכאייזען, האט איהם אריינגעשטעקט אין דער וואנד מיט דער קראפט און דיא שנעליגקייט פון אַ יונגען מאן. א גרויס שטיק קוילען האט זיך אפּגעבראַכען. סיימאן האט עס אויפגעהאפּט, גלייך וויא עס וואלט געוועזן גאלד און האט עס בעטראכט ביים לאמפּ.

— גראַסאַרטיג! פֿאַרטרעפֿליך! האט ער אויסגערופֿען און האט עס דער־לאַנגט דעם אינזשעניר.

דשיימס סטאַר האט אויך בעטראַכט דאס שטיק קוילען. עס איז ווירקליך געווען דיא בעסטע סאָרט קוילען, וואס מען גראַבט אויס אין ענגלאַנד. עס האט געגלאַנצט, וויא אַ שפּיגעל.

— פֿאַרטרעפֿליך! האט ער אויך אויסגערופֿען.

— דאס איז אַ זעלטענער סאָרט קוילען, האט דער אלטער סיימאַן געזאַגט פֿול פֿרייד. אזעלכע קוילען געפֿינט מען נור אין איין אָרט אין דער גאַנצער וועלט — אין קאַרדיף. זיי האבען אין זיך 96 פּראָצענט קוילען.

דיא אלטע מעדש האט אויך גענומען דאס שטיק קוילען און האט עס בעטראַכט. זיא איז אויך געווען אַ גרויסע קענערין אויף קוילען.

— אה, עס איז זעהר א גוטער סאָרט קוילען, האט זיא געזאַגט. ווען מען ברענט עס אויף, געהט ניט ארויס קיין שטויב. איך וועל נעהמען אהיים דיעזעס שטיק קוילען. איך וויל זיין דיא ערשטע צו קאָכען אויף דיעזע קוילען.

— גוט געזאַגט, מיין ליעבע אלטע מעדש! דוא ביסט דיא פֿרוי פֿון אַן עכטען קוילען גרעבער.

— הערר סטאַר, האט פּלוצלונג הערי געפֿרעגט, האט איהר עפּעס אַ בעגריף פֿון דעם וועג, וואס מיר זיינען דורכגעגאַנגען אין דער נייער גאַלערעע? ווייסט איהר, וויא אזוי צו געפֿינען דעם וועג פֿון דער נייער גאַלערעע צו דער אלטער?

— ניין, הערי, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט. ווען איך זאל האבען ביי מיר אַ קאָמפּאַס און זאל געווען אויף איהם א קוק טהאָן, ווען מיר זיינען אריינגעגאַנגען אין דיעזע גאַלערעע, וואלט איך יעצט געוואוסט, וויא אזוי ארויס־צוגעהן. יעצט אבער בין איך, וויא אַ שיפֿסקאַפּיטאַן אין דער מיט פֿון׳ם וועלט מעער, ווען ער האט פֿערלאָרען זיין וועג און דיא זון שיינט ניט, זיא זאל איהם ווייזען, וואוהין צו פֿאָהרען. ער זעהט ארום זיך נור הימעל און וואַסער; מיר זעהן ארום זיך נור קוילען און קוילען.

— אייער ביישפּיעל געפֿעלט מיר ניט, הערר סטאַר, האט זיך אפּגערופֿען דער אלטער סיימאַן. א שיפֿס קאַפּיטאַן זעהט פֿאַר זיך נור אַ טיעפֿען, שוואַר־צען אפּגרונד; זיין שיף שאַקעלט זיך און ציטערט אונטער זיינע פֿיס. מיר אבער שטעהן אויף אַ פֿעסטען גרונד. אונטער אונזערע פֿיס האבען מיר האַרטע קוילען, איבער אונזערע קעפּ — קוילען און פֿון אלע זייטען — קוילען און קוילען.

— איך וויל אייך ניט בעאונרוהיגען, אלטער סיימאַן, האט דער אינזשע־ניר געענטפֿערט און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען.

ער האט פֿערשטאַנען, וואס הערי האט געפֿרעגט. דער אלטער סיימאַן איז אבער געווען אזוי פֿול פֿרייד איבער דיא נייע מינע, אז ער האט גאר ניט פֿערשטאַנען, וואס זיין זוהן האט געפֿרעגט און וואס דער אינזשעניר האט איהם געענטפֿערט.

הערריי האט זיך ערשט יעצט אומגעקוקט, אז זיי זיינען פערגאנגען זעהר ווייט. עס וועט זיין גוט, ווען אין דער גאנצער הייל געפינט זיך נור איין גאלערעע—א י י ן וועג. וואס טהוט מען אבער, ווען עס געפינען זיך עטליכע גאלערעען? וויא אזוי וועלען זיי ארויסגעהן? אין דער אלטער מינע איז ער שוין אזוי גוט בעקאנט, אז ער קען יעדען טונעל, יעדע גאלערעע און יעדען גאנג. דארט קען ער אויף קיין פאל ניט פערבלאנזעט ווערן. דא אבער, אין דער נייער, אונבעקאנטער מינע, ווייס ער דאך גאר ניט. וויא אזוי וועלען זיי געפינען דעם וועג צוריק?

דשיימס סטאר האט זעהר גוט פערשטאנען הערריי'ס פראגע. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז געוועהנליך ווען מען געהט אריין אין אן אונבעקאנטער הייל, בינדעט מען צו א לאנגען שטריק ביים אריינגאנג אין הייל און מען האלט דעם שטריק אין דער האנד. ווען מען וויל געהן צוריק, ווייזט דער שטריק שוין דעם וועג. דאס מאל אבער זיינען זיי געוועזן אזוי איבערראשט פון דער נייער ענטדעקונג, אז זיי האבען אן אלעס פערגעסען.

דשיימס סטאר האט זעהר גוט געוואוסט, אז אין דער מאמאטה הייל טאר מען אליין ניט געהן. מען מוז האבען א פיהרער. ניט איין רייזענדער איז פערבלאנזעט געווארען אין דער מאמאטה הייל און איז דארט אומגעקומען פון הונגער און דורשט.

דיעזע טרויעריגע געדאנקען זיינען דורכגעפלויגען, וויא א בליץ אין'ם אינזשעניר'ס קאפ, ווען הערריי האט איהם געפרעגט, אויב ער וועט קענען טרעפען דעם וועג צוריק.

דער אלטער סיימאן האט ניט פערשטאנען ניט הערריי'ס פראגע, ניט דעם אינזשעניר'ס אנטווארט.

— איך פערשטעה אייך ניט, הערר סטאר, האט ער געזאגט. וואס הייסט איהר ווילט מיך ניט בעאונרוהיגען? זיינען דען דיא קוילען שלעכט?

איהם איז געלעגען אין קאפ דיא נייע מינע מיט דיא פרישע קוילען.

— איך רעד ניט פון דיא קוילען פון ניי אבערוויל, האט דער אינזשעניר געענטפערט, דיא קוילען זיינען גוט און דיא מינע איז זעהר רייך. דאס איינציגע, וואס איך וויל יעצט וויסען, איז נור: וואו זיינען מיר יעצט?

— וואס הייסט, וואו זיינען מיר יעצט? האט געפרעגט דער אלטער סיימאן. מיר זיינען אין ניו אבערוויל, וועלכע געפינט זיך אין סטירלינג קאאונטי, אין שאטלאנד!

דער אינזשעניר האט ניט געענטפערט. ער האט א קוק געטהאן אויף הערריי'ס געזיכט און א קאלטער פראסט איז איהם איבערגעגאנגען איבערן לייב. הערריי האט זיך שוין גוט צוגעקוקט. עס געפינען זיך ווירקליך זעהר פיעל וועגען און גאלערעען, אז ער געדענקט שוין ניט פון וועלכער גאלערעע זיי זיינען אנגעקומען.

דיא לאגע איז געווארען א שרעקליכע, א פערצווייפעלטע. ער האט נאך

ניט געוואלט זאגען דעם אלטען מאן, אז דערווייל ווייסען זיי ניט, וויא אזוי צו געהן אהיים. זיי קענען ארומבלאנזשענען אזוי לאנג, ביז זייער לאמפע וועט אויסגעהן, דאן וועלען זיי בלייבען אין דער פינסטער און אויסגעהן פון הונגער און דורשט.

עס זיינען אזוי פערגאנגען עטליכע שרעקליכע מינוטען פארן אינזשעניר און דעם יונגען הערריי וואַרד.

— הערט אייך נור צו! האט פלוצלונג הערריי אויסגערופען. הערט איהר ניט איבער אונזערע קעפ עפעס א רוישען און זיעדען?

אלע האבען זיך גוט צוגעהערט. אלע האבען געהערט דייטליך א רעש איבער זייערע קעפ. דער אלטער סיימאן האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופען:

— וואס זאל דאס זיין? זאלען שוין געהן וואגאנעס מיט קוילען אין ניו אבערוויל?

— פאטער, דאס רוישען קיינע וואגאנעס פון אן אייזענבאהן, האט הערריי געענטפערט. מיר דאכט, אז דאס רוישען דיא וועללען (כוואליעס) פון'ם מעער.

— אה, ניין, הערריי! מיר זיינען ניט אונטערן מעער. מיר זיינען גאר ניט געגאנגען אזוי ווייט. מעגליך, אז מיר זיינען יעצט אונטער דעם זעע (אזיערא) לייק קאטרין.

— דאן איז דיא וואנד איבער אונזערע קעפ ניט שטארק דיק, האט הערריי ווייטער געזאגט, ווייל איך הער דייטליך, וויא דאס וואסער רוישט און קאכט איבער אונז.

— איך מיין אויך, אז דער דאך איבער אונז איז ניט שטארק דיק, האט דער אינזשעניר געזאגט. איך אורטהייל דערפון, וואס אין דער גאלערעע דורך וועלכער מיר זיינען אריינגעקומען, האט אמאל געפלאסען א טייך. ער האט דאך געמוזט ערגעץ ארויס. וואסער בויערט אויס א לאך אין דער ערד און געהט ערגעץ ארויס.

— איהר קענט גאר ניט וויסען, האט סיימאן געזאגט. עס איז זעהר מעג־ליך, אז דאס וועטער אויבען, „אויפ'ן גראז" איז זעהר שלעכט. עס האט אויס־געבראכען א שטורם אויף דער אזיערא, לייק קאטרין.

— זעהט איהר, הערר סיימאן, איהר האט מאקע רעכט. איהר זייט אפגע־וואינט צו לעבען דארט, „אויפ'ן גראז", איהר זייט געוואוינט צו לעבען אין אייער רוהיגער וואינונג אונטען. איהר האט דערפאר א גוטען אויער און הערט אלעס.

דער אינזשעניר האט ניט געוואלט איבערשפארען דעם אלטען מאן און איהם ערקלערען, אז זיי געפינען זיך ווירקליך אונטערן מעער.

— וואס געהט עס אונז אבער אן, וואס עס טהוט זיך אויבען? האט דער אלטער אויסגערופען. דיא קוילען אין דער מינע זיינען זעהר גוט. דאס האבען מיר געזוכט, דאס האבען מיר געפונען. דאס איז אלעס. איך האב געהערט, אז מען גראבט קוילען פון'ם גרונד פון'ם מעער און דיא קוילען זיינען גאנץ גוט.

מיר דאַרפֿען נור גוטע קוילען און א רייכע מינע. דאס האבען מיר. מיר דאַרפֿען אנהויבען צו גראבען און צו רייסען דיא שוואַרצע דיאַמאַנטען.

דער אינזשעניר האט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האט אַ שמייכעל געטהאַן.

— בראַווא, אַלטער! האט ער אויסגערופֿען, אַזוי האָב איך אייך ליעב. לאָמיר גראבען אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלען צוקומען צו אונזערע ברידער אין אמעריקא! לאָמיר דורכלעכערן דאס וועלט מעער! לאָמיר גראבען אַזוי וויט, ביז מיר וועלען צוקומען צום מיטעל פונקט פֿון דער ערד! מיר דאַרפֿען זוכען קוילען. לאָמיר זוכען אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלען אויסגעפֿינען אלע קאַסטענס און קעסטעלעך, וואו אונזערע אַלטע מוטער ערד האט בעגראבען און בעהאַלטען איהרע שוואַרצע דיאַמאַנטען!

— איהר לאַכט פֿון מיר, הערר סטאַר, האט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ פֿאַרוואורף.

ער איז געווען אויפֿן זיעבעטען הימעל פֿאַר פֿרייד, וואס ער האט אויסגעפֿונען דיא נייע מינע. פּלוצלונג האט איהם דער אינזשעניר אַראָפּגעשלעפּט פֿון אַלע זיינע הימלען.

— איך לאַך ניט פֿון אייך, אַלטער סיימאַן, האט דער אינזשעניר געזאָגט ערנסט, איך בעוואונדער אייך. איך זעה מיט שטוינען, וויא אַזאַ אַלטער מאַן, וויא איהר, ווערט אַזוי בעגייסטערט דערפֿון, וואס מען האט אויסגעפֿונען אַ נייע מינע. — לאָמיר עס לאָזען, אַלטער מאַן! לאָמיר בעסער אנהויבען צו געהן אַהיים.

יעצט האט מען ווירקליך מעהר ניט געקענט טהאָן. מען מוז געהן אַהיים, איינלאַדען אַרבייטער און קומען מיט אַ פּאַרטיע פֿון פֿופֿציג-זעכציג מענשען מיט אַלערליי מאשינען אונטערזוכען דיא מינע, זיא אין גאַנצען אויספֿאָרשען און דאַן ערשט קען מען אנהויבען צו טראַכטען, וויא אַזוי זיך צו נעהמען געשמאַק צו דער אַרבייט.

סיימאַן וואַרד האט עס זעהר גוט געוואוסט. ער האט זיך שוין אַביסעל בערוהיגט און איז געווען בערייט צו געהן אַהיים און זיך נעהמען צו דער אַרבייט: צונויפֿרופֿען אַרבייטער.

קוים אָבער האָבען זיי זיך אויפֿגעהויבען און האָבען געוואָלט געהן אַהיים, האט זיך דער אַלטער סיימאַן געווענדעט צום אינזשעניר:

— זעהט איהר, הערר סטאַר! דאַ, ביים ברעג פֿון דיעזען זעע (אַזיעראַ) וועל איך מיר אויסבויען אַ וואוינונג. דאַ וועל איך וואוינען, פֿון דאַנען וועל איך אַכטונג געבען אויף דער נייער מינע. איך וועל נאָך איינלאַדען איניגע טיכטיגע אַרבייטער, זיי זאָלען זיך אויך אויסבויען וואוינונגען לעבען מיר. — מיר וועלען דאַ גרינדען אַ נייע קאָלאָניע — ניו אַבערוויל. אונזער נייע קאָלאָניע וועט זיין אַביסעל טיעף אונטער דער ערד, מיר וועלען אָבער דאַ לעבען גליקליך און רוהיג.

דשיימס סטאַר האט געשמייכעלט. ער האט בעוואונדערט דעם אַלטען מאַן. — וואס פֿאַר אַ קראַפֿט! וואס פֿאַר אַן ענערגיע געפֿינט זיך נאָך אין דיעזען

אלטען, אבער נאך גאנץ קרעפטיגען קערפער! ער האט איהם געדריקט דיא האנד און זיי האבען זיך געלאזט געהן אהיים.

הערריי ווארד איז געגאנגען פאראויס, הינטער איהם איז געגאנגען זיין אלטע מוטער. דער אינזשעניר און דער אלטער פאטער זיינען געגאנגען פון הינטען.

זיי זיינען אזוי געגאנגען א שטונדע. הערריי ווארד האט געהאלטען זיין לאמפ אין דער הויך און האט בעלייכטעט דעם וועג. ער איז געגאנגען אין דער הויפט גאלערעע. ער האט גוט געזעהען, אז פון אלע זייטען ציהען זיך גאסען און געסלעך. וויא עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, איז ער געגאנגען ריכטיג. דשיימס סטאר איז צוואר געווען אונרוהיג, ער האט עס אבער ניט געוואלט וויזען פארן אלטען סיימאן און זיין פרוי. ער האט זיך אין גאנצען פערלאזען אויפ'ן פעהיגען און פלינקען הערריי.

פלוצלונג האבען זיי געפיהלט א בעוועגונג אין דער לופט, גלייך וויא פליגעל פון א גרויסען פויגעל האבען אנגעהויבען צו קלאפען און האבען גע־טראפען הערריים לאמפ. — דער לאמפ איז ארויסגעפאלען פון זיינע הענד, איז אראפגעפאלען אויף דיא הארטע קוילען און איז צובראכען געווארען אויף שטיק־לעך. דער בוימעל האט זיך אויסגעגאסען, דער קנויט האט זיך פערלאשען.

זיי זיינען געבליעבען אין דער פינסטערניס. דער אלטער סיימאן און זיין פרוי זיינען געווען אזוי איבערראַשט, ווען זיי האבען דערזעהען זייער זוהן הערריי דאמאלס, ווען ער איז פערשוואונדען געווארען אין דער נייער מינע, אז זיי האבען איבערגעלאזען זייערע לעמפלעך אין דער אלטער מינע. הערריי איז גע־ווען דער איינציגער, וואס האט געהאט א לאמפ אין דער נייער מינע. יעצט, ווען זיין לאמפ האט זיך צובראכען, זיינען זיי געבליעבען אין א שרעקליכע פינסטערניס.

— וואס האסט דוא געטהאן, הערריי? האט סיימאן ווארד געשריען אין דער הויך. וויא אזוי וועלען מיר קומען אהיים?

דער אלטער מאן איז געגאנגען א ביסעל ווייטער הינטער הערריי'ן און האט גאר ניט געזעהען, וואס דא איז פארגעקומען.

הערריי האט ניט געענטפערט אויף זיין פאטערס פראגע. ער איז געווען אזוי ערשטוינט און איבערראשט פון דעם, וואס עס האט זיך איהם יעצט געטרא־פען, אז ער האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

— וואס זאל דאס זיין? האט ער געפרעגט זיך אליין. זאל עס זיין דער זעלבער אונבעקאנטער, וועלכער האט פערשמיערט דיא לעכער פון דער וואנט? אלזא, געפינט זיך אין דער מינע ווירקליך א פיינד. וועלכער וויל ניט, אז מען זאל עפענען דיא נייע מינע. דיעזער אונבעקאנטער פיינד וועט אונז שטענ־דיג מאכען שוועריגקייטען. אין א מינע הענגט דאס לעבען פון הונדערטער מענשען אויף א האר. מען קען אויסבויערן א לאך ביז ערגעץ אין א וואסער און פערגיעסען דיא מינע; מען קען פון אויבען אנציגדען דעם גאז און צורייסען דיא מינע אויף שטיקלעך.

זיינע געדאנקען זיינען געווען זעהר טרויעריג. ער האט זאגאר פֿערגעסען, אין וואס פֿאר אַ געפֿעהרליכע לאגע זיי געפֿינען זיך יעצט און האט נור געדאכט, אז עס קען זיין, אז זייער גאנצע ארבייט איז געווען אומזיסט. זיי וועלען נאך אריינשלעפּען אין אן אונגליק הונדערטער ארבייטער.

דשיימס סטאר און זאגאר דער אלטער סיימאן האבען באלד איינגעזעהן, אז זיי געפֿינען זיך אין זעהר אַ שלעכטע לאגע. נאך זייער רעכנונג האבען זיי נאך א פאר מייל, ביז זיי וועלען קומען צו דער אלטער מינע. דאן האבען זיי נאך א שטונדע רייזע ביז צו סיימאנ'ס וואינונג. סיימאן ווארד איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט אנגעהויבען צו רעדען.

— לאמיר געהן! האט ער אויסגערופֿען. עס העלפֿט ניט. מיר מוזען געהן אין דער פֿינסטער און טאפּען דעם וועג, וויא דיא בלינדע. — מיר זיינען אין דער הויפּט גאלערעע. מיר וועלען געהן אזוי לאנג, ביז מיר וועלען צוקומען צו דער עפֿענונג, וועלכע מיר האבען פֿריהער אויפֿגעריסען מיט'ן דינאמיט. קוים וועלען מיר זיין אין דער אלטער מינע, וועל איך שוין טרעפֿען דעם וועג אין דער פֿינסטער.

אויסער דעם וועלען מיר דארט געפֿינען אונזערע לעמפּלעך. קוים וועלען מיר זיין נאהענט פֿון דער עפֿענונג, וועט דער שיין פֿון אונזערע לעמפּלעך אונז שוין ווייזען דעם וועג.

קיינער האט איהם ניט געענטפֿערט. סיימאן ווארד איז געווארען א גענעראל און האט אנגעהויבען צו קאמאנדירען.

— דוא, הערריי, געה פֿאראויס, דאן זאל געהן הערר סטאר. נאך איהם מערדש. איך וועל זיין דער לעצטער. דיא הויפּטגאלערעע איז, מיר זאלען געהן איינער לעבען אנדערן, אז יעדער זאל קענען פֿיהלען דעם אנדערנ'ס טריט און זאל זיך קענען אנהאלטען אן איהם אין א נויט.

דיא קליינע ארמעע האט פּינקטליך אויסגעפֿאלגט דיא בעפֿעהלע פֿון זייער אלטען גענעראל. וואס דען האבען זיי געקענט טהאן? יעדער האט געפֿיהלט, אז זייער לאגע איז אַ פֿערצווייפֿעלטע. זיי מוזען געהן ווייטער, זיי מוזען זעהן ארויסקריכען פֿון דאנען, זאנסט וועלען זיי דא מוזען שטארבען פֿאר הונגער. שווארצע דיאמאנטען זיינען טאקע זעהר גוט, עסען אבער קען מען זיי דאך ניט. מען מוז טאפּען דעם וועג און געהן פֿארווערטס.

זיי זיינען געגאנגען אין דער ארדנונג, וויא דער אלטער סיימאן האט זיי געהייסען. אין דער מינע איז געווען שטיל און פֿינסטער. קיינער האט ניט גערעדט א ווארט, יעדער איז געווען פֿערטיעפֿט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען. זאגאר דער אלטער סיימאן האט אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, אז דא איז עפּעס, אז זיי האבען עפּעס א פֿיינד, וועלכער האט אומיסטען צוברעכען הערריי'ס לאמפּ. דער אלטער מאן האט זעהר גוט געקענט זיין זוהן. ער האט געוואוסט, אז הערריי איז פֿארזיכטיג, אז דער לאמפּ איז ניט צובראכען געווארען גלאט אזוי.

אזוי זיינען זיי געגאנגען געגען א שטונדע. הערריי האט אויסגעשטרעקט ביידע הענד און האט געטאפּט דיא ווענט פֿון דער מינע. ער איז געשפּרונגען

פֿון איין וואַנט צו דער אַנדערער, האָט בעטאַפּט מיט דיא הענדביידע ווענט, אום ער זאָל זיך איבערצייגען, אַז ער געהט אין דער מיט פֿון דער גאַלערעע. זיי זיינען ניט געקומען צו קיין ענדע.

זיי זיינען ווידער געגאַנגען געגען אַ שטונדע. — אין אַזאַ שרעקליכע פֿינסטערניס איז ניט אַזוי לייכט צו געהן, אַבער צוויי שטונדען זיינען אַ גערוימע צייט, האָט זיך געטראַכט דשיימס סטאַר.

נאָך זיין רעכנונג האָבען זיי שוין געדאַרפֿט זיין גאַנץ נאָהענט פֿון דער טהיר, דורך וועלכע זיי זיינען אַריינגעקומען.

פּלוצלונג איז הערריי געבליעבען שטעהן. אַלע איבעריגע זיינען געבליעבען שטעהן הינטער איהם.

— זיינען מיר שוין ענדליך געקומען צו דער טהיר? האָט סיימאָן וואַרד געפֿרעגט.

— איך ווייס ניט, האָט הערריי געענטפֿערט.

— וואָס דען ביסט דוא געבליעבען שטעהן?

— איך בין צוגעקומען צו אַ וואַנט, האָט הערריי געענטפֿערט. ווייטער איז קיין וועג ניטאַ.

דער אַלטער סיימאָן האָט איהם ניט געגלויבט. ער איז אַליין צוגעגאַנגען אין דער פֿינסטער און האָט אָנגעהויבען צו טאַפּען דיא ווענט אַרום. — פֿון אַלע זייטען זיינען נור גלאַטע, האַרטע ווענט פֿון שטיינער און קוילען. קיין טהירע, קיין עפֿענונג, קיין אויסגאַנג!

— וואָס הייסט עס? האָט ער געפֿרעגט זיך אַליין. האָבען מיר פֿערבלאָנדזשעט? זיינען מיר פֿערקראָכען אין אַנאַנדערע גאַלערעע, פֿון וואַנען עס איז ניטאַ קיין אויסגאַנג אָדער האָט דער אומבעקאַנטער, וועלכער האָט נעכטען פֿערשטיערט דיא לעכער, יעצט פֿערמויערט דעם איינגאַנג, וואָס איך האָב אויפֿגעריסען מיט דינאַמיט?

קיינער האָט איהם ניט געענטפֿערט. יעדער האָט געפֿיהלט, אַז ער איז יעצט פֿערשפּאַרט אין דער נייער מינע און האָט קיינע האָפֿנונג זיך צו ראַטען.

וואָס וועט זיין דאָס ענדע?

## 12טעס קאַפּיטעל.

# דיא פֿייער דאַמען.

עס זיינען פֿערגאַנגען עטליכע טעג. אין עדינבורג זיינען דעם אינזשענירס פֿריינד און בעקאַנטע געוואָרען אונרוהיג. עס האָט זיך פֿערברייטעט אַ נאַכריכט, אַז דער בעריהמטער אינזשעניר, דשיימס סטאַר, איז פּלוצלונג פֿערשוואונדען געוואָרען און קיינער ווייס ניט, וואו ער איז אהינגעקומען.

מען איז געקומען פֿרעגען זיין דיענער, אויב ער ווייס ניט, ווען דער אינזשעניר איז אוועקגעפֿאָהרען און וואוהין ער איז געפֿאָהרען.

דער דיענער האָט דערצעהלט, אַז מיט אַכט טאָג צוריק איז דער אינזשע-

ניר אוועקגעפֿאהרען קיין סטערלינג קאָונטי. וואוהין ער איז געפֿאהרען און צו וועמען ער איז געפֿאהרען, ווייס ער ניט.

עס איז געווארען א רעש און אַ געוואלד אין עדינבורג. דשיימס סטאר איז געוועזען אן אנגעזעהנער מענש אין שטאדט. יעדער האט איהם בעדויערט, יעדער האט זיך אינטערעסירט צו וויסען, וואס פֿון איהם איז געווארען. מען האט זאגאר בערופֿען עפֿענטליכע פֿערזאמלונגען, מען זאל זיך בעראטהען, וויא אזוי מען זאל אויסגעפֿינען, וואו דער אינזשעניר דשיימס סטאר איז אהינגעקומען.

לארד עלפֿינגסטאן, דער פרעזידענט פֿון דער קעניגליכע געזעלשאפֿט פֿיר מינען ארבייט, האט געוויעזען דשיימס סטארים לעצטען בריעף צו איהם, אין וועלכען דער אינזשעניר שרייבט, אז ער פֿאהרט אוועק אויף אַ פאר טאג.

אנדערע מענשען, וויא דיא דירעקטארען פֿון דער מינע, וואו דשיימס סטאר האט אין דער לעצטער צייט געארבייט, האבען אויך געוויעזען אַ בריעף פֿון איהם, אין וועלכען ער האט געבעטען אום ערלויבנים אוועקצופֿאהרען אויף אַ פאר טאג.

דאס אלעס האט נור בעוויעזען, אז דער אינזשעניר איז ארויסגעפֿאהרען פֿון עדינבורג. אבער וואו איז ער אהינגעקומען? וואוהין איז ער געפֿאהרען? וואו קען מען איהם זוכען? אויף דיזע פֿראגען האט קיינער ניט געקענט ענטפֿערן.

— מיר מוזען טהאן אלעס מעגליכע אום איהם אויסצוגעפֿינען, טויט אדער לעבעדיג! האט געזאגט פֿעכט און ענטשלאסען לארד עלפֿינגסטאן.

וואס זאל מען אבער טהאן? דאס האט דער עדעלער לארד ניט געזאגט. קיינעם איז ניט געקומען אין קאפּ אריין, אז דשיימס סטאר זאל האבען געפֿאהרען קיין אבערוויל. אלע זיינע בעקאנטע און פֿריינד האבען געוואוסט, אז ער האט זאגאר ניט ליעב געהאט צו רעדען פֿון אבערוויל. — אבערוויל איז פֿאר איהם געוועזען טויט, געשטארבען און בעגראבען.

אלענפֿאלס, אזוי וויא זיין דיענער האט געזאגט, אז ער איז געפֿאהרען קיין סטירלינג קאונטי, האט מען בעשלאסען, מען זאל איהם זוכען אין סטירלינג קאונטי. מען האט געזוכט און געפֿרעגט יעדען פֿארמער און יעדען איינוואינער פֿון סטירלינג קאונטי, אבער קיינער האט ניט געזעהן און ניט געהערט דעם אינזשעניר דשיימס סטאר.

דער איינציגער מענש, וועלכער האט געקענט געבען אויסקונפֿט איבערן אינזשעניר, איז געוועזען דשעק רייען, וועלכער האט בעגעגענט דעם אינזשעניר און הערי ווארד אויף דיא טרעפ אין דארטשארט פיט. דשעק רייען אבער האט געארבייט אויף א פֿארם ניט אין סטירלינג קאונטי, זאנדערן עטליכע מייל וויי-טער. ער איז געוועזען בעשעפֿטיגט מיט זיינע זאכען און האט ניט געלעזען קיין צייטונגען, אז מען זוכט דעם אינזשעניר דשיימס סטאר.

דשעק רייען האט געזונגען און האט זיך פֿארבערייטעט אויף אַ גרויסע אונטערהאלטונג אויף דער פֿארם, וואו עס וועלען זיך צונויפֿקומען אלע יונגע

לייט און אלע מעדכען פֿון דער געגענד ארום. אן דשיימס סטאר און אן זיין פֿריינד, הערריי וואַרד, האט ער שוין אין גאנצען פֿערגעסען.

אין עדינבורג איז מען אונטערדעסען געווארען זעהר אונרוהיג. דיא פּאָ-ליציי, דער סיטי-מאַיאר, אלע מיטגליעדער פֿון פּארלאַמענט, אלע געלערנטע, דיא רעדאקטערע פֿון דיא צייטונגען, אין וועלכע דשיימס סטאר פֿלעגט שרייבען זיינע ארטיקעל און אלע זיינע בעקאנטע און פֿריינד האבען אנגעהויבען צו שרייען און צו שרייבען אין דיא צייטונגען, אז מען טאר אזא זאך ניט דערלאזען. מען מוז דאך געוואוהר ווערן, וואו דער אינזשעניר דשיימס סטאר איז פֿערשוואונ-דען געווארען און וויא אזוי ער איז פֿערשוואונדען געווארען.

ניט נור אין עדינבורג אליין, אין אלע גרויסע שטעדט פֿון ענגלאנד און שאָטלאנד האט מען אנגעהויבען צו שרייבען, צו רעדען און צו פֿאָרדערן, אז דיא רעגיערונג זאל עפּעס טהאן אום צו ענטדעקען דיזע זאנדערבארע געהיי-נים.

שפּעטער, ווען עס זיינען פֿערגאנגען עטליכע טעג, איז דשעק רייען אויך געווארען עפּעס אונרוהיג. הערריי וואַרד האט איהם צוגעזאגט, אז ער וועט קומען אויפֿ'ן אונטערהאלט. דשעק רייען האט געוואוסט, אז ווען הערריי וואַרד זאגט צו, איז עס הייליג. וויא איבערראשט איז ער דאהער געוועזן, ווען עס איז געקומען דער טאג פֿון'ם אונטערהאלט, אלע זיינען זיך צונויפֿגעקומען, מען האט געזונגען, געטאנצט און זיך אמוזירט — אבער הערריי וואַרד איז ניט געקומען!

דשעק רייען איז געווארען זעהר אונרוהיג. ער האט ליעב געהאט הערריי וואַרד, וויא א ברודער. זיי זיינען אויפֿגעוואקסען צוזאמען, זיי האבען געארבייט צוזאמען און זיי האבען פֿערבראכט אלע זייערע פֿרייע שטונדען צוזאמען.

דשעק רייען איז געווארען אויסער זיך, וואס זיין פֿריינד, הערריי וואַרד איז ניט געקומען. ער האט זיך ענטשלאסען צו געהן צו איהם אין דארטשארט פּיט און איהם גוט אויסזידלען, פֿאַר וואס ער האט ניט געהאלטען קיין ווארט און איז ניט געקומען אויפֿ'ן אונטערהאלט.

ער האט געבעטען ערלויבניס ביים פֿארמער, ביי וועלכען ער האט גע-ארבייט און האט זיך פֿערטיג געמאכט צו פֿאהרען דעם אנדערן טאג אין דער פֿריה קיין דארטשארט פּיט. פּלוצלונג האט פּאסירט א געשיכטע, וועלכע האט געגעבען אלע איינוואוינער פֿון יענער געגענד נייעם שטאף צו גלויבען אין גייס-טער און אין איבערנאטירליכע זאכען.

דשעק רייען האט געארבייט אויף אַ פֿארם לעבען שטעדטעל אירווינג אין דער קאָאונטי פֿון רעפֿיו, וועלכע גרענעצט זיך מיט סטירלינג קאָאונטי.

דאס שטעדטעל אירווינג געפֿינט זיך ביים ברעג פֿון'ם מעער. הויכע שטיי-נער לאזען זיך אראפּ גלייך אין מעער אריין. צום שטעדטעל קענען קיינע שיפֿען ניט צוקומען, ווייל דאס מעער איז דארט פֿול מיט שטיינער און דיא בערג לאזען זיך אריין גלייך אין מעער, וויא אַ וואנט. דער איינציגער פּארט אין יענער גע-גענד געפֿינט זיך דארט, וואו דער טייך קלאיד גיעסט זיך אריין אין מעער.

דאָרט איז אויסגעבויט א לייכט טהורעם, אויף וועלכען עס ברענט דורך דיא נעכט אַ העלעס ליכט.

דיעזעס ליכט ווייזט דיא שיפען, וועלכע פאהרען פאַרביי אדער וועלכע קומען אן אין פאָרט, אויף וואס פאַר א וועג זיי זאלען פאהרען. דאס ליכט ווייזט זיי ווייטער, אז דאָרט ווייטער פון פאָרט געפינען זיך שטיינער און געפעהרליכע ערטער.

עס מאכט זיך זעהר זעלטען, אז אַ שיף זאל אונטערגעהן אין יענער געגענד. דער לייכט טהורעם בעלייכטעט אזא גרויסע שטרעקע ווייט אין מעער, אז קוים איז נור דער שיפסקאפיטאן ניט שיכור, איז עס אונמעגליך, ער זאל ניט טרעפען דעם וועג אין'ם פאָרט פון קלאַיד.

אין שאָטלאנד, וויא אין דייטשלאנד געפינען זיך זעהר פיעל אלטע חורבות, איינגעפאלענע אלטע שלעסער, וועלכע האבען אמאל געהערט צו באַראָנען, גראַפען און דיא אלטע קעניגע פון שאָטלאנד. דיא באַראָנען, גראַפען און קעניגע זיינען פערשוואונדען, זאגאר זייערע נעמען זיינען פערגעסען געווארען, — זייערע שלעסער אבער זיינען געבליעבען. זיי זיינען איינגעפאלען, צובראָכען, צושטאָכען, צערשטערט און פערניכטעט; עס איז פון זיי געבליעבען נור שטיינער, דאס פאלק אבער האט נאך מורא פאַר דיא שטיינער. דאס פאלק בעטראַכט דיעזע חורבות אלס היילינגטהום, אלס אנדענקען פון אלטע, פערגאנגענע צייטען.

מעגליך, אז אמאל פלעגט מען מורא האבען פאַר דיא ווילדע באַראָנען און גראַפען. דיעזער שרעק איז געבליעבען אין פאלק. זיי האבען נאך ביז אויף היינטיגען טאג מורא צוצוקומען צו זייערע אלטע שלעסער.

וויא דיא זאך איז, דאס פאלק גלויבט היינט, אז אין דיעזע אלטע חורבות געפינען זיך גייסטער, שדים און רוחות. דאס פאלק דערצעהלט וואונדערגעשיכטען פון דיעזע אלטע רואינען.

ניט ווייט פון'ם שטעדטעל אירווינג, לעבען דער פאַרם, וואו דשעק רייען האט געארבייט, האט זיך געפונען איינער פון דיא בעריהמטעסטע אלטע, איינגעפאלענע שלעסער אין שאָטלאנד. דיעזער שלאס האט געהייסען דונאַלד קעסל און האט געהערט צו דיא אמאליגע קעניגע פון שאָטלאנד פון דער פאַמיליע סטיוארט.

ראָבערט סטיוּרט איז געוועזען דער לעצטער גראַף פון דיעזער פאַמיליע, וועלכער האט געוואוינט אין דונאַלד קעסל. ער איז געוועזען אַ שטרענגער מענש אין אלע איינוואוינער פון דער געגענד ארום האבען פאַר איהם געציטערט.

עס זיינען פערגאנגען אַ פאר הונדערט יאהר, זייט ער איז געשטאָרבען און קיינער האט מעהר ניט געוואוינט אין זיין אַלטען שלאָס. דער שרעק אבער פאַר דיעזען שטרענגען און שרעקליכען מענשען איז געבליעבען. דאס פאלק האט מורא געהאט צוצוגעהן נאהענט פון'ם אלטען שלאָס, גלייך וויא דער אלטער שטרענגער גראף וואלט נאָך געלעבט.

ווען אַ קינד פלעגט וועלען נעהן אין אלטען שלאָס, פלעגען איהם דיא

עלטערן ניט לאזען. ווען דאס קינד פלעגט אבער פרעגען, פאר וואס ער זאל ניט געהן אהין, האבען דיא עלטערן געמוזט איהם זאגען, אז אין שלאס געפינען זיך בייזע גייסטער.

דער גלויבען אין דיא בייזע גייסטער, וועלכע געפינען זיך אין שלאס, איז געווארען אזוי שטארק אין פאלק, אז ווען עס פלעגען קומען רייזענדע און פלעגען וועלען בעצאהלען, אז מען זאל זיי פיהרען אין אלטען שלאס, פלעגט זיך אין גאנצען שטעדטעל ניט געפינען איין מענש, וועלכער זאל איינוויליגען מיט זיי צו געהן. — דיא רייזענדע פלעגען מוזען געהן אליין.

מען האט דערצעהלט, אז אין אלטען שלאס געפינען זיך פייעריגע דאמען. פיעלע אלטע איינוואינער פון שטעדטעל פלעגען דערצעהלען, אז זיי אליין האבען געזעהן ביי נאכט, וויא א פייעריגע דאמע, א שעהנע פרוי פון פייער האט זיך געוויעזען אויף דיא אלטע מויערן פון דונאלד קעסל.

דשעק רייען איז געווען איינער פון דיא ערשטע, וועלכע האבען געגלויבט, אז אין אלטען שלאס געפינען זיך פייער דאמען.

מיר מוזען אבער זאגען דיא וואהרהייט, אז ניט אלעס, וואס דאס פאלק האט געגלויבט, איז געווען אין גאנצען אויסגעטראכט. עס איז ווירקליך וואהר, אז פון צייט צו צייט אין גאנץ פינסטערע נעכט פלעגט מען א מאל קענען זעהן א פייער ארויסגעהן פון'ם איינציגען טהורעם, וועלכער איז נאך געבליעבען גאנץ אין דונאלד קעסל.

וואס איז דאס געווען פאר א פייער? פון וואנען איז עס געקומען? האט דאס פייער געהאט דיא געשטאלט פון א פרוי? — דאס זיינען פראגען, מיט וועלכע קיינער האט זיך ניט בעשעפטיגט. מייסטענס פלעגען זעהן דיזע פייערן איינפאכע מענשען, ארבייטער און פארמער, וועלכע פלעגען זיך דערשרעקען פאר זיי און פלעגען אנטלויפען אהיים, ווען זיי פלעגען זיי זעהן.

נור א פאר מאל האבען געזעהן דיזע פייערן געלערנטע מענשען. זיי האבען אבער קיין צייט ניט געהאט צו געהן זעהן, בעטראכטען און אויסשטודירען דיזעס וואונדער. דיא פייערן פלעגען זיך ווייזען נור ביי נאכט. איז מען געקומען ביי טאג זעהן, וואס דארט איז, האט מען געפונען אלטע, צובראכענע און פערשימעלטע שטיינער.

דער שרעק פאר דיא פייער דאמען איז געווען אזוי גרויס אין לאנד, אז קיין פארמער, קיין ארבייטער און קיין קויפמאן וואלט זיך ניט אונטערגעשטעלט צו געהן ביי נאכט ניט נור אין שלאס, זאנדערן זאגאר אויף א מייל ווייט פון'ם שלאס.

דשעק רייען איז געווען א פרעהליכער יונג. ער האט געקענט אלע געשיכטען פון דער געגענד און פלעגט דערצעהלען הונדערטער געשיכטען פון דיא פייער דאמען. אזוי וויא ער איז געווען א שטיקעל פאעט, פלעגט ער זיך ניט צוריקהאלטען און דערצעהלען ליגענס, וויפיעל זיינע פריינד פלעגען נור וועלען הערן.

עס איז נאכט. אין דרויסען איז קאלט. דער הימעל איז בעדעקט מיט שווארצע וואלקענס. דאס מעער קאכט און רוישט. אַ שרעקליכער שטורמווינד הייבט אויף וועלען (כוואליעס) הויך, וויא דיא בערג און ווארפט זיי אוועק ערגעץ וויט, ווייט. ער שפיעלט זיך מיט דיא בלויע וואסערן פון'ם אטלאנטישען וועלט מעער.

אין דעם גרויסען הויז פון דער פארם איז ליכטיג און פרעהליך. אלע ארבייטער פון דער פארם, דער ווירטהה, זיין פרוי און זיינע קינדער זיצען אלע אין דער גרויסער שטוב. אזוי וויא עס איז דעצעמבער און עס איז ניטא קיין ארבייט, זיצט מען און מען דערצעהלט זיך אלערליי געשיכטען. דשעק רייען דערצעהלט שרעקליכע געשיכטען פון גייסטער אין דיא מינעס און אויף דיא בערג.

פלוצלונג האט מען דערהערט אין דרויסען שרעקליכע געשרייען, דשעק רייען האט אויפגעהערט צו דערצעהלען. אלע זיינען ארויסגעלאפען אין דרויסען זעהן, וואס דארט איז געשעהן.

נאך פאר נאכט האט אַ פישער, וועלכער האט זיך עפעס פערשפעטיגט, געזעהן, וויא אַ שיף קומט אן. ער האט געזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז דאס שיף איז ניט אריינגעגאנגען אין פארט פון קלאַיר. עס איז געגאנגען ווייטער. אלע זעגעל אויפ'ן שיף זיינען געווען אויפגעצויגען און דאס שיף איז געגאנגען זעהר שנעל.

— ווען דאס שיף וועט ווייטער אזוי געהן אין דיעזען שטורם, האט דער פישער געזאגט צו זיך אליין, וועט עס דער שטורם פערשלאגען צווישען דיא שטיינער פון אירווינגטאן, דאן איז עס פערלארען.

ער איז געשטאנען איינינע צייט און האט בעטראכט מיט שטוינען, וויא דאס שיף געהט אויף אַן אונריכטיגען וועג. אין דער צייט פון אַ שטורם זוכט געוועהנליך יעדעס שיף צו אנטלויפען פון ברעג. אין דער מיט ים איז עס פיעל זיכערער, וויא ביים ברעג. דיעזעס שיף אבער געהט, וויא אומיסטען צום ברעג.

דאס איז געווען פאר נאכט.

ווען דשעק רייען און דיא אנדערע ארבייטער פון דער פארם זיינען ארויסגעלאפען אין דרויסען, האבען זיי געהערט דייטליך, אז מען שרייט ערגעץ ביים ברעג פון'ם מעער. זיי זיינען געלאפען צום ברעג און האבען דערזעהן, וויא דריי פישער שטעהן אונטער אַ שטיין, וועלכער שיצט זיי אביסעל פון'ם שרעקליכען ווינד און שרייען און ווארענען, אז מען זאל ווייטער ניט פאהרען.

דשעק רייען און דיא מענשען פון דער פארם זיינען יעצט געוואהר געווארען, אז דיא פישער שרייען ניט צו זיי. זאנדערן זיי שרייען און ווארענען דיא מאטראזען פון אַ שיף, אז זיי זאלען ניט צוקומען צום ברעג; ווען זיי קומען נעהנטער צו דיא שטיינער, איז זייער שיף פערלארען.

דשעק רייען האט זיך צוגעקוקט אין דער פינסטערער נאכט און האט געזעהן אַ שווארצע מאסע שווימען אויפ'ן וואסער. אין דער פינסטער האט מען ניט ניט געקענט זעהן דאס שיף. מען האט זיא דערקענט נור אן דיא צוויי לאמפען,

וועלכע זיינען געהאנגען אויף דיא זעגעל ביימער. פון פארנט א רויטער לאמפ און פון הינטען א גרינער לאמפ.

אלע האבען געזעהן, אז דאס שיף לויפט צום ברעג און האבען פערשטא-נען, אין וואס פאר א געפאהר דאס שיף געפינט זיך.

— דאס שיף וועט אונטערגעהן! האט דשעק רייען געשריעען.

— יא, ווען דער שיפסקאפיטאן וועט זיא ניט אויסדרעהן צוריק צום מעער, וועט דיא צושלאגען ווערן אויף שטיקלעך אן דיא שטיינער, האט איינער פון דיא פישער געענטפערט.

— לאמיר זיי געבען סיגנאלען! האט אויסגערופען איינער פון דיא אר-בייטער. דאס מעער רוישט זעהר שטארק. זיי קענען ניט הערן אונזערע געשרייען. לאמיר אנצינדען פאקעלן און זיי ווארענען.

— וויא קען מען אנצינדען פאקעלן אין אזא ווינד? האט אנאנדערער גע-געענטפערט. עס העלפט ניט, מיר מוזען אזוי לאנג שרייען, ביז מען וועט אונז דערהערן.

זיי האבען אלע אנגעהויבען צו שרייען:

— שיפ אהאי! גאר! היט אייך! אוועק פון ברעג!

עס האט אבער ווייניג געהאלפען. דיא מאטראזען אויפ'ן שיף האבען זיי ניט געהערט אדער ניט געוואלט הערן. מען האט געזעהן דייטליך, אז זיא קומט נעהנטער און נעהנטער צום ברעג.

— דער קאפיטאן איז וואהנזיניג, האט אויסגערופען איינער פון דיא פישער, וועלכער איז אליין אמאל געווען א מאטראז.

— וואס זאל עס הייסען? האט אנאנדערער געפרעגט, וויל ער דען ארויס-פאהרען מיט זיין שיף אויפ'ן ברעג?

— זעהט ער דען ניט דעם לייכט טהורעם פון אירווינג? האט דשעק רייען געפרעגט.

— עס איז ווירקליך ניט צו פערשטעהן, וויא אזוי א שיפסקאפיטאן זאל אזוי רעגירען א שיף. איך קען עס אנדערש ניט ערקלערן, אלס אז עפעס האט איהם פערפיהרט. —

אין דיעזע מינוט האט דשעק רייען ארויסגעלאזען א שרעקליכען, ווילדען, אונמענשליכען געשריי. אלע האבען זיך אומגעקוקט און האבען א ציטער געטהאן.

— דיא פייעריגע דאמע! האבען זיי אויסגערופען מיט איין קול.

ווירקליך, אויפ'ן שפיץ טהורעם פונ'ם איינגעפאלענעם שלאס דונאלד קעכל האט זיך געוויעזען א פייער, וועלכעס האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך אראפ-געלאזען, האט זיך גערדרעהט, איז פערשוואונדען געווארען און האט זיך ווידער געוויעזען אויף דעמזעלבען ארט.

האט מען געקענט דערקענען עפעס א מענשען געשטאלט אין דיעזען פייער? — געוויס ניט! נור דיא איינבילדונגס קראפט פון דיא בויערן און דיא ארבייטער האט געקענט זיך פארשטעלען, אז דאס איז א מענש.

אלעפאלס, דאס פייער אליין איז געווען א רעטעניש. פון וואנען האט זיך גענומען דאס פייער? וויא קומט עס, וואס אין דעם אלטען שלאס, אין וועלכען מען האט ניט געוואוינט זייט צוויי הונדערט יאהר זאל זיך פלוצלונג ווייזען א פייער?

יעצט האט מען שוין געקענט פערשטעהן, פאר וואס דאס שיף רייסט זיך אזוי צום ברעג. דער שיפסקאפיטאן האט געמיינט, אז דאס פייער קומט פון'ם לייכט טהורעם פון אירווינגטאן און ער איז געפאהרען געראדע אהין, וואו דאס פייער האט געברענט. איהם האט וועניג געקימערט, וואס מען שרייט אויפ'ן ברעג. ער פאהרט ריכטיג. ער פאהרט צום לייכט טהורעם, דאס הייסט צום פארט.

ווען דיא פישער און דיא ארבייטער האבען זיך אביסעל בערוהיגט פון זייער שרעק, האבען זיי אנגעהויבען צו טראכטען, וואס צו טהאן אום צו רעטען דאס שיף. דאס בעסטע מיטעל וואלט געווען, זיי זאלען נעהן אין אלטען שלאס און זאלען אויסלעשען דאס פייער. דאן וועט זיך דער שיפסקאפיטאן איבערצייגען, אז ער האט א טעות געהאט און וועט זוכען אויסצודרעהן זיין שיף, ווען עס איז נאך דא צייט.

ווער וועט אבער געהן אין דונאלד קעסל, וואו עס געפינען זיך גייסטער? ווער האט עס קיין מורא ניט פאר דיא פייער דאמע?

אזוי וויא זיי זיינען אזוי געשטאנען און האבען זיך איבערלעגט וואס צו צו טהאן, האבען זיי דערהערט א שרעקליכען טראך. — עס איז שוין צו שפעט! דאס שיף איז צוגעקומען צום ברעג און האט זיך אנגעשלאגען אן א שטיין. דיא צוויי לאמפען אויפ'ן שיף זיינען פערלאשען געווארען, דיא פינסטערניס האט פערדעקט און איינגעהילט דאס אונגליקליכע שיף — נאך א מינוט און זיא וועט צובראכען ווערן אויף שטיקלעך.

צום אונגליק, איז נאך דיעזע מינוט דאס פייער פון'ם טהורעם פון דונאלד קעסל אויך פערשוואונדען, גלייך וויא עס האט אומיסטען נור געווארט דיא מינוט, ווען דאס שיף וועט אונטערגעהן, דאן האט עס מעהר ניט וואס צו טהאן.

— דיא פייער דאמע! דיא פייער דאמע! האבען אויסגערופען דשעק רייען מיט זיינע קאמעראדען.

קוים אבער איז פערשוואונדען דאס פייער אויפ'ן טהורעם פון'ם אלטען שלאס, זיינען אלע ווידער געקומען צו זיך און האבען זיך ענטשלאסען צו רעטען דיא מאטראזען און דיא מענשען פון'ם אונגליקליכען שיף.

זיי האבען זיך ארומגעבונדען מיט שטריק און האבען זיך אריינגעווארפען אין וואסער. עס האט זיי געקאסט זעהר פיעל מיה, איידער עס איז זיי געלונגען צוצוקומען צום שיף. פיעלע האבען זיך אנגעשלאגען אן דיא שטיינער און זיינען פערוואונדעט געווארען. דשעק רייען האט אויך געקראגען אייניגע וואונדען. דיא שרעקליכע וועלען (כוואליעס) האבען איהם א ווארף געטהאן אויף א שטיין.

עס איז זיי אבער דאך געלונגען. זיי האבען געראטעוועט דעם שיפס קאפיטאן מיט זיינע אכט מאטראזען און האבען זיי ארויפגענומען אויפ'ן ברעג.

עס האט זיך דאן ארויסגעוויזען, אז דאס איז געווען אַ נארוועגישעס זעגעל שיף מיט'ן נאמען „מאַטאַלאַ“. זיא איז געפאהרען קיין גלאַזגאָ. אויפ'ן שיף זיינען מעהר ניט געווען, וויא דער קאפיטאן מיט אכט מאטראזען.

דער קאפיטאן האט דערצעהלט, אז ער האט גאר קיין בעגריף ניט געהאט פון דער געפאהר, אין וועלכער ער האט זיך געפונען. ער האט געזעהן אַ פייער און איז געווען זיכער, אז דאס איז דאס פייער פון לייכט טהורעם פון אירווינגטאן.

זיין שיף איז פערלארען געגאנגען. דאס ווילדע מעער האט געריסען דערפון שטיקער. גאנץ פריה וועט פון דעם שיף גאר ניט בלייבען.

13טעס קאפיטעל.

## דשעק רייען נעהמט זיך צו דער ארבייט.

דשעק רייען איז געווען גאנץ ערנסט פערוואונדעט. מען האט איהם געמוזט טראגען אהיים, אויף דער פארם, און איהם לעגען אין אַ בעט. זיינע וואונדען זיינען צוואר געווען ניט געפעהרליך, דענאך האט ער געמוזט בלייבען ליעגען עטליכע טעג אין בעט.

אין דער צייט פון זיין קראנקהייט פלעגען זיך צו איהם צונויפקומען זיינע קאמעראדען און דיא פישער, וועלכע האבען איהם געהאלפען רעטען דעם שיפסקאפיטאן און זיינע מאטראזען פון דער „מאַטאַלאַ“.

זעלבסטפערשטענדליך, אז מען האט גערעדט פון דער פייער דאמע און מען איז געקומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אז אין אלטען שלאס, דונאלד קעסל, האלטען זיך אויף גייסטער. זיי האבען אומיסטען פערפיהרט דעם קאפיטאן פון דער „מאַטאַלאַ“ צו דיא שטיינער פון אירווינגטאן.

ווען אייניגע האבען נאך געצווייפעלט, אויב עס זיינען דא גייסטער אויף דער וועלט, האבען זיי זיך יעצט איבערצייגט, אז עס זיינען יא דא. זיי האבען דאך אליין געזעהן מיט זייערע אויגען, וויא דיא פייער דאמע האט זיך בעוויזען אויפ'ן טהורעם.

דער שיפסקאפיטאן פון דער „מאַטאַלאַ“ האט אבער זעהר וועניג געגלויבט אין גייסטער. ער האט געזאגט, אז מענשען האבען אנגעצונדען אַ פייער אויפ'ן טהורעם פון דונאלד קעסל. אזוי וויא דיא „מאַטאַלאַ“ איז געווען אסעקורירט אין אַ לאנדאנער געזעלשאפט פאר אַ גרויסע סומע געלד, ווייל זיא האט געפיהרט פיעלע טהייערע סחורות, האט דיא אסעקוראנץ קאמפאני געפאדערט פונ'ם מארינע מיניסטער, אז ער זאל מאכען אַ שטרענגע אונטערזוכונג.

דער אונטערגאנג פון דער „מאַטאַלאַ“ האט אנגעמאכט א רעש אין גאנץ ענגלאנד. דיא געשיכטע, וויא אזוי זיא איז אונטערגעגאנגען, איז געווען אזוי וואונדערבאר און אזוי אונגלויבליך, אז דיא אסעקוראנץ קאמפאני האט אפען ערקלערט, אז זיא וועט ניט צאהלען אַ פעני, ביז מען וועט ניט מאכען אַ שטרענגע אונטערזוכונג און מען וועט ניט געוואהר ווערן און בעווייזען, וואס דארט איז געשעהן.

דיא פֿערזיכערונגס געזעלשאַפֿטען און דיא פּאָליציי גלויבען זעהר ווענינ אין גייסטער. זיי האבען אויף קיין פֿאל ניט געוואלט גלויבען, אז אין דונאלד קעסל האלט זיך אויף אַ פֿייער דאַמע.

דער מיניסטער האט אראפּגעשיקט קיין אירווינגטאן אן אונטערזוכונגס ריכטער, פּאליסלייט און עטליכע דעטעקטיווס.

דיא ערשטע זאך, וואס דער אונטערזוכונגס ריכטער האט געטהאן, איז געווען צונויפֿצורופֿען דיא פֿישער, דשעק רייען און אלע ארבייטער פֿון דער פֿארם. ער האט זיי אנגעהויבען אויסצופֿרעגען, וויא אזוי דיא „מאַטאַלאַ“ איז אונטער־געגאנגען.

אלע האבען דערצעהלט, וואס זיי האבען געוואוסט; אלע האבען ערקלערט, אז אין גאַנצען איז שולדיג דיא „פֿייער דאַמע“. זיא האט פֿערפֿיהרט דעם שיפֿס־קאַפּיטאן, זיא האט איהם אפּגענארט. זיא האט געלייכט אויפֿ'ן טהורעם פֿון דונאלד קעסל, ביז דיא „מאַטאַלאַ“ איז געבליעבען זיצען אויף דיא שטיינער, דאן איז זיא פֿערשוואונדען געווארען.

דער אונטערזוכונגס ריכטער און דיא פּאליציי האבען זעלבסטפֿערשטענד־ליך ניט געגלויבט אין דער פֿייער דאַמע. זיי האבען זיך פֿארגעשטעלט דיא גאַנצע געשיכטע גאַנץ אנדערש. דיא „מאַטאַלאַ“ האט געפֿיהרט טהייערע סחורות. זיא איז געווען אסעקורירט אויף אַ גרויסע סומע געלד. דער וואס האט זיא אַסעקו־רירט, האט געוויס געזוכט מיטעל, אז זיא זאל אונטערגעהן און ער זאל אפּלעזען פֿאַר זיין סחורה מיט אמאל. אזעלכע זאכען קומען פֿאַר אין ענגלאַנד זעהר אָפֿט.

דער אונטערזוכונגס ריכטער האט געגלויבט דיא איינפֿאַכע פֿישער און ארבייטער, אז זיי האבען געזעהן אַ פֿייער אויפֿ'ן טהורעם פֿון דונאלד קעסל. דאס האט אבער געטהאן ניט דער גייסט, ניט דיא פֿייער דאמע זאנדערן אַ געוועהנ־ליכער פֿערברעכער. ער האט דאהער זיך ענטשלאסען, ער זאל געהן בעטראכ־טען דעם אלטען שלאס.

דשעק רייען און זיינע בעקאַנטע זיינען געווען זעהר אונצופֿריעדען דערפֿון וואס מען וועט געהן אין אלטען שלאס מיט פּאליסלייט בעוואפֿענט מיט רעוואל־ווערס.

— דיא פֿייער ליידי וועט נאך בייז ווערן און וועט אונז נאך מעהר פּלאגען, האט דשעק רייען געזאגט צו זיינע קאמעראדען.

עס האט אבער גאר ניט געהאָלפֿען. דשעק רייען אליין האט געמוזט פֿיהרען דעם שטרענגען אונטערזוכונגס ריכטער אין אלטען שלאס.

דיא פּאליסלייטע מיט'ן אונטערזוכונגס ריכטער זיינען געקומען אין דונאלד קעסל, האבען זיך גוט צוגעקוקט צו יעדער שטיין, צו יעדען צימער, צו יעדער וואַנט. — קיין שפּור פֿון אַ מענשען! דיא ערד איז געווען נאס, ווייל מיט אַ טאג פֿריהער האט עס געדעגענט. ווען דארט זאלען געווען זיין מענשען, וואלט מען געווען געפֿונען אַ צייכען פֿון אַ טריט, פֿון אַ מענשען פֿוס. מען האט אבער גאר ניט געפֿונען.

אין טהורעס, פֿון וואנען דאס פֿייער פֿלעגט זיך ווייזען, זיינען געוועז עט־ליכע צימער. אין דיעזע צימער איז געלעגען שטויב אויף פֿינף פֿינגער דיא גרעב. ווען א מענש זאל געוועזען האבען אונטערגעצונדען דאס פֿייער, וואלט ער געמוזט איבערלאזען אַ צייכען אויף דיעזען שטויב. מען האט אבער קיין שום צייכען ניט געפֿונען.

דער אונטערזוכונגס ריכטער איז בייז געווארען. עס האט איהם זעהר פֿערדראסען, ער זאל צוריקפֿאהרען קיין לאנדאן און זאל דארט דערצעהלען, אז גייסטער, אַ פֿייער לוידי און נאך אזעלכע נאררישקייטען האבען פֿערפֿיהרט דעם שיפֿס קאפיטאן פֿון דער „מאַטאַלאַ“: מען וועט דאך איהם אויסלאכען.

— ווען עס איז געוועזען אַ פֿייער, האט דאך עפעס געמוזט ברענען, האט ער אויסגערופֿען. אַ פֿייער מוז האבען א מאטעריאל, אין וועלכען ער קען זיך האלטען: האלץ, קוילען, קעראסין, אייל, צינדהעלצכען און נאך אזעלכע זאכען. לאמיר ארויפֿגעהן אויפֿן טהורעם און זעהן, וואס דארט איז געוועזען.

— א פֿייער לוידי דארף האבען צינדהעלצכען, האלץ און נאך אזעלכע זאכען? האט געלאכט דשעק רייען. דערפֿאר איז זיא דאך אַ פֿייער דאמע. דאס איז דאך אַ גייסט! — אַ גייסט דארף גאר נישט. ווען ער וויל, ברענט ער.

דער אונטערזוכונגס ריכטער האט אבער דערפֿון ניט געוואלט וויסען. ער איז ארויפֿגעגאנגען אויפֿן טהורעם מיט עטליכע פאליסלייט און האט בעטראכט דעם ארט, וואו עס האט געברענט דאס פֿייער אין יענער נאכט, ווען דיא „מאַ־טאַלאַ“ איז אונטערגעגאנגען. —

ער האט גאר ניט געפֿונען. קיין ביסעל אש, קיין קויל, קיין צייכען און קיין שפור פֿון אַ פֿייער. זאגאר דיא שטיינער פֿון'ם טהורעם זיינען ניט געוועזען שווארץ אדער פֿערריי כערט.

דשעק רייען איז געווארען זעהר אונרוהיג. דיא געשיכטע פֿון'ם אונטער־גאנג פֿון דער „מאַטאַלאַ“ האט געקלונגען אין דער גאנצער געגענד. אלע הא־בען גערעדט דערפֿון, אלע האבען דערצעהלט דערפֿון, אלע האבען געוואוסט, אז דשעק רייען איז געוועזען פֿערוואונדעט און האט געמוזט ליעגען אייניגע טעג אין בעט. הערריר ווארד האט דערפֿון געוויס געהערט. וויא קומט עס, וואס הערריר, זיין בעסטער פֿריינד איז ניט געקומען איהם בעזוכען?

— ווען הערריר איז ניט געקומען צו מיר, האט ער געוויס ניט געקענט קומען, האט דער גוטער דשעק געזאגט. פֿאר וואס אבער האט ער ניט געקענט קומען? — דאס מוז איך וויסען.

קוים איז ער פֿריי געווארען פֿון'ם אונטערזוכונגס ריכטער מיט זיינע פאַ־ליסלייט, איז ער געפֿאהרען קיין דארטשארט פיט זעהן, וואס הערריר מאכט. ווען ער איז געוועזען פֿאלקאמען געזונד, פֿלעגט ער געהן קיין דארטשארט פיט צו פֿוס. יעצט אבער, ווען ער איז נאך ניט גאנץ געזונד, איז ער בעסער געפֿאהרען מיט דער באהן. עס איז אַ קורצער וועג און עס קאסט אַ קלייניגקייט.

(B. D., 6.)

ווען ער איז געקומען אויף דער באהן סטאציאן, האט ער געדארפט וואר־טען עטליכע מינוט אויפ'ן צוג. אויס לאנגווייל׳ע האט ער אנגעהויבען צו לעזען לעזען דיא אנאנסען אויף דער וואנט. איין אנאנסע האט איהם פעראינטערעסירט. אין איהר איז געשטאנען פאלגענדעס:

„דעם 4טען דעצעמבער איז דער אינזשעניר דשיימס סטאר ארויסגעפאה־
„רען פון עדינבורג. ער איז געפאהרען קיין סטירלינג קאָאונטי. זייט דאמאלס
„האט מען פון איהם מעהר ניט געהערט. ווער עס וויים פון איהם עפעס,
„דער זאל עס מעלדען לארד עלפינגסטאן אין עדינבורג. ער וועט בעקו־
„מען א גוטע בעלוינונג.“

— דשיימס סטאר! האט אויסגערופען דשעק רייען.— דשיימס סטאר! — איך האב דאך איהם אליין בעגעגענט אויף דיא לייטערס פון דארטשארט פיט? ווען איז דאס געווען? — ריכטיג! — מיט צעהן טעג צוריק. —

דשעק רייען איז אויפגעשפרונגען. יעצט האט ער שוין דייטליך געזעהן, אז דא איז עפעס ניט גלאט.

— הערריי וואָרד ווייזט זיך ניט און דער אינזשעניר דשיימס סטאר איז פערשוואונדען! וואס הייסט דאס? האט ער אויסגערופען. זאל דער אינזשעניר און הערריי עפעס טהאן? וואס זאלען זיי אזעלכעס טהאן, וואס זיי ווייזען זיך ניט?

ער האט קוים דערלעבט, אז דער צוג זאל קומען. דיא רייזע אויפ'ן אייזען־באהן האט געדויערט נור עטליכע מינוט. באלד איז ער געווען אין דארטשארט פיט און האט זיך אראפגעלאזען אויף דער ערשטער לייטער. דארט האט ער געהאט א לעמפעל, וועלכען הערריי האט איהם אמאל געשענקט. דאס לעמפעל פלעגט שטעהן אין א ווינקעלע און קיינער האט עס ניט געריהרט. ווען דשעק רייען פלעגט דארפען גלאט אזוי צו הערריי אדער צום אלטען סיימאן, פלעגט ער טרעפען צו זיי אין דער פינסטער. מייסטענס אבער פלעגט ער אנצינדען זיין לעמפעל. עס איז דאך אנגענעהמער צו געהן מיט א לעמפעל, אלס צו טאפען אין דער פינסטער.

דאס מאל האט ער געמוזט אנצינדען דאס לעמפעל. פיעללייכט געפינט ער ניט הערריי ביי זיין פאטער, וועט ער ארומגעהן אין דער מינע איהם זוכען.

דשעק רייען האט אנגעהויבען צו זוכען זיין לעמפעל אין דעם ווינקעל, וואו ער פלעגט איהם שטענדיג האלטען. — דאס לעמפעל איז פערשוואונדען. — דשעק רייען איז געווארען איבעררשט.

— דאס האט ניט הערריי געטהאן! האט ער אויסגערופען. דא איז עפעס. עס וועט זיי אבער גאר ניט העלפען. איך קען דיא מינע, וויא מיינע פינף פינ־גער. איך וועל געהן אין דער פינסטער. איך וועל אויסקריכען דיא גאנצע מינע, ביז איך וועל איהם געפינען.

ער האט אנגעהויבען זיך אראפצולאזען פון דיא לייטערס. דאס מאל איז ער געווען זעהר פארזיכטיג. ער האט שוין געזעהן, אז עפעס נייעס איז פארגע־קומען אין דארטשארט פיט. מיר האבען שוין בעשריעבען, אז פון אויבען ביז

צום גרונד פֿון דער מינע האָבען געפֿיהרט דרייסיג לייטערס, איינע ניעדעריגער פֿון'ם אנדערן.

דשעק רייען האָט זיך אַראָפּגעלאָזען לאַנגזאַם און פֿאָרזיכטיג. ער איז אַראָפּגעגאַנגען זעקס און צוואַנציג לייטערס און עס האָט איהם גאָר ניט פּאַסירט. ער האָט אַראָפּגעשטעלט דעם פֿוס צו זוכען דעם זיעבען און צוואַנציגסטען ליי־טער — דער לייטער איז ניטאָ!

דשעק רייען האָט זיך צוריקגעכאַפּט. ער האָט גערעכענט, אַז דער לייטער האָט זיך אָװעקגערוקט אָדער ער שטעהט ניט אויף'ן אָרט. ער האָט זיך אַניע־דערגעלעגט אויף'ן פּלאַטפֿאָרם און האָט אָנגעהויבען צו זוכען מיט דיא הענד דעם לייטער. — ער איז ניטאָ!

— דיא פֿייער לײדי האָט געװיס געמאַכט אַ שפּאַציער גאַנג אויף דיעזען לייטער, האָט דשעק רייען געזאָגט צו זיך אַליין.

ער איז געבליעבען שטעהן, װיא פֿערשטיינער. ער האָט װירקליך ניט גע־װאוסט, װאָס דאָס זאָל הייסען. ער האָט געגלויבט אין גייסטער, אָבער ביז אַהער האָט ער פֿון זיי קיין שלעכטעס ניט געזעהן. ערשט אין דיא לעצטע עטליכע טעג האָט ער געזעהן. װיא דיא „מאַטאַלאַ" איז אונטערגעגאַנגען דורך דיא פֿייער לײדי און יעצט פֿעהלט דער זיעבען און צוואַנציגסטער לייטער פֿון דאָרט־שאַרט פּיט.

— װען איך קען ניט אַראָפּגעהן, האָבען דיא מענשען, װעלכע װאָינען אונטען אין דאָרטשאַרט פּיט, ניט געקענט אַרויפֿגעהן, האָט זיך געטראַכט דשעק רייען. אַלזאָ ליעגען זיי דאָרט פֿערשפּאַרט פֿינף הונדערט פֿוס טיעף אין דער ערד. קיינער קען צו זיי ניט קומען און זיי קענען אין ערגעץ ניט קומען. מעגליך, אַז זיי שטאַרבען דאָרט פֿון הונגער. דער אינזשעניר דשיימס סטאַר איז ביי זיי, ער איז אויך פֿערשפּאַרט, געפֿאַנגען און בעגראָבען אין דאָרטשאַרט פּיט.

דשעק רייען איז געװען אויסער זיך. — װאָס טהוט מען? װיא אַזוי רעטעט מען דיעזע ־ינגליקליכע? האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט אָנגעהויבען צו שרייען: הערריי! הערריי! — דער װיעדערהאַל אין פֿינסטערן אָבגרונד פֿון דאָרטשאַרט פּיט האָט איהם געענטפֿערט: הערריי! הערריי! אָבער קיינער איז ניט געקומען, קיינער האָט זיך ניט געװיעזען. באַלד איז אַלעס װיעדער געבליעבען שטיל און פֿינסטער, װיא אין אַ קבר.

— עס העלפֿט ניט. איך מוז עס מעלדען דער פּאָליציי, האָט דשעק רייען אויסגערופֿען. איך מוז טעלעגראַפֿירען צו לאָרד על־ינגסטאָן. דאָ איז עפּעס. איך אַליין קען גאָר ניט מאַכען. איך טאָר קיין צייט ניט פֿערליערן.

ער איז אַרויפֿגעגאַנגען צוריק און איז געלאָפֿען, װיא אַ װאַהנזיניגער צו דער באַהן סטאַציאָן קאַללאַנדאַר. אין איינינע מינוט אַרום איז אָנגעקומען דער צוג און דשעק רייען איז אַװעקגעפֿאָהרען קיין עדינבורג. דאָרט איז ער באַלד געגאַנגען צום סיטי מאַיאָר און האָט איהם דערצעהלט אַלעס, װאָס ער האָט

געוואוקסט פֿון דשיימס סטאר. דער סימי מאיאר האט באלד געשיקט רופֿען דעם לארד עלפֿינגסטאן.

מען האט באלד צונויפֿגענומען מענשען און מען האט זיך אויפֿגעזעצט אויף אן עקסטרא צוג קיין אבערוויל. דארט האט מען מיטגענומען אלעס, וואס נעטהיג פֿאר אזא פאל: לייטערס, שטריק, לאמפען, ברעכאייזענס און האמערס.

אום פֿינף אוהר פֿאר נאכט איז דיא רעטונגס פארטיע מיט לארד עלפֿינגסטאן און דשעק רייען געקומען צום דארטשאַרט פיט. דשעק רייען איז יעצט געווען דער קאמאנדיר, דער גענעראַל פֿון דער קליינער עקספעדיציאן. ער האט געפֿיהרט דיא עקספעדיציאן און האט קאמאנדירט, וואס מען זאל טהאן.

מען האט זיך אראפגעלאזען אויף דיא זעקס און צוואנציג לייטערס. דארט איז מען געבליעבען שטעהן, דשעק רייען האט געהייסען צובינדען לאמפען צו לאנגע שטריק און זיי אראפלאזען אין פֿינסטערן שאכט. ערשט יעצט האט מען געזעהן, אז דיא לעצטע פֿיער לייטערס פֿעהלען, זיי זיינען פֿערשוואונדען געווארען.

לארד עלפֿינגסטאן איז געבליעבען שטעהן, וויא פֿערשטיינערט. ער האט ניט געקענט פֿערשטעהן, ווער עס האט עס געטהאן און צו וואס מען האט עס געטהאן.

— עס איז דייטליך, אז מען האט אומיסטען געוואלט אפשניידען יעדען וועג פֿאר דיא איינוואוינער פֿון דארטשארט פיט. דאס האבען מענשענהענד געטהאן.

— וואס טראכט איהר אזוי לאנג, מילארד? האט דשעק רייען אויסגערופֿען. לאמיר עפעס טהאן. זיי שטארבען דארט פֿאר הונגער.

— וואס זאלען מיר דען טהאן? האט לארד עלפֿינגסטאן געפֿרעגט.

— מיר האבען מיטגעבראכט לייטערס. לאמיר זיי אניעדערשטעלען און לאמיר זיך אראפלאזען. יעדע מינוט איז טהייער.

— טהו, וויא דוא פֿערשטעהסט, מיין יונגע, האט דער לארד געענטפֿערט. איך וועל געהן, וואוהין דוא וועסט מיך פֿיהרען.

דשעק רייען האט אניעדערגעשטעלט דעם ערשטען לייטער און האט זיך אראפגעלאזען. לארד עלפֿינגסטאן מיט זיינע מענשען זיינען איהם נאכגעגאנגען. זיי האבען זיך אזוי אראפגעלאזען פֿון איין לייטער צום אנדערן, ביז זיי זיינען אנגעקומען אונטען, אויפֿן גרונד פֿון דארטשארט פיט.

דשעק רייען האט זיך אנגעהויבען ארומצוקוקען און צו זוכען עפעס, פלוצלונג האט ער געגעבען אַ געשריי. אלע זיינען צוגעלאפֿען צו איהם צו זעהן, וואס דארט איז.

— אט ליגען שטיקער פון דיא לייטערס! האט דשעק רייען געשריען. מען האט זיי פֿערברענט. אט ליגען דיא פֿערלאשענע האליוועשקעס.

לארד עלפֿינגסטאן איז צוגעקומען און האט בעטראכט דיא שטיקער פֿון דיא לייטערס.

— מען האט זיי פערברענט! האט ער געזאגט טרויעריג. עס איז שוין אבער לאנג געשעהן. דאס אַש איז קאלט און דיא האליוועשקעס זיינען קאלט. דאס איז געשעהן ניט היינט.

— דענקט איהר, אז דער אינזשענער דשיימס סטאר האט פערברענט דיא לייטערס? האט איינער געפרעגט.

— געוויס ניט, האט לארד עלפינגסטאן געענטפערט. צו וואס זאל עס דער אינזשענער טהאן? דא איז עפעס אַ זאנדערבארע געהיימניס. קום, דשעק רייען! פיהר אונז צו דער וואינונג פון דיין פריינד, הערריו ווארד. דארט וועלען מיר שוין אלעס וויסען.

דשעק רייען האט טרויעריג געשאקעלט מיט'ן קאפ. ער האט זיך דער-מאנט אן דער פייער ליידי און אַ קאלטער פראסט איז איהם אריבערגעגאנגען איבער'ן לייב. איהם האט זיך פארגעשטעלט, אז דא איז פארגעקומען עטוואס שרעקליכעס. ער האט גענומען זיין לאמפ אין דיא הענד און איז געגאנגען צו דער וואינונג פון'ם אלטען ווארד. אלע זיינען איהם נאכגעגאנגען.

אין אַ פיערטעל שטונדע ארום איז לארד עלפינגסטאן מיט זיינע מענשען אנגעקומען צום גרויסען קעלער, וואו סיימאן ווארד'ס וואינונג איז געווען. דשעק רייען איז געווען דער ערשטער צוצוקומען צום שטוב. — אלעס איז פינסטער.

ער פלעגט זיין געוואינט צו דערקענען דאס הויז פון דער וויטען, ווייל עס פלעגען שטענדיג ברענען לאמפען אין הויז און מען האט געקענט זעהן זייער שיין אויף הונדערט שריט דיא וויט. דאס מאל אבער איז אלעס געווען פינסטער.

דשעק רייען איז אריינגעלאפען אין שטוב. — קיינער איז ניטא! דיא לאמ-פען זיינען אויסגעגאנגען. דאס פייער איז אויסגעלאשען. אלעס איז שטיל און טויט.

וואו זיינען דיא איינוואינער פון'ם הויז? ווען זיינען זיי אוועקגעגאנגען פון דער היים? וואוהין זיינען זיי געגאנגען?

לארד עלפינגסטאן האט זיך אנגעהויבען צוצוקוקען צו אלעס אין שטוב, וויא אַ גוטער אונטערזוכונגס ריכטער. ער האט עפעס געפונען, ער האט אבער ניט געוואוסט, וואס דא איז. אין איין ארט אויף דער שווארצער וואנד זיינען געווען אנגעשריעבען מיט קרייד ווייסע קרייצע.

— וואס זאלען בעדייטען דיעזע קרייצע? האט ער געפרעגט דשעק רייען.

דשעק רייען האט גוט געקענט דיא פאמיליע ווארד. ער האט געוואוסט, וואס דיא ווייסע קרייצע בעדייטען

מעדש איז געווען אן איינפאכע פרוי. זיא האט ניט געקענט ניט לעזען, ניט שרייבען. דא אונטען אין דער פינסטער האט מען ניט געקענט וויסען, ווען עס איז טאג און ווען עס איז נאכט. מעדש איז געווען אַ פרומע, זיא האט גע-וואלט וויסען, וואס פאר אַ טאג אין מאנאט עס איז; זיא האט געוואלט וויסען, ווען עס איז אַ זונטאג, אַ פייער טאג; זיא האט זיך געמאכט אן אייגענעם קא-לענדאר (אַ לוח).

אין שטוב איז געווען אן אלטע וואנד אוהר. זיא האט געקענט צעהלען

דיא שטונדען, ווען עס האבען זיך געענדיגט פיער און צוואנציג שטונדען, פלעגט זיא מאכען אַ קרייץ אויף דער וואנד. דאס האט געהייסען, אז עס האט זיך גע־ענדיגט אַ טאג.

דשעק רייען האט זיך ניט איין מאל איבערצייגט, אז מערש פיהרט איהר איהר קאלענדאַר אזוי ריכטיג, וויא אַ גוטער פראצענטניק. דעם ערשטען פון יעדען מאנאט מאכט זיא אַ קרייץ אויף דער וואנט, דעם צווייטען נאך אַ קרייץ, דעם דריטען וויעדער און אזוי ווייטער ביז זיא קומט צום דרייסיגסטען.

— אויב אזוי, האט לארד עלפינגסטאן אויסגערופען, האט מערש געמאַכט איהר לעצטען צייכען דעם זעקסטען דעצעמבער. איך זעה אויף דער וואנד זעקס קרייצע. דעם זעקסטען זיינען זיי נאך דא געווען. היינט איז שוין דער זעכצעהנ־טער דעצעמבער. אלזא, שוין צעהן טעג. זייט צעהן טעג זיינען זיי ערגעץ אוועק־געגאנגען און זיינען ניט צוריקגעקומען. — וואוהין אבער זיינען זיי געגאנגען? פאַר וואס זיינען זיי ניט צוריקגעקומען?

קיינער האט איהם ניט געקענט ענטפערן אויף זיינע פראגען. אלע האבען געזעהן, אז דא איז עפעס פארגעקומען, אז דא איז עפעס אַ געהיימניס, וועלכע זיי האבען ניט געקענט דערראַטהען.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון שטוב און האבען זיך געשטעלט אין גרויסען טיעפען קעלער זיך בעראטהען, וואס זיי זאלען ווייטער טהאן.

אלע האבען געוואַרט, אז לארד עלפינגסטאן זאל עפעס רעדען. ער זאל זיי עפעס געבען אַ ראטה. ער איז דאך אַ לארד. נור איין דשעק רייען איז ארומ־געגאנגען ארום שטוב און האט געזוכט מיט זיין לאמפ. ער האט געהאפט, אז ער וועט געפינען עפעס אַ שטיקעל פאפיער, עפעס אַ צייכען, עפעס אַ שפור, וואו העררי מיטן אינזשעניר זיינען פערשוואונדען.

— זעהט נור! ווער איז דאַרט? — אַ ליכט! האט פלוצלונג אויסגערופען איינער פון דיא ארבייטער, וועלכע לארד עלפינגסטאן האט מיט זיך געבראַכט! דאַרט איז אַ מענש.

אלע האבען זיך אומגעקוקט אין דעם ארט, וואו דער מאן האט געוויזען, און האבען דערזעהן מיט שטוינען, אז ערגעץ גאנץ ווייט אין אַ ברייטע גאלע־רעע שיינט אַ לאמפ גאנץ הויך און ליכטיג.

— לאמיר געהן אהין צום ליכט! האט עלפינגסטאן געהייסען.

— דאס איז דיא פייער דאמע, האט דשעק רייען געזאגט. מיר געהן אומ־זיסט, מיר וועלען דאס ליכט ניט דערגרייכען.

לארד עלפינגסטאן האט אבער זעהר ווייניג געגלויבט אין פייער דאמען און האט געהייסען זיינע מענשען געהן אהין, וואו דאס ליכט האט זיך געוויזען. אליין וואלט דשעק רייען געוויס מורא געהאט צו געהן אהין, מיט אזוי פיעל מענשען אבער איז ער געווארען מוטהיג און איז זאגאר געגאנגען פאראויס. ער איז דאך געווען דער איינציגער מענש, וועלכער איז געווען גוט בעקאנט מיט אלע געגנג אין דער מינע.

עס איז געווען אַ ווייטער וועג ביז צו דעם ארט, וואו מען האט געזעהן דעם שיין פֿון אַ ליכט. אויסער דעם איז דאס ליכט ניט געשטאנען אויף איין ארט. מען האט געזעהן דייטליך, וויא עס בעוועגט זיך, אט ווייזט זיך עס, אט פֿערשווינדעט עס און אט ווייזט זיך עס ווידער.

לארד עלפֿינגסטאן האט אנגעטריעבען זיינע מענשען, זיי זאלען נאכלויפֿען און חאפּען דעם, וועלכער טראגט דאס ליכט. דיא מענשען האבען געטהאן זייער מעגליכעס. זיי זיינען געלאָפֿען, זיי זיינען געשפּרונגען, זיי זיינען געבליעבען שטעהן און ווארטען, ביז דאס ליכט וועט זיך ווידער ווייזען, אבער אלעס אומזיסט. ווען זיי זיינען שוין צוגעקומען גאר נאהענט צום ליכט, איז עס אין גאנצען פֿערשוואונדען געווארען.

— דיא פֿייער דאמע, האט געמורמעלט צווישען דיא צעהנער דשעק רייען. עס איז אומזיסט אונזער ארבייט. מיר וועלען עס ניט דערגרייכען.

לארד עלפֿינגסטאן אליין האט זיך פֿערטראכט. — וואס זאל דאס זיין? — זאל דא איינער אונז אומיסטען פֿיהרען צום ארט, וואו דער אינזשעניר געפֿינט זיך אדער, פֿערקעהרט, ער וויל אונז פֿערפֿיהרען?

אזוי וויא ער איז אזוי געשטאנען און געטראכט, האבען זיינע מענשען באַמערקט, אז דאס ליכט איז אויך געבליעבען שטעהן. זיי זיינען צוגעגאנגען נעהנטער און האבען יעצט דייטליך געזעהן דאס געשטאלט פֿון א מענשען, וועלכער האט געהאלטען אַ לאמפּ אין דיא הענד.

— מוטה, מיינע פֿריינד! האט לארד עלפֿינגסטאן אויסגערופֿען. דאס איז א מענש. ער איז מיעד, ער קען שוין מעהר ניט לויפֿען. לאמיר איהם חאַפּען, וועלען מיר וויסען דאס געהיימניס פֿון דארטשארט פּיט.

דיא מענשען האבען זיך געלאזען לויפֿען נאך דעם מענשען-געשטאלט. ואס איז אבער געווען ניט אזוי לייכט אין דיזען ארט. דיא גאלעריע איז דא געווען זעהר שמאל. פֿון אלע זייטען האבען זיך געעפֿענט טונעלען און גענג. עס איז געווען דייטליך, אז ווען דער מענש מיט'ן לאמפּ זאל וועלען אנטלויפֿען, וואלט ער עס געקענט טהאן זעהר לייכט. לארד עלפֿינגסטאן האט עס זעהר גוט פֿערשטאנען.

— ווען דיזער מענש זאל אונז וועלען פֿערפֿיהרען, קען ער אונז יעצט זעהר לייכט פֿערפֿיהרען ערגעץ אין אַ טונעל, האט ער געזאגט צו זיך אליין. — אלענפֿאלס, אנטלויפֿען פֿון אונז וויל ער ניט. אבער פֿאר וואס ווייזט ער זיך ניט? פֿאר וואס לאזט ער ניט, אז מען זאל צוקומען צו איהם? פֿאר וואס קומט ער ניט צו צו אונז?

פּלוצלונג איז דאס מענשען-געשטאלט מיט'ן לאמפּ פֿערשוואונדען, וויא אין דער ערד אריין. דשעק רייען מיט דיא איבעריגע מענשען האבען אויפֿגעהויבען דיא לאמפּען אין דער הויך און האבען איהם געזוכט. פּלוצלונג האט איינער דערזעהן אַ שמאלען לאך אין דער שטיינערנער וואנד.

— זעהט נור, אט איז עפּעס אַ נייער טונעל, האט ער אויסגערופען. פּיעל־לייכט איז דער מאן מיט׳ן לאמפּ דא ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען.

דשעק רייען איז צוגעלאָפען זעהן, וואס דארט איז און איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט.

— איך קען דיא מינע זעהר גוט, האט ער געזאגט. דא איז קיין לאָך ניט געוועזען. דאס איז אַ נייער וועג.

— לאמיר געהן אהין! האט לארד עלפינגסטאן געבעטען. ווען דאס איז איז אַ נייער וועג, ליעגט דא געוויס דאס געהיימניס פון דארטשארט פּיט.

איינציגווייס, לאנגזאם און פארזיכטיג זיינען זיי אריינגעקראָכען אין דער נייער גאלעריע. דא איז שוין דשעק רייען אויך געוועזען אונבעקאנט. דא איז איהם אלעס געוועזען ניי און פרעמד.

קוים זיינען זיי אוועקגעגאנגען א הונדערט שריט, האט זיך לארד עלפינג־סטאן אן עפּעס אנגעשטויסען און איז אומגעפאלען. מען האט אראפּגעלאָזען דיא לאמפּען און מען האט זיך אומגעקוקט. — פיער מענשען זיינען געלעגען איינער ניט ווייט פון׳ם אנדערן.

— דשיימס סטאר! האט אויסגעשריען עלפינגסטאן נ׳ט מיט זיין קול.

— הערריי! מיין ליעבער, גוטער הערריי! האט געוויינט און געשריען דשעק רייען.

ערשט יעצט האט מען דערזעהן, אז אויף דער ערד ליעגען ווירקליך דשיימס סטאר, הערריי, סיימאן ווארד און זיין פרוי מעדש.

איין קערפּער האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען. דאס איז געוועזען דיא אלטע מעדש. איהרע בלייכע, אויסגעדארט און פערברענטע ליפּען האבען קוים, קוים געהויכט:

— ר—ע—ט—ע—ט זיי.... ר—ע—ט—ע—ט זיי....

— לארד עלפינגסטאן, דשעק רייען און אלע, וואס זיינען דערביי געשטא־נען, האבען געוויינט און האבען באלד אנגעהויבען צו דערוואַרעמען דיא טויטע קערפּער, צו גיסען זיי אין מויל אריין איינינגע טראָפּענס קאניאק און צו רייבען זיי מיט טיכער. עס איז זיי געלונגען! צוערשט האט הערריי ווארד געעפענט דיא אויגען, דאן איז סיימאן ווארד געקומען צו זיך, גאר צולעצט האט דשיימס סטאר געעפענט דיא אויגען.

איינינגע פון דיא ארבייטער האבען אויסגעטהאן זייערע קליידער. מען האט אויף זיי ארויפגעלעגט דיא פיער פערהונגערטע און מען האט זיי געטראגען אהיים, אין סיימאן ווארד׳ס וואוינונג. דארט האט מען באלד געמאכט פייער, מען האט עפּעס אפּגעקאכט און מען האט זיי געגעבען צו לעפעלעך ווארעמער זופּע.

לארד עלפינגסטאן האט באלד געשיקט רופען אַ דאקטאר, וועלכער האט אנגעהויבען צו בעהאנדלען דיא פערהונגערטע. אין דריי טעג ארום זיינען זיי וויעדער געוועזען געזונד און האבען געקענט דערצעהלען, וואס מיט זיי האט פּאסירט.

לארד עלפינגסטאן און דשעק רייען זיינען דיא גאנצע צייט געבליעבען אין דארטשארט פיט. לארד עלפינגסטאן איז געווען אזוי פעראינטערעסירט אין דאס געהיימניס פון דארטשארט פיט, אז ער האט ניט געוואלט אפטרעטען, ביז ער וועט ניט וויסען אלעס.

ווען דשיימס סטאר האט זיך געפיהלט גענוג קרעפטיג צו רעדען, האט ער דערצעהלט, וואס מיט זיי האט פאסירט. צוערשט האט ער דערצעהלט, וויא ער איז געקומען קיין דארטשארט פיט. דאס איז שוין בעקאנט אונזערע לעזער.

— ווען מיר האבען געזעהן, אז מיר זיינען פערשפארט און קענען ניט ארויס, האבען מיר זיך געזעצט אפרוהען, האט ער ווייטער דערצעהלט. געהן אין דער פינסטער האבען מיר מורא געהאט. מיר זיינען אזוי געזעסען און געטראכט, ביז מיר זיינען אנטשלאפען געווארען. וויא לאנג מיר זיינען געשלאפען, וויים איך ניט. ווען מיר האבען זיך אויפגעכאפט און האבען אנגעהויבען צו טראכטען, וואס מיר זאלען טהאן און וויא אזוי מיר זאלען זיך רעטען, האבען מיר אנגעהויבען צו טאפען דיא ערד ארום זיך. פלוצלונג האבען מיר געפונען א לאבען ברויט און א קרוג וואסער.

איהר קענט אייך פארשטעלען, מיט וואס פאר אן אפעטיט מיר האבען געגעסען דאס ברויט און געטרונקען דאס וואסער. איך וויל אייך ניט לאנגוויילען מיט דער געשיכטע פון אונזערע ליידען. איך וועל אייך דערצעהלען אין קורצען. דריי מאל האבען מיר געפונען א לאבען ברויט און א קרוג וואסער. אויב דיעזע דריי מאל זיינען געשעהן אין דריי טעג אדער אין זעקס טעג, קען איך ניט וויסען. איך וויים נור, אז דאס פיערטע מאל, ווען מיר זיינען געווען זעהר הונגעריג, האבען מיר גאר ניט געפונען.

וויא לאנג מיר האבען געליטען הונגער, וויים איך ניט. איך וויים נור, אז מיר האבען אנגעהויבען צו פיהלען, אז אונזערע קרעפטע שווינדען. מיר זיינען געווארען אלץ שוואכער און שוואכער, ביז מיר זיינען געבליעבען ליעגען אויף איין ארט און האבען זיך מעהר ניט געקענט ריהרען.

וויא אזוי איהר האט אונז געפונען, וויסט איהר. דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך דערצעהלען.

לארד עלפינגסטאן האט זיך פערטראכט. דיא געשיכטע איז איהם פארגעקומען רעכט זאנדערבאר.

— וויא עס ווייזט אויס, געפינען זיך אין דארטשארט פיט צוויי געהיימניספאלע מענשען, איינער, וועלכער האט אייך פערשפארט אין דער נייער מינע און דער אנדערער, וועלכער האט אייך געבראכט ברויט און וואסער, האט ער געזאגט צום אינזשעניר. ביידע געהיימניספאלע מענשען האבען ניט ליעב איינער דעם אנדערן. איינער האט געוואלט, אז איהר זאלט שטארבען פאר הונגער. דער אנדערער האט אייך געבראכט ברויט און וואסער.

— פאר וואס אבער האט ער געבראכט ברויט און וואסער נור דריי מאל? האט דשיימס סטאר געפרעגט.

— וואהרשיינליך, האט ער מעהר ניט געקענט, האט לארד עלפינגסטאן געענטפערט. מעגליך, אז ער איז אליין אזוי ארים, אז ער האט מעהר ניט געהאט.

— וויא דיא זאך איז דארט געוועזן, עס בלייבט פאר מיר אַ רעטעניש, האט דשיימס סטאר געזאגט. ווער איז דער פיינד, וועלכער האט אונז פערמויערט אין דער נייער מינע און ווער איז געוועזן דער פריינד, וועלכער האט אונז געבראַכט ברויט און וואסער, האט צובראכען דיא וואנד און האט אייך געוויזען דעם וועג צו אונז. איך מוז דאך יעצט צוגעבען, אז אַ מענש מיט אַ לאמפ אין דיא הענד האט אייך געפיהרט און האט אייך געוויזען, וואו מיר ליעגען.

לארד עלפינגסטאן האט געשיקט קיין עדינבורג נאך פאליסלייט און דעטעקטיווס. מען האט געזוכט און געפארשט אין דער גאנצער מינע. אומזיסט! מען האט גאר ניט געפונען. דיא עדינבורגער פאליציי איז געוועזן פערצווייפעלט. זיא האט גאר ניט אויסגעפונען אין דונאלד קעסל, זיא האט גאר ניט אויכגעפונען אין דארטשארט פיט. זיא האט ניט געקענט וויסען, וואס איז געוועזן דיא אורזאכע פון'ם פייער, וועלכעס האט פערפיהרט דעם שיפסקאפיטאן פון דער „מאַטאַלאַ“ און ווער עס האט פערמויערט דעם אינזשעניר סטאר מיט דער פאַמיליע ווארד אין ניי אבערוויל.

## 14טעס קאפיטעל.

# קאַהל סיטי.

לארד עלפינגסטאן און דיא עדינבורגער פאליציי זיינען זיך אהיים געפאַרען. דשיימס סטאר אבער איז געבליעבען אין דער אלטער מינע ביי זיינע פריינד, דיא פאמיליע ווארד. זיי זיינען אין אַ קורצע צייט געווארען פאלקאמען געזונד און דשיימס סטאר האט אנגעהויבען אויסצופיהרען זיין פלאן. ער האט געגרינדעט אן אקציען געזעלשאפט צו בעארבייטען דיא נייע מינע.

אויפ'ן ערשטען אויפרוף, וואס דשיימס סטאר האט ארויסגעלאזען אין דיא צייטונגען, האבען געענטפערט זעהר פיעל רייכע מענשען, וועלכע האבען איהם געגעבען מיליאנען פונט סטערלינג, אום ער זאל בעארבייטען דיא נייע מינע.

דשיימס סטאר האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. ער האט איינגעארדענט אַ גאנץ נייעס סיסטעם, וויא צו בעארבייטען דיא מינע. מיט א פאר יאהר שפעטער האט מען דיא גאנצע געגענד ניט געקענט דערקענען. עס איז געוועזן אַ גאנץ נייע וועלט. עס האבען אנגעהויבען צו פאהרען מענשען פון דער גאנצער וועלט אנקוקען דיא נייע מינע. עס איז געוועזן, וואס צו זעהן.

זיעבען מייל פון דער באהן סטאציאן קאללאנדאר האט זיך אויפגעהויבען אַ גרויסער, הויכער טהורעם. דאס איז געוועזן דער ארייננגאנג אין דער נייער מינע — ניי אבערוויל.

ווען דער רייזענדער איז צוגעקומען צום טהורעם, האט ער זיך אריינגעזעצט אין אן עלעקטרישען וואגאן און איז אראפגעפאהרען אין אַ קורצע צייט ביז צום גרונד פון'ם שאכט. פונפצעהן הונדערט פוס טיעף אונטער דער ערד.

דאַרט אומעטן האט זיך איהם פאַרגעשטעלט אַ זאנדערבאַרעס בילד. אונטען איז געוועזען אַ גאַנצע שטאדט, וועלכע האט געהייסען קאָהל סיטי (קוילענשטאדט).

אין דיעזער שטאדט זיינען געוועזען אויסגעבויט הויכע און אַרענטליכע הייזער, שעהנע און ברייטע גאסען. אין דיעזע הייזער האבען געוואוינט דיא ארבייטער — דיא קוילען גרעבער. סיימאַן וואַרד איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער האט זיך אויסגעבויט אַ הויז לעבען דעם פינסטערן אבגרונד, וואס זיי האבען דערזעהן דאס ערשטע מאל, ווען זיי האבען ענטדעקט דיא מינע. שפּעטער האט זיך אַרויס־געוויעזען, אַז אין דיעזען אַבגרונד געפינט זיך אַ גרויסער טייך פון עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג.

דאס וואַסער אין טייך איז געוועזען ריין, קלאָר און געשמאַק צום טרינקען און צום קאָכען. העררי וואַרד האט זיך געמאַכט אַ שיפעל און איז אַרומגעפאָר־רען אין דעם טייך. מיט שטוינען האט ער דערזעהן, אַז אין דיעזען טייך געפינען זיך פיש. ער האט געמאַכט אַ נעץ און האט געחאַפּט דיעזע פיש. אבער, אָה, וואונדער! דיא פיש זיינען געוועזען בלינד. זיי האבען זאגאר ניט געהאט קיין צייכענס פון קיין אויגען.*)

אַרום דיעזען טייך האט זיך אויסגעבויט דיא נייע שטאדט מיטן נאמען קאָהל סיטי. דיא גאסען פון דער שטאדט זיינען געוועזען בעלייכטעט מיט שטאַרקע עלעקטרישע לאמפען, וועלכע פלעגען ברענען זעכצעהן שטונדען אין מעת לעת. ווען עס איז געקומען דיא צייט, ווען מענשען דאַרפען זיך אפּרוהען, פלעגען זיך דיא עלעקטרישע לאמפען אליין אויסלעשען. אין קאָהל סיטי האט דאס געהייסען נאַכט. אכט שטונדען איז געוועזען פינסטער אין קאָהל סיטי. דאַן האָבען זיך דיא עלעקטרישע לאמפען ווידער אנגעצונדען. עס איז געוואָרען טאָג.

דיא אַרבייטער פרויען האבען זיך גענומען קאָכען און טהאָן זייער הויז אַרבייט. אין יעדעם הויז איז געוועזען וואַסער פון'ם טייך (אָזיעראָ), וועלכען דשיימס האט אַ נאמען געגעבען מאַלקאָלם לייק, ווייל אַ געוויסער לאַרד גלענאַרוואַן, וועלכער האט געוואָינט אין מאַלקאָלם קעסל, איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט געפונען, אַז דשיימס סטאַר'ס פלאַן איז דער בעסטער צו בעאַרבייטען דיא מינע און האט דער ערשטער געגעבען אַ מיליאָן פונט סטערלינג אויסצופיהרען דיעזען פלאַן.

---

*) אין דער מאַמאָטה הייל לעבען לואיסוויל אין קענטוקי געפינען זיך אויך פיש אין דיא טייכען אונטער דער ערד. זיי זיינען אויך בלינד. דער קאָפּ איז ביי זיי אזוי גלאַט, אַז מען דערקענט גאָר ניט דאָס אָרט, וואו דיא אויגען דאַרפען זיין. דער געלערנטער טשאַרלז דאַרווין ערקלערט, פאַר וואס דיא פיש זיינען בלינד. דאס ערשטע מאל, ווען דיא הייל האט זיך גע־בילדעט און האט פערדעקט אַ גרויסען טייך מיט פיש, האבען דיא פיש געהאט אויגען, וויא אַלע פיש. אין דער פינסטער אבער האבען זיי דיא אויגען ווייניג גענוצט. דיא פיש האָבען זיך פערמעהרט. דיא ניי געבאָרענע פיש האבען שוין גאָר ניט געעפענט זייערע אויגען. אזוי זיינען פערגאַנגען טויזענדע יאהרען, ביז דיא איצטיגע פיש דאַרטען האבען זאגאר קיין צייכען ניט, וואו דיא אויגען דאַרפען זיין.

דיזוער לארד גלענארוואן און זיין פֿרוי, ליידי העלענא, פֿלעגען זעהר אָפֿט קומען קיין קאָהל סיטי, פֿלעגען בעטראַכטען דיא ארבייט אין דער מינע און דיא וואינונגען פֿון דיא אַרבייטער.

דשיימס סטאר האט זיך אויסגעבויט אַ הויז לעבען סיימאָן ווארד'ס הויז און פֿלעגט וואינען אין דער מינע גלייך מיט דיא ארבייטער. ער האט איינגעפֿיהרט, אז דיא ארבייטער זאלען ניט נעהמען קיין געהאלט, זאנדערן זאלען בעקומען אקציען פֿאר זייער ארבייט. זיי זיינען געווען גלייכע אקציאנערן מיט לארד גלענארוואן, דשיימס סטאר און דיא אנדערע.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויפֿיעל מענשען עס זיינען געקומען און האָבען געבעטען ארבייט ביי דשיימס סטאר. צוערשט האט ער צוגענומען אלע אלטע ארבייטער, וועלכע האבען געארבייט אין דארטשארט פיט. ערשט שפּעטער, ווען עס פֿלעגט איהם פֿעהלען ארבייטער, פֿלעגט ער צונעהמען נייע מענשען. פֿאר יעדען נייען ארבייטער פֿלעגט מען אויסבויען אַ נייע שטיבעלע.

דיא ארבייטער זיינען געווען גליקליך. אין קאָהל סיטי האט מען ניט געוואוסט ניט פֿון קיין רעגען, ניט פֿון קיין שנעע און ניט פֿון קיין קעלט. פֿון'ם אלטען סיימאן ווארד איז שוין גאר ניטא וואס צו רעדען. זייט עס האט זיך געעפֿענט דיא נייע מינע, האט ער גאר ניט געוואלט וויסען, אויב עס איז דא ערגעץ נאך אַ וועלט אויסער קאָהל סיטי.

קאָהל סיטי איז געוואקסען פֿון יאהר צו יאהר. דיא קינדער, וועלכע זיינען דאס ערשטע יאהר געבארען געווארען אין קאָהל סיטי, האבען אלע געהייסען דשיימס אדער סיימאן צו עהרען פֿון'ם אינזשעניר און דעם אלטען סיימאן ווארד. דשעק רייען האט אמאל געלאכט:

— אט האט איהר אַ קינד, וועלכעס איז שוין אלט פֿיערצעהן מאנאטע און עס האט נאך ניט געזעהן דאס ליכט פֿון'ם טאג.

דשעק רייען האט געוואינטביים אלטען ווארד. מעדש האט איהם ליעב געהאט, וויא איהר זוהן, הערדי. זיי פֿלעגען ביידע ווייטער ארבייטען צוזאמען און פֿלעגען אָפֿט רעדען פֿון דיא פֿייער דאמען און פֿון דיא גייסטער, וועלכע געפֿינען זיך אין קאָהל סיטי.

אזוי וויא דשעק רייען איז ווירקליך געווען אַ גוטער ארבייטער, האט איהם דשיימס סטאר געמאכט פֿאר א פֿארמאן אין איין טהייל פֿון דער מינע.

סיימאן ווארד האט ניט געקענט פֿערגעסען, אז דשעק רייען האט זיי גערעטעט דאס לעבען. ער פֿלעגט עס איהם אָפֿט זאגען.

— איהר האט מיר ניט וואס צו דאנקען, פֿלעגט דשעק רייען ענטפֿערן, וורייל איך וואלט גאר ניט געקענט טהאן, ווען ניט יענער גייסט, וועלכער האט אונז געוויעזען דעם וועג צו אייך.

— עס איז ניט געווען קיין גייסט, דשעק, פֿלעגט דער אלטער מאן זאגען. עס איז געווען אַ מענש.

— ניין, הערר סיימאן! איהר וועט מיר ניט איינרעדען. דאס איז געווען

א גייסט, דער זוהן פון דער פייער דאמע אדער גאר איהר איניקעל.

— מיר מוזען דאך אמאל אויסגעפינען, ווער עס איז געווען, פלעגט זאגען העדרי ווארד פערטראכט.

ער האט אויך ניט געגלויבט אין גייסטער, וויא זיין פאטער און זייט דיא מינע האט זיך געעפענט, פלעגט ער אלץ זוכען א מיטעל, וויא אזוי אויסצוגעפינען, וואס פאר א געהיימניס עס ליעגט דא בעגראבען אזוי טיעף אין דער ערד.

— ווילסט דוא מיר העלפען, דשעק?

— מיט גאנצען הארצען, העררי! פיהר מיך, וואוהין דוא ווילסט, איך וועל געהן מיט דיר מיט פערגניגען. איך האב שוין יעצט קיין מורא ניט פאר קיין גייסטער. איך האב געזעהן דיא פייער דאמע מיט מיינע אויגען און האב געזעהן דעם גייסט, וועלכער האט אייך פערמויערט. וואס האב איך שוין מורא צו האבען פאר זיי?

דיעזעס געשפרעך האבען זיי געהאלטען דריי יאהר נאכדעם, וויא דיא נייע מינע האט זיך געעפענט.

קוים איז העררי געזונד געווארען און עס האבען זיך אנגעהויבען דיא ארבייטען פון דער נייער מינע, איז איהם ניט ארויס פון קאפ דער געדאנק: ווער איז עס געווען, וואס האט אונז פערמויערט אין דער נייער מינע? ווער האט אונז געבראכט ברויט און וואסער אין דער נייער מינע? און ווער האט עס געפיהרט דשעק רייען און לארד עלפינגסטאן וויזען, וואו מיר ליעגען האלב טויט?

קוים פלעגט ער נור צייט האבען, פלעגט ער נעהמען זיין לעמפעל און ארומגעהן זוכען, פארשען און שפירען, וואס עס טהוט זיך אין דער נייער מינע. ער האט זיך אומיסטען אויסגעבויט א שיפעל, אום ער זאל קענען ארומפאהרען אויף דער אזיערא (זעע) און זעהן, פיעללייכט וועט ער ערגעץ געפינען א הייל, א וועג, א פערבארגענע גאלערעע, וואו א מענש קען זיך אויפהאלטען. דאס הערץ האט איהם געזאגט, אז אם ענדע וועט עס איהם דאך געלינגען. דיעזער געדאנק האט איהם פערפאלגט, ווען ער האט געוואכט, ווען ער האט געארבייט און ווען ער האט געשלאפען.

אונטערדעסען איז דאס לעבען אין קאהל סיטי געגאנגען זיין וועג. עס זיינען אלע מאל צוגעקומען נייע הייזער, נייע גאסען און נייע סקווערס. עס זיינען צוגעקומען ארבייטער מיט זייערע פאמיליען. מען האט געלעבט אין קאהל סיטי, וויא אין יעדע אנדערע שטאדט. ווען מען פלעגט אוועקלעגען דיא ארבייט, פלעגען זיך פערזאמלען יונגע לייט און יונגע מעדכען ביים ברעג פון מאלקאלם לייק, פלעגען זינגען, שפיעלען, רעדען, לאכען און טאנצען.

דשעק רייען פלעגט דאמאלס בעווייזען זיינע קונסטשטיקע. ער פלעגט זינגען און פלעגט פיהרען דאס גאנצע רעדעל. נור איין העררי ווארד פלעגט זיך האלטען אן א זייט. ער פלעגט צוואר קומען אויף דיא פערזאמלונגען, ער פלעגט אבער זעלטען טהייל נעהמען אין זיי.

אין קאהל סיטי זיינען געווען פיעלע שעהנע מעדכען. דיא אלטע מערש

פלעגט אלץ האָבען, אז איהר הערריי וועט זיך ענדליך פערליעבען אין אַ מעד־כען, וועט זיא הייראַטהען און זיא וועט ענדליך אמאל זיין אַ גראָס־מוטער; זיא וועט האבען דיא זכיה צו האלטען אַן אייניקעל אויף דיא הענד.

צו איהר בעדויערן האט זיא בעמערקט אין דער לעצטער צייט, אז הערריי געהט ארום עפּעס ערנסט און פערטראַכט. איהר האט זיך זאגאר אויסגעוויזען, אז ער איז עפּעס טרויעריג. זיא האט געבעטען דשעק רייען, ער זאל איהם מאַכען פרעהליכער, ער זאל איהם פיהרען ערגעץ און זאל איהם עפּעס אויפמונטערן. דשעק רייען האט געטהאן, וואס ער האט געקענט. הערריי איז אבער אלץ געבליבען טרויעריג און פערטראַכט.

15טעס קאַפּיטעל.

# אויף אַ פּאַדים.

אין איין זונטאג, ווען אין קאַהל סיטי האט מען ניט געארבייט און אלעס איז געוועזען שטיל און רוהיג, זיינען ביידע פריינד, דשעק רייען און הערריי וואַרד ארומגעגאנגען אויפ׳ן ברעג פון מאלקאלם לייק.

עס איז געוועזען אין מאנאט יוני. אויבען איז געוועזען זעהר היים און עס זיינען אנגעקומען פיעל געסט פון דיא שטעדט ארום בעזוכען קאַהל סיטי און זיך אביסעל אפקיהלען.

יעדען זונטאג פלעגען קומען זעהר פיעל געסט קיין קאַהל סיטי. עס פלעגען קומען פריינד און בעקאַנטע פון דיא ארבייטער; עס פלעגען קומען דיא פארמערס פון ארום מיט זייערע פאַמיליען; עס פלעגען אבער אויך קומען גאַנץ פרעמדע מענשען: רייזענדע, געלערנטע, שרייבער און דיכטער בעטראַכטען דיזעס נייע וואונדער.

דיזען זאנטאג זיינען געוועזען בעזאנדערס פיעל געסט אין קאַהל סיטי. אלע זיינען ארומגעגאנגען אין דיא גאַסען פון דער נייער שטאדט און האבען בעוואונדערט דיא נייע איינריכטונגען. דיא עלעקטרישע לאמפען האבען געברענט און בעלייכטעט דיא גאַסען און דיא הייזער פון דיזער שטאדט, וועלכע איז געלעגען פופצעהן הונדערט פוס טיעף אונטער דער אבערפלעכע פון דער ערד.

הערריי וואַרד און דשעק רייען זיינען ארומגעגאנגען אויפ׳ן ברעג פון׳ם קליינעם זעע. הערריי איז געוועזען טרויעריג און פערטראַכט.

— זיי אביסעל פרעהליכער, הערריי, האט דשעק רייען געבעטען. זעה, מיר האבען אזוי פיעל געסט היינט. פיעלע פון זיי קענען דיך. ווען זיי וועלען זעהן, אז דוא ביסט אזוי טרויעריג, וועלען זיי מיינען, אַז דיר געפעלט ניט דא, ביי אונז. דוא ווילסט בעסער זיין אויבען, דארט וואו עס וואַקסט גראז.

— לאז מיך צו רוה, דשעק, האט הערריי געבעטען. דוא ביסט פרעהליך און לוסטיג פאר אונז ביידען. קיינער וועט זיך אויף מיר ניט אומקוקען, ווען ער וועט זעהן, אז דוא ביסט אזוי פרעהליך.

— דוא ביסט אבער טרויעריג פאר צעהן מענשען, האט דשעק אויסגערו־

פֿען. דוא מאַכסט מיך אויך טרויעריג. דוא גענהסט אַרום אַזוי פֿערטראַכט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען, אַזוי ניעדערגעשלאַגען, גלייך וויא דיא גאַנצע וועלט וואָלט איינגעפֿאַלען אויף דיר. — הערריו זאָג מיר, וואָס איז מיט דיר דער מעהר?

— דוא ווייסט עס דאָך, דשעק!

— אַלזאָ, דוא קענסט נאָך אַלץ ניט פֿערגעסען דיא אַלטע געשיכטע? דוא טראַכסט נאָך אימער איבער דיא אַלטע פֿראַגען: ווער האָט אייך דאַמאַלס איינגעמויערט אין ניי אַבערוויל? ווער האָט אייך געבראַכט ברויט און וואַסער און ווער האָט דאַן אויפֿגעבראָכען דעם מויער און האָט מיך און לאָרד עלפֿינגסטאָן געפֿיהרט צו אייך?

— יאָ, דשעק! אימער דיא אַלטע פֿראַגען.

— אַבער, ליעבער הערריו, ווען דוא זאָלסט טהאָן, וויא איך און זאָלסט אַלעס אַרויפֿוואַרפֿען אויף דיא גייסטער פֿון דער מינע, וואָלטען דיך אַזעלכע געדאַנקען מעהר ניט בעאונרוהיגט. דאָס אַלעס האָבען געטהאָן דיא גייסטער. עס זיינען דאָ גוטע גייסטער און שלעכטע גייסטער. דיא שלעכטע גייסטער האָבען אייך פֿערמויערט אין דער נייער מינע און דיא גוטע גייסטער האָבען אייך געראַטעט. דאָס איז אַלעס! קלאָר און דייטליך!

— ניין, דשעק, ניין! דאָס זיינען ניט געוועזען קיין גייסטער, וויא דוא מיינסט. אַזעלכע גייסטער זיינען ניטאָ, זיי געפֿינען זיך נור אין אונזער איינבילדונגס קראַפֿט. דאָס זיינען געוועזען מענשען. אַ בעווייז האָסט דוא, אַז דאָס זיינען געוועזען מענשען, אַז זייט דריי יאָהר, זייט מען האָט זיך גענומען געשמאַק צו דער אַרבייט אין דער נייער מינע, האָבען זיך דיא גייסטער מעהר ניט בעוויעזען. ווען עס זאָלען געוועזען זיין גייסטער, וואָלטען זיי זיך ניט געשעהמט פֿאַר אונז און וואָלטען אונז אָפּגעטהאָן עפּעס אַ שטיקעל. עס זיינען אַבער מענשען, וועלכע האָבען מורא, ווען זיי זעהן, אַז מיר זיינען מעהרער און שטאַרקער פֿון זיי.

— ווען דיא גייסטער קומען ניט צוריק, וועלען דיא מענשען אויך ניט צוריקקומען. אַלזאָ, וואַרף אַוועק אַלע דיעזע טרויעריגע געדאַנקען און לאָמיר בעסער פֿרעהליך זיין.

— איך קען ניט פֿרעהליך זיין, ביז וואַנען איך וועל ניט אויסגעפֿינען דאָס געהיימניס פֿון דיעזער מינע, האָט הערריו געענטפֿערט פֿערטראַכט. איך ווייס אַליין ניט פֿאַר וואָס דאָס איז; אַבער מיין האַרץ זאָגט מיר עפּעס, אַז דיא הענד, וועלכע האָבען אַראָפּגעוואָרפֿען דעם שטיין אויף אַ נזשעניר, דיא הענד, וועלכע האָבען אונז פֿערמויערט אין ניי אַבערוויל און האָבען צוגענומען און פֿערברענט דיא לייטערס פֿון דאַרטשאַרט פּיט, — דיעזעלבע הענד וועלען ניט רוהען ביז זיי וועלען אונז אַריינשלעפּען אין אַזאַ אונגליק, פֿון וועלכען מיר וועלען שוין ניט קענען אַרויס.

הערריו האָט גערעדט מיט אַזאַ פֿייער און מיט אַזאַ איבערצייגונג, אַז דשעק זייען האָט געמוזט שווייגען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס איהם צו ענטפֿערן. אויף גייסטער איז קיין פֿראַגע ניט. זיי זיינען גייסטער און טהוען, וויא זיי

געפעלט. זיי זיינען אביסעל וואהנזיניג און ווייסען ניט, וואס זיי טהוען. דיא פייט־דאמע האט געוואלט פערפיהרען דאס שיף „מאַטאַלאַ“, ווייל זיא האט אזוי גע־וואלט. דיא גייסטער איז געפעלען צו פערמויערן דעם אינזשעניר מיט דער פא־מיליע ווארד, ווייל עס איז זיי אזוי אויסגעקומען. — מענשען אבער מוזען דאן' האבען עפעס אַ צוועק. ווען מענשען טהוען עפעס, מוזען זיי זיך דאך איבער־לעגען, וואס זיי טהוען.

— הער נור, העררי, לאמיר זאגען, אז שלעכטע מענשען האבען אייך פער־פאָלגט און האבען אייך געוואלט טייטען. דוא מוזט דאך אבער צוגעבען, אז עס האט זיך געפונען אַ גוטער מענש, וועלכער האט אייך געבראַכט דריי מאל ברויט און וואסער, וועלכער האט אויפגעעפענט דיא מינע, ווען מיר זיינען געקומען אייך זוכען. אלזא, ווען דיא שלעכטע וועלען טראכטען אונז צו טהאן שלעכטעס, וועלען דיא גוטע אונז רעטען.

— ליעבער דשעק! האט העררי אויסגערופען, דאס בעאונרוהיגט מיך טאקע. איך זעה, אז דער גוטער מענש איז ניט געוועזען אים שטאנד אונז צו רע־טען. ער האט זיך געמוזט פערגנב׳ענען און אונז ברענגען ברויט און וואסער; ער האט זיך געמוזט פערגנב׳ענען און אויפברעכען דיא וואנד, וועלכע דער שלעכ־טער האט פערמויערט. דאס בעווייזט, אז ער האט מורא פאר דיא שלעכטע. ער איז צו שוואך געגען זיי. — אבער וואו איז ער, דיעזער גוטער מענש? פאר וואס בעהאלט ער זיך פאר אונז? פארוואס קומט ער ניט צו אונז?

— האסט דוא גאר קיין שפור פון איהם, גאר קיין צייכען פון איהם גע־פונען זייט דריי יאהר, איך מיין, זייט דיא נייע מינע האט זיך געעפענט.

— איך ווייס ניט, וואס איך זאל דיר זאגען, האט העררי געענטפערט. מיר דאכט, אז איך האב יא געפונען עפעס אַ שפור פון איהם.

דשעק רייען איז געווארען נייגיעריג. אזוי ערנסט האט העררי וואָרד מיט איהם נאך קיין מאל ניט גערעדט. ער האט אוועקגעפיהרט הערריין ווייט אין דער מינע און האט איהם אנגעהויבען צו בעטען, ער זאל איהם זאגען, וואס פאר אַ שפור ער האט געפונען פון דיא זאנדערבארע מענשען, וועלכע געפינען זיך דא אין דער מינע. העררי האט אנפאנגס ניט געוואלט זאגען. דשעק אבער האט איהם אזוי לאנג געבעטען, ביז ער האט געמוזט נאכגעבען.

— הער מיך אויס, דשעק. פינף מייל פון דאנען, דארט, וואו דער זעע (אזיערא) לייק קעטרין געפינט זיך איבער דער מינע, געפינט זיך אין דער מינע אַ טיעפער ברונען. איך ווייס ניט, אויב עס איז אַ ברונען אדער אזוי אַ טיעפער גרוב. אלענפאלס, ווען מען בעלייכטעט איהם מיט אַ לאמפ, זעהט מען נור אַ שווארצען טיעפען אבגרונד.

מיט אכט טעג צוריק בין איך דארט געוועזען. איך האב געוואלט אויסמעס־טען, וויא טיעף דער ברונען איז און וויכען וואס אונטען געפינט זיך: וואסער אדער ערד. איך האב צוגעבונדען אַ שטיקעל בליי צו אַ פאדים און האב איהם אראפ־געלאזען. דוא ווייסט דאך, דשעק, וויא אזוי מען מעסט אויס אַ ברונען. איך

האב מיך איינגעבויגען איבערן ברונען און האב געוואלט זעהן, וויא ווייט מיין פֿאדים מיטין בליי וועט גרייכען. פלוצלונג האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז דיא לופֿט אין ברונען הייבט זיך אן צו ריהרען, גלייך וויא אַ גרויסער פֿויגעל וואלט אנגעהויבען צו פֿאכען מיט זיינע גרויסע פֿליעגעל. מיך האט עס זעהר איבער־ראשט, ווייל דאמאלס, ווען מען האט אונז פֿערמויערט אין דער מינע, האט זיך אויך דיא לופֿט אנגעהויבען צו בעוועגען און אַ פאר פֿליעגעל האבען מיר ארויס־געריסען מיין לאמפ פֿון דיא הענד.

— מעגליך, אז אַ פֿויגעל האט דארט זיין נעסט, האט דשעק געענטפֿערט. מען ארבייט דארט ניט און עס געפֿינען זיך דארט אַ פאר לעבער, דורך וועלכע דער פֿויגעל קען אריינפֿליעהען און ארויספֿליעהען. איך ווייס, אז עס מאכט זיך זעהר אָפֿט, אז פֿייגעל מאכען זיך נעסטער אין אַ מינע.

— איך האב אנפֿאנגס אויך אזוי געטראכט. איך בין דאהער געוועזען עט־ליכע מאל ביי דיזען ברונען און האב מיך אניעדערגעלעגט פֿון דערווייטען זעהן, פֿיעללייכט וועט דער פֿויגעל קומען. — ער איז ניט געקומען. היינט אין דער פֿריה בין איך וויעדער דארט געוועזען. איך האב מיך איינגעבויגען איבערן ברונען און האב געהערט אַ קרעכץ.

— אַ קרעכץ? האט דשעק אויסגערופֿען. דאס קען ניט זיין! עס האט זיך דיר אויסגעוויעזען. ווער זאל דארט קרעכצען? — עס איז געווים געוועזען אַ גייסט.

— מארגען, דשעק, וועל איך וויסען, וואס דארט איז, האט הערריי געזאגט, וויא צו זיך אליין.

— מארגען? האט דשעק רייען אויסגערופֿען. וויא אזוי וועסט דוא עס מארגען וויסען?

— איך וועל מיך אראפלאזען אין ברונען.

— הערריי! טהו עס ניט! צו וואס זאלסט דוא איינשטעלען דיין לעבען?

— איך וועל גיט זיין אליין. מארגען וועל איך מיטנעהמען עטליכע פֿון מיינע בעקאנטע. איך וועל מיך אראפלאזען אויף אַ שטריק אין טיעפֿען ברונען. ווען איך וועל געבען אַ צייכען, וועט מען מיך צוריק ארויפֿציעהען. — ווילסט דוא אויך געהן מיט מיר און מיר העלפֿען?

דשעק רייען האט טרויעריג געשאקעלט מיטין קאפּ.

— איך וועל געווים געהן מיט דיר, הערריי האט ער ענדליך געזאגט. איך וויעדערהאל אבער, אז מיר געפֿעלט ניט דיין פלאן. דוא ריזקירסט דיין לעבען גאר אומזיסט. איך זאג דיר נאך אמאל, דוא טהוסט זעהר שלעכט.

— איך מיין, אז איך טהו זעהר גלייך, וואס איך זוך נאך דיא אורזאכע פֿון דיא שטערונגען, וואס מיר האבען געהאט און וואס מיר קענען נאך האבען. אלענפֿאלס, האב איך מיך שוין איין מאל ענטשלאסען. — אַ גוטען טאג, דשעק! זאג עס קיינעם ניט. מארגען פֿריה אום זעקס אוהר!

דשעק רייען האט איהם נאך געוואלט אויפֿהאלטען און איהם אפראטען

פֿון אזא געוואגטען אונטערנעהמען. הערריווארד אבער האט זיך אויסגעדרעהט און איז אוועקגעגאנגען צו זיך אהיים. דשעק רייען האט איהם דיעזען טאג מעהר ניט געזעהן.

ער איז געווען זעהר אונצופֿריעדען מיט זיין פֿריינד הערריי.

— פֿאר וואס זאל ער זובען מענשען, ווען עס איז קלאר, וויא דער טאג, אז דאס האבען געטהאן גייסטער? האט ער גערעדט צו זיך אליין.

פֿון דעסטוועגען האט ער זיך ענטשלאסען צו העלפֿען הערריין און איהם בייצושטעהן. דעם אנדערן טאג אום זעקס אוהר אין דער פֿריה איז ער נאך מיט דריי שטארקע יונגע לייט געשטאנען ביים ברונען און האט ערווארטעט זיין פֿריינד. אין אַ קורצע צייט איז הערריי אנגעקומען.

הערריי האט קיינעם ניט געזאגט, וואו ער געהט. ניט דער אינזשעניר, ניט זיינע עלטערן האבען געוואוסט, אז ער וויל זיך אראפּלאזען אין ברונען. דשעק רייען האט אויך קיינעם ניט דערצעהלט, וואוהין ער געהט. ער האט גערופֿען דריי ארבייטער, זיינע פֿריינד, און זיינען געגאנגען מיט איהם.

הערריי ווארד האט מיטגעבראכט אַ דינעם, אבער פֿעסטען שטריק פֿון צוויי הונדערט פֿוס דיא לענג. זיי האבען אפּגערעדט, אז ער זאל זיך ארומבינדען מיט אַ שטריק אונטער דיא ארימס און זיי זאלען איהם אראפּלאזען אין ברונען. אזוי וויא זיינע הענד וועלען זיין פֿריי, וועט ער קענען געבען א ריס דעם שטריק. דאס וועט זיין אַ צייכען, אז ער וויל, מען זאל איהם ארויפֿשלעפּען.

דער ברונען איז געווען גענוג ברייט פֿון אויבען. מען האט אריבערגעלעגט איבערן ברונען אַ גראבען קלאץ און צו דיעזען קלאץ האט מען צוגעבונדען דעם שטריק, וואס הערריי האט מיטגעבראכט.

אין איינינע מינוט איז אלעס פֿערטיג געווען.

— הערריי, ווילסט דוא נאך זיך אראפּלאזען אין ברונען? האט דשעק רייען געפֿרעגט. איבערלעג דיר נאך אמאל, וואס דוא טהוסט!

— איך האב מיך שוין גענוג איבערלעגט און האב מיך פֿעסט ענטשלאָ-סען, איך זאל מיך אראפּלאזען.

עס האט גאר ניט געהאלפֿען. דשעק האט פֿעסט ארומגעבונדען דעם שטריק הערריין אונטערן ארים. צום גארטעל האט ער זיך צוגעבונדען אַ זיכער-הייטס לאמפּ און האט אריינגעשטעקט אין גארטעל צוויי מעסערס. ער זאל זיך האבען מיט וואס צו פֿערטהיידיגען.

לאנגזאם און פֿארזיכטיג האט זיך הערריי אראפּגעלאזען אין ברונען. זיינע קאמעראדען האבען צו ביסלעכווייס אפּגעוויקעלט דעם שטריק. וואס ניעדעריגער הערריי איז געקומען, אלץ מעהר האט ער געפֿיהלט, אז אונטען איז דיא לופֿט פֿרישער. ער האט געזעהן, אז דיא ווענט פֿון׳ם ברונען זיינען גלאט. קיינע זייטען גענג און קיינע זייטען גאלערעען האט ער ניט בעמערקט. ער האט דאהער גע-רעכענט, אז אונטען מוז דער ברונען האבען עפּעס אן אויסגאנג.

ענדליך איז ער אנגעקומען אונטען. ער איז געבליעבען שטעהן אַ מינוט

אום אויפצואוטהעמען און זיך ארומצוקוקען. ער האט גענומען זיין לאמפ און האט אנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען. ער האט ווירקליך געפונען, וואס ער דאט ערווארטעט. אונטען איז ווירקליך געווען א וועג אין א זייטען גאלע־רעע. דער אריינגאנג איז אבער געווען אזוי ענג, אז ער האט געמוזט קריעכען אויפ'ן בויך.

ווען ער האט אנגעהויבען צו קריעכען, האט ער דערפיהלט, אז עפעס ליעגט אין וועג. — עפעס א קערפער. ער האט זיך באלד אויפגעהויבען און איז באלד צוריקגעקראכען, האט גענומען זיין לאמפ און האט אנגעהויבען צו בע־טראכטען, וואס דאס איז.

— א קינד! האט ער אויסגערופען ניט מיט זיין קול.

ער האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דעם קערפער. דאס קינד איז געווען פערגליווערט, אבער נאך ניט אין גאנצען קאלט און ער האט נאך געאטהעמט זעהר שוואך.

— וויא קומט דיעז'ס קינד אהער? האט ער געפרעגט זיך אליין.

יעצט אבער איז ניט געווען קיין צייט פיעל צו טראכטען. ער מוז ארויס־נעהמען דאס קינד און עם אויפמינטערן. ער האט זיך צוגעבונדען דעם לאמפ צום גארטעל, האט זיך ארומגעבונדען מיט'ן שטריק, האט גענומען דאס קינד אויף דיא הענד און האט אנגעהויבען צו שאקלען מיט'ן שטריק, א צייכען, אז מען זאל איהם ארויפציעהן.

זיינע קאמעראדען האבען דערזעהן דעם צייכען און האבען אנגעהויבען איהם ארויפצושלעפען. יעצט איז הערדי געווארען זעהר פארזיכטיג. ער איז דאך יעצט ניט אליין. דער שטריק מוז יעצט אויסהאלטען צוויי מענשען.

דיא ערשטע פאר מינוט איז אלעס צוגעגאנגען שטיל און רוהיג. פלוצ־לונג ער האט דערהערט, וויא פון אונטען, פון'ם ברונען, האט זיך דיא לופט אנגע־הויבען צו בעוועגען און צוויי שטארקע פליעגעל האבען אנגעהויבען צו קלאפען. הערדי האט אראפגעקוקט און האט דערזעהן עפעס א שווארצע זאך, וויא א גרויסער פויגעל פאטשט מיט דיא פליעגעל און פליהט ארויף. דער פויגעל איז פארביינגעפלויגען לעבען איהם, האט א פאר סעקונדען געשוועבט איבער זיין קאפ, דאן האט ער זיך אראפגעלאזען אויף איהם מיט א שרעקליכער וואוטה (רציחה). ער האט איהם געשלאגען מיט דיא פליעגעל און געביסען מיט זיין שארפען שנאבעל.

הערדי האט געהאט נור איין פרייע האנד, מיט וועלכער ער האט געקענט זיך פערטהיידיגען. וואונדערבאר! דער פויגעל האט געזוכט אויסצומיידען דאס קינד און איז אנגעפאלען נור אויף הערדי. ער וואלט איהם געוויס געווען אויסגע־שטאכען דיא אויגען, ווען דער שטריק וואלט זיך ניט געווען דרעהן און יעדעס מאל, ווען ער האט איהם געוואלט טרעפען מיט זיין שטארקען שנאבעל, איז הערדי'ס קערפער אפגעשפרונגען. הערדי האט געזעהן, אז ער האט צו טהאן

מיט אַ שרעקליכען פֿיינד. ער האט אנגעהויבען צו שרייען צו זיינע קאמעראדען, זיי זאלען איהם שנעלער ארויפֿציעהען.

זיינע קאמעראדען האבען דערהערט זיין געשריי און האבען זיך געגעבען אלע מיה, זיי זאלען איהם שנעלער ארויפֿציעהען.

דער פֿויגעל האט עס דערזעהן, האט אפגעלאזען הערריין און האט אנגעהויבען צו בייסען דעם שטריק מיט זיין שטארקען שנאבעל. הערריי האט פֿערשטאַנען דיא געפֿאהר, וועלכע דראהעט איהם. דער פֿויגעל האט געוואלט איבערבייסען דעם שטריק, אז הערריי זאל אראפּפֿאלען הונדערט פֿוס טיעף. הערריי איז געווארען פֿערצווייפֿעלט. זיינע האר האבען זיך אויפֿגעשטעלט, וויא שפּילקעס אויף זיין קאפּ. אַ ווילדער, שרעקליכער געשריי אין זיין טוידעס אנגסט האט זיך ארויסגעריסען פֿון זיין האלז.

ער האט פֿערשטאנען, אז ווען זיינע קאמעראדען זאלען יעצט ציעהן דעם שטריק נאך שטארקער, וועט ער זיך געוויס איבעררייסען. ער האט אוועקגעווארפֿען פֿון זיך דאס מעסער, האט עננער צוגעפּרעסט צו זיך דאס קינד מיט דער לינקער האנד און מיט דער רעכטער האט ער אנגעכאַפּט דעם שטריק העכער פֿון דעם ארט, וואו דער פֿויגעל האט איהם געביסען מיט'ן שנאבעל.

יעצט האט זיך אנגעהויבען אַ פֿערצווייפֿעלטער קאמפּף צווישען פֿויגעל און הערריי. דער פֿויגעל האט איהם געביסען דיא האנד, געריסען דעם שטריק און האט געזוכט צו טרעפֿען איהם מיט'ן שנאבעל אין דיא אויגען.

הערריי איז געווען פֿערצווייפֿעלט. ער האט געזעהן, אז עס איז אונמעגליך איינצוהאלטען דאס קינד. ער האט עס שוין געוואלט אפּלאזען און זיך רעטען.

צום גליק, האט דשעק רייען פֿערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט און האט אנגעהויבען ארויפֿצוציעהן איהם נאך שנעלער. באלד האט ער אנגעכאַפּט זיין פֿריינד הערריי ביים קאפּ און ביי דער האנד און האט איהם ארויסגעשלעפּט פֿון ברונען. דער פֿויגעל האט זיך דערשראקען, ווען ער האט דערזעהן אזוי פֿיעל מענשען און איז ערגעץ פֿערשוואונדען געווארען.

קוים איז הערריי ארויסגעקומען פֿון ברונען, איז ער געפֿאלען אין אהנמאכט. ער האט איבערלעבט אזוי פֿיעל אין דיא אייניגע מינוט, וואס ער האט פֿערבראכט אין ברונען, אז זיינע קרעפֿטע זיינען פֿערשוואונדען און ער איז געבליבען ליעגען, וויא אַ שטיק האלץ.

16טעם קאפּיטעל.

## נעללי ביי סיימאן וואַרד.

דשעק רייען און זיינע ארבייטע'ר האבען זיך גענומען אויפֿמינטערן הערריין. וויא ערשטוינט זיינען זיי געווען, ווען זיי האבען דערזעהן, אז ער האלט אין דיא הענד עפּעס אַ קערפּער פֿון אַ מענשען. זיי האבען באלד גענומען הערריי מיט'ן קינד אדער מיט'ן קערפּער, וואס ער האט געהאלטען צוגעדריקט צו זיין ברוסט און האבען זיי געטראגען אהיים צו סיימאן וואַרד.

הערריי איז באלד געקומען צו זיך און האט געעפענט דיא אויגען. ער איז צוואר געווען שטארק צוביסען און פערבלוטיגט. זיינע וואונדען זיינען אבער געווען ניט געפעהרליך. מעדש האט אפגעוואשען און פערבונדען זיינע וואונדען און אין א קורצע צייט איז ער ווידער געווען פריש און געזונד.

מיט דעם מענשליכען קערפער אבער, וואס הערריי האט ארויסגעשלעפט פון ברונען, האט זיא שוין געהאט מעהר מיה.

הערריי האט אנפאנגס געמיינט, אז ער האט געראטעוועט עפעס א קינד; ווען מען האט אבער בעסער בעטראכט דעם קאלטען קערפער, האט מען דערזעהן, אז דאס איז א מעדכען פון א יאהר פופצעהן-זעכצעהן. זיא איז געווען עדעל און אויסגעדארט — הויט און ביינער.

דיא אלטע מעדש האט זיך גענומען צו דער ארבייט. זיא האט אויסגעווארעמט דאס קינד, האט איהם אריינגעגאסען אין מויל ווארעמע זופ און האט געטהאן אלעס מעגליכע אום דאס יונגע מעדכען צו רעטען. ענדליך האט זיא געעפענט דיא אויגען און האט זיך ארומגעקוקט ווילד און דערשראקען. זיא האט באלד פערמאכט דיא אויגען. זיא האט ניט געקענט ליידען דעם שיין פון דיא לאמפען און ווארדים וואינונג. זיא איז ניט געווען געוואינט צום ליכט. דשעק רייען און הערריי ווארד זיינען געשטאנען און האבען געקוקט אויף דיעזע בעשעפעניש, וועלכע זיי האבען געבראכט אהיים. דשעק רייען האט ניט פיעל געקלערט און האט בעשלאסען, אז דאס איז א גייסט אדער דיא טאכטער פון א גייסט, פון דער פייער דאמע. אנדערש האט ער זיך ניט געקענט ערקלערן, וויא אזוי זיא איז געקומען אין טיעפען ברונען.

הערריי איז אויך געווען ערשטוינט און איבערראשט, ווען ער האט דערזעהן דאס מעדכען, וועלכעס ער האט אזוי וואונדערבאר געראטעוועט. פאר איהם איז עס אויך געווען א רעטעניש, וויא זיא קומט אהין. ער האט אבער ניט גערעכענט, אז דאס איז א גייסט, אן איבערנאטירליכעס וועזען. ער האט גערעכענט, אז דאס איז א מענש, וויא אלע מענשען.

מעדש איז אזוי לאנג ארומגעגאנגען ארום דעם האלב טויטען קינד, האט עס געווארעמט און געמינטערט, ביז דאס מעדכען האט ענדליך געעפענט דיא אויגען און האט זיך ארומגעקוקט.

— וויא הייסט דוא, מיין קינד? האט דיא אלטע מעדש געפרעגט.

— איך הייס נעללי, האט דאס מעדכען געענטפערט.

— טהוט דיר עפעס וועה?

— איך וויל עסען. איך האב שוין ניט געגעסען — זייט.... זייט —

נעללי האט גערעדט ניט ענגליש, זאנדערן דיא גאנץ אלטע גאללישע שפראכע, וועלכע מען רעדט נאך נור אין אייניגע דערפער אין שאטלאנד. סיימאן ווארד און זיין פרוי האבען נאך פערשטאנען דיעזע שפראכע, הערריי אבער און דשעק רייען האבען זיא קוים, קוים פערשטאנען.

דיא אלטע מעדש האט איהר באלד געגעבען עפעס עסען. זיא האט גוט

געדענקט, וויא דער דאקטאר האט זיי בעהאנדעלט, ווען מען האט זיי געפונען פערהונגערט און האלב טויט אין דער מינע. אזוי האט זיא יעצט בעהאנדעלט דיא אונגליקליכע נעללי. זיא האט איהר געגעבען עסען צו ביסעלעך, האט איהר אפט געגעבען א לעפעל וויין און האט זיא געלאזען יעדעס מאל זיך אפרוהען.

זיא האט ניט געוואלט מיט איהר רעדען, ביז זיא וועט קומען צו זיך און וועט זיין אים שטאנד זיך אויפצוהויבען. אזוי איז פערגאנגען דער טאג. דיא נאכט איז נעללי איבערגעשלאפען זעהר רוהיג. מעדש איז א פאר מאל אויפגעשטאנען ביי נאכט און האט איהר געגעבען א לעפעל זופ און א ביסעל וויין.

דעם אנדערן טאג איז נעללי שוין געווען גענוג קרעפטיג, אז זיא האט זין געקענט אויפזעצען אויפ'ן בעט. מעדש האט געוואלט מיט איהר רעדען און זיי אויספרעגען.

— וויא לאנג ביסט דוא געווען דארט אין ברונען? האט מעדש געפרעגט.

— וויא לאנג? — איך ווייס ניט, האט נעללי געענטפערט.

— איך מיין, וויא פיעל טעג ביזט דוא דארט געווען.

— טעג? וואס הייסט טעג? איך ווייס ניט.

זיא האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אזוי טרויעריג, אז דיא אלטע מעדש האט אנגעהויבען צו האבען מיטלייד מיט איהר. זיא האט גענומען נעלליס קליינע הענטלעך, האט זיי אנגעהויבען צו ווארעמען און האט זיי צוגעפרעסט צום הערצען.

— וויא אלט ביסט דוא, מיין קינד? האט זיא געפרעגט.

— אלט? — איך ווייס ניט, האט נעללי געענטפערט און האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, וויא א מענש, וועלכער פערשטעהט גאר ניט, וואס מען רעדט צו איהם.

— איך פרעג דיך, מיין קינד, וויפיעל יאהר דוא ביסט אלט? האט מעדש ווייטער געפרעגט.

— יאהר? וואס איז יאהר? — איך ווייס ניט.

עס איז געווען דייטליך, אז נעללי ווייס ווירקליך ניט, וואס עס הייסט א טאג אדער א יאהר.

דשעק רייען, הערריי און סיימאן ווארד, וועלכע זיינען געשטאנען דערביי און האבען אויסגעהערט, וויא דיא אלטע מעדש האט גערעדט מיט נעללין, האבען געקוקט אויף איהר פול מיטלייד און סימפאטיע.

ערשט יעצט האבען זיי זיך צוגעקוקט צו איהר און האבען זיא בעסער בעטראכט. זיא איז געווען אנגעטהאן אין אן איינפאך העמד פון גראבע לייוואנד און אין אן איינפאך קליידעל פון א גראבען שטאף. הערריי האט געפיהלט, אז עס ציהט איהם עפעס צו דיעזעס קינד, וועלכעס ער האט אזוי וואונדערבאר גערעטעט פון א זיכערן טויט.

נעללי האט איהם אויך דערקענט. קוים פלעגט ער אויפהייבען דיא אויגען צו איהר, פלעגט זיא אנהייבען צו שמייכלען צו איהם. ער איז צוגעגאנגען צו

איהר, האט זיא גענומען ביי דיא הענד און האט געפֿרעגט:
— נעללי! דארט — אונטען — אין ברונען — ביסט דוא געווען גאר אליין?
— אליין! אליין! האט נעללי אויסגעשריען און האט אנגעהויבען צו ציטערן.
איהרע אויגען זיינען געווארען ווילד, איהר געזיכט האט אנגענומען אן אויסדרוק פֿול שרעק און פֿורכט.
— אליין! אליין! האט זיא אויסגערופֿען נאך אמאל און איז אומגעפֿאלען אויפֿ'ן בעט.
אלע זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פֿערשטיינערט. עס איז געווען דייט־ליך, אַז נעללי האט עפּעס מורא, ווען מען דערמאנט איהר דעם ברונען.
— דאס קינד איז נאך זעהר שוואך, האט מעדש געזאגט. לאמיר זיא לא־זען צו רוה. זיא וועט זיך אָפּרוהען נאך אַ טאָג, דאן וועלען מיר קענען מיט איהר מעהר רעדען.
זיא האט צורעכט געמאַכט דיא קישענס אונטער איהר קאָפּ, האט זיא גוט איינגעדעקט און האט געזאגט:
— קום, סיימאָן! קום, הערריו לאָמיר זיא לאזען שלאָפֿען!
זיי זיינען אלע אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער. אין אַ פּאר מינוטען אַרום איז מעדש אריינגעגאנגען שטילערהייט זעהן, וואס נעללי טהוט. זיא האט געפֿונען, אז נעללי שלאָפֿט געשמאַק.
דיא געשיכטע, אז מען האט געפֿונען אַ יונגע מעדכען אין אַ ברונען טיעף טיעף אונטער דער ערד, האט ניט געקענט בלייבען קיין געהיימניס. דשעק רייען און דיא ארבייטער, וועלכע זיינען געגאנגען מיט הערריו וואַרד, האבען עס דער־צעהלט אין קאָהל סיטי. פֿון קאָהל סיטי איז מען דערפֿון געוואהר געווארען אויף דיא פֿארמס ארום. באלד האט מען דערפֿון געהערט אין גאנץ ענגלאנד.
נעללי איז געווארען דער געגענשטאַנד פֿון געשפרעכען אין גאנץ ענגלאנד, ואגאר דיא צייטונגען האבען אנגעהויבען צו שרייבען פֿון דיעזעס וואונדער.
„צוויי טויזענד פֿוס אונטער דער ערד, איינגעמויערט אין אַ שטיינערנעם ברונען, האט מען געפֿונען אַ מעדכען", האט געשריעבען אן עדינבורגער צייטונג. „ווער דאס מעדכען איז, פֿון וואנען זיא איז און וויא אזוי זיא קומט אהין, ווייס קיינער ניט. דאס מעדכען ווייס נור, אז זיא הייסט נעללי, ווייטער ווייס זיא גאר ניט."
דיא איינוואוינער פֿון קאָהל סיטי פֿלעגען זוכען עפּעס אַ תירוץ און קומען אין סיימאן וואַרד'ס וואוינונג אום אַ קוק צו טהאן אויף דיעזעס נייעס וואונדער.
דשעק רייען האט זיך געהאלטען פֿעסט, אז נעללי איז אַ גייסט. ווען ער פֿלעגט רעדען מיט הערריין פֿלעגט ער איהם זאגען אפֿען, אז דאס איז קיין מענש, אנדערן אַ גייסט, הערריו פֿלעגט לאַכען.
— הער נור, דשעק, האט ער איהם איינמאל געזאגט. לאז זיין, אז נעללי איז אַ גייסט, זיא איז אבער אַ גוטער גייסט. איך בין זיכער, אז זיא האט עס

אונז דאמאלס געבראַכט ברויט און וואַסער. איך בין זיכער, אז זיא האט עס אונז געהאלפען דאמאלס, ווען מען האט אונז פערמויערט. איך פערשטעהע יעצט, אז זיא האט געוואָלט אויפרייסען דיא וואַנד און אונז בעפרייען. זיא האט עס אבער נים געקענט, אדער מען האט זיא ניט געלאזען עס טהאן.

— נון, גוט. איך גיב צו, אז נעללי איז אַ גוטער גייסט. האט דשעק רייען געזאגט, וואו איז אבער דער שלעכטער גייסט, וועלכער האט אייך פערמויערט?

— דאס ווייס איך נאך ניט, האט הערריו געענטפערט. איך האף אבער, אז איך וועל איהם אויך אויסגעפינען אמאל.

דשיימס סטאר האט מען, זעלבסטפערשטענדליך, באלד דערצעהלט פון אלעמען, וואס עס האט פאסירט. אלס געלערנטער, אלס אינזשעניר, אלס קלוגער מענש, האט ער געבעטען, אז מען זאל דאס מעדכען לאזען צו רוה, ביז זיא וועט ווערן פאלקאמען געזונד. ער האט געבעטען מעדש און הערריו ווארד, זיי זאלען איהר געבען עסען און טרינקען, וויפיעל זיא וועט נור קענען פערטראגען, זאלען זיין געגען איהר גוט און פריינדליך, זאלען אבער מיט איהר קיין ווארט ניט רעדען.

דשיימס סטאר האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דיעזעס מעדכען איז דיא איינציגע אין דער וועלט, וועלכע קען איהם ענטדעקען דאס גרויסע געהיימניס פון ניי אבערוויל.

עס זיינען פערגאנגען אזוי עטליכע טעג. נעללי איז פון טאג צו טאג גע־ווארען בעסער, געזינדער, פרישער און מונטערער. זיא איז אראפגעגאנגען פון בעט, איז ארומגעגאנגען אין שטוב. פלעגט אמאל זיך שטעלען אויף דער טהיר און בעטראכטען אלעס, וואס עס טהוט זיך אין קאָהל סיטי מיט שטוינען און בעוואונדערונג.

ווען זיא איז שוין געווען פאלקאמען געזונד, איז דשיימס סטאר געקומען צו סיימאן ווארד, האט געבראכט נעללין איינינע שעהנע זאכען און האט אנגע־הויבען מיט איהר צו רעדען און זיא אויסצופרעגען. זיא האט איהם געענטפערט אויף זיינע פראגען זעהר קלוג און זעהר פערשטענדיג. דשיימס סטאר האט אבער באלד געזעהן, אז זיא ווייס גאר ניט פון דער וועלט. זינט זיא לעבט, האט זיא ניט געזעהן ניט דיא זון, ניט דיא לבנה, ניט דיא שטערן. זיא האט ניט געוואוסט, וואס עס הייסט טאג און וואס עס הייסט נאכט. זיא האט ניט געהאט קיין בעגריף, וואס עס הייסט פאטער, מוטער, ברודער, שוועסטער.

נאך זאנדערבארער אבער איז געווען איהר זעה קראַפט (חוש הראות) זיא האט זעהר גוט געזעהן אין דער פינסטער. ביים שטאַרקען ליכט אבער פון אן עלעקטרישען לאמפ פלעגען זיך איהרע אויגען צוזאמענציעהן און זיא האט גע־זעהן זעהר שלעכט. זיא פלעגט אנטלויפען פון ליכט און לויפען אין אַ פינסטער ארט.

פון טעג, וואכען, יאהרען, שטונדען האט זיא קיין בעגריף ניט געהאט. זיא האט ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס עס הייסט אַ יום־טוב, אַ פייער טאג, אַ רוהע טאג; זיא האט ניט פערשטאנען, וואס עס הייסט פרעהליך זיין,

פרויערינ זיין און נאך פיעלע ווערטער, וועלכע מיר געברויכען ועהר אָפט און פערשטעהן זיי נים.

— וואס איז דאס געהיימנים פון דיעזעס קינד? וויל זיא עס נים זאגען? קען זיא עס נים זאגען? איז זיא געבאַרען געוואָרען אין דער מינע? האָט מען זיא געבראכט אהער, ווען זיא איז געוועזען נאך גאר אַ קינד? אויף אלע דיעזע פראגען האט דערוויילע קיינער נים געקענט ענטפערן.

— ווילסט דוא בלייבען ביי אונז, נעללי? האט ענדליך דשיימס סטאר געפרעגט.

— אה, יא! אך, יא! האט נעללי געענטפערט.

— זאלען מיר דיך צוריקפיהרען אין ברונען?

נעללי האט געגעבען אַ געשריי און איז געלאפען זיך בעהאלטען אין אַ ווינקעל.

דשיימס סטאר, סיימאן און הערריי זיינען געוואָרען זעהר אונרוהיג. זיי האבען נים ארויסגעזאגט, פאר וואס זיי זיינען געוואָרען אונרוהיג, אבער יעדער פון זיי האט געפיהלט, אז אין דער מינע ליעגט נאך פערבאָרגען אַ שרעקליכעס געהיימניס. עס איז דאך געוועזען דייטליך, אז נעללי אליין האט נאך שטארק מורא פארן ברונען. וואהרשיינליך געפינט זיך עפעס אין ברונען, פאר וואס מען האט וואס מורא צו האבען.

אויסערדעם האט זיי בעאונרוהיגט דיא געשיכטע פון'ם זאנדערבארען פויגעל. עס איז ביי זיי ענדליך געבליעבען, אַז דריי שטאַרקע ארבייטער זאלען זיך אראפלאזען אין ברונען אויף אן אייזערנער קייט מיט געלאדענע רעוואלווערס אין דיא הענד און זאלען אויספאָרשען דעם ברונען.

מען האט אזוי געטהאן. הערריי ווארד און נאך צוויי ארבייטער האבען זיך אראפגעלאזען אין ברונען, האבען געזוכט, געפאָרשט און געשפירט. זיי האבען אבער גאר נישט געפונען. דער גאַנג, וועלכען הערריי האט געזעהן, ווען ער האט געפונען דיא האלב טויטע נעללי, האט געפיהרט ערגעץ ארויף אין דער הויך, אין דארטשארט פים. דאס איז אלעס.

דשיימס סטאַר איז געווען אויסער זיך. ער, דער געלערנטער, דער בעריהמטער אינזשעניר, דער בעריהמטער צייטונגס שרייבער, זאל נים קענען אויסגעפינען אַזאַ קלייניגקייט!

דער איינציגער מענש, וועלכער וואלט געקענט עפעס זאגען, איז געווען נעללי. קוים אבער פלעגט מען אנהויבען צו רעדען פון'ם ברונען, פלעגט דאס ארימע מעדכען אנהייבען צו שרייען און צו וויינען און פלעגט אנטלויפען.

עס איז געבליעבען, אז מען זאל זיא ווייטער נים פרעגען איבער דעם ברונען און מען זאל מעהר נים רעדען מיט איהר דערפון.

דיא אלטע מעדש איז געוועזען זעהר צופריעדען מיט נעללי. זיא האט זיך באלד איבערצייגט, אז נעללי איז אַ גוטעס און אַ שטילעס קינד, קוים האט זיא איהר עפעס געוויזען, האט עס נעללי באלד איבערגענומען און האט עס באלד

נאכגעטהאן. דיא אלטע מעדש האט זיא אנגעהויבען צו לערנען באקען און קאָכען. נעללי איז געוועזן אַ פֿלייסיגע שילערין און האט אין אַ גאנץ קורצע צייט אויסגעלערנט דיא גרויסע קונסט צו באקען אַ פלומפודינג און צו קאָכען אַ גוטען מיטאג. דיא אלטע מעדש האט זיא אנגעהויבען צו לערנען צו ארבייטען א זאק. נעלליס דינע פֿינגערלעך האבען באלד געדרעהט מיט דיא שפּיעזלעך שנעלער און געשיקטער, וויא דיא אלטע מעדש.

נעללי האט אין דער ערשטער צייט געגעבען זעהר פֿיעל, זיא האט אנגעהויבען צו ווערן געזונד, שטארק און שעהן. דיא אלטע מעדש איז געוועזן גליקליך. עס האט זיך איהר אויכגעוויזען, אז זיא האט געהאט נאך אַ קינד. זיא האט אנגעהויבען ליעב צו האבען נעללי׳ן, גלייך וויא זיא וואלט געוועזן איהר אייגענע טאכטער.

זאגאר דער אלטער סיימאן האט זיא בעטראַכט, וויא זיין אייגען קינד. ווען ער פֿלעגט קו־מען פֿון דער ארבייט, פֿלעגט איהם נעללי לויפֿען ענטגעגען, פֿלעגט איהם ארומנעהמען און פֿלעגט איהם ארייַנפֿיהרען אין שטוב, וואו עס איז שוין געוועזן געגרייט צום טיש און אלעס איז געוועזן פֿערטיג צום מיטאג.

דשעק רייען איז געוועזן פֿערליעבט אין איהר ביז איבער דיא אויערן. ווען ער פֿלעגט נור צייט האבען, פֿלעגט ער קומען צו סיימאן ווארד, פֿלעגט רעדען מיט נעללי׳ן און פֿלעגט איהר זינגען זיינע שעהנסטע ליעדער. דאס ערשטע מאל, ווען ער האט איהר געזונגען, איז זיא געוועזן איבערראַשט און ערשטוינט. עס איז געוועזן דייטליך, אז זייט זיא לעבט, האט זיא ניט געהערט זינגען.

— אך, וויא שעהן! האט זיא אויסגערופֿען. — דאס איז שעהן! אזוי רעדען האב איך נאך קיין מאל ניט געהערט.

זיי פֿלעגען בעטען דשעק רייען, ער זאל איהר אָפֿט זינגען. דשעק רייען האט עס געטהאן מיט פֿערגניגען. ער האט נור איין זאך בעדויערט: פֿאר וואס האט ער זיך ניט אראפּגעלאזען אין ברונען? פֿאר וואס האט ער ניט גערעטעט נעללי׳ן?

מיט הערריווארד איז נעללי געוועזן זעהר פֿריינדליך. זיא פֿלעגט איהם ערווארטען יעדען טאג, ווען ער פֿלעגט דארפֿען קומען פֿון דער ארבייט, פֿלעגט מיט איהם רעדען שטונדען לאנג, פֿלעגט מיט איהם געהן שפּאצירען און פֿלעגט ניט אפּטרעטען פֿון איהם, ווען ער איז נור געוועזן אין דער היים.

העררי פֿון זיין זייט האט ליעבגעקומען דאס שעהנע, ליעבליכע, גוטע און שטילע מעדכען. קוים האט ער נור געענדיגט זיין ארבייט, איז ער געלאָפֿען אהיים צו זיין נעללי.

יעדעס מאל, ווען ער פֿלעגט זעהן דשעק רייען, פֿלעגט ער איהם פֿרעגען:

— נו, דשעק? זיינען נאך דא גייסטער? איז נאך נעללי אַ גייסט?

— נעללי איז אַ מענש, האט דשעק געענטפֿערט, עס זיינען אבער דא גייסטער. איך האב אליין געזעהן דיא פֿייער דאמע.

באַלד אבער האט עפּעס פּאסירט, וואס האט איבערצייגט דעם קלוגען

דשעק רייען, אז גייסטער זיינען דא נור אין זיין איינבילדונגס קראַפֿט.

דיא געשיכטע פֿון נעללי האט אזוי שטארק פֿעראינטערעסירט דעם אינזשעניר, אז ער האט יעצט אליין געבעטען העררי ווארד, ער זאל אויספֿארשען דיא גאַנצע מינע. ער האט איהם געהייכען נעהמען, וויפֿיעל אַרבייטער ער וויל און פֿערברענגען, וויפֿיעל צייט ער וויל. פֿאר דיזע צייט וועט מען רעכענען דיא ארבייטער, גלייך וויא זיי וואלטען געארבייט אין דער מינע.

העררי האט זיך גענומען געשמאַק צו דער ארבייט. עס זיינען פֿערגאנגען עטליכע טעג און ער האט אלץ געפֿארשט און געזוכט.

איין מאל איז ער פֿערגאנגען גאַנץ ווייט. דארט האט ער געפֿונען א גאַנץ ענגע גאלערעע, אין וועלכע ער איז נאך קיין מאל ניט געוועזן. ער האט געהייסען דיא ארבייטער וואַרטען אויף איהם ביים איינגאנג פֿון דער גאַלערעע. דאָס מאל אבער איז ער שוין געוועזן פֿאָרזיכטיג. ער האט געהייסען איין אַרבייטער האַלטען אין דיא הענד אַ לאַנגען שטריק. ער אַליין האָט גענומען אין דיא הענד אן עק פֿון'ם שטריק און איז אריינגעקראָכען אין דער גאַלערעע.

ער איז געקראָכען זעהר לאַנג. דיא גאַלערעע איז געגאַנגען באַרג ארויף און באַרג ארויף. עס האט איהם שטארק אינטערעסירט צו וויסען, וואו דיא גאַלערעע ענדיגט זיך. פּלוצלונג האט ער דערזעהן דעם שיין פֿון'ם טאג. ער איז געגאנגען וויטער. — ער איז אין דרויסען, אויף דער ערד, אונטער דער זון, אונטערן פֿרייען הימעל.

ער האט זיך אומגעקוקט, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט און האט דערזעהן, צו זיין איבעררעַשונג, אז ער געפֿינט זיך אין דעם אלטען איינגעפֿאַלענעם שלאס — אין דונאלד קעסל! ער האט יעצט אנגעהויבען צו בעטראכטען דעם אריינגאנג אין דער גאלערעע און האט געזעהן, אז פֿון דרויסען איז ווירקליך זעהר שווער איהם צו דערקענען, ווייל ער איז פערוואקסען מיט גראז און מיט מאָאָס (מאָך).

— אלזא, געפֿינט זיך אַ געהיימער גאנג פֿון דעם אלטען שלאס צו דער מינע! האט העררי אויסגערופען. יעצט פֿערשטעה איך שוין, וואס פֿאר א פֿייער דאמע דשעק רייען האט געזעהן. דיא פאליציי האט גאר ניט געקענט אויסגעפֿינען, ווייל פֿון דרויסען איז דער אריינגאנג זעהר שמאל און איז פֿערוואקסען מיט גראז און מיט קליינע ביימלעך.

ער האט גוט בעטראַכט דעם אריינגאנג און איז צוריקגעגאנגען אויפֿן זעלבען וועג, וואס ער איז געקומען. דיא ארבייטער האט ער דערצעהלט, אז ער איז אומזיסט געגאנגען, ער האט גאר נישט אויסגעפֿונען. אויף דער נאכט אבער, ווען דשיימס סטאר איז געקומען אהיים פֿון דער ארבייט, האט ער איהם אלעס דערצעהלט.

דעם אנדערן טאג איז דשיימס סטאר מיט איהם געגאנגען צו דער גאלערעע. ער האט געוואלט אליין זעהן דיזען געהיימען וועג פֿון דער מינע, צום אלטען שלאס. ער האט גערעכענט, אז ער וועט נאך עפּעס אויסגעפֿינען. ער מיט

הערריי ווארד זיינען דורכגעגאנגען דיא גאלעריע און זיינען ארויסגעקומען אין דונאלד קעסל.

— נו, יעצט וועלען מיר ווענינסטענס קענען איבערצייגען די אבערגלויבישע ארבייטער, אז עס זיינען ניטא קיין גייסטער און קיין פייער דאמען. האט ער געזאגט.

— וואס האבען מיר דערפון, הערר סטאר? האט הערריי געענטפערט. מיר זעהען דאך, אז דיא, וועלכע שפּילען דיא ראלע פון גייסטער, זיינען נאך פיעל געפעהרליכער. וואס ווערט דערפון, ווען מיר ווייסען, אז ניט קיין גייסט, זאנדערען אמענש האט אונז פערמוירערט דאמאלס אין דער מינע?

— דוא האסט רעכט, הערריי! מיר זעהן יעצט קלאר און דייטליך, אז אין דער מינע האלט זיך אויף עפּעס אבאנדע שלעכטע מענשען, זיי האבען געוויס געהאלטען אפאקעל אין דיא הענד און האבען דאמאלס פערפיהרט דעם שיפס קאפּיטאן פון דער „מאטאלא". עס איז דייטליך, אז מען האט געוואוסט, אז אויף דער „מאטאלא" געפינען זיך טהייערע סחורות. מען האט געוואלט, אז דאס שיף זאל אונטערגעהן און מען זאל זיא בערויבען. דשעק רייען מיט דיא פישער האבען געשטערט דיא רויבער.

— עס איז מיר אוואונדער, וואס נעללי ציטערט אזוי, ווען זיא הערט רעדען פון'ם ברונען, האט הערריי בעמערקט.

— זיא וויים געוויס זעהר פיעל, האט דער אינזשעניר געענטפערט. זיא האט אבער מורא צו רעדען, זיא טאר ניט רעדען.

יעצט האבען זיי אנגעהויבען צו פערשטעהן זעהר פיעל זאכען, וואס איז פאר זיי פריהער געווען אגעהיימניס. יעצט איז פאר זיי געווען דייטליך, אז אין דער מינע האט זיך אויפגעהאלטען אבאנדע רויבער, וועלכע פלעגען ארויסגעהן דורך דער גאלעריע אין דונאלד קעסל, פלעגען מארדען, רויבען, פערפיהרען שיפען און פלעגען בעהאלטען דיא אנגערויבטע זאכען אין דער מינע.

דיעזע באנדע רויבער האבען פערמוירערט דעם אינזשעניר און דיא פאמיליע ווארד ווען זיי האבען געזעהן, אז זי ווילען עפענע דיא נייע מינע. דיעזע באנדע רויבער איז יעצט ערגעץ אנטלאפען אדער מען האט זיי אויסגעהרג'עט. נעללי איז אטאכטער פון איינעם פון דיא רויבע־ זא לאנג ער האט געלעבט, האט ער איהר געגעבען עסען. ער איז געשטארבען אדער אנטלאפען געווארען און נעללי איז שיער ניט געשטארבען פאר הונגער.

עס האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז זיי פערשטעהן שוין דאס גאנצע געהיימניס.

— ווער איז אבער געווען דער גוטער מענש. וועלכער האט אונז געבראכט ברויט און וואסער? האט הערריי געפרעגט זיך אליין. ווער האט אויפגעריסען דיא מויער? ווער איז דער זאנדערבארער פויגעל, וועלכער האט געוואלט איבעררייסען דעם שטריק, איך זאל אראפּפאלען? דאס איז דאך געוויס ניט געווען קיין רויבער. ווען דיא רויבער זיינען שוין לאנג ניטא אין דער מינע, פאר וואס צי־

מערט אזוי נעללי, ווען מען דערמאנט איהר דעם ברונען?

אויף דיזע פראַגען האט ניט הערי, ניט דער אינזשעניר געקענט געבען אַן אנטווארט. עס איז ביי זיי געבליעבען, אז זיי זאלען קיינעם ניט זאָגען, וואס זיי האבען אויסגעפונען און זאלען שטילערהייט ווייטער פארשען און ווייטער שפירען. יעצט האט שוין דשיימס סטאר זיך פעסט ענטשלאסען אויסצוגעפינען אַלעס. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אַז קוים האלט זיך ווירקליך אויף אַ באנדע רויבער אין דער מינע, איז טאַקע דיא מינע אין געפאַהר. דיא רויבער קענען צוברעכען דיא מאשינען, אונטערלעגען אַ דינאמיט באַמבע און אויפרייסען דיא מינע. זיי קענען אויסבויערן אַ לאך אין דער זעע (אָזיעראָ) אויבען און פערטרענקען דיא מינע. זיי קענען זעהר פיעל שאַדען אנטהאן.

ער איז אומיסטען געפאהרען קיין עדינבורג און האט אלעס דערצעהלט דעם שעף פון דער פאליציי. מען האט באלד אראפגעשיקט דעטעקטיווס און געהיים פאליציסטען, וועלכע האבען זיך פערשטעלט פאר באַטלער און האבען גענעכטיגט אין אַלטען שלאָס. אין קאָהל סיטי פלעגען ארומגעהן ביי נאכט וואכען. הערי ווארד אליין האט אַ פאָר נעכט גענעכטיגט לעבען ארייןגאנג פון דער גאלערעע, וועלכע האט געפיהרט צום איינגעפאלענעם שלאָס.

אַלעס אומזיסט! קיין שפור, קיין צייכען פון אַ מענשען! צוויי וואכען נאכאַנאַנד האט מען בעוואַכט דעם אַלטען שלאס און מען האט גאר ניט געפונען. דיא דעטעקטיווס און דיא פאָליסלייט זיינען זיך ענדליך אַוועקגעפאהרען צוריק קיין עדינבורג. דער אינזשעניר און הערי האבען זיך ווידער גענומען צו זייער געוועהנליכער ארבייט.

אין קאָהל סיטי האט מען פון דעם אַלעס גאר ניט געוואוסט. נעללי איז געווארען מיט יעדען טאג פרישער, געזינטער און שעהנער. אלע האבען זיא ליעב געהאַט און האבען זיא גערופען נעללי וואָרד. אונווילענדיג האָט מען זיא געמאַכט פאר סיימאן ווארדס טאכטער. דיא אַלטע מעדש איז געווען פערליעבט אין איהר. זיא האט מעהר ליעב געהאט נעללין, וויא איהר זוהן הערי. נעללי פלעגט זיין שטענדיג מיט איהר און פלעגט איהר העלפען אין אלע איהרע ארבייטען פון דערווירטהשאַפט. זיא איז געווארען פרעהליך, פלעגט זינגען, טאנצען און שפרינגען, וויא אַ יונגע ציגעלע.

דשיימס סטאר האט אַלץ געזוכט אַ געלעגענהייט, ווען נעללי וועט זיין שטאַרק פרעהליך און אויפגעלעגט. ער זאל מיט איהר דאמאלס רעדען און זיא אויספארשען. פיעללייכט וועט ער דאך קענען ארויסציעהען פון איהר עפעס אַ ווארט, פון וועלכען ער זאל וויסען דאס געהיימניס פון דער מינע.

אמאל איז געווען אַ גרויסער פייערטאג. קיינער האט ניט געארבייט ניט אויף דער ערד, ניט אונטער דער ערד. אין דיא גאסען פון קאָהל סיטי און אויף דיא ברעגעס פון'ם טייך, מאַלקאָלם לייק, זיינען ארומגעגאנגען פרעהליכע פאָרלעך, האבען גערעדט, געזונגען און געלאכט. אין ערטער האבען זיך פערזאמעלט יונגע לייט און יונגע מעדכען און האבען געטאַנצט.

הערריּ און נעללי זיינען אויך געגאַנגען שפּאַציערן. זיי זיינען אוועקגעגאַנגען ווייט פון אלעמען ביי דיא ברעגעס פון'ם טייך. נעללי פלעגט נאָך אַלץ ניט קענען דערטראַגען דאָס שטאַרקע ליכט פון דיא עלעקטרישע לאַמפּען. זיא פלעגט נאָך אַלץ אַנטלויפען פון זיי; זיא האָט נאָך אַלץ בעסער געזעהן אין דער פינסטער, וויא אין דער ליכטיגקייט.

זיי זיינען דאַהער אוועקגעגאַנגען ווייט פון דיא עלעקטרישע לאַמפּען און האָבען זיך אַניעדערגעזעצט אויף אַ גרויסען שטיין.

— דו קענסט נאָך אַלץ ניט ליידען דאָס שטאַרקע ליכט פון דיא לאַמפּען, נעללי? האָט הערריּ געפרעגט. וויא וואָלט שוין געוועזן, ווען דו זאָלסט אַרויפגעהן אויבען, וואו עס שיינט דיא זון?

— דיא זון? איך האָב קיין מאָל ניט געזעהן דיא זון, האָט נעללי געענטפערט. ווען דיא זון לייכט אָבער אַזוי שטאַרק, וויא דו האָסט מיר דערצעהלט, וואָלט איך געמוזט צומאַכען דיא אויגען. איך וואָלט דאָרט גאָר נישט געזעהן.

— זאָג מיר, ליעבע נעללי, איז עס מעגליך, אַז דו האָסט קיין מאָל ניט געזעהן דיא זון? ביסט דו גאָר קיין מאָל ניט געוועזן אויבען, אויף דער ווייסער וועלט, וואו אַלעס איז אַנדערש, וויא ביי אונז אין קאָהל סיטי?

— ניין, הערריּ! איך געדענק ניט. איך זאָל אַמאָל געוועזן זיין ערגעץ אַנדערש. ניט מיין פאָטער, ניט מיין מוטער האָבען מיר קיין מאָל ניט געפיהרט אין אַנאַנדער וועלט. איך קען מיך אויף קיין פאַל ניט דערמאָנען, איך זאָל אַמאָל געוועזן זיין ערגעץ אַנדערש.

— אַך, נעללי, וויא גליקליך וואָלט איך געוועזן, איך זאָל דיך קענען אַרויפנעהמען אַמאָל דאָרט אויבען, דו זאָלסט זעהן אַנאַנדער וועלט, וועלכע איז אַזוי שעהן, אַזוי העל, אַזוי אַנגענעהם און אַזוי גוט! איך ווייס, אַז עס זיינען דאָ פיעלע קינדער, וועלכע ווערן געבאָרען אין דער מינע און קענען ניט יענע וועלט, דאָרט אויבען. דאָס איז אָבער אַמאָל געוועזן, ווייל עס פלעגט זיין זעהר שווער אַרויסצוגעהן פון דער מינע. יעצט אָבער, ווען מיר קענען זיך אויפזעצען אין אַ וואַגאָן און אין אייניגע מינוט זיין דאָרט אויבען,—היינט, וואָלט איך זעהר געוואָלט, דו זאָלסט זיך אויפזעצען מיט מיר און זאָלסט אַרויפפאָהרען אין יענער אַנדערער, שעהנערער וועלט.

— עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען איך וועל פאָהרען מיט דיר, הערריּ, האָט דאָס מעדכען געענטפערט. איך האָף אויך, אַז איך וועל אַמאָל געהן מיט דיר און וועל בעטראַכטען אייערע וואונדער.

— נעללי, דו זאָגסט אייערע וואונדער, בעדויערסט דו דען, וואָס דו ביסט אַרויס פון יענעם פינסטערן ברונען? ביסט דו דען ניט צופריעדען, וואָס דו לעבסט ביי אונז אין דער ליכטיגקייט?

— ניין, הערריּ! דאָס ליכט איז שעהן, אייערע הייזער זיינען שעהן, אָבער אויך דאָרטען, אין דער פינסטער איז עס שעהן. איך פלעג דאָרט אויך זעהן שעהנע זאַכען. אָפּט פלעג איך זעהן גרויסע שוואַרצע רעדער דרעהן זיך,

פערוויקלען זיך, פלעכטען זיך אויס און נעהמען מיך אַרום. אָפט פלעג איך געפינען שפּאַלטען אין שטיין, לעכער, טהירען, דורך וועלכע עס האט מיר געשיינט א ליכט. א מאָל פלעג איך הערען פערשיעדענע שטימען, וועלכע פּלעגען מיר זיין זעהר אנגענעהם. אך, הערי! דו קענסט עס ניט פערשטעהן, וואס איך פיהל, ווען איך דערמאן מיך אָן די פינסטערנים דארט; עס ציהט מיך אהין, עס רייסט מיך, עס רופט מיך און איך וואלט נאך אמאל געהן אהין.

— האסט דו קיין מורא ניט געהאט ווען דו פלעגסט דארט זיין אליין?

אך, הערי! ערשט, יוען איך פלעג זיין אליין, פלעג איך ניט מורא האבען! האט דאס מעדכען אויסגערופען.

נעלליס שטימע האט געקלונגען אזוי טרויעריג און דאך אזוי פריינד־ליך, אזוי פול מיט צוטרויען און מיט ליעבע, אז הערי האט זיך ענטשלא־סען ער זאל זיא וויטער אויספרעגען.

—ווי אזוי פלעגסט דו אבער קיין מורא ניט האבען אליין ארומציגעהן אין דיא פינסטערע גאלערעען, נעללי? מען קען דאך זעהר לייכט פערבלאנ־זעט ווערען אין דיא הונדערטער טונעלען און גענג?

— איך קען אלע וועגען און אלע שטעגען אין דער נייער מינע.

— פלעגסט דוא אמאל ארויסגעהן פון דער נייער מינע?

— א מאל — א מאל פלעג איך ארויסגעהן פון דער נייער מינע און פלעג געהן אין דער אלטער מינע.

— אלזא ביזט דיא געווים געקומען ביז צום הויז, וואו מיר האבען געוואוינט? האט הערי וויטער געפרעגט.

— איך האב געוואוסט, אז עס געפינט זיך דארט א הויז און עס וואוינען דארטען מענשען.

— דארט האט דאך געוואוינט מיין פאטער, מיין מוטער און איך. מיר האבען דארט געוואוינט זייט צעהן יאהר, ווייל מיר האבען געוואלט אוועק־ווארפען דיא אלטע מינע.

— עס וואלט געווים גלייכער געווען, איהר זאלט דארט ניט געווען וואוינען, האט נעללי געזאגט צו זיך אליין גאנץ שטיל.

ווי שטיל זיא האט גערעדט, האט הערי דאך געהערט, וואס זיא האט געזאגט און האט זיא געפרעגט:

— פאר וואס איז, נעללי? פאר וואס וואלט גלייכער געווען, מיר זא־לען דארט ניט געווען וואוינען? דוא זעהסט דאך, אז דורך דעם, וואס מיר האבען דארט געוואוינט, האבען מיר ענטדעקט דיא נייע מינע. פיעלע מענ־שען האבען ארבייט און בעשעפטיגונג, ענדליך האב איך דיך געפונען און האב דיך געבראכט צו אונז, וואו אלע ליעבען דיך.

— מיך? — פאר מיר איז אלעס איינס, האט נעללי געזאגט טרויעריג. פאַר דיא אנדערע אבער? — ווער ווייס, וואס קען נאך פאסירען?

— וואס זאגסט דוא, נעללי? וואס מיינסט דוא דערמיט?

— גאָר נישט! גאָר נישט, הערריַ! — איך ווייס אבער, אז עס איז דא אַ געפאהר אין דער נייער מינע. איך ווייס עס, הערריַ. — אמאל — שוין גאנץ לאנג זיינען אריינגעקומען מענשען אין דער נייער מינע. מען האט זיי פערפיהרט ווייט — ווייט....

— מען האט זיי פערפיהרט? האט הערריַ געפרעגט פערוואונדערט.

ער האט פערשטאנען, אז נעללי מיינט איהם, זיין פאטער און דעם אינזשעניר, ווען זיי האבען צום ערשטען מאל ענטדעקט דיא מינע.

— יא, מען האט זיי פערפיהרט. זייער לאמפ האט זיך פערלאשען און זיי זיינען אוועקגעגאנגען ווייט — ווייט.

— זיי זיינען דארט געלעגען צעהן טאג, האט שוין הערריַ דערצעהלט. זיי וואלטען געשטארבען פאר הונגער, ווען עס זאל זיך ניט געווען געפינען אַ גוטער מענש, וועלכער האט זיי דריי מאל געבראכט ברויט און וואסער. דאן, ווען מען איז געקומען זיי רעטען, האט ער געוויזען דעם וועג, וואו מען קען זיי טרעפען. ער האט פיעללייכט אויפגעריסען דיא שטיינער, מיט וועלכע מען האט זיי פערמויערט.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס אלעס, הערריַ? האט נעללי אויסגערופען פערוואונדערט.

— ווייל דיעזע מענשען, וועלכע זיינען געלעגען צעהן טעג פערמויערט אין דער נייער מינע, זיינען געווען דשיימס סטאר, מיין פאטער, מיין מוטער און איך אליין.

— דוא, הערריַ? דוא ביסט דארט געוועןַ?

מיט ויעה יערטער האט זיא אויפגעהויבען דעם קאפ, האט אנגעכאַפּט הערריַ'ס הענד, האט זיי צוגעלעגט צום הארצען און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— דוא, הערריַ? דוא ביסט דארט געוועןַ? האט זיא געפרעגט נאך אמאל.

— יא, נעללי, איך בין דארט געוועןַ. יעצט ווייס איך, אז דוא האסט אונז געבראכט ברויט און וואסער; דוא ליעבע נעללי, האסט אונז דאמאלס גערעטעט דאס לעבען.

נעללי האט אפגעלאזען זיינע הענד און האט זיך פערטראכט.

— יא, נעללי, איך ווייס עס. מיר וועלען עס קיין מאל ניט פערגעסען, אז דוא האסט אונז גערעטעט דאס לעבען.

17טעס קאפיטעל.

## אויף אַ שטריק לייטער.

אונטערדעסען זיינען דיא ארבייטען אין דער מינע געגאנגען זייער וועג. דיא מינע איז געווען ווירקליך זעהר רייך און דיא קאמפאני האט געמאַכט ד... בעסטע געשעפטען. דשיימס סטאר און סיימאן ווארד זיינען געווען דיא ערשטע ענטדעקער פון דער מינע. זיי זיינען געוועןַ דיא גרעסטע אקציאנערן און זייע... געווארען רייכער פון טאג צו טאג.

דער אלטער ווארד האט אויפגעהערט צו ארבייטען, ער איז שוין געווען צוא אלט. הערדי האט איבערגענומען זיין שטעלע אלס ערשטער אויפזעהר. ער איז שיין אויך געווען זעהר רייך, דענאך האט ער ניט געוואלט ארויספאהרען פון דער מינע. דיא פאמיליע ווארד, וויא דשיימס סטאר האבען נאך אלץ געוואוינט איינער לעבען אנדערען אין קהאל סיטי.

דשעק רייען האט אויך געמאכט גוטע געשעפטען. ער איז געווען א גוטער ארבייטער און אלס פארמאן פון א געוויסען טהייל פון דער מינע האט ער אויך בעקומען א שעהנעם געהאלט. אלע זיינען געווען צופריעדען און גליקליך.

דשעק רייען האט בעמערקט, אז צווישען הערדי ווארד און נעללי איז קיינע געוועהנליכע פריינדשאפט, אז ביידע יונגע לייט פיהלען איינער צום אנדערען גאנץ עטוואס אנדערש. ער האט אבער נאך אלץ געהאפט, אז נעללי וועט זיך א מאל אויסשפרעכען און וועט זאגען וועמען זיא ליעבט.

עס איז ווירקליך שווער געווען צו זאגען, וועמען נעללי ליעבט. זיא איז געווען גוט און פריינדליך געגען ביידע יונגע לייט.

דשעק רייען פלעגט אלץ בעטען, אז נעללי זאל מיט איהם א מאהל פאהרען ארויף, „אויפ'ן גראז", דארט, וואו עס שיינט די זון און עס וואקסען גרינע גראזען און שעהנע בלומען. ער האט געוואלט זעהן, וואס פאר אן איינדרוק עס וועט מאכען אויף איהר, ווען זי וועט צום ערשטען מאהל דער־זעהן דיא נייע וועלט, פון וועלכע זיא האט ביז אהער נאך קיין בעגריף ניט געהאט.

איין מאל האט זיך דשעק רייען אראפגעלאזען אין איינע פון די גאנץ טיפע לע־כער, דורך וועלכע די פרישע לופט פלעגט צוקומען צו דער מינע. ער האט זיך אר־ראפגעלאזען אויף אשטריק לייטער, וועלכע מען פלעגט געברויכען אין דיזע שאכטען.

ווען ער איז אנגעקומען אונטען, האט ער בעגעגענט הערדי ווארד. דער שאכט איז געווען עפעס אין אונארדנונג. הערדי ווארד אלס הויפט אויפזעהר האט זיך פאר איהם אראפגעלאזען זעהן, וואס דארט איז.

אה! דוא ביסט עס, הערדי? האט דשעק אויסגערופען, ווען ער האט איהם דערזעהן.

— איך בין עס, דשעק, האט הערדי געענטפערט. גוט, וואס איך האב דיר דא געטראפען איך האב טאקע מיט דיר עפעס צו רעדען.

— איך וויל גאר ניט הערען ביז דוא וועסט מיר ניט זאגען, וואס נעללי מאכט, האט דזשעק רייען געענטפערט.

— וואס זאל איך דיר זאגען? נעללי איז געזונד. זי פיהלט זיך זעהר גוט ביי אונז און איך האף, אז אין א מאנאט ארום —

— וועסט דוא זיא הייראטהען, האט דשעק פאר איהם געענדיגט.

— דוא ווייסט גאר ניט, וואס דוא רעדסט, דשעק.

— איך ווייס שוין גאנץ גוט, וואס איך רעד, ווייל —

— ווייל? האט הערריי געפרעגט.

— ווייל, ווען דוא וועסט זיא ניט הייראטהען, וועל איך זיא הייראטהען, האט אויסגערופען דשעק רייען. — זיא געפעלט מיר, דיא שעהנע, גוטע און שטילע נעללי. זיא איז אַ יתומה, וויא איך. זיא האט ניט קיינע עלטערן, וויא איך. — הערריי! ווען דוא דענקסט ניט, ווילסט ניט אדער קענסט ניט זיא הייראטהען, וועל איך עס טהאן.

הערריי האט איהם אויסגעהערט רוהיג און אויפמערקזאַם.

— ביסט דוא ניט בייז אויף מיר, הערריי? האט דשעק רייען געפרעגט. ווען ער האט געזעהן, אַז הערריי שווייגט.

— ניין, איך בין אויף דיר ניט בייז, דשעק, ווייל איך וויל זיא הייראטהען.

— הערריי! גלויבסט דוא מיר, אַז איך האב גאנץ ערנסט גערעדט וועגען נעללי?

— געוויס, דשעק! איך וויים, אז ווען דוא רעדסט עפעס, מיינסט דוא עס ערנסט.

— אלזא, וויל איך דיר עפעס זאגען. איך וויל דיר געבען אַ גוטען ראטה.

— זאג עס ארויס, דשעק. איך בין בערייט צו הערן אַ גוטען ראטה פון אַ גוטען פריינד.

— הער מיך אויס אלזא, הערריי! דוא ליעבסט נעללין; דיין פאטער און דיין מוטער ליעבען זיא אויך. זיי בעהאנדלען זיא, גלייך וויא זיא וואלט געווען זייער אייגען קינד. וואס ווארטעסט דוא אלזא? פאר וואס זאלסט דוא זיא ניט הייראטהען באלד? צו וואס זאלסט דוא עס דערלאזען, אז מענשען אין שטאדט זאלען רעדען פון דיר און נעללין?

— גוטער פריינד! ביי דיר איז אזוי לייכט צו זאגען: הייראטהען נעללין. איך מוז דאך וויסען, וואס זיא פיהלט צום מיר. — דייטליכער געזאגט, איך מוז וויסען, אויב זיא ליעבט מיך?

— דאס איז קיינע אנטווארט, האט דשעק געענטפערט. דאס קען מען לייכט וויסען. נעללי איז דאך קיין שטאדט מערכען, וועלכע פוצט זיך פאר יעדען, שמייכעלט צו יעדען און מאכט חנדלעך צו יעדען. נעללי קען נאך ניט דיא וועלט מיט איהרע צערעמאניען, מיט איהרע פאלשקייטען. זיא איז א נאטור קינד, וועלכעס זאגט ארויס פריי און אפען, וואס זיא פיהלט אוז וואס זיא דענקט.

— איך האב אויך דאריבער געטראכט, האט הערריי געענטפערט. איך האב מיך גוט איבערלעגט און גוט איבערקלערט און דאס האלט מיך צוריק. — הייראטהען! דאס איז זעהר אַ לייכטעס ווארט. וויפיעל מענשען זיינען אונגליקליך זייער ליעבען לאנג נור דערפאר, וואס זיי האבען ניט פערשטאנען, וואס פאר שווערע פפליכטען זיי נעהמען אויף זיך, ווען זיי הייראטהען. — פרעהליך קלינגט דיא האכצייטס מוזיק; פרעהליך זיינען דיא יונגע פערהייראטהעטע; פרעהליך זיינען אלע אנוועזענדע; פרעהליך קלינגען דיא גלעזער און דער וויין גיסט זיך פון אלע זייטען. — וויא שווער אבער, אך, וויא שווער! האבען אבער פיעלע

רערנאַך צו בעררייען דיעזען שריט, וואס זיי האבען געמאַכט אַזוי איבעראייַלט!
וויפיעל ביטערע טרערין ווערן פערגאסען, וויפיעל שטילע זיפצען און קרעכ־צען לאזען שפעטער ארויס דיעזעלבע מענשען, וועלכע האבען זיך אזוי געאיילט צו הייראטהען! — דאס איז עס, ליעבער פריינד, וואס עס האלט מיך צוריק.

נעללי איז אַ נאטור קינד. זיא איז געבארען געווארען אין דער מינע און ערצויגען געווארען אין דער מינע. זיא קען נאך ניט דיא וועלט און וויים נאך ניט, וואס עס טהוט זיך אויסער דער מינע. עס וועט דאך קומען א טאג, ויען איך וועל זיא מוזען פיהרען אויסער דער מינע; איך וועל מוזען זיא איינפיהרען אין דער וועלט און וויזען איהר, וואס עס טהוט זיך דארט אויבען. ווער וויים, וואס דאמאלס וועט זיין? ווער וויים, אויב זיא וועט עס דאמאלס ניט בעררייען? ווער וויים, אויב דאמאלס, ווען זיא וועט וויסען, אז עס איז דא אנאנדערע וועלט און אנדערע מענשען, וועט זיא ניט געפינען, אז זיא האט שלעכט געטהאן, וואס זיא האט מיך געהייראטהעט?

איך האב מיך דאהער ענטשלאסען, איך זאל איהר פריהער ווייזען, אז עס איז דא אנאנדער וועלט, אַנדערע מענשען און אנאנדער אַרט לעבען. זיא מוז אלעס זעהן מיט איהרע אויגען און אלעס וויסען. דאַן ערשט, ווען זיא וועט איינוויליגען, וועל איך זיא הייראטהען.

— יא, — איך פערשטעה. — איך מיין אבער — זעה! דער שטריק ציטערט, איך מוז מיך אראפלאזען. — דוא קענסט ארויפגעהן. — מען ווארט אויף אונז —

— אייל דיך ניט, דשעק! האט הערי געבעטען. דוא האסט בעריהרט אַ פראגע, וועלכע איז זעהר וויכטיג פאר אונז. דוא מוזט מיך יעצט אויסהערן ביז צו ענדע.

— איך וויים, וואס דוא ווילסט מיר זאגען, הערי. דוא ווילסט שיקען נעללין ערגעץ אין אַ שולע, זיא זאל זיך אויסלערנען לעזען און שרייבען און זאל בעקאַנט ווערן מיט דער וועלט.

— ניין, דשעק! איך מיין ניט דאס. איך אליין קען נעללין אויסלערנען אלעס, וואס זיא דארף קענען. דא איז עפעס אנדערש. שטעל דיר פאר דשעק, ווען דוא זאלסט וועלען הייראטהען אַ בלינדעס מערכען און איינער זאל קומען דיר זאגען, אז אין אַ מאנאט ארום וועט זיא געזונד ווערן, וואלסט דוא ניט גע־ווארט אַ מאנאט?

— געוויס. דערפון קען גאר קיין רעדע ניט זיין.

— נעללי איז יעצט בלינד. זיא האט נאך ניט געזעהן דעם שיין פון'ם טאג. איהרע אויגען קענען נאך ניט פערטראגען קיין שטארקעס ליכט. זיא מוז אבער זעהן דעם טאג. זיא מוז פריהער זיין דארט אויבען, וואו עס שיינט דיא זון און דיא העלע שטערן.

— אלזא, ווען דענקסט דוא מיט איהר ארויסצופאהרען?

— איך מיין, אַז אין אַ מאָנאַט ארום וועלען איהרע אויגען זיין אזוי שטארק, אז איך וועל קענען ארויספאהרען מיט איהר אויבען אין דער פרייער לופט.

אין דיעזע מינוט האט דשעק א ציה געטהאן דעם לייטער. ער האט אראפגעלאזען טיעף אין שאכט איידער הערדי האט זיך אומגעקוקט, איז דזשעק רייען שוין געווען פופציג פוס ניעדעריגער פון איהם.

א גוטען טאג, דזשעק! האט הערדי אויסגערופען. קיינער זאל ניט וויסען וואס מיר האבען גערעדט.

— אונטער איין בעדינגונג.

— וואס איז דיין בעדינגונג.

ווען דו ווערסט צום ערשטען מאל ארויספאהרען מיט נעלליין, זאלסט דוא מיך מיט נעהמען.

— גוט! איך נעהם אן דיעזע בעדינגונג, האט הערדי געענטפערט.

דיא לייטערס האבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען. הערדי איז געגאנגען ארויף און דשעק האט זיך אראפגעלאזען אלץ טיעפער און טיעפער.

פון דעם טאג אן האט זיך הערדי גענומען גאנץ ערנסט צו לערנען מיט נעלליין. ער האט זי געלערנט לעזען און שרייבען. נעללי איז געווען א גוטע שיללערין, האט אלעס איבערגענומען זעהר שנעל. אין א קורצע צייט האט זי געלעזען גאנץ גוט און האט פערשטאנען, וואס זי לעזט. די ביכער זיינען איהר שטארק געפעלען און זי האט זיי אנגעהויבען שלינגען מיט די אויגען. וואו זי האט נור געקענט קריגען א בוך, האט זי עס געלעזען. זי האט שפעטער בעקומען ערנסטע ביכער פון געאגראפיע און וועלט געשיכטע. דיעזע ביכער אבער האט זי ניט פערשטאנען און האט זיי געמוזט לאזען אויף אנאנדער צייט.

דער אלטער סיימאן און זיין פרוי האבען באלד בעמערקט, אז זייער זוהן איז ניט גלייכגילטיג צו נעלליין. זיי האבען זעהר געוואלט וויסען, ווער זי איז און וויא אזוי זיא קומט אין דער מינע. דאס איז אבער געווען דערווייל אונמעגליך. נעללי האט געשוויעגען און פון קיין אנדער ארט האבען זיי עס ניט געקענט וויסען.

ווען אונזערע לעזער דערמאנען זיך דאס ערשטע מאל, ווען דשיימס סטאר איז געקומען קיין דארטשארט פיט, האט ער געזאגט צו סיימאן ווארד, אז ער דארף עפעס טראכטען צו פערהייראטען זיין זוהן. דער אלטער סיימאן האט איהם דאן געענטפערט, אז ער וויל ניט זיין זוהן זאל הייראטהען א שטאדט מעדכען, וועלכע וויים נור זיך צו פוצען און ארומצולויפען פון איין שטוב אין דער אנדערער.

יעצט אבער איז עטוואס אנדערש. יעצט האט דער צופאל אליין איהם צוגעשיקט א מעדכען, וועלכע פאסט פאר איהם. פאר וואס זאל ער זיא ניט הייראטהען? נעללי ווייזט אוים צו זיין א גוטעס קינד. לאז ער זיא נעהמען!

דער אלטער איז געווען אזוי צופריעדען מיט דיעזען געדאנק, אז ער האט פערשפראכען צו מאכען א באלל פאר אלע ארבייטער אין דעם טאג, וואס הערדי וועט הייראטהען נעלליין.

נאך איינער האט זעהר געוואלט, אז הערדי ווארד זאל האבען א גוטע,

שעהנע פרוי; ער האט אבער געהאט נאך אנאנדערן צוועק דערביי. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז נעללי וויים פון געהיימנים פון דארמשארט פיט; ער האט ווידער געוואוסט. אז ווען עס געפינען זיך מענשען, וועלכע ווילען ניט, אז דיא נייע מינע זאל זיין אפען, וועלען זיי געוויס טהאן, אלעס מעגליכע, אום צו שטערן זי״ אין זייער ארבייט. יעצט שוויינען זיי נאך, וואהרשיינליך האבען זיי געוויסע אורזאכען, פאר וואס זיי שוויינען. עס קען אבער קומען א צייט, ווען זיי וועלען ניט שוויינען. וואס וועט דאמאלס זיין? — נעללי איז דאן דיא איינ-ציגע, וועלכע קען זיי אויפהאלטען.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס דער אינזשעניר האט אזוי געוואלט, אז נעללי זאל הייראטהען הערריי ווארד.

— נעללי האט ביז אהער ניט געוואלט אויסזאגען דאס געהיימניס, האט זיך געטראכט דשיימס סטאר. אבער וואס זיא האט ניט געוואלט, אדער ניט געקענט אויסזאגען א פרעמדען, וועט זיא געוויס אויסזאגען איהר מאן. וויא קען עס א יונגע פרוי האבען געהיימניסע פון איהר מאן?

וויא עס האט זיך אויסגעוויעזען, זיינען אלע געווען צופריעדען הערריי זאל הייראטהען נעללי'ן. קיינער איז ניט געווען דאגעגען. הערריס עלטערן זיינען צופריעדען און נעללי האט דאך קיינע עלטערן.

און דערנאך, ווען דיא עלעקטרישע לאמפען פלעגען זיך אויסלעשען אין קאהל סיטי; ווען אלע פלעגען שלאפען און זיך אפרוהען פון זייער ארבייט; ווען אלעס אין קאהל סיטי איז געווען שטיל און רוהיג, פלעגט א אונבעקאנטער, געהיימניספאלער מאן ארויסקומען ערגעץ פון א טיעפען ברונען, פלעגט ארומ-געהן אין דיא גאסען, פלעגט זיך ארומשפאצירען אויף דיא ברעגעס פון׳ם טייך מאלקאלם, פלעגט אפט אוועקשטעהן שטונדען לאנג פארן הויז פון סיימאן ווארד און פלעגט זיך צוהערן, וואס מען רעדט.

נאכט ביי נאכט פלעגט ער שטונדען לאנג אוועקשטעהן פארן הויז און פלעגט רעדען צו זיך אליין. זיינע אויגען פלעגען גליהען, זיינע הענד פלעגען זיך צונויפלעגען אין שרעקליכע פויסטען און ער פלעגט אפט ווידערהאלען אין דער הויך:

— זיא זאל איהם הייראטהען? — אויף קיין פאל!

18טעם קאפיטעל.

## דיא זון געהט אויף.

„דיא צייט פליהעט זעהר שנעל פאר גליקליכע און קריעכט זעהר לאנג-זאם פאר אונגליקליכע“, זאגט אן אלטעס שפריכווארט. אין קאהל סיטי זיינען אלע געווען אזוי גליקליך און אזוי צופריעדען, אז זיי האבען ניט בעמערקט, וויא דיא צייט איז פערגאנגען שנעל.

בעזאנדערס גליקליך איז געווען הערריי. נעללי האט שוין געלעזען און גע-שריעבען בעסער פון איהם. ער האט איהר געבראכט נייע קליידער און האט זיא אנגעטהאן, וויא א רייכע מיס פון עדינבורג. נעללי איז געווען ווירקליך

שעהן אין איהרע נייע קליידער אַבוואָהל זיא איז נאָך קיין מאָל ניט געווען אויף דער וועלט און איז נאָך קיין מאָל ניט געווען אין קיין געזעלשאַפט פון געבילדעטע און עלעגאַנטע דאמען, האָט זיא געהאַט אין זיך אַזוי פיעל טאַקט און אַזוי פיעל פערשטאַנד, אַז פון׳ם ערשטען מאָל האָט זיא געוואוסט, ווי אַזוי זיך אָנצוטהאָן און וויא אַזוי זיך אויסצופּוצען.

אין איהרע נייע קליידער איז זיא ווירקליך געווען שעהנער און שטאָלצער פון אַלע מערכען און פרויען אין קאהל סיטי.

אין אַ שעהנעם זומער טאָג האָט זיך געקאָכט און גערעש׳ט אין סיימאַן וואַרד׳ס וואוינונג. דיא אַלטע מערש האָט געבאַקען, געקאָכט און צונויפגעלעגט זאכען אין רענצלעך און אין רייזע טאַשען. פיער מענשען האָבען זיך פּאַרבערייטעט אויף אַ רייזע פון גאַנצע צוויי טעג. דיעזע פיער מענשען זיינען געווען: דזשיימס סטאַר, הערריי וואַרד, דזשעק רייען און נעללי.

הערריי וואַרד האָט ענדליך אויסגעפונען, אַז עס איז שוין צייט ארויסצופיהרען נעללי׳ן אין אַ וועלט, וועלכע זיא קען נאָך ניט און האָט זיא נאָך קיין מאָל ניט געזעהן. דזשיימס סטאַר האָט אָפּגערעדט מיט הערריי׳ן, אַז אין דיא צוויי טאָג, וואָס זייער רייזע וועט געדויערן, זאָלען זיי אויסווייזען נעללי׳ן אַלעס, וואָס זי האָט נאָך ביז אהער ניט געזעהן פון דער גרויסער וועלט אונטער דער זונן.

דזשיימס סטאַר האָט ווייטער אויסגעפונען, אַז דער בעסטער אָרט צו מאַכען אַזא רייזע איז דיא געגענד צווישען עדינבורג און גלאַזגאָ, ווייל דיא געגענד איז דאָרט זעהר שעהן; עס געפינען זיך וועלדער, פעלדער און גערטנער. דערצו איז עס נאָהענט ביים מעער און זיי וועלען קענען ווייזען נעללי׳ן דעם אַטלאַנטישען וועלט מעער מיט דיא שיפען, וועלכע געהען אויף איהם.

סיימאַן וואַרד און דיא אַלטע מערש האָבען ניט געוואָלט מיטפאָהרען. זיי האָבען אַזוי פיינט בעקומען דיא וועלט דאָרט אויבען, אַז זיי האָבען ניט געוואָלט אַרויספאָהרען פון קאהל סיטי.

אַלע פיער רייזענדע זיינען געווען פערטראַכט און האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט איינער מיט׳ן אַנדערן. דזשיימס סטאַר איז געווען אַ פילאָזאָף. ער האָט בעטראַכט נעללי׳ן, וויא אַ גרויסער דאָקטאָר בעטראַכט אַ פּאַציענט; ער שטודירט איהם אויס. אין יעדעס וואָרט, וואָס ער רעדט צו איהם, ליעגט אַ בעזונדערער זינן.

הערריי האָט געקוקט אויף נעללי׳ן מיט גאַנץ אַנדערע געפיהלע. איהם האָבען זיך פּאַרגעשטעלט גאַנץ אַנדערע פראַגען:

— וואָס פאַר אַן איינדרוק וועט מאַכען אויף נעללי׳ן דיעזע נייע וועלט? וועט אין דער נייער וועלט ניט ווערען פון נעללי׳ן אַ גאַנץ אַנדערער מענש?

דזשעק רייען האָט אויך געהאָפּט און געטראַכט: ווער ווייס וואָס עס קען ווערען פון אַזא יונגעס מערכען אויף אַ נייער אַנדערער וועלט?

נעללי אַליין איז אויך געווען פערטראַכט. זיא האָט געפיהלט, אַז דאָ וועט פּאַרקומען עפּעס נייעס אָבער וואָס פאַר אַ נייעס?

ווען אלעס איז פֿערטיג געווארען צו דער אבריייזע, איז זיא צוגעקומען צו הערריין, דאט איהם גענומען ביי דער האנד און האט איהם געפֿרעגט:

— הערריי! איז עס נאטהווענדיג, איך זאל פֿאהרען אהין? מוז איך פֿאהרען אין יענער אונבעקאנטער וועלט? וואלט פֿיעללייכט ניט בעסער געווען, איך זאל בלייבען דא, אין דער מינע?

— עס מוז אזוי זיין, נעללי, האט הערריי ווארד געענטפֿערט. עס איז נאטהווענדיג פֿאר דיר און פֿאר מיר.

— הערריי! זייט דוא האסט מיך געראטעוועט דארט פֿון'ם ברונען, בין איך געווען אזוי גליקליך דא אין דער מינע! דוא האסט מיך געלערנט זעהר פֿיעל זאכען. דאס איז גענוג פֿאר מיר. צו וואס זאל איך דען פֿאהרען ארויף, דארט אויבען?

הערריי האט ניט געענטפֿערט. ער האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפֿערן.

— מיין טאכטער, עס איז נאטהווענדיג, אז דוא זאלסט זיין דארט אויבען און זעהן אלעס, האט דשיימס סטאר זיך אריינגעמישט. דוא פֿאהרסט דאך מיט מענשען, וועלכע ליעבען דיך און וועלכע וועלען זיך זארגען פֿאר דיר.

אלעס איז געווען פֿערטיג צו דער רייזע. דיא פֿיער רייזענדע האבען גענומען זייערע פעקלעך און רענצלעך און זיינען צוגעקומען צום גרויסען עלעקטערישען עלעוויימאר, וועלכער האט זיי אין איינ'גע מינוטען ארויפֿגעפֿיהרט אויבען. דארט איז געווען אַ קליינע אייזענבאהן סטאציאן מיט'ן נאמען „ניו אבערוויל". דיא אייזענבאהן האט זיך פֿעראייניגט מיט דער הויפט ליניע.

ווען זיי זיינען ארויפֿגעקומען, איז אין דרויסען שוין געווען נאכט. דשיימס סטאר און הערריי ווארד זיינען אומיסטען ארויסגעפֿאהרען אבענדס, אום נעללי'ס אויגען זאלען זיך פֿריהער געוועהנען מיט דעם שוואכען ליכט פֿון אַ זומער נאכט. דאן וועט זיא זעהן, וויא עס ווערט ליכטיג, וויא עס ווערט טאג, וויא דיא זון געהט אויף. דערמיט וועט עס ניט מאכען אזא שטארקען איינדרוק אויף איהרע אויגען.

זיי האבען זיך אויפֿגעזעצט אויף אַ וואגאן און זיינען געפֿאהרען קיין סטירלינג, דיא ערשטע סטאציאן אויף דיעזער ליניע. דיעזע רייזע האט אויך מעהר ניט געדויערט, וויא עטליכע מינוט. אין וואגאן איז ניט געווען שטארק ליכטיג און נעללי האט ניט געפֿיהלט קיין גרויסע ענדערונג.

באלד זיינען זיי אנגעקומען קיין סטירלינג. דארט זיינען זיי ארויסגעגאנגען און זיינען געגאנגען צו פֿוס פֿון דער באהן סטאַציאָן ביז אין דער קליינער שטאָדט סטירלינג. זיי זיינען געגאנגען אויף אַ ברייטען שאָסעע. פֿון ביידע זייטען זיינען געווען געפֿלאנצט הויכע, אַלטע ביימער. ניט ווייט איז געווען דאס מעער. ווער עס איז געווען בעקאנט מיט דער געגענד, דער האט זעהר לייכט געזועהן דעם גרויסען אטלאַנטישען וועלט מעער.

דעם ערשטען איינדרוק אויף נעללי'ן האט געמאכט דיא פֿרישע, שטארקע, געזונדע מעער לופֿט. קוים האבען זיי אנגעהויבען צו געהן אויפֿ'ן וועג, האט

נעללי אנגעהויבען צו אטהעמען שנעלער און שטאַרקער. הערדי האט עס בּ״, מערקט.

— וויא געפֿעלט דיר דיזע לופֿט, נעללי? האט ער געפֿרעגט. פֿיהלסטו דוא ניט, אז דיזע לופֿט איז בעסער, ריינער און געשמאקער, וויא די לופֿט דארט אונטען?

נעללי האט ניט געענטפֿערט. זיא האט געפֿיהלט, אַז דא, „אויבען", איז ווירקליך עפּעס אנדערש. זיא איז אבער ניט געוועזען אים שטאנד עס אויסצודריקען מיט ווערטער. אלעס איז איהר געוועזען ניי; אַלעס איז איהר פֿאַרגעקומען אונבעקאנט.

— וואס פֿאר אַ דאַמפּף זעה איך איבער אונזערע קעפּ? האט זיא ענדליך געפֿרעגט.

— עס איז קיין דאַמפּף, נעללי, האט הערדי איהר ערקלערט, דאס זיינען וואלקענס. דאס איז דער דאַמפּף פֿון׳ם מעער. ווען ער זאמעלט זיך צונויף, ווערד פֿון איהם אַ געדיכטער וואלקען און עס הייבט אן צו געהן אַ רעגען.

— אַ רעגען? — אך! איך וואלט געוועזען זעהר צופֿריעדען צו זעהן אַ רעגען האט נעללי אויסגערופֿען. ווער זיינען אבער דיזע קליינע פונקטען, וועלכע שיינען דורך דיא וואלקענס?

— דאס זיינען דיא שטערן, פֿון וועלכע איך האט דיר דערצעהלט. זיי ווייזען אונז אוים אזוי קליין, אין דער וואהרהייט אבער זיינען זיי זעהר גרויס.

נעללי האט געקוקט אויף דיא שטערן, האט זיי בעטראכט און האט זיך ניט געקענט אפּרייסען פֿון זיי. אַזאַ וואונדער האט זיא נאך קיין מאל ניט געזעהן. אין דיא פֿינסטערע גאלערעען פֿון ניי אבערוויל האט מען ניט געזעהן קיין שטערן.

— אך! ווען איך זאל קענען פֿליהען צו זיי! האט זיא אויסגערופֿען. — ווען איך זאַל קענען זיין דארט אויבען, ווייט, ווייט דארט! וויא גליקליך וואלט איך דאן געוועזען!

— ווייסט דוא דען, מיין טאכטער, וויא ווייט דיזע שטערן זיינען פֿון אונז? האט דשיימס סטאַר געפֿרעגט. — מיליאָנען, מיליאָנען מיילען! זיי ווייזען אונז אוים קליין, זיי זיינען אבער זעהר גרוים.

דשיימס סטאר האט גענומען דאס יונגע מעדכען אונטערן ארים. אלס געלערנטער, אַלס פֿילאזאף האט ער זיא שטודירט. איהם האט אינטערעסירט צו זעהן דעם איינדרוק, וואס דיא שטערן מאכען אויף אַ מענשען, וועלכער האט זיי קיין מאל ניט געזעהן. מיר, עלטערע מענשען, קוקען אויף דיא שטערן גאַנץ גלייכגילטיג. קינדער אבער בעטראַכטען דיא שטערן מיט גאַנץ אַנדערע געפֿיהלע. זיי לעזען אין דיא שטערן בוכשטאַבען — אַן אלף בית — און זעהן אין זיי וואונדערבארע בעדייטונג. — וואס פֿאר אַן איינדרוק אַלזא וועלען מאַכען דיא שטערן אויף אַזאַ מענשען, וועלכער איז ניט קיין קינד און ניט קיין עלטערער מענש?

הערדי ווארד איז געגאנגען לעבען נעללי׳ן און האט פֿון איהר קיין אויג ניט אראפּגעלאזען. דשעק רייען איז נאכגעגאנגען פֿון הינטען. אזוי זיינען זיי

געגאַנגען עטליכע מינוט. ווען נעללי האָט געגומען בעטראַכטען דיא שטערן, האָט זיא זיך אַרומגעקוקט און האָט בעמערקט דיא הויכע ביימער, וועלכע זיינען גע־פֿלאַנצט פֿון ביידע זייטען וועג.

פֿון'ם מעער איז אַנגעקומען אַ קיהלער ווינטעל, וועלכער האָט געשאַקעלט דיא ביימער. נעללי האָט זיך דערשראַקען. עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז דאָס שטעהן ריזען, הויכע מענשען, וועלכע מאַכען מיט דיא הענד, רופֿען און ווינקען צו זיך. זיא האָט אָבער קיינעם ניט געוואָלט זאָגען, וואָס זיא פֿיהלט. זיא האָט זיך געשעהמט צו פֿרעגען, ווער עס זיינען דיזע הויכע געשטאַלטען מיט דיא לאַנגע הענד.

דשיימס סטאַר און הערריס האָבען געוואָלט זיא לאָזען אַלס בעטראַכטען און אַליין אורטהיילען, וואָס דאָס איז. זיי האָבען פֿריהער אָפּגערעדט, אַז זיי זאָלען איהר ניט שטערן, זאָלען צו איהר ניט רעדען, זאָלען איהר נור ענטפֿערן אויף איהרע פֿראַגען.

זיי זיינען אַזוי געגאַנגען לאַנגזאַם, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום פּאָרט. דאָרט האָט אויף זיי געוואַרט אַ באָאָט, וועלכעס דשיימס סטאַר האָט אומיסטען געדונגען. ער האָט זעהר ריכטיג בערעכענט, אַז עס האָט קיין זינן ניט אַריינצו־פֿיהרען נעללי'ן קיין סטירלינג, אַ קליין, שטיל און רוהיג שטעדטעל. וואָס וועט זיא דאָרט זעהן? עס איז גלייכער, זיי זאָלען מיט איהר פֿאָהרען איבערן מעער קיין עדינבורג, דיא הויפּט שטאָדט פֿון שאָטלאַנד. דאָרט וועניגסטענס וועט זיא קענען עפּעס זעהן.

נעללי האָט צום ערשטען מאָל געזעהן דאָס גרויסע וועלט מעער, וויא זיינע בלויע וואַסערן האָבען געגלאַנצט און געפֿונקעלט פֿון דיא ליכט פֿון דיא שיפֿען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין פּאָרט.

— וואָס איז דאָס? האָט נעללי געפֿרעגט. איז דאָס אַזאַ גרויסער טייך?

— ניין, נעללי, דאָס איז דאָס מעער, דאָס גרויסע וועלט מעער. פּראָביר פֿערזוכען דאָס וואַסער פֿון דיעזעס מעער, וועסט דוא זעהן, אַז עס איז אַנדערש, וויא דאָס וואַסער פֿון אונזער זעע מאַלקאָלם לייק.

ווען מען האָט זיך אַריינגעזעצט אין באָאָט, האָט זיך נעללי איינגעבויגען, האָט איינגעטונקט איהר האַנד אין וואַסער און האָט אַ לעק געטהאָן מיט דער צונג.

— דיעזעס וואַסער איז זאַלץ, האָט זיא געזאָגט.

— יאָ, נעללי. דאָס וואַסער אין מעער איז געזאַלצען. דריי פֿיערטעל פֿון דער גאַנצער וועלט איז בעדעקט מיט'ן מעער אָדער מיט געזאַלצענעם וואַסער.

— פֿון וואַנען נעהמען מיר אַלזאָ זיסעס וואַסער צום טרינקען?

— פֿון דיא טייכען, נעללי.

— פֿון וואַנען נעהמען זיך דיא טייכען?

— פֿון דיא רעגענס.

— דיא רעגענס אָבער קומען דאָך פֿון דיא וואָלקענס, האָט נעללי געפֿרעגט, און דיא וואָלקענס קומען פֿון מעער. דאַרפֿען דאָך דיא טייכען אויך זיין געזאַלצען?

— ניין, נעללי, דיא וואלקענס זיינען דער דאמפף פון רייגעס, ויסעס וואסער. דאס זאלץ בלייבט אין מעער און דאס ריינע, קלארע זיסע וואסער געהט ארויף אין דאמפף און עס ווערט דערפון וואלקענס.

נעללי האט זיך פערטראכט. זיא האט ניט גוט פערשטאנען, וואס מען מיינט דערמיט און וויא אזוי עס קען זיין.

פלוצלונג האט זיך געוויעזען א נייע זאך, וועלכע האט נעלליין איבערראשט גיים, ווייט אין אָסטען האט זיך געוויעזען אַ רויטער ראָד, גרוים וויא אַ גרויסע שיסעל, דער ראָד האט אבער געלייכט און געשיינט.

— וואס איז דאס, הערריו וועד איז דיעזעס רויטע ליכט, וואס איך זעה דארט גאנץ ווייט?

— דאס איז דער מאנד, ער געהט יעצט אויף, איז ער רויט, שפעטער וועט ער זיין ווייס און קלאר.

— יא, יא, דאס איז דער מאנד! האט אויסגערופען דשעק רייען, אַ זיל-בערנע שיסעל, אין וועלכע דיא שטערן ווארפען אריין זייער זילבער געלד.

— נו, דשעק, דאס איז ביי מיר אַ נייעס! האט דשיימס כטאר אויסגערו-פען. איך האב ניט געוואוסט, אַז דוא ביסט אַזאַ גרויסער דיכטער און קענסט מאכען אזעלכע ריכטיגע פערגלייכע.

— הערר כטאר, איהר זעהט אליין, אַז איך האב רעכט. וואס העכער, דייט-ליכער און העלער דער מאנד געהט אויף, אַלץ מעהר פערשווינדען דיא שטערן. דער מאנד שלינגט זיי איין. ער פרעסט זיי אויף. פאר וואס אלזא, זאל איך ניט זאגען, אַז דער מאנד נעהמט צו דיא זילבערנע שילינגס און דיא זילבערנע קראַ-אינס פון דיא שטערן.

דשיימס סטאר האט געוואלט עפעס ענטפערן, אין דיעזע מינוט אבער האט איהם נעללי אונטערבראכען.

— אך, וויא שעהן! האט זיא אויסגערופען. אלעס איז דא אַזוי שעהן, אַזוי הערליך, אַזוי גראַסאַרטיג! — אבער, הערריו, דוא האסט דאך מיר געזאגט, אַז דער מאנד איז רונד. איך זעה דאך, אַז ער איז גאר ניט רונד?

— אין דיעזע נאַכט איז ער נאך ניט רונד, האט הערריו געענטפערט. מיט איינינע נעכט שפעטער וועט ער ווערן רונד. דערווייל איז דיעזער שעהנער מאנד נור אַ האלבע שיסעל. דשעק רייען האט אונרעכט, ווען ער זאגט, אַז דער מאנד איז אַ שיסעל.

לאנגזאם האט זיך אויפגעהויבען דער מאנד און האט בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד מיט זיינע זילבערנע שטראַהלען. דיא וואלקען זיינען ביסלעכווייס פערשוואונדען געווארען. דער הימעל איז געווארען קלאר און בלוי.

נעללי האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון דיעזעס שעהנע בילד. זיא האט געציטערט פאר פרייד און פערגניגען, ווען זיא האט צום ערשטען מאָל דערזעהן דיעזע שעהנהייט, דיעזעס גראַסאַרטיגע שוישפיעל, וועלכעס דיא נאַטור גיט אונז יעדען אבענד.

אונטערדעסען איז דאָס באָאָט גענאָהרען אַלץ ווייטער און ווייטער. דאָס מעער איז געוועזען שטיל און רוהיג. דער קלאַרער, העלער, זילבערנער שיין פֿון'ם מאָנד האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין וואַסער. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אַ שטראָם פֿון געשמאָלצענעם זילבער איז אויסגעגאָסען אַרום זייער באָאָט.

עס איז געוואָרען שפּעט אין דער נאַכט. דשעק רייען איז אַנטשלאָפֿען געוואָרען אויף זיין זיץ. דשיימס סטאַר און הערי וואַרד האָט עס אויך אַנגעהויבען צו שלעפֿערן. נעללי איז געזעסען אין באָאָט און האָט געהאַלטען הערי'ס הענד. זיא איז געוועזען דיא איינציגע, וועלכע האָט ניט געקענט שלאָפֿען. אַלעס איז איהר געוועזען ניי, אַלעס איז איהר געוועזען פֿרעמד, אַלעס איז איהר געוועזען אינטערעסאַנט.

דיא מענשליכע נאַטור אָבער לאָזט זיך ניט בעזיעגען. צו ביסלעכווייס האָבען זיך איהרע אויגען אַנגעהויבען צו קלעפּען. איהר קאָפּ איז שווער געוואָרען און האָט זיך אַנגעבויגען אויף הערי'ס הערץ — זיא איז אַנטשלאָפֿען געוואָרען ווי אַ קינד אויפֿ'ן שויס פֿון איהרע עלטערן.

הערי האָט עס בעמערקט, האָט צורעכט געמאַכט זיין מאַנטעל און האָט זיא געוואָלט אַניעדערלעגען.

— לאָז זיא צו רוה, הערי, האָט דשיימס סטאַר געזאָגט. לאָז זיא שלאָפֿען, וואו זיא איז אַנטשלאָפֿען געוואָרען. זיא האָט דיעזעס נאַכט געזעהן צופֿיעל וואונדער, צופֿיעל נייעס. זיא איז אויפֿגערעגט, איהרע נערווען זיינען צופֿיעל געשפּאַנט. זיא מוז זיך אויסרוהען.

הערי האָט איהם געפֿאָלגט. זיס, הייליג און טהייער איז דיא ערשטע ליעבע! ווער קען עס איבערגעבען אין ווערטער דיא זיסע געפֿיהלע פֿון דער ערשטער ליעבע! ניט אומזיסט האָט דער גרעסטער דייטשער דיכטער אויסגערופֿען: —

„אָה! דאָס עס עוויג גרינען בליעבע, דער זיסע גליק דער ערשטען ליעבע!"

הערי איז געוועזען גליקליך, וואָס נעללי'ס קאָפּ איז געלעגען אויף זיין ברוסט. ער האָט געפֿיהלט דיא וואַרימקייט פֿון איהר יונגען קערפּער; ער האָט זיך צוגעהערט, וויא איהר הערץ שלאָגט, וויא איהרע זייטען ציטערן פֿון פֿרייד און גליק. ער האָט זיא ניט געוואָלט ריהרען פֿון'ם אָרט. ער האָט זיא צוגעדעקט מיט זיינע הענד און אַן עלעקטרישער שטראָם האָט דורכגעציטערט דורך זייערע ביידע קערפּער.

לאַנגזאַם איז נעפֿאָהרען דאָס באָאָט אויף דיא שטילע, רוהיגע און העלע וואַסערן פֿון'ם אַטלאַנטישען וועלט מעער. ענדליך אום דריי אוהר אין דער פֿריה זיינען זיי צוגעקומען צום פּאָרט און דאָס שיפֿעל האָט זיך צוגעשלאָגען צום דאָק. דאָרט איז אַ מאַטראָז אַרויסגעשפּרונגען און האָט זיא אַנגעהויבען צוצובינדען צום דאָק. דיא וועללען (כוואַליעס) האָבען צוגעשלאָגען דאָס באָאָט צום דאָק, דיא קייטען האָבען אַנגעהויבען צו קלינגען. נעללי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט.

— אה, איך האב געשלאפען! איך האב גאר ניט געזעהן! האט זי אויסגערופען.

— ניין, עס האט זיך דיר אויסגעוויעזען, אז דו שלאפסט, האט דשיימס סטאר געענטפערט. דוא ביסט געווען אזוי איבערראשט פון אלע נייעס, וואס דוא האסט געזעהן, אז דוא האסט געטרוימט.

נעללי האט געשוויעגען. זיא האט פערשטאנען, אז דער אינזשעניר זאגט איהר ניט דיא ווארהייט. זיא האט געזעהן אז דא איז עפּעס, האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג. — דשיימס סטאר האט עס בעמערקט און האט בעוואונדערט דעם טאקט און דאס קלוגע בענעהמען פון דיזעס מעד־כען, וועלכע איז געבארען געווארען און אויפגעוואקסען אין א טיפער מינע.

— פון וואנען נעהמען דיא פרויען דיעזען טאקט און דיעזע פעהיגקייט זיך צו האלטען אין א געזעלשאפט? האט געפרעגט זיך אליין דער געלערענטער אינזשע־ניר. — דיזעס מעדכען האט קיינמאל ניט געזעהן קיין מענשען, וויים ניט פון קיין העפ־ליכקייט און פון דיזער וועלט קונסט: צו זאגען מיט'ן מויל אזוי און צו טראכטען אין הארצען עפּעס אנדערש. — פון וואנען אלזא האט דיזע נעללי דאס אלעס געלערנט?

זיי האבען אנגעהויבען ארויסצוגעהן פון'ם שיפעל. הערריי האט גענו־מען נעללי'ן ביי דער האנד און האט זיא געפיהרט אין שטאדט אריין. — דיא גאסען פון דער גרויסער שטאדט עדינבורג זיינען נאך געווען פינס־טער און לעדיג. זעלטען איז דורכגעפאהרען אן עקספּרעס וואגען אדער עס זיינען דורכגעגאנגען ארבייטער צו זייער פריהער ארבייט.

נעללי האט בעטראכט די הויכע, דונקעלע הייזער פון עדינבורג גלייך וויא זייא וואלטען געווען דיא הייזער פון קאהל סיטי. דער אונטערשיעד פאר איהר איז נור בעשטאנען דארין, וואס אין קאהל סיטי איז דער דאך איבער דיא הייזער זעהר ניעדעריג; דא אבער איז דער דאך זעהר הויך און אין איהם פינקלען קליינע העלע פונקען — דיא שטערען.

— ביסט דו ניט מיעד נעללי? האט הערריי זיא געפרעגט, ווען זייא זיינען ארומגעגאנגען געגען א האלבע שטונדע אין די גאסען פון עדינבורג.

— ניין, הערריי! איך פיהל גאר ניט, אויב איך געה אויף דער ערד. דער שעהנער בלויער דאך איבער אונז איז אזויא העל, אזויא בלויא און אזויא שעהן, אז איך וואלט געוואלט ארויפפליהען צוא איהם.

— איך פיהל אויך דאס זעלבע, ווען איך בלייב א לאנגע צייט אין דער מינע און געה דאן ארויף אויבען, האט דשעק רייען זיך אפּגערופען.

— דאס איז ריכטיג, האט דער אינזשעניר ערקלערט. דער דאך פון ערד און שטיינער אין קאהל סיטי פרעסט און דריקט אונזער ברוסט. דא, אין דער פרייער נאטור פיהלט זיך דאך דער מענש פרייער און בעקוועמ־ער. — פיהלסט דוא עס ניט אזויא, נעללי?

— איך ווייס ניט, האט נעללי געענטפערט. איך פיהל, אז מיר דרעהט זיך דער קאפ און עס שווינדעלט מיר פאר די אויגען.

— דאס איז די אורזאכע, נעללי, וואס איך האב דיך געפיהרט אהער. האט איהר הערר׳י געזאגט. מעגליך, אז דיזע גרויסע, ווייטע שעהנע וועלט וועט דיר אזוי געפעלען, אז דוא וועסט ניט וועלען צוריקגעהן אין אונזערע פינסטערע מינע.

— אך, ניין, הערר׳י! מיר איז דארט אונטען זעהר גוט. איך ווייס ניט, אויב איך האב געדארפט אוועקפאהרען פון דארט.

ווייטער און ווייטער זיינען זיי געגאנגען אין די גאסען פון דער אלטער קעניגס שטאדט עדינבורג. פלוצלונג איז נעללי געבליבען שטעהן.

— וואס איז דאס פאר א שווארצע מאסע שטיינער אין דער מיט וועג? האט זיא געפרעגט און האט געוויזען, אויף א גרויסען, פינסטערן פאלאץ.

— דאס איז דער פאלאץ פון די אלטע קעניגע פון שאטלאנד, האט איהר דשיימס סטאר ערקלערט. דא האבען אמאל געוואוינט גרויסע הערשער, מעכטיגע פירסטען און גלענצענדע קעניגע און קעניגינען. יעצט וואוינט אין שלאס קיינער ניט, דערפאר ווייזט ער אויס ביי נאכט אזוי פינסטער און אזוי טרויעריג, ביי טאג זיינען דיזע מויערן פיעל שעהנער און פיעל אנגענעהמער. איך האב דיך אומיסטען געפיהרט אהער, ווייל אין דיזען שלאס געפינט זיך א הויכער טהורעם. פון דיזען טהורעם איז שעהן צו זעהן ווי די זון געהט אויף. דא, נעללי, וועסט דו זעהן איינע פון די גרעסטע וואונדער פון דיזער וועלט—ווי די זון ווייזט זיך ארויס לאנגזאם, הייבט זיך אויף און בעלייכטעט די גאנצע וועלט.

זייא זיינען אריינגעגאנגען אין גרויסען פארק, וועלכער געפינט זיך ארום קעניגליכען שלאס און זיינען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער, ביז זייא זיינען געקומען צו ארטהורס הילל.

דאס איז א הויכער בארג, וועלכער געפינט זיך אין דער מיט פארק. אויפ׳ן שפיץ פון דיזען בארג געפינט זיך א טהורעם, פון וועלכען מען קען איבערזעהן די גאנצע געגענד ארום. דאס איז איינע פון די מערקווירדיגקייטען פון עדינבורג. קיין רייזענדער, קיין פרעמדער, וועלכער קומט בעזוכען שאטלאנד, וועט ניט אויסלאזען די געלעגענהייט צו בעזוכען ארטהורס הילל. פילאזאפען, דיכטער און געלערנטע האלטען עס פאר זייער פליכט צו זיצען אויף דיזען טהורעם און זעהן, ווי די זון געהט ארויס פון דעם נאסען אטלאנטישען וועלט מעער און בעלייכטעט די וועלט.

לאנגזאם זיינען זיי ארויפגעגאנגען אויף ארטהור׳ס הילל. דשיימס סטאר איז געוועזען גוט בעקאנט מיט דער געגענד און האט זייא געפיהרט אויפ׳ן נאהענטסטען וועג. דענאך האט עס פארנומען א גערוימע צייט, ביז זייא זיינען ארויפגעקומען גאר אויבען. דארט האבען זיי זיך אנידערגעזעצט.

— בעטראכט, נעללי! האט דשיימס סטאר געזאגט. — קוק נור אהין דארט, וואו עס האט זיך געוויזען א ווייסער פאס ליכט.

נעללי האט געקוקט קיין אַסטען. דאָרט האט זיך חירקליך געוויזען דער ערשטער שיין פֿון'ם יונגען טאג. דער הימעל איז געווען קלאָר און ריין. מען האט געקענט פֿאָראויס זאגען, אז עס וועט זיין אַ שעהנער טאג. אַלע זיינען געזעסען שטיל און האבען געקוקט אויף נעללין. יעדער האט געוואָלט זעהן, וואס פֿאר אן איינדרוק עס וועט מאכען אויף איהר דאס אויפֿגעהן פֿון דער זון, דיא ערשטע ראָזאַ שטראַהלען פֿון דער זון.

לאנגזאם האבען זיך געצויגען דיא מינוטען. נעללי האט זיך אוועקגעקעהרט פֿון'ם מעער און האט אַ קוק געטהאן אויף דיא גרויסע מאסען הייזער פֿון עדינבורג מיט דיא הונדערטער מאָנומענטען פֿון דער אַלטער קעניגס שטאדט.

מען מוז זיין אין אַ גרויסער שטאדט אין שאָטלאַנד, וויא עדינבורג, גלאַזגאָ און אַנדערע, אום מען זאל קענען אורטהיילען, וואס פֿאר אַ זאנדערבארען איינדרוק דיעזע מאָנומענטען מאכען אויפֿ'ן פֿרעמדען: אין גלאַזגאָ געפֿינען זיך אין איין אָרט עטליכע און דרייסיג מאָנומענטען פֿון ענגלישע קעניגע, מיניסטאָרען און גרויסע מענער. דער פֿרעמדער ווערט איבערראַשט, ווען ער זעהט זיך צום ערשטען מאל צווישען דיעזע אַלע מאָנומענטע.

דאס זעלבע האט יעצט פּאסירט מיט נעללין. זיא האט געזעהן הויכע זיילען מיט געשטאַלטען פֿון מענשען. זיא האט ניט געוואוסט, וואס דאס איז. זיא האט אבער פֿערשטאַנען, אז דאס איז עטוואס זעלטענעס. זיא האט געוואָלט פֿערשטעהן מיט איהר איינענעם פֿערשטאַנד, וואס עס בעדייטען דיעזע גרויסע שטיינער מיט קעפּ פֿון מענשען אויף זיי.

אונטערדעסען איז אין דרויסען געוואָרען אַלץ העלער און העלער. דער מאנד איז שוין לאנג אונטערגעגאנגען, דיא שטערן זיינען פֿערשוואונדען. עס האבען זיך געוויזען דיא ערשטע ראָזאַ שטראַהלען פֿון דער זון.

— אַ פֿייער! אַ פֿייער! האט נעללי אויסגערופֿען.

— ניין, נעללי! דאס איז ניט קיין פֿייער, דאס איז דיא זון, האט העררי איהר ערקלערט. זיא געהט יעצט אויף און איז רויט, שפּעטער וועט זיא בעלייכטען דיא גאנצע וועלט מיט אַ קלאָר געלבען ליכט.

נעללי האט אַ קוק געטהאן אויפֿ'ן מעער און האט געזעהן, אַז פֿון דאָרט האט זיך געוויזען אַ גרויסע פֿייעריגע קוגעל, וועלכער איז צוגעקומען אַלע מאל נעהנטער און איז געוואָרען אַלץ העלער און ליכטיגער, ביז עס איז געוואָרען אונמעגליך צו קוקען אויף איהר.

עס האבען זיך געוויזען טרערין אין איהרע אויגען. זיא האט מעהר ניט געקענט זעהן און האט געמוזט זיך אוועקקעהרען פֿון דער זון.

— אַך, העררי! ערשט יעצט זעה איך, אַז מיינע אויגען זיינען נאך ניט אים שטאנד צו זעהן דיעזע וועלט, צו וועלכער דוא ביסט אזוי געוואוינט.

העררי האט זיא געוואָלט אוועקרייסען פֿון דער זון און האט זיא געבעטען, זיא זאל קוקען קיין וועסטען (מעריב). זיא האט אבער אויף קיין פֿאל ניט געוואָלט. זיא האט זיך פֿערשטעלט דיא אויגען מיט דיא הענד און האט אַלץ

געקוקט אויף דער זון, אויף דער שעהנער, העלער, ליכטיגער זון מיט איהרע ראזא פארבען, ווען זיא געהט אויף.

— איך פערשטעה יעצט, פאר וואס דאס זומער פייגעלע רייסט זיך צום לאמפ אין א זומער אבענד, האט געברומט אונטער דער נאז דשיימס סטאר. דאס אמער פייגעלע וויים פיעללייכט, אז עס וועט זיך פערברענען דיא פליגעלעך. עס קען זיך אבער ניט צוריקהאלטען. עס ציהט זיא אבער דאך צום ליכט. אלע בעשעפעניסע ציהען זיך צום ליכט. זאגאר פיעלע בלומען דרעהן זייערע קעפּ־לעך אין דער זייט פונ'ם ליכט. — ליכט איז לעבען. ליכט איז פרייד און גליק. ווען דיא אונוויסענדע מענשען שרעקען זיך פאר דיא נאכט און גלויבען אן גייסטער, איז עס נור דערפאר, ווייל ביי נאכט איז פינסטער. וואו עס איז דא ליכט, פון דארט אנטלויפען דיא גייסטער. — יא, ליכט! ליכט!

ווען דער גרויסער פילאזאף לאק איז געשטארבען, האט ער אויסגערופען: „מעהר ליכט!" מעהר ליכט פאר אלעמען! בילדונג, לערנען, וויסענשאפט, אויפ־קלערונג איז ליכט.

אונטערדעסען האט נעללי אלץ געקוקט אויף דער זון. עס האבען איהר וועה געטהאן דיא אויגען, זיא האט זיך אבער ניט געקענט אפרייסען פונ'ם ליכט. ענדליך איז זיא געפאלען אויף דיא קניע און האט אויסגערופען בעגייסטערט:

— אך, וויא שעהן איז דיעזע נייע שעהנע וועלט!

דאן האט זיא זיך אוועקגעקערט פון דער זון און האט בעטראכט מיט שטוינען און ענטציקען דאס שעהנע בילד, וואס דיא גרויסע שטאדט עדינבורג האט פאר־געשטעלט. שעהנע גאסען, גרויסע הייזער, פאלאצען, שלעסער, מאנומענטען און פארקס. ווייטער האט מען געזעהן דאס מעער, וויא עס האט געגלאנצט און געפונקעלט אין דער זון, נאך ווייטער האט מען געזעהן גרינע בערג, וועלדער און פעלדער.

נעללי איז געוועזן שטום. זיא האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. זיא איז געוועזן בעטויבט, איבערראשט און בעצויבערט. זיא איז אויפגעוואקסען אין דער פינסטערער מינע; זיא האט געזעהן פאר זיך נור פינסטערניס און זעלטען, זעלטען דאס שוואכע ליכט פון א לאמפ. וואס האט זיא געוואוסט פון א וועלט, פון א מעער, פון ליכט און גרינע וועלדער.

זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן. עס איז איהר פינסטער געווארען אין דיא אויגען און עס האט איהר אנגעהויבען צו רוישען און צו שווינדלען דער קאפ. ענדליך איז זיא געפאלען אין אהנמאכט אין הערריס ארימס.

19טעם קאפיטעל.

## איבערן לאנד.

הערדי, דשיימס סטאר און דשעק רייען זיינען אויך געוועזן געריהרט פון ריעזער ואנדערבארער סצענע. זיי האבען גענומען נעללין אונטער דיא ארימס און האבען זיא אראפגעפיהרט פונ'ם בערגעל ארטהורס היל. זיי האבען גענו־

מען דיא ערשטע דראשקע. וואס זיי האבען געטראָפען און זיינען אוועקגעפאָה־רען אין אַ האטעל. דארט האבען זיי זיך געהייסען געבען אַ גוטען פריהשטיק און דריי צימער. איין צימער פאר נעללין און צוויי צימער פאר זיך. נאך אַ־יאַ נאכט, וועלכע איז געווען פול פון אויפרעגונג, האבען זיי געמוזט זיך איינינע שטונדען אפרוהען.

נעללי איז געשמאַק געשלאָפען איינינע שטונדען. ווען זיא איז אויפגע־שטאנען, איז זיא געווען פאלקאמען געשטאַרקט. זיא האט זיך געפיהלט גאר אַ נייער מענש. זיא איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האט שוין גלייך געקוקט אויף דיא מעננע מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען און געלאָפען אין דיא גאסען פון דער גרויסער שטאדט.

ווען זיי האבען זיך גוט אויסגערוהט, זיינען זיי צוגעגאנגען צו דער באהן סטאציאן און זיינען אוועקגעפאָהרען קיין גלאַזגאָ. יעצט איז נעללי שוין געפאָה־רען ביי טאג און האט שוין געזעהן פאר זיך דיא גרויסע וועלט אונטער דער זון. זיא האט שוין געזעהן שעהנע העררן און עלעגאנטע דאמען אין דיא וואגא־נעס פון עדינבורג קיין גלאַזגאָ. זיא האט געקוקט דורך דיא פענסטער און האט געזעהן פעלדער, וועלדער, דערפער, שטעדטלעך און פאבריקען.

אין גלאַזגאָ זיינען זיי פערפאָהרען אין אַ האטעל, וואו זיי האבען איבעו־נעכטיגט. דער ערשטער טאג פון זייער רייזע האט זיך געענדיגט. נעללי האט געזעהן אלעס, וואס אַ מעדכען, וועלכע איז אויפגעוואקסען אין אַ פינסטערער מינע האט געקענט זעהן פון דער גרויסער וועלט. זיא איז געווען זעהר קלוג, האט זיך צוגעקוקט צו יעדער זאך און האט זיך ניט געוואונדערט, וויא אַ גראבע דארפס מיידעל, ווען זיא קומט פון אַ וויטען דארף אין אַ גרויסער שטאדט.

פאר דשיימס סטאר איז זיא געווען אַ רעטעניש. ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, פון וואנען עס האט זיך צו איהר גענומען דיעזער טאקט און דיעזעס פיינע בענעהמען. ער האט בעמערקט אין איהר אַ בעזאנדערס עדעלען געפיהל. זיא האט געוואוכט, וויא און ווען צו פרעגען עפעס און ווען צו שווייגען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעפאָהרען פון גלאַזגאָ. זיי זיינען יעצט געפאָהרען אויף אנאנדער וועג צוריק קיין אבערוויל. דשיימס סטאר האט געוואלט, אַז נעללי זאל זעהן אַ וואלד און אַ זעע (אַזיערא).

— ביז אהער האבען מיר איהר געוויעזען שטעדט, דערפער און מענשען, האט ער געזאגט צו הערריי ווארד. יעצט לאמיר איהר ווייזען דיא פרייע נאטור אין אַ וואלד, לעבען אַ טייך. לאז זיא וויסען, אַז עס איז דא נאך אנאנדער וועלט אויסער דער מינע און אויסער דיא גרויסע שטעדט.

דשיימס סטאר האט נאך געהאט אנאנדער צוועק, וועלכע, ער האט ניט געוואלט זאגען הערריי ווארד. ער האט געוואלט פיהרען נעללין אין דער געגענד, וואו דיא מינע פון ניי אבערוויל געפינט זיך. דארט וועט ער זיא שטרענג בע־אבאכטען, פיעללייכט וועט זיא געבען עפעס אַ צייכען, אַז זיא קען דיא געגענד;

פיעללייכט וועט זיא מאכען עפּעס א מינע, אז דאָרט איז איהר עפּעס בעקאנט. דאַן וועט ער וויסען, אַז זיא נאַרט זיי גאָר אָפּ; אַז זיא קען גאָר דיא געגענד.

דאס אַלעס האָט ער אָבער ניט געזאָגט הערריי ווארד. זיי זיינען געפאהרען ביז דומבאַרטאַן, אַ באַהן סטאציאָן פון דער אַנדערער זייט פון אבערוויל. דאָרט זיינען זיי אַויסגעשטיעגען און זיינען געגאַנגען צו פוס, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום גרויסען זעע, לייק קעטרין.

אונזערע לעזער וועלען זיך דערמאנען, אַז אַ טהייל פֿון דער מינע פֿון ניי אבערוויל געפֿינט זיך אונטער דיעזען זעע. דאס ערשטע מאל, ווען דשיימס סטאר מיט דער פֿאמיליע ווארד האבען אויסגעפֿונען דיא נייע מינע, האבען זיי געהערט, וויא דאס וואסער רוישט איבער זייערע קעפּ. זיי האבען אנפֿאנגס געמיינט, אז דאס איז דער זעע, לייק קעטרין.

לייק קעטרין איז אַ גרויסער בעקען מיט וואסער פֿון עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג. דורך אַ שמאלען קאַנאַל פֿעראייניגט ער זיך מיט אנאנדער גרויסען זעע מיטן נאמען לייק לאָמאָנד. אזוי וויא דיא געגענד איז זעהר אַ שעהנע און עס געפֿינען זיך אין איהר פֿיעלע אלטע שלעסער, קומען אהין אויפֿן זומער פֿיעלע רייזענדע. אַ קאמפּאני האט אויסגעבויט אַ קליינעם דאמפף שיף, וועלכעס פֿאהרט ארום אויף דיעזעביידע גרויסע זעען.

דשיימס סטאר האט בעשלאסען, זיי זאלען אויך אביסעל דורכשפאציערן אויפֿן לייק קעטרין. ביזן לייק קעטרין זיינען זיי געגאנגען צו פֿוס. אויפֿן וועג האט ער געוויעזען נעלליין אַן אלטען איינגעפֿאלענעם שלאס.

— זעהסט דוא דיעזע מאַסע שטיינער, דא האט אמאל געוואינט אַ גרויסע קעניגין מיטן נאמען מאַריאַ סטיואַרט. זיא איז געוועז קעניגין פֿון שאָטלאַנד און האט געהייראטהעט דעם פֿראנצייזישען קעניג, פֿראַנסואַ דעם צווייטען. זיא איז געוועז יונג, שעהן, בליהענד און שטאלץ. זיא האט געמיינט, אַז דאס גליק וועט איהר שטענדיג שיינען איבערן קאפּ. אין ענגלאנד איז דאמאלס געוועז אַ קעניגין מיטן נאמען עליזאבעט, וועלכע האט ניט געהייראטהעט. עליזאבעט איז געוועז מאריא סטיוארט'ס אַ פֿערוואנדטע. ווען עליזאבעט וואלט געשטארבען יונג, וואלט מאַריאַ סטיוארט געווארען קעניגין פֿון ענגלאנד אויך.

מאַריאַ סטואַרט האָט גערעכענט, אַז זיא איז שוין דיא הערשערין פון שאָטלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך.—וואָס איז אָבער געוועז דאָס ענדע? דער יונגער פראַנצויזישער קעניג פראַנסואַ דער צווייטער איז געשטאָרבען זעהר יונג. זי האָט מיט איהם קיין קינדער ניט געהאַט און האָט געמוזט אוועקפאָהרען צוריק אַהיים קיין שאָטלאַנד. דאָ האָט זי זיך צוקריעגט מיט איהר פערוואַנדטע, די קעניגין פון ענגלאַנד. מען האָט זי געפאַנגען גענומען און מען האָט זי געהאַלטען אין געפענגעניס אין לאָנדאָן גאַנצע צעהן יאהר. ענדליך האָט עליזאַבעט געהייסען איהר אָפּהאַקען דעם קאָפּ.

געהייסען אפהאקען דעם קאפּ דער אנדערער פרוי? האט נעללי געפרעגט ער־שטוינט און דערשראקען.

פון דיעזער פראגע האט דשיימס כטאר ריכטיג געאורטהיילט, אז נעללי האט ביז אהער געלעבט אין געזעלשאפט פון מענער. אויסער מיט דער אלטער מערש האט זיא נאך מיט קיין פרוי ניט צוזאמען געלעבט.

דאס טרויעריגע ענדע פון דער אונגליקליכער קעניגין מאריא סטיוארט האט שטארק פּעראינטערעסירט נעללין. זיא האט געפרעגט פערשיעדענע זאכען: האט זיך קיינער ניט געשטעלט פאר מאריא סטיוארט? האט זיא קיינער ניט געליעבט? האט זיא ניט געהאט קיין פריינד, קיין בעקאנטע, וועלכע זאלען זיך אננעהמען פאר איהר?

דשיימס כטאר האט איהר ערקלערט, וויא ווייט עס איז מעגליך געווען, דאס גאנצע לעבען פון דער קעניגין מאריא סטיוארט; וויא זיא האט געהייראטהעט א גראף פון איהר לאנד, וויא דיעזער גראף האט זיא שלעכט בעהאנדעלט, וויא מען האט איהם געפונען דערשטאכען אין זיין שלאף צימער און וויא עליזאבעט, דיא קעניגין פון ענגלאנד, האט בעשולדיגט מאריא סטיוארט, אז זיא האט געדונגען מערדער, זיי זאלען טייטען איהר מאן.

— אך, וויא גליקליך בין איך, וואס איך בין ניט קיין קעניגין! האט זיא אויסגערופען. איך זעה, אז דיא קעניגינען זיינען זעהר שלעכט.

אונטערדעסען זיינען זיי צוגעקומען צום דאק, וואו דער שפאציער דאמפּפער „סינקלער" איז געשטאנען. אין איניגע מינוטען איז ער אנגעקומען און זיי האבען זיך אלע ארויפגעזעצט אויפ'ן „סינקלער".

דער טאג איז געווען א שעהנער, דיא זון האט געשיינט העל. דאס וואסער אין קעטרין לייק איז געווען שטיל און גלאט, וויא א שפּיעגעל. נעללי און הערי ווארד זיינען געזעסען איינער לעבען אנדערן אויפ'ן דעק און האבען בעטראכט דיא שעהנע געגענד ארום. דשיימס כטאר איז געזעסען לעבען זיי און האט זיי אויפמערקזאם געמאכט אויף יעדעס בערגעל, אויף יעדען אלטען שלאס, אויף דיא רואינען (חורבות). דערביי האט ער זיי דערצעהלט, וואס עס האט אמאל פאסירט אויף דיעזע בערגלעך און אין דיעזע שלעסער.

ער האט דערצעהלט נעללין דיא גאנצע בלוטיגע געשיכטע פון ענגלאנד מיט שאטלאנד; וויא אויף יעדען בערגעל זיינען פערגאסען געווארען טייכען מיט בלוט; וויא דיא ענגלישע קעניגע האבען געפיהרט קריעג מיט דיא שאטלענדישע קעניגע; וויא דיא ענגלישע גראפען און באראנען פלעגען זיך שלאגען מיט דיא שאטלענדישע גראפען און באראנען.

— גרויסער גאט אין הימעל! האט ענדליך נעללי אויסגערופען. וויא איך הער, ווייסען דיא מענשען דא אויבען נור צו פיהרען קריעג איינער מיט'ן אנדערן און צו טייטען איינער דעם אנדערן. וויא איך הער, ווייסען זיי נור פון מארד, בלוט און טויט. — עס איז שוין פיעל בעסער דארט אונטען, וואו עס איז פינסטער, וואו דיא מענשען ווייסען נור צו ארבייטען און ניט צו שלאגען זיך.

דשיימס כטאר האט זיך צוגעהערט צו יעדעס ווארט, וואס נעללי האט געזאָגט. ער האט פריהער גערעכענט, אַז נעללי איז דיא טאכטער עפּעס פון אַ רויבער אדער אַ מערדער, וועלכער האט זיך בעזעצט אין דער מינע און פלעגט דארט אפּטהאן זיין בלוטיגע ארבייט.

יעצט אבער האט ער זיך איבערצייגט, אַז נעללי ווייס ניט פון מארד און בלוט פערגיעסען. ער האט געקוקט אויף איהר און האט געזעהן, וואס פאר אַ שווערן איינדרוק עס האבען געמאַכט אויף איהר דיעזע געשיכטען פון קריעג און בלוט פערגיעסען.

— אלזא, ווער איז זיא דען און וויא קומט זיא אין דער מינע? האט גע־פרעגט זיך אליין דשיימס סטאַר.

וואס מעהר ער האט זיא שטודירט, אלעס מעהר איז זיא איהם פארגעקומען אלס אַ געהיימניס; אלעס מעהר האט ער ניט געוואוסט, ווער זיא איז; אלעס מעהר איז זיא איהם פארגעקומען זאנדערבאר.

ווייטער און ווייטער איז געפאהרען דער „סינקלער“; ווייטער און ווייטער האט דשיימס סטאר גערעדט און דערצעהלט פון דיא העלדען פון דיא אלטע צייטען, וועלכע האבען בעוויעזען אזוי פיעל וואונדער פון מוטה און טאַפּפער־קייט אין דיעזער געגענד.

שאָטלאַנד איז ווירקליך אַ וואונדער לאנד. דאס פאלק האט בעוואהרט דיא נעמען פון זיינע העלדען, פון זיינע קעמפער און פון זיינע קריעגער. ביז אויף היינטיגען טאג דערצעהלט דיא מוטער איהרע קינדער דיא וואונדער גע־שיכטען פון דער אלטער צייט. קיין לאנד אין דער וועלט האט ניט געהאט אזוי פיעל העלדען און האט ניט געפיהרט אזוי פיעל קריעג, וויא שאטלאַנד.

ווען מיר בעטראַכטען דיעזעס לאַנד אויף דער לאנדקאַרטע, ווייזט עס אויס גאַנץ קליין; ווען מיר לעזען אבער אין דער וועלט געשיכטע, וואס אין דיעזען קליינעם לאנד איז פארגעקומען, וואס פאר אַ בלוטיגע סצענען דא האָ־בען זיך אפּגעשפּיעלט, וויפיעל מערדערייען עס זיינען דא בעגאַנגען געווארען — שטוינען מיר: וויא האט דאס אלעס געקענט פאסירען אין אזא קליין שטיקעל לאנד?

אונטערדעכען אין דער „סינקלער“ געפאהרען אליץ ווייטער און ווייטער, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ קליינע סטאַציאָן. דארט פלעגען אויסשטייגען דיא פּאַסאַזשירען, וועלכע האבען געהאט אַ טיקעט נור אויף אהין. געוועהנליך פלע־גען דיא פאַסאַזשירען נעהמען א רעטורן טיקעט. דשיימס סטאר אבער מיט זיינע געסט האבען ניט גענדארפט קיין רעטורן טיקעט. זיי זיינען געפאהרען אהין. פון דארטען האבען זיי געוואלט נעהמען אַ קארעטע און פאהרען קיין קאַללאַנדאַר, דיא לעצטע סטאציאָן פאר ניי אבערוויל.

זיי האבען באַלד גענומען אַ קארעטע. נעללי און הערריי וואַרד האבען זיך געזעצט פון פאָרנט. דשיימס כטאר און דשעק רייען זיינען געזעסען פון הינ־טען. דיא קארעטע איז געפאהרען אין אן ענגען טהאל צווישען צוויי בערג. נעללי

האט אנגעהויבען צו ווערן אונרוהיג. דשיימס סטאר האט עס בעמערקט און האט אנגעהויבען זיא צו בעאבאכטען נאך שארפער און נאך שטרענגער.

— וואס זאל עס זיין, וואס זיא איז געווארען אזוי טרויעריג און האט זיך אזוי פערטראכט, ווען זיא האט בעמערקט, אַז מיר קומען צו נעהנטער צו ניי אבערוויל? האט זיך אליין געפרעגט דשיימס סטאר. זאל עס איהר זיין אונאנגענעהם צוריק צו פאהרען אין דער פינסטערער מינע? האט זיא זיך עפעס דערמאנט? איז זיא דא אמאל געווען? האט זיא דערקענט דיא געגענד?

קיינער האט איהם ניט געקענט ענטפערן אויף דיעזע פראגען.

אין איין ארט, וואו דער וועג איז געווען גאנץ שמאל און דיא בערג פוןביידע זייטען זיינען געווען בעוואקסען מיט וואלד, האט דשיימס סטאר דערזעהן אויף איינעם פון דיא בערג אַ זאנדערבארע געשטאלט. אן אלטער, איינגעדארטער, איינגעהויקערטער און איינגעשרומפענער מאן מיט אַ בינטעל ווייסע האר אויפ'ן שטערן און אויפ'ן נאקען איז געשטאנען אויפ'ן בערגעל אנגעשפארט אן אַ בוים און האט זיי בעטראַכט.

דיעזע געשטאַלט האט איבעראַשט דעם קלוגען און געלערנטען אינזשעניר. זייט ער לעבט האט ער נאך אַזאַ זאנדערבארע און אַזאַ שטרענגע געשטאַלט ניט געזעהן. דיא געשטאַלט האט געקוקט אויף זיי, זייט דיא קארעטע האט זיך געוויעזען אויפ'ן וועג צווישען דיא בערגלעך. דער אלטער מאן איז געשטאנען לעבען אַ בוים, זיינע אויגען האבען געברענט, וויא צוויי פייערן, זיינע הענט האבען זיך צונויפגעלעגט אין צוויי שוואַכע, אבער דראָהענדע פויסטען און זיין געזיכט האט אויסגעדריקט האס, צארן און פעראַכטונג.

— ווער זאל זיין דיעזער אַלטער? וויא קומט ער אהער? פון וואנען קומט ער אהער? האט זיך געפרעגט דשיימס סטאר.

ווען דיא קארעטע איז צוגעקומען גאנץ נאהענט צו איהם, האט נעללי פלוצלונג אויפגעהויבען דיא אויגען און האט איהם דערזעהן. זיא איז געווארען בלייך, וויא קאלך, האט אַ ציטער געטהאן מיט איהר גאנצען קערפער און האט אַ געשריי געטהאן ניט מיט איהר קול, גלייך וויא אַ שלאנג וואלט איהר אַ ביס געטהאן.

— וואס איז דיר, נעללי? האט געפרעגט הערי דערשראקען.

— גאר נישט! גאר נישט, ליעבער הערי! האט דאס מעדכען געענטפערט און האט זיך בעמיהט צו שמייכלען.

איהר שמייכעל אבער איז געווען טרויעריג און אוננאַטירליך. הערי האט עס ניט פערשטאַנען. ער איז געווען ניט געוואוינט צו דיא געזעלשאַפט פון דאמען; ער האט נאך ניט געקענט דיא פרויען נאטור; ער האט נאך ניט געוואוסט, אַז אַ פרוי קען אַ מאל שמייכלען, ווען איהר הערץ ווערט צוריסען אויף שטיקער פון שמערץ און וועהטיג.

דשיימס סטאר אבער האט אלעס געזעהן און אלעס געהערט. איהם האט

זיך אויסגעווייזען, אַז נעללי קען דעם אלטען מאן, אַז צווישען נעללי און דיעזען זאנדערבארען אלטען מוז עפּעס זיין אַ געהיימע צוזאמענהאנג.

— אך, איין מינוט אַללוויסענהייט! האט ער אויסגערופען. וויא ווערט מען אויף איין איינציגע מינוט אַ נביא, אַ פּראָפעט, מען זאל קענען זעהן אונטער דעם פאָרהאנג, וועלכער פערדעקט פון אונזערע אויגען דיא פערגאנגענהייט און דיא צוקונפט!

נעללי איז געזעסען מיעד, נאכלעסיג, טרויעריג און פערטראכט. זיא האט מעהר ניט געקוקט אויף דיא געגענד ארום, האט זיך מעהר ניט געוואונדערט, ווען זיא האט דערזעהן אַ שעהנעם בוים, אדער אַ שעהנעם טייך. זיא האט זיך מעהר ניט געקימערט אום אלעס, וואס איז פארגעקומען ארום איהר.

דיא צייט איז אזוי פערגאנגען זעהר לאנגווייליג, ביז זיי זיינען צוגעקומען קיין קאַללאַנדאַר. פון דארטען האבען זיי געדעבענט צו געהן צו פוס קיין ניי אבערוויל. דא האבען זיי זיך אלע שוין געפיהלט, וויא אין דער היים. דא איז זיי שוין אלעס געווען בעקאנט.

הערריי האט גענומען נעללי'ן ביי דער האנד און האט זיא געפיהרט אויף דער ברייטער גאס, וועלכע האט געפיהרט קיין ניי אבערוויל. ווען זיי זיינען אוועקגעגאנגען אביסעל ווייטער פון דיא איבעריגע, האט זיא הערריי געפרעגט:

— ליעבע נעללי, מיר געהען יעצט צוריק אהיים; מיר געהען יעצט צוריק אין דער אלטער, פינסטערע מינע, וואו מען וויים נור פון ארבייט און ארבייט. נעללי, זאג מיר יעצט, געפעלט דיר אלעס, וואס דוא האסט געזעהן אין דיעזער נייער וועלט פון ליכט, גרינע גראזען און בלומען? וועסט דוא ניט בעדויערן, וואס דוא ווארפסט זיי אַוועק און געהסט צוריק אין דער פינסטערער מינע?

— עס געפעלט מיר אלעס זעהר גוט, הערריי, האט נעללי געענטפערט רוהיג און דענאך וויל איך גערן צוריקגעהן אין דער מינע. דאס ליכט איז גוט, דאס ליכט איז שעהן, אבער דארט אונטען איז אויך גוט. דארט אונטען בין איך גליקליך.

— נעללי! האט הערריי געזאגט מיט אַ וויבער, מילדער שטימע פול ריהרונג. — נעללי! ווילסט דוא זיין תעראייניגט מיט מיר אויפ'ן גאנצען לעבען? ווילסט דוא זיין מיינע — מיינע אויף אייביג? —

— יא, הערריי, ווען איך זאל נור וויסען, אַז איך וועל דיך קענען גליקליך מאכען —

נעללי האט געוואלט נאך עפּעס רעדען. פּלוצלונג איז אבער עפּעס גע-שעהן, וועלכעס האט אלעמען איבעררַאשט.

דער דאמפף באַאָט, וועלכער איז געשטאנען אין לייק קעטרין, האט פלוצ-אנגעהויבען צו טאנצען און צו ציטערן. דאס וואסער אין זעע (אָזיעראָ) האט זיך אנגעהויבען צו דרעהן און צו קאָכען. מען האט געהערט געשרייען און גע-וואלדען פון אלע זייטען.

דזשיימס סטאַר, הערריי וואָרד, נעללי און דזשעק רייען זיינען ארויפגעלאפען

אויף אַ בערגעל זעהן, וואס עס איז געשעהן. פאַר זייערע אויגען האט זיך פאַר-געשטעלט א זאנדערבאַרעס בילד.

דאס וואַסער אין לייק קעטרין האט אַנגעהויבען קלענער צו ווערן און צו פערשווינדען. אין אַ פּאָר מינוטען איז דער דאַמפּף באַאָט געבליעבען שטעהן אויפ׳ן גרונד. אונטער איהם איז שוין קיין וואַסער ניט געווען.

אויף דיא ברעגעס פון זעע זיינען געשטאַנען זעהר פיעל מענשען, אַלע האבען געזעהן דיעזע זעלטענע ערשיינונג און האבען ניט געוואוסט, וואס דא קומט פאַר. אין דער ערשטער מינוט זיינען זיי געווען ערשטוינט און איבער-ראַשט; באַלד אבער האבען זיי אנגעהויבען צו שרייען און צו ליארמען. זיי האבען געמיינט, אַז דיא וועלט געהט שוין אונטער.

דשיימס סטאַר איז אויך דיא ערשטע פּאַר מינוט געשטאַנען, וויא פער-שטיינערט. פּלוצלונג האט ער זיך אַ חאַפּ געטהאן ביים קאָפּ און האט אויסגע-רופען ניט מיט זיין קול.

— מיינע פריינד! לאמיר לויפען אהיים! גאט זאל זיך דערבאַרמען אויף ניי אבערוויל! איך האב מורא, אז אונזער מיה, אונזער ארבייט און אונזערע פריינד זיינען פערגאַסען מיט דיא וואַסערן פון לייק קעטרין.

20טעס קאַפּיטעל.

## מען זוכט צו פערניכטען דיא מינע.

דיא ארבייטען אין דער ניי אבערוויל מינע זיינען דיעזען טאג געגאַנגען וויא געוועהנליך. דא זיינען געשטאַנען ארבייטער מיט ברעכאייזען אין דיא הענד און האבען געריסען שטיקער קוילען פון דיא ווענט; דאָרט האבען גע-קנאַקט דיא דינאַמיט פּאַטראָנען און האבען ארויסגעריסען גאנצע שטיקער שטיין, זאַמד און קוילען; ווייטער זיינען געשטאַנען ארבייטער און האבען גע-בויערט דעם האַרטען שטיין. זיי האבען געעפענט אַ נייעם טונעל, אַ נייעם וועג אין דער מינע.

פון אַלע זייטען האט מען געהערט אַ ליארם, אַ געשריי, אַ געקלאַפּעריי, אַ געשטויסעריי. דיא מאַשינען האבען געקרעכצט, דיא רעדער האבען זיך גע-דרעהט און גערוישט. דיא ווענטילאַטאָרען האבען ארויסגעטריעבען דיא אַלטע, פערדאַרבענע לופט און האבען צוגעבראַכט פרישע, ריינע לופט. דיא וואַגאַנעס, געטריעבען פון אַן עלעקטרישער קראַפט, האבען ארויפגעשלעפּט דיא קוילען פון דיא אונטערסטע טונעלען אויבען אין גרויסען לאַגער.

דיא גרויסע און שטאַרקע עלעקטרישע לאַמפּען האבען בעלייכטעט דיא גאַסען פון דער נייער שטאָדט, קאָהל סיטי. אַלעס האט געלעבט אונטען טיעף אין דער ערד, אַלעס האט זיך גערוהרט, אַלעס האט געאַרבייט, אַלעס איז געווען אין פולער טהעטיגקייט.

סיימאַן ווארד און מעדש האבען ערוואַרטעט היינט זייערע געסט, דעם אינזשעניר, העררי און נעללי, זיי האבען אבער געוואוסט, אַז זיי וועלען ערשט

קומען פֿאַר נאַכט אָדער ביי נאַכט און האָבען אָפּגעגעסען זייער מיטאָג אַליין.

נאָכען עסען האָט דער אַלטער מאַן פֿאַררויכט זיין פּייפ און האָט זיך גע־זעצט פֿאַר דער טהיר רעדען מיט זיין פֿרוי פֿון „זייערע קינדער", הערריי און נעללי. זיי האָבען גערעדט, וויא אַזוי זיי וועלען איינריכטען דיא האָכצייט, וויא זיי וועלען צונויפֿרופֿען אַלע אַרבייטער פֿון קאָהל סיטי; וויא דעם טאָג וועלען זיי קיינעם ניט לאָזען אַרבייטען. עס וועט פֿליעסען ביער אין אַלע גאַסען; אַלע וועלען פֿרעהליך זיין, אַלע וועלען גליקליך זיין.

אַזוי וויא אין קאָהל סיטי איז געווען אַ קירכע און אַ גייסטליכער, וועלען זיי ניט דאַרפֿען פֿאָהרען אַרויף אויבען, „אויפֿין גראַז". דיא האָכצייט וועט זיין אין דער קירכע אין קאָהל סיטי. זיי וועלען איינלאַדען פֿיעלע געסט פֿון אויבען אויף דיעזע גלענצענדע האָכצייט.

דיא אַלטע לייט זיינען געווען גליקליך. ענדליך האָבען זיי דערלעבט דיא האָכצייט פֿון זייער איינציגען זוהן. וועגען נעללי איז, האָט זיי ווייניג געקימערט. זיא איז אַ גוטעס, שעהנעס און קלוגעס מעדכען, דאָס איז פֿאַר זיי גענוג. זיי דאַרפֿען ניט קיין יחוס. זיי ווילען ניט וויסען, ווער איהרע עלטערן זיינען.

פּלוצלונג האָבען זיי דערהערט אַן אונגעוועהנליכען גערויש. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אַז אַ שרעקליכער טייך האָט מיט אַמאָל אויסגעגאָסען אַלע זיינע וואַסערן אין דער מינע.

סיימאָן וואַרד און זיין פֿרוי זיינען אויפֿגעשפּרונגען, וויא דיא אָפּגעבריהטע און האָבען זיך אַנגעהויבען אומצוקוקען אין אַלע זייטען. סיימאָנס וואוינונג איז געווען ניט וויים פֿון דעם זעע (אָזיערא) מאַלקאָלם. ווען ער האָט אַ קוק געטהאָן אויפֿין לייק מאַלקאָלם, האָבען זיך איהם אויפֿגעשטעלט דיא האָר אויפֿן קאָפּ. אַזאַ וואונדער האָט ער נאָך קיין מאָל ניט געזעהן.

דער טייך מאַלקאָלם פֿלעגט שטענדיג זיין שטיל און רוהיג. יעצט אָבער האָט ער אַנגעהויבען צו רוישען און צו קאָכען. עס האָבען זיך אויפֿגעהויבען שרעקליכע וועללען, וויא אויפֿין מעער אין דער צייט פֿון אַ שטורם. דער מאַל־קאָלם לייק איז געוואָרען אַלץ העכער און העכער. דיא כוואַליעס זיינען געוואָרען אַלץ ווילדער און שטאַרקער. זיי האָבען זיך שוין מעהר ניט איינגעהאַלטען אין דיא ברעגעס. זיי האָבען אַנגעהויבען אַריבער צו שפּרינגען איבער דיא ברעגעס און לויפֿען ביז אין קאָהל סיטי.

איידער סיימאָן וואַרד האָט נאָך צייט געהאַט זיך אומצוקוקען, איידער ער האָט זיך געקענט איבערלעגען, איז שוין דאָס וואַסער געווען לעבען זיין הויז.

אין שרעק און אין איילעניש האָט ער אָנגעחאַפּט זיין פֿרוי ביי דער האַנד און איז מיט איהר אַרויפֿגעלאָפֿען אויפֿין צווייטען שטאָק, דאָרט וואו הערריי'ס צימער איז געווען. ער האָט אויפֿגעריסען דיא טהיר, זעהן וואָס ווייטער וועט זיין. אין דיעזער מינוט אָבער האָט ער דערהערט געשרייען און געוואָלדען פֿון אַלע זייטען.

— וואַכער! רעטעט! מיר ווערן דערטרונקען! רעטעט! צו הילף!

ער האט ארויסגעקוקט דורכן פענסטער און האט געזעהן, וואס פאר א שרעק און וואס פאר אונארדנונג עס הערשט אין דער גאנצער מינע. מענער, פרויען און קינדער האבען געוויינט, געשריען, געבראכען דיא הענד און גלאָ-פען זיך רעטען אין דיא העכערע גאלערעען.

סיימאן ווארד האט אַ קוק געטהאן אויפ'ן זעע, לייק מאַלקאָלם. דאס וואַ-סער האט נאך אלץ גערוישט און געקאכט. איינינע גאסען פון קאָהל סיטי זיינען שוין געוועזען בעדעקט מיט וואסער, ווייטער אבער איז דאס וואסער ניט געגאנגען.

— האַלט! שטעהט, פריינדע! לויפט ניט! שרעקט אייך ניט! דיא גע-פאהר איז פאַראיבער, האט ער אנגעהויבען צו שרייען צו דיא ארבייטער און דיא איינוואוינער פון קאָהל סיטי. — איבערלעגט אייך, וואס איהר טהוט. ווען דאס וואסער זאל קומען ערגעץ פונ'ם מעער, ווט אייער אנטלויפען ניט העלפען, ווייל דאס וואסער קומט אן פון אויבען. איך זעה אבער, אַז דאס וואסער איז אנגעקימען ערגעץ פון אונטען. עס איז געבליעבען שטעהן, עס וועט שוין מעהר ניט געהן.

דיא ארבייטער זיינען געבליעבען שטעהן אַ פאר מינוט און האבען זיך אומגעקוקט. דאס וואסער איז ווירקליך געבליעבען שטעהן אויף איין ארט און איז מעהר ניט צוגעקומען.

— עס זיינען נאך דא פיעלע ארבייטער אונטען אין דיא גאלערעען! האט פלוצלונג אויסגעשריען אַ פרויען-שטימע מיט אַ געוויין. — מיין מאַן ארבייט היינט אויך אונטען.

— בערוהיגט אייך! האט סיימאן געבעטען. וויא איך זעה, איז דאס וואסער געשטיעגען ניט שטארק הויך. נאך מיין רעכנונג איז דאס וואסער אין דיא אונ-טערסטע גאלערעען ניט העכער, וויא ביז אין דיא קניע. דיא ארבייטער קענען זיך זעהר לייכט רעטען.

צו ביסלעכוויים האבען זיך דיא ארבייטער בערוהיגט, סיימאן ווארד איז אראפגעגאנגען פונ'ם צווייטען שטאק פון זיין הויז, איז געגאנגען אין וואסער און האט צוריקגעבראכט דיא ארבייטער אין קאָהל סיטי. דיא פרויען האבען זיך אניעדערגעשטעלט אין אַ גאס, וואוהין דאס וואסער איז נאך ניט צוגעקומען און האבען זיך צונויפגעדרענגט צוזאמען, וויא אַ הערדע לעמער, ווען זיי דערזעהן אַ וואלף. דיא מענער אבער האבען זיך גענומען צו דער ארבייט. זיי זיינען געלאָפען אין דיא אונטערסטע גאלערעען זעהן, וואס עס מאכען דארט דיא ארבייטער.

וויא גליקליך זיינען זיי געוועזען, ווען זיי האבען דערזעהן, אַז דער אלטער ווארד האט רעכט געהאט. אין דיא אונטערשטע גאלערעען איז ווירקליך אנגע-לאָפען וואסער, עס איז אבער געוועזען ניט טיעף און עס האט קיינעם ניט געשאַ-דעט. דיא ארבייטער האבען זיך אַביסעל פערנעצט דיא פיס, ניט מעהר.

וואס איז געוועזען דיא אורזאַכע דערפון, וואס דאס וואסער איז ווייטער ניט געשטיעגען, האט מען דערווייל ניט געקענט וויסען. ווען מען האט זיך גוט ארומ-

געקוקט, האט מען געזעהן, אַז דער לייק מאַלקאַלם איז ווירקליך העבער געוואָ-רען מיט עטליכע פוס. דאס וואסער האט אַביסעל אפּגעוואשען דיא הייזער פון קאהל סיטי און איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען. מעגליך, אז דער מאַלקאַלם לייק האט ערגעץ אַן אויסגאנג אין מעער. דאס וואסער איז אפּגעלאָפען דורך דיעזען אויסגאנג. מעגליך, אַז ערגעץ טיעף אין דער ערד געפינט זיך נאך ערגעץ אַ טיעפער גרוב, וואו דאס וואסער האט זיך אנגעזאמעלט.

— וואו נעהמט מען יעצט דעם אינזשענער? האט געברומט דער אלטער סיימאן. מען מוז דאך וויסען, פון וואנען דאס וואסער האט זיך גענומען. עס איז גוט, וואס עס איז געשעהן אין דער צייט, ווען דיא עלעקטערישע לאמפען ברע-נען און מיר האבען געזעהן, וואס עס טהוט זיך. וואס וואלט געווען, ווען דאס זאל געווען געשעהן ביי נאכט, ווען דיא עלעקטערישע לאמפען זיינען פערלאשען און אלע שלאָפען?

א גאנצען טאג האט מען שוין ניט געארבייט. מען איז ארומגעגאנגען זוכען, וואו דאס וואסער איז אהינגעקומען און פון וואנען עס האט זיך גענומען. אלע זיינען געווען אונרוהיג און בעזארגט.

אין דיא קוילען מינען מאכען זיך אמאל אזעלכע אונגליקס פעלע. פלוצ-לונג רייסט זיך אריין אַ טייך און פערטרינקט דיא גאנצע מינע. אין אַזאַ פאל ווערן דערטרונקען פיעל מענשען. אמאל מאכט זיך, אז מען מוז אויפגעבען דיא גאנצע מינע. דאס וואסער ווערט צו שטאַרק. מען קען מעהר צו דער מינע ניט צוקומען.

אזוי וויא זיי זיינען אזוי געשטאנען און גערעדט, געטראכט און געקלערט פון דיעזען זאנדערבארען פאל, זיינען אנגעלאָפען דשיימס סטאר. העררי ווארד, נעללי און דשעק רייען. זיי זיינען געווען אונרוהיג און אויפגערעגט. זיי האבען דערהערט מיט פרייד און ענטציקען, אַז עס האט דער מינע גאר ניט געשאַדעט, אַז אלעס איז אין ארדנונג און דיא ארבייטער זיינען אפּגעקומען מיט'ן שרעק.

זיי האבען ערשט דערצעהלט, פון וואנען דאס וואסער איז געקומען. דער באדען פון'ם זעע לייק קעטרין האט זיך אראפּגעלאזען און דאס וואסער האט זיך אריינגעגאסען אין דער מינע.

באלד זיינען אנגעלאָפען מענשען פון אבערוויל און פון דיא פארמס ארום זעהן, וואס עס האט פאסירט אין קאהל סיטי. פיעלע האבען געהאט פריינד, אנפערוואנדטע און בעקאנטע אין קאַהל סיטי. אלע האבען דערצעהלט דאס גרויסע וואונדער, אַז פון לייק קעטרין איז דאס וואסער פלוצלונג פערשוואונדען, אבער נור פון איין ארט, פון דער זייט, וועלכע איז נאהענט צו ניי אבערוויל. פון דער אנדערער זייט אבער איז דאס וואסער געבליעבען אויפ'ן ארט און האט זיך ניט געריהרט.

וויא עס ווייזט אויס, איז דער באדען פון קעטרין לייק ניט גלייך. עס גע-פינט זיך אין דער מיט אַ בערגעל. דיעזער בערגעל האט געטרעמט קאהל סיטי און דיא מינע פון ניי אבערוויל. ווען עס זאל ניט געווען זיין דיעזעס בערגעל,

וואָלט זיך דער גאַנצער קעטרין לייק אַריינגענאָסען אין ניי אָבערוויל. דאַן וואָלט זיך ניט איין מענש ניט גערעטעט. דאַן וואָלטען זיי אַלע דערטרונקען געוואָרען. דאַן וואָלט דאָס אונגליק געווען אַ שרעקליכעס.

דשיימס סטאַר איז געווען אויסער זיך. ער האָט ניט געשלאָפען דיא גאַנצע נאַכט און האָט אַלץ געקלערט, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען, וואָס פון אַ טהייל פון'ם לייק קעטרין איז דאָס וואַסער אַזוי פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען. ער האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט צוגעבען, אַז דאָס איז אַ בלויזער צופאַל.

— דאָס האָט אַ מענש געטהאָן, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. דאָס האָט געטהאָן איינער, וועלכער איז גוט בעקאַנט מיט דער מינע. ער האָט געוואָלט פערטרינקען דיא מינע. עס איז אָבער ניט געלונגען. ער האָט שלעכט אויסגע- רעכענט. ער האָט גערעכענט, אַז דאָס גאַנצע וואַסער פון לייק קעטרין וועט מיט אַמאָל זיך אַראָפּלאָזען און וועט פערטרינקען דיא גאַנצע מינע. דאָס בערגעל אין לייק קעטרין, וועלכעס צוטהיילט דעם גאַנצען זעע אויף צוויי טהיילע, האָט גערעטעט דיא מינע. — וואָס וועט ווייטער זיין?

עס זיינען אַזוי פערגאַנגען איינינע טעג, אין וועלכע דער אינזשעניר האָט ניט גערוהט און ניט געלעבט. ער האָט געפאָרשט, געקלערט און געטראַכט, ווער איז דיעזער געהיימניספאָלער, וועלכער וויל אַזוי פערניכטען דיא נייע מינע? — פאַר וואָס טהוט ער עס? וואָס פאַר אַ צוועק האָט ער דערביי?

איין מאָל איז ער אַזוי געזעסען מיט סיימאָן ווארד פאַר דער טהיר פון זייער הויז. זיי האָבען גערעדט פון דעם לעצטען וואונדער.

— ווייסט איהר, סיימאָן, אַז דיא לעצטע פערפליייצונג אין דער מינע בע- אונרוהיגט מיך? האָט דשיימס סטאַר פּלוצלונג געזאָגט.

— איך מיין, אַז עס איז אַ גאַנץ געוועהנליכער צופאַל, האָט סיימאָן גע- ענטפערט. אַ פישער איז געפאָהרען אויף אַ שיפעל אין לייק קעטרין, ער האָט זיך צופעליגער ווייזע אַנגעשפאַרט מיט זיין רודער אָן אַ שוואַכער שטעלע אין לייק און האָט געמאַכט אַ לאָך אין דער ערד. דאָס וואַסער איז דורך דיעזען לאָך איינגעדרונגען אין דער מינע.

— ניין, סיימאָן! דאָס איז קיין צופאַל. דיעזעלבע מענשען, וועלכע האָבען אונז אַמאָל פערשפאַרט אין דער מינע; דיעזעלבע אונבעקאַנטע, וועלכע האָבען מיט איינינע יאָהר צוריק געטהאָן אַלעס מעגליכע, זיי זאָלען אונז שטערן אין אונזער אַרבייט — דיעזעלבע אונבעקאַנטע האָבען געוואָלט מיט איין מאָל פער- ניכטען אונזער גאַנצע אַרבייט.

— פאַר וואָס האָבען זיי געשוויגען ביז אַהער? האָט דער אַלטער סיימאָן געפרעגט.

— איך ווייס עס ניט. איך פערשטעה עס ניט. איך בין אָבער זיכער, אַז מיר האָבען ערגעץ אַ געפעהרליכען פיינד, וועלכער וויל אונז פערניכטען.

— נאָך אייערע רייד, הערר דשיימס סטאַר, קען איך שוין גלויבען דשעק ריידען, וועלכער זאָגט, אַז אין דער מינע האַלטען זיך אויף גייסטער, וועלכע

זיינען אויף אונז בייז, וואס מיר זיינען געקומען זיי שטערן אין זייער שטילער, פינסטערער וואינונג. זיי ווילען עס אונז פערטרייבען פון דאנען.

— גייסטער? גייסטער? — ניין, סיימאן, דאס זיינען קיינע גייסטער, דאס זיינען מענשען.

— וואס זאלען מיר אלזא טהאן? האט דער אלטער אויפגעזעהר געפרעגט.

— מיר דארפען קיינעם ניט זאגען דערפון, מיר מוזען אבער שטילערהייט זוכען און פארשען, ביז מיר וועלען אויסגעפינען, ווער עס זיינען אונזערע געהיימניספאלע פיינד.

— זוכען, פארשען, שפירען, האט געברומט דער אלטער מאן. מיר זוכען שוין זייט פיער יאהר? וואס האבען מיר דען אויסגעפונען?

דשיימס כטאר האט נאך גערעדט מיט העררי ווארד און מיט דשעק רייען און האט זיי געבעטען, אז זיי זאלען זיך גוט צוקוקען צו יעדער זאך, וואס קומט פאר אין דער מינע. דאס בעסטע וואלט געווען, ווען זיי זאלען קענען ארומגעהן ביי נאכט, ווען דיא עלעקטערישע לאמפען ווערן אויסגעלאשען, און פארשען, וואס עס קומט פאר אין דער מינע.

נעללי האט פון דיזע אלע בעראטהונגען ניט געוואוסט, איהר האט מען דערצעהלט, אז דער זעע מאלקאלם איז פלוצלונג וואהנזיניג געווארען און האט געוואלט פערטרענקען דיא מינע. ער איז אבער באלד געקומען צו זיך און איז צוריקגעגאנגען אין זיינע ברעגעס.

ווער עס האט זיך גוט צוגעקוקט צו נעלליין, זייט זיא איז צוריקגעקומען פון איהר רייזע, דער האט געקענט בעמערקען, אז דאס מעדכען האט זיך זעהר פיעל פערענדערט. זיא איז געווארען שטילער, רוהיגער און טרויעריגער. זיא פלעגט נאך העלפען דיא אלטע מעדש אין איהרע הויז ארבייטען מיט פערגניגען; זיא פלעגט אבער ניט זיין מעהר אזוי פרעהליך, אזוי לוסטיג, וויא פריהער.

עס איז געווען דייטליך, אז דאס יונגע מעדכען האט עפעס שווערע זארגען, וועלכע זיא קען קיינעם ניט זאגען.

אין א פאר טעג שפעטער האט דשיימס כטאר געשיקט רופען העררי ווארד און האט איהם געזאגט:

— איך זעה דאך, אז דא אין דער מינע האבען מיר גאר ניט אויסגעפונען. לאמיר זעהן, וואס עס טהוט זיך דארט אויבען אין קעטרין לייק. ביז אהער האבען מיר געהאט שעהנעס וועטער. עס איז זומער און עס האט שוין לאנג ניט גערעגענט. וואס וועלען מיר טהאן, ווען עס וועט קומען דער הערבסט (אסיען) און עס וועט אנהייבען צו רעגענען? מיר קענען דאך דאמאלס האבען אלע טאג א פערבלייצונג?

— גוט! איך געה מיט אייך, האט העררי געזאגט.

זיי האבען אפגערעדט, אז זיי זאלען מיטנעהמען דשעק רייען און זאלען געהן שטילערהייט אויספארשען דעם קעטרין לייק.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה זיינען אלע דריי ארויסגעגאנגען שטילער.

הייט פֿון ניי אבערוויל און זיינען געגאנגען צום קעטרין לייק. זיי האבען זיך אנגעטהאן אין הויכע גומי שטיוועל און זיינען געקראכען אין דער בלאטע, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום ארט, וואו דער באדען האט זיך אראפּגעלאזען.

דער אינזשעניר האט דיעזעס מאל גוט אויסגעמאסטען דיא מינע און דעם זעע. יעצט האט ער שוין געקענט זאגען גענוי, וואו עס קומט אויס דער ארט אין לייק, וועלכער איז פּונקט גענגען דער מינע.

ווען זיי האבען עס אויסגעפֿונען אַקוראַט, האט דשיימס סטאר אוועקגעשאַרט דיא בלאטע און האט ערשט דערזעהן, וואס מען האט געטהאן. דער שטיין, וועלכער איז געלעגען אויפֿ'ן באדען פֿון'ם לייק, איז געוועזן דורכגעלעכערט, וויא אַ זיפּ. עס איז געוועזן דייטליך, אַז מען האט געבויערט פֿון אונטען, פֿון דער מינע, ניט פֿון אויבען פֿון וואסער. ער האט עס דערקענט אן דיא לעבער — אויבען זיינען זיי געוועזן גאנץ דין, וואס טיעפֿער אבער זיינען זיי געוואָרען אלץ ברייטער און ברייטער.

— יעצט איז עס פֿאר מיר קלאר, וויא דער טאג, אַז דאס האבען געטהאן מענשען הענד, האט ענדליך דשיימס סטאַר געזאגט. מען האט ניט געמיינט צו פֿערטרענקען דיא מינע. מען האט גערעכענט גאר עפּעס אנדערש. מען האט געוואלט, אַז דאס גאנצע געוועלב איבער קאָהל סיטי זאל מיט אמאל איינפֿאלען. דיא לעכער אין שטיין געהן גלייך אין דיא זיילען, וועלכע האלטען אויף זיך דאס געוועלב. מען האט גערעכענט, אַז ווען דיא זיילען וועלען זיך אנפֿילען מיט וואסער, וועלען זיי ניט אויסהאלטען. זיי וועלען אומפֿאלען און אלעס וועט אומפֿאלען מיט זיי.

הערריי וואַרד האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפּ. ער האט געזעהן, אַז דער אינזשעניר האט רעכט. ער האט ערשט יעצט אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, אין וואס פֿאר אַ געפֿאהר זיי געפֿינען זיך נאך יעצט. עס איז נאך זייער גליק, וואס זיי האבען זיך געחאַפּט אזוי פֿריה און זיי ווייסען, וואו דיא געפֿאהר ליענט. יעצט, ווען זיי ווייסען עס, וועט שוין דער אינזשעניר געפֿינען אַ מיטעל, וויא אזוי עס צו פֿערהיטען.

— וואס פֿאר אן אינטערעס זאלען האבען דיא מענשען, וואס טהוען עס? האט הערריי ענדליך געפֿרעגט. צו וואס זאלען זיי עס טהאן?

— דאס איז אַ רעטעניש, וועלכעס איך קען מיר אויף קיין פֿאל ניט ערקלערן, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט. איך האב אנפֿאנגס געטראַכט, אז דאס זיינען אַ באנדע רויבער און מערדער, וועלכע בעהאלטען זיך אין דער מינע. — איך האב מיך יעצט איבערצייגט, אַז דאס קען ניט זיין. אין אַ צייט פֿון פֿיער יאהר וואלט מען געהערט פֿון זיי, מען וואלט זיי געוויס געחאַפּט. מען וואלט וועניגסטענס גערעדט פֿון זיי, געשריעבען אין דיא צייטונגען. אלע שווייגען .מען הערט ניט פֿון קיין רויבער.

איך האב שפּעטער גערעכענט, אַז אַ באנדע שמוגלער אדער פֿאלש מינצלער — מענשען, וועלכע מאכען פֿאלש געלד — האט זיך בעזעצט אין דער מינע.

ויי ווילען אונז פערטרייבען, אום זיי זאלען קענען גאנץ פריי אפטהאן וייערע דונקעלע געשעפטען.

איך זעה יעצט, אז דאס איז אויך ניט ריכטיג. איך זעה, אז מען וויל צער־שטערן און פערניכטען דיא גאנצע מינע. — דאס איז עפעס א גאנץ אנדערער סארט פיינד. ער האסט אונז, ער וויל זיך נוקם זיין אן אונז, ער איז אבער צו שוואך אום ארויסצוטרעטען פריי און אפען געגען אונז. ער טהוט עס אפ אלעס אין דער פינסטער, אין פערבארגענעם.

איך זעה, אז ער אליין איז א גוטער אינזשעניר. ער איז אליין א קוילען גרעבער און קען דיזע מינע בעסער פון אונז אלע. א בעוויז האט איהר, אז וויפיעל מיר זוכען איהם, קענען מיר איהם ניט געפינען. עס געפינען זיך געוויס נאך נאלערען און געהיימע וועגען אין דער מינע, פון וועלכע מיר וויסען נאך גאר ניט.

נאך מיין מיינונג, איז ער א קאלטבלוטיגער, איבערלעגטער מאניאק (וואהנזיניגער), וועלכער האט אין קאפ נור איין געדאנק — אונז צו פערניכטען. מעגליך, אז מען האט איהם עפעס בעליידיגט און ער וויל זיך נוקם זיין. מעגליך, אז דאס איז גלאט אזא קראנקהייט, אזא וואהנזינן.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. וואס האבען דיא צוויי יונגע לייט, הערריי און דשעק, געקענט ענטפערן דארויף?

זיי האבען גערעדט נאך איינינע צייט און זיינען צוריקגעגאנגען קיין קאהל סיטי. דעמזעלבען אבענד, ווען אלע זיינען געשלאפען, זיינען געזעסען אין סיימאן ווארדס צימער דער אינזשעניר, סיימאן ווארד, הערריי און דיא אלטע מעדוש. זיי האבען גערעדט וועגען דעם אונבעקאנטען פיינד. דשיימס סטאר האט זיך געהאלטען פעסט, אז אן ארבייטער פון דער מינע, וועלכען מען האט עפעס בעליידיגט, טהוט עס אלעס, ער וויל זיך נוקם זיין אן זיי.

— קענט איהר זיך ניט דערמאנען, הערר סיימאן, אויב איהר האט זיך ניט אמאל געקריעגט מיט אן ארבייטער אין דארטשארט פיט? האט ניט אייער פרוי זיך געקריעגט מיט איינעם? פיעללייכט האט איהר אזוי א פיינד, וועלכער זאל וועלען זיך נוקם זיין אן אייך?

סיימאן ווארד האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— איהר קענט מיך, הערר סטאר. איך קריעג מיך מיט קיינעם ניט, האט ער געענטפערט. איך טרעט יעדען ארויס פון'ם וועג. איך האב קיינעם ניט בעליידיגט און מיט קיינעם זיך ניט געקריעגט. מיין אלטע געהט אויך צו קיינעם ניט און קריעגט זיך מיט קיינעם ניט.

— אך, ווען נעללי זאל וועלען רעדען! האט ענדליך אויסגערופען דער אינזשעניר.

— לאזט צורוה מיין ארימע נעללי! האט הערריי געבעטען. זיא איז אזוי אויך עפעס אונרוהיג זייט א געוויסע צייט. זיא איז נעבעך בלייך געווארען און איז ניט אזוי פרעהליך, וויא פריהער. איך בעט אייך, הערר סטאר, אז זיא זאל

ניט וויסען אַ ווארט פֿון דעם אלעס, וואס מיר האבען געטהאן און וואס מיר האבען גערעדט.

איך זעה, אַז עפּעס פרעסט זיא. אַ שווערע געהיימניס ליעגט איהר אויפֿן הארצען. ווען זיא זאגט עס ניט, וואהרשיינליך טאר זיא ניט זאגען אדער זיא קען ניט זאגען.

— זיי רוהיג, הערריי, מיר וועלען איהר גאר ניט זאגען. איך אליין וויל זיא נים צווינגען, זיא זאל אונז עפּעס זאגען.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. יעדער האט געפֿיהלט, אַז מען האט דא אנגעריהרט אַ וואונד, וועלכע טהוט אלעמען וועה. דשיימס סטאר האט געפֿונען פֿאר נעטהיג צו ענדערן דאס געשפרעך — צו רעדען פֿון עטוואס פרעה־ליכערעס.

— אלזא, הערריי, ווען, דענקסט דוא, וועלען מיר טאנצען אויף דיין האכ־צייט? האט ער פלוצלונג געפרעגט. האסט דוא שוין גערעדט מיט נעלליין?

הערריי איז רויט געווארען און האט ניט געענטפֿערט אזוי שנעל.

— פֿרעגט מיין פֿאטער, האט ער ענדליך געשטאמעלט.

— וואס זאגט איהר, סיימאן? ווען וועלען מיר ביי אייך טאנצען?

— ביי מיר איז אלעס פֿערטיג, האט סיימאן געענטפֿערט. איך רעכען, אַז אין אַ מאנאט ארום זאלען מיר מאכען דיא האכצייט. ווען דיא קינדער ליעבען זיך, וועל איך געוויס ניט זיין דאגעגען. — וואס זאגסט דוא, מעדש?

— איך זאג, אַז הערריי דארף שוין הייראטהען, האט דיא אלטע מוטער געזאגט. איך האב שוין אנגעגרייט פֿאר איהם צוויי צימער און דיא גאנצע ווירטה־שאפֿט, וועלכע איז נעטהיג פֿאר א יונגע פאר פֿאלק.

זיי האבען נאך אוועקגערעדט אַ לאנגע צייט און האבען אפּגערעדט אלעס: ווען דיא האכצייט זאל זיין, ווער עס זאל זיין דער בראַאוט פיהרער און ווער עס זאל זיין אלס צייגען (עידות). — אזוי וויא נעללי האט קיינע עלטערן, איז געבליעבען, אַז דער אינזשעניר זאל אננעהמען דיא שטעלע אלס איהר פֿאטער און ער זאל איבערגעבען דיא בראַאוט צו הערריי.

עס איז געווארען גאנץ שפּעט אין דער נאכט, ווען מען איז זיך צוגאנגען. יעדער האט זיך געמוזט לעגען שלאָפֿען. מארגען פֿריה דארף מען אויפֿשטעהן צו דער ארבייט. אזא גרויס געשעפֿט, וויא אַ קוילען מינע טאר מען ניט לאזען רוהען ניט איין מינוט.

דעם אנדערן טאג איז דיא ארבייט געגאנגען וויא געוועהנליך. עס האט האט גאר ניט פאסירט און דיא גרויסע מאשינען האבען וויטער גערוישט און געארבייט. אזוי זיינען וויעדער פֿערגאנגען עטליכע טעג. הערריי פֿלעגט זיך זעה זעהר אָפֿט מיט נעללין, פֿלעגט מיט איהר רעדען פֿון זייער האכצייט און וויא זיי וועלען זיך שפּעטער בויען אַ ניי הויז לעבען זיין פֿאטער. זעהר אָפֿט פֿלעגען זיי רעדען פֿון זייער רייזע דארט אויבען.

נעללי איז געווען העכסט צופֿריעדען פֿון אלעס, וואס זיא האט געזעהן

ראַלס אויבען אין דער גרויסער העלער וועלט. אלעס איז געווען שעהן, גוט, העל אין ליכטיג דאָרט אויבען.

— איך בין אבער גליקליך דאַ, אין דער פינסטערער מינע, האָט זיא איהם אמאל געזאגט. איך בין גליקליך, ווען ארום מיר איז גאנץ פינסטער און איך קען ארומגעהן אין דער דונקעלער נאכט. מען מוז געוואוינט זיין צו דער פינסטער-ניס, מען מוז קענען דיא פינסטערניס. מען מוז פיהלען דיא פינסטערניס, וויא איך פיהל זיא, דאן האָט מען זיא ליעב, דאן פערשטעהט מען זיא, דאן ווייסט מען, וואס פינסטערניס איז.

— האלסט דוא פערמאכט דיא אויגען, ווען דוא געהסט ארום אין דער פינסטערניס? האָט הערריי געפרעגט.

— ניין, הערריי. ווען איך פערמאך דיא אויגען, זעה איך גאר ניט. איך מוז האלטען אפען דיא אויגען, דאן זעה איך וואונדער זאכען; דאן פערשטעה איך דעם אונטערשיעד פון איין פינסטערניס צום אנדערן. —

אזוי וויא מען האָט אלעס אפגערעדט וועגען הערריס און נעלליס האכ-צייט, האָט סיימאן און זיין פרוי געזוכט פאר נעטהיג צו ערקלערן אלע ארביי-טער און אלע איינוואוינער אין קאָהל סיטי, אז אין אַ מאָנאט ארום וועט זיין דיא האכצייט. ער האָט זאגאר שוין בעשטימט דעם טאג, ווען דיא האכצייט זאל זיין.

אלע ארבייטער האבען זעהר ליעב געהאט דעם אלטען סיימאן ווארד און זיין זוהן הערריי און אלע זיינען געקומען איהם גראַטולירען און ווינשען איהם גליק. דשעק רייען איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געוואונשען גליק הערריין און נעללין.

וויא מיר האבען שוין געזאגט, איז קאָהל סיטי געווען אַ שטאדט אונטער דער ערד, וויא יעדער אנדערע שטאדט אויף דער ערד. אין קאהל סיטי זיינען שוין פארגעקומען פיעלע הייראטהס צערעמאניען און אַ האכצייט איז דאָרט קיין נייעס ניט געווען. הערריי ווארד אבער איז געווען דער הויפט אויפזעהר; נעללי איז געווען פאר אלעמען אַ רעטעניש, ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער זיא איז. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט געווען, וואס פון דיעזער האכצייט האָט מען גערעדט מעהר, וויא פון יעדער אנדערע. עס האבען זיך געפונען אלטע ווייבער, וועלכע האבען גערעדט, געלאַכט און אויסגעפונען פעהלער אין נעללי.

— הערריי ווארד וואלט געקענט געפינען אַ בעסערע פארטיע פאר זיך, האבען אייניגע געזאגט.

— ער וואלט געקענט הייראטהען דיא טאכטער פון אַ רייכען פארמער, האבען אנדערע איהם געמאכט אַ פארוואורף. וואס האָט ער געראדע אויסגע-פונען אַ מעדכען, וועלכע האָט זאגאר קיין נאמען ניט. מען ווייס דאך זאגאר ניט, ווער זיא איז און וויא זיא הייסט.

דיא ארבייטען אין דער מינע זיינען אונטערדעסען געגאנגען זייער וועג. יעדען טאג אבער האָט זיך עפעס געטראפען אן אונאַנגענעהמליכקייט. וואס

נעהנטער עס איז געקומען דער טאג פֿון הערריים האכציים, אַלץ מעהר אונגליקס פֿעלע האט פּאסירט אין ניי אבערוויל, בעזאנדערס אין דיא אונטערשטע, ניעדעריגסטע גאלערעען.

איין מאל, ווען דיא ארבייטער זיינען געגאנגען אין דער פֿריה צו דער ארבייט אין אַ נייער אונטערשטער, טיעפֿער גאלערעע, האבען זיי געפֿונען, אַז דיא ברעטער און קלעצער, וועלכע האבען אונטערגעשפּאַרט דיא ווענט און דעם דאך פֿון דער נייער גאלערעע, ברענען.

ווען מען הייבט אן צו גראבען אַ נייעם טונעל אדער אַ נייע גאלערעע, מוז מען אונטערשפּאַרען דיא ווענט, בעזאנדערס אבער דעם דאך מיט ברעטער. דיא ברעטער ווערן אונטערגעשפּאַרט מיט גראבע קלעצער. מען מוז עס טהאן, וויל אין דער נייער גאלערעע איז דער דאַך נאך ניט גאנץ זיכער. עס קען אמאל אראפּפֿאלען אַ גרויסער שטיין אדער אַ גרויס שטיק קוילען פֿון עטליכע טאן און זאל דערהרגענען דיא ארבייטער.

וויא ערשטוינט זיינען געוועזן דאהער דיא ארבייטער, ווען זיי זיינען צונעקומען צום נייען טונעל, וואו זיי האבען נעכטען אַ גאנצען טאג געארבייטעט אום צו שיצען און צו בעווארענען דעם דאַך, ווען זיי האבען דערזעהן, אז דער דאַך איז אין גאנצען פֿערסמאַלעט. מען האט אונטערגעצונדען דיא ברעטער און דיא קלעצער און זיי האבען זיך לאנגזאם געברענט.

מען האט באלד געשיקט רופֿען דעם אינזשעניר. ער איז געקומען און האט אלעס בעטראכט און אויסגעפֿארשט. ער איז זאגאר געגאנגען ביז צום ענדע פֿון'ם נייען טונעל און האט דארט געפֿונען אַ ברענענדען לאמפּ, מיט וועלכען מען האט אונטערגעצונדען דאס האלץ אין טונעל.

— וואס זאל דאס הייסען? האט געברומט דער קלוגער אינזשעניר. אלעס איז געטהאן געווארען אזוי קלוג און אזוי געשיקט, אַז עס איז מיר אַ וואונדער, פֿאר וואס דאס גאנצע האלץ אין טונעל איז ניט פֿערברענט געווארען. מען האט אונטערגעצונדען דאס האלץ פּונקט לעבען דיא לופֿט רעהרען. דער רויך איז ארויס דורך דיא ווענטילאַציאָנס רעהרען און אין קאָהל סיטי האט מען איהם ניט געקענט פֿיהלען.

וויא עס ווייזט אבער אויס, האט מען איהם געשטערט אין זיין ארבייט. ער האט איבערגעלאזען דעם לאמפּ און איז אנטלאפֿען. מעגליך, אַז ווען מען זאל איהם ניט געוועזן שטערן, וואלט ער אונטערגעצונדען דיא האלץ ארבייט אין אלע גאלערעען. ווען עס געראטה איהם, וואלטען זיך אנגעצונדען דיא קוילען, דאן וואלט דיא גאנצע מינע, גאנץ ניי אבערוויל פֿערברענט געווארען.

דשיימס סטאר האט געהאט איבער וואס נאכצודענקען. פֿון אלע געפֿאהרען, וועלכע דער ארבייטער אין אַ קוילען מינע איז אונטערווארפֿען, איז פֿייער דיא גרעסטע געפֿאהר. עס זיינען שוין פֿארגעקומען פֿעלע, ווען דיא קוילען אין א מינע האבען זיך אנגעצונדען. דאן האט מען געמוזט דינגען טויזענדער מענשען, זיי זאלען פֿערשיטען דיא מינע מיט ערד. עס זיינען פֿארגעקומען פֿעל-

## שוואַרצע דיאמאנטען.

ווען אַ קוילען מינע האט געברענט דריי פֿיער יאהר נאך אנאנד. מען האט זיא נים געקענט לעשען, ביז וואנען מען האט אריינגעלאזען אַ גאנצען טייך מיט וואסער אין איהר.

פֿייער איז דער געפֿעהרליכסטער פֿיינד אויבען אויף דער ערד, וויא אונ־טען, טיעף אונטער דער ערד. דשיימס סטאר און דיא ארבייטער האבען געהאט אַ גאנץ שווערע ארבייט, איידער זיי האבען אויסגעלאשען דאס פֿייער אין דער נייער גאלערעע. אין אַזא פֿאל מוז מען זיין זעהר פֿארזיכטיג. מען מוז זיך גוט צוקוקען, אַז עס זאל נים בלייבען קיין פונק.

ווען עס ברענט אַ הויז אויף דער ערד, קומען דיא פֿייער לייט, צונעהמען דאס הויז און לעשען עס אפ צו ביסלעכווייס. אין דער מינע אבער איז עס נים אזוי לייכט. דארט איז פֿינסטער, דיא גאלערעע איז שמאל. מען קען זיך נים ריהרען. עס איז שווער צו זעהן, אויב עס איז נים געבליעבען ערגעץ אַ שטיק ברעט אדער אַ שטיק קוילען, וועלכע סמאָליעט זיך לאנגזאם.

מיט אַ פאר טאג שפעטער האט פאסירט אנאנדער פֿאל, וועלכער האט ווידער איבערראַשט דעם אינזשעניר און אלע ארבייטער פֿון קאָהל סיטי. אין איין ארט איז געווען געמאכט אַ לאך פֿון דער מינע ביז ארויף אויבען. דורך דיעזען לאך איז געווען געצויגען אַ שווערע אייזערנע קייט, וועלכע פֿלעגט ארויפֿשלעפען קאסטענס מיט קוילען פון דער מינע. דיעזער לאך איז געווען ארומגעלעגט מיט גראבע קלעצער און ארומגעשלאגען מיט ברעטער. דאס איז געווען נאטהווענדיג, ווייל דיא קאסטענס מיט קוילען פֿלעגען זיך אנשלאגען אן דער וואנד. ווען דיא וואנד זאל נים געווען זיין געשיצט, וואלטען דיא קאסטענס אלע מאל אפגעריסען שטיקער שטיין און ערד פֿון דיא ווענט.

איין מאל, ווען דיא קייט האט ארויפֿגעשלעפט אַ קאסטען מיט קוילען, האט זיך דיא קייט צוריסען און דער לאך איז איינגעפֿאלען. האלץ, שטיינער, זאמד און קוילען זיינען געפֿאלען אויף אַ גרויסען הויפֿען מיט אַ שרעקליכען קראַך.

דיא ארבייטער האבען גערעכענט, אַז עס איז אַ צופֿאל. דער אינזשעניר אבער האט שטרענג אונטערזוכט דעם פֿאל און האט געפֿונען, אַז מען האט אונטערגעזעגט דיא קלעצער פֿון׳ם שאַכט. זיי זיינען ארויפֿגעפֿאלען אויפֿ׳ן קאס־טען קוילען. דיא מאשין אויבען האט געשלעפט און דיא קייט האט זיך איבער־געריסען.

שפעטער מיט עטליכע טעג איז הערריִ נאך מיט עטליכע ארבייטער ארויפֿ־געפֿאהרען אויף דיא עלעקטערישע וואגאנעס אויבען. פלוצלונג איז דער וואגאן, אין וועלכען הערריִ איז געזעסען, אראפ פֿון דיא רעלסען. הערריִ מיט זיינע קאַ־מעראדען האבען זיך גערעטעט דורך אַ וואונדער.

מען האט אויסגעפֿונען, אז אויף דיא רעלסען איז געלעגען אן אייזערנער רייף! —

אזעלכע געשיכטען האבען זיך אנגעהויבען צו טרעפֿען יעדען טאג. דיא ארבייטער האבען זיך דערשראקען און פֿלעגען ציטערן, ווען זיי פֿלעגען דארפֿען געהן אויף דער ארבייט. יעצט האט שוין יעדער געזעהן, אַז אין דער מינע געפֿינט זיך איינער, וועלכער וויל זיא פֿערניכטען און טייטען דיא ארבייטער. עס האבען זיך אנגעהויבען דיא אלטע געשיכטען. דשעק רייען האט ווידער אנגעהויבען צו דערצעהלען פון גייסטער און פֿון דער „פֿייער דאמע“.

— קיינער איז דא ניטא, פֿלעגט ער זאגען. קיין מענש טהוט עס ניט. עס טהוען עס דיא גייסטער. זיי זעהן, אז מיט יעדען טאג געהן מיר אלץ ווייטער און ווייטער אין דער מינע און נעהמען ביי זיי צו זייער לאנד. זיי ווילען זיך נוקם זיין אן אונז.

סיימאן ווארד איז געווען אויסער זיך.

— ניין, דאס טהוט ניט איינער, פֿלעגט ער זאגען. דא געפֿינט זיך אַ גאנצע באנדע שלעכטע מענשען, וועלכע ווילען אונז טייטען.

מען האט עס געמעלדעט דער געהיים פאליציי אין עדינבורג און אַ גאנצע באנדע דעטעקטיווים און אַגענטען פֿון דער געהיים פאליציי זיינען אראפּגעקומען אין קאָהל סיטי און האבען טאג און נאכט געהיט, געזוכט און געשפירט. זיי האבען אבער גאר ניט אויסגעפֿונען, אזוי וויא זיי האבען ניט אויסגעפֿונען מיט פֿיער יאהר צוריק, ווער עס האט פֿערפֿיהרט דאס שיף „מאַטאַלאַ“.

מען האט געזעהן דייטליך, אז דיא שלעכטע מענשען זיינען בעזאנדערס בייז אויף הערריא ווארד. דשיימס סטאר האט איהם געהייסען, ער זאל זיך ניט דערוועגען ארויסצוגעהן אליין ווייטער פֿון קאָהל סיטי. ער האט אנגעזאגט שטי־ לערהייט דעם אלטען סיימאן און זיין פֿרוי, אז זיי זאלען אכטונג געבען אויף איהם און אויף נעללין.

דשיימס סטאר האט פֿערשטאנען, אַז הערריא און נעללי שפּיעלען עפּעס אַ ראלע אין אלעס, וואס האט אין דער לעצטער צייט פּאסירט אין ניי אבערוויל.

סיימאן ווארד און זיין פֿרוי מערדש האבען אנגעהויבען אכטונג צו געבען אויף נעללין. זיי האבען זיא ניט אראפּגעלאזען פֿון אויג; זיי האבען זיא געהאל־ טען, וויא אַ געפֿאנגענע. נעללי האט עס בעמערקט. זיא האט אבער געשוויגען. — האט זיא פֿערשטאנען, אז דיא גוטע מענשען טהוען עס פֿון איהר טובה וועגען? — מען קען עס ניט וויסען. נעללי איז געווען גאנץ קלוג און פֿארזיכטיג. מען האט קיין מאל ניט געקענט וויסען, וואס עס קאכט זיך אין איהר.

איין זאך אבער האט דשיימס סטאר דאך בעמערקט. זייט אַ געוויסע צייט, פֿלעגט נעללי אכטונג געבען אויף דיא איבעריגע. זיא פֿלעגט שטעהן אין פֿענס־ טער, ווען דיא ארבייטער פֿלעגען דארפֿען קומען פֿון דער ארבייט. זיא פֿלעגט שטעהן אין פֿענסטער און קוקען אַ לאנגע צייט, ווען הערריא פֿלעגט אוועקגעהן צו דער ארבייט. זיא פֿלעגט זיין פֿרעהליך און צופֿריעדען, ווען אלע פֿלעגען זיין בייזאמען. זיא פֿלעגט אויפֿשטעהן אין דער פֿריה פֿריהער פֿאר אלעמען, פֿלעגט ארומגעהן אין שטוב און פֿלעגט זיך אומקוקען אין אלע זייטען.

דשיימס סטאר איז געקומען אין קאָפּ דער געדאנק. אז ווען נעללי וועט הייראטהען, וועלען דיא געהיימניספֿאלע פֿיינד אויפֿהערן זיי צו פלאגען. ער האט זיך געהאלטען פֿעסט, אַז אלעס, וואס איז געשעהן ביז אהער, האט געטהאן נור איין מענש; אַז דיזער איינער מענש האט עפּעס אַ האַס געגען דער מינע, אדער ער איז אַ וואהנזיניגער. אַ מאַניאַק, וועלכער האט זיך אריינגענומען אין קאפּ צו פֿערניכטען דיא מינע.

סיימאן ווארד און מעדש האבען אויך אזוי גערעכענט און האבען געצעהלט דיא טעג ביז צום האכצייטס טאג. יעדער האט געפֿיהלט, אַז עס וועט געשעהן עטוואס שרעקליכעס, אַז דיא שלעכטע מענשען האבען זיך פֿערלייגט זיי צו פֿערניכטען.

דיא לאגע איז ווירקליך געווען אַ פֿערצווייפֿעלטע. דיא ארבייטער פֿון דער מינע זיינען געווען אזוי איבערגעשראקען, אז זיי האבען געציטערט ארויסצוגעהן אויף דער ארבייט. זיי פֿלעגען מוזען ארבייטען צו צוואנציג־דרייסיג מענשען מיט אמאל. זיי פֿלעגען אויסמיידען דיא אונטערשטע גאלערעען. זיי האבען מורא געהאט צו עפֿענען נייע טונעלען. אלע זיינען געווען פֿערצווייפֿעלט. קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן און וויא אזוי זיך צו העלפֿען.

אזוי זיינען פֿערגאנגען וויעדער עטליכע טעג. ביז צום טאג, אויף וועלכען מען האט אפּגעלעגט דיא האכצייט, זיינען געבליעבען נור אכט טעג.

איין מארגען איז נעללי אויפֿגעשטאנען גאנץ פֿריה, וויא געוועהנליך. דיא עלעקטערישע לאמפּען האבען שוין געברענט און דיא ארבייטער זיינען שוין אויפֿגעשטאנען צו דער ארבייט. נעללי איז ארויסגעגאנגען פֿון שטוב אויף אַ מינוט. פֿון יענער זייט טהיר איז זיא געבליעבען שטעהן און האט געגעבען אַ שרעקליכען, אונמענשליכען, הערצרייסענדען געשריי.

סיימאן ווארד, מעדש און העררי האבען דערהערט איהר געשריי און זיינען געקומען צו לויפֿען זעהן, וואס עס איז עפּעס געשעהן. זיי האבען געפֿונען נעללין שטעהן לעבען טהיר. זיא איז געווען בלייך, וויא קאלך, האט געציטערט, וויא אין אַ פֿיעבער און האט ניט געקענט ארויסרעדען אַ ווארט. איהרע אויגען האבען געקוקט אויף דער טהיר און איהרע פֿינגער האבען עפּעס געוויעזען.

מעדש האט זיא ארומגענומען, האט זיא צוגעפרעסט צום הארצען און האט געזוכט זיא צו בערוהיגען, וויא אַ מוטער זוכט צו בערוהיגען אַ קינד, וועלכעס האט זיך איבערגעשראקען.

העררי און סיימאן האבען אין דער זעלבער צייט א קוק געטהאן אויף דער טהיר און זיינען געבליעבען פֿערשטיינערט. — אויף דער טהיר איז געשטאנען אנגעשריעבען מיט קרייט פֿאלגענדע ציילען מיט גרויסע בוכשטאבען.

„סיימאן ווארד, דוא האבט ביי מיר צוגענומען דיא לעצטע
קוילען פֿון אונזער אלטע מינע! — דיין זוהן העררי האט ביי
מיר אוועקגערויבט מיין נעללי. וועה דיר! וועה אייך אלעמען!
וועה ניי אבערוויל! סילפֿאַקס.“

— סילפאקס! האט אויסגערופען סיימאן ווארד און מערש ניט מיט זייער קול.

ווער איז דיעזער סילפאקס? האט הערדי געפרעגט און האט געקוקט אויף זיין פאטער, זיין מוטער און אויף נעללי׳ן.

— סילפאקס! האט אויסגערופען נעללי. סילפאקס!

מעהר האט זיא ניט געקענט רעדען. דיא אלטע מערש האט זיא צוגעפרעסט צו זיך און איז מיט איהר אריינגעלאפען אין שטוב. הערדי ווארד איז געלאפען רופען דעם אינזשעניר.

דשיימס סטאר איז באלד געקומען און האט איבערגעלעזען, וואס עס איז געשטאנען אנגעשריעבען אויף דער טהיר.

— דאס איז דיעזעלבע האנדשריפט, מיט וועלכער עס איז געווען געשריעבען דער צווייטען בריעף, וואס איך האב ערהאלטען אין עדינבורג, אז איך זאל ניט קומען קיין אבערוויל. דיעזער מאן הייסט סילפאקס. איך זעה אין אייערע געזיכטער, אז איהר קענט איהם. ווער איז ער? ווער איז דיעזער סילפאקס?

21טעס קאפיטעל.

## דער בעל-תשובה.

דער נאמען סילפאקס האט געווירקט אויפ׳ן אלטען סיימאן וויא א צויבער. ער האט זיך דערמאנט אן דיא אלטע יאהרען, איידער דער געלערנטער סער הומפרי דייווי האט איינגעפיהרט דיא זיכערהייטס לאמפע. דאמאלס פלעגט יעדען טאג אן ארבייטער מוזען איינשטעלען זיין לעבען און געהן אין דער מינע מיט א פאקעל אין האנד אום דער גאז זאל זיך אנצינדען.

עס איז געווען ניט לייכט צו געפינען אזא בעהערצטען ארבייטער, ווייל אזא מענש פלעגט זעהר אפט דערהרגעט ווערען פון דער עקספלאזיאן. מען פלעגט איהם דערפאר רופען דער בעל תשובה, The penitent, ווייל נור איינער, וועלכער פלעגט וועלען אבקומען פאר זיינע זינד, פלעגט זיך אונטערנעהמען ארומצוגעהן מיט א פאקעל אין דער האנד אין א מינע, וואו עס געפינט זיך דער געפעהרליכער גאז.

מיט א צוואנציג יאהר צוריק האט געארבייט אין דער מינע א מאן מיט׳ן נאמען סילפאקס. ער איז געווען דער איינציגער ארבייטער, וועלכער פלעגט אלע טאג ארומקריעכען אין דער מינע מיט א פאקעל אין דער האנד. ער איז געווען דער בעשטענדיגער בעל תשובה פון דארטשארט פיט. קיינער האט ניט געוואוסט, ווער ער איז און וואו ער וואינט. מען האט נור אזוי פיעל פון איהם געוואוסט, אז ער האט ביי זיך א גרויסען פויגעל, א נאכט-איילע — אזא פויגעל וועלכער זעהט נור אין דער פינסטער און — דיעזער פויגעל העלפט איהם זוכען און ארומקריעכען אין דער מינע.

סילפאקס איז דאמאלס אויך געווען א רעטעניש פאר אלעמען. מען פלעגט איהם זאגאר ניט רופען ביים נאמען, מען פלעגט איהם רופען איינפאך דער בעל תשובה.

סילפּאַקס איז שוין דאַמאַלס געווען קיין יונגער מאַן. ער איז געווען על-טער פֿון סיימאַן וואַרד מיט אַ יאָהר פֿופֿצעהן-צוואַנציג. ער פֿלעגט מיט קיינעם ניט רעדען און מיט קיינעם זיך ניט צונויפֿקומען. סיימאַן וואַרד האָט דאַמאַלס קיין צייט ניט געהאַט זיך צו איהם צוצוקוקען. סיימאַן וואַרד פֿלעגט דאַמאַלס נאָך געשמאַק אַרבייטען.

זייט פֿופֿצעהן יאָהר איז סילפּאַקס פֿערשוואונדען געוואָרען. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען. מיט איהם איז פֿערשוואונדען געוואָ-רען אַ קינד, אַ מעדכען פֿון אַ יאָהר צוויי-דריי. דיא אַרבייטער אין דאַרטשאַרט פֿיט האָבען איינינע צייט גערעט פֿון איהם, פֿלעגען פֿרעגען: ווער איז דאָס קינד? וואו איז דאָס קינד אהינגעקומען? אזוי וויא קיינער האָט זיי ניט געקענט ענט-פֿערן אויף דיעזע פֿראַגען, האָבען זיי אויפֿגעהערט פֿון איהם צו רעדען און דיא זאַך איז פֿערגעסען געוואָרען.

— אלזא, האָט איהר איהם געקענט? האָט דשיימס סטאַר געפֿרעגט דעם אַלטען וואַרד.

— יאָ, איך האָב איהם געקענט. ער איז דאַמאַלס אויך געווען אַ רעטעניש. קיינער האָט ניט געוואוסט, אויב ער האָט ערגעץ אַ פֿרוי, אַ קינד אָדער אַן אַנ-פֿערוואַנדטען. ער איז געווען אַמאָל זעהר שטאַרק. ער פֿלעגט אויפֿהייבען דיא שווערסטע משא אַליין. ער האָט פֿיינט געהאַט, מען זאָל איהם העלפֿען. ער האָט געקענט דיא מינע בעסער פֿון אונז אַלע, ער האָט קיין מאָל ניט געדאַרפֿט קיין לאַמפּ.

איינינע אַרבייטער פֿלעגען זאָגען, אַז ער איז ניט ביי זיין גאַנצען פֿער-שטאַנד. אַנדערע פֿלעגען זאָגען, אַז ער האָט אַמאָל בעגאַנגען אַ גרויס פֿערברע-כען. עס האָט איהם ניט געלאָזט רוהען, זיין געוויסען פֿלעגט איהם פּלאָגען, דערפֿאַר האָט ער זיך אַליין אַרויסגערופֿען, אַז ער וויל ריזקירען זיין לעבען, אַרומגעהן אין דער מינע מיט אַ פֿאַקעל אין דער האַנד און זעהן, אויב עס געפֿינט זיך גאַז. ער איז געווען אַ ריכטיגער בעל תשובה, וועלכער האָט געזוכט דעם טויט פֿאַר זיינע זינד.

דאָס האָבען אָבער נור גערעדט דיא אַרבייטער. קיינער האָט ניט געקענט זאָגען פֿאַר געוויס, וואָס פֿאַר אַ מענש סילפּאַקס איז. איך האָב געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג טויט. זייט פֿופֿצעהן יאָהר האָט מען איהם ניט געזעהן און מען האָט פֿון איהם ניט געהערט.

— קענט איהר מיר ניט ערקלערען, וואָס ער מיינט מיט דיא ווערטער: — „דו האָסט ביי מיר צוגענומען דיא לעצטע קוילען פֿון דער אַלטער מינע?“ — האָט דשיימס סטאַר געפֿרעגט.

— איך ווייס, וואָס ער מיינט, האָט סיימאַן וואַרד געענטפֿערט. סילפּאַקס האָט זיך איינגערעדט, אַז דאַרטשאַרט פֿיט געהערט צו איהם. ער פֿלעגט ציטערן, ווען ער פֿלעגט זעהן, אַז דאַרטשאַרט פֿיט שעפּט זיך אויס, אַז עס ווערט אַלע

מאל ווענינער און וועניגער קוילען. ער פֿלעגט שרייען אין דער הויך, אז מען בערויבט איהם. געדענקסט דוא עס מעדש?

— יא, סיימאָן, איך געדענק עס זעהר גוט.

— איך האב עס שוין גאר פֿערגעסען, האט סיימאן ווייטער גאזאגט. ערשט יעצט דערמאַן איך מיך. איך האב גערעכענט, אז ער איז שוין לאנג געשטאָר-בען. קיינער וואלט ניט געגלויבט, אַז דער בעל תשובה פֿון דארטשארט פיט לעבט נאך.

— יעצט פֿערשטעה איך אַלעס, האט דשיימס סטאַר געזאגט. ער קען דיא מינע בעסער פֿון איך. ער האט דער ערשטער ענטדעקט דיא נייע מינע און האט גערעכענט, אַז זיא געהערט צו איהם. ער קען ארומגעהן אין דער מינע אהן אַ לאמפּ. ער האט געהערט, וואס איהר האט גערעדט מיט הערריין, ער זאל מיר שרייבען, איך זאל קומען. ער האט מיר געשריעבען אַ בריעף, איך זאל ניט קומען. ווען איך בין געקומען, האט ער עס אראפּגעווארפֿען אַ שטיין אום מיך איבערצושרעקען. ער האט עס אונז פֿערמויערט אין דער נייער מינע. ער האט עס אלעס געטהאן. ברויט און וואסער האט אונז געבראכט נעללי. מעהר וויא דריי מאל האט דאס ארימע קינד אונז ניט געקענט ברענגען. מעהר האט עס אליין ניט געהאַט אדער סילפֿאַקס איז דערפֿון געוואהר געווארען און האט זיא געשלאגען. איך פֿערשטעה, אַז זיא האט דאַמאָלס געפֿיהרט דשעק רייען און לאָרד עלפֿינגסטאָן צו דעם אָרט, וואו מיר זיינען געלעגען האַלב טויט.

— איהר האט רעכט, הערר סטאר, אזוי איז עס געווען. דער אלטער סיל-פֿאַקס איז וואהנזיניג.

— ניין, סיימאן, ער איז ניט וואהנזיניג, האט זיך פלוצלונג מעדש אריינ-געמישט.

— איך קען אייך ניט זאגען, אויב סילפֿאַקס איז וואהנזיניג אדער ניט, האט דער אינזשענער געזאגט לאנגזאם. איך פֿערשטעה יעצט זעהר פֿיעל און איך וויים נאך אלץ גאר נישט. דיעזער מאן איז פֿאר מיר אַ רעטעניש. איין זאך פֿערשטעה איך, פֿאַר וואס נעללי ציטערט אזוי, ווען זיא הערט רעדען פֿון'ם ברו-נען און ווען זיא האט דערזעהן דעם נאמען סילפֿאַקס. וואס פֿאַר אַ טרויעריגעס לעבען האט דאס אונגליקליכע קינד געפֿיהרט זייט פֿופֿצעהן יאהר!

— יא, טרויעריג, זעהר טרויעריג, האט סיימאן זיך אפּגערופֿען. דיא איינ-ציגע לעבעדיגע זאכען, מיט וועמען זיא פֿלעגט זיך צונויפֿקומען זיינען געווען דער ווילדער סילפֿאַקס און דער נאך ווילדערער פֿויגעל. איך פֿערשטעה, אז דיעזער פֿויגעל האט דאמאלס ארויכגעריסען פֿון הערריס הענד דעם לאָמפּ. דערזעלבער פֿויגעל האט געוואלט צובייסען דעם שטריק, ווען הערי האט גע-פֿונען נעלליין האלב טויט אין ברונען.

— איך פערשטעה יעצט, אַז עס פֿערדריסט איהם שטאַרק, ווען ער איז געוואהר געווארען, אַז הערי וויל הייראטהען נעלליין, האט זיך אפּגערופֿען דיא אלטע מעדש. ער דענקט, אז הערריס פֿאטער האט איהם בערויבט, האט

צונענומען ביי איהם זיין מינע. הערריי אליין האט ביי איהם אוועקגערויבט זיין קינד, זיין עניקעל אדער זיין טאכטער.

— איך פֿערשטעה עס גאר ניט, האט דשיימס סטאר געזאגט. ווער ער איז און וואס ער איז, דארף ער דאך אזוי פֿיעל פֿערשטעהן, אז נעללין איז פֿיעל בעסער צו לעבען צווישען מענשען אלס צו זיין פֿערשפּארט ערגעץ אין אַ פינס־טערען ברונען. ער דארף דאך פֿערשטעהן, אַז אַ מעדכען דארף הייראטהען. ווען ער האט זיך זארגט פֿאר נעללין און האט זיא ערצויגען, האט ער זיא דאך געווים ליעב. וויא קומט עס אלזא, וואס ער וויל זיא יעצט טייטען מיט אלע־מען צוזאמען? פֿאר וואס טרעט ער ניט ארויס פֿריי און אפֿען און פֿארדערט ניט זיין טאכטער, זיין עניקעל אדער וואס נעללי געהערט זיך אן מיט איהם?

— וואס טהוט מען אלזא? האט דער אלטער סיימאן געפֿרעגט טרויעריג. וויא דיא געשיכטע איז, שוועבען מיר שטענדיג אין טאדעס געפֿאהר. ער קען דאך יעדע מינוט אונז עפּעס אפּטהאן, אונז אלע פֿערניכטען.

דשיימס סטאר האט זיך פֿערטראכט. דיעזער געדאנק פלאגט איהם שוין זייט איניגע וואכען. פלוצלונג איז איהם עפּעס איינגעפֿאלען אין קאפּ.

— מיינע פֿריינד! דיא איינציגע פערזאן, וועלכע קען אונז אויפֿקלערן אין דיעזער אנגעלעגענהייט; דער איינציגער מענש, וועלכער קען אונז געבען אַ גוטען ראטה און קען אונז העלפֿען, איז — נעללי. ביז אהער האבען מיר זיא געשוינט. זיא האט געשוויגען און מיר האבען זיא ניט געוואלט צווינגען צו רעדען. מיר האבען געמוזט אזוי טהאן, ווייל אזוי פֿארדערט דיא מענשליכקייט, דיא העפֿ־ליכקייט.

יעצט אבער, ווען מיר זיינען אין געפֿאהר, מוזען מיר זיא בעטען, זיא זאל אונז דערצעהלען אלעס, וואס זיא ווייס איבער סילפֿאַקס. מעגליך, אז מיר ווע־לען געפֿינען פֿאר נעטהיג, זיא זאל איהם רופֿען, זאל מיט איהם רעדען, זאל איהם ערקלערן, אז מיר מיינען קיין שלעכטעס; אז ווען ער וויל, קען ער וואינען ביי אונז. מיר וועלען איהם אויפֿנעהמען מיט פֿערגניגען.

— איהר האט רעכט, הערר סטאר, האט זיך הערריי אפּגערופֿען. איך בין זיכער, אז נעללי וועט געוויס דערצעהלען אלעס, וואס זיא ווייס פֿון'ם אלטען סילפֿאַקס זיא האט אונז אלע ליעב און וועט געוויס טהאן אלעס מעגליכע אום אונז צו רעטען. דיא מוטער האט זעהר גלייך געטהאן, וואס זיא האט אריינגע־פֿיהרט נעללין אין איהר צימער. זיא מוז זיך אביסעל בערוהיגען. — זאל איך געהן זיא רופֿען?

— דוא דארפֿסט מיך ניט רופֿען, הערריי! האט אויסגערופֿען הינטער איהם אַ העלע, קלינגענדע שטימע.

נעללי איז געשטאנען פֿאר זיי. זיא איז געוועזען נאך בלייך אבער גאנץ רוהיג. איהרע אויגען זיינען געוועזען פֿערוויינט, זיא איז אבער געוועזען מוטהיג און עטשלאסען. עס איז געוועזען דייטליך, אז זיא האט געקעמפּפֿט מיט זיך אליין און

האָט זיך ענדליך ענטשלאָסען צו דערצעהלען אַלעס אום צו רעטען די מענשען, וועלכע זיא האָט געליעבט.

— קום אהער נעללי! ליעבע נעללי! מיר האָבען נור וואָס געהערט פון דיר, האָט הערריי אויסגערופען און האָט זיא גענומען ביי דער האַנד.

— פאַטער סיימאַן, מוטער מערדש און איהר אַלע מוזט ענדליך וויסען אַלעס, האָט נעללי געזאָגט ענטשלאָסען. דוא, הערריי, מוזט וויסען, אז דוא האָסט מיך דאַן אַרויסגעשלעפט פון ברונען צו דיין אונגליק. הלואי, וואָלסט דוא עס ניט געטהאַן! ליידער, עס איז יעצט צו שפּעט עס צו בעדויערן.

— וואָס רעדסט דוא, נעללי? איך ליעב דיך! דוא ביסט ביי מיר טהייערער פון אַלעס אין דער וועלט.

— לאָמיר עס לאָזען, האָט זיך דשיימס סטאַר אַריינגעמישט. מיר בעטען דיך, נעללי, דוא זאָלסט אונז דערצעהלען אַלעס, וואָס דוא ווייסט און זאָלסט אונז זאָגען, אויב עס איז דאָ עפּעס אַ מיטעל אונז צו רעטען פון דער געפאַהר, אין וועלכער מיר געפינען זיך.

ער האָט צוגערוקט אַ שטוהל לעבען זיך און האָט געבעטען נעללין, זיא זאָל זיך זעצען לעבען איהם. נעללי האָט זיך אַניעדערגעזעצט און האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען.

— דער אַלטער סילפאַקס איז מיין גראָספאַטער. מיין פאַטער און מיין מוטער האָב איך ניט געקענט. ערשט ווען איך האָב מיך בעקענט מיט דיעזער פרוי (זיא האָט געוויעזען אויף דיא אַלטע מערדש), בין איך געוואָהר געוואָרען, וואָס עס הייסט אַ מוטער. ערשט דאַמאָלס האָב איך אָנגעהויבען צו פיהלען, וויא שטאַרק און וויא הייליג דיא מוטערליעבע איז.

דיא אַלטע מערדש האָט אָנגעהויבען צו וויינען און האָט אַ קוש געטהאַן נעללין אין שטערן.

— איך האָב ניט געוואוסט, וואָס אַ פאַטער איז, ביז איך האָב מיך בעקענט מיט סיימאַן וואַרד, האָט נעללי ווייטער דערצעהלט. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס אַ פריינד איז, ביז וואַנען הערריי האָט מיך אַרויסגעשלעפט פון ברונען.

זייט איך בין געקומען צו מיין פערשטאַנד האָב איך געלעבט גאַנץ אַליין אין דיא פינסטערע און טיעפע ווינקעלעך פון דער מינע. איך זאָג, אז איך האָב געלעבט גאַנץ אַליין, וויל איך פלעג זעלטען זעהן מיין גראָספאַטער. ער פלעגט זיך זאָרגען פאַר מיר, פלעגט מיר ברענגען עסען, פלעגט אַמאָל מיט מיר פערברענגען איינינגע צייט און פלעגט ווידער פערשווינדען. איך האָב פאַר איהם מורא געהאַט און בין געווען צופריעדען, ווען ער איז ניט געווען לעבען מיר.

איך געדענק עס גאַנץ שוואַך, אָבער איך געדענק עס דאָך, אז לעבען מיר פלעגט זיך געפינען אַ ציעג. ווען איך פלעג זיין הונגעריג, פלעג איך מיך אַרונטערלעגען אונטער דער ציעג און פלעג זויגען איהר מילך; ווען איך פלעג זיין זאַט, פלעג איך מיך שפּיעלען מיט דער ציעג. פּלוצלונג איז דיא ציעג פערשוואונדען געוואָרען. איך ווייס ניט, וואו זיא איז אַהינגעקומען. איך האָב זעהר געוויינט

און געבעטען מיין גראָספּאטער, ער זאל מיר ברענגען מיין „מינע". — אזוי פלעג איך רופען דיא ציג.

מיין גראָספּאטער האט מיר געבראַכט אנאנדער מין חיה. יעצט ווייס איך, אז דאס איז געווען אַ הונד. דאמאלס האב איך ניט געוואוסט, וואס דאס איז. דער הונד איז מיר געפעלען און איך פלעג מיך מיט איהם שפּיעלען. מיין גראָס־פאטער האט איהם אבער ניט געקענט ליידען, ווייל ער פלעגט בילען און מאכען אַ ליארם, ווען ער האט דערהערט ערגעץ געהן. מיין גראָספּאטער האט פיינט געהאט אַ ליארם. מיר האט ער אנגעזאגט עטליכע מאל, איך זאל שווייגען און איך פלעג שווייגען. דער הונד אבער האט אויף קיין פאל ניט געוואלט שווייגען.

דער הונד איז פערשוואונדען. איך בין ווידער געבליעבען אליין און פלעג ווידער וויינען. דער גראָספּאטער האט מיר ענדליך געבראַכט אַ גרויסען פויגעל. אנפאנגס פלעג איך מורא האבען פארן פויגעל, ווייל ער האט געהאט שארפע נעגעל און אַ שארפען שנאבעל. ער פלעגט זיך בייסען, ווען איך פלעג איהם װעלען נעהמען אין דיא הענד. אין אַ קורצע צייט אבער בין איך געווארען מיט איהם אזוי פריינדליך, אַז ער פלעגט ניט אפטרעטען פון מיר. ער פלעגט פאל־גען, וואס איך פלעג איהם הייסען, פלעגט עסען מיט מיר, טרינקען מיט מיר און שלאפען מיט מיר.

מיין גראָספּאטער האט עס ענדליך פערדראסען, וואס איך בין אזוי פריינד־ליך מיט'ן פויגעל און ער פלעגט זוכען אלערליי מיטעל, אַז מיר זאלען ניט זיין אפּט צוזאמען. איך בין שוין אבער עלטער געווארען און פלעג מיך שוין קענען בעגעהן אהן דעם פויגעל. דענאך זיינען מיר געוועזן גוטע פריינד און קוים פלעגט דער פויגעל קומען צו פליהען, פלעגט ער באלד צוקומען צו מיר און רעדען צו מיר. מיר פלעגען זיך זעהר גוט פערשטעהן.

וואס רעד איך אבער אזוי פיעל פון זיך? לאמיך בעסער רעדען פון אייך.

— ניין, נעללי, דערצעהל אלעס, וואס דוא ווייסט, האט דשיימס סטאַר געבעטען.

— מיין גראָספּאטער פלעגט זיין זעהר בייז, פאר וואס איהר וואינט אין דער מינע, האט נעללי ווייטער דערצעהלט. אבוואהל מיר האבען געוואינט וויית, וויית פון אייך, פלעג איך אָפט הערן, וויא ער ברומט: וואס טהוען זיי דא? — פאר וואס געהן זיי ניט ארויף אויבען?

ווען איך פלעג איהם פרעגען, וואס הייסט אויבען? וואס פאר אַ מענשען לעבען דארט אויבען? פלעגט ער ווערן בייז און פלעגט מיט מיר ניט רעדען עטליכע טעג נאכאנאנד.

שרעקליך בייז און ווילד איז ער געווארען, ווען ער האט דערזעהן, אַז איהר זוכט ווייטער אין דער מינע. איך ציטער, ווען איך דערמאן מיך אן יענער צייט. ער האט געשווארען, אז אויב איהר וועט עפענען דיא נייע מינע פריהער פון דער צייט, וואס ער ווייס, וועט ער אייך אלע אומברענגען. —

נעללי האט געשוויגען אַ פאר מינוט. זיא האט אויפגעאטהעמט.

— דערצעהל ווייטער, נעללי! האָט דשיימס סטאַר געבעטען.

— ווען ער האָט דערזעהן, אַז איהר האָט ווירקליך אויסגעבראַכען אַ נייע טהיר אין ניי אַבערוויל, איז ער געוואָרען, וויא וואַהנזיניג. ער האָט געהייסען זיין פויגעל פערלעשען אייער לאַמפּ און האָט אייך פערמויערט אין דיא פינסטערע גענג פון ניי אַבערוויל. איך בין געווען דיא איינציגע, וועלכע האָב דערפון געוואוסט. איך האָב עס ניט געקענט צוזעהן, אַז מענשען זאָלען שטאַרבען פון הונגער און איך האָב אייך געבראַכט ברויט און וואַסער — דאָס לעצטע, וואָס איך האָב געהאַט. — איך האָב געוואָלט אייך אַרויספיהרען. מיין גראָספאָטער האָט אָבער בעמערקט, אַז איך עס עפּעס אין דיא לעצטע טעג צופיעל און האָט מיך פערשפּאַרט אין אַ ברונען ווייט, ווייט פון אייך.

איינינע טעג בין איך געלעגען פערשפּאַרט. ענדליך איז עס מיר געלונגען צו אַנטלויפען. איך בין אַרומגעגאַנגען אין דער מינע, ווען איך האָב דערהערט, אַז מענשען קומען. דאָס איז געווען דשעק רייען מיט נאָך מענשען, וועלכע איך קען ניט. איך האָב זיי געפיהרט און האָב זיי געוויזען, וואו איהר ליעגט פערשפּאַרט און האַלב טויט. מען האָט אייך געפונען און אין אַ קורצע צייט אַרום האָט איהר אָנגעהויבען צו בעאַרבייטען דיא מינע.

פון דיעזער צייט אָן איז מיין גראָספאָטער געוואָרען נאָך בייזער און נאָך ווילדער. איך האָב געמיינט, אַז ער וועט מיך טייטען. איך האָב געוואָלט אַנטלויפען, ער האָט מיך אָבער אַזוי שטאַרק געהיט, אַז איך האָב עס ניט געקענט טהאָן. איין מאָל איז ער געקומען פון ערגעץ אַזוי בייז און אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט מיך גענומען ביי דער האַנד און האָט מיך אַריינגעוואָרפען אין דעם פינסטערן ברונען, וועלכען ער האָט פערמויערט מיט גרויסע שטיינער, איך זאָל ניט קענען אַרויסגעהן. פון דאָרטען האָט מיך הערר'י געראַטעוועט. דער גראָספאָטער האָט גערופען דאָס פויגעל צו זיך, דער פויגעל אָבער האָט מיך אַזוי ליעב געהאַט, אַז ער האָט אויף קיין פאַל ניט געוואָלט אָפּטרעטען פון מיר.

וויא לאַנג איך בין דאָרט געלעגען אין פינסטערן ברונען, ווייס איך ניט. איך בין געוואָרען אַלץ שוואַכער און שוואַכער, ביז איך האָב פערלאָרען מיין בעוואוסטזיין. דוא הערר'י האָסט מיך דאַן געראַטעוועט.

איהר זעהט יעצט, אַז איך קען ניט הייראַטהען הערר'י'ן, ווייל מיין גראָספאָטער וועט געווים ברענגען אָן אונגליק אויף ניי אַבערוויל.

— וואָס רעדסט דוא, נעללי? האָט הערר'י אויסגערופען און האָט זיא אָנגעכאַפּט ביי דיא הענד.

נעללי האָט זיך אויסגעריסען פון איהם.

— ניין, הערר'י! עס איז אומזיסט. דאָס איינציגע מיטעל אייך צו רעטען איז, אַז איך זאָל צוריקגעהן צו מיין גראָספאָטער. — זייט געזונד, איהר גוטע, ליעבע און געטרייע מענשען! זייט געזונד איהר סיימאָן און איהר מעדש! זיי געזונד, הערר'י! — איך דאַנק אייך אַלע פאַר אַלעם גוטע, וואָס איהר האָט געטהאָן נעגען מיר. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל לעבען צווישען מענשען, אַז

איך וועל גליקליך זיין. איך זעה אבער, אַז עס איז אונמעגליך. איך מוז צוריקגעהן צו איהם. איך מוז טראגען מיין שיקזאל. דערמאנט מיך אמאל, איהר גוטע, ליעבע מענשען. זייט זיכער, אז איך וועל אייך קיין מאל ניט פערגעסען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל און האט זיך געלאזט געהן צו דער טהיר. הערריִ, סיימאן און מעדש זיינען איהר נאכגעלאָפען און האבען זיא צוריקגעהאלטען.

— וואס טהוכט דוא, נעללי? מיר וועלען דיך ניט לאזען געהן. דוא מוזט בלייבען ביי אונז!

דער אינזשעניר האט זיך דאן אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו נעללין. ער האט געהייסען סיימאן ווארד, זיין פרוי און זיין זוהן, זיי זאלען זיא אפלאָזען.

— זעץ דיך, נעללי, האט ער געבעטען, איך האב נאך מיט דיר וואס צו רעדען. אייל דיך ניט, הער נור מיך פריהער אוים.

נעללי האט זיך אניעדערגעזעצט.

— הער נור, נעללי! מיר וועלען דיך אויף קיין פאל ניט לאזען צוריקגעהן צו אַ מענשען, וועלכער האט דיך געלאזען שטארבען פאר הונגער. דוא מעגסט וועלען געהן, מיר וועלען דיך ניט לאזען. מיר וועלען דיך צוהאלטען מיט געוואלט. מיר וועלען דיך פערשליעסען, וויא דיין גראספאטער סילפאקס האט געטהאן. מיר ווייסען, אז ער וויל אונז שלעכטעס טהאן. מיר וועלען אבער געפינען מיטעל. וויא אזוי זיך צו שיצען פאר איהם. ער איז ניט מעהר, וויא א מענש. געגען אַ מענשען קענען מיר זיך שוין שיצען.

— הערר דשיימס סטאר, איהר ווייכט גאר ניט, וואס איהר פערלאנגט פון מיר. איהר קענט ניט מיין גראספאטער. ער איז פול אומעדום און מען קען איהם אין ערגעץ ניט געפינען. איך האב קיין מאל ניט געוואוסט, וואו ער האלט זיך אויף. ער פלעגט קומען צו מיר אויף אַ קורצע צייט, פלעגט מיר ברענגען עסען און פלעגט פערשווינדען. איך האב איהם קיין מאל ניט געזעהן שלאפען. עס זיינען געווען צייטען, ווען איך האב צו דריי-פיער טאג ניט געגעסען, איך האב איהם אויסגעזוכט אין דער גאנצער מינע און פלעג איהם אין ערגעץ ניט קענען געפינען — פלוצלונג פלעגט ער ארויסשפרינגען פאר מיר, וויא פון אונטער דער ערד.

ער זעהט אלעס און קיינער זעהט איהם ניט. ער ווייס אלעס, וואס איהר טהוט און רעדט, זאגאַר וואס איהר טראכט. אַ בעוויז האט איהר, אז קוים איז ער געוואהר געווארען, אז איהר האט געשריעבען אַ בריעף צום אינזשעניר, ער זאל קומען, האט ער באלד נאך געשריעבען אנאנדער בריעף, ער זאל ניט קומען.

— וויא עס ווייזט אוים, איז דיין גראספאטער אַ געלערנטער. ער שרייבט גאנץ גוט, האט דשיימס סטאר בעמערקט.

— אָה! ער ווייס זעהר פיעל. ער פלעגט מיר דערצעהלען פיעל זאכען, וועלכע איך האב ניט פערשטאנען. ער האט מיך געלערנט, איך זאל האַסען דיא וועלט, איך זאל האַסען דיא מענשען. ער אליין האַסט און פעראַכטעט אלע מענשען. ער קען זיי ניט ליידען. ער פלעגט מיר ראטהען, איך זאל אויך אנט-

לויפען פון דיא שלעכטע מענשען. ער האט אזוי געווירקט אויף מיר, אז ווען הערריי האט מיך גערעטעט פון ברונען און איך בין געקומען צו זיך, האב איך געוואלט אנטלויפען פון זיי. איך האב זיי פיינט געהאט. דיא מוטער מעדש אבער האט מיך בעהאנדעלט אזוי פריינדליך און אזוי מוטערליך, אז איך האב איינגעזעהן, אז דיא מענשען זיינען גאר ניט אזוי שלעכט, וויא מיין גראספאטער האט מיך געלערנט.

ווען איך האב שפעטער געזעהן, וויא דיא פאמיליע ווארד לעבט אזוי פריינדליך, אזוי שטיל און אזוי גליקליך, האב איך זיא ליעב בעקומען. — מעגליך, אז מיין גראספאטער קען אויך ניט דיא וועלט; מעגליך, אז ווען איך וועל קומען צו איהם און וועל איהם דערצעהלען אלעס, וואס איך ווייס יעצט, וועט ער בעסער ווערן און וועט קומען צו אייך.

אלע האבען געשוויעגען און האבען אויפמערקזאם אויסגעהערט, וואס נעללי האט גערעדט. ווען זיא האט געענדיגט, זיינען איהרע אויגען פול געווארען מיט טרערין און זיא איז אניעדערגעפאלען אויפ'ן שטוהל. דיא אלטע מעדש איז צו איהר צוגעגאנגען, האט זיא צוגעפרעסט צום הארצען און האט געזאגט:

— ניין, נעללי! איך וועל דיך ניט לאזען אוועקגעהן פון אונז.

— הערסט דוא, נעללי, וואס אונזער מוטער זאגט? האט הערריי אויסגערופען. בלייב ביי אונז! אדער איך וועל געהן מיט דיר, וואוהין דוא וועסט געהן.

מעהר האט מען ניט געקענט רעדען. נעללי איז געווען זעהר אויפגערעגט און האט געוויינט. דיא אלטע מעדש האט אויך געוויינט און האט נעללי'ן ניט אפגעלאזען.

## 22טעס קאפיטעל.

# דיא האכציים.

דשיימס סטאר האט זיך גוט דערשראקען פארן אלטען סילפאקס. ווער ווייס, וואס א וואהנזיניגער קען טהאן? פיעללייכט איז ער גאר קיין וואהנזיניגער, זאנדערן ער האט עפעס אן אורזאכע צו האסען דיא ארבייטער פון דער מינע אדער דיא פאמיליע ווארד? עפעס אן אורזאכע מוז דאך דא זיין.

ער האט דאהער געטהאן אלעס מעגליכע אום צו שיצען ניי אבערוויל און קאהל סיטי. ער האט געדונגען מענשען, זיי זאלען ארומגעהן א גאנצע נאכט. ער האט געשטעלט אגענטען פון דער געהיים פאליציי אין אלע ווינקעלעך.

מען האט ווייטער אנגעהייבען צו זוכען אין דעם איינגעפאלענעם שלאס, דונאלד קעבל. דשיימס סטאר איז יעצט געווען פעסט איבערצייגט, אז דער אלטער סילפאקס האלט זיך אויף ערגעץ אין אלטען שלאס, אז ער פלעגט עס מאכען דיא „פייער דאמע". ער ווייס, וואו עס האט זיך אנגעזאמעלט גאז אין דער מינע און צינדעט איהם אונטער. עס איז זאגאר מעגליך, אז סילפאקס איז א גרויסער געלערנטער, א גרויסער כעמיקער, וועלכער האט א לאבאראטאריום אין דער מינע.

עס איז ווייטער געבליעבען ביי איהם און סיימאן ווארד, אז הערריי זאל ראך הייראטהען נעללין. זיי האבען גערעכענט, אז קוים וועט ער זיא הייראטהען, וועט סילפאַקס מעהר זיי ניט בעאונרוהיגען.

אזוי זיינען פערגאנגען דיא לעצטע עטליכע טעג. נעללי האט זיך אין גאנצען בערוהיגט. מעדש האט אויף איהר אזוי געווירקט, אז זיא האט זיך ענדליך ענטשלאסען צו בלייבען און צו הייראטהען.

דשיימס סטאר האט מעהר פון איהר קיין געהיימניסע ניט געהאט. ער האט מיט איהר גערעדט, וויא מיט זיין גלייבען און האט איהר ערקלערט, אז אויב איהר גראספאטער ליעבט זיא, וועט ער ענדליך זיך מיט איהר איבערבעטען אין טאג פון איהר האכצייט.

דיעזער טאג איז ענדליך געקומען. דיא ארבייטער האבען אוועקגעלעגט דיא ארבייט און האבען זיך אנגעטהאן איז זייערע בעסטע קליידער. מענער, פרויען און קינדער האבען זיך פערזאמעלט ארום דער קירכע. דיא אלטע מעדש האט אנגעקאכט און אנגעבאקען אזוי פיעל, אז עס זאל זיין גענוג פאר א גאנצען רעגימענט סאלדאטען. דער אלטער סיימאן האט געהייסען ברענגען א גאנצען וואגען מיט ביער. אלע האבען ערווארטעט א פרעהליכען טאג.

דיא האכצייטס צערעמאניע האט געדארפט זיין אום צוועלף אוהר. דיא קירכע איז געווען פול מיט מענשען. דער גייסטליכער האט געווארט אויף דער טהיר, אז דיא בראַוט און דער ברויטיגאם זאלען קומען און עס זאל זיך אנהייבען דיא צערעמאניע.

באלד זיינען אנגעקומען דשיימס סטאר און לארד עלפינגסטאן אלס אונטערפיהרער מיט'ן ברויטיגאם. נאך זיי איז געגאנגען סיימאן ווארד, דיא אלטע מעדש, נעללי, דשעק רייען און אייניגע מעדבען פון קאָהל סיטי. נעללי איז געווען בלייך און אונרוהיג. זיא האט זיך אבער געגעבען אלע מיה, זיא זאל שמייכלען און ניט ווייזען, אז זיא האט עפעס מורא.

אלע זיינען אריינגעגאנגען אין קירכע. עס האט זיך אנגעהויבען דיא צערעמאניע. דער ארגעל האט געשפיעלט. דער גייסטליכער האט געהאלטען א פרעדיגט. דאן איז אלעס שטיל געווארען. דער ברייטיגאם און דיא בראַוט זיינען צוגעקומען צום גייסטליכען.

— הערריי ווארד, ווילסט דוא נעהמען נעללין צור פרוי, זיא ליעבען און שעצען און זיך זארגען פאר איהר דיין לעבען לאנג? האט דער גייסטליכער געפרעגט.

— יא! האט הערריי געענטפערט.

— נעללי, ווילסט דוא נעהמען הערריי ווארד אלס דיין מאן און איהם ליעבען, אכטען און שעצען? האט דער גייסטליכער ווייטער געפרעגט.

איידער נעללי האט צייט געהאט צו ענטפערן. האט מען געהערט א שרעקליכען רעש און אן אונגעהייערן קראך. א גרויסער שטיין, וועלכער איז געהאנגען איבער'ן טייך מאַלקאָלם האט זיך פלוצלונג געעפענט. דאס וואסער פון מאַלקאָלם

לייק האט זיך אריינגעלאזען אין אַ גרויסער הייל, פֿון וועלכע קיינער האט ביז אהער ניט געוואוסט. אַלע זיינען ארויסגעלאָפען פֿון דער קירכע זעהן, וואס עס איז געשעהן.

אויפֿין מאַלקאלם לייק האט זיך געוויזען אַ שיפֿעל. אין שיפֿעל איז גע-שטאנען אן אלטער מאן מיט לאנגע ווייסע האר און מיט אַ לאנגע ווייסע בארד. אין דער האנד האט ער געהאלטען אַ זיכערהייטס לאמפּ און איבער זיין קאפּ איז געפֿלויגען אַ גרויסער פֿויגעל. ווען ער האט דערזעהן די מענגע, האט ער אנגעהויבען צו שרייען:

— דער מינען גאז! פֿייער! טויט אייך אלעמען! איהר וועט אלע מוזען שטארבען!

אין דיעזער מינוט האט מען דערהערט אַ שטאַרקען גערוך פֿון מארש-גאז אדער מינען גאז.

— ארויס פֿון דער מינע! רעטעט אייך! האט געשריען דער אינזשעניר.

ער האט פֿערשטאנען, אין וואס פֿאר א געפֿאהר זיי געפֿינען זיך. דער אלטער האט געוואוסט, אז עס איז דא אין דער מינע א הייל, וואו עס האט זיך אנגעזאמעלט זעהר פֿיעל מארש-גאז אין ער האט געעפֿענט דיעזע הייל.

— טויט אייך אלעמען! איהר וועט אייך ניט קענען רעטען, עס איז צו שפעט! האט געשריען דער אלטער סילפֿאַקס.

הערי האט געכאַפּט נעללין אויף די הענד און האט געוואלט מיט איהר אנטלויפֿען. עס איז געווארען אַ שרעקליכער ווירוואר, אַ געשריי, אַ ליארם און אַ געוויין. די פֿרויען זיינען געפֿאלען אין אהנמאַכט, די קינדער האבען גע-שריען, די מענער זיינען געלאָפֿען צו די עלעקטערישע וואגאנעם.

אין דיעזע מינוט האט א מאן אראפּגעווארפֿען פֿון זיך דעם ראָק און די שטיוועל און האט זיך אריינגעווארפֿען אין מאַלקאַלם לייק. ער איז געשוואומען צום שיפֿעל. ער האט געוואלט חאַפּען דעם אלטען און ארויסרייסען פֿון איהם דעם לאמפּ. דער גאז איז דערוויל נאך ווייט. ווען דער אלטער וועט איהם ניט אונטערצינדען, וועט מען נאך קענען רעטען די מינע. דשעק רייען האט גוט פֿערשטאנען, וואס דער אלטער מיינט. ער וויל מאכען אן עקספּלאזיאן און דערהרגעט ווערן מיט אלעמען. קוים וועט ער ביי איהם ארויסרייסען דעם לאמפּ פֿון די הענד, איז די געפֿאהר פֿאראיבער.

דער אלטער סילפֿאַקס האט פֿערשטאנען, וואס דשעק רייען וויל טהאן. ער האט צובראכען דאס גלעזעל פֿון זיין לאמפּ, האט אנגעצונדען אַ לאנג שטי-קעל האלץ און האט איהם אריינגעלעגט דעם פֿויגעל אין שנאבעל. דאן האט ער אריינגעווארפֿען דעם לאמפּ אין וואסער.

— ארויף! אויבען! האט סילפֿאַקס געשריען צום פֿויגעל.

נאך אַ מינוט און ניי אבערוויל מיט אלע מענשען וואלטען אויף דער וועלט ניט געווען.

אין דיעזע מינוט האט זיך נעללי ארויסגעריסען פון העררים הענד און האט אנגעהויבען צו רופען דעם פויגעל.

— צו מיר, האַרפאַנג! צו מיר!

דער פויגעל איז געבליעבען שטעהן אַ פאר סעקונדען. ער האט דערקענט נעללי'ס שטימע און האט זיך אנגעהויבען אראפצולאזען צו איהר. צו גלייכער צייט האט דשעק רייען אנגעכאַפּט דאס שיפעל און האט עס געוואלט ארויס-שלעפען אויפ'ן ברעג.

דער אלטער סילפאַקס האט דערזעהן, אז זיין פלאן איז ניט געלונגען. דער פויגעל האט ארויסגעלאזען דאס ברענענדע שטיקעל האלץ פון שנאבעל און דשעק רייען וויל איהם ארויסשלעפען אויפ'ן ברעג צו דיא מענשען, וועלכע ער האַסט. ער האט געגעבען אַ שרעקליכען, ווילדען, אונמענשליכען געשריי און האט זיך אריינגעווארפען אין דיא שווארצע וואסערן פון מאַלקאַלם לייק.

— רעטעט איהם! רעטעט איהם! האט נעללי געשריען און האט געבראכען דיא הענד.

העררי האט אראפגעווארפען פון זיך דעם ראק און האט זיך אויך אריינגעווארפען אין וואסער. ער און דשעק האבען זיך אונטערגעטונקט עטליכע מאל און האבען געוואלט רעטען דעם אלטען סילפאַקס. ער איז אבער אראפ צום גרונד, וויא בליי. זייער מיה איז געווען אומזיסט. דיא וואסערן פון מאַלקאַלם לייק האבען ניט געוואלט ארויסגעבען דעם טויטען.

23טעס קאפיטעל.

## ווער איז געווען דער אלטער סילפאַקס?

ניי אבערוויל איז געווען געראַטעוועט. דער אינזשעניר האט באלד געהייסען, אז אלע לופט רייניגונגס מאשינען זאלען אנהייבען צו ארבייטען און ארויסצוטרייבען דיא שלעכטע לופט און דעם מאַרש-גאז פון דער מינע. אלע ארבייטער האבען געארבייט לוסטיג און מונטער. דיא מינע איז געבליעבען ריין.

נעללי איז קראנק געווארען און איז צוויי וואכען געלעגען צו בעט. פון דער האכצייט האט דערווייל קיין רעדע ניט געקענט זיין, דערפאר אבער איז אין דער מינע געווארען שטיל. נור פון צייט צו צייט פלעגט מען זעהן דעם גרויסען פויגעל דורכפליעהען. ער האט אויך געהאַסט דיא מענשען און פלעגט אנטלויפען פון זיי.

זעקס מאנאטע נאכ'ן טויט פון'ם אלטען סילפאַקס האט העררי און נעללי געהייראטהעט אין דער קירכע פון קאַהל סיטי. דאס מאל האט קיינער ניט געשטערט און גאנץ קאהל סיטי האט פערבראכט א פרעהליכען און גליקליכען טאג. ביער איז געפלאסען, וויא וואסער. דשעק רייען האט געזונגען, ביז ער איז הייזעריג געווארען.

דער אלטער סיימאן און זיין פרוי מעדש זיינען געווען דיא גליקליכסטע מענשען אין קאַהל סיטי.

דשיימס סטאר דאגעגען האט ניט גערוהט. ער האט געוואלט וויסען, ווער עס איז געוועזען דער אלטער סילפאַקס. דאס שיקזאל פון דיעזען מענשען האט איהם אזוי אינטערעסירט, אז ער האט ניט גערוהט און געראַסט, ביז ער האט אויסגעפונען דעם ארט, וואו דער אלטער האט געוואוינט.

דאס איז געוועזען א הייל אין אַ שטיין. דארט האט ער געפונען פיעלע אלטע ביכער און אַ גאנצע כעמישע לאַבאראַטאָריום. דער אלטער סילפאַקס איז ווירקליך געוועזען אַ גרויסער געלערנטער. צווישען זיינע ביכער האט ער געפונען א העפט, אין וועלכען דער אלטער האט בעשריעבען זיין לעבענס געשיכטע.

ער האט גאר געהייסען דונאַלד און איז געוועזען אַ גראַף. ער האט אמאל געגלענצט אין הויף ביים קעניג געארג דעם פיערטען, דער קעניגין וויקטאריא׳ס פאטער. דאס לעבען אין הויף, דיא פאלשקייטען און דיא אינטריגען פון׳ם הויף האבען איהם אבער אזוי געעקעלט, אז ער האט זיך ענדליך צוריקגעצויגען פון דער וועלט און האט זיך בעזעצט אין דעם אלטען שלאס פון זיינע עלטערן, אין דונאלד קעסל.

דארט האט ער אויסגעפונען אלע געהיימנים פון ניי אבערוויל. אין זיין לעבענס בעשרייבונג האט דער אלטער סילפאַקס ערקלערט, פאר וואס ער האט דאמאלס פערפיהרט דעם קאפיטאן פון דער „מאַטאַלאַ“. ער האט געהאט אַ האַס געגען איהם פאר אן אלטער בעליידיגונג און האט זיך אן איהם נוקם געוועזען.

דשיימס סטאַר האט קיינעם ניט דערצעהלט דיא געשיכטע פון׳ם אלטען סילפאַקס. דאס איז דיא אורזאכע ת׳אר וואס מיר דערצעהלען זיא אויך ניט. אין דיעזער געשיכטע ווערן קאמפראמאטירט פיעלע גרויסע לייט פון ענגלישער אריסטאקראטיע און מיר ווילען אונז ניט בעשעפטיגען מיט סקאנדאלען.

הערררי און נעללי זיינען געוועזען גליקליך. נעללי פלעגט אפט צורופען דעם פויגעל הארפאַנג און פלעגט איהם געבען עסען. פון הערריין אבער פלעגט דער פויגעל אנטלויפען. ער האט איהם פיינט געהאט דערפאר, וואס ער האט ביי איהם אוועקגערויבט זיין נעללי.

ע נ ד ע.